SAMUEL LEWIN

# MONTAÑAS NEGRAS Y VALLES AZULES



Editado por:
"Bujguemeinschaft bai der Idischer Razionalistischer Gueselschaft"
BUENOS AIRES — 1961

שמואל לעווין

# שוואַרצע בערג
# און בלויע טאָלן

שמואל לעווין

# שווארצע בערג און בלויע טאָלן

צווייטער ראָמאַן פון דער טרילאָגיע

„צווישן צוויי תהומען"



ב ו כ ג ע מ יי נ ש אַ פ ט
ביי דער
יידישער ראַציאָנאַליסטישער געזעלשאַפט
ב ו ע נ אָ ס  א י י ר ע ס, 1 9 6 2

# קאַפּיטל איינס

## דער גרויסער נצחון

1

אַדאַם וויַיס, אַ יונגער אַדוואָקאַט, האָט אַ צעטראָגענער שפּאַצירט ביים ברעג פון דער ווייסל. ער איז אַנטלאָפן פון דעם צו־ווילדן, צו־שטאַרק צעברויזטן לעבן היינט אין דער שטאָט. די גאַנצע באַפעלקערונג, מער ווי אַ מיליאָן מענטשן, איז שיכור פון נצחון. דאָס איז דעם יונגן אַדוואָקאַט אויסגעקומען פשוט שרעקלעך. אָפיציעל האָט די פּייערונג זיך געזאָלט אָנהייבן ערשט 12; אָבער באַלד אין דער פרי שוין האָט דער „קאַזיאָנער" יום־טוב געגומען קאָכן און רוישן אויף אַ משונהדיקן אופן. ביי אַדאַם וויַיס עלטערן איז געוואָרן אַ הוזשעניש, ווי אין אַ בינשטאָק; אַלע האָבן זיך אין אַ משוגענעם האַסט גענומען גרייטן צו דער פייערונג.

דער יונגער אַדוואָקאַט איז זיך געגאַנגען פּאַמעלעך און געקוקט אויף דער ווייסל. דאָס וואַסער האָט אַצינד נישט געהאַט די לויטערע, פּערלמוטערנע גרינ־קייט ווי אין אַ שטילן זומערדיקן פרימאָרגן, נאָר איז געווען מוטנע, געלבלעך און אָנגעדראָלן. די כוואַליעס זענען אַצינד נישט געווען קיין גרויסע, קיין שאַר־ווענדיקע; זייערע באַוועגונגען זענען געווען פוילע, פּאַמעלעכע. נאָר אויף אַדאַמען האָבן זיי אָנגעוואָרפן עפּעס אַן אימה, הגם ער איז לגמרי נישט געווען קיין מרה־שחורהניק און נישט געהאַט קיין שום נייגונג צו מיסטיק. אָבער דאָס שווערע און פּאַמעלעכע זיך קאַפּוירהייבן פון די כוואַליעס, ווי רוקנס פון ריזיקע, מאָדנע וואַסער־חיות, איז דעם יונגן אַדוואָקאַט אַצינד אויסגעקומען ווי אַ מין דראָונג, וואָס איז געקומען פון דער אייליקער טיפקייט. ס'האָט געבלאָזן אַ ווינט, אָבער נישט קיין שטאַרקער. דער הימל איז געווען גרוי, פאַרוואָלקנט, ווי אין האַרבסט. נאָר ס'האָט אויסגעזען, אַז ס'וועט זיך שפּעטער אויסלייטערן. די זון האָט זיך שוין גענומען אַדורכאַרבעטן איר וועג דורך די וואָלקנס.

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט פון לינקן וועסטל־קעשענקעלע אַרויסגעראַבלט אַ קליין האַנט־זייגערל. ער האָט עס קיין מאָל נישט געטראָגן אויפן געלענק פון דער האַנט, נאָר שטענדיק פאַררוקט ערגעץ אין אַ ווינקל פונעם לינקן וועסטל־קעשענקעלע, כאָטש ער איז נישט געווען קיין געלינקטער. דאָס זייגערל איז פאַר

אים געווען אַ נישט באַליבט חפץ. ער האָט נישט ליב געהאַט דאָס מוזן קוקן דאַ־רויף, דאָס מוזן וויסן ווי שפּעט ס'איז. ער האָט זיך גענומען קראַצן אין נאַקן און אָפּגעזיפּצט: „כ'מוז גיין". ער האָט זיך געדאַרפט טרעפן מיט אַ פריינד. אויך האָט אויף אים אין דער קאַנצעלאַריע געוואַרט אַ סך אַרבעט; אויף זיין טיש זענען געווען אָנגעלייגט אַ מאַסע מיט געריכטס־אַקטן צו באַאַרבעטן. נאָר די קאַנצעלאַ־ריע איז היינט געווען געשלאָסן צוליב דער פייערונג. זיין שעף, פאַן אייגער, איז, ווי דער פאָטער זיינער, געווען איינער פון דער יידישער דעלעגאַציע, וואָס איז פון דער רעגירונג געווען איינגעלאַדן צום פּאַראַד פון דער פייערונג.

„צום טייוול!" האָט אַדאַם וויַיס אַ מאַך געטון מיט אַ האַנט, — „נישטאָ ווו צו אַנטלויפן". ער איז געבליבן שטיין פאַר דער בריק, וואָס האָט פאַרבונדן וואַרשע מיט דער פאַרשטאָט פּראַגע, ווי ער וואָלט זיך געשראָקן דורכצוגיין אונטער איר. ס'האָט אים אָפּגעשטעלט דער געקלאַפּ און געטראַסק פון דראָשקעס, אויטאָמאָבילן און טראַמ־ווייען איבער דער בריק, חוץ די טריט (ווי ס'וואָלטן זיך געשיט שטיינדלעך) פון טויזנטער מענטשן, וועלכע האָבן פון דער פאַרשטאָט געאיילט אין דער רע־זידענץ צו די פּאַראַדן פון דער פייערונג. דער היינט בערוועז־אויפגערעגטער יונ־גער אַדוואָקאַט האָט ווידער געמורמלט: „נישטאָ ווו זיך צו באַהאַלטן!" פון דער היים איז ער אַוועק אין אַ פּאַרק אַריין; אָבער אויך פון דאָרט איז ער באַלד אַנט־לאָפן. אומעטום דאָס פאַרשיכורטע יובלען וועגן זיג. האַלב וואַנזיניק איז ער דערפון שוין געווען. דער פּאַטריאָטישער יום־טובדיקער ליאַרעם האָט אַדאַמען ווילדער געמאַכט ווי די פּאַטריאָטישע געשרייען און געוואַלדן פאַר און בעת דער מילחמה. ער האָט זיך אויסגעדרייט און גענומען גיין צוריק, צו דער אַנדערער בריק, וועלכע דאָס רוסישע מיליטער האָט אויפגעריסן ביים אָפּטרעטן אין 1915. עטלעכע צעבראָכענע טיילן פון דער בריק האָבן אַראָפּגעהאָנגען צום וואַסער.

2

אין הויז פונעם באַנקיר איגנאַץ וויַיס איז געווען אַ גרויסע אויפרעגונג. נישט חלילה, וועגן עפּעס אַן אומגליק; פאַרקערט, וועגן אַ גאַר גרויסער פרייד, וועגן אַן אומגעווייניבלעכן כבוד, וואָס די רעגירונג האָט היינט צוגעטיילט דעם שטענדיק געאַכפּערטן גביר. דאָך, אויפגערעגט איז געווען נישט דער באַלעבאָס, נאָר דאָס הויזגעזינדע, אָנהייבנדיק פון דעם מאַדאַם ראָזאַליאַ וויַיס ביז דער הויז־דינערשאַפט: די צווייי דינסטן („פּאָקאָיאָווע" און קעכן), שאָפער, פערדקנעכט, סטרוזש, הויזלע־רערס און דעם באַנקירס פערזענלעכער סעקרעטאַר. וואָס קלענער אין ראַנג — אַלץ מער אויפגערעגט פון דער ערע, וואָס איז דורך דער רעגירונג היינט צוגעטיילט געוואָרן דעם באַלעבאָס. ווייל דאָס האָט דעם דינער דערהויבן אים אַליין, ווי אַ זאַך, וואָס ווערט באַהעלט פון דעם ליכט וואָס ס'פאַלט דערויף...

מאַדאַם וויַיס איז נישט אָפּגעטראָטן פון איר מאַן. זי האָט אַכטונג געגעבן, אַז אַפילו די שעלקעס פון די הויזן זאָלן זיין די ריכטיקע און ריכטיק אָנגעטאָן. זי האָט היינט אַרויפגעקוקט צו איר מאַן מיט אַזאַ ליבע און יראת־הכבוד, ווי זי וואָלט ערשט נעכטן חתונה געהאַט מיט אים. איר מאַן, דער געאַכפּערטער באַנקיר, האָט

געטון אַ קליין שמייכעלע. ראָזאַליאַ האָט עס באַמערקט נאָך איידער ס׳האָט זיך באַוויזן אויף זײַנע ליפּן. יעדן געדאַנק, וואָס איז דורכגעלאָפן אין איר מאַנס קאָפּ, יעדעס געפיל וואָס האָט דורכגעצוקט זיין נשמה און זיך אָפּגעצייכנט אויף זיין פּנים, אָדער זיך אָפּגעשפּיגלט אין זיינע אויגן — האָט זי איצט אויפגעכאַפּט. זי איז אָבער נישט געווען זיכער, אַז זי האָט איצט טאַקע געטראָפן יעדן געדאַנק און יעדעס געפיל פון איר איגנאַץ און אים בייגעריק געפרעגט: „וועגן וואָס, טייערער, האָסטו אַצינד געשמייכלט?״

דער באַנקיר — איצט מער צעטראָגן ווי שטענדיק — האָט אָבער אַליין נישט געוווּסט וועגן וואָס ער האָט געשמייכלט. ער איז געווען אין אַ געהויבענער שטי־מונג און געזאָגט צו זיין פרוי: „ס׳האָט אַ גרויסע היסטאָרישע באַדייטונג... נאָך נישט קיין פיר יאָר נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע און די ציוניסטישע פּאַרטיי ווערט פון דער פּוילישער מלוכה — פון אַלע מלוכות, פון די גרעסטע אין דער וועלט — באַטראַכט אַלס יידישע נאַציאָנאַלע רעפּרעזענטאַנץ. ס׳איז היינט אַ גרויסע נאַציאָנאַלע פייערונג; פּוילן פייערט איר היסטאָריש־גראַנדיעזן זיג — בין איך פון דער רעגירונג איינגעלאַדן אַלס פאָרשטייער צו רעפּרעזענטירן דעם ציוניזם אין אונדזער פאָטערלאַנד!... שהחינו וקימנו לזמן הזה״... גערעדט האָט ער, פאַרשטייט זיך, פּויליש. פאַרטיק געוואָרן מיטן קראַוואַט — האָט ער זיך געשטעלט פאַרן שפּיגל און גענומען באַטראַכטן דעם „קמץ״, וואָס דער פריזירער האָט היינט מיט באַזונדערן פלייס אַרומגעאַרבעט מיט שער און בריטווע. דער גרויסער ציוניסט איז געווען צופרידן: „דער פריזירער האָט עס גוט געטראָפן. פונקט ווי ביי סאָקאָלאָװן. אַקו־ראַט״... דאָך, פונעם שרינט אויף דער לינקער זייט איז דער „וויעלמאָזשנע״ נישט געווען צופרידן. ער האָט געוואָלט אַ „יעזש״ אַ לאַ הערצל, און טאַקע אַזאַ באָרד ווי יענער האָט געטראָגן, ווי אויפן פאָרטרעט. זיינע וואָלט געווען פונקט אַזוי שוואַרץ, און זי וואָלט אים געפּאַסט. ער וואָלט דאַן אויסגעזען ווי דער גרויסער ד״ר הערצל. אָבער ראָזאַליאַ וויל נישט קיין באָרד, זי וויל אַפילו נישט דאָס „קמצל״. איר וואָלט געפעלן ווען איר איגנאַץ האָט אַ פּאָר לאַנגע וואָנצעס, ער זאָל אויסזען אינגאַנצן ווי אַ פּאָליאַק. ביידע האָבן געמוזט איינגיין אויף אַ פּשרה; דער באַנקיר האָט איינגעזען, אַז זיין ראָזאַליאַ איז גערעכט, אַז אַביסל מוז ער אויסזען ווי אַ פּאָליאַק... האַלטנדיק מיט פיר פינגער פון דער רעכטער האַנט דאָס „קמצל״ און עס באַטראַכטנדיק נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל אינעם לאַנגן מאַהאָגענעם שפּיגל, האָט דער ציוניסט טריומפירט: „ווי סאָקאָלאָוו... יהודה ווייס״... פאַרריכטנדיק דעם שרינט, האָט ער געשמייכלט „פּאַן איגנאַץ ווייס״...

נאָר פונעם קראַוואַט איז מאַדאַם ווייס נישט געווען גאַנץ צופרידן. זי האָט טאַקע אַליין געקויפט דעם קראַוואַט און אים היינט אַליין אויסגעוויילט צווישן אַ הונדערט אַנדערע אין שאַנק; דאָך איז ער איר אַצינד נישט געפעלן. זי האַלט נאָך אין איין איבערלייגן: „אפשר, איגנאַץ, אַן אַנדערן?״ דער מאַן באַרויקט זי: „ניין, ליבסטע, מ׳דאַרף נישט, דער קראַוואַט איז זייער אַ שיינער. אָבער די שפּילקע מיטן מגן־דוד גיב מיר, איך בעט דיך״. זי האָט אים געגעבן די שפּילקע, דאַן גע־האָלפן אים אָנטאָן דעם פראַק. זי האָט דערביי געהאַט שוועריקייטן, ווייל איגנאַץ איז געווען אַ סך העכער פון איר. אָבער די דאָזיקע שוועריקייט איז איר איצט געווען ליב און טייער און זי האָט נישט געוואָלט, אַז ווער אַנדערש, די „פּאָקאָיאָווע״,

אָדער דער פּערזענלעכער סעקרעטאַר, זאָל היינט העלפן איר מאַן ביים גרייטן זיך צום פּאַראַד.

אין פּולן גלאַנץ — ביזן צילינדער, מאַנטל און הענטשקעס — איז פּאַן איגנאַץ וויַס, באַגלייט פון זיין פּרוי, אַריינגעגאַנגען אין קליינעם סאַלאָן. דאָרט האָבן אויף אים געוואַרט העגריק, דער עלטסטער זון, אָבער נאָך אַ יונגער מענטש, אַ קילער, אַ רויִקער און מיט אַ סך ווייסע האָר שוין ביי די שלייפן; אויך מאַריץ אַבראַמזאָן, דער איידעם, פּאַן גוסטאַוו וואַכאָלדער, איינער פון די יורידישע יועצים ביי די ציוניסטן און פּאַן איזידאָר גאַרדין, דעם באַלעבאָס׳ פּערזענלעכער סעקרעטאַר. די מאַדאַם וויַס איז געווען אומצופרידן פון דעם וואָס זי האָט אין סאַלאָן געטראָפן צווי פרעמדע מענטשן. זי האָט געוואָלט, אַז אין אַזאַ פייערלעכן מאָמענט זאָל די פאַמיליע זיין אַליין, גאַנץ אַליין, נישט געשטערט ווערן פון קיינעם. פון איר האַרץ האָט זיך אַרויסגעריסן אַ זיפץ און זי האָט געטראַכט: „אַך, צופּיל טויג אויך נישט. חוץ אין שלאָפצימער קען איך מיט מיין מאַן איין מינוט נישט זיין אַליין. און אין שלאָפצימער? — מ׳גייט יעדע נאַכט שלאָפן אַזוי שפּעט, אַז מ׳פאַלט אַריין אין די בעטן מידע און אויסגעמאַטערטע פון כסדר זיין פאַרנומען: דאָ פון געסט, דאָ פון גיין צוגאַסט. און אַז נישט געסט־ווען — איז אַ טעאַטער, קאָנצערט, באַל, געזעלשאַפטלעכע פאַרוויילונגען און פייערונגען — עס פעלט נישט״. דאָך האָט זי נישט געוואָלט דורכלאָזן קיין איין זאַך דערפון, וואָס האָט איר לעבן געמאַכט אַזוי שווער, נעבעך. ניין, זי וואָלט גאַרנישט געוואָלט פאַרלירן פון איר עשירות, וואָס איז די שווערסטע משא, און אויך נישט פון די אָן אַ שיעור פאַרגעניגנס וואָס קאָסטן אַזויפיל צייט. מיט איר קליין פּוכקע הענטל האָט זי זיך געטאַפּט דעם קליינעם שטערן אויב זי האָט נאָך נישט קיין מיגרענע פון אַזויפיל אָנשטרענגונג היינט, פון אַזויפיל איבערלייגן אַלץ און גוט דורכטראַכטן יעדע קלייניקייט. דער מאַן האָט באַמערקט ווי זיין פרוי טאַפּט זיך דעם שטערן און איז געוואָרן צערטלעך צו איר: „מיין טייערע... ביסט מיד. אפשר וואָלסטו אַריינגעגאַנגען אין בלויען צימער, כדי אַביסל אויסצורוען?״

אין דעם איז אַריינגעלאָפן סוזאַנאַ אַ פריילעכע. זי האָט געוואָלט אַרויפשפרינגען אויפן פאָטער און אים אַרומכאַפּן, זיך אַרומוויקלען אַרום אים, ווי זי מאַכט דאָס שטענדיק ווען זי איז אַזוי פריילעך. נאָר דערזעענדיק אים אַזאַ פייערלעכן, אין אַזאַ באַזונדערס ווירדיקער האַלטונג, איז זי שטיין געבליבן פאַר אים אין גרויס רעספּעקט. אין אַנטציקונג, באַוווּנדערנדיק דעם פאָטער, האָט די מעזינקע אויסגערופן אין העברעיִש: „אַבי!״ — — — ער האָט איר אַ גלעטגעטאָן איבער די פעך־שוואַרצע האָר, נישט איבעררייסנדיק דערביי זיין אויסהערן און ענטפערן, דאָ דעם סעקרעטאַר, דאָ דעם יוריסט, דעם זון, דעם איידעם. דריקנדיק דעם פאָטערס האַנט אין באַגייסטערונג און ליבע צו דער רעכטער און דאַן לינקער צעפלאַמטער באַק, האָט דער „מזיק״, ווי אַלע האָבן זי גערופן, געמאַנט: „דבר בעברית!״ אויך די אַנדערע האָט זי געמאַנט צו רעדן העברעיִש.

די מוטער האָט גערופן דאָס טעכטערל: „סוזאַנאַ! כאַטש טוטיִ!״ וואָס האָט געמיינט: „קום אַהער״!

די קליינע — אייגנטלעך שוין באַלד גרויסע, ווייל זי האָט אין וווּקס אַריינגעראָטן אינעם פאָטער און איז געווען שטאַרק אַנטוויקלט קערפּערלעך, גאַר־

נישט לויט די יאָרן — האָט זיך געבייזערט אויף דער מוטער: „איך הייס נישט סוזאַנאַ! נײַן! און דו הייסט נישט ראָזאַליאַ! דער טאַטעשי הייסט נישט איגנאַץ! איך הייס שושנה! דו — רחל! דער טאַטעשי — יהודה! און דו — נישט הענריק, נאָר הלל! און דו — נישט מאָריץ, נאָר משה! און איר...

„טי פּיסקאָוואַטאַ“ — האָט די מוטער זי געזידלט און געוואָלט איר מקים־פּסק זײַן. נאָר דער „מזיק“ האָט זיך שנעל אָפּגעטראָגן. מאַדאַם ווײַס איז איר נאָכגעלאָפן: „טי פּיסקאָוואַטאַ!“

נישט שענקענדיק קיין שום אויפמערקזאַמקייט דער קליינער שפּאַסיקער סצענע פון זײַן מעזינקע, וועלכע ער האָט באַזונדערס ליב געהאַט, האָט דער באַנקיר ווײַטער גערעדט מיט די פיר מענער. באַזונדערס וויכטיק איז פאַר פאַן ווײַס איצט געווען דאָס געשפּרעך מיטן אַדוואָקאַט וואַכאַלדער. דער יוריסט האָט זיך באַמיט צו רעדן שטיל, ווײַל ער האָט געהאַט אַ שטאַרק קול. עס האָט אים אָבער ווייניק געהאָלפן. זײַן שטימע האָט געהילכט. אַ מענטשן מיט אַ נייגונג צו שפּאַס האָט זיך געקאָנט דוכטן, אַז דעם אַדוואָקאַטס געוואַלדיקע נאָז איז אַ מעטאַלענע טרובע און זי לעכערט עס אַזוי די אויערן...

פאַן איגנאַץ ווײַס האָט געפרעגט, צי אַדאַם, זײַן ייִנגסטער זון, איז דאָ אין דער היים.

„ער איז אַוועקגעגאַנגען באַלד אין דער פרי“, — האָט הענריק, דער עלטסטער זון, איבערגעגעבן דעם פאָטער.

„צו דער אַרבעט?“

— „ווייס איך וואָס!“ — האָט זיך אָנגערופן דער אַדוואָקאַט וואַכאַלדער. „ס'איז געשלאָסן הײַנט, און אונדזער שעף, פאַן אייגער, פאַרטרעט בײַ דער פייערונג די „מויזשעשאָווע פאָליאַקן“.

מאַדאַם ווײַס איז צוריק אַרײַנגעקומען. הינטער איר האָט די „פּאָקאָיוווקע“, אין אַ ווײַס פאַרטוכל און מיט אַ ווײַס קאָקעטיש קרינאָלינעלע אַרום די בלאָנדע האָר, אַרײַנגעטראָגן אויף אַ זילבערן טעצל אַ גלאָז פרוכט־זאַפט און קליינע „טשאַסט־קעלעך“ אין אַ ווענעציאַנישער קלאָש. זי האָט אַלץ אַוועקגעשטעלט אויפן טיש און מיט גרויס דרך־ארץ צוריק אַרויסגעגאַנגען. „דו מוזט דיר נאָך מיט עפּעס דער־כאַפּן דאָס האַרץ איידער דו גייסט אַוועק, איגנאַץ“, — האָט ראָזאַליאַ זיך געבעטן בײַם מאַן. „דו מוזט דיך שטאַרקן.“ ער האָט זי געפאָלגט, אויסגעטרונקען דעם זאַפט, צוגעביסן עטלעכע קליינינקע „טשאַסטקעלעך“ און אַ קוק געטאָן אויפן גאָלדענעם זייגער, וואָס ער האָט אַרויסגענומען פון וועסטל־קעשענע. „צײַט צו גיין!“ — האָט ער אויסגערופן. דער סעקרעטאַר האָט זיך אַ גלײַך־אויס געטאָן, ווי פאַר אַ קעניג. אויך דער זון און דער איידעם, אַפילו די באַלעבאָסטע — אַלע האָבן אויסגעדריקט פייערלעכקייט. אין דעם מאָמענט האָט זיך געעפנט אַ טיר און די עלטערע טאָכטער האָט אויף דער שוועל צוגעאײַלט מיט איר וואַרעמער אַלט־שטימע: „טאַטוש, ס'איז העכסטע צײַט!“ פאַן איגנאַץ האָט זיך צעקושט מיט זײַן פרוי, זיך געזעגנט מיט אַלע. אַלע האָבן זיך געפּלייסט צו עפענען פאַר אים די טיר. אין קאָרידאָר איז דאָס דינסטמיידל אַקעגנגעקומען איר הער מיטן מאַנטל, הענטשקעס און צילינדער. דאָ איז סוזאַנאַ, ווי אַ קליינער טײַוול פון אַ באַהעלטעניש, אַרויסגעשפּרונגען מיט אַ שיינער ווײַסער כריזאַנטעמע און אַ בלוי שלייפעלע בײַם שטענגעלע, און איידער

וואָס־ווען האָט זי די בלום דעם פּאָטער שוין געהאַט אַריינגעשטעקט אינעם לעכל פונעם לינקן לאַץ. אַלע זענען געווען פאַרבליפט. דער פּאָטער איז געווען אַזוי גערירט, אַז ער האָט זיך מעזינקע אַ כאַפּ געטאָן אין די אָרעמס און זי הייס צוגע־דריקט צו זיין ברוסט.

3

פאַראַן אַ שפּריכוואָרט: „גאָט איז מיט די זיגער". דער הימל האָט זיך אויס־געלייטערט, די וואָלקנס זענען פאַרשוואונדן און די זון — כאָטש האַרבסט — האָט זיך זיגעריש צעלויכטן אין דער טיפער בלויקייט.

פוילנס רעזידענץ איז יום־טובדיק אויסגעפּוצט. אַלע גאַסן, באַזונדערס אָבער אין די רייכע געגנטן, זענען איינגעטונקען אין רויט־ווייסע פענער, אויף וועלכע עס גרויסט זיך רויבעריש דער ווייסער אָדלער. די טראַמוואַען, און אַפילו די קאַ־נאַלן און די אַספּאַלטירטע אָדער פון הילצערנע טעוועלעך אויסגעלייגטע וועגן, בלאַנקען אַזש פון זויבערקייט. פון אַ סך באַלקאָנען הענגען אַראָפּ טעפּיכער. די מלוכה־הייזער, די דענקמעלער און די בענק, זענען שיין דעקאָרירט. די פּאַטריאָ־טישע באַגייסטערונג פון די פרויען דריקט זיך אויס אין בלומען. אין בונטע פּאַפּי־רענע קייטן, מיט וועלכע זיי האָבן אויסגעצירט זייערע וווינונגען, פענצטער און באַלקאָנען. לכבוד די פאַרבינדעטע, וועלכע האָבן פוילן געהאָלפן אין דער עת־צרה — ווען דאָס לאַנד איז געווען אין גרויס געפאַר — הענגען פראַנצויזישע, ענגלישע און אַמעריקאַנער פענער. נאָר די פענער מיטן לייב זענען ווייניקער ווי די רויט־ווייס־בלויע פענער און די פענער מיט די ווייס־רויטע שטרייפן און בלויע שטערן. דאָס איז דערפאַר, ווייל ענגלאַנד איז דעם פּאַליאַק ווייטער ווי פראַנקרייך, דאָס לאַנד, וואָס איז פאַר פוילן ווי אַ באַרימטע שיינע טענצערין פאַר אַ קליינ־שטעטלדיקן בחור, ווייטער אַפילו ווי אַמעריקע, דער רייכער אָנקל, צו וועלכן די אָרעמע וואָלטן גערן געפאָרן, ווען זיי זאָלן נאָר קענען. די פראַנצויזישע פלאַגן זע־נען נאָך עקסטרע באַפּוצט מיט פאַרביקע סטענגעס און שלייפעלעך. אין אַ סך פענצטער הענגען פוילישע און פראַנצויזישע פענדלעך געקרייצט, ווי זיי וואָלטן געווען פאַרלעך און זיך אַרומגעאַרעמט... דאָך פעלן נישט אויך אין דרייען זיך אַרומהאַלטנדיקע פענדלעך, ווי ליבע אין דרייען: די פוילישע שיינהייט צווישן דעם פראַנצויזישן שאַרמאַנטן קאַוואַליר און דעם אַמעריקאַנער באַנקיר. פונעם לייב אָבער האַלט דער ווייסער אָדלער זיך אָפּגערוקט. אין פענצטער און אויף באַלקאָנען זעט מען גרויסע פּאָרטרעטן פון פוילישע, פראַנצויזישע, אַמעריקאַנער און ענגלישע מלוכה־מענער. די פּאָרטרעטן, איינגעראַמטע אין לילאַ אָדער רויטן סאַמעט, זענען אַרומגעשטעלט מיט ווייסע און גאָלדענע כריזאַנטעמעס. אין הינטערגרונט זענען די נאַציאָנאַלע פענער. דעם פּאָרטרעט פון פילסודסקין, באַזונדערס שטאַרק פאַר־גרעסערט, איז אומעטום אָפּגעגעבן דעם אויבנאָן. ער איז דער העלד, אים קומט דער גרעסטער כבוד, דאָס ערנפּלאַץ. דאָ און דאָרט טיילט ער זיין רום מיט פּאַשן. פּאַדאַרעווסקי ווידער איז כמעט אומעטום פאַראייניקט מיט קלעמאַנסאָן אָדער מיט ווילסאָנען, צי מיט לאָיד דזשאָרזשן. ס'פעלן נישט אויך די פוילישע העלדן פון אַמאָל. צווישן די היינטיקע גלאַנצן אויך האַלער, זשעלינגאָווסקי און נאָך אַנדערע.

דאָך קומט כמעט אויס, אַז דער גאַלישער האָן דאָמינירט. די ראָמאַנטישע פּאַניענ־קעס האָבן אים אויסגעצאַצקעט אויף פּאַרביק פּאַפּיר, אויסגעהאָפטן מיט בונטע פעדעם אויף זייד און אויף אַטלאַס. ס׳אַראַ שאַרפן געלן שנאָבל ער האָט!... ס׳אַראַ פלאַמרויטן קאַם און לאַנגע קאַרמינגרויטע לאַפּן!... און די פּיס — לאַנגע ווי ביי אולאַנער, באַשפּאָרנטע... אַ שטאָלצער, פעסטער שריט, אָנגעלאָדן מיט קראַפט און גבורה... נאַפּאָלעאָניש... און דער עק? — אויפגעהויבן הויך און שימערירנדיק אין די שענסטע פאַרבן... זייער גאַנצע ליבע צו די פראַנצויזישע סאָלדאַטן, צו די עלעגאַנטע קאַוואַלירן אין אוניפאָרמען; די גאַנצע בענקשאַפט צו די העלדן פון די פראַנצויזישע ראָמאַנען, וועלכע די דאָזיקע פּוילישע פּאַניענקעס האָבן געלייענט, זייער שמאַכטן נאָך פאַנטאַסטישער ליבע און דאָס לבנהדיקע בענקען פון זייערע אײדעלע הערצער, ווי אין סלאָוואַצקיס פּאָעזיע — אַלע זייערע הייסע געפילן האָבן די פּוילישע פּאַניענקעס אַוועקגעשענקט דעם גאַלישן האָן.

די קוואַרטאַלן אין וועלכע ס׳וווינען די אָרעמע און די אַרבעטער, זענען נישט אַזוי פּאַרביק דעקאָרירט, ווי די גאַסן אין די רייכע געגנטן. דערפאַר פלאַטערן דאָרט רויטע פענער. די אַרבעטער באַטייליקן זיך גאָר שטאַרק אין דער פייערונג פאַרן זיג. האָבן זיי דאָך אין דער מלחמה פאַרגאָסן זייער בלוט מער, און גע־ליטן — נישט צום פאַרגלייכן מיט די אויסגעפּוצטע אין טייערע מלבושים. די סאָציאַליסטישע רויטע פענער, געבראָדערט מיט די נאַציאָנאַלע, זענען פאַר די איינוווינער אין די אָרעמע קוואַרטאַלן די סימבאָלן פון זייער ליבע צום פאָטער־לאַנד, פאַר וועלכן זיי האָבן שטענדיק פאַרגאָסן זייער בלוט און וועלן שטענדיק אַוועקגעבן זייער לעבן דערפאַר, שטענדיק, ווען ס׳וועט נאָר נייטיק זיין. אויך באַדייטן די רויטע פענער, אַז זיי, די אָרעמע אַרבעטער, קעמפן און וועלן נישט אויפהערן צו קעמפן קעגן מלחמה, קעגן די וועלכע זענען די שולדיקע אין מלחמה, פאַר וועלכע מלחמה איז געשעפט און מיטל צו דערגרייכן די אַמביציעס פון זייער קראַנקער גאווה. אויפן זיג פון דער איצטיקער מלחמה זענען די אַרבעטער שטאָלץ, ווייל ער איז פאַר זיי אויך דער זיג פון זייער אידייע; פאַר זיי איז פּוילן באַפרייט געוואָרן נישט בלויז פון דער לאַנגער קנעכטשאַפט אונטער דריי פרעמדע דעספּאָ־טישע מלוכות, נאָר אַז זייער פאָטערלאַנד וועט זיין דערלייזט אויך פון די איי־גענע פאַרקנעכטער — זייער פאָטערלאַנד וועט זיין סאָציאַליסטיש. איז דאָך די רעגירונג אַ סאָציאַליסטישע, בראש פון איר שטייט יוזעף פּילסודסקי, דער באַ־רימטער העלד פון דער רעוואָלוציע אין 1905.

האָבן די אַרבעטער זיך אָנגעטאָן אין זייערע יום־טובדיקע אָנצוגן — צייגענע, טייל אויך קאָרטענע. ביי אַ סך זענען די הויזן שוין אַ ביסל אָפּגעטראָגן, די מאַ־נאַרקעס עטוואָס אָפּגעכוימערט און די עלנבויגנס אויסגעריבן; אָבער פאַרראַכטן, אויסגעפּוצט און אויסגעפּרעסט. די העמדער, מיט קאָלירטע פאַסיקלעך און קעס־טעלעך, זענען קלאָר־געוואַשענע, די פּאַפּירענע „הערצלעך״ און קעלנער — ביי־געקויפטע. טייל טראָגן קאַפּעלושן, די מייסטע — גראַנאַטענע „מאַטשעיוווקעס״ מיט לאַקירטע דאַשקעס. אין די שטיוול, אָדער שטיוועלעטן — פאַרלאַטעטע — קאָן מען זיך שפּיגלען, אַזוי גלאַנצן זיי. די יונגע פרויען, באַזונדערס אָבער די מיידלעך, האָבן זיך גאָר אויסגעפּיאַקעוועט. פריילעכע וואַרטן זיי שוין מיט גרויס בייגער אויף די מיליטערישע פּאַראַדן, אויפן מאַרשירן פון די זעלנער דורך די

גאַסן מיט מוזיק, אויף די אַלע פייערלעכקייטן פון דער רעגירונג און די פּאַרטייען, באַזונדערס פון דער סאָציאַליסטישער. דערוויל שטייט מען אין דרויסן, אין גרופּעס, געזעמלען, און מ׳שמועסט, מ׳רעדט, מ׳לאַכט, מ׳ווינצלט זיך. אַלע זענען גוט אויפגעלייגט. די מייסטע האָבן שוין געמאַכט אַ שנעפּסל. די שענקען אין די דאָזיקע אָרעמע גאַסן זענען פול. צווישן די מענער פעלן אויך נישט די מלחמה־אינוואַלידן; יונגע מענטשן מיט ליידיקע אַרבל, מיט קוליעס אונטער די אָרעמס, אין שטילן מיט רעדלעך, מיט פּאַרקריפּלטע פּנימער, מיט ליידיקע לעכער אָנשטאָט אויגן, כריפּענדיקע. אָבער אויף דער לינקער זייט פון זייערע מאַנאַרקעס הענגען מעדאַלן...

ענדלעך האָבן זיך אומעטום אַלע דערוואַרט אויפן גליקלעכן מאָמענט. איבער דער שטאָט קרייזן עראָפּלאַנען, גאַנץ נידעריק קרייזן זיי, די פּוילישע און די אויסלענדישע. דער אַלומיניום, באַלויכטן פון דער זון אין דער אומענדלעכער בלויקייט, בלישטשעט ווי פּאַלירטער זילבער. די מעכטיקע פליגל אויסגעשפּרייט אין מאַיעסטעטישן שווונג — שוועבן די מעטאַלענע ריזן־אָדלער פונעם מענטשס איבערוועלטנדיקער פאַנטאַזיע. ס׳טריומפירט דעם מענטשס גאונות אינעם פאַרמעסט מיט דער נאַטור.

אויף די באַלקאָנען אין די שיינע ברייטע גאַסן און סקווערן שטייט יונג און אַלט מיט לייכטנדיקע פּנימער. אַלע זענען אויסגעשלייערט אין דאָס שענסטע און טייערסטע. פּאַטריאָטישע יונגע פרויען און שיינע מיידלעך האָבן זיך אויסגעפּוצט אין נאַציאָנאַלע טראַכטן — אין בונטע קורצע ספּודניצקעלעך מיט דראָבנע פאַלבעלעך אַרום און אַרום, אין ווייסע בלוזקעס מיט בוף־אַרבל און שוואַרץ־סאַמעטענע טוניקעס, פאַרנט געשנירט מיט רויטע און גרינע בענדער און הינטן מיט אַראָפּהענגענדיקע לאַנגע סטענגעס פון אַלערליי שרייענדיקע קאָלירן. אָבער די אויסדעקאָלטירטע ווייסע העלדזער מיניען זיך ווי רעגנבויגנס בייטשן פּאַטשערקעס. אויף די קליינע „זגראַבנע״ פּיסלעך — שוואַרצע טשיזמעלעך מיט לאַנגע כאַליעווקעס און גלאַנציק מעשענע קולקעס. די הויכע אָפּצאַסלעך זענען אַרום און אַרום באַשלאָגן מיט בלישטשענדיקע טשוועקלעך. לעם, אָדער הינטער די פרויען און מיידלעך, שטייען די מענער און חתנים הייגט באַזונדערס פאַרליבטע. אַלע זענען זיי אַצינד גליקלעכע, אַ סך מיט מעדאַלן אויף די שוואַרצע פראַקן, הגם זיי האָבן דעם אמתן טעם פון דער מלחמה קוים אָדער גאָרנישט פאַרזוכט. מען דערקענט דאָס אין זייערע גלאַטינקע, ראָזע, זאַטע און צופרידענע פּנימער. זעלטן איז ווער פון זיי פאַרוווּנדעט. די שטרוי־בלאָנדע און שוואַרצע האָר גלאַטיק פאַרקעמט, לינקס אַ גלייכינקער שרינט. ווי שפּיגל גלאַנצן די האָר פון פּאָמאַדע. ביי די מער סטאַטעטשנע הענגען אַראָפּ אויף פּוילישן אַרט לאַנגע און דיקע וואָנצעס, אָדער זענען אַרויפגעדרייט אין האַלבע רינגען. די פּראַנטן אָבער האָבן צוגעשויערנע, קליינינקע וואָנצעלעך, ווי שמאָלע פּאַסיקלעך, ווי בערשטלעך, אָדער די עקן אין קליינינקע, דינינקע, שפּיציקע שטיפטעלעך פּאַרדרייט. מ׳רעדט זיך פריינטלעך איינער צום אַנדערן. צו די דאַמען איז מען ריטעריש. צו די שכנים אויף די באַלקאָנען רעכטס און לינקס גריסט מען מיט דער גרעסטער ליבלעכקייט. מ׳לאַכט לויטן פיינעם אַרט, איידל, בלויז מיט די ליפּן און נישט פונעם האַרץ.

און אָט דערטראָגן זיך קלאַנגען פון די מיליטערישע אָרקעסטערס: דאָס

זבענצען אין די פּויקן, דאָס דזשינדזשען פון די מעשענע טאַצן און דאָס ברומען פון די טראָמפּייטן. ביי די יונגע פרויען און ביי די מיידלעך נעמען קלאַפּן די בענקענדיקע הערצער. אַלע שטעלן אָן זייערע שפּאַקטיוון; די דאַמען — זייערע קליינע, פּערלמוטערנע, אָדער זילבערנע, צי העלפאַנטביינערנע מיט גאָלדענע איניציאַלן און הערבן; די מענער — זייערע גרויסע שוואַרצע פעלדשטעכער. אויף דעכער זענען רעפּאָרטערס פון צייטונגען און זשורנאַלן גרייט מיט זייערע פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן. אַלץ נענטער קומען די טענער פון דער מוזיק. אין גרעסטער געשפּאַנטקייט וואַרטן מיט ציטער אין דער ברוסט די גאַרענדיקע, מיט גליִענדיקע בליקן אין די שיינע בלויע אויגן, ביז זיי דערזעען די פּוילישע העלדן — אולאַנער, נישט אַזעלכע הויכע, ווי ס'זענען געווען די רוסישע דראַגאָנער; דאָך שיינע יונגען, געקליבענע איינס ביי איינס, אין פּרעכטיקע אוניפאָרמען. איבער די גרינע מונדירן מיט בליאַסקענדיקע קנעפּ זענען געצויגן שוואַרצע שנירן, איבער לילאַ מונדירן זענען פאַרוואָרפן ווייסע שנירן ביז די אַקסלען. די מאַנקעטן פון די אַרבל זענען אָראַנזשענע. די הויזן — רויטע, געלע, ווייסע, ביי טייל ענג געפּאַסט, ווי אָפּגעגאָסן איבער די פעסטע שענקלען און די צוויי באַקן פון הינטן, ביי טייל געבופט און מיט פאַרביקע טאַשמעס אויסגענייט. אויף די פּלייצעס ווייסע פעלצלעך, קורצע, קאָקעטיש אָנגעהאָנגען. די קליינע ביקסלעך קווער איבערן רוקן. פאַנטאַסטישע היטלען: ווי איבערגעדרייטע שוואַרץ־גלאַנציקע קלאָשן, מיט לאַנגע דינע און רונדע ווייסע בערשטעלעך קאַפּויער, אַנדערע מיט לאַנגע פעלץ־צונגען, נאָך אַנדערע מיט פאַרשפּיציקטע פלאַכן פון אויבן, קאָקאַרדעס מיט איינקעפּיקע אָדלערס אין מיטן, מיט מעשענע שופּנגעפלעכטן איבער די דאַשקעס און קייטעלעך אונטערן קין. די לאַנגע, האַלב־קרומע שווערדן אין גלאַנציקע ניקל־שיידן. די רייטער־שטיוול באַשפּאָרנט. אַזוי זיצן זיי, די כוואַטן, די ברוסט גאַוודיק פאָרויס, זיך ריטמיש וויגנדיק אין די זאָטלען. די שטאָלצע פערד קוקן זייטיק אויף די מענטשן, טענצלען מיט די שלאַנקע פיס צום טאַקט פון די שפּילנדיקע אָרקעסטערס.

ס'מאַרשירט אויך די פּיעכאָטע. אין פאַרגלייך אָבער צו דער קאַוואַלעריע — די מיליטערישע אַריסטאָקראַטיע — זענען די פוסגייער־סאָלדאַטן דער פּראָסטער המון. זייער דאָליע איז צו טאָן די שווערסטע און די געפערלעכסטע אַרבעטן אין דער מלחמה, און איצט קריגן זיי די קלענסטע באַוווּנדערונג פון די שיינע דאַמען אויף די באַלקאָנען פון די רייכע הייזער. אָבער זיי פאַלן נישט אַראָפּ ביי זיך; זיי מאַרשירן איצט מיטן זעלבן שטאָלץ, ווי עס רייטן די אולאַנער אויף זייערע גאַוודיקע פערד. די פּיעכאָטע ווייסט, אַז זי איז דער עיקר, דער פונדאַמענט פונעם מיליטער, אַז אויף אירע פּלייצעס ליגט דאָס שווערסטע געוויכט ביי אַ שלאַכט, אַז זי ברענגט די גרעסטע צאָל קרבנות. מאַרשירן די פּיעכאָטע־באַטאַליאָנען צום טאַקט פון זייערע אָרקעסטערס. די פּנימער ערנסט. די פיר־שפּיציקע היטלען, מיט די ברייטע דאַשקעס און אַרומגעזוימט מיט ניקל, מיט די איינקעפּיקע אָדלערס פאָרנט, זיצן פעסט אויף זייערע קעפּ און זענען באַפעסטיקט אונטער די גאָמבעס מיט לעדערנע רימענטלעך. קליינוואַרג פון דער אָרעמער געגנט לויפט נאָך פון ביידע זייטן.

אָבער די איידעלע הערצער פון די צאַרט־בענקענדיקע פּאַניענקעס און פון די לבנה־טרוימערישע יונגע און שיינע פּאַניעס אויף די באַלקאָנען, קלאַפּן דאָך שטאַר־

קער פון באַגייסטערונג ווען איבערן אַספּאַלט, אָדער האַלצערנע טעוועלעך, קלאַפּן די פערדישע פּאָדקאָוועס, און נישט ווען ס׳קלאַפּן די שטיוול פון די פוסגייערס. די מלאכים־פּנימלעך ווערן ראָזער, זייערע לייכטנדיקע אויגן צעשיינען זיך שטאַרקער און זייערע ווייסע קליינע הענטעלעך פּאַטשן בראַוואָ אין גרעסערער באַגייסטערונג ווען עס רייט די קאַוואַלעריע. די דאָזיקע הערלעכע יונגען מיט די ברייטע פּלייצעס און שמאָלע טאַליעס ברענגען די פּאַטריאָטישע דאַמען אַריין אין אַ גרעסערן עקסטאַז ווי די דראַבנע, כמעט קליינע, נעבעכדיקע יינגלעך פון דער פּיעכאָטע. באַזונדערס שלעכט שניידן אָפּ די פּילסודטשיקלעך; אַלץ דערפאַר, ווייל מ׳האָט זיי געמאַכט אַ שלעכטן שם, אַז זיי זענען אַלע סאָציאַליסטן, מיטגלידער פון דער פּ. פּ. ס. די האַלערטשיקעס נעמען שוין מער אויס, דעם גענעראַל האַלערס פּיעכאָטע געפעלט זיי בעסער: די דאָזיקע זעלנער זעען אויס העלדישער. (מסתמא דערפאַר, ווייל אין זייערע פּנימער איז דער אויסדרוק אַ ברוטאַלער, ווי פון רוצחים. די אויגן זענען עזותדיקע).

און אָט מאַרשירן אָפּטיילונגען אויסלענדיש מיליטער; אין שיינע בלויע אוניפאָרמען מיט ווייסע באַפּוצונגען, הויפּטזאַכלעך פראַנצויזישס. די מוזיק, וואָס זייערע אָרקעסטערס שפּילן, איז גאַנץ אַנדערש ווי די פּוילישע, אַ גאַנץ אַנדערער ריטם, מיט מער אינעווייניקסטן גלוט, ווי אויסנווייניקסטן פלאַם... מיט וויפל חן און גראַציע די פראַנצויזישע סאָלדאַטלעך מאַרשירן! פול מיט ברען, טעמפּעראַמענט און לעבן. פריילעכע יאַטן. זייערע קלוגע, הייסע, ברוינע אויגן, שמייכלען פאַרליבט צו די שיינע יונגע דאַמען, וועלכע הערן נישט אויף צו רופן: „וויוו לאַ פראַנס״ און וואַרפן בלומען, נאָך מער ווי זיי האָבן געוואָרפן דעם פּוילישן מיליטער. מיט די בלומען וואַרפן זיי אויך לופט־קושן. די ענגלישע און אַמעריקאַנער סאָלדאַטן קריגן אויך שטורמישע אָוואַציעס, אָבער מער אינעם זכות פון די פראַנצויזישע.

כמעט איבער אַלע הויפּטגאַסן פון וואַרשע האָט דאָס מיליטער מאַרשירט אונטער די קלאַנגען פון די אָרקעסטערס. אָפּגעשטעלט און פּאַראַיניקט האָבן זיך אַלע פאַרשידענע טיילן אויפן גרויסן מיליטער־פּלאַץ, וואָס אויפן נאָמען פונעם מאַרשאַל יוזעף פּילסודסקי. (אַמאָל פלעגט דאָרט דאָס רוסישע מיליטער אָפּהאַלטן אַלערליי פּאַראַדן). די פּוילישע לעגיאָנען און די פראַנצויזישע באַטאַליאָנען, אויך די אַמעריקאַנער און ענגלישע יוניטס, אַלע זענען דורכגעגאַנגען דורך די אימפּראָוויזירטע טריומף־טויערן, באַפלאַגטע און באַקרענצטע. אין סימעטרישע רייען האָט דאָס מיליטער זיך אויסגעשטעלט אויף דעם ריזיקן פירעקעכדיקן פּלאַץ. יעדע רייע פון טויזנטער לעבעדיקע מענטשן שטייט איצט אין פאַרגליווערטער פייערלעכקייט און זעט אויס, ווי אַן אָפּגעפאַרבטער צוים, די בר׳עטער אַלע ביז אויפן מילימעטער גלייך. רייע נאָך רייע אין אַ געשלאָסענעם קוואַדראַט. די ווייסע רוסישע צערקווע מיט די גרינע קופּאָלן, הערלעך אין ביזאַנטישן סטיל און אַרכיטעקטור, זעט אויס פאַריתומט, אַ ממזר איבערגעלאָזט אויף הפקר. דאָס מיליטער פונעם צאַר, וועלכער האָט פּוילן אַזוי לאַנג געהאַלטן פאַרקנעכט, האָט ביים אָפּטרעטן, פאַר פינף יאָר, די צערקווע נישט געקאָנט מיטנעמען מיט זיך. איצט רייצט זי די נאָך נישט גאַנץ פאַרהיילטע וווּנדן פון די זיגערישע פּוילישע פּאַטריאָטן, הגם זיי באַמיִען זיך נישט צו שענקען קיין שום אויפמערקזאַמקייט דעם איבערגעבליבענעם

„שונא“ פון שטיין און מעטאַל. אָבער דער סוף פון דער צערקווע וועט זיין אַ שרעקלעכער: זי וועט מיט דינאַמיט אויפגעריסן און פאַרניכטעט ווערן. די ענגלישע אָפיצירן, וועלכע זענען געווינט, ווי רייזנדע אין פאַרשידענע לענדער, צו באַוואונדערן אַלטערטימלעכקייטן און עקזאָטישע זאַכן, כאַפּן אַלע מאָל אַ באַהאַלטענעם בליק אויף דער רוסישער קירכע אין ביזאַנטישן סטיל.

ווי די אימפּראָוויזירטע טריומף־טויערן אין דער שטאָט, אַזוי איז דאָ פאַראַן אַן אימפּראָוויזירטער קבר פון „אומבאַקאַנטן סאָלדאַט“. אויך אַ בימה איז אויפגעשטעלט, באַדעקט מיט רויטן פּליוש פאַר די גרויסע מלוכה־מענער, צו האַלטן זייערע פייערלעכע היסטאָרישע רעדעס. איבער די קעפּ פונעם מיליטער, פון דער הונדערט טויזנט־קעפּיקער מאַסע און דער פּאָליציי, קרייזן אינעם בלויען עטער די זילבערגלאַנציקע עראָפּלאַנען. זיי מאַכן עטלעכע הקפות און פאַרשווינדן, כדי דאָס רוישן פון זייערע פּראָפּעלערס זאָלן נישט שטערן די שטילקייט, וואָס וועט באַלד נויטיק זיין פאַר די רעדנער. דאָך, דער המון רוישט ווי אַ ים. דער פּאָליציי געלינגט נישט גאַנץ צו האַלטן די טויזנטער מענטשן אין פולשטענדיקער אָרדענונג, אַז אַלע זאָלן שווייגן, זיין גאַנץ שטיל. די מענטשן שטופּן און פּאַקן זיך איינער אויפן אַנדערן און ווערן צענדליקער צעקוועטשט. מ׳טראָגט אַלעמאָל אַוועק אַ פאַרחלשטע פרוי, אויך אַ מאַן. נאָר אָט האָט דער הויפּט־קאָמאַנדיר אויפן ווייסן פערד אָפּגעגעבן דעם אַפּעל צום מיליטער אָנצונעמען די באַזונדערע ערנהאַלטונג. די אָרקעסטערס נעמען שפּילן דעם הימן „יעשטשע פּאָלסקאַ“ און די מאַסן ווערן מיטאַמאָל גאַנץ שטיל, האַלטן איין דעם אָטעם, נעמען אַראָפּ די היטלען און פאַרגליווערן אין ערפורכט. עס ווערן אויך געשפּילט די „מאַרסעליעזע“, „גאָד סעיוו דזי קינג“ און „סטאַר ספּענגלד באַנער“ — די הימנען פון פראַנקרייך, ענגלאַנד און אַמעריקע. די פּאָליציי האָט די גאַנצע צייט געהאַלטן צו צוויי פינגער ביים דאַשיק. אין גרויס פייערלעכקייט ווערן געלייגט די קראַנצן אויפן „קבר פון אומבאַקאַנטן סאָלדאַט“. עס ווערן געהאַלטן פון דער בימה אַראָפּ קורצע רעדעס פון די אויסדערוויילטע און עס הילכן די אויסגעשרייען פון די טויזנטער: „הוראַ! ניעך זשיִעָ!“ לאַנג געדויערט דאָס פּאַטשן „בראַוואָ“. די עכאָס צעטראָגן זיך ווייט און ברייט איבער דער שטאָט.

צווישן דער פּני אינעם גרויסן קוואַדראַט פונעם מיליטער־פּלאַץ זעט מען די פאַרשידענע רעפּרעזענטאַנצן. פּאַרטרעטערס, פאָרשטייערס און דעלעגאַציעס פון די אַלערליי מינדערהייטן אין פּוילן; גלויבנס, אָרגאַניזאַציעס, סינדיקאַטן. ס׳זענען דאָ הויכע גייסטלעכע אין זייערע געהייליקטע קירכלעכע הלבשות, געקומענע פון דער קאַטעדראַלע און אַנדערע געבעט־הייזער און טעמפּלען, ווו ס׳זענען אָפּגעריכט געוואָרן ליב־און־דאַנק תפילות פאַרן גרויסן נצחון, וואָס גאָט האָט דעם לאַנד צוגעשיקט. אויך דעם באַנקיר פאַן איגנאַץ וויִס און דעם באַרימטן אַדוואָקאַט פאַן אייגער — ביידע אין הויכע צילינדערס — קען מען באַמערקן. נעבן זיי אַ רב אין אַ לאַנגער בעקעשע, מיט אַ גרויסער באָרד און לאַנגע פּאות און אַ שוואַרצן קאַפּעלאַטש אויפן קאָפּ.

נאָר דער גרויסער יום־טוב פון נצחון איז אין דער רעזידענץ פון פוילן נישט געפייערט געוואָרן גלייך אין אַלע טיילן פון דער דאָזיקער שטאָט און נישט פון איר גאַנצער באַפעלקערונג.

אין ייִדישן פערטל פון וואַרשע איז אויף אַ גאָר קליינעם שטח צוזאַמענגעקוועטשט אַ פינפטל פון דער באַפעלקערונג. דאָ לעבן אין שרייענדיקסטער אָרעמקייט און כמעט אין מיטלאַלטערלעכע באַדינגונגען די מייסטע ייִדן. די ציוויליזאַציע פון דער מאָדערנער צייט איז דאָ שטאַרק הינטערשטעליק. די געסלעך זענען שמאָלע, פינצטערע, עיפּושדיקע, ווייל די קאַנאַליזאַציע — בלויז טיילוויז דורכגעפירט — איז כמעט תמיד פאַרשטאָפּט, צעבראָכן. די שמאָלינקע טראָטואַרן — נישט אומעטום — זענען צעלעכערט און צעהויקערט. די וועגן, ברוקירט מיט קיזלשטיינער, זענען פול מיט גריבער. די פורן און גרויסע פלאַטפאָרמעס מיט משא בראַזגען און טראַסקען דאָ, און רייסן די צום פלאַצן אָנגעצויגענע נערוון פון די תמיד געררייצטע, צעטומלטע מענטשן. אין רעגנטעג, אָדער ווען דער אָנגעזאַמלטער שניי אין ווינטער (ווייל ער ווערט זעלטן דאָ אַוועקגערוימט) הייבט אָן שמעלצן, טרינקען זיך די איינוווינער פון דאַנען אין שמוץ און בלאָטע. דאָ קאַרגט די זון איר שיין. ביינאַכט איז דאָ כמעט פינצטער, ווייל וויניק גאַזלאַמטערנס ברענען, איינע פון דער אַנדערער איז אָפּגערוקט אויף אַ גרויסן מהלך. די מייסטע זענען צעבראָכן און די קרענקלעך געלע פלעמלעך זענען קליינע — בלישטשען קוים. די הייזער — די מייסטע קליינע, אַ סך כמעט איינגעפאַלענע — מאַכן דעם איינדרוק פון שווינדזיכטיקע מצורעים: דער טינק שיילט זיך, די צעבראָכענע טויערן הענגען קרום אויף פאַרזשאַווערטע זאַוויסעס, אַ סך שויבן זענען אויסגעהאַקט, די לעכער פאַרשטאָפּט מיט שמאַטעס. אָבער אָנגעפּיקעוועט מיט קרעמלעך זענען די דאָזיקע הייזלעך, מיט געוועלבלעך, אין וועלכע די סחורה באַטרעפט עטלעכע זלאָטעס. נאָר ס׳שטייען אויך פיר און פינף־שטאָקיקע קאַמעניצעס, מיט אַ סך גרויסע געשעפטן און הורטאָוונע סקלאַדן. די מייסטע הייף זענען שטיינערנע, פינצטערע קוואַדראַטן, מיט גרויסע, שוואַרצע מיסטקאַסטנס און אַ בית־הכיסא פאַרן רשות הרבים. ווי מוראַשקעס אין דער ערד לעבן די מענטשן דאָ אין די הייזער צו צוויי און דריי פאַמיליעס מיט אַ סך קינדער אין אַ קעלערשטוב, אָדער אין אַ בוידעם־שטיבל, וואָס איז נישט אַ סך גרעסער ווי אַ נאָרע פון אַ חיה. דאָס קעכל ביי דער טיר רויכערט. די ווענט זענען שוואַרץ, נאַס פון ווילגאָטש. אין שמוץ און פינצטערניש שטיקן זיך די צוזאַמענגעשטופּטע אין דער ענגשאַפט. די אומגליקלעכע ווערן אויפגעפרעסן פון אומפלייט און ווערעם אין די דאָזיקע לעכער, וואָס טראָגן דעם שטאָלצן נאָמען „וווינונג“. זייער מעבל? — עטלעכע צעבראָכענע גראַטעס. ווינטער פייניקט זיי די קעלט, זומער די הייסע דושנעקייט און די פליגן. אַ העלפט פון די מענטשן דאָ זענען באַלמעלאָכעס און אַרבעטער. די צווייטע העלפט לעבט פון קרעמערײַ, גאַסנהאַנדל, מעקלערײַ און בעטלערײַ.

די גאַסן און די געסלעך זענען כמעט תמיד פול מיט די איינוווינער פון דאַנען. נישט ווייל ס׳איז זיי בעסער אין דער פרייער לופט, נאָר ווייל די מערסטע

האָבן אַ געוואַלדיקן פאַרלאַנג — נישט גובר צו זיין — צו רעדן און צו רעדן. ביין, נישט צו הערן וואָס דער אַנדערער זאָגט, נאָר אַליין צו רעדן. זייער פאַרלאַנג איז אַ גאַנץ פאַרקערטער ווי פון גאַנץ ווייניק מענטשן, וועלכע זענען קנאַפּ מיטן וואָרט, אָבער האַלטן תמיד אָנגעשטעלט דאָס אויער, ווייל זייער דורשט נאָך וויסן איז גרויס. נישט אַ רגע שווייגן די פּלאַפּלערס, קאָכן זיך ווי טעפּ וואַסער. ס'דוכט זיך אַז זיי איילן זיך ערגעץ; אָבער זיי שטייען אויף איין אָרט און טומלען וועגן דעם גרויסן יום־טוב היינט צוליבן נצחון. קרבנות האָבן זיי געברענגט (אויפן שלאַכטפעלד און מער נאָך הינטערן שלאַכטפעלד) גלייך מיט אַלע בירגער פונעם לאַנד, גלייך מיט די קריסטלעכע מאַסן, וועלכע זענען נישט די פּריווילעגירטע פון דער געזעלשאַפט. (די פּריווילעגירטע — ביי זיי האָט די נאַציאָנאַליטעט נישט פיל צו זאָגן — האַנדלען אומעטום, אין אַלע צייטן און אומשטענדן גלייך: זיי גיבן ווייניק און נעמען אַ סך).

אַלע הייזער אינעם ייִדישן קוואַרטאַל זענען איצט באַפלאַגט. דאָך, דער יום־טוב פאַר די באַוועלטע, אָרעמע ייִדן, איז ווי אַ שמחה, וואָס אַרעסטאַנטן אין אַ תפיסה פּראַווען. די פּאָליציי אין די שמאָלע און ענגע גאַסן און געסלעך דאָ, איז היינט פאַרטאָפּלט. זי איז פייערלעך אויסגעפּוצט, אָבער נאָך שטאַרקער באַוואָפנט; מיט גרויסע רעוואָלווערס, לאַנגע שווערדן, גומענע שטעקנס און אויך ביקסן. באַפּאַסעוועט איבער בויך און רוקן. פּירשפּיציקע היטלען מיט ברייטע, באַניקלטע דאַשקעס און מיט לעדערלעך אָדער קייטלעך באַפעסטיקט הינטערן קין. אַלע אַזעלכע שטרענגע, אָנגעברוגזטע, ווי אַמאָליקע רוימישע לעגיאָנען אין שונאס לאַנד. די ייִדן ווייסן נישט וואָס דאָס זאָל באַדייטן. זיי חידושן זיך: „וואָס עפּעס אַזויפיל מיליציאַנטן היינט, אַזוי באַוואָפנט און מיט אַזעלכע פאַרביסענע פּנימער?‟ די יוגנט זעט מען נישט; דער גרעסטער טייל פייערט דעם זיג צוזאַמען מיט די קריסטלעכע פּראָלעטאַרישע מאַסן. די האָרעפּאַשנע ייִדישע בחורים און מיידלעך, אַ גרויסער טייל אויך מיטליערן, געפירט פון דער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ, מאַרשירט אַצינד מיט פלאַטערנדיקע רויטע פענער אונטער די קלאַנגען פון זייערע אָרקעסטערס. דער נאַציאָנאַלער דערנידערונג, דער אָרעמקייט און דער נויט — דער סאָציאַלער אומגלייכהייט פון דער קאַפּיטאַליסטישער רויבער־הערשאַפט — האָבן די דערוואַכטע שקלאַפן דערקלערט קאַמף, ביטערן קאַמף ביז זיי וועלן זיגן. זיי פייערן דעם יום־טוב פון נצחון, ווייל דער נצחון איז אויך זייערער; ער איז נישט בלויז אַ נאַציאָנאַלער, אַ זיג פון דער מלחמה וואָס דאָס פאָטערלאַנד האָט געפירט, נאָר מער נאָך איז ער פאַר זיי דער זיג פון באַפרייונג: דאָס פאָטערלאַנד איז באַפרייט געוואָרן פון פרעמדער קנעכשאַפט, און די רעגירונג איז אַ סאָציאַליסטישע...

איבערגעבליבן אין די שמאָלע און ענגע גאַסן און געסלעך זענען כמעט בלויז די עלטערע ייִדן מיט בערד און פאות, אין די לאַנגע קאָפּעטעס און אין די טוכענע אָדער סאַמעטענע היטלעך, וואָס זעען אויס ווי פלאַכע פענדלעך, נאָר מיט דאַשיקלעך. הגם פאַרדאַגהטע, פאַרמרה־שחורהטע — מיט דער שטענדיקער זאָרג וועגן פּרנסה און דערדריקט פון נאָך אַ סך אַנדערע זאָרגן און צרות — קאָכן זיי זיך אַצינד וועגן פּאָליטיק. (אַצינד מער ווי שטענדיק). יעדער פון זיי איז אַ גרויסער פּאָליטיקער, האָט אויף זיך אַ מיניסטער־קאָפּ, אַ בטלניש־שאַרפן מוח,

און ווייסט אַלץ, אַלץ וואָס ס׳טוט זיך אין ווערסייל. יעדער איינער פון זיי צעגלי־דערט ווילסאָנס 14 פּונקטן, קריטיקירט יעדן פּונקט באַזונדערס, איז מסכים דאָ מיט לאָיד דזשאָרזשן, דאָ מיט קלעמאַנסאָן, דאָ מיט אַ פּאַרטרעטער, אַ גרויסן דיפּלאָמאַט פון איין לאַנד און מאַכט אַ תל פון אַ דיפּלאָמאַט פון אַ צווייט לאַנד. זיי האַלטן מיט פּילסודסקין, מיט פּאַדערעווסקין. נאָר דער עיקר איז פאַר זיי פּאַלעסטינע, די באַלפור־דעקלאַראַציע.

אויך די פּרויען שטייען אינדרויסן אין געזעמלען, נאָר צומייסט פאַר די צוגעמאַכטע טירן פון די שפּייז־געוועלבלעך. ביז צען קען מען היינט פאַרקויפן. אָבער די פּרויען — אין לאַנגע רייען — וואַרטן געדולדיקע פון פאַרטאָג אָן. די „באַנעס״ אין די הענט — האָפן זיי צו קריגן אַ ברייטל, אַ פונט קאַשע, הירזש אָדער פּערל־גרויפּן — זאָל זיין וואָס ס׳איז, אַבי טיילוויז צו שטילן דעם הונ־גער. אין די זעקס יאָר מלחמה האָבן זיי זיך אויסגעלערנט צו באַטראַכטן פאַר אַ מעדן דאָס אָפּגעניגלטע פּיצל ברויט, אין וועלכן ס׳איז דאָ מער קאַרטאָפל, געמאָלענע קאַשטאַנעס און אַנדערע סוראָגאַטן — וואָס ברענען אויפן האַרצן און דרייען אין די געדערעם — ווי מעל פון קאָרן. עטלעכע לויט פאַרדאָרבענע מאַר־גאַרינע איז אַ ׳יום־טוב. נאָר דאָס ערגסטע פאַר די פּרויען איז, וואָס זיי דאַרפן צאָלן מיט הונדערטערס און טויזנטערס, און אַזעלכע סומעס קענען זיי נישט צוזאַמענרעכענען. זיי שמועסן, רעדן, אָבער נישט ווי די מענער פון פּאָליטיק, נאָר וועגן זייערע צרות. זיי קענען נישט אָװעקפליִען אין די „הויכע וואָלקנס״, די ביטערע און גרויזאַמע ווירקלעכקייט האַלט זיי פעסט צוגעשמידט צו דער ערד. דער איינציקער אופן ווי זיי דערלייכטערן זיך אַביסל ס׳האַרץ איז דאָס דערציילן זיך איינע דער ׳אַנדערער די ווייטיקן און פּיינען. אַ סך ווערן געוואָר, אַז ס׳זענען פאַראַן נאָך גרעסערע צרות און ביטערערע לייד ווי זייערע, און דאָס איז אַ טרייסט. אַזוי, למשל, דערוויסן זיך די וואַרשעווער ווייבער, אַז די היימלאָזע איז אַ סך, אַ סך ערגער ווי זיי. היימלאָזע ווידער הערן, אַז ביי זיי אַליין איז פאַראַן געגנוג שטופּן פון גיהנום, ווי צום ביישפּיל: אין די זעקס יאָר מלחמה זענען טייל געלאָ־פן, אָדער געטריבן געוואָרן פון זייערע שטעטלעך צו צוויי, דריי, אָדער נאָר צו איין מאָל; און ס׳איז אַ גרויסער חילוק, צי מ׳וואָלגערט זיך ערגעץ אין אַ ווינקל פון אַ קעלערשטוב, אָדער מ׳איז אין הקדש מיט הונדערטער אַנדערע. אַ חילוק איז אויך אין דעם, וואָס איינער האָט געראַטעוועט מיט זיך פון זיין פאַרמעגן, וויפל אייגענע אָדער נאָענטע איינעם איז געפאַלן אין דער מלחמה, צי געשטאָרבן פון טיפוס. אָט דערוויסן זיך אין איין רייע היימלאָזע פּרויען, אַז צווישן זיי איז דאָ איינע, וועלכע האָט אין דער מלחמה פאַרלוירן דריי קינדער און דעם מאַן. די אַלמנה מיט די צוויי יתומים איז שוין צום דריטן מאָל היימלאָז. צו די אַלע צרות זיצט איר עלטסטער זון אין תפיסה, טאַקע דאָ הי, אין וואַרשע, אין „פּאַ־וויאַק״. מ׳האָט אים אַהערגעבערענגט געשלאָסן אין קייטן, און ער דאַרף גרויס רחמים פון זיין ליבן נאָמען, ווייל דער בחור שוועבט אין שאָטן פון טויט. פאַר־וואָס? — הערויף קען קיין איינע נישט ענטפערן. טייל פּרוּוון טרעפן: „פאַר גניבה?״ — „ניין, פאַר גניבה קומט נישט קיין טויטשטראָף״. „קיין רויבער, אָדער מערדער איז ער אויך נישט געווען״. „איז עס אַוודאי פאַר נישט שטעלן זיך

צום מיליטער, אָדער ווייל ער געהערט צו דער חברה, וואָס שטעלט זיך אַקעגן מלכות״.

דאָך, רעדן בלויז פון צרות, פון אייגענע אָדער פון אַנדערע, קען מען נישט צו לאַנג. האָבן די פרויען גענומען זיך דערמאָנען אין די אַמאָליקע „גוטע״ צייטן. שפּעטער זענען זיי איבערגעגאַנגען צו רכילות, וואָס איז (באַזונדערס פאַר ווייבער) דאָס געשמאַקסטע אינעם מאָטלען. ווען די געוועלבער האָבן זיך געעפנט — בלויז צו איינציקע האַלבע טירן — איז געוואָרן אַ געפּאַקעריי, אַ געשטופּעריי, איינע מיט דער אַנדערער האָט זיך גענומען קריגן. געשרייען, געוואַלדן. זיי וויסן — אין די זעקס יאָר מלחמה האָבן זיי דאָס געלערנט — אַז מ׳טאָר דאָס נישט, אַז ווער ס׳איז געקומען פריער קריגט פריער. זיי ווייסן שוין אָבער אויך, אַז די קרעמערס מאַכן אַזוי, אַז נאָר אַ קליינעם טייל פון די וואַרטנדיקע פאַרקויפן זיי אויף די „באָנעס״; ס׳הייסט דאָן: מער איז נישטאָ, אָדער דאָס געוועלב מוז שוין געשלאָסן ווערן, מ׳טאָר נישט לענגער אָפּהאַלטן. די זעלבע שפּייזזאַכן קריגט מען דאָן „הינטנאַרום״ פאַר העכערע פרייזן. דאָס געזעץ, אַז יעדער בירגער איז באַרעכטיקט און מוז קריגן אַלץ וואָס איז אים צוגעטיילט אויף דער קאַרטע, ווערט פּונקט אַזוי אָפּגעהיטן ווי יעדעס אַנדער געזעץ אינעם לאַנד. ס׳גילט — אויך ביי די דאָזיקע אומגליקלעכע — דאָס געזעץ פון דזשונגל: קראַפט, פלינקייט, ביטער־קייט. די וואַרשעווערנס לאָזן זייער כעס אויס צו די היימלאָזע: זיי זענען אין אַלץ שולדיק. נו, האָט די פּאָליציי „אַרבעט״, און זי ווייזט וואָס זי קען.

פּאָליציי איז נויטיק...

די געוועלבער האָבן זיך געשלאָסן, די פרויען זענען אַוועק. די מייסטע מיט ליידיקע הענט. אומזיסט האָבן זיי געוואַרט פון גאַנץ פרי אָן. די מאַנספּערשוינען זענען ווייטער געבליבן אין די גאַסן, האָבן ווייטער געפּאָליטיקעוועט, זיך געשפּאַרט איינער מיטן אַנדערן, זיך געאַמפּערט און געהיצט, ביז ס׳האָבן זיך אויך צו זיי דערטראָגן דאָס זבענצען פון די פויקן, קלאַפּן פון די טאַצן, דאָס דזשינ־דזשען און דאָס טרובען פון די גרויסע מעשענע טראָמפּייטן. ס׳האָט זיי גענומען טראָגן. כמעט אַלע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין דער ריכטונג, פון וואַנען ס׳האָבן זיך געטראָגן די קלאַנגען פון דער מוזיק. אָבער פון דאָרט זענען זיי אַנטקעגנגע־קומען צוריקלויפנדיקע אין בהלה, צעשראָקענע, בלאַסע, אַ סך צעשלאָגענע און צעבלוטיקטע יידן, וואָרנענדיק: „גייט נישט! מ׳שלאָגט יידן! כוליגאַנעס לאָזן קיין ייד נישט צו צו די פּאַראַדן! די פּאָליציי האַלט מיט די כוליגאַנעס, העלפט זיי שלאָגן יידן! צום פאַרגיסן אונדזער בלוט אין דער מלחמה האָט מען אונדז גענו־מען! צום פרייען זיך מיטן נצחון לאָזט מע אונדז נישט!״

די בהלה און די מהומה איז געוואָרן אַלץ גרעסער. די פאַרשטאַרקטע פּאָ־ליציי־וואַכן אין יידישן געטאָ האָט צום צווייטן מאָל גענומען ווייזן זייער מאַכט, באַזונדערס ווען זיי האָבן דערזען די מאַרשירנדיקע יידישע אַרבעטער מיט פלאַ־טערנדיקע רויטע פענער און דערהערט זייערע אָרקעסטערס שפּילן סאָציאַליסטישע, רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־לידער.

## 5

ווען ס'האָבן אויפגעלויכטן אין די גאַסן די עלעקטרישע און גאַז־לאָמפּן (ליכטיקער ווי אין יעדן אָוונט) האָט זיך אָנגעהויבן דאָס הוליען אין די גרויסע און פּייערלעך דעקאָרירטע זאַלן פון מלוכה־הייזער. אין פּאַלאַצן און אין שלעסער פון גרויסע שררות און פּריצים, אויך אין רייכע באַרן, און אפילו אין אָרעמע שענקען. דאָס האַלטע און היסטאָרישע וואַרשע, וואָס איז כמעט פּאַזע דער ווייסל, טיילט זיך אין אַ יחוסדיק־אַריסטאָקראַטישן טייל מיטן בעלוועדער בראש, און אין אַ צעפּאַלנדיק־אָפּגעלאָזטן און פאַרוואָרלאָזטן טייל, ווו עס וווינען קליינע באַאַמטע און אַרבעטער — בלויז קריסטן כמעט. דאָ זענען די מייסטע גאַסן און געסלעך — און גאָר קליינע הינטערגעסלעך — שמאָלע און ענגע, שיער ווי אין ידישן פּערטל. אַ סך הייזער — די מייסטע קליינע, אָבער געמויערטע — זענען שוין אַלט פיר הונדערט יאָר, אָדער נאָך עלטער. די מויערן זענען עטלעכע איילן דיק, די פענצטער קליינע, אַ סך פאַרגראַטעוועטע. הינטערגאַנג פון איין גאַס אין דער צווייטער, פון איין געסל אין אַנדערן; געדרייטע שטיגן פון הויכן אין טאָלן. אַלץ כאַאָטיש און געהיימנישפול, געשפּענסטיש. פון טייל דורכגענג שלאָגט אַ פּחד. אַ סך געמויערן, ווי פעסטונגס־וואַלן, לאָזן זיך טיף אַראָפּ דירעקט צו דער ווייסל. דאָ הערט מען דאָס שאַרוועז פון אירע כוואַליעס. אַ ביסל ווייטער — און מ'זעט קאַזאַרמעס. באַלד געפינט מען זיך אין די באַרימטע „לאַזשענקעס". מ'טוט זיך אַ דריי — און שוין איז מען אין אַ געשלאָסענעם, גרויסן פּירעק פון הייזער מיט אָפּגעבליאַקעוועטע וואַנט־מאָלערייען פונדרויסן, וואָס ווייזן, אַז דאָ איז אַמאָל געווען די בורג פון פּוילישן פּאַטריצערטום, פון איר שלאַכטע און רעגירונג. שיער אַ מיניאַטור פון פּאַריזער לוווּר; אָבער מ'מוז דערביי זאָגן להבדיל, ווייל דער לוווּר איז געוואָרן דער וועלט־טעמפּל פון קונסט און שיינקייט, און דאָ איז פאַרשימלטע פּוסטקייט. גאַסן און געסלעך אויבן און גאַסן און געסלעך אונטן. היסטאָרישע מאָנומענטן, פאַרביקער אַלטערטום, גרויסע פּלעצער אויף וועלכע ס'האָבן ערשט מיט עטלעכע יאָר צוריק זיך מושטרירט טשערקעסן און געוויזן זייער פלינקייט אויף פערד. אַלטע קליינע קירכעס און רוינעס. דאָ נעסטעט אויך די הינטערוועלט. נישט לאַנג צוריק האָבן פאַר אַ סך הייזער געברענט רויטע לאַמטערנס... איצט ברענען זיי נישט, פאַרבאָטן פון דער רעגירונג. אָבער די פּראָסטיטוציע איז דאָ געבליבן ווי אַמאָל, נאָך אַ סך, אַ סך פאַרגרעסערט.

נישט ווייט פונדאַנען באַליעוועט מען אין די „הויכע פענצטער". דאָ שיכורט מען אין שענקען און אין אָרעמע שטיבלעך. די פּאָליטיש־אָרגאַניזירטע אַרבעטער און דער לומפּן־פּראָלעטאַריאַט — אַלע זענען צופרידן פון דער געלעגנהייט צו קענען מאַכן אַ כוסה. זיי טרינקען פאַרן זיג פונעם באַפרייטן פאָטערלאַנד.

איינער — ער וואַקלט זיך און קען קוים נאָך אַרויסברענגען די ווערטער — רופט: „טרינק סטאַך! דיין זון... איז ... געפאַלן פאַרן פאָטערלאַנד. מיינער... פאַר די מאָסקאַליעס... טרינק!"...

„טרינק וויטשעק! דיין אַלטע איז געשטאָרבן פון טיפוס. מיין פראַניאַ... פון סוכאָטע... טרינק"...

„טרינק קאָסטעק! העי מאַרטשין! יוזעף! לאָמיר זיך אַלע צעקושן!"...

שימענאָוויטשס שענק איז פול געפּאַקט. קיין גרויסע נאָווינע איז דאָס ביי אים נישט, ווייל יעדן שבת־צונאַכטס איז די שענק פול: די אַרבעטער קומען מיט די אויסגעצאָלטע שכירות פאַר דער וואָך אַרבעט און שיכורן ביז שפּעט אין דער נאַכט. דאָך, צו דער היינטיקער פייערונג האָט יעדער שענקער באַזונדערס זיך צו־געגרייט, און מער פון אַלע שימענאָוויטש. די ווענט זענען דעקאָרירט מיט פּאָר־טרעטן פון נאַציאָנאַלע העלדן, מיט אַלערליי אויפשריפטן אויף טאָוולען (לויב־שפּרוכן פאַרן פּאָטערלאַנד, געפליגלטע זאַצן פאַרן זיג) און מיט פּאַפּירענע פּנעדלעך. דעם אויבנאָנדיקסטן און בכבודיקסטן פּלאַץ פאַרנעמט, זעלבסטפאַרשטענדלעך, דער פּאָרטרעט פון פּילסודסקין אין אַ גרויסער גאָלדענער ראַם מיט עפּעס אַ צאַצקע איבערן קאָפּ, ווי אַ שטייגער אַ קרוין. דער ייִדישער שענקער ליבט דעם פעלדמאַר־שאַל יוזעף פּילסודסקי באַזונדערס צערטלעך, פּונקט ווי ס׳איז איינגעבאַקן אין זיין האַרץ דער ייִדישער פּולקאָווניק בערעק יאָסעלעוויטש, אונטער וועמענס קאָמאַנדע זיין פאָטער האָט געקעמפט און איז געפאַלן אין דער שלאַכט מיט די מאָסקאָוויטער פאַר פּוילנס פרייהייט. שימענאָוויטש האָט אין דער איצטיקער מלחמה געוואָלט גיין אין זיין פאָטערס וועג. ער האָט זיך געמעלדעט אַלס פרייוויליקער; נאָר מ׳האָט אים אין דער קאַנצעלאַריע געזאָגט: „יודקאָ! ביסט שוין צו אַלט. בלייב אין דער היים. צוויי זין און אַן איידעם — גענוג. אַ שאָד וואָס איין זון דיינער איז געפאַלן אין דער רוסישער אַרמיי. דערפאַר קעמפט דער צווייטער זון דיינער, און דער איידעם, פאַר אונדזער פּאָטערלאַנד. עס וועט זיי — און דיר, יודקאָ, דעם טאַטן זייערן, און אַלע ייִדן, אַלע בראַווע — באַלוינט ווערן. וויפל, זאָגסטו, שענקסטו פאַרן רויטן קרייץ? — אַזאַ סומע?! איז עס נישט איבער דיינע כוחות? נו, גוט".

שימענאָוויטש האָט אַ גרויס האַרץ און אַ ברייטע האַנט ווען ער גיט אַ נדבה אָדער שענקט פאַר אַ גוטן צוועק. אין דער בלויער מאַטשעיוווקע מיטן לאַקירטן דאַשיק, ראַזירט און מיט לאַנגע שטרוי־בלאָנדע וואָנצעס (נאָך נישט גרוי) און מיט בלויע אויגן און אַ גראָבפּליישיקע נאָז — זעט ער אויס ווי אַן אמתער פּאָליאַק. מיט די קונים זיינע, באַזונדערס מיט די, מיט וועלכע ער אַליין טרינקט אַ מאָל אַ גלעזל, פּילט ער זיך נאָענט, בענטער ווי מיט גאָט...

דער סופיט איז דעקאָרירט מיט בונטע פּאַפּירענע קייטן און פאַרשידנפאַר־ביקע לאַמפּיאָנען. אין די ווינקלען רעכטס און לינקס פונעם בופעט שטייען אָנגע־שטעלט אַנטאַלקעס ביר און קאַסטנס מיט פּלעשער בראָנפן. דאָס גאַנצע בני־בית, צוזאַמען מיט די קעלנערקעס און צוויי משרתים, אַרבעטן שווער און שוויצן. דאָס פייערן דעם גרויסן זיג מיט אַ כוסה האָט זיך דאָ אָנגעהויבן שוין נעכטן ביינאַכט. איצט אָבער איז אַזוי ענג אין דער שענק, אַז די, וועלכע באַדינען די געסט ביי די טישלעך, קומט אָן מיט גרויס שווועריקייט דאָס דורכשטופּן זיך. דערביי רוט די טיר נישט איין מינוט; עס קומען כסדר ייִנגערע און עלטערע מענער, טייל מיט זייערע פרויען אָדער כלות, זעלנער מיט פּראָסטיטוטקעס. די מייסטע זענען שוין נישט ניכטער. די לופט איז אָנגעזאַפּט מיט די שאַרפע ריחות פון ביר און בראָנפן, פון הערינג מיט ציבעלעס און עסיק, פון געקנאָבלטן „קאָלבאַס" און מיט שווייס פון צעפּאַרעטע לייבער. פונעם רויך פון די פּאַפּיראָסן און מאַכאָרקע איז אַזש טונקל. אַ טומל, געשרייען און פריילעכע קוויטשערייען פון די פרויען, וועלכע די צו

שטאַרקע ליבע — אויסגעדריקט דורך קנייפּן און אומאַרעמען ביז דערשטיקן — פאַרקלעמט זיי אַזש ביים האַרץ.

ס׳שטייען צוויי שפּילקאַסטנס. אַז מ׳וואַרפט אַריין אַ מטבע אין אַזאַ קאַסטן הייבט דאָרט אָן צו שפּילן אַ גאַנצע קאַפּעליע כלי־זמרים; מען זעט זיי דורך דער שויב פונעם אויטאָמאַביל, ווי זיי פידלען, טראָמייטערן, קלאַרנעטעווען און פויקן. די דריי קאַסטנס הערן נישט אויף צו הילכן מיט זייערע בלאָזנדיקע און קלאַפּנדיקע קולות. די פריילעכע, פונעם בראַנפן און ביר צעיאָכמערטע, טאַנצן. ס׳טופּען אָפּ־צאַסן ביי די „פּאָלקעס" און „מאַזורקעס". פון גרויס שמחה ברעכט אויס אַ געשלעג. באַלד בעטן זיך איבער די צעשלאָגענע איינער מיטן אַנדערן און ס׳ברעכט אויס אַ צווייט געשלעג. דאָס געהערט צו דער שיכורער פריילעכקייט.

נאָר איין אולאַנער פון גענעראַל האַלערס אַרמיי האָט זיך צוגעטשעפּעט צום שענקערס זון אין זעלנערישן מונדיר נאָך און מיט אַן אייזערנעם קרייץ פאַר העל־דישקייט; דער אולאַנער האָט זיך צו אים צוגעטשעפּעט מיט דער פראַגע, פאַר וואָס פּילסודסקיס פּאָרטרעט איז אַ גרויסער, הענגט אין אַ גאָלדענער ראָם סאַמע אויבנאָן, און זיין הויפּט־קאָמאַנדיר, דעם גענעראַל האַלער, איז נישט צוגעטיילט געוואָרן דער זעלבער כבוד. דעם שענקערס זון האָט דעם אולאַנער נישט געקענט געבן קיין צופרידנשטעלנדיקן ענטפער. ס׳איז געקומען צו זידלעריי. אַ שאָס פון אַ רעוואָלווער, און דעם שענקערס זון איז אַנידערגעפאַלן טויט. האָט אויסגעבראָכן אַ גאָר גרויסער טומל און אַ שרעקלעך געשלעג. אין שענק זענען געווען נישט בלויז האַלער־טשיקעס, נאָר אויך פילסודזשיקעס, זיי האָבן געהאַלטן מיט זייער טויטן קאַמעראַד. פאַר די מייסטע פון די אַרבעטער, הגם האַלב און גאַנץ שיכור שוין, איז פּיל־סודסקי געווען דער גאָט. האָבן זעלנערישע באַגנעטן און פּשוטע מעסערס גענומען בליצן אין דעם ליכט פון די לאַמפּיאָנען. היסטערישע געשרייען און געוואַלדן פון די פרויען.

נאָר אַזעלכע פאַלן — נישט צוליב דער זעלבער סיבה — זענען דעמאָלט אינעם לויף פון פיר און צוואַנציק שעה פאָרגעקומען געוואַגוג, חוץ נאָך אַנדערע פאַלן. צומאָרגנס האָבן די צייטונגען געשריבן: „צום באַדויערן זענען צוליב אַלערליי סיבות געווען אַ צאָל קרבנות, אַ סך פאַרווונדעטע, אויך עטלעכע טויטע. אין טייל ערטער, ווו ס׳זענען פאָרגעקומען די מיליטערישע און ציווילע פּאַראַדן, איז די ענגשאַפט געווען אומגעהייער גרויס. די גאַנצע באַפעלקערונג פון וואַרשע האָט אָנטייל גענומען אין דער פּייערונג פון אונדזער גרויסן זיג. ס׳זענען אויך פאָרגע־קומען געוויסע אינצידענטן אין דער ייִדישער געגנט, ביי וועלכע די פּאָליציי איז געווען געצוווּנגען אָנצוגרייפן. צוליב אַן איבעריק גלעזל זענען דאָ און דאָרט פאַר־געקומען בלוטיקע געשלעגן, אַפילו מיט מעסערס און מיליטערישע באַגנעטן. פאַראיינצלטע סאָלדאַטן האָבן זיך באַנוצט אויך מיטן רעוואָלווער. דאָך, ווען מען נעמט אין באַטראַכט, אַז איבער אַ מיליאָן מענטשן, חוץ מיליטער, האָבן אויף אַזאַ גראַנדיעזן אופן אויסגעדריקט זייער פרייד און באַגייסטערונג פאַרן פאָטער־לאַנד, קען מען זאָגן, אַז די צאָל קרבנות איז פאַרהעלטנישמעסיק געווען זייער קליין.

## קאַפּיטל צוויי

# ביים באַרימטן אַדוואָקאַט

1

דער באַרימטער אַדוואָקאַט יאַנוש אייגער האָט געהאַט אַ גרויסן שטאַב מיט אַסיסטענטן; יונגע אַסעסאָרס און אַדוואָקאַטן שוין מיט נעמען, ווי דער אַדוואָקאַט וואַכאָלדער. אין דער צייט פון דער מלחמה איז די אַרבעט דאָ געווען ביז איבערן קאָפּ. דאָן איז געוואָרן עטוואָס גרינגער און די אָנגעשטעלטע האָבן געקענט אַביסל אָפּרוען. באַלד אָבער — נאָך דער גרויסער פּייערונג צוליבן זיג — האָבן אויפסניי געגומען שטראָמען קליענטן, מער ווי פריער. טייל מיט אַזעלכע אויסטערלישע ענינים, אַז דער שעף אַליין, אַ יוריסט מיט אַזוי פיל פּראַקטיק, וואָס האָט דעם פּאַרוויקלסטן פּראָצעס געקענט תופס זיין כהרף עין, האָט איצט אָפּט מאָל געקנייטשט דעם שטערן און געהויבן מיט די אַקסלען. דאָך זענען די מייסטע „ספּראַווס״ וועלכע ער האָט אָנגעהויבן צו פירן, געווען פון דעזערטירן, פון אַזעלכע וועלכע האָבן אויף פאַרשידענע אופנים זיך געוואָלט אַרויסדרייען פון מיליטער און מ׳האָט זיי דערביי דערווישט; פון אַזעלכע, וועלכע זענען פאַרדעכטיקט געוואָרן אין שפּיאָנאַזש; פון אַזעלכע, וועלכע זענען אָנגעקלאָגט געוואָרן פאַר טרייבן אַגיטאַציע קעגן דער מלחמה, פאַר העצן קעגן דער רעגירונג און רופן צו רעוואָלוציע, פאַרן געהערן צו פאַרבאָטענע פּאַרטייען. אַ צווייטער מין קליענטן זענען געווען די, וועלכע זענען אָנגעקלאָגט געוואָרן פאַר באַהאַלטן גאָלד און זילבער, אָדער סחורות פון ערשטן געברויך, פאַר נישט צושטעלן דער אַרמיי, לויט אַ פאַראָרדענונג, געוויסע מעטאַלן און אַנדערע מינים אינדוסטריעלע פּראָדוקטן, פאַר אַרויפשרויפן פרייזן פון שפּייז, פאַר האַנדלען מיט וואַליוטע, פאַר שפּעקולאַציע, פאַר געבן שוחד און פאַר נאָך אַ סך, אַ סך אַנדערע פאַרברעכנס.

דער שעף האָט געזאָגט צו זיינע אַסיסטענטן: „דאָס זענען די נאָכווייענישן פון קריג״.

אַדאָם ווייס, דער יינגסטער פון אַלע אַסיסטענטן, האָט דאַרויף געענטפערט דעם שעף: „דאָס איז די מלחמה זעלבסט, איבערגעטראָגן אויף אַן אַנדערן פראָנט און מיט אַנדערע מיטלען געפירט. אַ רעגירונג פירט שטענדיק קריג. אַז ס׳זענען נישטאָ קיין דרויסנדיקע שונאים, זענען די בירגער, יעדנפאַלס אַ גרויסער טייל, אירע שונאים; זי באַשטראָפט זיי.״

„דאָס געהערט צום קאַמף אינעם לעבן״, — האָט איינער באַמערקט.

דער יינגסטער אַסיסטענט האָט זיין קאָלעגע אָנגעקוקט איראָניש:

„קאַמף — ווען ס׳איז דאָ אַזוי פיל, אַז מ׳פאַרניכטעט גרויסע קוואַנטיטעטן אַגראַר־פּראָדוקטן?״ — —

די קאָלעגן האָבן אים אָנגעקוקט פאַרחידושטע, נישט בלויז דערפאַר, ווייל דאָס וואָס ער האָט געזאָגט איז פאַר זיי געווען נאַריש, קאָמוניסטישע אָדער גאָר אַנאַרכיסטישע דעמאַגאָגיע, נאָר ווייל זיי האָבן געוווסט, אַז זייער קאָלעגע איז

נישט קיין קאָמוניסט אָדער אַנאַרכיסט, אַז ער האָט מיט פּאָליטיק אַבסאָלוט נישט צו טאָן, און קיין נאַר איז ער נישט. האָט דאָך דער שעף אים געהאַלטן פאַר אַן אויסערגעוויינלעך פעיקן יוריסט, אויך האָבן זיי געוווּסט, אַז זייער קאָלעגע האָט נישט ליב זיך אַרומצוּוואַרפן מיט פראַזן גלאַט אַזוי. „ער איז אַוודאי וועגן עפּעס פאַרביטערט", האָבן טייל געטראַכט.

דער שעף האָט נאָך מער פאַרזשמורעט דאָס רעכטע אויג, וואָס ער האָט כמעט תמיד געהאַלטן האַלב פאַרמאַכט, און געקוקט אויף זיין געליבטן אַסיסטענט אַ לענגערן מאָמענט. פאַרענדיקט דעם שמועס, וואָס דער בארימטער און שטענדיק זיך איילנדיקער יוריסט האָט געכאַפּט מיט זיינע אַסיסטענטן „אויף איין פוס", האָט ער וועגן דער פּייערונג, וואָס איז געפּראַוועט געוואָרן לכבוד דעם גרויסן נצחון געזאָגט: „געווען גאַנץ אַמוזאַנט; נאָר די פּאָליטישע רעדעס זענען געווען זייער מיטלמעסיק און האָבן די אויסלענדישע דיפּלאָמאַטן כמעט גאָר נישט אינטע־רעסירט".

דער אַדוואָקאַט וואַכאָלדער האָט געחנפעט זיין שעף: „דאָס וואָס איר האָט געזאָגט, אַלס דעלעגאַט, איז געווען געניאַל."

פאַן יאַנוש אייגער, דער „זילבערפוקס", ווי אַ סך קאָלעגן האָבן אים גערופן, האָט געענטפערט סאַרקאַסטיש: „דעריבער האָבן אונדזערע מלוכה־לייט זיך כמעט נישט צוגעהערט צו מיינע רייד. איר, קאָלעגע וואַכאָלדער, האָט, ווי אַ ציוניסט, דערלעבט אַ נקמה אין די אַסימילאַטאָרן..."

פאַן וואַכאָלדער האָט זיך צעלאַכט און געפרעגט: „אַפילו די „נאַראָדאָווע דע־מאָקראַטן" נישט?"

„זיי", האָט דער „פוקס" קלוגיטשקע איראָניזירט, „און אַפילו די פּ.פּ.ס.ישע מלוכה־לייט, זענען געווען צופרידן, העכסט צופרידן, מיט דעם וואָס פאַן איגנאַץ ווייס, דער פאָרשטייער פון די ציוניסטן, האָט געזאָגט... די אַנטיסעמיטן ליבן זייער שטאַרק דעם ציוניזם; ס'איז דאָס וואָס זיי ווילן — אַז די יידן זאָלן פאַרלאָזן פּוילן".

פאַן וואַכאָלדער, מיט דער גרויסער נאָז, האָט געשטראַלט: „פאַרלאָזן פּוילן און זיך אומקערן אין אונדזער לאַנד, אין ארץ־ישראל".

„איך בלייב דאָ" — האָט דער באַרימטער יוריסט געענטפערט פּיפּיק אין אַ זינגענדיק טאָן דעם ציוניסט. — „און בלייבן וועלן מיט מיר די מייסטע יידן, אַפילו פון די ציוניסטן"...

„נישט די יידן, און די ציוניסטן אַוודאי נישט" — האָט דער געקרענקטער ציוניסט געהילכט מיט זיין קול פון אַ טראָמפּייט. „בלויז די „פּאָלאַקן פון משהס גלויבן" וועלן דאָ בלייבן — אַז מ'וועט זיי לאָזן".

„מיין ליבער" — איז דער שעף געוואָרן גוטמוטיק; די יידן אין אַמעריקע זענען אַמעריקאַנער, אין פראַנקרייך — פראַנצויזן, אין דייטשלאַנד — דייטשן. איך וואָלט אייך עפּעס געזאָגט, קאָלעגע, נאָר איך וויל אייך נישט ווי טאָן".

פאַן וואַכאָלדער איז געוואָרן זיס־העפלעך: „אַליע פראַשען באַרדזאָ, איך בעט זייער!"

דער שעף האָט זיך געאיילט, ער האָט שוין צו לאַנג זיך פאַרהאַלטן, און ער האָט אויך נישט ליב געהאַט צו פירן אַזעלכע דיסקוסיעס. עפּענענדיק אינגאַנצן דאָס פאַרזשמורעטע אויג, האָט ער געשלאָסן דעם צופעליקן קליינעם וויכוח: „איך

בין זיכער, אַז אין פּאַלעסטינאַ וועלן די ייִדן ווערן אַראַבער פון משהס גלויבן"... און ער איז אַרויסגעגאַנגען.

2

די קאַנצעלאַריע איז געווען איינגעטיילט אין סעקציעס, יעדער אָפּטייל אין אַ באַזונדער צימער, שיער ווי אין אַ יוסטיץ־מיניסטעריום.

אַדאַם ווײַס האָט געאַרבעט אין אַ צימער צוזאַמען מיטן שעפס זון, פראַנץ קרזשעשטשאַנאָווסקי. דעם נאָמען האָט ער באַקומען ביים לעצטן מאָל זיך שמדן. ווען ער האָט זיך געשמדט דאָס ערשטע מאָל אויף פּראַוואָסלאַוונע, כדי אין פּעטערבורג צו קענען שטודירן יוריספּרודענץ, האָט ער דעמאָלט באַקומען דעם נאָמען איוואַן באַגאַמילאָוו. איצט האָפּט ער אויפן הויכן אַמט פון פּראָקוראָר. זייער אַ שטאָלצער, אַ קאַלטער און נערוועזער. די קאָלעגן, וועלכע אַרבעטן ביי זיין פאָטער — די מייסטע פון זיי ייִדן — האַלטן אים פאַר אַ רשע, פאַר אַ ווילדן אַנטיסעמיט. אָבער ער פאַרמאָגט אַן אייזערנע דיסציפּלין איבער זיך, וועגן וועלכער אַ סך פון זיינע פריינד און באַקאַנטע זענען אים מקנא. צו אַדאַמען איז ער אומגעווייגלעך פריינד־לעך. ער לאָזט אים נישט מערקן דאָס מינדסטע, אַז ער אַרבעט אונטער אים. דאָס וווּנדערט דעם יונגן אַסיסטענט. דערביי ווייסט אַדאַם, אַז פאַן קרזשעשטשאַנאָווסקי קען אַפילו זיינע אייגענע עלטערן נישט ליידן, אַז ער האָט זיי פיינט. אַפילו צו דער פרוי זיינער — זי באַמיט זיך אים צו געפעלן, כדי צו געווינען זיין ליבע — איז ער נישט באַזונדערס גוט, און צו דער שוועסטער, הגם זי פאַרגעטערט אים און זי איז אים נאָענט, איז ער קיל. ייִדן אָבער האַסט ער אַזוי, אַז אַפילו די אייזערנע דיסציפּלין איבער זיך העלפט אים נישט קיין סך — אַזוי אויפגעקאָכט ווערט ער ווען ס'קומט אים אויס צו האָבן צו טאָן מיט זיי.

פאַן קרזשעשטשאַנאָווסקי (דער צוקונפטיקער פּראָקוראָר) איז נישט צופרידן מיט זיין „שוואַכקייט", ווי ער רופט אָן זיין ליבשאַפט צו דעם יונגן ייִדישן אַדוואָ־קאַט אַדאַם ווײַס. ער באַאַרבעט איצט אומגעווייגלעך שנעל די אַקטן אויף זיין טיש. דערביי איז ער זייער גרינטלעך און שטאַרק אָפּגעהיט אין יעדן פּינטעלע פונעם געזעץ. ער באַמיט זיך, נישט ווי אַן אַדוואָקאַט, צו געפינען עפּעס אַ פּאַראַגראַף, אַ שפּעלטעלע אין די שטיינערנע ווענט פון געזעץ, דורך וועלכע ער זאָלן קענען אַדורכקריכן זיין קליענט, נאָר פונקט פאַרקערט; אין זיין פּאַרזיכטיקייט באַמיט ער זיך, אַז ס'זאָל קיין אות אין דער הייליקייט פונעם געזעץ נישט פאַרלעצט ווערן. זיין פלינקע האַנט לויפט מיט אַ רויטער בליישטיפט איבער די פּאַפּירן, מאַכט דאָ אַ צייכן, דאָרט אַ צייכן, גיט צו זיינס אַ באַמערקונג, לייגט צו אַ דאָקומענט אויב ס'איז דאָ — פּאַרטיק.

אויך אַדאַם ווײַס איז פאַרטיפט איבער געריכטס־אַקטן. אָבער ער איז נישט אַזוי פלינק ווי זיין קאָלעגע און זיין ציל ביי דער אַרבעט איז פונקט אַ פאַרקערטע: צו געפינען אַלערליי אויסטייטשונגען פונעם געזעץ, מיט וועלכע מ'קען באַפרייען דעם קליענט, אָדער ווייניקסטנס פאַרגרינגערן זיין שטראָף. ער מאַכט דאָס אומגעוו־הויער געשיקט, קלוג, מיט גרויס בקיאות און מיט נאָך גרעסערער חריפות. כמעט יעדעס מאָל ווען ער דערלאַנגט זיין פאַרגעזעצטן (דעם פאַנאַטיקער פון געזעץ) אַ

באַארבעטן אַקט דורכצוקוקן און אונטערצייכענען, קען יענער נישט געפינען קיין פסול, כאָטש עס הייסט, אַז דער דאָזיקער „ידישער קאָפּ“, אָדער „געזעצפאַרדרייער“ — ווי ער רופט ביי זיך אין האָרץ יעדן ייִדישן אַדוואָקאַט — האָט דעם אַקט באַאַר־בעט נאָר לטובת דעם אָנגעקלאָגטן. ביי אַ צו האַרבער סוגיא פרעגט אַדאָם זיין פאַרגעזעצטן; אָבער ער פרעגט אים אַזוי, אַז יענער גיט אים דעם ענטפער, וועלכן ער האָט געוואָלט קריגן... ווען ביידע ווערן מיד פון צופיל און צו אָנגעשטרענגטער אַרבעט, רוען זיי אָפּ אַ ווײַלע. זיי שמועסן דאַן וועגן פאַרשידענע זאַכן, צומייסט וועגן אַזעלכע, וואָס האָבן מיט זייער פּראָפעסיע קיין שום שייכות נישט.

ווען פאַן קרזשעשטשאַנאָווסקי איז ביים באַארבעטן אַן אַקט און ווייסט באַש־טימט אַז דער אָנגעקלאָגטער וועט פאַרמשפּט ווערן צום טויט — ער אַליין פאַר־משפּט דעם אומגליקלעכן צום טויט — פאַרווײַכערט ער דאַן אַ דין פאַפּיראָסל, באַט אַן אויך פאַן ווײַסן איינס, און דערציילט ביים רויכערן (פון וואָס ער האָט אַ שטאַר־קע הנאה) וועגן עפּעס אַ קאָמישער פאַסירונג, אָדער ער פאַקט אויס עטלעכע נייע וויצן. איז ער אָבער גערייצט וועגן עפּעס — באַמיט ער זיך דאַן אָנצוקניפּן אַ געשפּרעך וועגן פּאָליטיק מיט זיין יונגן קאָלעגע. נאָר אַדאָם ווײַס האָט נישט ליב צו רעדן וועגן פּאָליטיק. אפילו אין סאַמע געקאָך פון דער מלחמה צווישן פּוילן און רוסלאַנד, ווען די רויטע אַרמייען זענען שוין געשטאַנען כמעט פאַר די טויערן פון וואַרשע און פאַן קרזשעשטשאַנאָווסקי האָט געפרעגט דעם יונגן אַסיסטענט: „ווי מיינט איר, קאָלעגע; וועלן די 'אָבעדראַנצעס' טאַקע?“... אויך דעמאָלט, ווען יעדער איינער האָט זיך געקאָכט אין פּאָליטיק, האָט אַדאָם ווײַס געענטפערט: „אין פּאָלי־טיק פאַרשטיי איך גאָרנישט.“

פאַן קרזשעשטשאַנאָווסקי האָט זיך געוווּנדערט: „נישט מעגלעך: אַ גוטער יו־ריסט איז אויך אַ גוטער פּאָליטיקער“.

דערויף האָט פאַן ווײַס געענטפערט הכנעהדיק: „איך בין טאַקע נישט קיין גוטער יוריסט“.

דער „צוקונפטיקער פּראָקוראָר“ האָט דאַן געקוקט אויף זיין ייִדישן קאָלעגע מיט איראָניע. אָבער ער האָט ווייטער גערעדט איבער דער אָנגעהויבענער טעמע: „ס'איז אונדזער פאָטערלאַנדס גליק וואָס דער שונא איז צוגעקומען אַזוי נאָענט צו איר רעזידענץ, צו אונדזער פּויליש האַרץ. ווען די אָפּגעריסענע שלעפּערס, די באַנדיטן — וואָס רופט זיך אַרמיי — וואָלטן געוועזן שטיין געבליבן ביי פּוילנס גרענעצן, וואָלטן זיי אפשר געווען געזיגט“. נאָר אַזוי ווי דער יונגער אַסיסטענט האָט בלויז געענטפערט: „איך האָף, אַז די מלחמה וועט באַלד אויפהערן“, האָט דער פאַרגעזעצטער פאַרענדיקט זיין טעמע: „איר פאַרשטייט טאַקע גאָרנישט פון פּאָליטיק, איר האָט אַפילו נישט קיין אינטערעס דערפאַר. איר רייסט זיך אָבער צו פּאָליטישע פּראָצעסן“.

דער אַסיסטענט איז שיער אויפגעשפּרונגען פונעם בענקל: „איך?!“

„יאָ“, האָט דער „צוקונפטיקער פּראָקוראָר“ באַשולדיקט זיין ייִדישן געהילף. „איר האָט אויף אייך גענומען די פאַרטיידיקונג פונעם פּראָווינצער יונגנמאַן, וועל־כער האָט זיך נישט געוואָלט שטעלן צום מיליטער אין מלחמה־צייט צו פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד און האָט דערצו נאָך עפנטלעך אַגיטירט נאָכצוטאָן זיין נידער־טרעכטיקייט — נישט צו פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד ווען ס'איז אין געפאַר!

דעם דאָזיקן פאַרדעטער קומט די העכסטע און האַרבסטע שטראָף! ווען איך וואָלט געווען דער פּראָקוראָר ביים פּראָצעס, וואָלט איך אַפילו פאַרן פאָטער פון דאָזיקן פאַרברעכער — אין דעם פאַל פאַר דער מוטער — געפאָדערט אַ שטראָף פאַרן דערציִען אַזויערנאָך אַ זון". זיין אייזערנע דיסציפּלין איבער זיך האָט אים אין יענעם מאָמענט אין גאַנצן פאַרלאָזט. ער האָט כמעט געקריצט מיט די ציין: „פאַס־קודנע זשידעס! פאַרשיווע! פוילנס שונאים! פאַררעטער!"

דער יונגער אַסיסטענט האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ער האָט זיך געפילט שולדיק קעגן זיין שעפס זון, וועלכער איז געווען גוט צו אים, און ביי וועלכן ער האָט אַ סך געלערנט. ס'האָט אים געדריקט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט, ווייל די פאַרטיידיקונג פון דעם שווער באַשולדיקטן פּראָווינצער ייִדישן יונגנמאַן האָט ער באמת אַליין גענומען אויף זיך. ווען די אָרעמע ייִדענע, די מוטער פונעם באַשול־דיקטן, האָט זיך צוזאַמען מיט אירס אַ קליין ייִנגל געוואָרפן צו די פיס פון זיין שעף און געוויינט, דערציילט אַז זי איז אַן אַלמנה מיט צוויי קליינע קינדער און דער אַרעסטירטער איז דער איינציקער שפּייזער — האָט ער נישט געקענט אַנ־דערש, ווי זאָגן דעם שעף: „איך נעם איבער די זאַך". פאַן אייגער, דער באַרימ־טער יוריסט און גוטער פּאַטריאָט, האָט דעם פּראָצעס נישט געוואָלט אָננעמען, ער וואָלט אים נישט געוועזן אָנגענומען אַפילו פאַרן גרעסטן האָנאָראַר.

3

איצט — עטלעכע וואָכן נאָך דער גרויסער פייערונג — האָט פאַן קרזשע־שטשאַנאָווסקי, אַ גוט אויפגעלייגטער, ווידער געפירט אַ שמועס מיט זיין יונגן קאָלעגע. ער האָט דעם ייִדישן בחור מיט די קליינע שוואַרצע וואָנצעלעך און די לאַנגע זיידענע וויִעס איבער די כמעט מיידלערישע, גרויסע, בלויע אויגן, ליב גע־האַט ביז צערטלעכקייט. קעגן דער דאָזיקער ליבשאַפט האָט ער אין זיין האַרץ זיך געווערט; אָבער זי איז געווען שטאַרקער און האָט טריומפירט. דער קילער און רויִקער — אין גרונט מענטשן־האַסער און שטרעבער — האָט געשפּאַסט: „לייבוש מיט די קרומע פיסלעך און קאָזע־בערדל — אַ פעלדמאַרשאַל... כאַ־כאַ"... ס'איז געווען אַ לאַכעלע און נישט קיין לאַכן, ווייל ריכטיק לאַכן פונעם האַרץ האָט ער נישט געקענט. באַלד האָט ער זיך אָנגעצונדן מיט כעס אויף די באָלשעוויקעס און אויף די ייִדן און געטענהט זיין אַנטיסעמיטישע טענה: „זאָגט, קאָלעגע, וואָס איר ווילט; די זשידעס זענען דאָך אַ מיאוס פאָלק! זיי זענען תמיד געווען בונטאָווטשי־קעס אין אַלע צייטן, אין אַלע לענדער און וועלן דאָס שוין אַזוי בלייבן! איר וועט מיר מוחל זיין, קאָלעגע, פאַר מיין אָפנקייט. איר ווייסט, אַז איך שעץ איך. וואָלטן נאָר אַלע ייִדן געווען אַזוי ווי איר זענט. ווער זענען די קאָמוניסטן אין אונדזער פאָטערלאַנד? — די ייִדן! ס'איז דעריבער נישט קיין ווונדער, וואָס איבערן לאַנד האָבן אויסגעבראָכן עקסצעסן קעגן די ייִדן. ס'איז געווען אַן אומרויִקע צייט; זי איז'ס נאָך איצט אויך. די סטאַביליזירונג אינעם פאָטערלאַנד האָט נאָר וואָס אָנ־געהויבן. דאָ און דאָרט הערשט נאָך כאַאָס. ס'איז פשוט אַנדערש נישט מעגלעך. די ווונדן, וואָס די מלחמה האָט גורם געווען, זענען נאָך נישט פאַרהיילט, זיי בלו־

טיקן נאָך. די זשידאָווסקע פּרעסע אָבער, ווי איר שטייגער, האָט די אומבאַדייטנ־דיקע עקסצעסן צעשמירט און ליאַרעמט: „פּאָגראָם!... פּאָגראָם!...“ מ'רירט זיי אָן, און שוין צעקוויטשען זיי זיך: „געוואַלד!...“ „געוואַלד!“... איך באַרעכטיק נישט די עקסצעסן, 'בראַן באָזשע' (גאָט באַהיט). פאַר אַ מלוכה איז נישטאָ ערגערס ווי אַנאַרכיע. דאָס געזעץ מוז צו יעדער צייט ווערן שטרענג אָפּגעהיט! דאָך קען איך פאַרשטיין דעם אויסברוך פונעם פאָלקס צאָרן“.

כאָטש אַדאָם וויס האָט גוט געקענט זיין שעפס זון און געוווסט סאָראַ אַנטי־סעמיט ער איז, איז ער איצט דאָך געווען אַזוי דערשטוינט, אַז ער האָט אַזש נישט געפונען קיין ווערטער אים צו ענטפערן. אייגנטלעך האָט פאַן קרזשעשטשאַנאָווסקי זיך שוין נישט איין מאָל געהאַט צעלאָזט אויף די ייִדן מיט אַזאַ שפּראַך אין דער קעגנוואָרט פון זיין געהילף; אָבער דעם באַנקירס זון איז יעדעס מאָל געווען גע־פלעפט, אַז ער האָט בלויז אַראָפּגעלאָזט די אויגן און זיך געשעמט, ווי אַן אינטע־ליגענטער מענטש — דערצו אַליין אַ ייִד, כאָטש ער האָט זיך שוין צוויי מאָל גע־שמדט — קען זיין אַזאַ ווילדער אַנטיסעמיט. וואָס איז דען שמדן זיך? — דאָס קען דאָך גאָרנישט ענדערן אינעם מענטשן, די אָפּשטאַמונג בלייבט דאָך די זעלבע, בפרט ווען די עלטערן זענען געבליבן ייִדן (מעגן זיי זיין ווי אַסימילירט) און די משפּחה אַרום און אַרום איז אַ ייִדישע. אַז שמדן זיך איז קודם־כל אַן אַקט פון פאַר־ראַט, אַפילו ווען דאָס געשעט פון איבערצייגונג — וואָס קומט גאַנץ, גאַנץ זעלטן פאָר — דאָס איז דעם יונגערמאַן דערוויל נאָך נישט איינגעפאַלן. ער האָט בכלל איבערן דאָזיקן פּראָבלעם נאָך גאָרנישט געהאַט געטראַכט. ווען יאָ — וואָלט ער געוווסט, אַז דער דורכשניט־משומד איז אַ מאָראַלישער דעגענעראַט, שוין צוליב דעם, ווייל ער שמדט זיך דאָך צוליב קאַריערע; וויניקסטנס כדי זיך צו פאַרגרינגערן ס'לעבן. כדי צו פאַרדעקן די אייגענע מיאוסקייט, די אייגענע מינדער־ווערטיקייט — נעמט מען האָסן די פאַרראַטענע. אָבער איבער דעם ענין אַנטיסע־מיטיזם בכלל האָט דער אָנפאַנגער־אַדוואָקאַט יאָ שוין געגומען נאָכדענקען, הגם אין זיין באַוווסטזיין איז כמעט ווי נישט וואָך געווען אַז ער אַליין איז אַ ייִד. נאָר אַ דערקלערונג אויף דער סיבה פון אַנטיסעמיטיזם האָט ער דערוויל נאָך נישט געהאַט, און די סקאַרבאָווע, ווי „קאָנקורענץ“, „גלות“ האָבן אים נישט באַפרידיקט. אים איז אויסגעקומען, אַז אַנטיסעמיטיזם מוז זיין אַ פּסיכישע אָנגעלעגנהייט, אַ מין לוסטגעפיל, ווי ביי אַ לוסטמערדער.

פאַן קרזשעשטשאַנאָווסקי האָט דערפילט אַז זיין ליבלינג איז געקרענקט און פאַרשטאַנען, אַז ער האָט איבערגעכאַפּט די מאָס. כדי אָפּצווישן דעם שלעכטן איינ־דרוק האָט ער געוואָלט זיין קאָלעגע מיט עפּעס מפּיס זיין און אים געפרעגט אין אַ פריינדלעכן טאָן: „נו, ווי האַלט איר אין דעם ערשטן גרויסן פּראָצעס אייערן? איך רעכן אַז אייער קליענט איז פונדעסטוועגן נאָך נישט אויסער געפאַר, כאָטש ס'איז שוין נאָך דער מלחמה. איך וואָלט אים נאָך איצט פאַרמשפּט צום טויט ווען כ'וואָלט געווען זיין ריכטער, אָדער כ'וואָלט געפאָדערט טויטשטראָף פאַר אים ווען כ'וואָלט געווען דער פּראָקוראָר. יאָ, אויך אין פרידנסצייט“. און שמייכלענדיק: „איר זענט דאָך אָבער אַ גוטער אַדוואָקאַט, ווייל איר האָט פאַר אייער קליענט — דערוויל — שוין אַ סך אויפגעטאָן; פון טויט האָט איר אים יעדנפאַלס זיכער געראַטעוועט. נאָר אַ פּאָליטיקער זענט איר טאַקע אַ שלעכטער, דאָס הייסט, גאָר קיין פּאָליטיקער נישט. יאָ, יאָ; איר וועט זיין אַ גאַנץ גוטער אַדוואָקאַט“. ער האָט

דעם יידישן אַסיסטענט דערמיט געוואָלט זאָגן, אַז די מיטלען, וועלכע ער האָט אָנגע־ווענדט אָפּצולייגן דעם פּראָצעס ביז נאָכן קריג, זענען נישט געווען קיין יורידישע, דאָס הייסט, נישט גענוג ערלעכע, און אַז דערין איז ער אַ ייִד. אָבער ער האָט נישט געוואָלט נאָכאַמאָל קרענקען זיין ליבלינג און אים ליבערשט געפרעגט: „וואָס האָט איר באַשלאָסן וועגן דעם, וואָס מיר האָבן מיט אַ קורצער צייט צוריק גערעדט?"

פאַן ווײַס האָט אָנגעקוקט זיין פאַרגעזעצטן, ווייל ער האָט נישט געוווסט וואָס יענער מיינט.

„וועגן איבערגיין צו דער קאַטויילישער/קירכע", האָט דער משומד דערמאָנט דעם יידישן בחור.

דער יונגער אַדוואָקאַט איז געווען אין פאַרלעגנהייט און געענטפערט אויף אַ לייכטזיניקן אופן: „כ'האָב וועגן דעם נאָך גאָרנישט באַשלאָסן". אין דעם האָט זיך געעפנט די טיר און ס'איז אַריינגעקומען מאַגדאַ, דעם שעפס בת יחידה. פאַן ווײַס האָט געוווסט ווער ס'איז אַריינגעקומען, הגם די טיר איז געווען הינטער זיין רוקן. נאָר ער האָט זיך געמאַכט נישט וויסנדיק און ווייטער געאַרבעט, שטאַר־קער זיך פאַרטיפנדיק אין די פּאַפּירן. דאָך; ער האָט לגמרי מער נישט געוווסט וואָס ס'טוט זיך אין זיי.

מאַגדאַ האָט אַריינגעבראַנגט צוויי גלעזער טיי. איינס האָט זי אַוועקגעשטעלט אויפן שרייבטיש פאַר איר ברודער און דאָס צווייטע אויפן שרייבטיש פאַרן אַסיס־טענט. זי איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ קופּער־ברוין וואָלן קלייד, אָן באַפּוצונגען, בלויז מיט אַ קליין ווייס איבערגעלייגט קעלנערל און ווייסע מאַנקעטלעך ביי די שמאָלע אַרבל. דאָס קלייד איז געווען ווי אויסגעגאָסן אויף איר שלאַנקער פיגור. דער אַסיסטענט האָט ביים דאַנקען פאַר דער טיי באַוווּנדערט דאָס קלייד. ער האָט זי דערין געזען דאָס ערשטע מאָל. „ס'פּאַסט אייך זייער פיין". ערשט איצט איז אים איינגעפאַלן, אַז די קאָלירן פון די קליידער, וועלכע זיין שעפס טאָכטער טראָגט, האַרמאָנירן תמיד מיט די פאַרבן אין דער נאַטור לויטן סעזאָן. זיי זענען קיינמאָל נישט קיין שרייענדיקע און פּאַסן זיך זייער גוט צום ערנסט פון איר פּנים. דערביי איז אים אויך איינגעפאַלן, אַז מאַגדאַ איז היינט אַ ביסל טרויעריק. זי איז אַצינד שטיין געבליבן לעבן זיין שרייבטיש לענגער ווי געוויינלעך. דאָך האָט ער נישט געמערקט אין איר פּנים, אַז דאָס זאָל האָבן וועלכע ס'איז באַדייטונג, ווי אַ שטייגער זי וויל אים עפּעס פרעגן, אָדער זי וואַרט דערויף אַז ער זאָל זי עפּעס פרעגן. האָט ער געטראַכט: „מעגלעך ווייל זי פילט אַז כ'באַוווּנדער איר ניי קלייד — שטייט זי. דאָס איז אַ ווייבלעכע אייגנשאַפט: זי וויל באַוווּנדערט ווערן. דאָס געשעט אומ־דירעקט ווען מ'באַוווּנדערט וואָס זי גייט אָנגעטאָן".

מאַגדאַ האָט זיך צעשמייכלט. דערביי האָט זי גאַנץ אומזשעניִרט (אַפילו מיט אַ געוויסן חוזק, נאָר מיט אַ זייער פיינעם און ליבלעכן בליק, וועלכער קען נישט פאַרלעצן) געקוקט דעם אַסיסטענט אין די אויגן אַריין. ער איז עטוואָס רויט גע־וואָרן. אויך זי האָט זיך דאַן גענומען רויטלען. דאָך האָט זי נאָך ווייטער אויף אים געקוקט און אַדרבא שוין פעסטער און דרייסטער ווי אין אָנהייב. ער האָט אויף איר אויך געקוקט, אָבער ער איז דערביי געווען אין אַ געוויסער פאַרלעגנהייט. דאַן זענען ביידנס בליקן געוואָרן שטיפערישע. נאָר פּלוצלינג דערזעט ער דאָס גאָלדענע צלמל וואָס הענגט אויף אַ דינינקן גאָלדן קייטעלע איבער איר האַלדז.

ס׳קומט אים אויס, ווי ער וואָלט דאָס צלמל איצט געזען צום ערשטן מאָל. שעלמיש פרעגט זי אים: „נו, וואָס האָט איר באַשלאָסן?"

אַדאַם ווײַס ווייסט נישט וואָס זי מיינט. באַלד פאַלט אים איין: דער ברודער האָט איר אפשר דערציילט וועגן דעם פאָרשלאַג וואָס ער האָט אים געמאַכט מיט אַ שטיקל צייט צוריק, איבערצוגייען צום קריסטנטום און אויך זי וויל איצט וויסן זיין באַשלוס. אין נאָך גרעסערער פאַרלעגנהייט ווי פריִער — אַצינד אויך אַ ביסל צעטומלט — פרעגט ער זי: „וועגן וואָס?"

„צי איר ווילט טרינקען די טיי"... זי האָט זיך צעלאַכט. דאָס גלאָז טיי איז שוין באַלד געוועזן קאַלט און ער האָט זיך נאָך גאָר נישט געהאַט אַפילו צוגערירט דערצו: ער האָט אין גאַנצן פאַרגעסן אין דער טיי.

אַ קלאַפּ אין דער טיר.

פאַן קרזשעשטשאַנאָווסקי האָט אַן אויפגערעגטער אַ געשריי געטאָן: „פראַ־שען!"

מאַגדאַ האָט דערקענט אַז איר ברודער איז בייז, ווייל זי איז צו לאַנג געבליבן, און איז אַוועקגעגאַנגען. ס׳איז אַריינגעקומען דער אַדוואָקאַט וואַכאַלדער. זיך אַנט־שולדיקנדיק וועגן דער שטערונג, האָט ער גערופן אַדאַמען: „איין מינוט, איך בעט איך. ס׳איז וועגן דעם פּראָצעס".

## קאַפּיטל דריי

## האַרבסט אין פּאַרק

### 1

שפּאַצירנדיק צווישן אַלטע ליפּעס, האָט דער יונגער אַדוואָקאַט אַדאַם ווײַס געפּרעגט זיין שעפס טאָכטער: „דאַכט זיך אייך נישט אַז איר פילט דעם גערוך פון מענטשנבלוט?"

די צאַרט־זעלישע מאַגדאַ האָט אַ צאַפּל געטאָן: „מענטשנבלוט? — דאָ אין פּאַרק?" — — — זי האָט געוווּסט, אַז דער יונגער אַסיסטענט איז אַ מערקווירדי־קער מענטש, טייל מאָל אויך אַ לץ. איז איר דעריבער איינגעפאַלן, אַז ער שפּאַסט אוודאי, און אַליין אויך געגומען שפּאַסן: „יאָ, כ׳פיל... אַן אייפערזיכטיקער מאַן אוודאי, אָדער אַ לוסטמערדער, האָט דאָ ערגעץ געוויס איבערגעשניטן דעם האַלדז פון זיין שיינער דאַמע"...

אַדאַם ווײַס איז איצט געווען שטאַרק צעשטריייט. ער האָט טאַקע ליב געהאַט אָפט צו שפּאַסן; נאָר דאָס, וואָס ער האָט פריִער געפרעגט, האָט ער געמיינט ערנסט. שוין אַ לאַנגע צייט, אַז אים דאַכט זיך טייל מאָל ער פילט דעם ריח פון בלוט. אין זיין פאַנטאַזיע פאַרוואַנדלט זיך דאָס בלוט אין מענטשנבלוט. און נאָך ערנסטער ווי פריִער האָט ער געזאָגט: „איך פיל באמת דעם ריח פון בלוט". ער האָט געצויגן מיט דער נאָז און איבערגעחזרט: „יאָ, איך פיל בלוט, מענטשנבלוט".

סוגעסטירט האָט אויך מאַגדאַ אַ צי געטאָן מיט דער נאָז און געענטפערט — איצט שוין ערנסט — „איך פיל אַזעלכעס נישט. ווי קומט דאָ אַהער, אין די „לאַ־זשענקעס", בלוט פון מענטשן? — — — איך פיל דעם שפּעטן האַרבסט, דעם שאַרפן ריח פון די אַראָפּגעפאַלענע בלעטער, וואָס האָבן שוין אָנגעהויבן פוילן. איבעריקנס: ווי קענט איר לויטן ריח דערקענען, אויב דאָס בלוט איז פון מענטשן אָדער חיות? ביידנס בלוט האָבן דעם זעלבן ריח, ביידע זענען דאָך זויג־חיות, דאָס ווייסט איר דאָך. גייט"... זי האָט ווידער געטומען שטיפן: „אפשר האָט טאַקע אַ פאַרליבטער אָפיציר (אַ פראַנצויזישער) דאָ ערגעץ דערשטאָכן זיין געליבטע?... אַ פּיקער יוריסט איז אויך אַ שפּיאָן, מיט אַ גוטער שפּיר־נאָז."

אַדאַם האָט אַ שמייכל געטאָן. אָבער שוין אַ לענגערע צייט, אַז ער ליידט פון אַ פסיכאָז צו פילן מענטשלעך בלוט. נישט תמיד, בלויז טייל מאָל, פּאַקט אים די דאָזיקע פסיכאָזע, טייל מאָל שטאַרקער, טייל מאָל שוואַכער. איצט האָט ער באַ־זונדערס שטאַרק געפילט בלוט. אפשר טאַקע צוליבן ריח פון די פוילנדיקע בלע־טער. כמעט ווי אַ קראַנקער אין אַן אַטאַקע פון שמערצן, האָט ער זיך געבעטן ביי דעם מיידל: „לאַכט נישט פון מיר, פאַננאַ אייגער. איך פיל באמת אַזאַ מין ריח, ווי פון בלוט. מיר דאַכט זיך דערביי, אַז דאָס בלוט איז פון מענטשן. אפשר דערפאַר, ווייל איך זע פאַר מיר די דערהרגעטע מענטשן, מיט לעכער פון קוילן, מיט אויפ־געריסענע בייכער, מיט אָפּגעהאַקטע אברים. טויזנטער, טויזנטער מענטשן. פון מיטן זומער אָן, ווען די פּאָזיציעס האָבן זיך געטומען רוקן אַלץ נענטער צו וואַרשע; פון דעמאָלט אָן האָט זיך ביי מיר געטומען אַנטוויקלען דער דאָזיקער פסיכאָז. און מערקווירדיק! ווען איך גיי שפּאַצירן, ווען איך וויל פאַרגעסן דאָס אַלץ וואָס ס'איז געווען: די מלחמה, דאָס בלוט־פאַרגיסן — דאָס שרעקלעכסטע, וואָס איך וואָלט מיר אָפילו נישט געקענט פאָרשטעלן, ווען דאָס וואָלט נישט באמת פּאַסירט! אָ, און די בילדער פון די היימלאָזע, וואָס וואַלגערן זיך נאָך איצט טיילוויז אַרום פּשוט אין די גאַסן! און דער טיפוס, דאָס שטאַרבן פון הונדערטער מענטשן אַ טאָג פון דער דאָזיקער קראַנקהייט, וואָס איז געקומען אַלס פאָלגן פון מלחמה! ווען איך וויל דאָס אַלץ פאַרגעסן, ווען איך וויל אַנטלויפן דערפון, ווען איך וויל... איינפאַך לעבן, מיך אַמוזירן, זיין גליקלעך, האָבן פאַרגעניגן, געניסן דאָס לעבן, ווייל איך האָב דאָס לעבן ליב, ליב מיט אַלע מיינע גלידער, מיט מיין גאַנצער נשמה, מיט יעדן טראָפּן בלוט פון מיין קערפּער, מיט יעדן נערוו — דעמאָלט"...

פול מיט לייד האָבן מאַגדאַס ליפּן געשעפּטשעט ווי אַ געבעט פאַר דעם ליידנ־דיקן: „באָזשע מוי"... און גאַנץ, גאַנץ שטיל: „יעזוס קאָכאַני"... זי האָט געפּרווט באַרויקן דעם יונגן מענטשן און אים געטרייסט: „אָבער איצט איז דאָך שוין נאָך דער מלחמה, און גאָט צו דאַנקען — די לעצטע געווען. איך האָף אַזוי, אַזוי האָפן אַלע מענטשן. אַ סך קלוגע און געלערנטע מענטשן אין אייראָפּע זאָגן דאָס זעלבע: ס'איז געווען די לעצטע מלחמה. ווידער איז פרידן. אונדזער פאָטערלאַנד איז נאָך 150 יאָר קנעכטשאַפט ווידער פריי. פריי. גאָט צו דאַנקען".

2

מאַגדאַ האָט לאַנג געקעמפט קעגן אירע געפילן צו איר פאָטערס יונגן אַסיסטענט. פאַר וואָס האָט זי קעגן זיי געקעמפט? — זי האָט דאָס נישט קלאָר געוווּסט. נישט ווייל ער, אָדער עפּעס אין אים איז איר נישט געפעלן. אַדרבה: ער איז איר שטאַרק געפעלן, סיי זיין אויסערלעכקייט און סיי זיין אינערלעכקייט. פאַר איר געשמאַק איז ער געווען שיין, און טאַקע אַלס מאַן, כאָטש זיינע גרויסע בלויע אויגן מיט די לאַנגע זיידענע ווימפּערן האָבן אויסגעזען כמעט מיידלעריש, און אויף זיין עטוואָס בלאַסלעך און אָוואַלן פּנים איז געווען ווייבלעכע ווייכקייט. פאַר אַנדערע פּרויען וואָלט אַזאַ אויסזען באַדייט אוממענלעכקייט. אַ מאַן, ווי ס׳מיינען די מייסטע פּרויען, מוז האָבן אַ העלדישן אויסזען. זיי שטעלן זיך דאַרונטער פאָר: האַרטקייט, אַנטשלאָסנקייט, אַפילו ברוטאַלקייט. דערין זעען זיי פעסטן, מענלעכן כאַראַקטער. די איידעלע מאַגדאַ האָט געהאַט פונקט אַ פאַרקערטע פאָרשטעלונג וועגן אַ מאַן און זיין אויסזען; פאַר איר זענען פיינקייט, צאַרטקייט, איידלקייט און טיפקייט פון דער נשמה געווען די סימנים פון אמתער מענלעכקייט, ווייל אַזוי דאַרף זיין אַ מענטש. דאָס אַלץ האָט זי געזען אין אַדאַמס פּנים. ס׳איז איר אַפילו געפעלן זיין פיגור, הגם ער איז געווען פון מיטלוווּקס און גיכער שמאָל ווי ברייטפּלייציק. אַז ער איז אַן אויסערגעוויינלעך פעיִקער יוריסט האָט דער פאָטער איר געזאָגט. פאַר וואָס אָבער האָט זי דאָך געקעמפט קעגן איר ליבע צו אים? מעגלעך וועגן איר פרום און צנועהדיק וועזן. זי איז געווען אַ פרומע, כאָטש זי איז אויפגעוואַקסן אין אַ הויז וווּ ס׳איז נישט געווען קיין שפּור פון פרומקייט. איר פאָטער איז געווען אַן אַטעיִסט, אַ טרוקענער לאָגיקער. די מאַמע איז געווען בלויז אַ מאַטעריאַליסטין, אַפילו מגושמדיק; פאַר איר איז געלט, רייכטום, פולע טעפּ אויף דער קיך, אַ סך צירונג, גאָלד, בריליאַנטן — דאָס איז געווען אַלץ. אָט דערפאַר האָט מאַגדאַ זיך געשמדט אויף קאַטויליש, ווייל איר נאַטור האָט געבענקט נאָך פרומקייט, געטלעכקייט, תפילה. געוויס, אַ גרויסן חלק אין איר שמדן זיך האָט געהאַט דער ברודער.

אָבער דער פאַרלאַנג צו ליבן און געליבט צו ווערן איז ביי איר געווען זייער שטאַרק. זי האָט דעריבער גענומען ליידן פון געוויסע בושה־ און חרטה־געפילן. ס׳האָט זיך איר גענומען אויסדאַכטן, אַז זי זינדיקט קעגן יעזוס קריסטוס מיט אירע געפילן צו אַ מאַן, וועלכער איז נאָך דערצו אַ ייִד. זי האָט זיך גענומען פילן זינדיק. אָפט האָט זי זיך געמוסרט און זיך פאָרגענומען אַוועקצוגיין אין אַ קלויסטער, צו ווערן אַ נאָנע. באַלד דערנאָך אָבער האָט זי זיך געמוזט מודה זיין אין איר האַרץ, אַז איר פאַרלאַנג נאָך ליבע און געליבט צו ווערן איז צו שטאַרק, אַזוי שטאַרק, אַז זי וואָלט דעם פאַרלאַנג בשום אופן נישט געקענט דערשטיקן אין זיך. דאָס איינציקע, וואָס זי האָט געקענט און געמוזט טאָן, איז געווען: זיך מתוודה זיין פאַרן גלח, פאַרן הייליקן פאָטער. דאָס האָט זי געטאָן, נישט איין מאָל נאָר אַ סך מאָל, ביז ער האָט איר געראָטן, צוצוזען אַז דער ייִדישער יונגערמאַן, וועלכן זי ליבט, זאָל איבערגיין צו דער קאַטוילישער קירכע.

איר שטימע, ווען זי האָט געפּרוּווט אַדאַמען באַרויִקן און אים אויסרעדן זיין קאָמפּלעקס, איז געווען שטאַרק באַוועגט. זי איז דאַן געוואָרן זייער צערטלעך צו אים. אירע אויגן זענען כמעט פייכט געוואָרן. זי האָט אים גענומען אונטערן אָרעם

און געטרייסט: „ס'וועט געוויס אויפהערן. כ'האָף אַז ס'וועט אַריבערגיין. אויף צו־עמפּינדלעכע נאַטורן ווירקן אַזעלכע קאַטאַקליזמען, ווי מלחמה, באַזונדערס שטאַרק".

נו, האָט אַדאַם שוין חרטה געהאַט אויף זיין פּלוידערן פריער אַזעלכע נאַרישקייטן.

3

די הויכע טאָפּאָלעס, די ברייטע דעמבעס, די ליפּעס און די קאַשטאַנען־ביימער, זענען שוין געווען אין גאַנצן געל. בלויז אויף טייל צווייגן, באַזונדערס פון די דעמבעס, האָבן זיך נאָך געפונען צו עטלעכע גאָלד־ברוינע בלעטער. ביים אונטערגיין פון דער זון האָט דאָס ברוינע גאָלד פון די בלעטער זיך צעלויכטן. אויפן פאַרוועלקטן גראָז זענען די אַראָפּגעפאַלענע בלעטער געלעגן אפשר אַ פוסט הויך. אין פלוג האָבן אַלע אויסגעזען פון איין קאָליר: טונקל־ברוין, שוין אַפילו עטוואָס שוואַרצלעך — ווי ליים. אַ סך האָבן שוין אָנגעהויבן צו פוילן. דאָך זענען צווישן זיי נאָך געווען זעלטן שיינע בלעטער, טייל וואָס האָבן נאָך אַפילו אויסגעזען גאַנץ פריש, ווי ערשט אַראָפּגעפאַלן פון בוים. דאָס גאָלד נאָך יונג, צאַרט, חנעוודיק, די פאַרעם גראַציעז. טייל זענען געווען קופּער־רויט, טייל באָרדאָ ווי ווײַן. טייל האָבן אויסגעזען ווי הערצער, געוועבט פון בלישטשנדיקע, ציטערנדיקע זונשטראַלן... טייל האָבן געשימערט ווי גרויסע שמעטערלינגען מיט צעשפּרייטע פליגל... נאָר אָט האָט זיך פלוצלינג אויפגעהויבן אַ ווינט, וואָס איז געוואָרן אַלע מאָל אַלץ שטאַרקער, צונויפגעטריבן און אויסגעמישט אַלע בלעטער, זיי געשמיצט און געוואָרפן אויף די טראָטואַרן, זיי אַריינגעשליידערט אין די בלאָטעס און קאַלוזשעס, וואָס די האַרבסט־רעגנס האָבן פאַראורזאַכט.

אינעם פּאַרק, באַזונדערס אין די זייטיקע אַלייעס, זענען איצט געווען גאָר ווייניק מענטשן. אין דער אַלייע, אין וועלכער מאַגדאַ און אַדאַם האָבן שפּאַצירט, איז קיינער נישט געגאַנגען: זיי זענען געווען אַליין.

„ווי שיין די זון גייט היינט אונטער", האָט מאַגדאַ געזאָגט, כדי אַדאַמען אַרויסצורייסן פון זיין שטאַרק זיין פאַרגראָבן אין זיך אַציגד, פון זיין עקבערן זיך אין זיינע טרויעריקע געדאַנקען. אַז ער גראָבט זיך אין די טרויעריקע געדאַנקען, האָט זי דערקענט אין דעם אויסדרוק אַציגד פון זיין פּנים און אין דעם פאַרביסענעם שווייגן. אָבער זי איז באמת געווען באַגייסטערט פונעם זון־אונטערגאַנג, ווייל די באַלייכטונג איז געווען אַן אייגנאַרטיקע, די פאַרבן באַזונדערס כשופדיקע, פאַנטאַסטישע. זי האָט אַדאַמען געוועקט: „זעט!"...

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט מיט געוואָלד זיך גענומען באַפרייען פון זיין פסיכאָז, וואָס איז אים איצט אין פּאַרק אַזוי שטאַרק באַפאַלן. נו, האָט ער דערפילט, אַז מאַגדאַ האַלט אים אונטערן אָרעם און באַמערקט די גליקזעלישקייט אין איר פּנים. אין זיינע אויגן האָט פאַמעלעך זיך גענומען צעשטראַלן אַ ליכט פון גליק. ער האָט אַריינגענומען איר האַנט אין זיינער און זי צערטלעך געהאַלטן. אין מאַגדאַס באַקן האָט זיך צעבליט אַ פיינע ראָזיקייט. ביידע זענען געגאַנגען פאַמעלעך, כאָטש

די זון איז אַלץ מער און מער אונטערגעגאַנגען און דער ווינט האָט געבלאָזן אַלץ שטאַרקער.

„וועגן וואָס שמייכלסטו איר איצט?“ האָט מאַגדאַ געפרעגט אַדאַמען.

ער האָט אַזוי שנעל נישט געענטפערט, געשוויגן, און ווייטער געשמייכלט. דאַן האָט ער איר געזאָגט: „איך גלייב, אַז אין מיר קומט פאַר אַ געוויסע ענדערונג. איך ווייס נאָך נישט ס'אַרא ענדערונג, צום גוטן אָדער צום שלעכטן. וועל איך זיין גליקלעכער? אומגליקלעכער? — איך ווייס עס נישט“.

„גליקלעך!“. — דאָס וואָרט האָט זיך איר אַרויסגעריסן פון דער ברוסט. ס'האָט זי באַהערשט אַ פרייד. אירע פיס האָבן גענומען גיין מיט אַ לייכטערן שריט. פלוצלינג האָט זי אויסגערופן: „הערסט!“ — — —

אַ פויגל האָט וווּנדערלעך געזונגען.

ביידע זענען געשטאַנען פאַרגאַפט. דער יונגער אַדוואָקאַט האָט פאַמעלעך צוגעטראָגן די האַנט פון זיין שעפס טאָכטער צו זייַנע פוליע, רויטע ליפּן און זי געקושט.

מאַגדאַ האָט פרום אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

4

ס'האָט שוין געטונקלט. דאָך זענען ביידע געגאַנגען פאַמעלעך, זיך האַלטנדיק איצט ביי די הענט ווי קינדער, ווי געליבטע וואָס זענען גליקלעך ווי קינדער. זי האָט געפּלוידערט: „דער טאַטוש — און אויך מיין ברודער — זאָגן, אַז איר וועט זיין אַ גרויסער, באַרימטער יוריסט. דער גראַף קאַטאָווסקי“... זי איז ראַפּטום שטיל געוואָרן. איר פּנים האָט גענומען פלאַמען. ווען זי וואָלט זיך אַצינד געקענט אָפּבייסן די צונג, וואָלט זי דאָס געטאָן. דער נאָמען קאַטאָווסקי האָט זיך איר אַרויסגעכאַפּט פון מויל, דווקא ווייל זי האָט זיך נאָר־וואָס געהאַט פאַרגענומען נישט צו זאָגן אַדאַמען וועגן וואָס זי מוז היינט פרי אַהיימגיין און וועט נישט קענען מיט אים גיין פאַרברענגען נאָך „קאָלאַציע“. אַ גליק וואָס ס'איז שוין געווען גוט טונקל און אַדאַם האָט נישט געקענט זען ווי רויט זי איז געוואָרן. זי האָט אַ הוסט געטאָן און דאַן גענומען רעדן וועגן עפּעס אַנדערש. נאָר עפּעס משונהדיקס איז אַצינד פאַרגעקומען אין איר. דער יונגער גראַף קאַטאָווסקי איז איר — און אויך איר פאָטער — געווען פּשוט אָפּשטויסנדיק. דאָך איצט — גראָד ווען זי האָט פאַר דעם יונגן אַדוואָקאַט אירע געפילן אינגאַנצן אַנטבלויזט — האָט דער יונגער גראַף זיך גענומען אַריינגנבענען אין איר נשמה... דאָס האָט זי אינגאַנצן צעמישט. אָבער זי האָט דערמאָנט דעם נאָמען גראַף קאַטאָווסקי — האָט זי שוין מוסיף געווען: „ער וועט איצט ווערן מיניסטער. גאַנץ באַשטימט, אַזוי זאָגט מיין טאַטעשי“...

„דער עלטערער, אָדער דער יונגערער?“

„דער עלטערער“.

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט דערפילט אַ געוויסע ענדערונג אין זיין שעפס טאָכטער, איר אינערלעך פלאַטערן, און דאָס אויסגעטייטשט אויף אַ פּשוטן, נאַטירלעכן אופן: אויפרעגונג פון אירע געפילן צו אים. דער גראַף קאַטאָווסקי האָט

אים נישט אינטערעסירט. נאָר אַזוי ווי מאַגדאַ האָט דערמאָנט זיין נאָמען און גע־זאָגט, אַז ער וועט אַצינד ווערן מיניסטער, האָט ער אין עטלעכע ווערטער אויסגע־דריקט זיין מיינונג איבערן דאָזיקן גראַף: „אייגנטלעך איז דער אַלטער קאַטאָווסקי אַ שאַרלאַטאַן. זיינע גיטער, די הייזער אין וואַרשע, די צוויי שלעסער און דעם באַ־רימטן פּאַלאַץ — זיין גאַנץ פאַרמעגן, גאָר אַ גרויס — האָט ער דערוואָרבן אויף נישט גאַנץ רעאַלע וועגן. דאָס איז גוט באַקאַנט אין די הויכע קרייזן. אָבער אין פּאָליטיק האָט ער זיך שטענדיק געמישט און שטענדיק געשפּילט אַ גאַנץ באַ־דייטנדיקע ראָלע".

ווידער האָט מאַדגדאַ זיך אַרויסגעכאַפּט דערמיט, וואָס זי האָט אַדאַמען נישט געוואָלט זאָגן, אָדער נישט געוואָלט: זאָל זי עס אים יאָ אָדער נישט זאָגן? — און געזאָגט: „ער קומט היינט מיט דער פרוי און זייער זון צו אונדז אויף קאָלאַציע".

עטלעכע מינוט האָבןביידע געשוויגן. זי האָט מיט אירע חנעוודיקע פּיסלעך געשאַרט די אַראָפּגעפאַלענע בלעטער. דאָס שווייגן איז איר געוואָרן אַלץ שווערער און זי האָט דעריבער ווידער געגומען רעדן וועגן דער נאַטור: „ווי אַנדערש די בייי־מער זעען אויס אָן בלעטער! אַזוי אומגליקלעך, באַזונדערס ווען די נאַכט פאַלט צו. נאַקעטע ביימער מאַכן אויף מיר אַ טרויעריקן איינדרוק. זייערע שיינע, גרינע קליידער וואַלגערן זיך איצט אָפּגעבליאַקעוועטע, פּיצלעכווייז אין דער בלאָטע. אָך, ווי טרויעריק! נאָר באַלד וועט שנייען און די ביימער וועלן זיך איינהילן אין ווייסע, קעניגלעכע הערמאַלין־מאַנטלען... ווי ווייסע שוויינגדיקע מלאָכים אין געבעט וועלן זיי דאַן אויסזען"... זי האָט זיך אַראָפּגעבויגן און אויפגעהויבן אַ בלעטל.

צוויי גערטנער האָבן נאָך געאַרבעט. זיי האָבן די צוזאַמענגעשאַרטע קופּעס בלעטער אָנגעלאָדן אויף צוויי האַנט־וועגעלעך. אויף איין וועגעלע איז געשטאַנען אַ גערטנער און מיט זיינע פאַרבלאָטיקטע שטיוול איינגעטאָפּטשעט און אַזויערנאָך צוזאַמענגעפּרעסט די בלעטער, וועלכע דער אַנדערער גערטנער האָט מיט אַ גראַ־בליע אַרויפדערלאַנגט.

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט ווי פון „העלער הויט" געפרעגט זיין שפּעס טאָכטער: „איך גלייב אַז איר שטודירט, אָדער בלויז געוואָלט שטודירן מעדיצין, צי ביאָלאָגיע?"

זי האָט געענטפערט: „בלויז געוואָלט, אָנגעהויבן און ביידע אויפגעגעבן. כ'האָב איינגעזען, אַז די דאָזיקע וויסנשאַפטן זענען נישט פאַר מיר און געפּרוּווט אַרכעאָלאָגיע, דאַן פילאָסאָפיע, ביז כ'האָב מיך איבערצייגט, אַז איך בין אַ פול־שטענדיק אומגייסטיקער מענטש. איך האָף — דערפאַר וואָס גאָט האָט מיר נישט געגעבן קיין פעיקייט צו שטודירן — האָט ער מיר געשענקט אַ פילנדיק האַרץ צו קענען זיין אַ גוטער מענטש, מענטשן צו קענען טאָן גוטס, צו קענען ליבן".

„אַזאַ האַרץ האָט איר!" — האָט אַדאַם געזאָגט מיט פעסטער איבערצייגונג.

ווידער האָט מאַגדאַ זיך אַראָפּגעבויגן אויפצוהייבן אַ בלעטל. זי איז דערביי־שיער אומגעפאַלן. דעריבער איז זי מיט די פינגער געקומען אַ ביסל טיפער צווישן די בלעטער און אָנגעטאַפּט עפּעס ווייכס, צאַרטס — אַ קליין קערפּערל. ס'איז געווען כמעט וואַרעם נאָך. זי האָט עס אויפגעהויבן און אויסגערופן: „יעזוס! אַ מיילד־וואָרעם!" זי האָט דאָס קליינע חיהלע געהאַלטן מיט צערטלעכקייט אין איר האַנט און געקוקט מיט באַוואונדערונג אויף דעם בלוילעך־שוואַרצן פעלעכל, וואָס האָט אין

שיך פון אַ שוין ברענענדיקער גאַז־לאַמטער געגלאַנצט ווי אַטלאַס. זי האָט דעם קראַט צוגעטראָגן צום אויער, כדי צו הערן אויב דאָס הערצל גיט נאָך אַ צייכן פון לעבן און אויסגערופן מיט רחמנות אין איר שיינער אַלט־שטימע: „ס'איז נאָר־וואָס אויסגעגאַנגען".

„פוי! וואַרפט אַוועק דעם פּגר!" — האָט אַדאַם וויס, הגם אין אַ פיינעם טאָן, איר באַפוילן.

נאָר מאַגדאַ האָט דאָס קליינטשיקע חיהלע מיטן פיינעם פעלעכל, וואָס האָט דעם לעצטן אָטעם אויסגעהויכט אין איר האַנט, נישט אַוועקגעוואָרפן. אפשר צוויי מינוט איז זי געווען ווי פאַרגליווערט. דאַן האָט זי דאָס טויטע נפשל אַוועקגעלייגט צווישן צוויי דיקע וואָרצלען פון אַן אַלטן דעמב, וואָס האָבן פונעם שטאַם זיך געהאַלטן איבער דער פלאַך פון דער ערד און געבילדעט אַ קליינטשיק קברל. זי האָט דאָס קערפערל איינגעבעט אין צוגעדעקט מיט בלעטער, וועלכע זי האָט איינציקווייז פריער אָפּגעווישט. אַ לאַנגע ווײַלע האָט זי דאַן געשוויגן. דער יונגער אַדוואָקאַט האָט אין איר שוויגן דערפילט, אַז ער האָט פריער פאַרלעצט אירע געפילן מיט זיין באַפעל: „וואַרפט אַוועק דעם פּגר!" ער האָט זיך אַנטשולדיקט און זי געבעטן אים מוחל זיין זיין גראָבקייט. דאָך גלייך — נאָך איידער מאַגדאַ האָט אים געענטפערט אַ וואָרט, אָדער מיט אַ מינע אים געוויזן, אַז זי איז אים מוחל — האָט ער שוין חרטה געהאַט אויף זיין בעטן ביי איר פאַרציייונג. דאָס איז נישט געווען אייגנליבע, שטאָלץ, נאָר גאַנץ עפּעס אַנדערש. ער האָט פּלוצלינג דערפילט — אַזוי איז אים יעדנפאַלס אויסגעקומען — אַז אין מאַגדאַס צערטלען דעם געפּגרטן קראָט איז געווען צביעות; ווייניקסטנס פאַלשע סענטימענטן. ער האָט זיך אין דעם מאָמענט געפרעגט: „צי איז זי אַזוי צאַרטפילנדיק — ווי האָט זי געקענט אויסהאַלטן אין די זעקס יאָר מלחמה דאָס שעכטן פון מיליאָנען מענטשן, דאָס גרויזאַמע פאַרטיליקן אַזוי פיל יונגע לעבנס און דריי מאָל אַזוי פיל פאַרקריפּלען? און די ליידן פון די מיליאָנען הינטער די שלאַכטפעלדער? זי איז מונטער און פריילעך. איך — אייגנטלעך אַ ציניקער; יעדנפאַלס בין איך דאָס געווען אין די ערשטע סטודענטישע יאָרן — האָב אין דער צייט פון דער מלחמה געמיינט, אַז כ'ווער משוגע. נו, לייד איך פון אַ קאָמפּלעקס, פון אַ מין פאַרפאָלגונג". נאָך עטלעכע מינוט נאָכדענקען האָט ער מאַגדאַס היפּאָקריטישקייט, אָדער פאַלשע סענטימענטאַלקייט, צוגעשריבן צו איר קאַטוילישקייט. ס'האָט אים אָנגעכאַפּט אַ ווילדע לוסט זי צו באַליידיקן, צו קרענקען, און איר געזאָגט: „אייער גאַנצער קאַטוילעציזם, אייער גאַנצע קריסטלעכע ליבע איז נישט מער ווי אַ ליגנערישקייט, צביעות!"

זי איז געווען ווי פון אַ בליץ געטראָפן.

ער איז געוואָרן אויפגערעגט און ווידער זיין שעפּס טאָכטער געוואָרפן אין פּנים אַריין די אומבאַגרינדעטע באַשולדיקונג: „יאָ, יאָ!" און מוסיף געווען: „די קריסטלעכע קירכע האָט אין יעדן לאַנד געגעבן איר ברכה צו דער מלחמה, געבענטשט דאָס מיליטער, וואָס איז געגאַנגען מאָרדן און צעשטערן!"

זי האָט נישט באַגריפן, וואָס דער יונגער אַדוואָקאַט מיינט מיט די דאָזיקע ווערטער זיינע און אים אָנגעקוקט דערשטוינט.

ער האָט זיך ווייטיקלעך צעלאַכט.

ביידע זענען געווען פֿאַרשטומט. שווייגנדיק האָט יעדער פֿאַר זיך נאָכגעטראַכט וועגן דעם פּלוצלינגדיקן, אומבאַגרינדעטן אויסגעבראָכענעם שאַרפֿן אינצידענט. יע־דער איינער פֿון זיי האָט אין געדאַנק געזוכט די סיבה דערפֿון, און זי נישט געפֿונען. זיי האָבן זיך נאָך נעכטן אָפּגערעדט צו טרעפֿן היינט אין דעם פּאַרק און ביידע האָבן אומגעדולדיקע געוואַרט אויף דעם גליקלעכן מאָמענט, ווייל זיי האָבן געפֿילט, אַז דאָס היינטיקע טרעפֿן זיך באַדייט מער ווי אַלע פֿריִערדיקע ראַנדעוווס. נו, האָבן ביידע שטאַרק געליטן דערפֿון, וואָס ס'איז אַזוי פּלוצלינג פֿאָרגעקומען צווישן זיי אַזעלכעס, וואָס איז איצט געווען אומפֿאַרשטענדלעך פֿאַר זיי. נאָר אין מאַגדאַן האָט פּלוצלינג אויפֿגעבליצט די דערקלערונג פֿאַר אַדאַמס זיך אָנצינדן אויף איר: ווייל זי האָט פֿריִער געטראַכט וועגן דעם יונגן גראַף קאַטאַווסקי און איר געליבטן (איצט איז די ליבע אין איר האַרץ צום יונגן אַדוואָקאַט געווען גאַר פֿלאַמיק) גע־זאָגט, אַז יענער וועט מיט זיינע עלטערן היינט קומען אויף קאָלאַציע. אַז אַדאַם איז גאַנץ באַזונדערס סענסיטיוו, אַז ער קען דערפֿילן וואָס אין איר נשמה קומט פֿאָר — אַפֿילו ווען ס'דערגייט נישט צו זיין באַוווסטזיין — דאָס האָט זי געוווּסט. האָט זי דעריבער גענומען אויף זיך די שולד פֿאַרן אינצידענט. איבער איר פּנים, וואָס האָט שטענדיק אויסגעדריקט צאַרטקייט פֿון געפֿיל, איידעלן כאַראַקטער און גרויס גוטסקייט פֿונעם האַרץ, האָט זיך צעגאָסן יענץ רירנדיקע שמייכלען, וואָס טייל קינדער האָבן ביים אונטערדריקן דאָס וועלן וויינען. דאָקעגן איז אַדאַם ווי־ס נאָך אַלץ געווען אויפֿגערעגט און פֿאַרביסן געשוויגן. איצט האָט אים פּלוצלינג גענומען „פֿרעסן די לעבער", וואָס מאַגדאַס ברודער, דער משומד און מיאוסער אַנטיסעמיט, האָט אים מיט אַ שטיקל צייט צוריק געגעבן די עצה — און צוגערעדט — אַז ער זאָל איבערגיין צום קאַטויליציזם. „מסתמא", האָט אַדאַם געטראַכט, „ווייל די שוועסטער האָט אים פֿאַרטרויט וועגן אירע געפֿילן, אָדער ער האָט געמערקט אונדזער באַציִונג איינער צום אַנדערן און ער וויל נישט האָבן קיין ייִדישן שוואָ־גער". נו, האָט פֿאַר זיינע אויגן אויפֿגעלויכטן דאָס גאָלדענע צלמל אויפֿן דינינקן גאָלדענעם קייטעלע, וואָס ער זעט יעדן טאָג, ווען מאַגדאַ שטעלט אַנידער אויף זיין שרייבטיש אַ גלאָז טיי. אָבער אירע לאַנגע, דינע פֿינגער האָבן זיך צעגערנדיק געזעגנט צו זיין האַנט...

אין דער טונקלקייט פֿונעם קנאָפּ־באַלויכטענעם פּאַרק, זייער קאָלט צוליב דעם האַרבסטיקן ווינט, וואָס האָט איצט שוין גאַר שטאַרק געבלאָזן זענען ביידע, שטאַרק טרויעריקע, געגאַנגען צום מויער פֿונעם אַרויסגאַנג. אַדאַם האָט מאַגדאַן געפֿירט אונטערן אָרעם. זי האָט געציטערט פֿון קעלט און זיך געטוליעט צו אים. וועלנדיק אַז אַלץ זאָל ווידער זיין צוריק גוט, האָט זי פֿרום און תמימותדיק געזאָגט: „בלויז אין דער געטלעכער, קריסטלעכער ליבע איז דאָ יעדער ענטפֿער, רו און זעליקייט פֿאַרן מענטש. גאָטס דערבאַרעמונג און פֿאַרגעבונג איז גרויס און אָן אַ גרענעץ צו אַלע מענטשן, צו אַלע זיינע באַשעפֿענישן, אַפֿילו צו אַ וואָרעם אונטער דער ערד. אויך דער וואָרעם אונטער דער ערד געניסט פֿון גאָטס ליבע, פֿון זיין דער־באַרעמונג".

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט דערויף גאָר נישט געענטפֿערט זיין שעפּס טאָכטער.

ער איז געווען שטאַרק קאָנצענטרירט אין זײַנע געדאַנקען און געפילן אַצינד, אַרויסגערופענע אין אים דורך דעם, וואָס אַלץ איז היינט געקומען אַזוי אַנדערש ווי יעדעס מאָל שפּאַצירן מיט מאַגדאַן, אַזוי אַנדערש ווי ער האָט געמיינט פאַרן טרעפן זיך היינט מיט איר, אַזוי אַנדערש ווי ער האָט געוואָלט.

## קאַפּיטל פיר

# אין אירע עלטערנס הויז

1

אַהיימקומענדיק האָט מאַגדאַ באַמערקט, אַז מ׳וואַרט אויף איר מיטן עסן. פון דעסטעוועגן איז זי אַריינגעגאַנגען צו זיך אין צימער און האָט זיך דאָרט געזוימט אַ לענגערע צייט.

די מענער אין עסצימער, באַזונדערס דער באַלעבאָס, זענען שוין געווען אומגעדולדיק. פאַן אייגער האָט זיין פרוי שוין צוויי מאָל געהאַט געפרעגט: „אָבער וווּ איז זי?“ מאַדאַם אייגער האָט געענטפערט: „זי איז געגאַנגען שפּאַצירן. איך גלייב, אַז אין באָטאַנישן גאָרטן“. — „אָבער זי ווייסט דאָך ווען מיר זעצן זיך צום טיש און אַז מיר האָבן געסט!“ האָט דער באַלעבאָס זיך שוין געבייזערט. ווידער האָט ער זיך אָפּגעשניטן אַ פענעצל ברויט און עס געקייט. פאַן קרזשעשטשאַנאָווסקי, דער זון, איז געווען גאָר אין כּעס. אים איז געווען אַ גרויסע חרפּה פאַר די געסט, וואָס מוזן אַזוי לאַנג וואַרטן. וואָלט דאָס נישט געווען אַזעלכע חשובֿע געסט, דער גראַף קאַטאָווסקי מיט זיין פאַמיליע! ווען זיי וואָלטן געווען ייִדן, וואָלט ער זיך, אַדרבה, געפרייט, וואָס זיין מוזן זיצן ביים טיש הונגעריקע און וואַרטן. דער אַלטער גראַף אָבער... אָפיציעל איז ער נאָך נישט געווען מיניסטער; נאָר דאָס איז געווען בלויז אַ פראַגע פון צייט. אין דער רעגירונג האָט ער שוין סיי ווי פאַרנומען אַ בכבודיק אָרט. אין פינאַנץ־ענינים האָט מען זיך מיט אים זייער שטאַרק גערעכנט. דעם טיטל „עקסעלענץ“ האָט ער פון לאַנג שוין געהאַט. פאַן קרזשעשטשאַנאָווסקי האָט גוט געוווּסט, אַז זיין קאַריערע איז אַ סך אָפּהענגיק פונעם אַלטן גראַף. פון פאַרצווייפלונג האָט ער פאַרגעלייגט: „אפשר וואָלט מען אָנגעהויבן עסן אָן פאַננאַ מאַגדאַ?“ נאָר די געסט, באַזונדערס דער יונגער גראַף, האָבן נישט מסכים געווען. די גרעפין — זי האָט אין דעם פאַל גערעדט סיי פאַרן מאַן און סיי פאַרן זון — האָט פריינדלעך געזאָגט: „ס׳מאַכט נישט. מיר וואַרטן גאַנץ גערן. די צייט איז אונדז גאָר נישט לאַנגווייליק, פאַרקערט, מיר פאַרברענגען דאָך אין אַזעלכע אינטערעסאַנטע געשפּרעכן! און מיר זענען נישט אַזוי הונגעריק. דאָס קינד געניסט פון דער פרישער לופט. דאָס איז גענוג פאַר איר. יוגנט דאַרף האָבן אַ סך פרישע לופט, באַוועגונג, און פאַר אַלעם צעשטרייונג“.

פאַן קרזשעשטשאַנאָווסקי האָט פון דעסטוועגן נאָך אַלץ געקאָכט פון אויפרעגונג. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט זיין אויפרעגונג גוט פאַרבאָרגן אין זיך. זיין

פרוי אָבער האָט געקענט איר מאַן און זי האָט געוווּסט וואָס אין אים טוט זיך. זי האָט געוווּסט, אַז נישט בלויז וועגן די געסט קאָכט עס אַזוי אין אים, נאָר ווייל ער האָט נישט ליב צו וואַרטן אויף עסן, ווייל אומפּינקטלעכקייט האַסט ער. דאָס ערשטע — נישט וועלן וואַרטן אויף קיין עסן — האָט זי אים פאַרגעבן: אַ מאַן ווערט ווי אַ חיה, ווען ער איז הונגעריק. זי האָט דאָס באַרעכטיקט, ווייל זי האָט דערין געזען ריכטיקע מענלעכקייט; דאָס איז איר געפעלן; אַזוי דאַרף אַ מאַן זיין. נאָר דאָס צווייטע — פּינקטלעכקייט — איז איר נישט געפעלן. ווייל זי האָט פון דעם אַ סך געליטן. וואָס האָט זי אָבער אַצינד געקענט טאָן. זי איז מיט איר מאַן — ווי מיט די אַנדערע געסט — געווען פאַרבעטן אויף „קאָלאַציע". נאָר ווי אַן איי־געגנע האָט זי אויף זיך גענומען די ראָלע צו פאַרווילן די געסט, באַזונדערס דעם יונגן גראַף. ער איז איר טאַקע געפעלן. און נישט ווייל ער איז געווען שיין, אָדער אינטערעסאַנט; פאַרקערט, זי האָט אים געהאַלטן נישט בלויז פאַר אומאינטעליגענט — נאָר פאַר אַ כאַם. אַזוי האָט ער טאַקע אויסגעזען: אַ גראָב, נאַריש פּנים, מיט אַ דיקער, קאַפּויער־שטייענדיקער באַרגע־נאָז, קליינע, גרויע אויגן און אַ קורצער, פלאַכער שטערן. די האָר — ווי שטרוי. אָבער הויך און ברייט — אַ ריז. אַזעלכע הענט האָט זי נאָך קיין מאָל נישט געזען; נישט בלויז אומגעוויינלעך לאַנגע אָרעמס און ווי שטאָבעס אייזן, נאָר עפּעס אומגעלומפּערטע און מיט אוממענטשלעכער גבורה אין זיי (ווי זי האָט זיך פאַרגעשטעלט). די הענט — באַוואַקסענע מיט האָר, ווי לאַפּעס פון אַ מאַלפּע — האָט ער מייסטנס געהאַלטן צו, שיער געביילט אין פויסטן. זיי האָבן דעריבער אויסגעזען ווי צוויי גרויסע קיזלשטיינער. קעגן די דאַזיקע הענט האָבן איר מאַנס אויסגעזען ווי דאַמען הענטלעך. פון די פויסטן און די אָרעמס — ווי בכלל פון דעם קאָלאָסאַלן גוף — האָט זי נישט געקענט אָפּ־רייסן די אויגן. די שווערד־שניטן פון פעכטן איבערן פּרצוף און די ברייטע מאָרדע האָבן דעם יונגן גראַף געמאַכט אויסזען זייער ברוטאַל, גרויזאַם. פאַר מאַטילדען אָבער, פאַן קרזשעשטשאַנאָווסקיס פרוי, איז דאָס געווען אַ פּנים פון אַ גרויסן העלד.

מאַטילדע קרזשעשטשאַנאָווסקאַ — אַן עכט פּוילישע שיינקייט, כאָטש זי האָט געשטאַמט פון ייִדן, און אַן אמתע וואַרשאַוויאַנקע — האָט מיט באַהאַלטענער פאַר־פירערישקייט געררייצט דעם „אומגעדולדיקן ריטער", ווי זי האָט דעם יונגן גראַף גערופן במחשבה. זי האָט געוווּסט, אַז מיטן קאָקעטירן מוז זי זיין פאָרזיכטיק, ווייל איר מאַן — הגם ער ליבט זי נישט, און בלויז דערפאַר ווייל זי שטאַמט פון ייִדן — איז ער אָבער שטאַרק אייפערזיכטיק. זי האָט זיך תמיד באַמיט צו געווינען זיין ליבע; אָבער ס'האָט זי איצט שטאַרק געצויגן צו פלירטעווען מיטן גראַף, דעם „הערקולעס". זי האָט געפלוידערט מיט אים. זי וואָלט געקענט פירן אויך אַן אינ־טערעסאַנט געשפּרעך; אָבער זי האָט דעם „מוראדיקן בער" (יעדעס מאָל האָט זי געמאַכט פון אים עפּעס אַנדערש) נישט געוואָלט שטעלן אין קיין פאַרלעגנהייט, האָבנדיק שוין דערשמעקט, אַז קיין צו־גרויסע בילדונג און אינטעליגענץ באַזיצט ער נישט. אויך האָט זי געוווּסט, אַז פאַראינטריגירן אַ מאַן, חוץ אייגצלנע, קאָן אַ פרוי בעסער ווען זי איז אַמוזאַנט, און נישט גייסטיק. אין איר אונטערהאַלטן דעם יונגן גראַף, האָט זי אַריינגעגעבן גראַציע, לייכטקייט. „ווייסט איר גראַף", — האָט זי געפרעגט איר קאַוואַליר — „אַז איר דערמאָנט מיך אין דעם גרעסטן העלד פון אונדזער פּוילישער ליטעראַטור? און איר פאַרקערפּערט אים אויך אין זיך"...

דער יונגער גראַף איז געוואָרן נייגעריק: „אין וועמען?" „טרעפט"...

דער „מוראדיקער בער" איז געוואָרן נאָך נייגעריקער, נאָר טרעפן האָט ער נישט געקענט. נו, זענען אַלע ביים טיש פאַראינטריגירט געוואָרן, אַפילו די צוויי עלטערע מענער, אויך פאַן קרזשעשטשאַנאָווסקי, דער שטענדיקער „מרוק" און איצט אויפגערעגט צוליבן הונגער און מוזן וואַרטן אויפן עסן. די דריי מאַנסבילן זענען פונקט געווען אין אַן אינטערעסאַנטן געשפּרעך; אָבער די שיינע און קלו־גע מאַטילדע האָט זיי אַלע נייגעריק געמאַכט. אַזויערנאָך איז עס איר געלונגען צו פאַרטרייבן ביי אַלע די אומגעדולד פון וואַרטן אַזוי לאַנג. (אַלע, באַזונדערס די געסט, האָבן, פאַרשטייט זיך, דעם אומגעדולד נישט אַרויסגעוויזן). אויך די צוויי פּרויען, די באַלעבאָסטע און די גרעפן, האָבן אויפגעהערט פון זייער געדיכט פלאַפּלען די גאַנצע צייט און אַנגעשטעלט נייגעריקע פּנימער.

דער יונגער גראַף האָט זיך געבעטן ביי זיין טיש־דאַמע: „אַלזאָ, זאָגט עס מיר. איך בעט אייך. ראַמאַנען האָב איך נישט געלייענט".

ענדלעך האָט זי געזאָגט: „קמיטשיץ".

דערהערנדיק, אַז מאַדאַם קרזשעשטשאַנאָווסקאַ — אַזאַ געבילדעטע — פאַר־גלייכט איר זון צום העלד פון שענקעוויטשעס באַרימטן ראָמאַן „אָגניעם אי מיעטשעם", האָט די גרעפן, ווי יעדע פאַרליבטע מאַמע אין איר קינד, גענומען רימען דעם זון: „דאָס איז אמת. גאַנץ ריכטיק. טאַדוש איז אַ העלד, אַ גרויסער העלד פון אונדזער באַפרייט פאָטערלאַנד!"

וועלנדיק זיך אויספּיינען מיט באַשיידנקייט, האָט טאַדוש אויסגערופן: „אָבער מאַמושאַ!"...

נאָר די מוטער האָט נישט נאָכגעגעבן: „שעם זיך נישט, מיין זון. דו ביסט צו־באַשיידן. דאָס איז איינע פון דיינע איידעלע מידות. אָבער אַלע ווייסן ווי דו האָסט געקעמפט פאַר פּוילנס באַפרייונג און ווי דו הערסט איצט נישט אויף ווייטער צו קעמפן קעגן די איבערלעבע שונאים פון אונדזער טייער און הייליק פאָטער־לאַנד. דאָס אייגענע טוט — אויף זיין אופן — דער טאַטושו!" זי האָט גענומען דערציילן די העלדנטאַטן פון איר זון. (פאַרשטייט זיך, נישט זיין אַרומפאָר איבער שטעט און שטעטלעך און אָרגאַניזירן פּאָגראָמען אויף ייִדן, אויך נישט וועגן זיין אומדערמידלעכער טעטיקייט אין רופן צו באָיקאָט אויף ייִדן, נישט צו קויפן ביי זיי, צו באָיקאָטירן ייִדישע געשעפטן און ייִדישע באַלמעלאָכעס, ייִדישע אַרבעטער; אַוועקצונעמען פון זיי יעדן קוואַל פון פּרנסה, אַרויסצוטרייבן זיי פון פּוילן).

נאָר דעם פאַן קרזשעשטשאַנאָווסקין איז נישט געפעלן זיין פּרויס שפּאַסן, דאָס פאַרגלייכן דעם יונגן גראַף צו אַ העלד פון שיענקעוויטשעס אַ ראָמאַן. ער האָט מורא געהאַט, אַז פון דעם צו גרויסן ענטוזיאַזם, וואָס דאָס האָט אַרויסגערופן ביי דער גרעפין, צו רימען איר זון, קען אַרויסקומען אומאַנגענעמלעכקייטן. צופיל שכל האָט זי נישט — קען זי זיך ביים רימען מיט איר זון פאַרפּלאַפּלען און זיך גרויסן מיט זיינע געוואַלט־טאַטן קעגן ייִדן. אים האָבן די „עקסצעסן", ווי ער האָט די פּאָגראָמען גערופן, הנאה געטאָן, כאָטש ער איז, ווי אַ צוקונפטיקער פּראָקוראָר געווען קעגן פאַרלעצן דאָס געזעץ און אַליינמעכטיקע האַנדלונגען פונעם פאָלק. אָבער ס'וואָלט אים געווען זייער פּיינלעך ווען די מוטער זיינע ווערט דאָס געוויר.

(ער איז געווען מיט דער מיינונג, אַז זי ווייסט עס נישט). אין זיין כעס אויף דער פרוי — פאַרלירנדיק דערביי די אייזערנע דיסציפּלין איבער זיך, די קאָנטראָל — האָט ער איר צוגעוואָרפן: „גלופּסטוואָ!" (אַ נאַרישקייט).

מאַטילדע האָט זיך באַמיט צו פאַרגלעטן דעם איינדרוק, וואָס ס'וואָלט גע־קענט אַרויסרופן ביי די געסט איר מאַנס נישט אײדל זיך אויסדריקן צו איר און, שמייכלענדיק פאַרפּירעריש, אויפסניי געשפּאַסט: „אומגעדולדיקע קינדער זענען די מענער ווען זיי מוזן וואַרטן... דערביי ווילן זיי אַז די פרויען זאָלן זיין שיין, אָנציִענדיק. דאָס קאָסט אָבער צייט"...

די צוויי דאַמעס האָבן געלאַכט. אויך „קמיטשיץ" האָט געלאַכט. זיינע שטרוי־בלאָנדע וואָנצעס, לאַנגע, עכט פּוילישע, האָבן אונטערגעהאַצקעט. די צייכנס פון די שווערדן־שניטן זענען אַנגעלאָפן רויט. דער שטרענגער פּראָקוראָר אָבער (אין דער צוקונפט) איז פון זיין פרויס שפּאַסן און פאַרפּירעריש שמייכלען, אַריינגעפאַלן אין נאָך אַ גרעסערן כעס און איר צוגעוואָרפן נאָך אַן ערגערע גראָבקייט: „בלויז באַבעס פאַרגלייכן זייערע מענער צו קינדער!" פון גרויס אויפרעגונג האָט ער אַזש געגומען מאַכן קייקעלעך פון ווייך ברויט. ער האָט זיך אָבער גלייך געכאַפּט — און איז דערביי רויט געוואָרן — אַז דאָס מאַכן קייקעלעך פון ברויט איז די מיאוסע יידישע נערוועזקייט. אַריינגעמענדיק זיך אין זיין אייזערנער דיסציפּלין, האָט ער נאָך אַ מאָל גענומען באַטראַכטן דעם גאַנצן עניין, וועגן וועלכן די געסט זענען אייגנטלעך איינגעלאַדן געוואָרן צו „קאָלאַציע". ער האָט איצט ביי זיך געוואָלט קלאָר מאַכן צוויי זאַכן: קען דער שידוך צושטאַנדקומען, אָדער רעדן זיך דאָס די צוויי ווייבער (די צוויי מאַמעס), און אויך זיין פרוי, בלויז איין? (ווייל דאָס איז זייער ווייבערישע אַמביציע). און — איז דאָס אַ פּאַסיקער שידוך פאַר זיין שוועסטער? ער האָט געוואָלט, אַז זי זאָל זיין גליקלעך. אַז זי וועט דעם שידוך טאָן — אויב ער וועט איר הייסן — אין דעם האָט ער נישט געצווייפלט. דאָס האָט אויף אים אַרויפגעלייגט אַ גרויס אַחריות, נישט בלויז זיין בנוגע זיין שוועסטער, נאָר מער נאָך בנוגע זיך אַליין. ער האָט געוווסט: זאָל מאַדגאַ חתונה האָבן מיטן יונגן גראַף — איז זיין קאַריערע אַ געזיכערטע; ער וועט דאַן גאַנץ שנעל, ווערן פּראָקוראָר. אָבער דאָס וואָלט געהייסן: פאַרשאַכערן די שוועסטער צוליב קאַריערע, און דאָס 'טוט בלויז אַ זשיד; אָבער נישט קיין קריסט, אַן ערנהאַפטער יוריסט. ניין, ער וועט די שוועס־טער נישט אומגליקלעך מאַכן צוליב זיין קאַריערע! ער האָט געוווסט אַז דער יונגער גראַף איז אַ גראָביאַן, אַ מיאוסער נפש, אַ הולטאַי, גרויזאַם, בלוטדורשטיק. חוץ וואָס ער איז געראָטן אינעם פאָטער: דורך שווינדל רייך צו'ווערן, די פּאַגראָ־מען אויף יידן האָט ער נישט אָרגאַניזירט אויס פּאַטריאָטיזם, נאָר ווייל ער איז בלוטדורשטיק. פּונקט אַזוי מיינט ער נישט די טובה פונעם פּאָטערלאַנד מיט דעם ווילדן באַיקאָט זיינעם אויף יידישע פּרנסות, נאָר די מיליאָנען, וועלכע ער מאַכט דערביי דורך פאַרשידענע מאַניפּולאַציעס און טראַנזאַקציעס. אויך זאָל ער — ווי ס'טראָגט זיך אַרום וועגן אים — נישט זיין גאַנץ נאָרמאַל אַלס מאַן. און דער עיקר: מאַגדאַ ליבט דעם יונגן אַסיסטענט, דעם פאַן וויִס, וועלכער איז אויך אים זייער סימפּאַטיש. זי איז באַשטימט געגאַנגען מיט אים שפּאַצירן און דעריבער איז זי נאָך נישטאָ צוריק.

## 2

בכלל האָבן די געסט נישט געלאַנגווייליקט זיך ביים וואַרטן אויף פּאַננאַ אייגער. יעדער איינער פון דער גראַפן־פאַמיליע האָט זיך גאַנץ גוט אונטערגעהאַלטן מיט דעם אָדער יענעם מיטגליד פון די גאַסטגעבערס. די באַלעבאָסטע האָט נישט אויפגעהערט צו רעדן מיט דער גרעפין, צעגייענדיק דערביי פון נחת אינעם שטאָלץ וועגן דעם גרויסן יחוס פון די מחותנים. אַ קלייניקייט! — גראַפן! אין אַ געוויסן זין איז איר אַ קריסטלעכער שידוך פאַר דער טאָכטער בכלל געווען ליבער ווי אַ יידישער. נישט בלויז, כדי מאַגדאַ זאָל אין איר לעבן נישט מער דאַרפן האָבן צו טאָן מיט יידן, מיט יידישקייט, נאָר ווייל זי אַליין וואָלט גערן פטור געוואָרן דערפון — ווען זי זאָל נאָר קענען. וואָלט זי געווען יינגער — וואָלט זי זיך אַליין אויך געשמדט. דער באַלעבאָס איז געווען פאַרטיפט אין אַ געשפּרעך מיטן אַלטן גראַף. ער האָט גוט געוווסט, אַז די סיבה דערפון, וואָס דער דאָזיקער „דרייקאָפּ" קווענקלט זיך נישט צו ווערן זיין מחותן, איז נישט ווייל ער האָט ליב אָדער שעצט יידן, נאָר ווייל ער ווייסט, אַז ס׳וועט אים נישט העלפן זיין נישט וועלן, ווען דער זון וויל יאָ. און דער זון, דער דאָזיקער טייערער תכשיט, האָט זיך פאַרליבט אין מאַגדאַן.

דאָס קליינע יידעלע מיטן קיילעכדיקן בייכעלע און מיט די געקרייזלטע שוואַרצע האָר, געמישט מיט זילבער און ווי אַ האַלבער קראַנץ אַרום דעם אויסטערליש גרויסן קאָפּ און פּליך איבערן גאַנצן שאַרבן כמעט — דער באַרימטער יוריסט פּאַן יאַנוש אייגער — האָט ביים רעדן זיך אַלע מאָל אָפּגעשניטן אַ פּענעצל ברויט און געגעסן. ער האָט געקייט און גערעדט, גערעדט און געקייט. נאָר בלויז פּאָסנע ברויט האָט אים נישט געשמעקט צו־שטאַרק; האָט ער זיך אַלע מאָל אַריינגעגאָסן אַ ביסל וויין אין זיין גלאָז און אויסגעטרונקען ביזן לעצטן טראָפּן. דאַן האָט ער עטלעכע מאָל דאָס ליידיקע גלאָז איבערגעבייגט אין מויל אַריין, אַריינגעקוקט דערין מיטן האַלב־פאַרזשמורעטן אויג, און ווידער געפּרוווט צי ס׳איז נאָך עפּעס דאָ. גערעדט האָט ער וועגן דער יונגער רעפּובליק, וועגן איר פּאָליטיק אין דער שווערער לאַגע. זיינע אָנשויונגען זענען געווען ליבעראַלע. פּאַן קרזשעשטשאַנאָווסקי האָט זיך אַריינגעמישט אינעם געשפּרעך און ווייניק מסכים געווען מיטן פּאָטער. דער אַלטער, קענענדיק די רעאַקציאָנערע איינשטעלונג פונעם זון, האָט אים נישט געשענקט קיין גרויס אויפמערקזאַמקייט. ער האָט זיך געהאַלטן ביי ס׳זייניקע און געטענהט צום גראַף: „מיר לעבן אין אַ מאָדערנער צייט. דאָס פּאָטערלאַנד איז אין דער אַלטער פאַרגאַנגענהייט געווען דאָס דעמאָקראַטישסטע לאַנד אין אייראָפּע. די דאָזיקע גרויסע טראַדיציע טאָר עס אַצינד נישט פאַרגעסן. עס מוז דער וועלט ווייזן, אַז עס פאַרשטייט די באַדייטונג פון פרייהייט. פּוילן מוז, אַלס באַפרייט לאַנד פון לאַנגער קנעכטשאַפט, ווייזן דער וועלט אַ ביישפּיל פון אידעאַליזם. דאָס פּאָטערלאַנד מוז אַלע אירע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן געבן פּולשטענדיקע נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע". גערעדט האָט דאָס קליינע יידעלע גיך, גאָרגלענדיק די האַרטע „רישן" און די נאָך האַרטערע „חיתן". נאָר זיין קול איז געווען קלינגענדיק, ווי ס׳וואָלט געקומען פון אַ פיינעם גלאָק. קלאָר ווי קרישטאָל איז געווען יעדער געדאַנק זיינער.

דערביי איז אַריינגעקומען מאַגדאַ. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ שוואַרץ קלייד,

איינפאַך געמאַכט, אָבער מיט אַ סך געשמאַק. די געסט זענען געווען אַ ביסל אַנטוישט, ווייל זיי האָבן זי דערוואַרט אין אַ גרויסאַרטיקן טואַלעט. דאָך זענען זיי איבערגעוועלטיקט געוואָרן פון איר דערשיינונג. אַפילו דער אַלטער גראַף איז אויפגעשטאַנען פון זיין אָרט. דער „חתן" איז אַקעגנגעגאַנגען דער „כלה". צוזאַמענקלאַפּנדיק אויף אַ מיליטערישן אופן די אָפּצאַסן, האָט ער זיך טיף פאַרנייגט פאַר איר. ווי אַן אמתער ריטער האָט ער געוואַרט ביז זי וועט אים אויסשטרעקן איר אידעלע האַנט צום קושן. נאָר מאַגדאַ האָט פריִער באַגריסט זיינע עלטערן, ווי סע פאָדערט די עטיקעט, און דאַן ערשט אים. זי האָט אַ קוש געטאָן דער מוטערס האַנט און געקריגן אַ קוש אויפן שטערן פונעם פאָטער. (אים האָט זי געקושט אויפן קאָפּ. דאָס איז איר נישט אָנגעקומען שווער, ווייל זי איז געווען העכער פון אים). צום סוף האָט זי געגעבן די האַנט דער שוועגערן און דעם ברודער. זי האָט ביי אַלע געבעטן מ'זאָל איר מוחל זיין, וואָס זי האָט זיך אַזוי לאַנג פאַרשפּעטיקט. געווען איז זי זייער צעשטרייט. די באַמיִונג זיך צו באַהערשן איז איר אָנגעקומען אומגעווייןלעך שווער, און אירע נאָענטע, חוץ די מוטער, האָבן עס געמערקט. שוין עטלעכע מינוט, אַז זי איז געשטאַנען הינטערן פאָטערס רוקן (ער איז איצט שוין געזעסן אויף זיין פאָטעל גרייט צום עסן) און געהאַלטן איר רעכטע באַק אָרויפגעלייגט אין צערטלעכער פאַרטרויטקייט אויפן פליך פון זיין קאָפּ. דעם ברודער איז דאָס איצט נישט געפעלן; די שוועסטער באַנעמט זיך ווי אַ געפּיעשטשעט קליין מיידעלע אין דער קעגנוואַרט פון מחותנים און חתן... ער האָט איר אָבער גאָר נישט געקענט זאָגן, אַפילו נישט געגעבן צו פאַרשטיין דורך אַ ווונק, אַז זי זאָל זיך שוין ענדלעך אָוועקזעצן. זיין גאַנצן כעס האָט ער אין האַרצן אויסגעלאָזט צום פאָטער, חוזקנדיק פון אים: „קוועלט וואָס דאָס טעכטערל לאַשטשעט אים"... און באמת האָט דער אַלטער געפילט אַ זיס פאַרגעניגן ווען זיין בת־יחידה האָט אים אויף אַזאַ אופן אַרומגעהאַלטן. ער האָט זי ליידנשאַפטלעך ליב געהאַט. אַלע זיינע טיפע און צאַרטע געפילן, וועלכע ער האָט קיינעמען נישט אַרויסגעוויזן, האָבן געגאָלטן זיין טעכטערל. פאַר דער פרוי און פאַרן זון איז ער געווען בלויז אַ זולל־וסובא, אַ געניסער, אַ בעל־תאווה, אַ קמצן; פאַר פריינד און באַקאַנטע — אַ כיטרער פוקס; פאַר יוריסטן — אַ גרויסער יוריסט; פאַר דער שטאָט — אַ באַרימטער אַדוואָקאַט.

די שיינע מאַטילדע האָט גענומען קיבעצן די שוועגערן: „מאַגדאַ!... דו ביסט שטאַרק פאַרליבט אינעם טאַטוש... די מענער טאָר מען די ליבע נישט צופיל אַרויסווייזן"...

דאָס האָט געווירקט. מאַגדאַ האָט זיך פאַרשעמט און זיך אַנטשולדיקט פאַר די געסט. ביים אַנידערזעצן זיך האָט זי דער מוטער געזאָגט: „מ'האָט דאָך געקענט עסן און נישט וואַרטן אויף מיר אַזוי לאַנג. ס'טוט מיר ווירקלעך זייער לייד און איך בעט נאָך אַ מאָל ביי די פאַרערטע געסט, און ביי אַלעמען, מיר מוחל צו זיין מיין אומדערצויגנקייט". אין איר טאָן איז געווען אַזוי פיל אמתדיק באַדויערן, אַזוי פיל האַרציקייט און חן, אַז די געסט זענען געווען אַנטציקט דערפון און האָבן איר גערן מוחל געווען. דער יונגער גראַף אין שוואַרצן פראַק און שטייף־געקראָכמאַליעט, ווייס־פעכלענדיק העמד, אויסגעאָרסירט ביז דער טאַליע, די האָר אויףביידע זייטן פונעם שרינט ווי מיט לאַק צוגעקלעפּט, האָט מיט די אויגן געשלונגען

די אידעלע און צנועהדיקע מאַגדאַ. ביז משוגעת איז ער איצט געווען פאַרליבט אין איר.

די מענער האָבן געגעסן מיט גרויס אַפּעטיט. די פרויען האָבן געלויבט דער באַלעבאָסטע פאַר די טייערע מאַכלים. די גרעפין האָט אויסגעדריקט איר התפעלות וועגן דער זופּ נאָך איידער זי האָט טועם´געווען. די שנור האָט שעל־מיש געהנפּעט די שוויגער: „ביי מאַמושאַ זענען די עסנס קעניגלעכע". דער גראַף האָט געסמאַקעוועט, אַזש אַפּלעקנדיק די וואָנצעס און מאַכנדיק דער פרוי אַ פאַרוואורף: „ביי דיר, יאַדזשיאַ, קומען די זופּן קיין מאָל אַזוי נישט אַרויס". דערויף האָט די גרעפין זיס געשמייכלט צו אַלע ביים טיש: „די מענער געפעלט שטענדיק בעסער ערגעץ אַנדערש; ווי די קליינע קינדער זענען זיי"... די באַלעבאָסטע האָט געשיינט. פון נחת איז איר ברייט פּנים געוואָרן נאָך ברייטער און דער ראָזע גוידער האָט גע־גלאַנצט ווי אויסגעשמירט מיט שמאַלץ. בלויז דער צוקונפטיקער פּראָקוראָר איז געווען אַנגעכמורעט; איצט פון דעם, וואָס אויך די גרעפין האַלט די מענער פאַר קליינע קינדער.

מאַגדאַ האָט געגעסן גלייך מיט אַלע, אָבער זי האָט אין די אַלע גוטע מאַכלים קיין טעם נישט געפילט. זי האָט געשוויגן און איז געווען בלייך. דאָס איז כמעט יעדן אויפגעפאַלן. געזעסן איז זי לעבן דעם יונגן גראַף און געפילט זיין ברענענדיק באַגערן. זי האָט געליטן דערפון, ווי זי וואָלט געליטן ווען זי וואָלט געזעסן נאָענט פון אַ שטאַרקן פלאַם. אָבער אָפּרוקן זיך האָט זי נישט געקאָנט. די פרויען האָבן באַמערקט איר בלאַסקייט און געטראַכט ביי זיך: דאָס איז נאַטירלעך. אַ יונג מיידל, דערצו אַזאַ סובטעלע, איז עטוואָס בלאַס ווען איר באַשערטער...

צוויי דינסטמיידלעך, אָנגעטאָן אין ווייסע פאַרטוכלעך און ווייסע טשיפּיקלעך אויפן שפּיץ פון די „גזשיווקעלעך", האָבן באַדינט; זיי האָבן געברענגט פולע שיסלען און וואַזעס מיט פאַרשידענע מאַכלים: פּיקאַנטע פאַרשפּייזן, עטלעכע סאָרטן פיש און פלייש, אויסלענדישע סאַלאַטן און היימישע „יעזשינעס". די ווייַנען זענען געווען אויסגעצייכנטע. די טעמעס פון די טיש־געשפּרעכן האָבן זיך געמישט און געטוישט ווי אין אַ קאַליידאָסקאָפּ. פאַרשטייט זיך, אַז די מאַנספאַרשוינען האָבן גערעדט וועגן עפּעס אַנדערש און די פרויען וועגן עפּעס אַנדערש. די באַלעבאָסטע און די גרעפין האָבן געהאַט זייערע פּראָבלעמען וועגן די קעכינס, וועגן די שווערקייטן אין דער מיאַוסער צייט, ווי זי איז דעמאָלט געווען, צו קריגן וואָס מ'וויל. וואָרעם די מענער זענען גרויסע „גרימאַשער", זיי ווילן פון גאָרנישט וויסן און פאַרלאַנ־גען שטענדיק פון שענסטן און בעסטן. איינע דער אַנדערער האָט פאַרטרויט ווו מ'קאָן קריגן דאָס און ווו יענץ, האָבן אויסגעטוישט זייערע אַנטדעקונגען פון נייע געשעפטן, נייע פירמעס, ביי וועלכע מ'זעט די נייעסטע מאָדעס אין אַלעם. מאַגדאַ האָט גערעדט מיטן יונגן גראַף, אָבער בלויז צוליב העפלעכקייט צו ערשט. דאַן האָט זי זיך גאַנץ גוט מיט אים אונטערגעהאַלטן. אין זייער געשפּרעך איז דאַן אַריינגעצויגן געוואָרן מאַטילדאַ. באַלד איז זי געוואָרן די טאָן־געבערין, די פירערין פונעם שמועס. זי איז געווען אַמוזאַנט אַפילו ווען זי האָט גערעדט וועגן קליידער און היט. אָבער זי האָט אויך גערעדט וועגן שיינער ליטעראַטור, וועגן רייזע־באַשרייבונגען און ביאָגראַפיעס, וועגן טעאַטער, אָפּערע, אַמעריקאַנער פילמען, דזשעז־מוזיק און אַמעריקאַנער טענץ: „פאָקסטראָט", „טאַנגאָ" און „וואַן סטעפּ".

אויך וועגן פיקאַנטע געשעעענישן אין לאַנד און אין אויסלאַנד האָט זי גערעדט. דער יונגער גראַף האָט זי איבערראַשט מיט זיין גרויסער באַהאַוונטקייט אין דער מאָדע־וועלט און באַקאַנטשאַפט מיט די נייע טענץ, אַפילו מיטן לעצטן אָקערשט איינגעפירטן. ער האָט זיך באַמיט אויסצונעמען ביי ביידע, ביי זיין כלה און איר שוועגערין, וועלכע איז אים גאָר שטאַרק געפעלן. ער האָט דעריבער גערעדט וועגן לייכטע און אויך וועגן ערנסטע זאַכן: וועגן גרויסן זיג און וועגן פּאָליטיק. ער האָט געוויזן וואָס פאַר אַ גרויסער פּאַטריאָט ער איז און ווי גוט ער פאַרשטייט די פּאָליטישע לאַגע פונעם פּאָטערלאַנד, באַזונדערס די אינערלעכע. פּאַני קרזשעשטשאַנאָווסקאַ האָט אים געפרעגט, אויב ער איז שוין, אָדער האַלט ביים אַריינטרעטן אין דיפּלאָמאַטישן דינסט. „ניין", האָט ער איר דערויף געענטפערט. „איך וועל וואָרשיינלעך אָננעמען אַן אַמט אין דער פּאָליטישער פּאָליציי; דאָס ציט מיך מער". באַמערקנדיק אַז אויף מאַגדאַן מאַכט זיין צוקונפטיקע קאַריערע נישט דעם געהעריקן, אָדער גאָר אַ שלעכטן איינדרוק, האָט איר גענומען דערקלערן אין ס'אַראַ געפאַר דאָס פּאָטערלאַנד געפינט זיך, און אַז ער איז ווידער גרייט זיך מקריב צו זיין דערפאַר. ער האָט דאַן גענומען שילדערן די שלאַכטן אויפן קריגספעלד, אין וועלכע ער האָט אַלס פרייוויליקער סאָלדאַט אָנטיילגענומען, די געפאַרן אין וועלכע ער האָט זיך געפונען און ווי אַזוי ער האָט פון יעדער געפאַר זיך געראַטעוועט, וויפל מאָל ער איז פאַרוואונדעט געוואָרן. נישט אומזיסט האָט ער באַקומען די מעדאַלן, וועלכע ער האָט איצט מיט שטאָלץ געטראָגן אויף זיין ברוסט.

דער „קלוגער פוקס" האָט געהאַלטן זיין פאַרזשמורעט אייגל אָנגעשטעלט אויף דעם „פיינעם קאַוואַליר" בעתן געשפּרעך צווישן זיין טאָכטער און דער שנור, און מיט איין אויער זיך צוגעהערט צו זיינע אומגעלומפּערטע באַרימערייען. „שוין איין מאָל אַ פויגל!" — האָט דער געריסענער יוריסט געטראַכט. „ר'האָט אַלע מעלות צו שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין די הויכע פענצטער, כאָטש ר'איז אַזאַ קלאָץ. באַזונדערס וועט אים העלפן דער צעקראַוואַטשעטער פּרצוף, די הייך און די ברייט פונעם גוף". דער פאַרשווין האָט דעם באַרימטן אַדוואָקאַט איצט פאַרשאַפט אַ ביסל עגמת־נפש, ווייל ס'האָט זיך אים גענומען אויסדאַכטן, אַז מאַגדאַ איז גאָרנישט אַזוי גלייכגילטיק צו אים, ווי ס'האָט אים אין אָנהייב אויסגעוויזן. „פרויען", האָט ער זיך דערמאָנט וואָס ער האָט אַמאָל געלייענט אָדער געהערט זאָגן, „זענען ווי פייגעלעך וואָס ווערן היפּנאָטיזירט פון שלאַנגס בליק. וואָס צאַרטער זיי זענען אַלץ אַ שטאַרקערן איינדרוק מאַכט אויף זיי אַ מאַן פון גרויסער פיזישער קראַפט". ער האָט געוווּסט אַז זיין טאָכטער איז פאַרליבט אין דעם באַנקירס זון, אין דעם זייער פעיִקן אַסיסטענט זיינעם, און איז געווען איבערגעצייגט, אַז דער אַדאַם ווייס וואָלט געווען דער בעסטער שידוך פאַר איר. אָבער אַזעלכע זאַכן האָבן זייער אייגענע לאָגיק און גייען זייער אייגענעם וועג — דעם פאַרקערטן. ער וועט זיך נישט אַריינמישן, נישט איבערטרעטן די גרענעץ, וווּ ס'הייבט זיך אָן דאָס רעכט פונעם גורל.

# 3

נאָכן עסן זענען די הערשאַפטן אַריינגעגאַנגען אין סאַלאָן אויסרוען. קיין באַזונדערס גרויסער געשמאַק האָט דאָ נישט געהערשט, גיכער געשמאַקלאָזיקייט, אָדער נאָך ערגער: גראָבער סנאָביזם, ווי אין עס־צימער. ס׳האָט געהערשט דער געשמאַק פון מאַדאַם אייגער, ווייל דעם באַרימטן און שטענדיק אין די געריכטן ארומשמייענדיקן אַדוואָקאַט האָט נישט אינטערעסירט ווי ס׳זעט אויס אין זיין הויז. דאָס קליינע יִדעלע מיטן אומגעוויינלעך גרויסן, פּליכעוואַטן קאָפּ און פאַרזשמורעט אייגל, האָט אַפילו נישט געמערקט וואָס אין די שטיבער שטייט אָנגעשטעלט, וואָס פּאַר אַ קאָליר די ווענט האָבן. געזען האָט ער בלויז זיין ביוראָ, געזען פאַר זיך די פּאָליצעס געריכטסאַקטן ביי די ווענט ביז צום סופית און געוווּסט כמעט יעדע קלייניקייט וואָס האָט צו טאָן מיט זיין באַרוף. מאַגדאַ האָט יאָ געהאַט אַ גאַנץ פּיינעם געשמאַק; נאָר אַזוי ווי די מוטער האָט אין ענין עסטעטיק מיט קיינעם זיך נישט גערעכנט, האָט די ראָמאַנטיש־פאַרחלומטע בת־יחידה איר פאַרלאַנג נאָך שיינקייט באַפרידיקט אין בוך, אַ מאָל אין מוזיי, אין טעאַטער, אין דער אָפּערע, ביי קאָנצערטן און אין אַלע קירכעס. נישט צו זען די משונהדיקע בונטע בלומען אויפן ראָזן הינטערגרונט פון די ווענט, די שטאַרק־בלויע און שטאַרקרויטע לעדערנע סאָפּעס און פאָטעלן מיט מעש־באַשלאָגענע פּיס, דעם פּאָמפּעזן זשיראַנדאָל, שלעכטע, נאַרישע בילדער פון פּוילישע מאָלער און אַלערליי צאַצקעס — פון דעם אַלעם אַוועקצוקוקן, האָט מאַגדאַ צומייסט געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט די אויגן אויף דעם טייערן פּערסישן טעפּיך. דער טעפּיך איז געווען שיין, ווייל ס׳זענען נישטאָ קיין מיאוסע פּערסישע טעפּיכער. אויך אויף די פּאַלמעס און די גרויסע אָרלאַנדעס האָט זי געקוקט. געשטאַנען איז אויך אַ פּיאַנאָ, אַ גרויסער פליגל; אָבער דעם דאָזיקן אינסטרומענט איז מאַגדאַ געווען אַ שונא, ווייל די מוטער האָט זי תמיד, ווען ס׳זענען געקומען געסט, געהייסן שפּילן און זי האָט נישט געוואָלט. זי האָט געוווּסט, אַז זי קען בלויז שפּילן ווי כמעט אַלע רייכע טעכטער, ווייל זיי מוזן דאָס לערנען; אַזוי ווילן די מאַמעס. פאַר איר אָבער איז מוזיק געווען אַ הייליקייט, וואָס מ׳טאָר נישט פאַרשוועכן.

גענוי ווי אין עסצימער, אַזוי האָבן זיך אויך דאָ גרופּירט די הערשאַפטן; די צוויי עלטערע דאַמעס פאַר זיך, דער קאַוואַליר צווישן די צוויי יונגע און די סטאַטעטשנע מענער באַזונדערס. דער אַלטער גראַף האָט זיך דאָ אומגעקערט צו דער וויכטיקער טעמע, וואָס דער באַלעבאָס האָט באַרירט אין עסצימער. „ריכטיק“, — האָט ער געזאָגט, — „דער פּוילישער סיים איז שטענדיק געווען דער פּראָגרעסיווסטער פּאַרלאַמענט אין אייראָפּע. די איצטיקע קאָנסטיטוציע וועט זיין די ווייטגייענדיקסטע, די פּראָגרעסיווסטע — אַ ביישפּיל פאַר דער גאַנצער וועלט. נאָר מיך שרעקט דער דאָזיקער ראַדיקאַליזם אין מיין פאָטערלאַנד, דער דאָזיקער איבערגעשטייגערטער ליבעראַליזם, די דאָזיקע כמעט אַבסאָלוטע פרייהייט פאַר די בירגער. מ׳דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז געאָגראַפיש און אויך צוליב די גרויסע און פאַרשידענע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן אין אונדזער לאַנד, געפינען מיר זיך נישט אין קיין באַזונדערס באַקוועמער לאַגע. דערביי קאָנען מיר נישט, און טאָרן נישט, די דאָזיקע לאַגע ענדערן. דער גורל און די נאַטור, גאָט אַליין, האָבן אויף

אונדזער פּאָטערלאַנד אַרויפגעלייגט גרויס פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אונדז קומט אויס צו שפּילן אַ גרויסע נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע ראָלע. אונדזערע שונאים אָבער, אין אויסלאַנד און מער נאָך, אַ סך מער אין אונדזער אייגן לאַנד, וואַרפן אונדז פאָר, אַז מיר האָבן פאַרכאַפּט פרעמדע טעריטאָריע, אַז מיר זענען שאָווי־ניסטיש, אימפּעריאַליסטיש. אָבער ווּ, באָזשע מוי! האָבן מיר פאַרנומען פרעמדע טעריטאָריעס? ס'איז פּונקט פאַרקערט. מינסק, למשל, איז פּויליש, און איז געבליבן ביי רוסלאַנד. אונדזערע היסטאָרישע גרענעצן מוזן מיר ערשט אויסקעמפן. דע־ריבער מוזן מיר האָבן אַ גרויסע און שטאַרקע אַרמיי, נישט בלויז פאַר זיך אַליין, נאָר אויך צו שיצן אייראָפּע. פּוילן איז נישט בלויז אַ בופאָר, נאָר אַ דאַמבע קעגן אָן אויפגעשטורעמטן ים פון ווילדע בעסטיעס, וואָס דראָט צו צעשטערן די ציווי־ליזאַציע און די קולטור אין דער גאַנצער וועלט".

„בראַוואָ!" האָט אויסגערופן פאַן קרזשעשטשאַנאָווסקי און געדריקט דעם אַלטן גראַף די האַנט. דער יונגער גראַף, הגם ער האָט כמעט גאָרנישט געהערט וואָס דער פּאָטער האָט גערעדט, חוץ די פראַזן וועגן אינערלעכע שונאים און אַ גרויסע און שטאַרקע אַרמיי — ווייל ער איז די גאַנצע צייט געווען שטאַרק פאַרטאָן אין ווילן זיך מיט די צוויי שיינע דאַמעס — האָט אונטערגעכאַפּט דאָס פּאַטשן בראַוואָ. ווי ברעטער, ווען מ'וואַרפט זיי איינס אויפן אַנדערן, אַזוי האָבן געהילכט זיינע גרויסע און שווערע הענט, פּאַטשנדיק איינע אין דער אַנדערער. האָבן געפּאַטשט בראַוואָ אויך די יונגע און די צוויי עלטערע דאַמעס. בלויז דער באַלעבאָס האָט זיך ווי נישט ווויסנדיק געמאַכט וועגן דעם אַפּלאָז, אַפילו נישט צוליב העפלעכקייט. ער האָט אָבער אַ לאַנגן און שטאַרקן צי געטאָן פון זיין דיקן ברוינשוואַרצן ציגאַר און אַרויסגעלאָזט אַזאַ וואָלקן רויך, אַז מ'האָט אים כמעט מער נישט געזען — איינגע־הילט זיך אין אַ גרויען וואָלקן. אייגנטלעך האָט ער קיין אַנדערע אָנשויונגען פון זיין גאַסט נישט דערוואַרט, אַפילו נישט קיין דיפּלאָמאַטישע שפּראַך. ער האָט דעם גראַף גוט געקענט, נישט בלויז פון זיין געזעלשאַפטלעכער און פּאָליטישער טעטיקייט, נאָר פון זיינע פּריוואַטע עסקים, אין וועלכע ער האָט אַלס אַדוואָקאַט געהאַט אייניקע מאָל די מעגלעכקייט, פאַר גוטע שכירות, אַריינצוקוקן. ער האָט דעריבער נישט געהאַלטן פאַר נייטיק צו פּאָלעמיזירן מיט אים, פּונקט ווי ס'איז אים אַפילו נישט איינגעפאַלן זיינע היינטיקע געסט, ווי ער טוט דאָס מיט טייל אַנדערע, אַריינצופירן אין זיין רייכער ביבליאָטעק. זאָל ער דעם דאָזיקן פריץ, וועלכער האָט זיינע גרויסע פאַרמעגנס דערוואָרבן מיט דער כסדרדיקער הילף פון באַרימטע אַדוואָקאַטן און קיינער ווייסט נישט ווען און ווו ער האָט באַקומען זיין טיטל גראַף — ווייזן זיינע זעלטענע עקזעמפּלאַרן און נאָך זעלטענערע מאַנו־סקריפּטן פון רוימישן געזעץ אין אָריגינאַל, פּוילישע קאָדעקסן וואָס זענען שוין אַלט צו 7—8 הונדערט יאָר? ער האָט געהאַט קאָסטבאַרקייטן און מערקווירדיקייטן אין זיין ביבליאָטעק, נישט בלויז אויפן געביט פון יוריספּרודענץ, נאָר אויף יעדן געביט פון גייסטיקער קולטור. אָבער וואָס וועט דער דאָזיקער מענטש (שוין נישט צו רעדן פון זיין בנאָק) פאַרשטיין פון דער ביבליאָטעק? ווען ביי די ווענט וואָלטן געשטאַנען נישט שענק מיט ביכער, נאָר ס'וואָלטן אויף זיי געהאַנגען יאַגדביקסן פון אַלערליי סאָרטן און קאַליבערס, טשיקאַווע עקזעמפּלאַרן געווער, פאַרשידענע

שווערדן, שפּיזן, קינזשאַלן, בלאָזהערנער, קעפּ פון הירשן און ווילדע חזירים, פון בערן און אַנדערע חיות — די זאַכן וואָלטן געווען זעונגסווירדיקייטן פאַר אים.

האָט זיך דאָס קליינע יידעלע מיטן גרויסן קאָפּ און גרויסן פּליך, גערויכערט זיין ציגאַר, געהאַלטן איצט זיין שטענדיק האַלב־פאַרזשמורעט אויג אין גאַנצן צו און געשוויגן. אויך דער אַלטער גראַף האָט געצמאָקעט דעם אָנגעבאָטענעם אַ ביסל צו־שטאַרקן, כמעט אין דער צונג בייסנדיקן ציגאַר און אויסגעהערט די פאַר־שידענע פּאָליטישע מיינונגען פונעם גאַסטגעבערס זון, וואָס זענען אים זייער שטאַרק געפעלן. אַרויסגעזאָגט האָט זיי דער צוקונפטיקער פּראָקוראָר שאַרף און שניידיק, ווי ס'שניידט אַ גוט געשאַרפט מעסער. נישט בלויז האָט ער איצט גע־וואָלט איבערגעבן דעם צוקונפטיקן מיניסטער זיין פּאָליטישן אַני־מאַמין, נאָר אויך קרענקען דעם פאָטער. פאַמעלעך און מיט גרויס הנאה האָט ער דערביי גערויכערט זיין דיק, פיין פּאַפּיראָסל.

נאָר דעם „קלוגן פוקס" האָט ווייניק געאַרט וואָס דער זון רעדט, ווייל ער האָט כמעט מער גאָרנישט געהערט, אַפילו וואָס זיין גאַסט זאָגט. דער זולל־וסובא האָט גאָר געטראַכט וועגן די גוטע זאַכן וואָס די דינסט דאַרף אַריינברענגען און שוין געוואַרט אויף זיי. דער דעסערט ביים טיש — אַלערליי אויבסן און אויס־לענדישע פּרוכטן, רוי און געקאָכט, אויך מאַראַנירט און איינגעמאַכט, דער טאָרט און די כל המינים קעזן — דאָס אַלץ, פונקט ווי די גאַנצע „קאָלאַציע", האָט פאַר אים שוין געהערט צו דער פאַרגאַנגענהייט. איצט מוז קומען עפּעס נייעס, עפּעס וואָס געהער צום רויך פונעם ציגאַר. און ווירקלעך: די צוויי דינסטמיידלעך האָבן אויף ס'ניי סערווירט: שוואַרצע קאַווע און קריגלעך שמאַנט, קאָניאַק און ליקער און אויך צום נאַשן אַלערליי קאָנפעקטן און שאָקאָלאַד. דער באַלעבאָס האָט זיך צוגעכאַפּט צו די אַלע גוטע זאַכן, אַפילו צו די זיסקייטן, וואָס זענען אייגנטלעך מער פאַר דאַמעס ווי פאַר מענער, דערצו נאָך פאַר עלטערע און געזעצטע. נאָר זיין גרעסטע התמדה האָט ער דאָך געשענקט דעם פראַנצויזישן קאָניאַק, בעת דער אַלטער גראַף האָט ביי אַ שעלעכל שוואַרצע קאַווע גענומען רעדן איבער פינאַנץ־ענינים, אַ געביט, אין וועלכן ער איז געשווומען ווי אַ פיש אין וואַסער. דערביי האָט ער אַרויסגעזאָגט זיינס אַ פילאָסאָפישן געדאַנק: „געלט האָט אייגנטלעך בלויז אַ פיקטיוון, אָבער נישט קיין רעאַלן ווערט. דער ווערט איז נישט ס'גאָלד, אַפילו נישט די מלוכהשע אוצרות, נאָר די קלוגע פּאָליטיק און די קראַפט פון דער אַרמיי"...

4

ס'איז געווען שוין גענוג שפּעט ווען מאַגדאַ איז אַוועק אין איר צימער. זי איז געווען אַזוי מיד און דערשעפּט, אַז זי איז אַזש אַנידערגעזונקען אויפן שטול. אירע הענט האָבן ווי אין חלשות אַראָפּגעהאָנגען. נישט ווייט איז געשטאַנען אַ שעסלאָנג און ס'האָט זי געצויגן זיך אויסצוצי?ען אויף איר; אָבער זי האָט מער נישט געהאַט די קראַפט צו מאַכן בלויז נאָך די צוויי טריט ביז אַהין. עטלעכע מינוט האָט זי גאָרנישט געטראַכט, ווי אין איר קאָפּ וואָלט קיין איין געדאַנק נישט געווען, ווי פולשטענדיק אויסגעלאָשן. נאָר געווען איז פונקט פאַרקערט: אין איר מוח האָבן

געיאָגט און געשטורעמט אומצאָליקע געדאַנקען, ווי ס׳האָבן געברויזט די געפילן אין איר האַרץ. אָבער אַלץ, סיי די מחשבות אין איר קאָפּ און סיי די געפילן אין איר ברוסט, זענען געווען איין גרויסער כאַאָס. דער דאָזיקער צושטאַנד אירער איצט, סיי דער זעלישער און גייסטיקער, און סיי דער פּיזישער, האָט געדויערט אַ היפּשע ווײַלע. די גאַנצע צײַט איז זי געזעסן גאַנץ אומבאַוועגלעך. דאַן האָט זי מיט בײדע הענט זיך פאַרשטעלט ס׳פּנים, וואָס האָט פּשוט געגליט. ווידער צו זיך געקומען — האָט זי געפּרוּווט זיך אָפּגעבן אַ דין־וחשבון, וואָס ס׳האָט זיך אין דעם אײנציקן טאָג הײַנט אָפּגעשפּילט מיט איר. אָבער דאָס איז געווען אומזיסטע מי. זי האָט זיך געפּונען בײַ אַ פּונקט, וועלכער האָט באַדאַרפט אַנטשיידן איר לעבן. זי איז געשטאַנען פאַר צוויי וועגן: אײנער האָט באַדײַט איר גליק און דער צווייטער איר אומגליק. צוויי און צוואַנציק יאָר איז זי אַלט געווען. כמעט אַ דריטל פון איר לעבן איז אַוועק, א דריטל, איבער וועלכן זי האָט ווייניק געקאָנט אַנטשיידן, ווייל דעריבער האָבן די עלטערן — צומייסט די מוטער — געהאַט צו זאָגן. אָבער איבער דעם ווייטערן גאַנצן לעבן אירס, איבער דעם עיקר פון איר לעבן, וואָס מיינט אַ סך, אַ סך מער ווי בלויז די צאָל יאָרן — האָט זי צו באַשטימען. איר גורל ליגט אין אירע הענט...

אַ שמערצלעכער שמייכל האָט זיך צעגאָסן איבער איר פּנים, וואָס איז געוואָרן פּונקט אַזוי שטאַרק בלאַס, ווי שטאַרק ס׳האָט פריִער געגליט. זי האָט געשוויגן, געשוויגן, איז פאַרטײַעט געוואָרן, ביז טרערן האָבן גענומען רינען איבער אירע איצט בלייכע באַקן. און ווי זי וואָלט זיך געשעמט פאַר זיך אַליין אין איר צימער, פאַרן פאַרהאָנגענעם פענצטער און פאַרן מעבל — דער עיקר אָבער פאַר די הייליקע בילדער אויף די ווענט, פאַר יעזוסן און פאַר דער הייליקער מוטער — האָט זי זיך ווידער פאַרשטעלט די אויגן. זי האָט זיך אָבער באַלד געשעמט פאַרן דאָזיקן שעמען זיך און פאַרשטעלט די אויגן. פאַר וועמען וויל זי זיך באַהאַלטן מיט אירע מחשבות? פּונקט פאַרקערט מוז זי דאָך טאָן! ווי אַ פרומע קריסטן זאָל זי אַצינד אַנידערקניִען פאַר גאָטס זון, פאַר דער הייליקער גאָטס מוטער און אויסגיסן פאַר זיי איר האַרץ, זיי דערציילן פון דער צעמישטקייט אין איר נשמה איצט, איר שטיין איצט פאַר צוויי וועגן ווי אַ פאַרלוירן שעפעלע וואָס בלאָנדזשעט און ווייסט נישט וועלכער וועג ס׳איז דער ריכטיקער. זיי וועלן איר ווייזן דעם ריכטיקן וועג.

און זי איז האַסטיק צוגעגאַנגען צום ווינקל, אין וועלכן ס׳איז געהאָנגען דאָס בילד פון יעזוסן און ס׳האָט געברענט די הייליקע לאַמפּאַדע. זי האָט אַנידערגע־קניט, פרום געזונקען דעם קאָפּ, איבערגעקרייצט איבער דער ברוסט די אײדעלע הענט און האָט הייס תפילה געטאָן. דאָך, ערשט איצט האָט אויף ס׳ניי זיך אָנגעהויבן אַ ווירוואַר אין איר האַרץ. זי האָט געזען פאַר זיך דעם יונגן גראַף און ס׳האָט זי געצויגן צו אים מיט דער גאַנצער גלות פון איר אויפגעשטורעמט בלוט. איר נשמה אָבער האָט זיך געקלאַמערט אַרום אַדאַמען און זי האָט געבעטן צום געקרייציקטן, אַז ער זאָל אים באַקערן צום אמתן גלויבן, אַז ער זאָל אין אים אַרײַנגעבן דעם ווילן און קראַפט — ווי ער האָט איר געגעבן — זיך אַרויסצורייסן פון דעם פאַלשן גלויבן פון זיינע עלטערן.

## קאַפּיטל פינף

# אַ מענטש בלאָנדזשעט אַרום

### 1

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט פונעם פּאַרק צוגעפירט מאַגדאַן ביז פאַרן טויער. ס׳האָט אָבער געדויערט אַ גאַנץ לאַנגע ווײַלע ביז ער איז פון איר אַוועקגעגאַנגען, ריכטיקער: ביז זי האָט אים אויסגעשטרעקט די האַנט און איז פאַרשוווּנדן דורך דער געעפנטער טיר, אַזוי שנעל ווי ער האָט אַ קוש געטאָן דאָס אָרט פון דער האַנט וואָס די הענטשקע האָט געלאָזט פרײַ. בײַדע האָבן דערוואַרט אײנער פון אַנדערן עפּעס אַ וואָרט, וואָס וואָלט אין דעם מאָמענט אפשר געווען געהאַט אַ גרויסע באַדײַטונג, אַפילו ווען דאָס וואָרט וואָלט געווען אַ גאַנץ אומשולדיקס.

נאָר בײַדע האָבן געשוויגן. ס׳איז איר, פּונקט ווי אים, געווען שווער, אומ־מעגלעך, אַפילו בלויז צו עפענען די ליפּן און אַרויסלאָזן פון מויל נאָר איין זילב. האָט זי, ווײַסנדיק אַז די עלטערן און די געסט וואַרטן שוין לאַנג אויף איר, געמאַכט אַ סוף צו דעם פײַנלעכן שטומען שטיין אין דער קאַלטער טונקלקייט.

עטלעכע מינוט האָט אַדאַם ווײַס זיך נישט געקאָנט רירן פונעם אָרט, אויף וועלכן ער איז אָקערשט געשטאַנען מיט מאַגדאַן. דאַן האָט ער דאָס אָרט פאַר־לאָזט. ער איז געגאַנגען פּאַמעלעך, נישט ווײַסנדיק אין וועלכער ריכטונג ער באַ־וועגט זיך, רעכטס אָדער לינקס, און דעריבער נישט געוווּסט צו וועלכער גאַס ער וועט צוקומען. אָבער ער האָט זיך בכלל נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון אין וועלכער געגנט ער געפינט זיך און וווּהין ער וויל גיין. ער האָט זיך אַפילו נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון וועגן זײַן זעלישן מצב אַצינד, הגם ס׳איז געווען אין אים אַ פאַרלאַנג — אַרויסגעשווומען אין דער טונקלקייט פון זײַן לײַדנדיקער נשמה איצט — צו באַגרײַפן זײַן סיטואַציע. נאָר ווי אומקלאָר דאָס באַוווּסטזײַן איז איצט געווען און ווי שוואַך זײַן קלאָר דענקען האָט אין דאָזיקן מאָמענט געאַרבעט אין אים, האָט ער פון דעסטוועגן געוווּסט — אינטויִטיוו און דעריבער זיכער — אַז מאַגדאַ איז פאַרלוירן פאַר אים, הגם זי ליבט אים אַזוי שטאַרק, און ער זי — נישט שוואַכער. דאָך, ווי שמערצלעך דאָס איז געווען פאַר אים, איז דער געדאַנק, אַז זײַן געליבטע פאַלט אַרײַן אין די בלוטיקע לאַפּעס פון דעם שרעקלעכן ׳גראַף קאַטאָווסקי, געווען נאָך אַ סך ווייטיקלעכער. און פאַר וואָס טוט זי דאָס? דערויף האָט ער זיך נישט געוואָלט ענטפערן. ער האָט באַגריפן, אַז דער ענטפער, ווײַל ער וויל זיך נישט שמדן, איז פּונקט אַזוי לעכערלעך ווי ריכטיק. ריכטיק, ווײַל מיט זײַן שמדן זיך וואָלט ער די געליבטע טאַקע געראַטעוועט און זי וואָלט געווען גליקלעך מיט אים; דעריבער אָבער לעכערלעך, ווײַל זײַן נישט וועלן זיך שמדן צעשטערט איר ליבע און איר גליק.

אַרומקריכנדיק און אַרומבלאָנדזשענדיק פון איין גאַס אין דער אַנדערער אין דער טונקלקייט פון דער קאַלטער האַרבסטנאַכט, איז ער פלוצלונג שטיין גע־

בליבן און זיך געפרעגט: „וואָהין גיין?“ ער האָט אַרויסגעגראַבלט זיין פּיצינקע זייגערל פונעם לינקן וועסטל־קעשענקעלע, איז צוגעגאַנגען צו אַ לאָמטער, און געזען אַז ס׳איז שוין נישט פרי. אַהיימגיין, אָדער פאָרן, האָט ער נישט געוואָלט. ר׳האָט דערפילט אַז ר׳איז הונגעריק. זיין היים איז אים אָבער אַצינד געווען נאָך פרעמדער, ווי זי איז אים פון אַ לאַנגער צייט אָן שוין געווען. ווען דאָס דאָזיקע געפיל (פון אָפּפרעמדונג) האָט זיך אין אים אָנגעהויבן, האָט ער נישט געוווּסט אַקוראַט. אומגעפער ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה. פון דעמאָלט אָן האָט דאָס דאָזיקע געפיל געהאַלטן אין איין וואַקסן אין זיין האַרץ. ס׳איז אים אויסגעקומען, אַז מיטן גיסן זיך פונעם בלוט אויף די שלאַכטפעלדער און נאָך אַלץ מער און מער רייכטום אין זיין פאָטערס פאַרמעגן, איז אין זיין האַרץ אָפּגערונען די ליבע און די צוגעבונדנקייט צו די עלטערן, צו די ברידער און שוועסטערס, צו אַלע, חוץ צו דער קליינער סוזאַנאַ. דאָס רייכע הויז איז אים געוואָרן ווי אַ האָטעל, אין וועלכן ס׳איז טאָג און נאַכט אַ גערויש, אַ געפילדער פון טומלדיקע געסט. דער יונגער אַדוואָקאַט האָט אָבער נישט געהאַט קיין זיכערע דערקלערונג פאַר זיין געענדערט געפיל צו זיינע עלטערן און זיין היים.

ער וועט אַריינגיין ערגעץ, אין אַ באַר אָדער אין אַ קאַוויאַרניע, און עסן. נאָר דערזעענדיק צופעליק אין וועלכער גאַס ער געפינט זיך, איז אים איינגעפאַלן, אַז דאָ וווינט זיין פריינד גרעגאָר שטשעלקאָווסקי. גלייך איז ער אַהינגעגאַנגען צו אים און צום גליק אים געטראָפן אין דער היים. נאָר נישט אַליין — ס׳איז ביי אים געווען זיינס אַ פעטער.

2

גרעגאָר שטשעלקאָווסקי, נאָך אין דעם אָפיציר־אוניפאָרעם, האָט פאַר זיין קאָלעגע, מיט וועלכן ער האָט זיך איצט זייער געפרייט, פאַרגעשטעלט דעם גאַסט, וועלכער האָט נאָך געטראָגן אויף זיך דעם זעלנערישן אוניפאָרעם: „באַקענט אייך! ס׳איז מיין פעטער. נישט לאַנג צוריק פונעם פראָנט, האָט נאָך אַפילו נישט אויסגעטאָן, ווי איר זעט, דעם סאָלדאַטסקן מונדיר, ווי איך, מיט דעם אונטערשייד, וואָס איך בין די גאַנצע צייט געווען אין וואַרשע און האָב אַפילו נישט געטוישט מיין באַרוף אַלס יוריסט, און ער האָט באמת געשמעקט פולווער. נאָר באַלד וועט ער אַוודאי אויסטאָן די זעלנערישע קליידער, וואָס פאַסן אים זייער גוט, אָבער ער האָט זיי נישט באַזונדערס ליב. ס׳וועט שוין געוויס נישט לאַנג געדויערן, ווייל די אַרמיי איז שוין צוגעטראָטן צו באַפרייען פון דינסט אַלע, וועלכע וועלן נישט בלייבן אויף ווייטער ביים מיליטער“. צום פעטער האָט ער וועגן דעם אַריינגעקומענעם געזאָגט: „מיינס אַ קאָלעגע, יוזשעק, אַ יונגער אַדוואָקאַט. מיר האָבן צוזאַמען שטודירט. אַ גוטער פריינד. מ׳האָט אים נישט גענומען צום מיליטער, אויסבראַקירט“... דאָס לעצטע וואָרט האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט אַ געוויסן בייגעשמאַק, וואָס ער האָט גלייך באַדויערט, מורא האָבנדיק אַז זיין קאָלעגע זאָל זיך אויף דעם נישט אָנשטויסן. ער האָט דעריבער שנעל גענומען רעדן ווייטער: „וואָס פאַר אַ גליקלעכער צופאַל, וואָס איר האָט אייך ביידע ביי מיר געטראָפן איצט! ווייסט, יוזשעק, אַז פאַן וויס איז דער אַדוואָקאַט, וועלכער האָט געראַטעוועט דיין פריינד פון

אַ זיכערן טויט?! זיין שעף וואָלט די ספּראַווע נישט געווען אָנגענומען, ווען נישט מיין קאָלעגע, דער יינגסטער אַסיסטענט דאָרט, וואָלט זיך נישט געווען דערקלערט גרייט די זאַך צו נעמען אין זיינע הענט אַריין. אַך, קאָלעגע! וואָס פאַר אַ צופאַל, וואָס פאַר אַ צופאַלן עס טרעפן זיך אַלץ אינעם לעבן! ווען איר זענט געקומען צו מיר, אַז איך זאָל אייך העלפן אין דעם ענין, האָב איך נישט געוווּסט אַז אייער קליענט איז מיין פעטערס אַ גוטער פריינד, אַ גענאָסע, און אַז זיינע עלטערן, אָרע־מע מענטשן, האָבן געוווינט ביי מיין זיידן. וואָס פאַר אַ טייערער מענטש ער איז געווען און ווי ליב איך האָב אים געהאַט! אַ פּשוטער סטאָליאַרזש; אָבער אַ גרויסער מענטש געווען. געפאַלן ווי אַ העלד אין קאַמף מיט פּאָגראָמטשיקעס ביי באַשיצן די יידן אין יענער שטאָט. אַך, מערקווירדיקער צופאַל, מערקווירדיקער״.

אויף אַ מאָמענט איז דער יונגער אַדוואָקאַט אַריינגעפאַלן אין אַ טרוימעריי און איבערגעחזרט זיין קאָלעגעס לעצט וואָרט: „מערקווירדיק... מערקווירדיק״... אָבער ער האָט זיך באַלד אַרויסגעריסן פון דאָזיקן צושטאַנד און געזאָגט צו זיין פריינד: „יאָ, ס׳איז מערקווירדיק, באמת מערקווירדיק, ווי יעדער צופאַל״. נו, האָט ער געגומען שפּאַסן: „דאָס מערקווירדיקע פונעם מערקווירדיקן איז, וואָס אָפט זענען צופאַלן די וויכטיקסטע מאָמענטן אינעם מענטשנס לעבן״... און צום סאָל־דאַט: „אייער קוזין האָט טייל מאָל ליב אַ ביסל איבערצוטרייבן. נישט איך בין דער רעטער פון אייער פריינד ליכטענבערג. אויב אַ מעדאַל פאַר רעטונג — געהערט ער אייך, קאָלעגע שטשעלקאָווסקי. ווען נישט איר, ליבער פריינד, ווען איר וואָלט נישט געווען דערגרייכט, אַז די ספּראַווע זאָל אָפּגעלייגט ווערן ביז נאָכן קריג און דער באַשולדיקטער וואָלט געווען פאַרמשפט געוואָרן צום טויט. ער וואָלט איצט שוין נישט געלעבט. יאָ, אַ צופאַל, אויך דאָס איז געווען אַ צופאַל, און... ווידער מערקווירדיק, מערקווירדיק... און איצט״...

„איצט וועט אייער קליענט — דיין פריינד, יוזשעק, דיין גענאָסע — אין גאַנצן באַפרייט ווערן. דער ענין געהערט איצט שוין דעם ציווילן געריכט, און די אַמנעס־טיע, וואָס וועט באַלד אַרויסגעגעבן ווערן וועט דעם אַרעסטירטן באַגנאַדיקן״. דאָס האָט דער באַלעבאָס אין אָפיציר־אוניפאָרעם פאַרזיכערט זיין קאָלעגע און זיין פעטער.

ווי אַ פרומער וואָלט געענטפערט „אָמן״, אַזוי האָט דער יונגער אַדוואָקאַט געזאָגט: „איך האָף אויך אַזוי״.

יוזשעק האָט פון פרייד זיך געריבן די הענט: „פיין... פיין״...

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט נישט געקענט קלאָר ווערן ביי זיך, אויב דער סאָלדאַט, זיין קאָלעגעס פעטער, איז אים סימפּאַטיש אָדער נישט. אַ גאַנצע ווײַלע האָבן ביידע זיך כמעט איגנאָרירט איינער דעם אַנדערן. ערשט איצט האָט אַדאַם ווײַס, קוקנדיק צום סאָלדאַט, געזאָגט: „אַזוי, אַזוי״... דאָס איז ביי אים געווען אַ פּרוּוו אָנצוהייבן אַ שמועס מיט דעם אומבאַקאַנטן; אָבער ס׳איז דערווייל עפּעס נישט אַרויסגעקומען. האָט ער ווידער גענומען רעדן מיט זיין קאָלעגע: „נו, און איר; וואָס רעכנט איר איצט צו טאָן? וועט איר אייך צוריקנעמען צו אייער פּריוואַ־טער פּראַקטיק, אָדער אָננעמען עפּעס אַ רעגירונגס־פּאָסטן?״

„דאָס ווייס איך דערווייל נישט״, — האָט דער אָפיציר געענטפערט. —

„מיין פעטער וואָלט געוואָלט איך זאָל בלייבן אין דער אַרמיי, אָדער וויניקסטנס אין ציווילער רעגירונגס־דינסט". ער האָט אָפּגעהוסט, ווייל ער האָט זיך שיער פאַררעדט וועגן עפּעס, וואָס וואָלט אפשר דעם פּעטער זיינעם נישט געווען גאַנץ רעכט. נאָך אַ מאָמענט איבערלייגן, האָט ער געזאָגט צו זיין פּעטער: „יוזשעק, מיר ברויכן נישט זיין אַזוי פאָרזיכטיק מיט אַ וואָרט אין דער קעגנוואַרט פון מיין פריינד".

דער סאָלדאַט האָט אָן שהיות געפרעגט דעם גאַסט: „איר געהערט צו דער זעלבער פּאַרטיי, צו וועלכער מיין קוזין געהערט?"

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט געענטפערט מיט פעסטקייט: „איך געהער נישט צו קיין שום פּאַרטיי".

נאָך אַ קאַלט שווייגן און מיט באַהאַלטענע בליקן גוט אָבסערווירנדיק דעם גאַסט, וועלכער האָט מיט זיין אומדערוואַרטן וויזיט געשטערט אין אַ וויכטיקן געשפרעך, האָט דער זעלבער זיך איבערצייגט, אַז פאַרן דאָזיקן מענטש דאַרף ער זיך באמת נישט צו־שטאַרק היטן. דער יונגער אַדוואָקאַט האָט גאַנץ גוט געפילט דאָס בויערן זיך אין אים פון די שאַרפע בלוילעך־גרויע אויגן, אָבער ער האָט דאָס דעם סאָלדאַט נישט געשטערט. ער האָט דערביי געטאָן דאָס זעלבע; מיט זיינע גרויסע בלויע אויגן, ווי מיט רענטגען־שטראַלן, אַריינגעקוקט אין אַלע פאַרבאָרגענע ווינקעלעך פונעם זעלבערס נשמה. ער האָט דאָס געמאַכט ווי אַ געשולטער, פּעיקער יוריסט, אַז דער באַטרעפנדיקער זאָל נישט דערפילן דעם אין געהיים אַריינדרינגענדיקן בליק אין אים. צום סוף האָט איינער צום אַנדערן באַקומען צוטרוי. דערויף האָט דער באַלעבאָס געוואַרט. ער האָט געוווּסט אַז אַזוי וועט זיין און איז געווען צופרידן וואָס ביידע האָבן, ווי צוויי הינט, זיך קעגנזייטיק גוט באַשמעקט. נאָר דער חבר יוזשעק איז פון דעסטוועגן נאָך אַלץ געבליבן גענוג פאָרזיכטיק. ווי אַ גוט דיסציפּלינירטער און שטאַרק פאַראַנטוואָרטלעכער פּאַרטיי־מענטש, דערצו אַ קלוגער און דורכגעטריבענער חברהמאַן, האָט ער זיך געהאַלטן ביים פּרינציפּ: מער פאָרזיכט איז בעסער ווי וויניקער. און אַז דער אַדוואָקאַט האָט אים גענומען אויספרעגן וועגן די איבערלעבענישן און טעטיקייטן אויפן שלאַכטפעלד, האָט ער דערציילט בלויז אַלגעמיינס, אָבער נישט ספּעציעלס. אַדאַם וויס האָט דאַן געוואָלט וויסן: „איז אייך נישט געווען שווער צו הרגענען אַ מענטשן? געוויס, איך ווייס, ס'איז דער שונא. דערביי ווירקט דאָס מאָראַלישע געפיל — מען פאַרטיידיקט דאָס פאָטערלאַנד. דאָך, מ'דערהרגעט אַ פרעמדן מענטשן, וועלכן מ'האָט פריִער קיין מאָל נישט געזען און אַפילו נישט געהערט וועגן אים. איך מיין דערמיט — אַ מענטש, וועלכן איך באַטראַכט פאַר אַ שונא און דערשיס אָדער דערשטעך אים מוז איך דאָך פריִער האָבן באַגעגנט, צווישן אונדז מוז דאָך האָבן געווען עפּעס אַ סיבה וואָס זאָל פירן צו מאָרד". זעענדיק ווי זיין פריינד, דער אָפיציר, שמייכלט איראָניש, האָט ער גענומען אַ ביסל שטאַמלען: „אָבער קאָלעגע"...

דער אָפיציר האָט איבערגעריסן זיין פריינד: „זענט איר דען נישט קיין פּאַטריאָט? איז אייך פרעמד דאָס געפיל, די זעלישע איבערלעבונג פון אַ פּאַטריאָט, ווען זיין פאָטערלאַנד, וואָס איז פאַר אים אַלץ, דאָס טייערסטע, איז אין געפאַר און ער פאַרטיידיקט עס? באַגרייפט איר נישט, קענט איר אייך נישט פאַרזעצן אין זיין

נשמה און... יאָ, שטעלט אייך פאָר: איר קומט אַהיים און טרעפט אייער מוטער אַ באַפּאַלענע פון רויבער, פון מערדער"...

אַדאַם וויַיס האָט געשוויגן. דער אויסדרוק אין זיין פּנים האָט זיך פאַרענדערט, ער איז געוואָרן בלאַס און די אויגן האָבן גענומען אַרומבלאָנדזשען. פלוצלינג, ווי אַ קראַנקער, וועלכער דערפילט דעם ריח וואָס רופט ביי אים אַרויס שרעק, האָט ער ווידער גענומען אויספרעגן דעם סאָלדאַט: „ווי אַזוי קענען די זעלנער אויפן שלאַכטפעלד אויסהאַלטן דעם ריח פון בלוט?"...

ביידע, דער אָפיציר און זיין פעטער דער סאָלדאַט, האָבן דערזען דעם צעשראָקענעם בליק אין אַדאַמס שטאַר־געוואָרענע אויגן און באַגריפן, אַז דער פלוצלינג אַריינגעקומענער איז עפּעס נישט „מיט אַלעמען". אָבער יעדער איינער פון זיי האָט וועגן דעם גאַסטס איצטיקן מצב געהאַט אַן אַנדערע מיינונג. דער אָפיציר, — אַז זיין פריינד איז קראַנק. דער זעלנער — אַז דער יונגער אַדוואָקאַט איז אַ סענטימענטאַלער פאַציפיסט. דעם חבר יוזשעקס אורטייל איבער פאַציפיזם איז געווען דער זעלבער ווי ביי אַלע קאָמוניסטן דעמאָלט: צעקראָכענער ליבעראַליזם, ליגנערישע פראַזנדרעשעריי, טיפּשות. נאָר אין דאָזיקן אויגנבליק איז דעם „האַרטן" קאָמוניסט איינגעפאַלן אַן אַפּיקורסישער געדאַנק: „דאָך, דאָס דאָזיקע סענטימענטאַלע געפיל קעגן בלוט־פאַרגיסונג קען זיין אַ שריט צו דער סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע. געוויס, נישט ביי אַלע, בלויז ביי די, ביי וועלכע דאָס געפיל קעגן קריג איז עכט און טיף און זענען פעיק אַ געדאַנק צו דענקען ביזן סוף". דער יונגער אַדוואָקאַט האָט יוזשעקן אָנגעהויבן ווערן אַלץ נעענטער. דאָך האָט ער אים אויף זיין לעצטער פראַגע געענטפערט אין שפּאַס: „מ'קען, מ'קען אויסהאַלטן. מ'האַלט אויס אַפילו דעם עסנדיקן רויך פון פולווער, וואָס ברענט אין די אויגן און קראַצט אין האַלדז". און צום קוזין: „אָבער דיין ביישפּיל, גרעגאָר, פון אַהיימקומען און טרעפן די מאַמע באַפאַלן פון רויבער, פון מערדער — איז נישט מער ווי מליצה. אין דער מלחמה צווישן פוילן און רוסלאַנד איז די זאַך געווען פונקט פאַרקערט. ווי אַ סאָציאַליסט־מאַרקסיסט, וואָס אַפילו דו, אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט — ווי דו באַהויפּטסט צו זיין — ווּעסטו מוזן צוגעבן, אויס ערלעכקייט, אַז יעדע קאַפּיטאַליסטישע מלחמה איז אַן אימפּעריאַליסטישע; פאַר אויסברייטערן די גרענעצן, פאַר רוישטאָפן אָדער פאַר מערק. געוויס, די שוואַכע זענען די באַפאַלענע און מוזן זיך פאַרטיידיקן; אָבער זיי מוזן אויך צוזען, אַז זיי זאָלן אין זייער פאָטערלאַנד נישט זיין קיין שקלאַפן, נאָר די באַזיצערס פונעם פאָטערלאַנד. דאַן וועט אַ סוף נעמען צו די איבערפאַלן. נאָר אין דעם צעגייען מיר זיך". ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער און זיך גענומען געזעגענען: „ס'איז צייט. איך מוז גיין".

„וואָס איז אייער מיינונג", האָט אַדאַם וויַיס געפרעגט דעם זעלנער, האַלטנדיק זיין האַנט; „איז די איצטיקע מלחמה טאַקע געווען די לעצטע, ווי אַ סך מענטשן גלייבן?"

דער קאָמוניסט האָט געענטפערט מיט גאַליקן סאַרקאַזם: „די לעצטע פאַר דער קומענדיקער, אויף וועלכער מ'וועט נישט וואַרטן צו־לאַנג. מיר וועלן זי נאָך דערלעבן, אויב מיר וועלן אויסלעבן אונדזערע יאָרן. דער איצטיקער שלום איז דער זעלביקער שלום ווי נאָך יעדער אימפּעריאַליסטישער מלחמה — אַ

פויזע, כדי זיך צוצוגרייטן צום קומענדיקן קריג". און אַ שטאַרקן דרוק־טוענדיק אַדאַמס האַנט: „איך פריי מיך באמת מיט דער צופעליקער באַקאַנטשאַפט אייערער. איך זאָג דאָס אָן קאָנווענציאָנעלער העפלעכקייט און האָף אַז מיר וועלן זיך ווי־דער זען".

3

ווען יוזשעק איז אַוועקגעגאַנגען האָט דער אָפיציר געזאָגט צו זיין פריינד: „אַ פייערדיקער יונג, מיין פעטער. אַ קאָמוניסט. כ'פאַרשטיי נישט ווי אַזוי ער האָט געקענט זיך שלאָגן מיט די באָלשעוויקעס, זיינע גענאָסן, ביים פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד. אַז די אידייע איז ביי אים מער ווי ליבע און פליכט צום פאָ־טערלאַנד — איז זיכער".

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט אַ מאָמענט נאָכגעטראַכט און דאַן געפרעגט: „און ווי מיינט איר, קאָלעגע? וואָס דאַרף ביי אַ מענטש זיין טייערער — זיין אידייע, וועלכע ער דערוועבט זיך אין לויף פון יאָרן און נישט אָן מי, אָדער דאָס וואָס ער באַקומט אויטאָמאַטיש?"

דער אָפיציר האָט אָנגעקוקט זיין פריינד מיט חשד: „איך פאַרשטיי אייך נישט, קאָלעגע. שוין דאָס צווייטע מאָל אין דער קורצער צייט היינט קומט מיר אויס צו צווייפלען אין אייער פאַטריאָטיזם. דאָס איז פאַר מיר ניי, ווייל פריִער, אויף וויפל איך האָב אייך געקענט, זענט איר געווען אַ גוטער פאַטריאָט. איז מיט אייך באמת עפּעס געשען? איר האָט געפרעגט מיין פעטער, ווי אַזוי די סאָלדאַטן קענען אויפן שלאַכטפעלד אויסהאַלטן דעם ריח פון בלוט. ליבער פריינד! איך ראָט אייך צו גיין צו אַ דאָקטער, צו אַ גוטן נערוון־ספּעציאַליסט".

אַדאַם האָט אַ לאַך געטאָן. דער דאָזיקער לאַך איז דעם יוריסט גרעגאָר שטשעלקאָווסקין אויסגעקומען פאַרדעכטיק. ער האָט שאַרף אָבסערווירט זיין קאָ־לעגע און אַ טרויעריקער אים געזאָגט: „איך מיין דאָס ערנסט, ליבער פריינד".

אַדאַם האָט באמת אויסגעזען שלעכט און פאַרענדערט — אַנדערש ווי ער האָט תמיד פריִער אויסגעזען. ער איז געווען אי דערשלאָגן, אי שטאַרק פאַרטיפט אין געדאַנקען, זיך גראָבנדיק און עקבערנדיק אין זיך. דעם קאָפּ האָט ער איצט געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט, ווי ער וואָלט אים שווער געווען. ער האָט ווידער גע־טראַכט וועגן דעם אָפיצירס אַרויסגערעדטער פראַזע ביים אָנהייב פונעם געשפּרעך: „מערקווירדיקער צופאַל"... יאָ, וואָס איז דאָס, וואָס מיר רופן „צופאַל"? — — — נאָר גאַנץ פלוצלינג, זיך כמעט אַ טרייסל טוענדיק, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט באַפרייען פון אונטער אַ באַרג וואָס איז אויף אים אַרויפגעפאַלן, האָט ער אַ פריי־לעכער (זי צווינגענדיק) אויסגערופן: „ווייסט איר, ליבער קאָלעגע, וועגן וואָס איך בין איצט אַזוי אומגעריכט געקומען צו אייך? — אַז מיר זאָלן גיין אַ הוליע טאָן, ווי אין די אַמאָליקע, נאָך גאָר נישט אַזוי לאַנג פאַרגאַנגענע, גוטע סטודענטישע יאָרן. אַ גאַנצע נאַכט וועלן מיר היינט הולטייעווען... איך ווייס פון עטלעכע נייע פיינע ערטער... באַזונדערס פון איין אָרט; היינט איז דאָרט אַן אינטערעסאַנטער, גאַנץ אָריגינעלער מאַסקנבאַל. קומט! איך בין אויך טויט־הונגעריק".

דער אָפּיציר האָט פּעסט באַשלאָסן בײַ זיך, אַז זײַן קאָלעגע, זײַן פֿרײַנד פֿון די סטודענטישע יאָרן אָן, װײַזט באמת אַרױס סימנים פֿון גײַסטיקער אומ־נאָרמאַלקײט. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז שױן אין יענע צײַטן, װען ער האָט שטודירט, האָט דער דאָזיקער בחור זיך נישט שטענדיק באַנומען װי די אַנדערע סטודענטן. אָבער געלערנט האָט ער בעסער װי אַלע. דאָס הײסט, געלערנט האָט ער גאָר נישט, נאָר די עקזאַמענס האָט ער געמאַכט מיט אױסצײכענונגען. אַרױפֿ־לײגנדיק (אַ האַנט אױף אַדאַמס אַן אַקסל, האָט ער צו אים געזאָגט אַזױ: „בראַ־טשיע... װאָס איז היינט מיט אײַך? איז׳ס אַן אומגליקלעכע ליבע?״ אַז אַדאַם האָט נישט געענטפֿערט: „איך קען לײדער נישט גײן מיט אײַך, ליבער פֿרײַנד. איך בין נאָך דערװײַל אַ סאָלדאַט, און אַ סאָלדאַט, אַפֿילו אַן אָפּיציר, קען נישט גײן װען ער װיל און װוּהין ער װיל. מ׳מוז װעגן אַלעם פֿריִער מעלדן און קריגן אַ דערלױבעניש פֿונעם פֿאָרגעזעצטן״. ער האָט זײַן קאָלעגע באַגלײט צו דער טיר.

## קאַפּיטל זעקס

# אין אַ מאָדנער מענאַזשעריע

### 1

אין משך פֿון אַ גאַנץ קורצער צײַט האָט װאַרשע זיך שטאַרק געענדערט. אין דער דאָזיקער שטאָט איז בײַנאַכט נאָך קײן מאָל נישט געװען אַזױ ליכטיק װי ס׳איז איצט. װאַרשעװער תושבים האָבן דערױף געזאָגט: „די שטאָט טינקט זיך אין ליכט!״ נאָר דאָס איז געװען בלױז אינעם צענטער פֿון דער רעזידענץ, אין די רײַכע טײלן, אָבער נישט אין די אָרעמע; דאָרט איז געבליבן טונקל (כמעט פֿינצטער) װי געװען.

אַװעקגײענדיק פֿונעם אָפּיציר, פֿונעם פֿרײַנד גרעגאָר שטשעלקאָװסקי, האָט דער יונגער אַדװאָקאַט זיך געלאָזט טראָגן פֿון די פֿיס זײַנע איבער גאַסן און געס־לעך. דער הימל איז געװען שװאַרץ, װי באַדעקט מיט סאַזשע. נאָר דער װינט, װאָס האָט אָנגעהױבן בלאָזן בײַם פֿאַרגײן פֿון דער זון און נישט אױפֿגעהערט, האָט דאָ און דאָרט אױפֿגעדעקט טונקל־בלױע פֿאַסן פֿונעם הימל, באַלױכטענע פֿון דער לבֿנה, װעלכע מ׳האָט נישט געזען. קײן פֿראָסט איז דערװײַל נאָך נישט געװען; אָבער די שװערע, אין די בײנער־קריכנדיקע האַרבסט־רעגנס, האָבן שױן לאַנג געהאַט אױפֿגעהערט. די קעלט איז אַצינד געװען אַן עסנדיקע, בײַסנדיקע, אױף דער גרענעץ פֿון פֿײַכטקײט און טרוקנקײט און אָנגעזאָגט שני, אָדער פֿראָסט. דאָך זענען די גאַסן, דורך װעלכע אַדאַם װוּ־ס איז איצט געגאַנגען מיט אַ גאַנץ אַנדערן טראָט, װי נאָכן צעשײדן זיך מיט מאַגדאַן — מיט אַ שנעלערן טעמפּאָ און לעבעדיקן ריטעם — געװען פֿול מיט מענטשן, מיט רײַכע און אױך אָרעמע, יוגנט און מיטליעריקע, אַפֿילו עלטערע. אַלע זענען געטריבן געװאָרן פֿון אײן פֿאַרלאַנג: געניסן, זיך אַמוזירן, װײַלן — גליק... אַלע אין װינטער־מלבושים שױן.

די רייכע — אין טייערע פּעלצן, אין פּיינע מאַנטלען מיט פוטערנע קעלנער; די אָרעמע — אין ביליקע, אָפּגעכוימערטע, פאַרראָכטענע און אויסגעפּוצטע טראַנטעס. טייל פון די אָרעמע, אָבער לעכצנדיקע נאָך פאַרגעניגנס, האָבן אויך געטראָגן „פּעלצן“, נאָר אימיטירטע. אויב זיי האָבן נישט געקענט דערגרייכן צו זיין רייך און צו פאַרמאָגן אמתע סקונקס, ביבערס, סאָבעלס, קאַראַקולס — זאָל זיין נאָכגעמאַכטע. געניסן אָבער פון תענוג, פון עולם־הזה, ווילן זיי גלייך ווי די גבירים. די יונגע פרויען און מיידלעך זענען אַלע געפּודערט און געפאַרבט, אַלע גלייך, די אָרעמע פּונקט ווי די רייכע, אַפילו מיט צירונג באַהאָנגען, אַ סך, אַ סך; נאָר שטאָט עכטע דימענטן און בריליאַנטן, פּערל און אַנדערע טייערע איידלשטיינער אין גאָלד אָדער אין פּלאַטין געפאַסט, האָבן די אָרעמע געטראָגן ביליק גלאָזוואַרג און מעש. דאָך האָט פון זיי געבליצט און געבליאַסקעט.

דער יונגער אַדוואָקאַט איז שטיין געבליבן ביי אַ קרייצונג פון עטלעכע גאַסן. ס'איז אים פּלוצלינג באַפאַלן אַ פאַרלאַנג צו גיין פאַרברענגען אין דער אָרעמער געגנט, דאָרט וווּ ער איז שוין עטלעכע מאָל געווען נאָכן איבערנעמען די פאַרטיידיקונג פון דעם פּראָווינצער אַרעסטאַנט. ווי אַזוי די אָרעמע מענטשן אין יענעם פערטל לעבן האָט ער שוין געזען; נו, וואָלט ער געוואָלט זען, צי — און ווי — זיי אַמוזירן זיך. זיי מוזן דאָך געוויס האָבן וועלכע ס'איז פאַרווייַלונגס־ערטער, טאַנץ־זאַלן. אָן פאַרגעסן זיך פון מאָל צו מאָל וועגן דער פינצטערער נויט זייערער, וואָלטן זיי דאָך דאָס שווערע לעבן נישט געקענט אויסהאַלטן.

שטייענדיק אַזוי אומאַנטשלאָסן וווּהין צו גיין, האָט אַדאַם ווייס אָבסערווירט דעם גרויסן שטראָם מענטשן און געטראַכט ביי זיך: זעקס יאָר מלחמה; 10־15 מיליאָן געפאַלענע; אַ דריי מאָל אַזוי פיל פאַרוווּנדעטע, נישט ווייניקער שווער, קריפּלס אויפן גאַנצן לעבן; און דאָך — די גאַסן זענען נאָך קיין מאָל נישט געווען אַזוי געפּאַקט מיט מענטשן. און אַלע זעען אויס פריילעך. נאָר יונגע מענער זעט מען טאַקע ווייניקער.

די גאַסן זענען געווען אַזוי געפּאַקט, אַז די מענטשן, ווי צוויי שטראָמען אויף ביידע זייטן טראָטואַר, זענען נישט געגאַנגען, נאָר זענען צונויפגעפּרעסטע כמעט געטראָגן געוואָרן פונעם אייגענעם שטראָם. ווי נאַכט־פליגעלעך, וואָס פלאַטערן און קרייזן אַרום ליכט, אַזוי האָבן די מאַסן מענטשן זיך געצויגן צו די ערטער פון פאַרגעניגן. אַן אומגעהייערע קראַפט, ווי די לעבנס־קראַפט פון דער זון, צו וועלכער אַלע פלאַנצן שטרעקן זיך, אַזוי האָט דער אין ליכט און אין פריילעכקייט זיך באָדנדיקער צענטער פון דער שטאָט, געלאָקט צו זיך די איינוווינערס. די אָרעמע, פון די טונקעלע, ענגע און טרויעריקע געסלעך, האָבן זיך געטראָגן מיט נאָך גרעסערער זשעדנעקייט ווי די רייכע. אַהין, אַהין, וווּ מ'קען פאַרגעסן די שווערע זאָרג, אַלע צרות און די פּיין! אַהין, דאָרט אַהין, וווּ מ'זעט שיינע און טייערע זאַכן אין די גרויסע שויפענצטער פון די גרויסע געשעפטן! צו די שיינע און ברייטע גאַסן, וווּ ס'איז ליכטיק! אַהין, וווּ ס'שטייען הויכע, פּרעכטיקע הייזער! אַהין, וווּ די לופט איז אַזוי מחיהדיק און מ'הערט אַזוי פיל לאַכן און מ'קען אַליין אויך לאַכן!

## 2

אַ שטאַרק הונגעריקער איז דער יונגער אַדוואָקאַט אַרייַנגעגאַנגען אין אַ באַר, וועלכער איז פון דרויסן געווען העל־באַלויכטן דורך גרויסע, מילכווייסע עלעקטרישע לאָמפּן אין דער פאָרעם פון קוואַדראַטן. דאָס ענגלישע וואָרט "Dancing" אין שויפענצטער, די פאַרביקע בוכשטאַבן ווי לאָקנדיקע פיגורן אין טאַנץ, האָט געררייצט און געכישופט. אינעווייניק זענען די ווענט פונעם גרויסן זאַל געווען, ביז דער הויך פון אַ מענטש, מיט שפּיגל. דיסקרעטע ראַפינירטע באַלייכטונג. די טישן זענען אַלע געשטאַנען ביי די ווענט, מיט פּאָטעלן און קליינע סאָפקעלעך פאַר צוויי מענטשן, פאַרשטעלט פון שפּאַנישע ווענטלעך, מיט פאָרהאַנגען פאַרן אַרייַנגאַנג. דאָס זענען געווען פאַמיליען־אַלקערלעך אין פאַרשידענער גרייס, פאַר צוויי אָדער מער. אַלץ אין פיינע פאַרבן, קינסטלעריש סטיליזירט, די באַלייכטונג — דער גאַסט האָט זי אַליין אָנגעצונדן, אויב ער האָט געוואָלט — איז געווען נאָך ראַפינירטער ווי אין זאַל. אויף יעדן טיש אַ שיינע וואַזע מיט בלומען.

צום יונגן אַדוואָקאַט איז צוגענומען אַ שיינע קעלנערקע. זי האָט אים באַגריסט מיט אַ פיינעם, וואַרעמען שמייכל, וואָס האָט זיין שטימונג — יעדנפאַלס אַ נישט זייער הייטערע — גלייך געענדערט. זיין בליק האָט אויפגעשיינט, איז געוואָרן עטוואָס שטיפעריש, אָבער אויף אַן איידעלן אופן, נישט וווּלגאַר. איר בליק איז געוואָרן שאַלקהאַפטיק. זי האָט דעם גאַסט געפרעגט וואָס ער וויל און איז אַוועק ברענגען דאָס באַשטעלטע. צו זיין גליק האָט ער געטראָפן אַ לער אַלקערל פאַר אַ פּאָרל. די רעשט זענען אַלע געווען פאַרנומען. די מייסטע געסט זענען געווען יונגע פּרויען, פרויען אין די שענסטע און בעסטע יאָרן. צווישן זיי זענען געווען טייל גאָר שיינע, אַפילו גאַנץ הערלעכע. אַלע פון דער „פיינער", רייכער געזעלשאַפט. פאַרשטייט זיך, אַז ס'זענען געווען צווישן זיי גענוג יונגע אַלמנות און כלות אָדער געליבטע פון די געפאַלענע אויף די שלאַכטפעלדער.

פון די כסדר אַרייַנקומענדיקע געסט איז כמעט יעדעס מאָל צוגעקומען אַ יונגע פרוי צו דעם אָפּגעלאָזטן אַרייַנגאַנג אינעם אַלקערל פונעם יונגן אַדוואָקאַט און אים געפרעגט, צי זי מעג זיך זעצן ביי זיין טיש. נאָר ער האָט כמעט ווי נישט געענטפערט, יעדנפאַלס נישט מיט דער געהעריקער קאַוואַלערישער איינלאַדונג, אָדער כאָטש גענוגנדיקער העפלעכקייט. נאָר האָט בלויז עפּעס אַ ברום געטאָן, אָדער גאָר אויסגעגלאָצט אַ פּאָר דערשטויַנט־פרעגנדיקע אויגן, וואָס איז געווען גענוג אַז די צוערשט ליבלעך־שמייכלדיקע דאַמע זאָל אַוועקגיין אַ באַליידיקטע און געקרענקטע. נאָר דאָס האָט איצט דעם יונגן אַדוואָקאַט אַבסאָלוט נישט מצער געווען. נאָר עפּעס האָט אים היינט, מער ווי יעדעס אַנדערע מאָל פריִער, די נישט לאַנג איינגעפירטע אַמעריקאַנער דזשעז־מוזיק באַזונדערס גערייצט. זי איז אים אויסגעקומען ווי אַ מיאַוקען פון קעץ... דערביי דאָס זבענצן פון פויקן און טאַצן. פונקט אַזוי משונהדיק זענען אים אויסגעקומען די מאָדנע אַמעריקאַנער טענץ. איין טאַנץ: אַ פּאַמעלעך, פאַרשלאָפן און פאַרחלומט שטיל זיך שאַרן פון פּאָרלעך איבערן זאַל, איז אַזוי לאַנגווייליק, אַז ער האָלט אין איין גענעצן. דערביי סודען זיך די פּאָרלעך ביים דאָזיקן שטילן קריכן הין און צוריק, סודען זיך,

לאַכן און רויטלען זיך... אַ צווייטער טאַנץ: פּשוטער עקסהיביטיזם. פוי! ס'אַראַ באַוועגונגען!... עקלהאַפט! בייגן זיך, דריקן די קני'ען צווישן די שענקלען, פּרעסן זיך איינער אין צווייטן און בלייבן אין עקסטאַז שויס צו שויס...

דאָך, אַ זאַטער און אויפגעהייטערטער נאָכן עסן און עטלעכע שנאַפּסן, איז ער צוגעגאַנגען צו אַ דאַמע, האָט זיך פאַרנייגט און געטאַנצט מיט איר דעם זעלבן טאַנץ. דער סאַקסעפאָן האָט זיך דערביי אַלע מאָל פאַרקייכט... די פידלען זענען זיך פאַרגאַנגען אין גרויס בענקשאַפט... די פייקלעך האָבן געשיט מיט פייערדיקן שרויט... ווען זיין רעכטע קני איז אויסגעקומען צווישן אירע שענקלען און איר לינקע קני צווישן זיינע, האָט זי מיט פאַרצערנדיקער תאווה אים געבריט און זיך געפּרעסט מיט איר פולן בוזעם צו זיין ברוסט... זי האָט אים הייס געשעפּטשעט אין אויער: „קאָכאַני"... און נאָך שטאַרקער אַרויסגעשטעלט דעם אונטערשטן טייל בויך, פאַלנדיק אין זיינע אָרעמס מיט האַלב־געשלאָסענע אויגן...

3

אין די גאַסן איז געוואָרן אַ ביסל שיטערער. דער גרעסטער טייל פונעם עולם, וואָס האָט זיך אַרויסגעלאָזט פון די אָרעמע געגנטן אַ ביסל ווײַלן, האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעווײַלט, גאַפּיענדיק אין די שויפענצטער, באַוואונדערנדיק די אַלע שיינע און טייערע זאַכן, וועלכע מ'קאָן האָבן, אַז מ'האָט געלט. זיי האָבן זיך פאַרכלינעט מיט דער גרויסער ליכטיקייט, באַלעקט די שמאַכטנדיקע ליפּן פאַר די לוקסוסדיקע צוקערניעס און געשלונגען די בילדער אויף די פּלאַקאַטן פאַר די קינאָס און קאַבאַרעטן. זייערע אויגן האָבן געגליט פון לוסט און קנאה. הונגעריקע, האָבן זיי גיריקע אין זיך אַריינגעצויגן די אַפּעטיט־רייצנדיקע ריחות, וואָס זענען אַרויסגעקומען דורך די אַלע מאָל אויפּעפּענענדיקע טירן פון רעסטאָראַנען, פאַר וועלכע זיי זיינען שטיינגעבליבן. דער הונגער האָט געשלעפּט אַריינצוגיין, פּונקט ווי דאָס האַרץ האָט געצויגן אין די ערטער פון אַמוזירונג. אָבער יעדער האָט מיט זיך אַרומגעטראָגן אַ שטאַרקן שומר — די ליידיקייט אין די קעשענעס. האַלב־געפרוירענע פון דער קעלט זענען די אָרעמע צוריקגעגאַנגען צו זייערע פינצטערע און טרויעריקע היימען. פאַר טויערן פון הייזער, באַזונדערס אָבער אויף די ראָגן פון די גאַסן, האָבן איצט געראַיעט פּראָסטיטוטקעס. זיי האָבן דאָ קיין מאָל נישט געפעלט; אָבער צייט די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן האָבן זיי זיך געהאַלטן אין איין פאַרמערן. צו עטלעכע מיט אַ מאָל האָבן זיי באַלאַגערט יעדן מאַנסביל, וועלכער איז געגאַנגען אָן אַ פרוי און אים אויסגערעכנט די גרויסע פאַרגעניגנס, וואָס זיי גיבן פאַר גאַנץ ווייניק געלט. און דאָך האָבן זיי געמאַכט שלעכטע געשעפטן. פּשוט דערפאַר, ווייל דער אָנבאָט איז געווען אַ סך, אַ סך אַ גרעסערער ווי דער נאָכפרעג אויפן דאָזיקן מין סחורה. בלויז די קלוגערע פון זיי — נייך, נישט די שענערע אָדער יינגערע, נאָר די וועלכע האָבן פאַרשטאַנען צו שפּילן די ראָלע פון אומשולדיקע, אָדער פון געהערן צו אַדל, צו דער הויכער, אַריסטאָקראַטישער געזעלשאַפט — זיי האָבן גיכער געפאַקט קונים; פרייערס, פון וועלכע זיי האָבן זיך געלאָזט פאַרפירן... אויף פונעם יונגן אַדוואָקאַט האָבן די דאָזיקע „צניעות" אויסגעקוקט „פאַרפירט"

צו ווערן. נאָר ער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף זיי. זיין געדאַנק איז געווען פאַר־נומען מיט גאַנץ עפּעס אַנדערש. ער האָט געוואָנט, אַז אין אים האָט זיך אָנגעהויבן אַן ענדערונג. ס׳אַראַ ענדערונג? וווּהין וועט זי אים פירן? — דאָס איז פאַר אים נאָך געווען גאַנץ טונקל. אָט די טונקלקייט, דאָס נישט קאָנען תופס זיין וואָס מיט אים קומט פאָר, האָט די צערודערונג, וואָס האָט זיך שוין לאַנג אָנגעהויבן אין אים, איז פונעם היינטיקן שפּאַציר מיט מאַגדאַלען נאָך גרעסער געוואָרן. די צערודערונג האָט אים געקוועלט און ער האָט איצט געוואָלט זיך באַפרייען פון איר דורך הוליען. אָבער פונעם באַר איז ער אַרויסגעקומען נאָך אין אַ שווערערן זעלישן מצב, ווי ער איז געווען איידער ער איז דאָרט אַריינגעגאַנגען. וווּהין זאָל ער איצט גיין? ער האָט געוווּסט פון געגנוג ערטער, געהאַט אַ גרויסן אויסוואַל. וואַרשע האָט דעמאָלט גע־הוליעט אויף אַלערליי אופנים. אין דער מלחמה־צייט, באַזונדערס אָבער נאָכן גרויסן נצחון, האָבן זיך געעפנט אַ סך טאַנץ־סאַלאָנען, קאַבאַרעטן, באַרן, פאַרשידענע נאַכט־קלובן און אַנדערע פאַרווייַלונגס־ערטער. מ׳האָט געפּראַוועט אַלערליי בעלער, טייל, ווו ס׳האָבן געמעגט קומען נאָר איינגעלאַדענע אָדער רעקאָמענדירטע, ווו די טירן זענען געווען פעסט־געשלאָסענע און גוט באַוואַכטע. די אַמוזירונגס־פּלעצער זענען אַלע געווען פולגעפּאַקט, צומייסט מיט די טויזנטער מלחמה־גבירים.

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט באַשלאָסן צו גיין צום מאַסקנבאַל, צו וועלכן ער האָט געוואָלט מיטנעמען זיין פריינד גרעגאָר. ס׳איז אינעם קלוב, אין וועלכן ס׳קאָנען קומען בלויז די גרעסטע יחסנים, די געקליבענסטע פון דער אַריסטאָקראַטיע, די „אויבערשטע צען טויזנט״, צו וועלכע ס׳געהערט אַזאַ באַנקיר ווי איגנאַץ ווײַס עט פאַמיליע. אַ מאַסקע, אויב מ׳האָט נישט קיין אייגענע, קריגט מען דאָרט.

4

די באַלייכטונג, אַפילו אין די קאָרידאָרן, איז אַזאַ קונציקע, פאַנטאַסטישע, אַז שוין דאָ פאַלן די געסט אַריין אין אַ גאַנץ מערקווירדיקער שטימונג: סע בייט זיך ממש זייער נאַטור, זיי ווערן ווי באַפרייט פון דעם אַלעם וואָס דריקט זיי שטענדיק, ס׳נעמט זיי אַרום אַ קיצלדיקע געהיימנישפולקייט, וואָס רייצט די נייגעריקייט און וועקט מיט איין מאָל אויף אַלע פאַרבאָרגענע און פאַרבאַטענע גלוסטעניש. די גרויסע פאַרהאַליע איז פון רויטלעכן מאַרמאָר. די טרעפּ צום הויפּטזאַל זענען פון שוואַרצן באַזאַלט, באַלייגט מיט שווערע פאַמפּס־רויטע טעפּיכער. דאָס גאַלענדער איז אַ געפלעכט פון קייטן, געמאַכט פון קופער־גרינע קוואַדראַטנע רינגען, געצויגן דורך באַגילדעטע לוסט־פיגורקעס. די דילן אומעטום זענען פון פאַרביקן מאָזאַיק און שטעלן פאָר וואַסערן, אין וועלכע ס׳באָדן זיך נאַקעטע פעיען. דער סופיט דערמאָנט דעם הימל אין אָריענט, אין וועלכן ס׳שוועבן אַלערליי נאַקעטע, געטלעך־שיינע טעכטער, מלאָכטעס מיט די הערלעכסטע, כישופדיקסטע ווייבלעכע פאָרמען. עס שטייען מאַרמאָרנע ווענוסעס, דיאַנעס, באַקכוסעס און פאַנס — אין אַלע ליבע־פּאָזעס. ביי די זייטן פון די ווענט און אין די ווינקלען שטייען גאַרלאַנדעס, פאַלמעס און יאַפּאַנישע טאַנען. דער אַראָמאַט איז ווי אין אַ בלומען־גאָרטן.

דאָס שווערסטע פּראָבלעם איצט פאַרן יונגן אַדוואָקאַט איז דאָס אויסזוכן זיך

אַ מאַסקע. ער האָט שוין איבערגעקוקט אַלע מאַסקעס, אָבער קיין איינע געפעלט אים נישט. די פרײלן, וועלכע באַדינט אים, גיט אים פאַרשידענע עצות, אָבער ער קען קיין איינע נישט אָננעמען. זי שמייכלט: „איר זענט צו־איבערקלייבעריש". לויטן טאָן אירן און קוקן אויף אים, ווייסט ער נישט: מאַכט זי אים דערמיט אַ קאָמפּלימענט אָדער אַ פאַרוואָרף. זי האָט אים אויסגערעכנט עטלעכע נעמען פון די גאַר גרויסע „קאַרפּנקעפּ", גראַפן און הויכע רעגירונגס־לייט, וועלכע נעמען אָנטייל אין היינטיקן מאַסקנבאַל, און צום סוף ווי באַטאָנט: „איר ווילט עפּעס גאַנץ באַזונדערס, עפּעס וואָס זאָל איבעררעאַשן"...

צווישן די אויסגערעכנטע האָט די פרײלן דערמאָנט אויך דעם נאָמען „קאַ־טאָווסקי".

„וועלכער, דער אַלטער אָדער דער יונגער?" — ער האָט ביים פרעגן זיך באַמיט, אַז מ׳זאָל גאָרנישט דערקענען, נישט אין זיין טאָן און נישט אינעם אויס־דרוק פון זיין פּנים. ס׳איז, אַזוי צו זאָגן, בלויז אינטערעס אָדער נייגעריקייט פון אַ באַזוכער.

„דער יונגער גראַף", — האָט זי געגעבן אויסקונפט.

„אַליין?"

„יאָ, אַליין".

„ס׳אַראַ מאַסקע טראָגט ער?"

זי האָט אים ווידער אָנגעקוקט אַזוי ווי פריִער און מיטן זעלבן געהיימנישפולן קאַלטן שמייכל געענטפערט שטרענג: „איר ווייסט, אַז דאָס טאָר מען נישט פאַרראַטן".

אַדאַם ווײַס האָט אַרויסגעגראַבלט דאָס פּיצינקע זייגערל פון זיין לינקן וועסטל־קעשענקעלע, אַ קוק געטאָן דערויף און זיך פאַרטראַכט וועגן עפּעס.

„נו, ס׳אַראַ מאַסקע וועט דער וויעלמאָזשנע פאַן נעמען?" זי האָט געפרעגט שוין אַ ביסל אומגעדולדיק, הגם אין געהעריק פיינעם טאָן, און מיט באַזונדערער ליבנסווירדיקייט דאָן צוגעגעבן: „ס׳איז באמת שווער צו קומען אויף עפּעס אָריגי־נעלס, ווייל אונדזערע באַזוכערס, ווי וויעלמאָזשנע פאַן ווייסט, זענען אַלע פון העכ־סטער אינטעליגענץ".

„יאָ, שווער", — האָט ער מסכּים געווען. ער האָט אויפן קול זיך אַן עצה געהאַלטן מיט זיך אַליין: „אפשר אַלס טשערקעס? — ניין, אַלס טערק".

די פרײלן האָט זיך אַנטשולדיקט פאַרן אַריינמישן זיך מיט אירס אַ באַמער־קונג: „דאָס וואָלט געווען נישט גאַנץ טאַקטיש; די טערקן האָבן געקעמפט אויף דייטשלאַנדס זייט"...

„זייער ריכטיק". ער האָט איר געדאַנקט און געמאַכט אַ קאָמפּלימענט וועגן איר אינטעליגענץ. זי האָט אים איבערגעגעבן, אַז די מייסטע געסט וועלן היינט טראָגן סאַטירישע מאַסקעס פון פּאָליטישן כאַראַקטער, ווי למשל: זיי וועלן אָפּלאַכן פון די פריִערדיקע הערשער אין דייטשלאַנד און פון די באָלשעוויקעס. אָבער ס׳וועלן אויך זיין אומשולדיקע מאַסקעס, בלויז צום פאַרווײַלן, ווי אַזעלכע, וואָס וועלן זיך פאַרשטעלן פאַר אַלערליי חיות.

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט אויסגערופן: „איך האָב אַן אידייע! איך וועל זיין דער טויט!"

„שרעקלעך!"

ער האָט זיך צעלאַכט: „אָבער נייִן!... דער טויט איז אַבסאָלוט נישט שרעקלעך, ער זעט נישט אויס ווי אַ סקעלעט מיט אַ טויטנשיידל, מיט לעכער שטאָט אויגן און אַרויסגעשטשירעטע ציין. און ער האַלט נישט קיין קאָסע אין האַנט; נייִן, נייִן״...

## 5

די דעקאָראַציעס אינעם זאַל — נישט בלויז אויף דער בינע — זענען געווען פאַנטאַסטיש און באמת קינסטלעריש. די געסט האָבן זיך געפונען סיי אין אָריענט און סיי אין אָקצידענט... קיין רייען שטולן צום זיצן זענען נישט געווען. יעדער האָט געקענט טאָן וואָס ער האָט געוואָלט: שטיין, אַרומגיין, זיך זעצן אויף אַ פעלדז, צי אויף גראָז, אָדער זיך אויסצי‌ִען און ליגן. איינער צום אַנדערן איז צוגעגאַנגען אָן צערעמאָניעס. קיין שום קאָנווענציעס. מ׳לאַכט, מ׳רעדט, מ׳שפּאַסט, מ׳פּאַרליבט זיך. יעדער איז באַשטרעבט צו געבן און צו נעמען.

זייער אַ סך — אַ ביסל צו פיל — האָבן זיך פאַרשטעלט פאַר חיות: פאַר לייבן, טיגערס, לעמפּערטן, בערן און שאַקאַלן. אַן אמתע, הגם מאָדנע מענאַזשעריע. נאָר פרידלעכע הויז־חיות, ווי חזירים, אייזלען, קי — זיי פעלן. צווישן די פּאָליטיש־סאַטירישע מאַסקעס דאָמינירן דער קייזער ווילהעלם דער צווייטער מיט די אַרויפגעדרייטע וואָנצעס ווי צוויי קינזשאַלעכלעך; הינדענבורג מיט זיינע גראָבע פאַרדרייטע וואָנצעס, ווי אַ שלעזישער פויער; לודענדאָרף, ווי אַ פאַרזעעניש פון אַן אָקס און אַ קרעטען; דער דייטשער אונטעראָפיציר — אַ קנעכט, אַ סאַדיסט, אַ קאַלטער מערדער, ווען נייטיק. די באָלשעוויסטישע רעגירונג איז פאָרגעשטעלט דורך ראַדעקן, קאַמעניעוון, זינאָוויעוון, טראָצקין און נאָך עטלעכע ייִדן. דער איינציקער נישט־ייִד איז לענין. די באָלשעוויסטישע קאַריקאַטורן זענען צו־גראָב, צו־ביליק. דער טראָפּ איז געלייגט אויפן אַנטיסעמיטיזם און שרעקלעכער גרויזאַמקייט. דאָס איז די טענדענץ. טראָצקי האָט אַ רויטע ציגנבאָרד, די פיס פון אַ באָק, קרומע און קורצע הערנער, אַ פיסק פון אַ שרעקלעכער חיה, לאַנגע הענט, די פינגער מיט שפּיציק־רויטע נעגל, די נאָז פון אַ רויב־פויגל; אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע מיט אַ טלית־קטן, מיט אַ דיקן גאַרטל אַרום די לענדן, אויף וועלכע ס׳הענגען קאַלט־בליצנדיקע חלפים, רעוואָלווערן, קינזשאַלן און באָמבעס. אונטער יעדן אָרעם האַלט ער אַ קינד מיט אַן איבערגעשניטענעם האַלדז און אויפגעטרייבערט בייכל. די אַנדערע ייִדישע באָלשעוויקעס זענען באַנקרויבער, קירכן־צעשטערער, שריפות־מאַכער. לענין איז אַ סאַטאַן מיט מאָנגאָליש שמאָלע אויגן. נאָר מערקווירדיק: דאָס וויסטע פאַרזעעניש, טראָצקי, האָט כמעט דעם גרעסטן דערפאָלג ביי די פרויען.

אַ סך פרויען זענען פאַרשטעלט פאַר אינדיאַנערנס, מולאַטנס, יאַפּאָנעזערנס, כינעזערנס און אַראַבערנס. אָנגעטאָן ווי די נאַטורקינדער אין אַפריקע, דאָס הייסט, כמעט נאַקעט, בלויז מיט גאַרטלעך אַרום די לענדן און די בריסטן טיילווייז פאַרדעקט מיט בוזעם־שמוק, וואָס רייצט מער ווי די נאַקעטקייט. זיי זענען גליקלעך, וואָס זיי האָבן די געלעגנהייט צו קענען ווייזן זייער שיינקייט מער ווי בלויז דעם אייגענעם מאַן, גליקלעך באַוווּנדערט צו ווערן פון הונדערטער מענער־אויגן, צו וועקן זייער ליידנשאַפטלעכן באַגער, זייער תאווהדיק שמאַכטן צו דער באַזונדערער

פולקייט פון זייער ברוסט און קערנדיקייט פונעם קערפּער, אָדער צו דער נאָך מיידלערישער שטייפקייט פון די כמעט נאָך קאַפּויערשטייענדיקע קליינע בריסטן, ווי נאָר וואָס רייף־געוואָרענע פּרוכטן; זיי האָבן פאַרגעניגן פונעם פילן די הייסע בליקן פון די מענער אויף זייערע שיינע היפּטן מיט די געשווונגענע ליניעס פון אונטן ביז אַרויף. ס'זענען דאָרט דאָ מענער, וואָס קענען זיך באַגייסטערן און ווייסן ווי צו שעצן אַ שלאַנקן אָרעם, אַ שלאַנקן קערפּער. נישט איינע צווישן די פרויען לעבט איבער דאָס זעלבע וואָס אַ קינסטלער, ווען זיינע ווערק זענען אויסגעשטעלט אין מוזיי אָדער סאַלאָן און קריגן די פאַרדינטע אָנערקענונג פון מבינים און געניסערס פון עסטעטיק, שטאָט זיך צו געפינען אין די סטודיעס. גענוג שיינע פרויען ווייסן, אַז דער צויבער פון זייערע קערפּערס, דער כישוף פון די פאָרמען, הערט מיט דער צייט אויף צו רייצן דעם מאַן מיט וועלכן מ'לעבט אַ לענגערע צייט צוזאַמען, אַפילו ווען זיין ליבע האָט זיך נאָך נישט אין גאַנצן אויסגעוועפּט. און די מייסטע מענער האָבן דאָך כמעט נישט קיין פאַרשטענדעניש פאַר דער שיינקייט פון זייערע פרויען, אַפילו פאַר די הערלעכע, וועלכע זיי ליבן. די מייסטע מענער כאַפּן זיך בלויז צו — אין דער טונקלקייט אָדער גאָר פינצטערניש — צום לייב פון דער פרוי, ווי אַ הונגעריקער צו אַ שטיק פלייש. און זוכט זי דאָס, נאָך וואָס זי בענקט ביי אַ זייטיקן געליבטן — ער זאָל באַוווּנדערן די שיינקייט פון איר קערפּער — קריגט זי עס — ווען זי האָט אַזאַ איינעם געפונען — אויך בלויז נאָר אַ קורצע צייט. דאַן איז ער דערזעלבער ווי איר מאַן. זי אָבער וויל, אַז איר שיינקייט זאָל זיין נישט בלויז אַ לאָקמיטל פאַרן מאַנס גענוס, ווי געווירץ רייצט די צונג און דעם גומען צום מאַכל; זי וויל אַז איר שיינקייט זאָל אַרויסרופן באַוווּנדערונג, גייסטיקן גענוס, עקסטאַז, ווי אַ קונסטווערק. לײדנשאַפטלעך בענקט זי דערנאָך, כאָטש זי זאָגט אַז זי בענקט פאַרשטאַנען צו ווערן פונעם מאַן אַלס מענטש. דער מאַן ווייסט אָבער נישט, אַז זי מיינט באַוווּנדערונג, אומאויפהערלעכע באַוווּנדערונג.

דער יונגער אַדוואָקאַט (דער „טויט") האָט דערבליקט צוויי יונגע „ציגיינערנס" און איז פאַרבליפט געוואָרן: ווי וווּנדערלעך שיין!... ס'אַראַ אויגן!... ווי פאַרפירע־ריש!... און דאָרט, יענע פויערן־מיידלעך!... די „קראַקאָוויאַצקעס" אין זייערע בונטע, נאַציאָנאַלע קליידער, מיט אַ סך פאַרביקע סטענגעס און בייטשן פאַטשערקעס פון אַלערליי קאָלירן אַרום די שיינע ווייסע העלדזער!... דאָרט זיצט אַ „וואַסער־נימפע"!... ער איז צו איר צוגעגאַנגען נענטער, כדי זי בעסער צו זען. זי ליגט אויף אַ לאָנקע, צווישן ווייסע פעלד־ליליעס און פלאַמיק־רויטע מאָנבלומען, איינ־געהילט אין אַ שלייער פון בלוילעך־גרינעם טיול, מיט גאָלדענע פלוספעדערן און אַ לאַנגן פיש־עק. די שופּן גלאַנצן פערלמוטערן. דער טיול איז אַזוי דין, אַז מ'זעט אַרויס די צו שטאַרקע רויטקייט פון די ברוסט־וואָרצלען. די בריסטן זענען שוין איינגעפאַלענע, מאָטשיקע, און הענגען לײדיקע. זייער ווייסקייט אָבער בלענדט אַזש. די גאָלדענע הערלעך פונעם גליקסבערגל זענען ווי שטראַלעכלעך... נישט ווייט פון דער נימפע איז אַ זילבערן טייכל לעבן אַ גרין וועלדל. דאָרט איז נאַכט. דער הימל איז אויסגעשטערנט. די שטערן זענען אָבער אַביסל צו־גרויס און פינקלען צו־שטאַרק. די לבנה ווידער איז צו־ווייס. דאָך; אַ פאַרפירערישע נאַכט ווי אין אַ צויבער־מעשהלע. ס'פעלט טאַקע אויך נישט דער פאַרבלאָנדזשעטער פרינץ אין וואַלד, וועלכן די נימפע לאָקט צו זיך... ער דערזעט זי און נעמט לויפן

צו איר מיט אויסגעשפרייטע אָרעמס... זי אָבער — באַך! — פאַרשוווּנדן איז זי אינעם זילבערנעם טייכל...

דער „טויט" איז געבליבן אַליין. נאָר אָט האָט ער דערזען אַ שיינע „פּאַס־טושקע" און שאַרט זיך צו איר. זי האַלט אַ ווערבע־צווייגל אין קליינעם הענטל מיט די ראָזע מאַניקירטע נעגל און זינגט אַ זיס־טרויעריק פּאַסטושקע־ליד פון אַ יתומה, וועלכער ס'גייט זייער שלעכט, ווייל זי איז איינע אַליין אין דער וועלט און זי בענקט זייער שטאַרק אין איר גרויסער איינזאַמקייט. נאָר באַלד אויפן ערשטן קוק דערזעט דער יונגער אַדוואָקאַט אַז די יונגע שיינע „פּאַסטושקע" איז נעבעך אַן אַלטע, פאַרזעסענע, מיאוסע מויד. זי דערשרעקט זיך, דערזעענדיק פאַר זיך דעם „טויט". שמייכלט ער צו איר און באַרויקט זי: „האָב קיין מורא נישט, שיינע פּאַסטושקע, קליינע יתומה... דיר וועל איך גאָרנישט טאָן... דיך וועל איך מיט מיר נישט נעמען"... ער לאָזט זי טאַקע גלייך שטיין און גייט צו צו צוויי שיינע פויערן־מיידלעך. נישט ווייט איז אַ דאָרף. זיי גייען פון דאָרט אויף אַ שמאָ־לער סטעזשקע אין אַ פעלד מיט גאָלדענע זאַנגען. דער „טויט" נעמט פלירטעווען מיט די צוויי שיינע דאָרפס־מיידלעך. באַלד קומען צו עטלעכע פון די „קראַקאָ־וויאַצקעס", גאָר חנעוודיקע אין די געפּאַסטע שוואַרץ־סאַמעטענע טוניקעס, גע־שנירטע פאָרנט מיט רויטע סטענגעס, אין ווייסע בליוזקעס מיט געבופטע אַרבל און אין געלע, גרינע אָדער בלויע ספּודניצקעס מיט קליינע פּאַלבעלעך אַרום און אַרום, אין הויכע שוואַרצע טשיזמעלעך מיט מעשענע קולקעס, מיט שנירן בונטע פּאַטשערקעס איבער די ווייסע שלאַנקע העלדזער און הינטן, איבערן רוקן, פלאַטערן בענדער פון די שרייענדיקסטע קאָלירן. (אַזוי זענען זיי געווען אָנגעטאָן ווען ס'איז געפייערט געוואָרן דער גרויסער נצחון). דער „טויט" מאַכט זיי זיסע קאָמפּלימענטן, האַלט זיי אין איין באַוווּנדערן און רעדט זיי מיטצוגיין מיט אים; ער איז געקומען זיי נעמען, זיי מוזן שטאַרבן, ווייל זיי זענען אַזוי שיין... דערביי קומען צו דריי „שפּאַנישע ריטער" אין קורצע ליליע־סאַמעטענע הייזקעס, אין ווייסע זאָקן און רויטע לאַטשן מיט גאָלדענע שנאַלן, אין ברוין־פּליושענע וועסטן מיט געבופטע אַרבל, מיט שפּיציקע בערדלעך און קליינע שווערדלעך ביי די זייטן.

איין ריטער טוט העלדיש אַ שטעל אַרויס די ברוסט, לייגט די האַנט אויפן גריף פונעם שווערדל, גרייט אַרויסצוציִען דעם זעבל פון דער שייד און פרעגט ביי די שיינע דאַמען: „ווער איז דער? זעט אויס ווי דער מלאך־המוות, אָבער אויך ווי אַמאָר"...

„ווי אַפּאָלאָ"... האָט די שענסטע פון די „קראַקאָוויאַצקעס" זיך אָנגערופן.

די דריי „ריטער" האָבן זיך צעלאַכט: „אַפּאָלאָ!... כאַ־כאַ־כאַ!... אַפּאָלאָ"!...

„וויל ער אייך פאַרפירן?" — האָט דער צווייטער פון די „ריטער" געפרעגט די „שוצלאָזע" פאַניענקעס און ווי דער ערשטער זיך געכאַפּט צו דער שווערד.

„וויל ער אייך שלעכטס טאָן?" — האָט געפרעגט דער דריטער און גענומען ציִען דעם זעבל פון דער שייד.

„ניין", האָבן די שייניקע אַלע געענטפערט און פאַרפירעריש געלאַכט, ניין, אַפּאָלאָ קען אונדז קיין שלעכטס נישט טאָן"...

„אָבער ער איז דאָך דער טויט, דער מלאך־המוות!" — האָבן די דריי „ריטער" געוואָרנט די מיידלעך.

„ניין, ער איז אַמאָר, אַמאָר!“ האָבן די חנעוודיקע זיך געעקשנט און נישט אויפגעהערט פּאַרפּירעריש צו לאַכן מיט קלינגענדיקע קולעכלעך, ווי זיי וואָלטן געזונגען. „ער איז אַמאָר... אַמאָר און דער טויט זענען ביידע גלייך שטאַרק, זענען ביידע אייביק... די ליבע דערלייזט און באַגליקט... אויך דער טויט דערלייזט... די ליבע פּאַראייניקט... אויך דער טויט פּאַראייניקט“...

די „חיות“ דרייען זיך אַרום אינעם „אַפריקאַנישן דזשונגל“ פונעם ריזיק־גרויסן זאַל. ס'צעברילט זיך אַ „לייב“. די אַנדערע „לייבן“, די „טיגערס“, די „לעמפּערטן“ — אַלע צערעוועון זיך. די „שאַקאַלן“ נעמען וואָיען. ס'באַווייזן זיך די „בערן“. די „הונגעריקע רויב־חיות“ זוכן הירשן, אָדער אַנדערע חיות מיט געשמאַק פלייש צו פּאַרצוקן. אַ „לייב“, מיט אַ געוואַלדיקער גזשיווע, גרייט זיך צום שפּרונג. ער האָט דערזען אַ יונגע „מולאַטן“. שוין האָט ער זי אין זיינע לאַפּעס. נאָר ער פּאַרצוקט זי נישט, ער טוט איר נישט קיין שלעכטס. ער באַשמעקט זי בלויז פון אַלע זייטן און שמייכלט צו איר „לייביש“... ער ציט זיך אויס צו אירע פיס, באַלעקט זיי, באַלעקט די לידקעס, די קני־ען... דעם „לייבס“ צונג קריכט העכער; אָבער די שיינע „מולאַטקע“ לאָזט אים נישט ווייטער. דער „לייב“ רייבט זיין גרויסן קאָפּ מיט דער צעכוואַליעטער גזשיווע אין אירע שענקלען. זי לאַכט, נעמט דעם לייבנקאָפּ אין אירע אָרעמס און טוליעט זיך צו דער מעכטיקער לייבנ־ברוסט. זי גלעט די לייבן־גזשיווע און רעדט צום „לייב“ ליבע רייד. דער „לייב“ איז זייער גליקלעך און איז דער שיינער און יונגער „מולאַטין“ דאַנקבאַר אויף אַ לייבישן אופן — מיט די „לאַפּעס“, ליפּן און צונג. פּלוצלינג אָבער ווערט ער ווידער ווילד — ער איז דאָך אַ בעסטיע — און וואַרפט זיך אויף דער „מולאַטקע“. ער איז הונגעריק און וויל זי פּאַרצוקן... זי אָבער לאָזט אַרויס אַ קלינגענדיק געלעכטער, שפּרינגט אויף און אַנטלויפט אין דער טונקלקייט פונעם „דזשונגל“. דער „לייב“ יאָגט זי נאָך; ער מאַכט געוואַלדיקע שפּרונגען. נאָר זי איז מער נישטאָ אינעם „דזשונגל“. פון דאָרט האָט זי זיך געראַטעוועט קיין אייראָפּע. איצט איז זי צווישן די ציוויליזירטע מענטשן און זיי ווילן זי באַשיצן. דער דאָזיקער „לייב“ ווייסט אָבער נישט פון קיין גרענעצן און צעטיילונג פון דער ערד. שוין איז ער אין אייראָפּע. נאָר דאָ איז אים אָך און ווי, ערגער ווי אין דער סאַהאַרע, ערגער ווי אין די אַפריקאַנישע דזשונגלס. שוין זיצן אויף אים רייטנדיק עטלעכע ציוויליזירטע „קראַסאַוויצעס“, אַלע אײדעלע, ווי די מלאָכים. זיי רייטן אויף אים און שמייסן אים מיט בייטשן. און נישט בלויז אים אַליין גייט עס אַזוי; אויך אויף די אַנדערע לייבן, זיינע ברידער, אויף די טיגערס און לעמפּערטן — אויף אַלע „רויב־חיות“, וועלכע האָבן פּאַרלאָזט זייערע דזשונגלס און זענען געקומען קיין אייראָפּע — האָבן די ציוויליזירטע פיינע דאַמעס מיט די בלאָנדע האָר און בלויע אויגן, די אײדעלע און צאַרטע, די ווייסע מלאָכים, די געטנס, איינגעשפּאַנט די בעסטיעס און רייטן אויף זיי, שמייסן זיי מיט לאַנגע בייטשן און קאָפּען זיי אין די זייטן מיט די האַרטע און שפּיציקע אָפּצאַסלעך פון די שיינע שיכלעך...

אויף דער בינע זיצט ניקאָלאַי דער צווייטער אויף זיין טראָן, מיט דער קרוין אויפן קאָפּ און דעם סצעפּטער אין האַנט. נאָר אונטער דעם טראָן פלאַקערט אַ פייער... אָפּגערוקט פונעם רוסישן צאַר זיצט אויף אַ הויך און שטאָלץ קיניגלעך פערד ווילהעלם דער צווייטער מיט די אַרויפגעדרייטע וואָנצעס ווי קינזשאַלעכלעך.

אין דער אָפּגעדאַרטער, פּאַרקריפּלטער האַנט, האַלט ער דעם זעבל און פּאַכט מיט אים אַהין און אַהער. רעכטס לעבן פערד שטייט דער פעלדמאַרשאַל הינדענבורג, לינקס לודענדאָרף און ביים שוואַנץ פונעם פערד אַן אונטעראָפיציר. דער קייזער, מיטן פּנים פון אַ מערדער און שטרענגקייט פון אַ העלד, גיט אַרויס באַפעלן: „נעמען בעלגיע און פראַנקרייך!'' די פעלדמאַרשאַלן און דער אונטעראָפיציר שרייען: „צו באַפעל! הוראַ!" הינטער דער בינע שיסן קאַנאָנען און ביקסן. „באַזיגן ענגלאַנד!" „צו באַפעל! הוראַ!" הינטער דער בינע שיסן קאַנאָנען און ביקסן. „נעמען פוילן, אוקראַינע, גאַנץ רוסלאַנד!" „צו באַפעל! הוראַ!" קאַנאָנאַדע. אויף דער בינע מאַרשירט אַ פּאַקלצוג אונטער פלייטנמוזיק פון מיליטער. פּלוצלינג — רעוואָלוציע אין רוסלאַנד; טראָצקי שטעכט אַריין אַ לאַנג מעסער אינעם צאַר, לענין זעצט זיך אַוועק אויפן טראָן, ראַדעק, זינאָוויעוו, קאַמעניעוו און די אַנדערע יידישע באָלשעוויקעס נעמען רויבן און מאָרדן די רייכע און צעשטערן צערקוועס, צינדן אונטער פּריצישע שלעסער, טרייבן מיט קאָזאַצקע נאַהאַיקעס און בייטשן אויסגעמאַטערטע אַרבעטער און צעשראָקענע פויערים, האַלטנדיק דערביי רעוואָלוציאָנערע רעדעס, גאָרגלען זיך. קיינער פאַרשטייט נישט קיין וואָרט, אָבער די מאַסע שרייט: „הוראַ!... הוראַ!"... דער דייטשער קייזער טוט זיך שנעל איבער. שוין איז ער אַ ציווילער מענטש, מיט שוואַרצע ברילן. ער אַנטלויפט און קאָמאַנדירט: „קיין האָלאַנד! קיין האָלאַנד! גיך קיין האָלאַנד!" טראָצקי, דאָס יידל אין דער לאַנגער קאַפּאָטע מיטן גרויסן טלית-קטן און די רויטע ציגנבאָרד, שטייט איצט מיט צעשפּרייטע קרומע באָקפיס און לאַכט. ער האַלט אַ גלאָז בלוט און טרינקט דערפון. אויף דער בינע קומען אַרויף נאָך „יידן", אַלע מיט גרויסע בערד און לאַנגע פּיאות, אין לאַנגע קאַפּאָטעס און מיט גאַרטלען אַרום די לענדן, די לאַנגע טלית-קטנס מיט די ציצית אינדרויסן, מיט יאַרמעלקעס, שטריימלען אָדער סאַמעטענע היטלען אויף די קעפּ. זיי בעטן: „מוליע, מוליע, מוליע"... שאָקלען זיך דערביי זייער שטאַרק אין פרומען עקסטאַז. רוסלאַנד אָבער ברענט. די מענטשן דאָרט הרגענען זיך איינער דעם צווייטן. ס'איז נישטאָ וואָס צו עסן, מ'פאַלט אין די גאַסן פון הונגער. ס'וואַלגערן זיך בערג טויטע קינדער. די פון הונגער וואַנזיניק געוואָרענע שניידן שטיקער פון די מתים און עסן. פוילן אָבער איז באַפרייט, אין פוילן זענען אַלע גליקלעך. דאָס פאָלק פייערט דעם גרויסן נצחון, טאַנצט און פרייט זיך. צוזאַמען מיט די טאַנצנדיקע און זיך פרייענדיקע אויף דער בינע, פרייען זיך, אומאַרעמען זיך, טרינקען, קושן זיך און טאַנצן אַלע אין זאַל. די „ציגיינערנס" זינגען, קלינגען מיט גלעקלעך, קנאַקן מיט קאַסטאַניעטלעך, פּייקלען אין טאַמבאָרינעס, קלאַפּן אין פּייקלעך אוןווירבלען אין טאַנץ ווי אין פייערדיקע וויכערס. די פרויען און מענער אין די נאַציאָנאַלע, מזורישע און קראַקאָוויאַצקע טראַכטן, טאַנצן פּאָלקעס און מאַזורקעס. אין דער גרויסער פרייד זענען פאַראייניקט די „מולאַטנס", די „אינדיאַנערנס", די „אַראַבערנס", די „כינעזערנס" און די „יאַפּאַנעזערנס", אַפילו די „חיות" — די גאַנצע מענאַזשעריע.

נאָר אַדאַם ווײַס איז אַוועקגעגאַנגען. ס׳האָט אים אַרויסגעטריבן, אַרויסגעיאָגט פונעם זאַל. אָבער ער האָט נישט געוווּסט געננוי, וואָס ס׳האָט אים מער אָפּגעשטויסן און אויפגערעגט; דער נאַריש־גראָבער כוליגאַנישער אַנטיסעמיטיזם, אָדער די געשמאַקלאָזע פּאַרווײַלונגען, די צו־אָפענע אויסגעלאַסנקייט. איז דער פאַרשווין, וועלכער איז געווען פאַרשטעלט פאַר טראָצקין נישט געווען דער יונגער גראַף קאַטאָווסקי? — דאָס האָט זיך דעם יונגן אַדוואָקאַט געדוכטן די גאַנצע צייט.

ס׳וועטער איז איצט געווען אַ־סך בעסער ווי פאַר עטלעכע שעה. דער ווינט האָט נישט אויפגעהערט, אָבער ער איז שוואַכער געוואָרן. דער פראָסט, וואָס מ׳האָט מיטן אָנקומען פון דער נאַכט געפילט אין דער לופט, האָט איצט שוין געהערשט מיט זיין אייזיקייט. דער הימל איז געווען אויסגעלייטערט, די לופט ריין. קיין אָנזאָג מער, דערווייל, אויף שניי.

ווי אַ באַפרייטער פון מיאוסער, שווערער דומפּיקייט, האָט דער יונגער אַדוואָקאַט געאָטעמט די פרישע לופט. אפשר אַצינד שוין גיין ,אָדער פאָרן, אַהיים? — ניין, ערשט איצט האָט ער געוואָלט זיך צעשטרייען, אויפהייטערן, האָבן פאַרגעניגן. איצט וועט ער גיין אין אַ טאַנצסאַלאָן אין דעם יידישן, אָרעמען פערטל. ער האָט אַרויסגעגראַבלט דאָס פּיצינקע זייגערל פונעם לינקן וועסטל־קעשענקעלע, איז צוגעגאַנגען צו אַ לאַמטער, אַ קוק געטאָן און זיך דערפרייט: מ׳קען נאָך, ס׳איז שבת; די יידן האָבן היינט נישט געאַרבעט. אַ גאַנצע וואָך האָבן זיי נישט קיין צייט צו קיין פאַרווײַלונגען — וועלן זיי געוויס, די וועלכע גייען טאַנצן — הוליען ביז פאַרטאָג.

די געגנט, אין וועלכער דער יונגער אַדוואָקאַט האָט זיך געפונען, איז געווען די אַריסטאָקראַטישסטע פון וואַרשע, נאָענט פונעם בעלוועדער. שטיל. קיין שאָרך צו הערן. קיין דראָשקע. זעלטן אַ מענטש. האָט אַדאַם ווײַס זיך אויפגעשטעלט דעם קאָלנער פונעם פּאַלטאָ און זיך געלאָזט גיין. אָנגעקומען אויף דער „קראַקאָווסקיע פשעדמיעשטשיע״, האָט ער זיך פאַרנומען צו דער „מאָסטאָוואַ״. באַלד האָט ער זיך געפונען אויפן „מקום״, ווי יידן האָבן גערופן יענעם טייל פון „אַלט וואַרשע״, אין וועלכן ס׳האָט געווימלט די הינטערוועלט פון פאַרברעכער און פּראָסטיטוטקעס. דאָ איז איצט געווען לעבעדיק, פול פון שיכורים, ציווילע און סאָלדאַטן און די „נאַכטפייגל״, וואָס האָבן געזוכט קונים אויף זייער לייב. אַדאַם ווײַס האָט געוווּסט אַז אין דער דאָזיקער געגנט שפּעט בײַנאַכט איז נישט גוט אויסצוזען צו־פיין. האָט ער דעם הוט זיך אַראָפּגערוקט „ווילייִנגעריש״ אויף איין אויער, אַרויסגעשלעפּט דעם קראַוואַט אינדרויסן און זיך גענומען וויגן אין די היפטן; ער האָט געשפּילט די ראָלע פון אַ גנב אָדער אַלפאָנס, פון אַזעלכן, וועלכער קען אַרויסציִען אַ מעסער פון שטיוול און עס „אַריינפּעצן״ אין בויך פון דעם, וועלכער וואַגט אים צו פאַר־טשעפּען. ס׳איז צוגעקומען צו אים אַ „נקבה״. זי האָט אים גענומען אונטערן אָרעם און געצויגן מיט זיך. ער האָט געוווּסט, אַז זאָגן ר׳האָט נישט קיין געלט וועט אים נישט העלפן. האָט ער אַ געשריי געטאָן: „טראָג דיך אָפּ! מיט מיין „כלה״ קענסטו נישט קאָנקורירן... דערצו האָבעך... און כ׳האָב נישט ליב קראַנק צו מאַכן קיין „בלאַטע״... זי האָט זיך גיך אָפּגעטראָגן פון אים, געזאָגט די אַנדערע וועלכע האָבן

געוואָלט צו אים צוגיין, אַז זיי זאָלן זיך בעסער זוכן אַנדערע „פּרייערס“... דראָשקעס זענען דאָ געווען גענוג. ער האָט זיך אַריינגעזעצט אין איינער און זיך געהייסן פירן אויף דער „דזשיקע“.

7

אַריבערטרעטנדיק דעם שוועל אינעם זאַל ווו די מוזיק האָט געשפּילט און די פּאָרלעך האָבן געטאַנצט, האָט דער יונגער אַדוואָקאַט געמיינט, ער ווערט דערשטיקט. אַ היץ, ווי אין אַ שוויצבאָד. פון דער גרויסער ענגשאַפט, פון שווייס און ביליקן פּודער, איז די לופט געווען אַ שווערע. דאָס רויע עלעקטרישע ליכט האָט דעם גאַסט געשניטן אין די אויגן. דאָס קוויטשען פון די פּלייטן און קלאַרנעטן, דאָס גרימפּלען פון די פידלען, קראַצן פון באַס, זבענצען פון פּויק און שמעטערן פון טראָמפּייט, האָט געריסן אין די אויערן, טויב געמאַכט. דאָך האָט אַדאַם ווייס זיך געפילט גוט, ווי טאַקע דאָס וואָלט ער איצט געזוכט: די פּראָסטע, געזונטע, ערלעכע נאַטירלעכקייט. אומאַנגענעם איז אים געווען, וואָס אַזוי פיל אויגן האָבן גענומען קוקן אויף אים. ער איז אַריינגעקומען אין מיטן טאַנצן פון אַ פּאָלקע־מאַזורקע. דאָס געזונטע טופּען מיט פיס פון הייסבלוטיקע, קרעפטיקע יונגען מיט שוואַרצע ניאַפּעס און שוואַרצע גלאַנציקע אויגן און דער ברען פון די צעיאָכמערטע מיידן — דאָס האָט אין דעם יונגן אַדוואָקאַטס נשמה אַריינגעגאָסן ניי, פריש, קרעפטיק לעבן. די מיידן און די יונגע ווייבלעך האָבן געהויבן די פּולקעס און זיך געדרייט ווי אין ווירבער. דער דיל האָט געציטערט אונטער זייערע פיס, די ווענט האָבן זיך געטרייסלט.

ביים צווייטן טאַנץ האָט דער „פּרעמדער“ איינגעלאַדן אַ דאַמע און זיך געלאָזט מיט איר איבערן זאַל צוזאַמען מיט די אַנדערע פּאָרלעך. נאָר דער דאַמע איז דער קאַוואַליר נישט געפעלן; ס'איז איר נישט געפעלן זיין איידלקייט. וואָס האָט ער אַזוי מורא זי אַרומצונעמען ווי ס'באַדאַרף צו זיין?... „יאָך בין נישט פון גלאָז“... — האָט זי אים געזאָגט. — יאָך בין נישט קיין פּאָרצעלאַנערנע ליאַלקע“... און געטראַכט האָט זי ביי זיך: „אַ פּיסטעקראַט... אַ ווייסטע אַנשיקעניש... ס'אַרא ווייסע, איידעלע הענטלעך ער האָט דאָס... ווי ער שטעלט דאָס אַזוי אַקוראַט און אַזוי לייכט די פיסלעך... האָט מורא אָנצורירן די פּאָדלאָגע, ווי זי וואָלט געווען אַ פּאַפּירענע... אַ דאָקטערל מסתמא... דאָ פּאַרבלאָנדזשעט“... נישט קענענדיק זיך מער באַהערשן, האָט זי אים אַריינגעשריגן אין אויער: „אַ ביסל לעבעדיקער פריץ־לעבן!... די פּאָדלאָגע איז אַ פּאַסאַצקאָווע!... מער קוראַזש!... זייט אַ מאַנצפּאַרשוין!... איך בין נישט פון שפּינוועבס!“... זי האָט דעם „איידעלן קאַוואַליר“ אַ צי געטאָן צו איר צוויי־גאָרנדיקן בוזעם, אים צוגעדריקט צו זיך, אַז פלאַמען זענען אים געפלויגן פאַר די אויגן...

איין טענצער האָט געשריגן: „צעשעו! הייב די פיסלעך!“...

זי האָט אַ קוויטש געטאָן: „אַ כאָליערע אויף דיר, משה!... קנייפּ נישט אַזוי!“...

נאָכן טאַנץ האָט דער יונגער אַדוואָקאַט באַדאַנקט זיין דאַמע און זיך געווישט דעם שווייס פון שטערן און נאַקן: „אוף!... דאָס הייסט געטאַנצט“...

צעהיצטע, צעיאָכמערטע און גליקלעכע, האָבן די טענצער זיך אַ ביסל אָפּ־

גערוט. אַלע האָבן אַצינד געדיכט גערעדט, אַלע אין איינעם האָבן געפּילדערט, גערוישט, געגראַגערט מיט די העלדזער און געלאַכט, געכיכעט. טייל דאַמעס האָבן פּאַרגעוואָרפן זייערע קאַוואַלירן, אַז זיי האָבן נישט גאַנץ ריכטיק געשטעלט דעם „פּאַ״. די גוטע טענצערס אָבער האָבן באַוויזן זייערע דאַמעס, אַז ביים אויסדרייען זיך פּאַרפעלן זיי אַ שריט אָדער מאַכן איינעם צו פיל. די באַליידיקטע האָבן דערויף געענטפערט: „נו, איז נישט לויטן שולחן־ערוך?״... און זיי האָבן געלאַכט. מ׳האָט זיך געזשוכעט אין די זייטן מיט די עלנבויגנס, זיך קעגנזייטיק געקנייפּט, געמאַכט קאָמפּלימענטן און זיך ממזריש צוגעווונקען. איינער, מיט אַ רויטן קאַרק, האָט אַרומגענומען אַ ווייבל און זי נישט געוואָלט אָפּלאָזן. זי האָט זיך כלומרשט געווערט. אַ יונג מיידל, דערצו אַ שיינע, איז ברוגז געוואָרן מיט איר „ברויטיגאַם״, ווייל ער האָט מיט אַן אַנדערער געטאַנצט מער ווי מיט איר. האָט ער זי איבערגעבעטן און ס׳איז ווידער געוואָרן גוט. אַ בחור ווידער איז געווען אייפערזיכטיק, ווייל זיין מיידל האָט קאָקעטירט מיט אַן אַנדערן. מענער האָבן זיך געפּאַכעט מיט שניפּ־טיכלעך, פרויען מיט זייערע פעכערס. מ׳האָט געטרונקען לימאָנאַדע, סאָדעוואַסער, ביר, געגעסן „טשאַסטעס״, עפּל, באַרנעס, גענאַגט צוקערלעך, שאָקאָלאַדקעס. די קאַוואַלירן האָבן געפּונדעוועט. יינגען האָבן זיך געוויצלט, חתונה־געהאַטע מענער האָבן זיך געשאַרט צו מיידלעך, צו אַנדערע ווייבלעך. איין „פּשיאַטשיעל״ דעם אַנדערן האָט געפּרוּווט אָפּשלאָגן זיין „קאָכאַנקע״. רוי לעבן, געזונטע פריילעכקייט און גראָבע תּאווה האָט געקאָכט און געברויזט.

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט זיך באַמיט צו זיין גלייך מיט אַלע. ער האָט נאָכגעטאָן די אַנדערע אַלץ וואָס ער האָט נאָר געקענט נאָכטאָן: געפּלירטעוועט אויף אַ פּראָסטן און אַפילו גראָבן אופן מיט די מיידלעך און ווייבלעך. ביסלעכוויז האָבן זיי אַלץ מער זיך גענומען שאַרן צו אים. נאָר צו פיל האָט ער ביים עולם נישט אויסגענומען. אַלע האָבן געפילט די גאַנצע צייט דעם פרעמדן צווישן זיך, דעם פּאַרבלאָנדזשעטן צו זיי, ווי יעדע סטאַדע דערפילט וואָס סע געהערט יאָ און וואָס סע געהערט נישט צו איר מין. שוין דאָס, וואָס דער יונגער אַדוואָקאַט האָט די שפּראַך גערעדט אַנדערש ווי זיי — און וואָס ער האָט גערעדט נאָר פּויליש און זיי האָבן גערעדט צומייסט יידיש — האָט זיי צוריקגעהאַלטן פון ווערן צו־נאָענט מיט אים.

אויסגערוטע — האָבן די פיס זיך ווידער געריסן צום טאַנצן. שטימען: „העי, כלי זמרים! איצט טאַנגאָ!״ „ניין, פּאָלקע!״ „אַ שער! אַ שער!״ „ניין, אַ ליאַסער!״ „איינסעך־וועס״ — האָט איינער איבערגעשריגן אַלע. „אַ פּאָלקע־מאַזורקע, ווי פריער! דאָס איז אַ טאַנץ! מ׳פילט, אַז מ׳טאַנצט!״ מיידלעך אָבער האָבן זיך גע־קרומט: „שמאַזורקע... שוין גענוג דאַמיט! מיר ווילן אויך זיין מאָדערנע! טאַנגאָ! אין גאַנץ וואַרשע טאַנצטע מע אַצינדאָ טאַנגאָ!״ און זיי האָבן אויסגעפירט.

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט זיך אַוועקגעשטעלט אָן אַ זייט, צו זען ווי מ׳וועט טאַנצן דעם משונהדיקן אַמעריקאַנער טאַנץ. די פּשוטע מענטשן — די מייסטע פון זיי אַרבעטער, באַלמעלאָכעס: בעקערס, קצבים, סטאָליערס, שלאָסערס, דינסטן — האָבן זיך באַמיט צו טאַנצן ריכטיק, אַלץ נאָכצומאַכן, נאָר אַרויסגעקומען איז אַלץ קאָמיש, גראָטעסק. לעכצנדיקע, האָבן די דאַמעס, מיט האַלב־צוגעמאַכטע אויגן און מיט זיס־פּאַרצויגענע שנעבעלעך, זיך געלאָזט פאַלן אין די אָרעמס פון זייערע

קאַוואַלירן. דערביי איז דער אייבערשטער טייל פון קערפּער געבליבן אויסגעבויגן אויף צוריק צו־שטאַרק. די מייסטע פון די קאַוואַלירן ווידער האָבן נישט פאַר־שטאַנען קיין שום קונצן און האָבן פעסט גענומען דריקן צו זיך די טאַליעס פון די דאַמעס, שטויסנדיק אַלץ טיפער די קניִען צווישן זייערע שענקלען. די דאַמעס האָבן געציִשעט:„וואָס טוסטו!... אַ כאָליערע אין דיינע ביינער אַריין!... דו מוזט דיאָך נאָכבייגן, גאַנץ פּאַמעלעך, און די קני"... דער יונג האָט געכיכעט: „פאַרדריי נישט קיין קאָפּ, דוואָשע... אָט דאָס מיינט מאָ דאָך טאַקאָ מיטן דאָזיקן טאַנץ"... איינע, רויט ווי פלאַם, האָט געשעפּטשעט: „הער אויף, אַבראַמטשיק... דיין חנהטשע וועט דערזען... ס'איז אַ חרפּה און אַ בושה"... קאָפּל בעקער האָט גאָר קיין חכמות נישט פאַרשטאַנען און געטענהט צו זיין ווייב: „לאָז, בראָנטשע... מיאָר זענען צווישן נאַש־בראַט"... די מייסטע מיידלעך אָבער און יונגע ווייבלעך האָבן געוואָלט, אַז דער „טאַנגאָ" זאָל אַרויסקומען אַקוראַט און האָבן מיט מינעס פון גרויס ערנסט־קייט געקנעלט מיט זייערע קאַוואַלירן: „נישט אַזוי!... אָט אַזוי!... שטעל מיאָר נאָך דעם טריט, גאַנץ פּאַמעלאָך... גאַנץ פּאַמעלאָך... איצטאָ נעם מיאָך אַרום באַ דער טאַליע... בייג דיאָך נאָך נאָך מיאָר... אַלץ מוז געטון ווערן אויף אַ פיינעם אופן... אויף אַ גאַנץ פיינעם אופן... דאָס איז דער עיקר אין דאָזיקן טאַנץ"... „וואָס טוסטו, בערל?!" — האָט איינע אײנגערוימט איר קאַוואַליר אין אויער און איז געוואָרן ווי אַ שטיק פייער. נאָר דער יונג האָט זיך געבייזערט: „האָסט געוואָלט טאַנגאָ?... רייץ מיאָך נישט אַזוי... שטיפּ נישט אַזוי אַרויס דעם בויך... יאָך האָב פיינט אַזעלכע געשעפטן, אַז יאָ זאָל נישט מיינען יאָ און ניין זאָל נישט מיינען ניין... באַ מיאָר איז — יאָ, אָדער ניין... וואָלט דיאָר עפּעס גוט געווען ווען דו ביסט הונגעריק און מ'רייצט זיך מיט דיאָר; מ'האַלט דיאָר פאַרן מויל אַ געבראָטן גענדזל און ווען דו ווילסט אָפּבייסן — כאַפּטמעס פון דיאָר אַוועק?"... אַ סך האָבן געכיכעט: „טאַנגאָ... טאַנגאָ"...

אויך דער יונגער אַדוואָקאַט האָט געלאַכט, זיך גוט אַמוזירט.

8

די שטערן האָבן נאָך געפינקלט. די לבנה אָבער איז שוין געווען אַ סך קלענער און געהאַלטן ביים פאַרשווינדן אין גאַנצן. אַן אויפגעהייטערטער, אַ גוט אויפגעע־לייגטער אַציִנד, האָט דער יונגער אַדוואָקאַט זיך גענומען צו דער לעשנע — פון דאָרט צו גיין אַהיים. נאָר אָט שטייט לעבן אים אַ מיידל; זי רופט אים נישט צו גיין מיט איר, ווי סע טוט אַ גאַסנמיידל, נאָר קוקט אַרויף צו אים אַ שווייגנדיקע. אין צעשטרייטער, פריילעכער פאַרגעסנקייט, נעמט ער זי אונטערן אָרעם און גייט מיט איר.

„איך וווין דאָ, אין דעם טויער".

ער האָט זי אָבער גענומען אין אַ פיינעם האָטעל אַריין. „ווי וואַרעם דאָ איז, ווי ליכטיק, ווי שיין!" זי האָט זיך גאַרנישט געקענט אָפּוווּנדערן. נאָך דער טיי און גענוג גוטע „טשאַסטעס" אין ווייספּעכלדיקן בעט אונטער אַ ראָזע קאָלדרע, האָט זי זיך געטוליעט צום גאַסט, נישט ווי אַ זונה אים צופרידנצושטעלן אויפן

בעסטן אופן, כדי צו קריגן פון אים וואָס מער באַצאָלט, נאָר ווי אַ קינד צו דער מוטער. ער האָט זי אַרומגענומען, געקוקט אין איר פּנים, וואָס איז באמת געווען קינדעריש־אומשולדיק, אין די גרויסע טרויעריקע אויגן און נישט געפונען איצט קיין וואָרט פאַר איר. צערטלעך האָט ער געגלעט אירע שאָטינע, וואַרעמע האָר. פון דאַנקבאַרקייט האָט זי אים גענומען האַלדזן און קושן מיט אַן אומגעווײנלעכער לײדנשאַפט. ער אָבער איז איצט געווען טרוימעריש אין זײן צערטלעכקייט צו איר. דאָס האָט געהאַמעוועט איר צעגליטע לײדנשאַפט ווי צו אַ געליבטן. ווידער האָט זי זיך גענומען בלויז טוליען צו אים און מיט נאַיוו-דערשטוינטן בליק באַטראַכט דעם גוטן פּאַן. ס'האָט זי אָנגעכאַפּט אַ פאַרלאַנג צו דערציילן דעם אײדעלן פּאַן איר לאַגע, ווי אַזוי זי איז געקומען צו דער דאָזיקער שטופע פון נידעריקער געפאַלנקייט. נאָר ביי די ערשטע ווערטער האָט ער אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף איר מויל און אַ קוש געטאָן איר שטערן. זי האָט געקוקט אויף אים, געקוקט און געקוקט, געשמייכלט האַלב־ווייטיקלעך און האַלב־גליקזעליש. נאָר זי איז געווען זייער מיד און שלעפעריק, די אויגן זענען איר פּשוט צוגעפאַלן, און זי איז אייַנגעשלאָפן ווי אַ קינד אין די אָרעמס פון דעם מאָדנעם גאַסט, וועלכער האָט זיך פאַרוואַנדלט פאַר איר אין אַ פאָטער, אין אַ מלאך — זי האָט גאָרנישט געוווסט קיין נאָמען פאַר אים.

אַדאַם ווײַס האָט געטראַכט: ס'וואָלט געווען אַמבעסטן צו מאַכן פינצטער, זי זאָל קענען זיך גוט אויסשלאָפן. ס'וועט אוודאי שוין באַלד אָנהייבן טאָגן. פאַר אים וואָלט געווען דאָס בעסטע זיך אַרויסצוקריגן פון בעט, זיך אָנצוטאָן און אַוועקגיין. אָבער ער האָט זיינע אויגן נישט געקענט אָפּרייסן פונעם מיידל, וואָס האָט אים פּעסט אַרומגעהאַלטן, כאָטש זי איז שוין גאַנץ געשמאַק געשלאָפן, ווי זי וואָלט אין שלאָף מורא־געהאַט אַז ער וועט פון איר אַוועקגיין. זיין באַגערן זי האָט זיך פּלוצלינג אויפגעכאַפּט אין אים. ער האָט באַקומען חשק צו קושן דאָס מיידל. זי איז געווען שיין און יונג. לויט איר באַנעמען זיך איז אים געווען קלאָר, אַז זי איז אַ פראָסטיטוטקע ערשט גאָר אַ קורצע צייט, און אַז זי איז אַ קרבן פון דער אומ־גליקלעכער צייט. דאָס מיידל אָבער איז געווען אַזוי גליקלעך אין איר שלאָף! — איר נאָך קינדעריש־אומשולדיק פּנימל האָט איצט געשטראַלט פון גליקזעליקייט. ער האָט געקוקט אויף איר און נישט געוואַגט זי אָנצורירן. צאַרט, גאַנץ צאַרט האָט ער צערטלעך געגלעט די פינגער פון איר האַנט אַרום זיין נאַקן, געקושט די נעגל; דאַן האָט ער געגלעט איר קיילעכדיקן, שיין־געפורעמטן שטערן, אין וועלכן ס'זענען שוין געווען צוויי קאַרבן, גאַנץ דינע נאָך, מיט די שפּיצן פון זיינע פינגער האָט ער גאַנץ זאַכט געגלעט אירע בויגנדיקע ברעמען און מיט דער גרעסטער פאָרזיכ־טיקייט צוגעלייגט זיינע ליפּן צו אירע האָר. נאָר מיט איין מאָל האָט ער באַשלאָסן: „אויפשטיין! פאָרזיכטיק, גאַנץ פאָרזיכטיק האָט ער באַפרייט זיין האַלדז פון אירע אָרעמס און זיך גענומען אַרויסשאַרן פון בעט. געלט וועט ער אריינלייגן אין איר בייטל. אָבער זי האָט זיך אויפגעכאַפּט און זיך נאָך פעסטער אַרומגעקלאַמערט אַרום אים: „ניין... ניין״...

ער האָט זיך געבעטן: „כ'מוז גיין״...

זי האָט געעפנט די אויגן און זיך אויסגעניכטערט. נאָר אַזוי טרויעריק איז זי געוואָרן...

## קאַפּיטל זיבן

# פון דער נאַכט אַרויס שיינט־אויף דער טאָג

### 1

דאָס הויז פון באַנקיר איגנאַץ ווײַס איז נאָך געשלאָפן. אָבער דער וועכטער איז שוין אויף־געוועזן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט איבערן הויף, צו זען אויב ער האָט נעכטן, צום זונטיק, נישט איבערגעלאָזט ערגעץ אין אַ ווינקל אומריינקייט. נאָר אומעטום איז געווען ריין, דער גאַנצער הויף האָט געבלאַנקט — אַלץ אין אָרדענונג. אַ צופרידענער האָט דער וועכטער זיך אַוועקגעשטעלט פאַרן טויער, אַ זונטיקדיק־אָנגעטאָענער און זיך פאַרדרייט אַ פאַפּיראָס פון גוטן טיטון. (אַ גאַנצע וואָך רייכערט ער מאַכאָרקע). אַ רויקער, מיט פרידן אין דער נשמה, האָט ער הנאה געהאַט פון דעם זונטיקדיקן פאַפּיראָס, געקוקט ווי דער בלויער רויך — נישט קיין געלבלעך־ברוינער, ווי פון מאַכאָרקע — צעגייט זיך אין דער נאָך גרויער לופט פון פאַרטאָג. דערזעענדיק אָנקומען דעם יונגן פאַן ווײַס, דעם אַדוואָקאַט, האָט ער פון קאָפּ אַראָפּגענומען די בלויע „מאַטשעיוווקע" און באַגריסט דעם באַלעבאָס' זון מיט אַ הכנעהדיקן „דזיען דאָברי". ער האָט געעפנט ס'טויער פאַרן יונגן פריץ און דערביי געטראַכט: „אַ גאַנצע נאַכט געהוליעט"...

אַדאַם האָט, פאַרשטייט זיך, געהאַט אַ שליסל צו דער טיר פון זיין היים. אָבער די דינסט האָט פאַרן שלאָפנגיין (די לעצטע) פאַרלייגט דאָס קייטל. ווער ס'איז דאַן אַהיימגעקומען האָט געמוזט קלינגען. דעם יונגן אַדוואָקאַט איז אָבער געווען אומאָנגענעם צו וועקן דער דינסט פונעם שלאָף אַצינד. נאָר זי האָט דערהערט טריט אויף די שטיגן און דערקענט ווען זיי געהערן. שנעל האָט זי געעפנט די טיר נאָך איידער אַדאַם האָט אָנגעקלונגען. אַ דריק טוענדיק איר האַנט פון דאַנק־באַרקייט, איז ער שטיל, אויף די שפּיצנעגל, פאַרשוווּנדן אין זיין צימער. אַנידער־וואַרפנדיק דעם פאַלטאָ און דעם הוט אויף אַ שטול, האָט ער זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ סאָפע. מיד איז ער נישט געווען, אַדרבא; ער איז אַצינד געווען איבער־וואַך. אַלע זיינע חושים זענען אַצינד געווען קלאָר און שאַרף. דער קערפּער איז אָבער דאָך געווען נישט אויסגערוט. האָט אַדאַם זיך אויסגעשטרעקט איבער דער לענג פון דער סאָפע. זיין וואַכער גייסט האָט געאַרבעט. אין זיין קאָפּ זענען געבוירן געוואָרן פראַגעס, וועגן וועלכע ער האָט פריער כמעט קיין מאָל נישט געטראַכט, אָדער קיין מאָל נישט אַזוי קלאָר. דאָך, קלאָרע און ריכטיקע ענטפערס האָט ער אויף די פראַגעס נישט געהאַט, אָדער דערווייל נאָך נישט געהאַט. אפשר האָט ער איצט, דערווייל, נאָך גאָרנישט געזוכט קיין ענטפערס. אָבער ס'פעלט אים לופט. ער איז אויפגעשטאַנען, איז צוגעגאַנגען צום פענצטער, האָט אַוועקגערוקט די טאָפּלטע פאָרהאַנגען און עס געעפנט. דאָס זעלבע האָט ער געטאָן מיטן צווייטן פענצטער. ס'האָט גענומען אַריינשטראָמען פרישע, קאַלטע מאָרגנלופט. אין דעם מאָמענט האָט זיך שטיל געעפנט די טיר און ס'איז אַריינגעקומען די „פּאָקאָיוווקע"

(די דינסט). זי האָט געמעלדעט דעם יונגן הער, אַז אין זיין שלאָפצימער איז ס׳בעט געמאַכט און גענומען דעם פּאַלטאָ און דעם הוט פונעם שטול.

אַדאַם איז געווען גערירט פון דער דינסטס אויפמערקזאַמקייט און איר געזאָגט מיט פריינדלעכקייט אינעם טאָן: „זייער ליב פון אייך, קלאַראַ. אָבער איך וועל מיך נישט לייגן, כ׳בין נישט מיד״.

„וועט דער פאַן אפשר טרינקען עפּעס, טיי אָדער קאַווע? אפשר גאָר אַ פיינע, וואַרעמע וואַנע פריער?״

„דאָס וואָלט געווען פיין. אַ גוטע אידייע, קלאַראַ! נאָר דאָס קען אפשר שטערן די רו, כאָטש איך וועל זיין זייער פאָרזיכטיק״.

„כ׳האָב שוין אַריינגעלאָזט וואַסער אין דער וואַנע״.

2

אַדאַם איז אין דער וואַנע געבליבן לענגער ווי שטענדיק. ער האָט היינט געפילט אַ באַזונדערן תענוג צו ליגן אינעם וואַרעמען וואַסער, צו זיין אינעם עלעמענט וואָס איז דעם מענטש נאָענט און ליב, און דאָך פרעמד און פיינדלעך. דאָס וואַסער האָט זיך געטוליעט צו אים, האָט אים געלאַשטשעט. ער האָט זיך געלאָזט אומאַרע־מען דערפון, גלעטן זיין נאַקעט לייב פון דעם שטאָף, וואָס גיט לעבן און קען אויך געבן דעם טויט. פון תענוג האָט ער צוגעמאַכט די אויגן, זיי ווידער געעפנט, זיך געשפּילט מיטן וואַסער, עס געגלעט און צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן באַוווּנדערט. אַ וואַנע איז אַ מאָדנע בעט, אַ כישופדיקס; מע רוט אויס דערין, די גלידער באַפרייען זיך פון די אָנגעזאַמלטע שטייפקייטן, דער קערפּער ווערט לייכטער — מ׳ווערט ווי נייגעבוירן...

ווען ער איז צוריק אַריינגעקומען אין זיין צימער, אָנגעטאָן אין אַ טונקל־ברוינעם שלאָפראָק מיט צוויי טראָלבן פאָרנט, האָט דורך די פענצטער — צוריק פאַרמאַכט — שוין אַריינגעשיינט דער נייגעבוירענער טאָג. דאָס צימער איז שוין געווען פיין־צוגערוימט און אַ מחיהדיקע וואַרעמקייט האָט אַרומגענומען דעם דער־פרישטן.

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט זיך שוין לאַנג נישט געפילט אַזוי צופרידן, כמעט גליקלעך.

די טיר האָט זיך געעפנט און קלאַראַ איז ווידער אַריינגעקומען. זי האָט גע־פרעגט דעם יונגן אַדוואָקאַט: „וועט דער פאַן איצט עסן פרישטיק?״

ער האָט געענטפערט: „אָ, יאָ, איך בין הונגעריק. אָבער די אַנדערע שלאָפן דאָך נאָך. אפשר צוואַרטן אַ ווײַלע, ווען אַלע...?״

זי האָט געשמייכלט: „דער פאַן ווייסט דאָך, אַז פרישטיק עסט מען נישט צוזאַמען, בפרט זונטיק. יעדער קריגט היינט זיין פרישטיק אין בעט אַריין. אָבער די מייסטע שלאָפן טאַקע נאָך, געקומען שפּעט אַהיים. נאָר סוזאַנאַ — זי איז שוין לאַנג אויף — האָט געהערט דעם פאַן קומען. זי האָט נעכטן נישט געוואָלט גיין שלאָפן, געוואָלט וואַרטן ביז דער פאַן וועט קומען, צו זאָגן אייך אַ גוטע נאַכט.

זי איז דאָך אינעם פאַן פאַרליבט פונקט ווי אינעם טאַטוש; אינעם פאַן אפשר באַך מער".

קלאַראַ איז אַרויסגעגאַנגען און האָט אַדאַמען אַריינגעבערענגט ס'פּרישטיק. די געדאַנקען אָבער, וועלכע זענען היינט געבוירן געוואָרן אין אים, האָבן איצט, ביים עסן, גענומען מאָנען אַן ענטפער. דעם יונגן אַדוואָקאַט איז אַצינד געווען קלאָר, אַז נישט בלויז די געדאַנקען איצט זענען נייע, נייגעבוירענע אין אים, נאָר ער אַליין איז איצט אַ נייגעבוירענער. ער האָט קלאָר געפילט די ענדערונג אין זיך, בולט איז זי איצט אַרויסגעטראָטן אין זיין באַוווסטזיין, די ענדערונג, וואָס האָט פון אַ לענגערער צייט אָן זיך אָנגעהויבן שפּינען און וועבן אין אים.

ביים נעמען אַן איי (פון די צוויי וואָס זענען געלעגן אויף אַ טעלערל) און זועלן עס אויפקלאַפּן מיטן זילבערן לעפעלע, איז פאַר זיינע אויגן פלוצלינג אַרויס־געשווומען דאָס מיידל פון דער גאַס, מיט וועלכער ער איז געגאַנגען אין אַ האָטעל אַריין, איז מיט איר געליגן צוזאַמען אין אַ בעט, האָט געהאַט אַ שטאַרקן פאַרלאַנג צו איר און האָט זי דאָך נישט גענומען. פריִער איז מיט אים קיין מאָל אַזעלכעס נישט פאָרגעקומען.

ער האָט פאַמעלעך געגעסן דאָס פרישטיק. דערביי — פונקט ווי די ציין אין זיין מויל האָבן צעקייט די זעמל מיט פוטער און אַלץ אַנדערע — אַזוי האָט זיין מוח איצט צעקייט, גוט דורכגעטראַכט די נייע געדאַנקען וועגן פאַרשידענע עטישע באַגריפן, באַזונדערס סאָציאַלע, וועלכע זענען פריִער געווען פאַרענטפערט ביי אים אויפן געוויינלעכן סקאַרבאָוון אופן. אפשר אַ פערטל פון זיין לעבן ביז איצט, האָט ער אָפּגעגעבן אויף צו לערנען און שטודירן. ער איז געוואָרן אַדוואָקאַט, וואָס באַדייט, אַז ער ווייסט וואָס יאָ מאָראַליש און וואָס נישט מאָראַליש איז, וואָס דער מענטש מעג יאָ און וואָס ער טאָר נישט טאָן, וואָס ס'איז סאָציאַל און וואָס ס'איז אַנטיסאָציאַל. ער האָט גוט געקענט די געזעצן, וואָס זענען גילטיק פאַרן יחיד און די געזעצן וואָס זענען גילטיק פאַרן רבים און פאַר דער מלוכה. און אָט האָט דער גאַנצער יורידישער בנין גענומען צוזאַמענברעכן איבער אים. ס'איז אים מיט איין מאָל קלאָר געוואָרן, אַז די יסודות פאַר דער סאָציאַלער גערעכטיקייט דינען גאָר דער אומגערעכטיקייט, אַז דאָס מייסטע, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר מאָראַליש — וואָס מ'האָט אים געלערנט אין דער היים און אין דער שול — איז גאָר אוממאָראַליש, אַז אַ סך פון דעם, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר אמת, איז גאָר ליגנט, אַז פיל פון דעם, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר עטיש, איז גאָר אומעטיש, און פאַרקערט.

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט זיך דערשראָקן פאַר זיך אַליין. ער איז געווען נישט בלויז איבערראַשט פון דער „פלוצלינגדיקער" ענדערונג אין זיין נשמה און גייסט, נאָר אויך פאַרצווייפלט. די סיבות פאַר דער דאָזיקער ענדערונג אין אים זענען אָבער בולט אַרויסגעטראָטן אין זיין זכרון. דערביי האָט ער זיך דער־מאָנט, אַז ווען ער איז געווען אַ קליין יינגל האָט ער זיך אָפּט געבונטעוועט קעגן די עלטערן און קעגן די לערער. יעדנפאַלס אָפטער, און שטאַרקער, ווי דאָס האָט געטאָן זיין עלטערער ברודער, די שוועסטער און די אַנדערע שילער אין די שולן וווּ ער האָט געלערנט. די מייסטע לערערס, דער ברודער און די מאַמע, האָבן אים דערפאַר נישט ליב געהאַט. זיין גליק איז געווען, וואָס ער האָט שנעל און לייכט

געלערנט. אין דער אוניווערזיטעט האָבן די מייסטע פּראָפעסאָרן אים פאָרויסגעזאָגט אַ גרויסע קאַריערע. דער שעף זיינער האַלט פון אים מער ווי פון די אַלע אַנדערע אַסיסטענטן, אַפילו מער ווי פון זיין זון.

אַדאַם ווײַס איז אויפגעשטאַנען און אַוועקגעגאַנגען פונעם טיש. אַ מאָדנע געפיל האָט אים באַהערשט, ווי איינעם, וועלכער איז אָקערשט געווען רייך און פּלוצלינג איז ער געוויר געוואָרן אַז ער איז אָרעם. ער איז אָבער נישט געווען אומגליקלעך. פאַמעלעך, פאַמעלעך האָט ער גאָר אָנגעהויבן פילן אַ געוויסע צו־פרידנקייט פון דעם וואָס אין אים איז פאָרגעקומען. פון דער גרויסער ענדערונג איז געקומען אַ פרידן אין זיין נשמה, זי האָט געקראָגן פליגל. זיין בליק איז געפאַלן אויף די גרויסע און דיקע ביכער פון יוריספּרודענץ אין דער ביבליאָטעק זיינער און אַ טרויעריקער שמייכל האָט עטוואָס צעקרומט זיינע פולע ליפּן פונעם לײַדנ־שאַפטלעכן מויל. די הענט אויפן רוקן — די פינגער פעסט פאַרקלאַמערט צווישן זיך — איז ער מיט אַ געזונקענעם קאָפּ געגאַנגען הין־און־צוריק איבערן צימער. זיין מוח האָט איצט געאַרבעט שטאַרקער ווי ווען ס׳איז פריִער אין זיין לעבן. ערשט איצט האָט ער זיך ריכטיק פאַרטיפט אין געוויסע געזעצן, וועלכע רעגלען דעם יחידס לעבן אין דער געזעלשאַפט, די געזעצן, וועלכע באַשיצן די הייליקייט פון פּריוואַט־באַזיץ, די געזעצלעכע פאָרשריפטן פאַר פאַבריקאַנטן און אַרבעטערס, די פּאַראַגראַפן, וועלכע רעגלען פּראָדוקציע און קאָנסומציע. איצט האָט ער דאָס אַלץ גאַנץ אַנדערש באַגריפן ווי פריִער, ווען ער האָט שטודירט און די גאַנצע צייט שפּעטער, ביז אַצינד. ס׳זענען אַרויסגעשווומען פאַר זיינע אויגן די אָרעמע גאַסן, אין וועלכע ער האָט געוווינט קומען פון צייט ער האָט איבערגענומען די פּאַרטיי־דיקונג פון דעם אַרעסטירטן יונגערמאַן, דעם פּראָווינצער, וועלכער ווערט באַשול־דיקט אין נישט שטעלן זיך צום מיליטער אין קריגסצייט און עפנטלעך אויפהעצן קעגן דער רעגירונג, אין אַ רעדע אונטערן פרייען הימל פּראָפּאַגאַנדירן נישט צו פּאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד קעגן דעם שונא, וועלכער איז שוין געווען טיף אַריינגעדרונגען אין לאַנד. אין דער דאָזיקער אָרעמער געגנט איז ער ערשט די נאַכט געווען. ערשט נישט לאַנג איז ער געקומען פון דאָרט. די געגנט אָבער, ווו דער מאַסקנבאַל איז געווען, די מענטשן דאָרט: גראַפן און מיניסטאָרן און זייערע פרויען, טעכטער און „קאָכאַנקעס"... נאָך פריִער איז ער געווען ביי זיין פריינד, ביי זיין קאָלעגע גרעגאָר שטשעלקאָווסקי. דאָרט האָט ער געטראָפן דעם סאָלדאַט, דעם פריינדס אַ פעטער, אַ קאָמוניסט, דעם אַרעסטירטנס אַ פריינד, אַ קאַמעראַד — — — „און איך"... אַ קלאַפּ אין טיר. „פּראָשען!" ס׳האָט קיינער נישט געעפנט די טיר און ער האָט גערופן נאָך העכער: „פּראָשען!" אָבער ס׳איז קיינער נישט אַריינגעגאַנגען. איז ער צוגעגאַנגען צו דער טיר און האָט זי געעפנט. ס׳איז קיינער נישט געווען. ערשט ווען ער האָט זי געוואָלט צוריק פאַרמאַכן, איז סוזאַנאַ, ווי אַ גרויסע און שווערע קאַץ, אויף אים אַרויפגעשפּרונגען.

3

אַ ברויזנדיקע פרייד איז אַריין אין אַדאַמס צימער. סוזאַנאַ איז געהאָנגען אויפן ברודערס האַלדז, זי האָט זיך אַרומגעקלאַמערט אַרום אים מיט איר פעסטן,

דאָך קינדעריש, אָבער שוין מיידלווערנדיקן גוף. ווען זי איז אַראָפּ פון אים, איז זי שטיינגעבליבן מיט אירע אַרומגעשוירענע, פּעכשוואַרצע צעפּאַטלטע האָר און אַרויסגעקוקט צום ברודער מיט אירע פייערדיקע, קיילעכדיקע, שוואַרצע אויגן, פול מיט גליק אין זיי. מיט אַ קלינגענדיקן קול האָט זי געלאַכט: „האָסט דיך דער־שראָקן... ווען ביסטו אַהיימגעקומען? — אַזוי לאַנג האָב איך אויף דיר געוואַרט נעכטן! ווו ביסטו געווען? אויף אַ באַל?"

„יאָ, אויף אַ באַל".

„האָסט דיך גוט אַמוזירט?"

אַן אַנדערש מאָל וואָלט אַדאַם געענטפערט אַז יאָ, אַפילו ווען ס'וואָלט נישט געווען אמת; בלויז כדי ווייטער נישט אויסגעפרעגט צו ווערן. נאָר היינט האָט ער נישט געוואָלט זאָגן קיין ליגנט, אַפילו נישט קיין אומשולדיקן ליגנט. באַזונדערס נישט צו קיין קינד. אַ קינד טאָר מען נישט זאָגן קיין ליגנט. אָבער וואָס זאָל ער איר ענטפערן? זאָגן, אַז ער האָט זיך נישט גוט אַמוזירט, וועט זי אים פרעגן פאַר וואָס; ער וועט איר דאַן מוזן דערציילן אַזעלכעס וואָס זי דאַרף נאָך נישט וויסן.

סוזאַנאַ האָט אָבער געמאָנט: „נו, פאַר וואָס ענטפערסטו מיר נישט? דו ווילסט מיר נישט זאָגן דעם אמת, טראַכט דיר אויס אַ ליגנט! שוין גוט, ענטפער מיר נישט; איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט צוליב מיר זאָגן אַזעלכעס וואָס איז נישט אמת".

אַדאַם איז געווען גערירט און האָט זיין קליינע שוועסטער אַ קוש געטאָן אויפן קינדערישן שיינעם שטערן.

„איך בין שוין לאַנג אויף", — האָט סוזאַנאַ זיך באַרימט, — „כ'האָב שוין געגעסן, צוויי מאָל האָב איך שוין געגעסן, און געלייענט האָב איך. אָבער כ'וויל דיר נישט זאָגן וואָס כ'האָב געלייענט".

דער ברודער האָט געקוקט אויף זיין שוועסטער און געניאָסן איר שיינע, קינדיש־נאַיווע, לויטערע פרייד. ס'האָט זיך אַרויסגעריסן פון אים: „דו ביסט שיין, סוזאַנאַ! ווייסטו דאָס? און דו ביסט שוין אַ גרויסע, אַ „פּאַניענקע!"... דערמיט האָט ער עטוואָס צעשטערט. סוזאַנאַס אויגן האָבן זיך גענומען אַרומקאָלערן קאָקעטיש... זי האָט אַוועקגעשאַרט אַ פּאַסמע האָר, וואָס איז איר געפאַלן איבערן שטערן. אַדאַם האָט באַמערקט די ענדערונג אין זיין קליינער שוועסטער, וואָס זיין קאָמפּלימענט האָט גורם געווען. די ענדערונג איז געווען אין איר שיינקייט: פריִער איז איר שיינקייט געווען אַ ריינע, אַן אומשולדיקע; איצט איז אין איר געווען ראַפינירטקייט, קאָקעטישקייט.

סוזאַנאַ האָט אַפּנים דערפילט, אָדער דערקענט, אַז איצט געפעלט זי מער נישט אַזוי שטאַרק דעם ברודער, ווי זי איז אים אַ מינוט פריִער געפעלן און איר ליבע צו אים איז געקרענקט געוואָרן. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט און זי געוואָלט נעמען אויף זיינע קניִען, ווי ער האָט דאָס אָפט געטאָן. זי אָבער האָט אַציִנד זיך נישט געוואָלט אַרויפזעצן אויף אים. צו דער איצטיקער קרענקונג איז אין איר נאָך צוגעקומען די קרענקונג פון נעכטן, פונעם וואַרטן אַזוי לאַנג אים צו זאָגן אַ גוטע נאַכט פאַרן שלאָפן גיין און ער איז נישט געקומען. פאַר וואָס האָט ער נישט געזאָגט אַז ער גייט אויף אַ באַל? זי האָט אים חושד געווען, אַז ער האָט אַוודאי אַ געליבטע און איז מיט איר געגאַנגען אויפן באַל. דעריבער איז ער אַהיימ־געקומען ערשט פאַרטאָג. ער מיינט, אַז זי ווייסט דאָס נישט. אָבער זי ווייסט דאָס.

נו, האָט די אייפערזוכט זי געפּאַקט און געפּרעסן אין איר האַרץ. אָבער זי האָט נישט געוואָלט, אַז אַדאַם זאָל דערקענען אויף איר פּנים די אייפערזוכט און פאַר־ביסן די רויטע, פולע ליפּן. זי האָט גענומען פּלאַפּלען: „ווייסטו וואָס ביי אונדז וועט היינט זיין?"

ער האָט געענטפערט: „ניין, איך ווייס נישט" און געפרעגט: „וואָס וועט זיין?"

סוזאַנאַ האָט אויסגערופן מיט שטאָלץ: „אַ יום־טוב, אַ גרויסער יום־טוב!"

„אַ יום־טוב?" — ער האָט זיך געחידושט. — „היינט איז דאָך נישט קיין יום־טוב".

סוזאַנאַ איז געוואָרן נאָך שטאָלצער: „אַ נאַציאָנאַלער יום־טוב! אַ ייִדישער, אונדזערס אַ נאַציאָנאַלער יום־טוב!"

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט נאָכגעזאָגט: „אַ ייִדישער, אונדזערס אַ נאַציאָ־נאַלער יום־טוב"... ער האָט באַטאָנט יעדע זילבע, כדי דעם אינהאַלט צו באַנעמען און דערפילן אין דער גאַנצער וואָגיקייט און ערנסט: „ייִדיש... נאַציאָנאַל"... די דאָזיקע צוויי ווערטער — צוויי גרויסע באַדייטונגען, אינהאַלטן פון געשיכטע און קולטור — ווי מאָדנע פרעמד זענען זיי אים אויסגעקומען. אויף ס'ניי האָט ער זיך געוווּנדערט איבער זיך אַליין: „וויפל גרויסע זאַכן, פעסטע באַגריפן קומען מיר היינט אויס ניי, אַזוי ניי, אַזוי ניי"... אַ נאַציאָנאַלער יום־טוב איז פאַר אים שטענדיק געווען אַ רוסישער, אָדער אַ פּויליש־נאַציאָנאַלער יום־טוב. אַ ייִדישער... ער האָט געוווּסט פון ייִדישע רעליגיעזע יום־טובים: פּסח, שבועות, ראש־השנה, יום־כּיפּור, סוכּות, חנוכּה... יאָ, חנוכּה... דער טאַטע האָט אים שטענדיק געזאָגט אַז דאָס איז אַ ייִדיש־נאַציאָנאַלער יום־טוב, אָבער... ער האָט קיין מאָל זיך נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון וועגן דעם אַז ער איז אַ ייִד, דאָס איז אים קיין מאָל נישט געקומען אינעם באַוווּסטזיין, ער האָט דאָס קיין מאָל נישט געפילט. אַן אַסימילאַ־טאָר? אויך דעריבער האָט ער קיין מאָל נישט נאָכגעטראַכט, פּונקט ווי ס'איז אים קיין מאָל נישט איינגעפאַלן צו זאָגן אָדער צו טראַכטן וועגן זיך אַז ער איז אַ פּאָליאַק, אַ פּאָליאַק ווי יעדער פּאָליאַק אין פּוילן, אָדער אַ פּאָליאַק פון „משה'ס גלויבן", ווי עס זאָגט וועגן זיך זיין שעף. אַזעלכעס איז אים קיין מאָל נישט געקומען אין קאָפּ אַריין, פּונקט ווי ס'איז אים קיין מאָל נישט איינגעפאַלן צו זאָגן צו זיך: „איך בין אַ מענטש, איך געהער צום מענטשלעכן מין"... ער איז אַ ייִד... אַ פּאָליאַק... ניין, ער קען דאָס נישט באַנעמען. ער איז געבוירן אין פּוילן, אויף אַ טייל פון דער ערד, וווּ ס'וווינט אַ טייל פון דער מענטשהייט, וועלכע רעדט פּויליש. ער רעדט אויך רוסיש, ווייל דער דאָזיקער טייל ערד האָט שוין געהערט צו אַ פאָלק וואָס רעדט רוסיש. ער קען אויך דייטש, פראַנצויזיש, ווייל ער האָט געלערנט די דאָזיקע שפּראַכן. ער איז דערצויגן געוואָרן און האָט געלעבט אין דער פּוילישער קולטור. דאָס האָט ער שוין גאָרנישט געקענט תּופס־זיין און געקנייטשט דעם שטערן: וואָס מיינט מען פּוילישע קולטור? אַזעלכעס איז דאָך גאָרנישטאָ. דער מענטש, אומעטום און אין אַלע צייטן, האָט געשאַפן קולטור און האַלט אין איין שאַפן זי, שאַפן און שאַפן. זי איז פאַרשידנפאַרביק. יעדעס פאָלק האָט צו דער קולטור צוגעגעבן אַ קאָליר. אָבער דער קאָליר איז נישט די קולטור... אין זיין היים, אינעם הויז פון זיינע עלטערן, דאָ וווּ ער איז איצט, וווּ ער איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן, האָבן שטענדיק געהערשט דריי קאָלירן: די רוסישע, די פּוילישע און די ייִדישע. יעדער־

מענטש האָט אין זיך די קאַלירן פון זיין פאָלק און די קאַלירן — אויב ס'קומט אים אויס צו לעבן אַ לענגערע צייט צווישן אַן אַנדערע נאַציע — אויך פון איר. דאָך, אין אַלגעמיין, איז ער קודם־כל אַן אייגענע אינדיווידואַליטעט, מיט אייגנשאַפטן, וואָס ער באַקומט בירושה פון די עלטערן און טראָגט אין זיך אַ טייל קולטור פון אַלע צייטן, וואָס די מענטשהייט האָט געשאַפן — אַזוי פיל, ווי ער איז פעיִק צו טראָגן אין זיך.

דער קליינער סוזאַנאַ איז אַלץ מער אויפגעפאַלן, אַז אַדאַם — אים ליבט זי מער פון איר עלטערן ברודער און ווי די שוועסטער — איז היינט אַנדערש, גאַנץ אַנדערש, ווי ער איז שטענדיק געווען. זי האָט זיך באַמיט צו דערקענען וואָס מיט איר ברודער איז געשען זינט זי האָט אים נעכטן דאָס לעצטע מאָל געזען. אָבער זי האָט גאָרנישט געקענט אַרויסלייענען פון זיין פּנים אָדער אויגן. האָט זי איבער־געחזרט, און טריומפירנדיק מיט קראַפט באַטאָנט: „יאָ, אַ יידיש־נאַציאָנאַלער יום־טוב! ווי ביי אַלע פעלקער! ווי דער יום־טוב פון גרויסן נצחון, וואָס פוילן האָט געפייערט! מיר, יידן, זענען איצט גלייך מיט פוילן, גלייך מיט אַלע פעלקער פון דער וועלט! מיר האָבן איצט אויך אַן אייגן לאַנד, אונדזער לאַנד, דאָס לאַנד פון אונדזערע אָבות — ארץ־ישראל! מיר האָבן עס צוריקגעקראָגן! דאָס ווייסטו דאָך! שוין דריי יאָר! ענגלאַנד האָט אונדז יידן אומגעקערט אונדזער פאָטערלאַנד — פאַלעסטינע! אָבער נישט גלאַט אַזוי געגעבן; מיר האָבן געקעמפט, פאַרגאָסן אונדזער בלוט! — די חלוצים אין פאַלעסטינע האָבן געקעמפט צוזאַמען מיט דער ענגלישער אַרמיי! — אונטער אונדזער יידישער, בלוי־ווייסער פאָן האָבן די חלוצים געקעמפט! — אונטער אונדזער נאַציאָנאַלער פאָן!... יידיש מיליטער!... יידישע אָפיצירן!... אַ יידישער קאָמאַנדיר!... איך ווייס דאָס אַלץ, דאָס אַלץ לערנט מיט מיר דער העב־רעיִשער לערער!"

דער ברודער איז מיטגעריסן געוואָרן פון זיין קליינער שוועסטערס ענטוזיאַזם. ער האָט באַוווּנדערט דעם איצטיקן אויסדרוק פון איר פּנים, וואָס איז געווען פול התלהבות, אירע צעגליטע אויגן. האָט זי אים אַרומגעכאַפּט און ווילד באַדעקט זיין פּנים מיט לײדנשאַפטלעך הייסע קושן. זי איז שטיין געבליבן צווישן דעם ברודערס קניִען, מיט פאַסמעס שוואַרצע האָר איבער איר שיינעם שטערן און אַ צעשטראַלטע געקוקט אין זיינע אויגן. ער האָט גלייך געמאַכט אירע האָר און זי געפרעגט: „זאָג מיר, סוזאַנאַ"...

זי האָט אים איבערגעריסן: „איך הייס נישט סוזאַנאַ! איך הייס שושנה! שושנה!" זי האָט געשריגן און געטופּעט מיט אַ פּיסל: „טויזנט מאָל, צען טויזנט, הונדערט טויזנט מאָל האָב איך שוין געזאָגט, אַז איך הייס נישט סוזאַנאַ, נאָר שושנה! דיר, דער מאַמעשי — אַלע האָב איך דאָס געזאָגט! דער טאַטעשי הייסט נישט איגנאַץ, נאָר יהודה! אַז מ'איז אַ ייד און מ'הייסט יהודה — הייסט מען יהודה, און נישט איגנאַץ! יהודה איז שענער ווי איגנאַץ! און דו הייסט נישט אַדאַם, נאָר אוריאל! אוריאל מיינט: דאָס ליכט פון גאָט"... און קאָקעטיש, ווי פריִער, האָט זי דעם ברו־דער געפרעגט: „און ווייסטו וואָס ס'איז דער טייטש שושנה?"

אַדאַם האָט נאָכגעדענקט און דאַן זיך מודה געווען: „איך ווייס נישט".

די קליינע קאָקעטקע (אַצינד) האָט מיטן זייטיק־קאָפּויערגעהויבן קעפּל און

פאַרפירערישן בליק אין די אַצינד שעלמישע אויגן זיך באַלעקט די פולע רויטע ליפּן און אויסגעזונגען: „שושנה... איז דער טייטש... רויז״...

„דו ביסט טאַקע אַ רויז״ — האָט ער מסכים געווען. — „אַ שיינע רויז, אַ קנאָספּע״...

זי האָט זיך באַליידיקט: „פאַר וואָס אַ קנאָספּע?״

„ווייל דו ביסט נאָך אַ קליינע״.

זי האָט ווידער אַ טופּע געטאָן מיט אַ פיסל: „איך בין שוין אַ גרויסע! יאָ, אַ גרויסע! איך ווייס וואָס איך זאָג״...

דער ברודער האָט נאָכגעגעבן: „אַז דו זאָגסט אַ גרויסע — ביסטו אַ גרויסע. נאָך דערצו, אַז דו זאָגסט, דו ווייסט וואָס דו זאָגסט... יאָ... און דער העברעיִשער לערער לערנט מיט דיר יידישע געשיכטע״...

„יידישע געשיכטע!״ — האָט סוזאַנאַ שטאָלצירט. „איך בין שטאָלץ אויף אונדזער יידישער פאַרגאַנגענהייט אין אונדזער הייליק יידיש לאַנד! איך בין שטאָלץ אויף אונדזערע יידישע העלדן פון אַמאָל! יעדער ייד מוז קענען די גע־שיכטע פון זיין פאָלק!״

פאַר אַדאַמס אויגן זענען אַרויסגעשוווּמען מאָמענטן פון זיין קינדהייט: ווען ער איז געווען אַ קליין יינגל און געלערנט אין דער פאָלקסשול, שפּעטער אין גימ־נאַזיע. אין דער היים האָט אַ לערער מיט אים געלערנט העברעיִש און יידישע געשיכטע, ווי מיט זיין עלטערן ברודער, מיט זיין שוועסטער און אַצינד מיט סוזאַנען. אים האָבן אָבער די לעקציעס פון העברעיִש און יידישע געשיכטע נישט אינטערעסירט, ער האָט זיי געהאַסט, ווייל ווען ער איז אַהיימגעקומען פון דער „שקאָלע״, אָדער גימנאַזיע און געוואָלט בעסער זיין פרוי, האָט ער ווידער געהאַט דעם העברעיִשן לערער. און צוליב וואָס העברעיִש? ס׳האָט קיינער נישט גערעדט די דאָזיקע שפּראַך, אַפילו אינדערהיים האָט מען גערעדט נאָר פויליש, אָדער רו־סיש. ער האָט אויך געהאַסט גריכיש און לאַטיין און געדענקט נישט מער, כמעט קיין איין וואָרט נישט פון די דאָזיקע שפּראַכן. מיט דייטש און פראַנצויזיש איז געווען אַ ביסל בעסער. פאַר וואָס? — ער ווייסט נישט. נאָך מער האָט ער געהאַסט געשיכטע: קיסרים... מלחמות... רעליגיע האָט אים געלאַנגווייליקט.

סוזאַנען איז אַלץ שטאַרקער אויפגעפאַלן אַז איר ברודער איז עפּעס נישט זוי ער איז שטענדיק געווען. ער רעדט היינט אַזוי ווייניק, ענטפערט איר כמעט אויף קיין שום פראַגע נישט. ער איז רק פאַרטראַכט. וואָס איז מיט אים? וואָס איז מיט אים געשען? פרעגן אים וועגן דעם האָט זי זיך אַצינד עפּעס נישט געטרויט, עפּעס איז איר דרך־ארץ היינט פאַר אים באַזונדערס גרויס, גרעסער ווי ביז איצט. זי פילט דאָס. ווידער האָט זי געפּרוּווט אַרויסלייענען פון זיין פנים, פון זיינע אויגן, וואָס מיט אים איז געשען. זי האָט אים אַזוי ליב!... זי האָט אים שטאַרק אָבסער־ווירט, זיך שטאַרק באַמיט צו דערקענען די ענדערונג, וועלכע איז מיט אים פון צייט זי האָט אים נישט געזען, פאַרגעקומען. איר גלאַטער, קינדערישער שטערן, האָט פון אָנגעשטרענגטן נאָכטראַכטן אַזש באַקומען קאַרבן. די געדיכטע, שוואַרצע ברעמען האָבן זיך צוזאַמענגעצויגן און די אַצינד פאַרשנדיקע אויגן האָבן זיך געמרוזשעט אונטער די אומגעווײנלעך לאַנגע וויִעס. אַז זי האָט זיך איבערגעצייגט, אַז איר גאַנצע מי האָט קיין ווערט נישט, האָט זי ריזיקירט און געפרעגט דעם

ברודער: „פֿאַר וואָס ביסטו היינט אַזוי פֿאַרטראַכט, אוריאל? דו זעסט אויס טרויעריק, זייער טרויעריק".

ער האָט אַ צערטלעכן גלעט געטאָן אירע האָר און איר געזאָגט: „איך האָב דיך זייער ליב, סוזאַנאַ".

„שוין ווידער סוזאַנאַ!"

„שו־ש־נה"... — אויף זיינע ליפּן האָט זיך באַוויזן אַ בלאַסער שמייכל.

זי האָט אויפגעכאַפּט דעם דאָזיקן שמייכל. אַרויסצורייסן דעם ברודער פֿון זיין איצטיקן צושטאַנד, האָט זי אים געפֿרעגט: „געדענקסטו נאָך די מעשה, אוריאל, וועגן יוסף און זיינע ברידער? — ס'האָט זיך אים געחלומט, אַז ער מיט זיינע ברידער בינדן גאַרבן אין פֿעלד און צו זיין גאַרב בוקן זיך די ברידערס גאַרבן... דאַן האָט זיך אים געחלומט, אַז די לבנה און אַלע שטערן בוקן זיך צו אים... האָבן אים די ברידער דערפֿאַר אַריינגעוואָרפֿן אין אַ גרוב און אים פֿאַרקויפֿט צו פֿאַרביי־רייטנדיקע ישמעאלים. זיי האָבן אים געבראַכט קיין מצרים. דאָרט איז ער געוואָרן שני למלך און אַלע זיינע חלומות זענען מקוים געוואָרן. יוסף איז געווען זייער שיין... און די מעשה וועגן יעקבס חלום מיטן לייטער געדענקסטו? — ווי יעקב האָט זיך געראַנגלט מיטן מלאך, ווי ער האָט געטראָפֿן רחלען ביי דעם ברונעם... און משה. פּרעהס טאָכטער האָט אים אַרויסגעצויגן פֿון וואַסער. גאָט האָט זיך באַוויזן צו אים אין אַ ברענענדיקן דאָרנבוש. דער בוש האָט געברענט און איז נישט פֿאַרברענט געוואָרן. גאָט האָט משהן געהייסן גיין קיין מצרים און אויסלייזן די ייִדן פֿון קנעכטשאַפֿט. ער האָט זיי אויסגעלייזט, דערביי באַוויזן אַ סך ניסים און מופֿתים: מיטן שטעקן, וואָס איז געוואָרן אַ שלאַנג, די צען מכות וואָס ער האָט געבראַכט אויף די מצרים, ווייל זיי האָבן די ייִדן נישט געוואָלט באַפֿרייען פֿון דער שווערער שקלאַפֿעריי און אַרויסלאָזן פֿונעם לאַנד. פּרעה האָט אָבער געמוזט. דערנאָך האָט ער חרטה באַקומען און די ייִדן נאָכגעיאָגט צום ים. האָט משה געשפּאָלטן דעם ים און די ייִדן אַריבערגעפֿירט אין מיטן ים, אין דער טרוקעניש. די מצרים אָבער זענען דערטרונקען געוואָרן. משה האָט די ייִדן געפֿירט דורך דער מדבר, זיי געברענגט צום באַרג סיני. דאָרט האָט זיי גאָט געגעבן די תורה. משה איז אַרויפֿגעגאַנגען אויפֿן באַרג. דער באַרג איז געווען איינגעהילט אין פֿלאַמען און זיילן רויך האָבן געזעצט, ווייל גאָט איז געווען אויפֿן באַרג; ער האָט גערעדט מיט משהן פּנים אל פּנים און אים געגעבן די לוחות מיט די צען געבאָט פֿאַרן פֿאָלק ישראל". און פּלוצלינג, אין דער גרויסער התלהבות, האָט זי געפֿרעגט דעם ברודער: „ווילסט הערן דעם שיר וואָס איך וועל דעקלאַמירן ביי דעם יום־טוב היינט ביי אונדז? ס'וועלן קומען אַסך געסט. דער שיר איז פֿון אַ גרויסן העברעיִשן משורר. ער איז געבוירן געוואָרן אין שפּאַניע אין טויזנט פֿינף און אַכציקסטן יאָר. ווען ער האָט שוין מער נישט געקענט אויסהאַלטן זיין בענקשאַפֿט צו ארץ ישראל — דאָס איז געווען אין 1140 — האָט ער זיך אַרויפֿגעזעצט אויף אַ שיף, זי זאָל אים ברענגען אין הייליקן לאַנד אַריין. דאָרט איז ער צוגעפֿאַלן צו דער הייליקער ערד, זי געקושט און באַנעצט מיט די טרערן פֿון זיינע אויגן. טרעף וועד דאָס איז געווען, ווי ער האָט געהייסן?" נישט קריגנדיק אַזוי גיך קיין ענטפֿער, האָט זי שטאָלץ אויסגערופֿן: „ער האָט געהייסן יהודה הלוי! דאָס ליד הייסט „ציון" און הייבט זיך אָן:

„ציון, הלא תשאלי לשלום אסיריך,
דורשי שלומך, והם יתר עדריך?
מים ומזרח ומצפון ותימן שלום
רחוק וקרוב שאי מכל עבריך״...

פול מיט פּאַטאָס האָט זי דעקלאַמירט, דערוואַרטנדיק אַז דער ברודער זאָל מיטגעריסן ווערן פון איר. נאָר דאָס איז נישט געשען; זי האָט עס נישט געזען אויף זיין פּנים. נאָך מער: ס׳האָט זיך איר געדוכט, אַז דער ברודער איז געבליבן גלייכ־גילטיק, אַז ער האָט די גאַנצע צייט גאָר געקוקט אויף דעם ׳גיפּסענעם ביוסט, וועלכער איז געשטאַנען אויף אַ שמאָל הויך טישעלע צווישן די צוויי שענק ביכער. אַ באַליידיקטע ׳און געקרענקטע (שיעור ביז טרערן) האָט זי דאַן בייז אַ געשריי געטאָן: „ווער איז יענער מיט די גרויסע, גראָבע און לאַנגע וואָנצעס און אַזאַ צאָרנדיק פּנים?!״ זי האָט זיך אַ ריס געטאָן צום ביוסט, אים אַ וואָרף געטאָן אויפן דיל. אַ גליק וואָס אַדאָם האָט זי אָנגעכאַפּט און נישט געלאָזט. „דאָס איז אַ גרויסער דייטשער פילאָסאָף״; — האָט ער דער אויפגעברויזטער, קליינער שוועסטער גע־זאָגט. —׳„ אַ גרויסער דיכטער און גרויסער פילאָסאָף״. אַדאָם איז געווען איבער־ראַשט און נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס סוזאַנאַ איז פּלוצלינג אַזוי אויפגעקאָכט געוואָרן. אַ דערשטוינטער האָט ער זי געפרעגט: „אָבער סו... שושנה! האָב איך דיך מיט עפּעס געקרענקט? איך האָב די גאַנצע צייט מיך גוט צוגעהערט צו די שיינע מעשהלעך פון דער ביבל, וואָס דו האָסט אַזוי פיין דערציילט, צו דער פּאָעמע, וועלכע דו האָסט דעקלאַמירט מיט אַזוי פיל געפיל און שטאַרקן פּאַטאָס, ערלעכער באַגייסטערונג, וואָס איז געקומען פון דיין ריינער, קינדערשער, אָבער שוין אַזוי ברויזנדיקער נשמה״. ער האָט אַרומגענומען די שוועסטער און זי געקושט אויפן שטערן, אויף די האָר. ער האָט איר געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, אפשר אַביסל רעדן מיט איר, פּלוידערן, נאָר דער פאָטער איז אַריינגעקומען.

4

דער באַנקיר איז איצט געווען אין אַ לירישער און אין אַ פריילעך־יום־טוב־דיקער שטימונג. מיט צערטלעכקייט אין טאָן האָט ער געפרעגט די מוזינקע: „ביסט גאָר הינען? מאַמושאַ ברויך דיך״.

סוזאַנאַ איז געווען צופרידן וואָס דער פאָטער האָט זי אַרויסגעשיקט.

אַ ווײַלע האָבן פאָטער און זון געשוויגן. זיי האָבן אַפילו נישט געקוקט גענוג דרייסט אַציגנד איינער אויפן אַנדערן, ווי זיי וואָלטן זיך געשעמט איינער פאַרן צווייטן. דערביי האָט אַדאָם געפילט, אַז דער פאָטער איז אַריינגעקומען כדי אים עפּעס צו זאָגן, אפשר וויכטיקס. דאָס אייגענע האָט זיך דעם פאָטער געדאַכט, אַז דער זון, צו וועלכן ער האָט געפילט אַ באַזונדערע צערטלעכקייט און אויך רעס־פּעקט, האָט אים עפּעס מיטצוטיילן. (ער איז אייגנטלעך איצט אַריינגעקומען וועגן דעם, ווייל אַזוי ווי ער איז היינט אויפגעשטאַנען, גלייך ווי ער האָט נאָר געעפנט די אויגן, האָט ער כסדר געפילט אַז אַדאָם רופט אים)...

אין אַ געוויסן זין איז אַדאַם פֿאַרן באַנקיר געווען ווי אַ בן־יחיד. אָבער ער איז אים שוין לאַנג אויסגעקומען מאָדנע — אַ רעטעניש. ווייל שוין לאַנג, אַז פֿאַן איגנאַץ ווײַס פֿילט, אַז ער איז דעם זון פֿרעמד געוואָרן. די אַנדערע קינדער — ער האָט זיי אַלע ליב, ווי אַ טאַטע האָט ליב זיינע קינדער, אָבער נישט מיט דעם באַזונדערן צאַפּל אין האַרץ ווי אַדאַמען — קלעפּן שטענדיק צו אים. (ווי קינדער צו אַ פֿאָטער). אַדאַם אָבער — דאָס פֿילט ער — איז פֿון אַ שטיקל צייט אָן ווי פֿרעמד צו אים, צו דער מוטער, צו אַלע אין הויז, חוץ צו סוזאַנאַ, האָט ער גאָר קיין באַציִונג נישט מער.

פֿאַן איגנאַץ ווײַס האָט שוין עטלעכע מאָל געטראַכט, אַז אפשר האָט ער אין אַדאַמס דערציִונג געמאַכט עפּעס אַ פֿעלער. אָבער ער האָט דאָך אַדאַמען געגעבן די זעלבע דערציִונג, ווי ער האָט געגעבן די אַנדערע קינדער. ער איז קיין מאָל נישט געווען צו־שטרענג צו אים. אַדרבא: אים האָט ער אַ סך מער נאָכגעגעבן ווי די אַנדערע קינדער. אַדאַם האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין צו־גרויסן חשק צו די העברעיִשע לעקציעס, צום תנ״ך, צו יידישער געשיכטע — האָט ער אים נישט געצוווּנגען צו־שטאַרק דערצו. נאָר איינס האָט דער באַנקיר זיך דאָך פֿאַרגוואָרפֿן — זיין ווייכקייט און נאָכגיביקייט האָט נישט געטויגט ווען אַדאַם איז שוין געווען אַ דערוואַקסן בחור. דעמאָלט האָט ער באַדאַרפֿן זיין שטרענגער צו אים, באַזונדערס ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט אין דער יידישער דערציִונג. דאָס דריקט אויף זיין געוויסן. ס'איז היינט אַ יום-טוב אין זיין הויז, אַ יידיש־נאַציאָנאַלער יום־טוב; אָבער אַדאַם האָט קיין שום באַציִונג דערצו.

דער באַנקיר האָט געזוכט אַ וועג אָנצוקניפּן איצט אַ געשפּרעך מיטן זון און אָנגעהויבן: „סוזאַנאַ איז אַ וווילע מויד, גאָר אַ וווילע מויד״.

אַדאַם האָט מסכים געווען: „זי איז אַ קלוג קינד, אַ גאַנצער כאַראַקטער. לויט איר טעמפּעראַמענט וועט זי אין לעבן קיין קאָמפּראָמיסן נישט שליסן״...

דעם באַנקיר איז אויסגעקומען, אַז מיטן לעצטן זאַץ האָט דער זון געמיינט אים און ער האָט זיך געפֿילט אַביסל געטראָפֿן. אָבער ער האָט דאָס נישט געלאָזט מערקן אויף זיך און מיט צופֿרידנקייט איינגעשטימט: „אַ טעמפּעראַמענטפֿול קינד, מיט כאַראַקטער. נאָר קאָמפּראָמיסן... ס'געווענדט זיך ווי מען פּאַסט דאָס אויף״...

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט דעם פֿאָטער אָנגעקוקט מיט אַ פֿאַרשערישן בליק. מיט איין מאָל איז אים אַציינד קלאָר געוואָרן אַ סך, וואָס ער האָט פֿריִער וועגן פֿאָטער נישט געקענט באַגרייפֿן. „קאָמפּראָמיס״... ער האָט דאָס וואָרט אַרויסגערעדט שטיל, פֿאַר זיך, אָפּוועגנדיק אין געדאַנק די פֿולשטענדיקע באַדייטונג פֿון דאָזיקן וואָרט. קאָמפּראָמיס... דאָס אומגליק פֿון מענטש... ווער אָבער קען אויסקומען אָן קאָמפּראָמיס? — אויף דער ערד — קיין שום זאַך וואָס לעבט, אַ חוץ אפשר יחידים, אין כאַראַקטער באַזונדערס שטאַרקע, אַזעלכע, וועלכע קענען אַ סך ליידן און אונטערגיין פֿאַר דער ריינקייט פֿון זייער אידייע.

דער פֿאָטער האָט דערפֿילט דעם זונס פֿאַרשערישן בליק. דער בליק האָט געדויערט אַ רגע, אפשר צוויי רגעס, אָבער ווי אַ בליץ, וואָס באַלייכט אין דער קורצסטער צייט אַ גרויסן טייל הימל אין דער גרעסטער פֿינצטערניש, אַזוי האָט דער באַנקיר איצט דערזען אַ סך אין דער טונקלקייט פֿון זיין נשמה, וואָס ער וואָלט בעסער געוואָלט אַז ס'זאָל זיך דאָרט נישט געפֿינען... דאָך איז ער געבליבן

בײ ס׳זײניקע און איבערגעחזרט: „יאָ, ס׳געװענדט זיך װי מען פּאַסט עס אױף. פילאָסאָפיש באַדײט פאַר מיר קאָמפּראָמיס — לעבן. דאָס לעבן איז פול מיט קאָמפּראָמיס. אָן קאָמפּראָמיס װאָלט עס נישט געהאַט קײן קיום. בלויז די הימלישע קערפּערס, די שטערן און פּלאַנעטן, װײסן נישט פון קײן קאָמפּראָמיסן”.

„דאָס איז ריכטיק” — האָט אַדאַם געענטפערט דעם פאָטער. „דאָס אומגליק איז אָבער, װאָס די מענטשן זענען שױן אַביסל צו־פילאָסאָפיש”... באַלד אָבער האָט ער חרטה געהאַט אױף זײן איראָנישקײט, זעענדיק אַז ער האָט דעם פאָטער דערמיט װײ־געטאָן. נאָר ער האָט דאָס געזאָגטע מער נישט געקענט צוריקכאַפּן און דעריבער, איצט שױן ערנסט, װײטער גערעדט: „דאָס לעבן זעלבסט איז בלויז אַ קראַפט, אַ בלינדע, סטיכישע קראַפט; ס׳זענען אָבער דאָ נאָך אַנדערע קרעפטן, װעלכע זענען געגעבן געװאָרן דעם מענטש: אינטעליגענץ, עטיש געפיל, ליבע. דער מענטש קען זײן דער באַלעבאָס איבער זײן װילן”. אַ װײל האָבן בײדע געשװיגן. די שטילקײט איז אָבער געװען אַ קװעלנדיקע און אַדאַם האָט זי איבערגעריסן: „סוזאַנאַ האָט דאָ גערעדט װעגן דער אידײע װעלכע דו האָסט אין איר אײנגע־פלאַנצט, אױך װעגן אַ גרױסער פײערונג הײנט דאָ, װעגן אַ נאַציאָנאַלן יום־טוב”.

דער באַנקיר איז געװען צופרידן װאָס דער זון האָט מיט אים אָנגעהױבן רעדן װעגן דער פײערונג און געזאָגט: „דעם יום־טוב, טאַקע אַ גרױסער נאַציאָנאַלער יום־טוב, אַ ציוניסטישער, האָבן מיר, ציוניסטן, געפײערט נעכטן בײנאַכט. הײנט װעלן קומען עטלעכע פרײנט, נאָענטע, און מיר װעלן... אין אינטימען קרײז, אױף אַן אינטימען אופן... אַזױ, אַביסל... װי „שבע ברכות” נאָך אַ חתונה... דײן שעף װעט אפשר אױך קומען, כאָטש ציוניזם איז פאַר אים טריף, װי פאַר אַ פרומען ייִד חזיר. אָבער איך האָב אים ליב דעם דאָזיקן אַסימילאַטאָר, איך האָב אים אײנגעלאַדן. ער איז אַ קלוגער מענטש... אפשר װעט אױך מיטקומען זײן פרױ און די טאָכטער. מאַמושאַ האָט טעלעפאָנירט. מאַגדאַ געפעלט איר זײער שטאַרק... אַ פײן מײדל”.

אַדאַם האָט פאַרשטאַנען, אַז זײנע עלטערן, באַזונדערס די מוטער, װאָלט גע־װאָלט מאַגדאַן פאַר אַ שנור. זײ װײסן נאָך נישט, אַז זי איז געשמדט און אַז איר באַדינג איז, ער זאָל זיך שמדן אײדער זי װערט זײן פרױ. ער האָט שנעל אונ־טערגעדריקט דאָס װײטיקלעכע שמײכעלע, װאָס האָט זיך שיער באַװיזן אױף זײנע ליפּן.

נאָר פאָן װײס האָט נישט געװאָלט אַז דאָס געשפּרעך, װאָס ער האָט אָנגעהױבן מיטן זון — װעגן דעם איז ער איצט אַרײנגעקומען — זאָל אַראָפּ אױף אַ זײטיקן װעג און אױפסנײ אָנגעהױבן: „דו האָסט געזאָגט, אַז סוזאַנאַ האָט פריִער מיט דיר גערעדט װעגן דער אידײע, װעלכע איך האָב אין איר פאַרפלאַנצט. האָב איך נישט די זעלבע אידײע פאַרפלאַנצט אױך אין דיר?”

אַדאַם האָט נישט געענטפערט. דעם פאָטערס פראַגע איז געװען אַ ריכטיקע. אינעם הױז זענען אַלע געװען ציוניסטן. דאָך — דאָס האָט דער יונגער אַדװאָקאַט געפילט און ס׳איז אים אין דער שטרענגקײט פון זײן זעלבסטקריטיק איצט געװען קלאָר — אַז ער איז נישט שולדיק אין דעם, װאָס אין זײן נשמה האָט זײן פאָטערס אידײע זיך נישט אָנגענומען. פאַרװאָס? דערױף האָט ער קײן ענטפער נישט געהאַט. נאָר שטאַרק נאָכדענקענדיק איצט װעגן דעם „פאַרװאָס נישט?” איז אים קלאָר

געוואָרן, אַז די אידייע פונעם ציוניזם איז אין דעם הויז ווי עפּעס אַ בריליאַנטענע שפּילקע, וועלכע אַלע טוען זי אָן צו די פייערונגען לכבוד דער דאָזיקער אידייע... אַ צווייטע אידייע איז אין אים פאַרפלאַנצט געוואָרן. ס'איז נאָך נישט לאַנג. ער האָט אַפילו נישט געפילט ווי דאָס קערנדל פון דער אידייע איז געוואָרפן געוואָרן אינעם באָדן פון זיין נשמה, אָבער זי איז אויפגעגאַנגען. זי האָט זיך אַלץ שטאַרקער צעוואַקסן אין אים, און היינט האָט ער דערזען די פרוכט פון איר. פאַרוואָס איז די אידייע יאָ אויפגעגאַנגען אין אים, און אַזוי שנעל? ניין, נישט בלויז ווייל אינעם באָדן פון זיין נשמה קען וואַקסן בלויז די אידייע פון סאָציאַלער גערעכטיקייט, נאָר ווייל אַן אידייע ווערט גענערט פונעם בלוט אין די הערצער, אין וועלכע זי איז פאַרפלאַנצט. אין דער קורצער צייט — צייט ער האָט איבערגענומען דעם פּראָצעס פון דעם פּראָווינצער רעבעל קעגן אומגערעכטיקייט און אָנגעהויבן זען דאָס, וואָס ער האָט פריִער נישט געזען — האָט ער זיך אין דעם אַלץ מער און מער איבערגעצייגט. די ענדערונג וואָס האָט זיך אין אים אָנגעהויבן; די פרעמדקייט צו דער היים, דער קאָמפּלעקס, אַז ער פילט דעם ריח פון מענטשנבלוט — אַלץ איז אים היינט קלאָר געוואָרן. נאָך אַ לענגערער ווײַלע שוויגן האָט ער געענטפערט דעם פאָטער: „אין מיר האָט דיין אידייע זיך נישט אָנגענומען“.

„פאַרוואָס?“

„ווייל“... אַדאַם האָט נישט געוואָלט ווײ־טאָן דעם פאָטער, און אים גלייכער געזאָגט: „ווייל אין מיר איז אויפגעגאַנגען אַן אַנדער אידייע, די אידייע פון סאָציאַליזם, פון קאַמף פאַר יושר און אמת, די אידייע קעגן דער בלוטיקער אומגערעכטיקייט וואָס הערשט קעגן די, וועלכע שאַפן אַלץ און האָבן גאָרנישט, און דעריבער די מלחמות“.

„דו, אַדאַם, אַ סאָציאַליסט?! אַ רעוואָלוציאָנער?!“

צווישן פאָטער און זון האָט אויסגעבראָכן אַ הייסע, אַ שטורמישע דיסקוסיע.

## קאַפּיטל אַכט

# אַ שמחהלע און אַ פרעמדער

1

לכבוד דער פייערונג האָט סוזאַנאַ אויסגעפּוצט דעם גרויסן סאַלאָן מיט די צוויי ייִדישע נאַציאָנאַלע פאַרבן. דער סופיט איז דעקאָרירט מיט געפלאָכטענע קייטן פון בלוי־ווייס פּאַפּיר אויף אַזאַ אופן, אַז ער שטעלט פאָר אַ בלוי־ווייסע קרוין, מיט אַ גרויסן גאָלדענעם מגן־דוד אין דער מיט. די ווענט זענען באַהאָנגען מיט בלוי־ווייסע פענדלעך און גאָלדענע מגן־דודס. דאָס גרויסע בילד פון ד"ר הערצל — שטענדיק הענגט עס אין באַלעבאָס' קאַבינעט — הענגט איצט דאָ. אַזוי האָט סוזאַנאַ געוואָלט. די מוטער, דער פאָטער — אַלע אינעם הויז — האָבן איר געמוזט אַלץ נאָכגעבן. די דינערשאַפט האָט געמוזט אויספירן יעדן באַפעל אירן. דער

פּאָרטרעט, אין אַ שווערער גאָלדענער ראַם, העגנט אויפן בכבודיקסטן אָרט, צווישן צוויי גרויסע בלוי־ווייסע פענער און מיט אַ גאָלדענער (פּאַפּירענער) קרוין איבערן קאָפּ. ד״ר הערצל איז פאַר סוזאַנען אַ קעניג. „ער איז אונדזער נייער דוד המלך!״ — דאָס זאָגט זי די געסט. „אָבער ד״ר הערצל איז דאָך שוין טויט״ — האָט עמעץ פון די געסט אין שפּאַס זי אויפמערקזאַם געמאַכט. „דאָס שאַדט נישט״ — האָט זי געענטפערט. „דוד המלך איז שוין לענגער טויט; אָבער פאַר אונדז יידן לעבט ער. אַזוי לעבט פאַר אונדז ד״ר הערצל. און זיי וועלן אייביק פאַר אונדז לעבן. אין אונדזערע נשמות, אין אונדזערע הערצער״. אויף די צווייגן פון די גרויסע וואַזאָנעס אין די ווינקלען — אַלע טראָפּישע פלאַנצן — האָט זי אָנגעהאָנגען פּאָמעראַנצן, ציטרינען, מילגרוימען און אַנדערע מזרח-פרוכטן. זי שטאָלצירט פאַר די געסט: „מארץ ישראל!״ (אַלץ וואָס זי זאָגט אין העבעריש זעצט זי איבער פאַר די מייסטע, אָדער כמעט פאַר אַלע אין פּויליש, ווייל זיי פאַרשטייען נישט). זי האָט צעשטעלט קליינע קערבלעך, באַפּוצט מיט בלוי־ווייסע שלייפלעך און אָנגעפּילטע מיט ווייַנ־טרויבן, טייטלען און פייגן, געפּרעסטע ראָזשינקעס אויף די שטענגלעך און מיטן בלויען טוי נאָך אויף זיי, מיט מאַנדלען און אַנדערע גוטע זאַכן פון ארץ־ישראל.

צווישן די גבירים אַדירים, דער פּער פון די געסט, פאַרנעמען דעם אויבנאָן עטלעכע פון דער ציוניסטישער גוואַרדיע, נישט קיין זייער רייכע, אָבער זיי האָבן אין זייער גאַנץ לעבן כמעט געטראָגן דעם ציוניזם, נישט בלויז אין זייערע הערצער פאַרבאָרגן, נאָר זיי האָבן שטענדיק געקעמפט פאַר אים אָפן און מיט שטאָלץ. נו, זענען זיי די וועטעראַנען צווישן די זיגער. זיי באַשיינען די שמחה נישט ווייניקער ווי די קאַרפּנקעפּ פון דער יידישער געלט־אַריסטאָקראַטיע אין דער פּוילישער רעזידענץ. אַן אָנזעעוודיקער טייל פון די געסט געהערט צום באַלעבאָס און דער באַלעבאָסטעס קרובים. אָבער דעם גאָר, גאָר, דעם סאַמע בכבודיקסטן אָרט פונעם אויבנאָן פאַרנעמען צוויי אַלטיטשקע: דער וויעלמאָזשנע פאַן באַרטאָלאָמוס פּיטע־לאָוויטש און זיין פרוי. זיי זענען דאָרט אַוועקגעזעצט געוואָרן צוליבן פילפאַכן יחוס זייערן: בשותפותע 160 יאָר. גרויס עשירות (חוץ אין אַקציעס און אין בענק אויך אַ סך הייזער און גיטער) און דערצו מחותנים פון די ווײַס׳ און פונעם באַרימטן יוריסט אייגערס זון. די פּייטעלאָוויטשעס, דעם אַלטן פּאָרפּאָלק איצט דאָ, איז ליבער אַן אידעם אַ משומד, ווי אַ שנור אַ ציוניסטקע. דאָס ווייסן כמעט אַלע פון די ציוי־ניסטישע געסט דאָ אַצינד; דאָך איז זייער יראַת־הכבוד פאַר די צוויי מענטשן אין לשער. אָבער נישט בלויז צוליב פאַרמעגן (און דערמיט אויך מאַכט אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן), נאָר ווייל דער אַנגעזעענער זקן האָט אַזאַ וווּנדערלעך הדרת פּנים. דעריבער האָבן זיי איצט ווי פאַרגעסן אין דעם ביטערן קאַמף, וואָס דער דאָזיקער ווירדיקער זקן פירט נאָך אַלץ אָן מיט גרויס עקשנות קעגן זיי, דעם קאַמף פאַר אַסימילאַציע. ער קאַרגט נישט קיין געלט פאַרן דאָזיקן קאַמף, כאָטש ער איז אַ גרויסער קמצן. די העלפט פון זיין עשירות וואָלט דער אַלטער פּייטעלאָ־וויטש אַוועקגעגעבן, אַז די יידן אין פּוילן זאָלן אויסטאָן זייערע לאַנגע קאַפּאָטעס און די משונהדיקע היטלען און זאָלן אויפהערן רעדן זייער מיאוסן זשאַרגאָן, זיי זאָלן אויפהערן זיין אַזיאַטן און ווערן פּאָליאַקן, קולטורעלע אייראָפּעער. דאַן וועט דער אַנטיסעמיטיזם אויפהערן. דעם ציוניזם האַלט ער פאַר פאַרפירעריש, ווייל די דאָזיקע אידייע וויל, אַז די יידן זאָלן זיך נאָך צוויי טויזנט יאָר צוריק אומקערן

קיין אַזיע, אין דער וויסטעניש. דאָך, אין אַ געווּיסן זין קען ער דעם ציוניזם פאַר־שטיין; ס'איז די בענקשאַפט צום לאַנד פון די אָבות, צו דער הייליקער ערד, וווּ ס'איז אַמאָל געווען די ייִדישע מלוכה („קרולעסטוואָ"). דאָרט האָבן די הייליקע נביאים געפּרעדיקט גאָטס וואָרט, און די הייליקע ביבל — ביי אַלע פעלקער און נאַציאָנען איז זי הייליק... און נו, האָט ענגלאַנד, די גרעסטע מלוכה אין דער וועלט, געגעבן די ייִדן פּאַלעסטינע און זיך עפנטלעך פייערלעך פאַרפליכטעט דורך אַ דעקלאַראַציע צו העלפן דעם ייִדישן פאָלק צוריק אויפריכטן זייער היים אין זייער הייליק לאַנד. די פּוילישע מלוכה־מענער, צוזאַמען מיט אַלע מלוכה־מענער פון אייראָפּע, שטיצן די דאָזיקע אידייע. דעריבער איז ער איצט געקומען אַהער צו דער פייערונג פאַרן ציוניזם, וואָס זיין מחותן מאַכט ביי זיך פאַר נאָענטע און פריינד, דעריבער שאָקלט ער מיטן אַלטן קאָפּ אויף יאָ צו די רייד און אַרגומענטן פון די ציוניסטן, וואָס רעדן די גאַנצע צייט צו אים וועגן זייער אידייע.

דער אַדוואָקאַט וואַכאַלדער קומט זיך אַצינד פאַר, ווי אַ מחותן אויף אַ חתונה. אָן אים וואָלט גאָרנישט געווען. זיין גרויסע געבויגענע נאָז איז דערהיצט און רויט. זי גלאַנצט און פאַרנעמט דעם גרעסטן פלאַץ אין סאַמע מיטן פונעם שמאָלן פּנים, וואָס דערמאָנט אַזוי שטאַרק אין אַ שעפּס. די נאָז גייט פאָרויס, שניידט אַ וועג און פירט נאָך זיך, שאַלנדיק ווי אַ טראָמפּייט, דעם שמאָלברוסטיקן אַדוואָקאַט. ער גייט פון איין אָנגעזעצענער גרופּע צו דער צווייטער, כאַפּט פלינק אויף וואָס מ'רעדט און זאָגט שנעל אַרויס זיין מיינונג, באַווייזנדיק דערביי, אַז אין פּאָליטיק איז ער מער אָריענטירט ווי זיי אַלע, ער ווייסט די סאַמע לעצטע געשעענישן און די נייעסן פון דער וועלט. אין דער דיפּלאָמאַטיע ווייסט ער — נישט בלויז וואָס ס'גייט פאָר אין לאָנדאָן, אין פּאַריז און אין וואַשינגטאָן — וואָס קיינער ווייסט נישט — נאָר אַפילו מיט וואָס די פּרעסע וועט מאָרגן אַרויסקומען וועגן געוויסע אָפּמאַכן; ס'וועט זיין אָן איבעררעשונג, ס'וועט זיך קאָכן וועגן דעם; אָבער דאָס, וואָס די צייטונגען וועלן שרייבן וועט נישט זיין דער גאַנצער אמת. קוקן אַלע אים אין מויל אַריין. ער זיגט, און נישט בלויז ווייל ער ווייסט אַזוי פיל און קען מיט זיין שאַרפער און פלינקער לאָגיק אַלץ שנעל דערכאַפּן און דערשמעקן און קלאָר באַ־ווייזן זיין צוגאַנג, נאָר ווייל ער האָט אַזאַ הויך קול, וואָס שרייט אַלע איבער, פאַר־טויבט, אַפילו ווען ער וויל נישט שרייען. (אין דיסקוסיע וועגן פּאָליטיק האָט ס'קול אַ סך צו זאָגן). די דיסקוסיעס — אין גרופּעס און אַלע אינאיינעם — ווערן געפירט אין פּויליש, אין דער לאַנדשפּראַך, אָבער דאָ און דאָרט הערט מען אויך דעם קלאַנג פון אַ העברעיִש וואָרט, ווי מ'הערט אַ מאָל אויך ביי אַן אָרעמאַן דעם קלאַנג פון אַ גאָלדן רענדל. פּאַן גאָרדאָן, דעם באַלעבאָס' פּערזענלעכער סעקרעטאַר, רעדט מיט די געסט אויסשליסלעך וועגן ציוניזם, וועגן ארץ־ישראל, וועגן דער געאָגראַ־פיע פון פּאַלעסטינע, וועלכע ער קען גוט. ער זאָרגט אויך פאַר די אַריינקומענדיקע געסט, זיי זאָלן פאַרנעמען די פּלעצער, וועלכע זענען פאַר זיי באַשטימט. אַ ביסל באַזאָרגט איז ער וואָס ס'זענען נאָך נישטאָ אַלע, וועלכע ער האָט — זיך באַראַטנדיק פריִער מיטן באַלעבאָס און דער באַלעבאָסטע — איינגעלאַדן. ס'איז אָבער נאָך נישט אַזוי שפּעט.

די פרויען האַלטן זיך כמעט אַלע ווי אָפּגעזונדערט פון די מענער. נאָר דאָס איז דערפאַר, ווייל כאָטש זיי זענען ציוניסטקעס, דאָס וואָס די מענער זייערע זענען,

אינטערעסירט זיי דאָך מער דאָס וועגן וואָס זיי האָבן צו רעדן צווישן זיך, ווי די פּאָליטישע געשפּרעכן, וועלכע די מענער פירן צווישן זיך. ס׳באַוווּנדערט איינע דער אַנדערערס טואַלעט, מ׳מאַכט איינע דער אַנדערער קאָמפּלימענטן. זיי האָבן זייער אַ סך זאַכן וועגן וועלכע זיי מוזן רעדן. יעדע איינע האָט אַזוי פיל צו דערציילן, אַזוי פיל נייעס (וואָס זי האָט שוין אומצייליקע מאָל דערציילט). אַלע רעדן אינאייינעם. זייערע רייד גיסן זיך ווי וואַסער. פון דער ווייטנס הערט מען דאָס רעדן ווי אַ רוישן פון כוואַליעס. די פרויען דערציילן וועגן סקונקסעסע מאַנטלען, וועגן קראַקולענע, זילבער־פוקס און אַנדערע אַלערליי טייערע פּעלצן. זיי רעדן וועגן קליידער, וועגן פאַרשידענע מאָדעס און וועגן די גאָר נייעסטע, וועגן היט, צירונג, אַלערליי טייערע איידלשטיינער, וועגן קאָרסעטן, שיך און אַפילו זאָקן, וועגן די ווינטער־רייזעס, וועלכע יעדע איינע גרייט זיך צו מאַכן: וואַהין, אויף ווי לאַנג, וואָס זי האָט שוין אַלץ איינגעקויפט און וואָס זי מוז נאָך אַלץ איינקויפן, און ווי זי רעכנט דאָרט צו פאַרברענגען, ווי אַזוי מ׳קען זיך דאָרט אַמוזירן, ס׳אַראַ ראָמאַנסן — גאַנץ סקאַנדאַליעזע — דאָרט האָט זיך אָפּט שוין אָפּגעשפּילט. יאָ; און וואָס ס׳האָט געטראָפן מיט דער גרעפין שווינסקאַ און מיט דער פּאַני פּינסקאַ, און מיטן דאָקטאָר פּלאַצעק, און מיטן פּאַן שמאַצעק. די קלוגע מאַדאַם ראָזאַליע ווײַס (אַלע האַלטן זי פאַר קלוג, זי ווייסט דאָס און האַלט זיך אַליין פאַר גאָר קלוג) רעדט איצט ווייניק, כדי צו לאָזן רעדן די געסט, ווי דאָס טוט יעדע קלוגע און גאַסטפריינדלעכע באַלעבאָסטע. זי האָט אַלע און יעדע באַזונדער באַוווּנדערט, געמאַכט קאָמפּלימענטן, און דאָס זעלבע באַקומען פון אַלע און פון יעדער איינער באַזונדער. זי האָט אַריסטאָקראַטיש־פיין געשמייכלט און געדאַנקט. דאָס אייגענע האָט געטאָן די שנור און די אויסגעגעבענע טאָכטער.

סוזאַנאַ איז אַרומגעשפּרונגען און אַרומגעטאַנצט צווישן די געסט, צווישן די פרויען און צווישן די מענער. זי האָט יעדן אָנגעבאָטן פון די גוטע ארץ־ישראלדיקע זאַכן, אַ קניקס־טוענדיק געזאָגט „בבקשה“ און „פּראָשען באַרדזאָ“, נישט אָפּגעטראָטן ביז מ׳האָט ביי איר גענומען עפּעס און מיט אַ קניקס געענטפערט אויפן דאַנק אין העברעיש און אין פּויליש. זי האָט זיך געפרייט, אַז מ׳האָט ביי איר עפּעס גענומען, ווייל זי איז אויף די פּרוכטן פון פּאַלעסטינע געוועזן שטאָלץ, זיך געפרייט פּונקט ווי מיט די קאָמפּלימענטן, וועלכע מ׳האָט געמאַכט איר פּרעזענלעך. לעבן דעם אַלטיטשקן פאָרפּאָלק איז זי שטיין געבליבן זייער לאַנג. זי האָט זיך צוגעקלעפּט באַזונדערס צו דער מאַדאַם פּייטעלאָוויטש מיט די שנייווייסע האָר און זיך געבעטן ביי איר: „מרת פּייטעלאָוויטש! בבקשה. זאָגט מיר: זעט דער ד״ר הערצל, מיט דער שוואַרצער באָרד זיינער, מיט דעם מאַיעסטעטישן פּנים, זעט ער נישט אויס ווי אַ מלך?“ די אַלטיטשקע האָט איר צוליבגעטאָן און געענטפערט: „יאָ, מיין קינד. פּונקט אַזוי האָט אויסגעזען מיין גאָטזעליקער פּאָטער“. מיטן צעשטראַלטן באָבעשי־פּנים האָט מאַדאַם פּייטעלאָוויטש, מיט אַ ביינערדיקער ציטערנדיקער האַנט, געגלעט סוזאַנאַס פּעכשוואַרצע וואַרעמע האָר און איר געזאָגט ליבע ווערטער. מיט יראת־הכבודיקן און דאַנקבאַרן בליק אין די פייערדיקע אויגן האָט סוזאַנאַ אַרויפגעקוקט צו דער ווירדיקער זקנה און געקושט איר כמעט שוין בלוטלאָזע און ווי פּאַרמעט טרוקענע האַנט. אויך צו מר פּייטעלאָוויטש האָט זי זיך געטוליעט. זי האָט מיט גרויס פּיעטעט געקוקט אויף די גרויע באַקנבערד און די ברייטע, גלאַטיק־ראַזירטע

גאַמבע, ווי זי וואָלט געשטאַנען פאַרן עסטרייכישן קייזער פראַנץ יאָזעף, וועלכן זי האָט געקענט פון די פאָרטרעטן וואָס זי האָט געזען. אויך פון אים האָט זי געוואָלט אַרויסקריגן, אַז דער ד״ר הערצל זעט אויס מאַיעסטעטיש, ווי אַ קיסר. נאָר פון אים האָט זי דאָס נישט געקענט אַרויסבאַקומען.

2

די געסט, וואָס זענען געקומען צולעצט, זענען געווען דער באַרימטער אַד־וואָקאַט יאַנוש אייגער מיט זיין פרוי. זי איז מיטגעקומען מיטן מאַן, נישט צוליב דער ציוניסטישער שמחה, צו וועלכער זי האָט נישט געפילט קיין שום שייכות, נאָר ווייל זי האָט געוווסט אַז דאָרט וועלן זיין די מחותנים. ער אָבער איז נישט געקומען ווייל אויך די מחותנים וועלן זיין, נאָר ווייל דער פאָטער פון זיין אַסיס־טענט האָט אים איינגעלאַדן, און ווייל ער האָט ליב פריילעכקייט. האָט ער — דאָס קליינע יידעלע מיטן גרויסן קאָפּ, גרויסן פליך און פאַרזשמורעט אייגל גלייך ביים אַריינקומען זיך באַפרייט פון דער פרוי; ער האָט זי איבערגעלאָזט אינעם „דאַמפּקעסל״, ווי ער האָט גערופן אַ פרויען־געזעמל. נאָכן באַגריסן זיך מיטן עולם, מיט די מייסטע דורך אַ שאָקל מיטן קאָפּ, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט ערגעץ אין אַ ווינקל. אַדאַם האָט זיך באַלד צוגעכאַפּט צום שעף און איז געבליבן זיצן מיט אים ביי דעם טישל. נאָר ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און ס׳איז צוגעקומען אויך דער אַדוואָקאַט וואַכאָלדער. ער איז געבליבן שטיין, ווייל ביי דעם טישל האָבן געקענט זיצן בלויז צוויי מענטשן (דעם בכבודיקן פּלאַץ, וואָס פאַן גאָרדאָן האָט אָנגעוויזן, האָט דער באַרימטער פאַן אייגער נישט געוואָלט). דער יורידישער ראַטגעבער פון די ציוניסטן און שטאָלצער ציוניסט האָט אַ פרעג גע־טאָן: „נו, קאָלעגע, וואָס זאָגט איר איצט אויף אונדזער זיג?״ דאָס קליינע יידעלע און גרויסער געניסער האָט געהאַט אַ פול מויל מיט מאַנדלען און ראָזשינקעס. ער האָט געקייט: „הם... הם״... ער האָט אָבער ליב געהאַט צו רייצן די דאָזיקע גרויסע, געבויגענע, רויטע נאָז, ווי ער האָט אַ מאָל, ווען ער איז געווען אַ קליין יינגל, ליב געהאַט צו רייצן דעם רויטן פּאָפּוגאַי אין שטייג ביי זיינס אַ חבר (ווייל ער האָט ליב געהאַט צו הערן ווי דער פּאָפּוגאַי שרייט און קוויטשעט). דער אַדוואָקאַט וואַכאָלדער דערמאָנט אים אין יענעם פּאָפּוגאַי, וועגן זיין נאָז און דאָס קול וואָס לעכערט די אויערן. ער האָט ׳דעריבער שנעל אַראָפּגעשלונגען אַלץ וואָס ער האָט געהאַט אין מויל און דעם גאַווהדיקן, זעלבסטצופרידענעם ציוניסט, גענומען רייצן מיט דער טרויעריקער צייט פון דער יידישער געשיכטע אין דער ווייטער פאַרגאַנ־גענהייט: „אַ הונדערט און זיבעציק יאָר האָט געדויערט די שופטים־צייט. אין דאָזיקן קורצן פּעריאָד האָבן די יידן געפירט נישט ווייניק מלחמות מיט די איינוווינער פונעם דעראָבערטן לאַנד, וועלכע זענען דאָרט נאָך אַלץ געווען די באַלעבאַטים פון דעם באָדן. נישט ווייניק מלחמות האָבן זיי געפירט מיט די פעלקער פון די שכנות־דיקע לענדער. די דאָזיקע צייט איז נישט געווען קיין זייער פריילעכע. דאַן קומט די גליקלעכע ערע, אַזוי צו זאָגן. אָבער ווי לאַנג האָט זי געדויערט? — אַ הונדערט יאָר. דאָס איז געווען די צייט פון דוד און שלמה. אָבער אויך אין דער דאָזיקער

גאָלדענער צייט האָט זיך געגאָסן געווג בלוט. דאַן שפּאַלט זיך דאָס ייִדנטום אין צוויי מלוכות, אפרים (אָדער ישראל) און יהודה. אין לויף פון צוויי הונדערט יאָר דעמאָלט, אומגעפּער פון 930 ביז 720, געוועלטיקן 27 ייִדישע מלכים, 15 אין שומרון (אפרים־ישראל) און 12 אין יהודה. וואָס פאַר אַ שרעקלעכע וויסטע צייט איז דאָס געווען פאַר די ייִדן! געצענדינערייַ, ברודער־מאָרד. מלחמות פירט מען שוין נישט בלויז מיט פרעמדע מלוכות, נאָר מען ברענגט זיך אום אויך קעגנזייטיק; ישראל פירט מלחמה מיט יהודה, יהודה מיט ישראל, דער פאַרוויסט יענעמס לאַנד און יענער דעמס לאַנד. אויפשטאַנדן נאָך אויפשטאַנדן. קאַמף פאַרן טראָן. מען דערמאָרדעט דעם מלך צו פאַרכאַפּן די מאַכט, מען קוילעט אויס אַלע, וואָס האָבן געהאַלטן מיטן דערמאָרדעטן קעניג, אויך די קינדער, די פרוי, חוץ די קעפּסווייבער; זיי נעמט מען פאַר זיך. מען שעכט אויס די קרובים, מען פייערט פשוט בלוט־אָרגיעס, ביז מלכות ישראל, 10 שבטים, פאַלט און פאַרשווינדט אינגאַנצן. מלכות יהודה בלייבט. אָבער דאָס איז גאָר אַ קליינער טייל פון די ייִדן. און ווי לאַנג האַלט זיך יהודה? — קוים 150 יאָר, פון 357 ביז 586. אָבער אין דער דאָזיקער צייט איז דאָס ייִדישע לאַנד שוין נישט זעלבסטשטענדיק, עס געפינט זיך אונטער דער אויבערהערשאַפט פון אַשור און פירט מלחמה מיט עגיפּטן און ביי־באַבילאָניע. דאָס איז ווידער אַ בלוטיקע ערע, ס׳פלאַקערן פּאָליטישע און רעליגיעזע קאַמפן, סע בושעוועט ברודער-מאָרד. די אַריסטאָקראַטיע אַסימילירט זיך, נעמט אָן די קולטור פון די אַריינדרינגער און זאָרגט זיך זייער ווייניק פאַר דער אייגענער נאַציע. די נביאים האָבן אין אַלע צייטן געזען אַז די נאַציאָנאַלע עקסיסטענץ פונעם ייִדישן פאָלק ליגט נישט אינעם געביט פון מלוכה, נאָר אינעם גייסטיקן כוח. ערשט ווען די באַביליאָנער מאַכן חרוב ירושלים און דאָס זעלבסטשטענדיקע ייִדישע מלוכה־לעבן נעמט אַ סוף — אַרום 586 פאַר קריסטוסן און דעמאָלט הייבט זיך אייגנטלעך און פּאַקטיש אָן דאָס גלות — ערשט דאַן, דווקא אין גלות, אין בבל און אין די אַנדערע אָריענטאַלישע לענדער, דאָרט — לייטערט זיך דאָס ייִדישע פאָלק; ס׳ווערט געבוירן די גייסטיקע ייִדישע אומה, ס׳דערפילט די גרויסע שליחות פון גאָט און נעמט באַווירקן אַלץ מער און מער די גאַנצע וועלט. אַלזאָ — ס׳ליגט נישט אין ייִדישן טעמפּעראַמענט צו קענען פירן אַ מלוכה־לעבן. מעגלעך אַז טאַקע דערפאַר, ווייל גאָט האָט עס אויסדערוויילט פאַר זיין שליח צו די פעלקער, זיי צו פאַרקינדיקן זיין מאַכט, זיין גלאָריע און זיין ווילן פון אמת און גערעכטיקייט?״ — — —

פאַרן אַדוואָקאַט וואַכאַלדער איז עס געווען אפשר דאָס ערשטע מאָל, אַז ער האָט אין אַזעלכע געשפּרעכן אַזוי לאַנג געשוויגן און געלאָזט דעם אַנדערן, דערצו אַ קעגנער, רעדן. באַזונדערס ווען יענער האָט זיך נאָך באַנוצט מיט דער ייִדישער געשיכטע, זי אַזוי אויסצוטייטשן. איבער זיינע כוחות האָט ער זיך די גאַנצע צייט גובר געווען. אייגנטלעך פאַר וואָס? — ווייל דער מיאוסער אַסימילאַטאָר איז דער באַרימטער יוריסט און זיין שעף? — דאָס איז נישט גאַנץ אַזוי, ווייל איינס איז ער אַ ביסל מער, ווי בלויז זיינס אַן אַסיסטענט, און צווייטנס... ער האַלט זיך נישט פאַר קיין קלענערן יוריסט. ווייל ס׳איז אויף אַ שמחה אין אַ פּריוואַט הויז? — נו, ער איז דאָ אַ ביסל אַ חשובערער גאַסט, ווייל מר. ווײַס און ער... נישט בלויז ציוניסטן; אַ ביסל מער... און דער יום־טוב דאָ איז אַ ציוניסטישער...

„איר גלייבט דאָך נישט אין דעם וואָס איר זאָגט!" — האָט ער דעם באַרימטן יוריסט אַ וואָרף געטאָן אין פּנים אַריין נאָך איידער יענער האָט געענדיקט דאָס לעצטע וואָרט, נישט אָנרופנדיק אים אפילו קאָלעגע. דער אַדוואָקאַט וואַכאַלדער האָט זיך אָצינד נישט באַמיט צו רעדן שטיל וועגן זיין קול, נאָר עס גאָר אויפגע־הויבן העכער. ער האָט געוואָלט, אַז אַלע פאַרזאַמלטע זאָלן אים הערן. שאַדנפריידיק האָט ער דעם אַסימילאַטאָר געצומען באַווייזן ווי שלעכט ער קען די יידישע גע־שיכטע, ווי שלעכט ער טייטשט זי אויס — ווי אַ שונא פון זיין פאָלק. ער האָט אים אַקעגנגעשטעלט זיין בקיאות און חריפות אין דער יידישער געשיכטע, זיין אויס־טייטשונג ווי אַ ציוניסט. דאַן האָט ער געצומען שיטן מיט בלוטיקע דאַטעס פונעם יידישן לעבן אין גלות, צו באַווייזן ווו די יידן האָבן געליטן מער — אין זייער אייגן לאַנד, אָדער אין די פרעמדע לענדער. ער האָט אויסגערעכנט בלויז אַ טייל פון די פאַרפאָלגונגען, באַרויבונגען, פייניקונגען, טרייבונגען, שחיטות, פאַרברענונגען און פאַרניכטונגען דורך אַלערליי מיתה־משונות, וואָס די יידן אין גלות האָבן געליטן, און אונטערגעשטראָכן: „דאָס איז בלויז אַ גאָר קליינער טייל, ווייל די יידישע ליידן אין גלות זענען גרויס ווי אַ ים".

ס'זענען צוגעקומען דער באַלעבאָס, סוזאַנאַ און עטלעכע פון די געסט. זיי האָבן זיך צוגעהערט צום אַדוואָקאַט וואַכאַלדערס רייד. דער „פוקס" אָבער האָט, ווי אין אַ הייל, זיך געפילט פאַרבאָרגן אין זיין ווינקל. ער האָט אויף אַ קונציקן אופן אָפּגעשטעלט דאָס הערן פון זיינע אויערן און גענומען איין גוטע זאַך נאָך דער צווייטער, וואָס איז געווען אָנגעשטעלט פול אויף זיין טיש. מיט די קורצע, דיקע פינגער האָט ער געקנאַקט מאַנדלען, די יאָדערס זיך געשיקט געוואָרפן אין מויל אַריין, ווינטרויבן, געפּרעסטע ראָזשינקעס, דאָס אַלץ גוט צעקייט אין אַ ברייַ און פאַרטרונקען מיטן גוטן פּאַלעסטינער ווייַן. ערשט ווען זיין אַסיסטענט האָט געענ־דיקט און געכאַפּט אַ גרויסע אָוואַציע, באַזונדערס פון סוזאַנאַן, האָט דאָס קליינע יידעלע מיטן גרויסן קאָפּ און גרויסן פּליך אויפן ברייטן און נידעריקן האַלדז, עטוואָס געעפנט זיין פאַרזשמורעטע אייגל און גאָרגלענדיק מיט האַרטע „חיתן" און „רישן" אין דער ווייכער, מעלאָדישער פּוילישער שפּראַך, געפּרעגט דעם טריומפירנדיקן: „ווועט איר, געשעצטער קאָלעגע, פאָרן קיין פּאַלעסטינע? און איר, זייער פאַרערטער פאַן וויַיס? און איר? און איר?"

„אָני!" — האָט סוזאַנאַ פייערלעך אויסגערופן. „איך וועל פאָרן! צוזאַמען מיט אַלע חלוצים!" זי האָט אַ שטרעק־אויס געטאָן אירע הענט: „איך וועל אַרבעטן! מיט די דאָזיקע הענט מיינע וועל איך העלפן בויען אונדזער הייליק לאַנד, ארץ אבותינו! די פעלדזן וועלן געבן וואַסער! ווי אין חומש שטייט! פון די זאַמדן וועלן ווערן בליענדיקע ווייַנגערטנער, ווי מיין העברעיִשער לערער זאָגט! די זומפּן אין עמק וועלן מיר פאַרוואַנדלען אין גאָלדענע ווייץ־פעלדער!"

כמעט אַלע זענען מיטגעריסן געוואָרן פון דער קליינער סוזאַנאַס פּאַטאָס. אָבער ס'איז געווען שווין נישט פרי און ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער אָפיציעלער טייל פון דער קליינער פייערונג, אָדער פונעם שמחהלע אינעם באַנקיר איגנאַץ וויַיס' הויז נאָך דעם גרויסן ציוניסטישן יום־טוב נעכטן ביינאַכט.

## קאַפּיטל ניין

# ווי מענטשן וווינען

1

ס׳איז איינער פון הונדערטער הייף אין יידישן פּערטל פון וואַרשע. דער הויף איז נישט באַזונדערס גרויס; אָבער דאָ וווינען מער מענטשן ווי אין אַ קליין שטעטל. ס׳איז אַ קליין וועלטל, אַ טיפּיש יידישס, פּראָווינציעל, צוריקגעשטאַנען. קוים צו גלייבן, אַז ס׳איז אין אייראָפּע, ווען ס׳דריטע צענטל פון צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט האָט זיך שוין אָנגעהויבן.

אין דעם הויף וווינען דרייערליי מענטשן: רייכע; אַזעלכע, וועלכע ס׳גייט גאַנץ גוט; אָרעמע, וועלכע האָבן נאָך עפּעס; און קבצנים, וועלכע האָבן שוין לגמרי גאָרנישט. פאַר די רייכע און פאַר די, וועלכע ס׳גייט גוט, איז דאָ אַ „פּאַראַדנע אַריינגאַנג" דורך אַ שיין טויער; פאַר די אַנדערע איז דאָ אַ זייטיקער אַריינגאַנג דורך אַ גאָר קליין און שמאָל געסל. דער אויבנאָן פון דאָזיקן הויף איז אַספּאַלטירט, מיט טראָטואַרן פון ציטרין־געלע און ברוינלעך־רויטע געקאַרבטע טעווּעלעך און מיט אַ גערטנדל, אַן אַרומגעצוימטס מיט פיינע אייזערנע שטאַכעטלעך. אין מיטן גערטנדל שטייט אַ גרויסער קאַשטאַנבוים. די בושעס, אין סימעטרישער פאַר־טיילונג איבערן גערטנדל, זעען אויס ווי קיילעכדיקע באַלאָנען. די בלומען־בייטן זענען צעשניטן אין פאַרשידענע פיגורן; פיר האַלבע לבנות, צווישן איינער און דער צווייטער אַ לאַנגער פאַס. אין דער מיט אָבער שטאָלצירט אַ מגן־דוד. אַראָפּצו איז דער הויף ברוקירט מיט געטעסעטע קיזל־שטיינער אין דער פאָרעם פון ציגל. גאַנץ אונטן אָבער איז קיין ברוק שוין נישטאָ. דעם אויבנאָן פונעם הויף האַלט דער סטרוזש זייער ריין; זומער וואַשט ער די טראָטואַרן און דעם אַספּאַלט צוויי מאָל יעדן טאָג. דעם צווייטן טייל פונעם הויף קערט ער בלויז אָפּ מיט זיין גרויסן בע־זעם. נאָר דעם לעצטן טייל, דעם סאַמע אונטן, רייניקט ער כמעט לגמרי נישט. ס׳וואָלט אויך גאָרנישט געהאָלפן. דאָ איז דאָס רשות־הרבימדיקע בית־הכיסא, וואָס ווערט באַנוצט אויך פון גאַסן־דורכגייער. אַ נישט צוגעווינטער קען די לופט דאָ, אַ פינף־זעקס טריט פאַרן בית־הכיסא, קוים אויסהאַלטן. מיט ריינע שיך גייט פון דאָרט קיינער נישט אַרויס. ווינטער, בעת די פרעסט, איז נאָך נישקשה, ווייל

אַלץ איז געפרוירן; אָבער אַזוי ווי ס׳הייבן זיך אָן די לינדע טעג, ביז סע קומט ווי־דער דער ווינטער מיט זיינע פרעסט, שווימט אַלץ אַרויס פון דאָרט. נישט ווייט אָפּגערוקט שטייט אַ געוואַלדיק גרויסער, שוואַרצער קאַסטן, אין וועלכן אַלע שכנים פונעם הויף שיטן אַריין זייער מיסט. גערייניקט ווערט דער קאַסטן ערשט דעמאָלט, ווען צוויי מאָל אַזוי פיל מיסט, וויפל ס׳קען אַריין אין אים, ליגט אין דרויסן.

דער הויף איז אַ לאַנגער שטיינערנער קאַסטן. די הייזער זענען פיר־שטאָקיקע. אַלע זענען אָבער אויס ווי איין הויז, נאָר מיט אַ סך אַריינגענג. אין פראָנט־טאָווען הויז זענען דאָ פיר רייען פענצטער, איין רייע איבער דער אַנדערער. די אַנדערע הייזער אָבער, כאָטש זיי זענען נישט העכער פונעם פראָנט־הויז, האָבן שוין צו זעקס רייען פענצטער, ווייל אין זיי זענען דאָ קעלער־ און פאַציאָט־וווי־נונגען. נאָר די גאַנץ אונטערשטע רייע פענצטער זעט מען קוים, ווייל זיי זענען כמעט גלייך מיט דער ערד. די גאָר אויבערשטע פענצטער זענען קליינע, די העלפט אַזוי גרויס ווי די אַנדערע פענצטער. דער באַלעבאָס פון די הייזער, ר׳ מנשהלע חסיד, אָדער פאַניע שוואַרץ, האָט ווי טויזנטער אַנדערע באַלעבאַטים דע־מאָלט אין וואַרשע, פון די קעלערס (וואָס זענען באַנוצט געוואָרן פאַר האָלץ און קוילן) געמאַכט דירות, ווייל צוליב דער מלחמה זענען אָנגעקומען צענער טויזנטער היימלאָזע. זיי האָבן באַדאַרפט וווינונגען. אָפּגעקאַלכט די קעלער־ווענט, אַריינגעשטעלט אַ קליין פענצטערל (ביים ראַנד פונעם וועג פאַר די דורכגייענדיקע מענטשן) און אַ קיכל ביי דער טיר — אַ וווינונג. געלייגט אַ הילצערנעם צי גאָר אַ ציגלנעם דיל, געמאַכט אַ זליוו, און אויב נאָך וואַסערלייטונג, גאַז, צי גאָר עלעקטרישע באַלייכטונג — ממש אַ „לוקסוס־וווינונג״... יעדנפאַלס, דאָס דירה־געלט איז געווען ווי פאַר אַ לוקסוס־וווינונג. אין אַזאַ דירה — שוין נישט צו רעדן פון אַ ריכטיקער אין פאַרטער, אָדער גאָר אויפן ערשטן, צי צווייטן שטאָק — האָט זעלטן געוווינט איין פאַמיליע. נישט בלויז ווייל דאָס דירה־געלט איז געווען אַזוי גרויס, וואָס די מייסטע פון די מענטשן, וועלכע האָבן דאָ געוווינט, האָבן נישט געקענט צאָלן, נאָר ווייל אין דער מלחמה זענען די איינוווינער נאָך אָרעמער געוואָרן. זיי האָבן פאַרדונגען טיילן פון זייערע דירות, אַפילו פון די קלענסטע. אין צייט פון דער מלחמה איז אויפגעקומען „אָפּטרעט־געלט״, וואָס דער, וועלכער האָט געוואָלט דינגען אַ דירה, האָט געמוזט באַצאָלן דעם, וועלכער האָט זיך געזאָלט אַרויסציִען, אָדער דעם באַלעבאָס אַליין, אויב די דירה איז געווען ליידיק. די סומע איז געווען אַזוי גרויס, אַז אין פרידנסצייט וואָלט מען אין דער פּראָווינץ פאַר דעם געלט געקענט קויפן אָדער בויען אַ הויז. אַ וווינונג, אַפילו אין אַ קעלער, אָדער אונטערן דאַך, האָבן דעריבער אָפט געדונגען צוויי, אויך דריי פאַמיליעס. מ׳האָט פאַרדונגען אויך אַ בעט, אַ געלעגער, אַ ווינקל פון אַ שטוב, אַ האַלב קיכל. אַ באַוווינער פון צוויי שטיבן מיט אַ קיך — אויב ר׳איז נישט געווען קיין נגיד — האָט ביי זיך געמאַכט אַ גאַנצן „האָטעל״.

אין ר׳ מנשהלע חסידס (אָדער פאַניע שוואַרצס) הויף האָבן געוווינט אַלע קלאַסן פון דער געזעלשאַפט, איינגעטיילט לויט זייער סאָציאַלן און עקאָנאָמישן שטאַנד. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן פון אויבן און איז געגאַנגען ביז אַראָפּ, ווו דער מענטש איז שוין נישט מער ווי אַ מויז אין אַ לאָך. און ר׳האָט טאַקע געוווינט צוזאַ־

מען מיט מייז, מיט אַלערליי ווערעם און אומפּלייט. און וואָס אָרעמער — אַלץ מער קינדער. די שכנים פון דאָזיקן הויף האָבן פּאַרטראַטן כמעט אַלע צווייגן פון האַנדל, אינדוסטריע, און אינטעלעקטועלע פּראָפעסיעס. דאָ, אין דעם הויף, זענען געווען ווערקשטאַטן און קליינע פאַבריקלעך: אייַנבינדערייַ, טאָקערייַ, שלאָסערייַ, סטאָלערייַ, פּודלמאַכערייַ, דרוקערייַ. חוץ אַ חסידים־שטיבל, אַ חדר, און אויך אַ יידיש־וועלטלעכע שול. אַלע יידישע פּאַרטייען אין וואַרשע האָבן דאָ געהאַט זייערע מיטגלידער.

2

דער ווינטער מיט זיין פּראַקטיקער גרויזאַמקייט האָט מיט די מענטשן נאָך אַלץ געשפּילט קאַץ־און־מויז; אַט פּאַקט ער זיי אין זיינע אייזיקע קראַלן און אַט לאָזט ער זיי צוריק אָפּ מיט קעצישן שמייכל. דער הימל איז אָפּט געווען נידעריק און בלייַיק. ס׳האָט געבלאָזן אַ שטאַרקער ווינט. אָבער מ׳האָט נישט געקענט וויסן וואָס ער וועט דאָס מאָל ברענגען: אַ שניי־זאַווערוכע, אָדער אַ פראָסט. די בלייענע גרויקייט האָט זיך אויף טייל ערטער פּלוצלינג צוזאַמענגעבאַלט אין שוואַרצע בערג, אויפּדעקנדיק אויף אַנדערע ערטער שטיקער בלויקייט פונעם הימל.

אין ר׳ מנשהלע חסידס הויף זענען אַרומגעפלויגן געלע בלעטער פונעם קאַש־טאַנבוים. כמעט אַזוי האָבן אַרומגעפלאַטערט אַ חברה יינגלעך פון אַלערליי עלטער. צוליב פאַרשידענע סיבות זענען זיי דערווייל נאָך נישט געגאַנגען אין חדר אָדער אין שול אַריין. די קליינע חברהלייט זענען פונקט ווי זייערע עלטערן געווען צע־טיילט אין קאַסטעס. חוץ אַלערליי גראַדן און יחוס פון שטענדיק אָן, איז אין דער מלחמה דאָ צוגעקומען נאָך אַ הויפּט־אונטערשיד: תושבים און היימלאָזע. אַזוי איז געווען ביי די גרויסע און דעריבער אויך ביי די קליינע. דערביי פאַרנעמט דער דאָזיקער חילוק ביי די אָרעמע אַ סך אַ גרעסערן פּלאַץ ווי ביי די רייכע. די אָרעמע תושבים דאָ קוקן אויף די אָרעמע היימלאָזע מיט מער פאַראַכטונג און שנאה, ווי דאָס טוען די רייכע. אַ ביסל אַנדערש איז׳ס אָבער ביי די אויפגעקלערטע, קלאַסן־באַוווסטע אַרבעטער. די קליינע יאַטן פון די סאָציאַליסטישע עלטערן אין ר׳ מנשהלע חסידס הויף, זענען גאָר אַנדערש צו די קינדער פון די היימלאָזע; זיי חברן זיך אַפילו מיט זיי. דאָס לערנט מען זיי אין די יידיש־וועלטלעכע שולן, וווּ די עלטערן שיקן זיי. די דאָזיקע יאַטן האַלטן זיך פאַר גאַנצע רעוואָלוציאָנערן און האַסן טוען זיי די רייכע, דעם קלאַסן־שונא פון זייערע עלטערן. און זיי האָבן דעם זומער געמאַכט אַ גאַנצע „רעוואָלוציע". זיי האָבן „צעשאָסן", צעטראָטן און פאַר־ניכטעט אַלע בלומען אינעם גערטנדל, וואָס אין הויף. אויבנאָן האָבן זיי צעשליסן די בושעס, צעבויגן די שטאַכעטלעך פונעם צוימל. זיי האָבן געשאָלטן: „אַ כאָליערע די גבירים אין די ביינער אַריין! די פּאַשעבזשוכעס זאָלן האָבן בלומען, ס׳זאָל זיין שיין און ס׳זאָל שמעקן אין יענעם טייל וווּ זיי וווינען, און וווּ מיר, די פּראָלע־טאַריער וווינען זאָל... טאָ זאָל כאָטש דאָ, אין הויף, זיין גלייכהייט!" און כדי ס׳זאָל טאַקע כאָטש אין הויף הערשן אמתע גלייכהייט, האָבן די חברהניקעס — זיך היטנ־דיק דער סטרוזש זאָל נישט זען — אָנגעטראָגן מיסט אויף די ציטרין־געלע און

ברוינלעך־רויטע געוואַשענע טראָטואַרן. וואָלטן זיי דעם בוים געוועזן געקענט אַרויסרייסן, וואָלטן זיי עס געווען געטאָן.

דער אָנפירער פון דער דאָזיקער חברה „רעוואָלוציאָנערן״ איז געווען באַריסל וואַרשאַווסקי: אַ הויכער, אַ ברייטער, אין קורצע הייזקעס, וואָס האָבן אים געשניטן דאָס פלייש פון די דיקע „פולקעס״. די שיך, אין וועלכע ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן, זענען געווען דעם טאַטנס. דערביי האָט קאָפל בעקער, באַריסלס פאָטער, אַליין אויך געהאַט אַ פּאָר נישקשהדיקע רגלים. האָט מען טאַקע באַריסלען אין הויף גע־רופן „דער עוג מלך הבשן״. ווייבער האָבן געזאָגט: „ער וואַקסט קאַ־שים־נעהאָרע ווי אויף היינט״. דאָס אַכטקאַנטיקע קאַשקעטל איז אים געזעסן אויפן שפּיץ קאָפּ, דער דאַשיק שטענדיק אויסגעדרייט צום רעכטן אויער, אָדער ביזן נאַקן. די מאַ־נאַרקע — עטלעכע וואָכן נאָכן קויפן — האָט געגומען פּלאַצן אין די נעט, די אַרבל האָבן שוין נישט געגרייכט מער ווי ביז די גלעלנקן. מיט די „ידימלעך״ האָט ער געקענט אַרומנעמען צוויי חברים. אַ שכנה האָט געפרעגט די מוטער זיינע: „ברכה־טשעשי... זיי זאָלן מיאָ לעבן און געזונט זיין... ווי אַלט איז קאַנעהאָרע איאָר בועזל? ער וועט אַוודאי שוין אַלט זיין״... דערויף האָט ברכהטשע געענטפערט: „אַ כאָליעראָ אין איאָרע אַלאַמענס ביינאַר אַריין! נאַרישע יענטעס! דאָס צוערשט. וו׳פאָדרוגעם: (צווייטנס) יאָך הייס נישט ברכהטשעשי, נאָר בראָנטשע, און מיין קינד הייסט נישט בועז, נאָר באָריס. און וואָס גייט עס אײַנעם אָן, ווי אַלט מיין קינד איז? איז ער אינעם גרויס אין די אויגן? — נעמען זיי זיך די אויגן אַרויס!״ די שכנה האָט זיך פאַרענטפערט: „זייען זיי נישט אַזוי בייז אויף מיאָר, ברכהטשעלע. יאָך רוף זיי ברכהטשעלע, ברכהטשעשי. זיי וויסן דאָך ווי איינגעבאַקן זיי זענען מיאָר אין האַרץ. דאָס ייִנגל גראָט אַריין אין אינען״. דערויף האָט בראָנטשע געענטפערט: „איז וואָס? מאַן קאָפּל האָט מיאָך ליב ווי יאָך בין. בעסער אַן אויפגעגאַנגענער קויליטש, ווי אַ דאַרער כאָדיק״... די שכנה האָט מסכים געווען: „דאָס איז טאַקע אמת. און אַ קלוג וואָרט איז׳ס״. ביים צעגיין זיך האָט איינע דער אַנדערער פאַרזיכערט, אַז זיי האָבן זיך נישט געקריגט.

באַריסלס אַדיוטאַנט איז געווען פּאַלעק. זיי האָבן אין זייער חברה אַריינגענומען פון די היימלאָזע (אַפילו ווען די וואָס האָבן געוווינט ערגעץ אַנדערש) דעם „שוואַרצן ציגיינער״ גאָדל, אַבישלען, מאירלען און נאָך אַנדערע, אַזעלכע, וועלכע זיי האָבן געהאַלטן פאַר „רעוואָלוציאָנערן״, אָדער פאַר „גוט מאַטעריאַל״, וואָס מ׳קען אויפ־קלערן. באַקענענדיק זיך מיט בנימינען, האָט פּאַלעק אים געזאָגט, אַז ער קען אויך צושטיין צו זיין (און באַריס וואַרשאַווסקיס) חברה. נאָר בנימין האָט זיך אָפּגע־זאָגט. נאָכן פאָטערס טויט, באַזונדערס נאָכן אַרעסט פון יעקבן, האָט ער דערפילט, אַז ס׳איז אויס מיט זיין קינדהייט; ער איז מיט איין מאָל געוואָרן אַ „גרויסער״, דער ראש פון דער משפחה. אויף זיין רוקן, כאָטש נאָך אַ קינדערישער, האָט ער פּלוצלינג דערפילט אַ שווערע משא; דעם עול פרנסה, די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער שוואַכער מוטער און דעם קליינעם ברודער. אַ גרויסער שטיפער איז ער קיין מאָל נישט געווען, ער האָט זיך קיין מאָל נישט געשפּילט מיט קינדער ווי אַנדערע. תמיד איז ער געווען אַ רויקער, שטילער, ערנסטער, צוריקגעצויגענער, פאַרטראַכטער, פאַרחלומטער. אַצינד האָט ער אין זיין טרויעריקער פאַרזאָרגטקייט

געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ זקן. מיט אַלט־קלוגן, ווייטיקלעכן שמייכל, האָט ער געענטפערט פאַלעקן: „איך טויג נישט צום שפילן".

אָבער אויך מאירל האָט נישט באַזונדערס גוט געטויגט צו די שפילן, וואָס דער „עוג מלך הבשן" און זיין „אַדיוטאַנט" פאַלעק האָבן אָנגעפירט, באַזונדערס האָט ער נישט געטויגט ווען מ'האָט באַדאַרפט קענען געבן (און פאַרשטייט זיך אויך נעמען) אַ געזונטן קלאַפּ.

אין דאָזיקן הויף איז געווען נאָך אַ צווייטע חברה און נישט זעלטן איז געקומען צו אַ געשלעג. מחלוקתן, וואָס האָבן געפירט צו קיילערייען, זענען אַנטשטאַנען צוליב די אַקעגנגעזעצטע „וועלט־אָנשויונגען", וואָס די צוויי חברות האָבן געהאַט: אַ „צוריקגעשטאַנען־רעאַקציאָנערע" פון איינער און אַ „פּראָגרעסיוו־רעוואָלוציאָנערע" פון דער צווייטער חברה. אַזוי האָט זיך, למשל, אָקערשט געמאַכט (ווי נישט איין מאָל שוין) אַז עטלעכע תושבטעס פונעם הויף האָבן פאָרגעוואָרפן אַן אומגליקלעך היימלאָזער פרוי, אַז די אָנגעלאָפענע „פּראָווינצער חיות" זענען אין אַלעם שולדיק. „זיי זענען אַהערגעקומען" — האָבן די וואַרשעווער ווייבער געשריגן — „און זיך דאָ צעלייגט ווי ביי זייער טאַטן אין ווייגאָרטן! דעם ביסן ברויט פון מויל נעמען זיי אַוועק!" די היימלאָזע פרוי האָט זיך געפּרוווט פאַרענטפערן. דערפון האָט זיך אָנגעהויבן אַ קריגעריי. כמעט אַלע פענצטער, חוץ פון די רייכע, האָבן זיך געעפנט, און וואַרשעווער ווייבערישע מיילער — פון פאַרטער ביזן לעצטן שטאָק — האָבן זיך צעשריגן „פּאָ וואַרשאַווסקו" און געשיט מיט טויטע קללות אויף די היימלאָזע. דאָס מאָל האָבן אָבער די אומגליקלעכע פון די קעלער־שטיבער גאַנץ אונטן און פון די דאַך־שטיבלעך גאַנץ אויבן, אויך געעפנט זייערע פענצטער, און זיי — די היימלאָזע, די אַמשטאַרקסטן ליידנדיקע — האָבן גענומען צוריקענטפערן: „אַז אָך און וויי איז צו אונדז! ווי ביים טאַטן אין ווייגאָרטן האָבן מיר זיך דאָ צעלייגט! מע שינדט פון אונדז די הויט! מע רייסט פון אונדז לעבעדיקע פּאַסן! דעם לעצטן טראָפּן בלוט צאַפּט מען פון אונדז אַרויס פאַר אַ „קאָנטשיקל", פאַר אַ ווינקל אין דער קעך, פאַר אַ פיצל חלק אין אַ קעלער־שטוב אָדער פּאַציאַטקע! מע באַצאָלט פאַרויס פאַר אַ לאָך ווו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן! מיר נעמען פון ענק אַוועק דעם ביסן ברויט? — ס'איז דאָך פונקט פאַרקערט; עטץ לעבט פון אונדז! פון אונדז לעבט עטץ!"

עטלעכע פון די היימלאָזע פרויען האָט עס אַזוי אונטערגעטראָגן, אַז זיי זענען אַרויס פון זייערע קעלער־שטיבער און האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אין מיטן הויף, זיך אויסצוטענהן מיט וואַרשעווער מיילער. דערפון האָט זיך צעפלאַקערט אַן „אמת פייער". געשרייען און געוואַלדן איבערן גאַנצן הויף, אויסגעמישט מיטן קלאַפּן און רוישן אין די ווערקשטאַטן און פאַבריקלעך, מיט די קולעכלעך פון די יינגלעך ביים לערנען אינעם חדר, מיט שטיקער פונעם דאַוונען גראָד פון די חסידים אינעם שטיבל, מיטן הייזעריקן זיך רייסן די גאָרגלען פון הענדלער, וואָס זענען אַלע פאָר מינוט אַריינגעקומען אינעם הויף און זינגענדיק אויסגערופן: „האַנדעל! האַנדעל! גאַלגאַני קופּויע! קאָשטשי קופּויע! האַנדעל! האַנדעל!" אָדער „אַלטוואַרג! אַלטוואַרג!" און אַ גלעזער: „שויבן! כ'מאַך אַריין שויבן! כ'קיטעווע! שויבן!"

און פּלוצלינג — אַ חברה יאַטלעך מיט קאַשקעטלעך אויף די קליינע קעפּלעך און אין מאַנאַרקעלעך און קליינע הייזקעס, די מייסטע אָבער אין קליינע סאַמע־

טענע היטעלעך, מיט לאַנגע געקרייזלטע פּיאות און אין לאַנגע קאַפּאָטקעלעך, שטייען אויפן גרויסן שוואַרצן קאַסטן מיסט (זייער אַרסענאַל) און באַמבאַרדירן די אומגליקלעכע הימלאַזע פּרויען, וואָס האָבן זיך אַרויסגעוואַגט פון זייערע לעכער אין דער ערד צו ענטפערן די תושבטעס. סע פליען שטיינער, שאַרבנס פון צעבראָ־כענע טעפּ, פון שיסלען אָדער פון טעלערס, שמאַטעס, כאַדאַקעס — אַלץ וואָס קומט די „סאָלדאַטן" אויפן מיסטקאַסטן אונטער די הענט. אָט האָט איינער געפּאַקט אַ פּאָר צעריסענע הויזן און זיי אַ שליידער געטאָן. פליענדיק האָבן זיי זיך אָנגע־בלאָזן און באַקומען אַ גראָטעסקן אויסזען: די אונטערשטע העלפט פון אַ מאַן... די צוויי „פיס" — גוט געצילט פונעם יאַט — זענען אַרויף אויף אַ מיטליעריקער פּרוי, מיטן הינטן געבליבן זיצן אויף איר בויך, אַרומקלאַמערנדיק זיך אַרום אירע היפטן... די פּרוי האָט זיך שטאַרק דערשראָקן, בעת די יאַטן — און די וואַרשעווער ווייבער אין די פענצטער — האָבן זיך ווילד צעלאַכט. קוים מיט צרות האָט די פּרוי זיך באַפרייט פון דעם האַלבן „נאַכאַל", פון די צוויי הויזן, וואָס האָבן זיך אַרומגעוויקלט אַרום איר, און איז רויט פון בושה אַנטלאָפן. דאָ איז פון אַ פאַ־ציאַטע אַראָפּ אַ ייִד מיט אַ שוואַרצער באָרד, אַ הימלאָזער, מקיים־פּסק צו זיין די וואַרשעווער לאָבוזעס. נאָר ער האָט שווער געקענט צוקומען צו זיי. פונעם מיסט־קאַסטן זענען געפלויגן „קוילן", „שראַפּנעלן", „גראַנאַטן". דאָס זענען געווען: צע־בויגענע און פאַרראָסטע בלעכענע טשייניקעס, אַ צעבראָכן ראַנדל, אַ נאַכטטאָפּ, אַ טויטער עכבר. דער גוטער „שיסער" פון פריער האָט זיך איצט געצילט מיט אַ גועל דאַמען־לעטשל און עס געטראָפן דעם אַראָגעקומענעם ייִד; ס'איז געבליבן הענ־גען מיטן קנאַפּל (ווי אַ לאַנגער פּרעגצייכן) אינעם ייִדס באָרד. אַ פּרוי (גאַרנישט קיין מיאוסע און דערצו נאָך אַ יונגע) איז צוגעלאָפן העלפן דעם ייִד אַרויספּלאָנטערן דאָס לעטשל פון דער באָרד. נאָר אַזוי ווי זי איז צוגעקומען צו אים, האָט אַ הוזשע געטאָן אַן אייזערנע רייף פון אַ פּאַס און איז ווי דער שלייף פון אַ לאַסע געפאַלן איבער ביידנס קעפּ און זיי פאַראייניקט אין דעם אייזערנעם רינג... ווידער האָבן די יאַטן און די וואַרשעווערנס אויסגעבראָכן אין אַ געלעכטער. די געשרייען אָבער און די געוויינען פון די פאַרוואונדעטע, טייל צעבלוטיקטע, זענען געגאַנגען עד לב השמים. נאָר זייער לאַנג האָט דאָס אַלץ נישט געדויערט, ווייל באַריסל וואַרשאַווסקי איז געוואָר געוואָרן פון דעם וואָס סע טוט זיך. שנעל איז ער געלאָפן נאָך זיין אַדיוטאַנט פאַלעק. ביידע האָבן דורך אַ פייף צוזאַמענגערופן זייער חברה און זיך אַ לאָז געטאָן אויפן שונא. אויסמיידנדיק ווי וויט מעגלעך די „קוילן" דורך אָפּ־שפּרינגען געשיקט אַן אַ זייט, דורך אַ שנעלן בייג־אַראָפּ, דורך גנבנען זיך הינטער אַרום, האָט די חברה דערגרייכט דעם מיסטקאַסטן, האָבן אים געשטורעמט און איינגענומען. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ געשלעג פון גלייכע מיט גלייכע. דערביי האָט באַריס נישט פאַרגעסן אויך צו האַלטן כמעט אַ גאַנצע רעדע, צו פּרווון ווירקן דורך פּראָפּאַגאַנדע, דורך „סאָציאַליסטישער אויפקלערונג" בזה הלשון: „ווי שעמט איאַר זאַך נישט! די הימלאָזע זענען קרבנות פונעם צאַרס אימפּעריאַליסטישאַר־קאַפּיטאַליסטישאַר מלחמה! איצטאַר אָבער לעבן מ׳אַר שוין אין אַ סאָציאַליסטיש לאַנד, ווו ס'הערשט אַ דעמאָקראַטישע אַרבייטאַר־רעגירונג! ס'דאַרף זיין יעד־נאָשטש! מ׳אַר אַלע זענען ברידאַר און שוועסטאַר פון אַרבעט און נויט!" און האָט געפרעגט: „מיט וועמען האַלט איאַר? מיט די בורזשועס?!" ער האָט אַ וויז־געטאָן

צום אויבנאָן פונעם הויף. נאָר די יונגען פון דער „צוריקגעשטאַנענער רעאַקציאָ־נערער" חברה, באַזונדערס יענע מיט די לאַנגע געדרייטע פּיאות, אין די סאַמעטענע היטעלעך און לאַנגע קאַפּאָטקעלעך, האָבן געכיכיקעט: „אַ וואַזשנאָר ציצאַליסט! — רעדט נאָך דעם טאַטן און דער מאַמען!" פּאַלעק, דער אַדיוטאַנט, האָט געשריגן צו זיין „עלטסטן": „שלאָג בעסאָר, באָריס! גיב קלעפּ! אָט אַזוי!... דערציייל נישט פון אַרבעטאָר־רעגירונג! מיין טאַטאָ זאָגט, אַז ס'איז נישט אמת! שלאָג־זשע בעסאָר, שלאָג! גיב קלעפּ! אָט אַזוי!... מיט דער שוואַרצער קליקע רעדטמאָ נישט! אויף דער באַריקאַדאָ קעמפּטמאָ! גיב קלעפּ אָט אַזוי!"...

דער קאַמף אויפן מיסטקאַסטן איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דורך אַ יאָמערלעך געוויין פון אַ לוויה, הגם דאָס איז אין דעם הויף, ווי אין אַנדערע אַזעלכע הייף, קיין נאָווינע נישט געווען. פונעם טיפוס, וואָס האָט דעמאָלט געבושעוועט צווישן די אָרעמע און פון די אַנדערע קראַנקייטן, וואָס נעסטן באַזונדערס אין די קעלער־שטיבער, איז דאָ גאַנץ אָפט געשטאָרבן אַ מענטש. דאָס געוויין איצט און די יאָ־מערדיקע קולות האָבן זיך געטראָגן ווי פון דער ערד אַרויס. באַלד זענען פון לעצטן הויז־טויער (נישט ווייט פונעם בית-הכיסא) אַרויסגעקומען פיר שוואַרץ־געקליידטע מענער, טראָגנדיק אַ שמאָלן און לאַנגן שוואַרץ־איבערגעדעקטן קאַסטן. ס'זענען נאָכגעגאַנגען עטלעכע איינגעבויגענע יידן, עטלעכע פרויען, איינגעהילטע אין דע־רעלעך אָדער אין לאַנגע דיקע פאַטשיילעס און צוויי קינדער. אַלע האָבן געקלאָגט ביים באַגלייטן דעם מת פונעם „קבר" ביים לעבן צום קבר נאָכן טויט. דאָס האָט געמאַכט אַ סוף צו דער איצטיקער קריגעריי צווישן די תושבים און די היימלאָזע. די קעפּ פון די ווייבער אין די פענצטער זענען פאַרשוווּנדן. די פענצטער האָבן זיך צוריק צוגעמאַכט. די יאַטן פון ביידע חברות האָבן זיך אָפּגעטראָגן. דער שוואַרצער מיסטקאַסטן איז געוואָרן אויס אַרסענאַל.

## קאַפּיטל צען

# אין אַ קבר פאַר לעבעדיקע

1

אַ גרויסער העלד, וועלכער האָט פאַר קיין שום געפאַר נישט קיין מורא, איז מאירל נישט געווען. מעגלעך, אַז אין דעם איז שולדיק געווען די פרומע דערציונג, וואָס ער האָט באַקומען פונעם פאָטער: אַז דער מענטש איז גאָרנישט, ער דאַרף מורא האָבן פאַר גאָט, אים דינען אין גרויס פאַרכטיקייט, אָפּהיטן אַלע דינים און מצוות, פאָלגן טאַטע־מאַמע, זיך נישט אַקעגנשטעלן, אַפילו נישט אַקעגנרעדן, אין גאָס זיך נישט שלאָגן מיט קיין יונגען. דערצו איז נאָך צוגעקומען די גרויסע אָרעמקייט, וואָס מאַכט דעם מענטש הכנעהדיק און פחדנותדיק, דאָן די מלחמה, וואָס מאַכט דעם אומבאַוואָפנטן באַזונדערס שרעקעוודיק, די היימלאָזיקייט, וואָס מאַכט אינגאַנצן הילפלאָז און פאַרלוירן. נאָר אין דעם אַלעם איז דאָ אויך אַ צווייטע

זייט: דורך דער שטרענג־פרומער דערציִונג ווערט איינגעפלאַנצט אַ געפיל פאַר גערעכטיקייט, אַז פאַר גערעכטיקייט — וואָס איז אַן עיקר אין דער יידישער אמונה — זאָל מען זיך איינשטעלן. אַרעמקייט און מלחמה פאַרהאַרטעווען. נאָר מאירל איז לויט זיין טבע נישט געווען קיין העלד. ער האָט געטאָן אַלץ, וואָס די אַנדערע פון דער חברה, צו וועלכער ער האָט געהערט, האָבן געטאָן; אָבער בלויז דערפאַר, ווייל ער האָט מורא געהאַט, אַז אויב ער וועט אַרויסווייזן שוואַכקייט אָדער פחדנות, וועט מען פון אים לאַכן, מ'וועט אים אויסשליסן פון דער חברה, ער וועט דאַן נישט האָבן קיין חברים. האָט ער טאַקע ביי אַ קאַמף — אַנשטאָט צו געבן קלעפּ — געכאַפּט קלעפּ. די פּריווילעגיע פון זיין אַ יתום האָט ביי קליינע חברה, בפרט ביי וואַרשעווער יאַטן, נישט געגאָלטן, דערצו איצט, ווען ס'זענען געווען געגנוג יתומים.

אַ צעשלאָגענער, אַ צעקייטער און צעביילטער, מיט אונטערגעהאַקטע אויגן, איז מאירל אַראָפּגעקומען צו דער מוטער אין קעלער אַריין. נאָר יוכבד איז פאַר אירע קינדער אַצינד געווען אַ לעבעדיקער מת. מיטן שליסן זיך פון איר מאַנס אויגן אויף אייביק איז אין איר אַלץ אָפּגעשטאָרבן. אירע אויגן זענען כמעט אינ־גאַנצן אויסגעלאָשן געוואָרן, די מאַמע־אויגן, וואָס האָבן די קינדער געגעבן דאָס וואָס קיין שום רייכטום אין דער וועלט איז נישט אומשטאַנד צו געבן: ליבע, באַ־רויִקונג, אַפילו פעסטע זיכערקייט אין אַן עת־צרה. יוכבדס בליק האָט אויך געקענט היילן און פאַרטרייבן שמערצן ביי אירע קינדער; זיי האָבן אָבער אין וואַרשע אויפ־געהערט זיי דאָס צו געבן. איר בליק האָט אַצינד אַנגעוואָרפן אַ פחד אַפילו אויף די קינדער. מאירלען האָט זיך געדוכט, אַז די מאַמע זעט אים נישט. ער האָט גע־פאַרשט אין אירע אויגן. ס'וואָלט אים מער ניחא געווען זי זאָל אַצינד אויף אים שרייען, אים אַפילו שלאָגן דערפאַר וואָס ער זעט אַזוי אויס, דערפאַר וואָס ער האָט אַזעלכע חברים; אָבער זי האָט אַפילו נישט געקוקט אויף אים. מאירלען האָט זיך געדוכט אַז די מאַמע קוקט ערגעץ; אָבער וואַהין? ער איז געשטאַנען לעבן איר און זי האָט אים נישט געזען. איר פנים איז געווען פאַרגליווערט. צייט איר מאַן איז געשטאָרבן איז זי צו אַלץ געוואָרן גלייכגילטיק, אַפילו צו אירע פיזישעליידן. זי האָט אייגנטלעך אויפגעהערט צו פילן; זי פילט נישט קיין הונגער, זי פילט נישט דאָס געביסן ווערן פון אומפלייט ביי טאָג און מער נאָך ביי נאַכט, סע אַרט איר נישט וואָס זי וווינט איצט אין אַזאַ וווינונג, קעגן וועלכער די האַלבע שטוב ביי מאַטעוסן איז געווען אַ פּאַלאַץ. זי פילט נישט אַז די כוחות גייען איר אַלץ מער און מער אויס, אַז זי קען שוין באַלד מער נישט אָטעמען. סע אַרט איר נישט מער, אָדער זי באַנעמט עס נישט מער, אַז בנימין איז געוואָרן אַן אַפּיקורס, אַז ער גייט אויף זיין ברודער יעקבס וועג. בלויז צוויי זאַכן גייען איר אָן: אַז בנימין און מאירל זאָלן צוויי מאָל אין טאָג זאָגן קדיש נאָכן פאָטער און אַז יעקב זאָל באַפרייט ווערן פון דער תפיסה. די צוויי זאַכן האַלטן איר אויף ביים לעבן, זענען אַצינד דער גאַנצער אינהאַלט פון איר לעבן. זי ווייסט, אַז ווען איר מאַנס אויגן האָבן זיך אויף אייביק געשלאָסן, האָט זיך אין איר אַלץ אויסגעלאָשן. אַלץ. לעבעדיק אין איר איז בלויז דאָס געדעכעניש וועגן דעם מאַן, זיין אויסזען, זיין פירן זיך, זיין פרומקייט און זיינע מידות ביים לעבן. זי הערט נישט אויף אים צו זען פאַר זיך, ווי ער ויצט אַ לויכטנדיקער אין גן־עדן צווישן אַלע צדיקים. דאָס זעען אירע אויגן מיט דעם

בליק אין דער אומבאַקאַנטער ווײַטקייט, זיי זעען דאָס אַפילו, ווען זיי זענען גע־שלאָסן, אַפילו ווען זיי דרימלען איין, בײַטאָג זיצנדיק, אָדער בײַנאַכט ליגנדיק אינעם אײַזערנעם בעטל. ווײַל מער ווי דרימלען קען יוכבד נישט מער; דער שלאָף האָט זיך פון איר אינגאַנצן אָפּגעטאָן. קומט די צײַט אין דער פרי פון דאַוונען — שיקט זי די צוויי קינדער זאָגן קדיש. דאָס אייגענע ווען ס'קומט צו מנחה־מעריב. דעמאָלט לײַכטן־אויף אירע אויגן. זי הערט, יאָ, זי הערט, ווי די קינדער זאָגן קדיש, כאַטש זי איז אינעם פינצטערן קעלער, און ענטפערט „אָמן, אָמן, יהא שמיה רבא". און זי איז זיכער, אַז בזכות זה (וואָס די קינדער זאָגן קדיש) וועט יעקב באַפרײַט ווערן פון דער תפיסה, אינגאַנצן באַפרײַט ווערן. זי האָט אַ באַווײַז: די ספּראַווע איז אָפּגעלייגט געוואָרן ביז נאָך דער מלחמה, און דאָס האָט אים גע־ראַטעוועט (חס־ושלום) פון טויט, ווי מענטשן זאָגן. און ווי אַזוי איז דאָס געשען? ווײַל דער טאַטע (אין ליכטיקן גן־עדן) האָט זיך געמיט פאַר אים. (צו לאַנגע יאָר אים). וועט ער זיך (זכותו יגן עלינו) אויבן מיזן, אַז מ'זאָל דעם זון זײַנעם, דעם בכור, אינגאַנצן באַפרײַען פון דער תפיסה. די ספּראַווע וועט, מיט גאָטס הילף, אינגאַנצן געווינען ווערן.

2

אָנקומענדיק מיט דער מוטער און מיט מאירלען קיין וואַרשע, איז בנימין, אין ערשטן מאָמענט געווען אינגאַנצן צעטומלט. אין דער דאָזיקער גרויסער שטאָט איז דעמאָלט, בעת די רויטע אַרמייען זענען געשטאַנען שוין נישט ווײַט פון אירע טויערן, געווען ערגער ווי אין אַ גיהנום. נישט בלויז בנימין, אַ יינגל, נאָר אַשמדאַי אַליין, ווען ער וואָלט דעמאָלט פון זײַן גיהנום געווען געקומען אינעם גיהנום פון וואַרשע, וואָלט ער אויך געווען צעטומלט געוואָרן. דאָך איז בנימין, אַ יינגל וואָס האָט ליב געהאַט צו חלומען און אַרומשוועבן אין די וואָלקנס, נישט אונטערגע־גאַנגען. דערבײַ האָט ער, נאַטירלעך, נישט מיטגעבראַכט קיין פּולע קעשענעס מיט געלט קיין וואַרשע. נאָר אַפילו מענטשן מיט געלט, גרויסע בריות, האָבן דע־מאָלט נישט געוווּסט ווי זיך אַן עצה צו געבן. וואָס־זשע האָט בנימינען געהאָלפן? — צוויי זאַכן: דאָס וואָס ער האָט לגמרי נישט באַגריפן אין ס'אַראַ שרעקלעכער לאַגע ער געפינט זיך, און די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער מוטער און דעם יינגערן ברודער. ס'איז געווען נאָך אַ דריטע זאַך, וואָס האָט אים געהאָלפן: אַז ער מוז יעקבן, דעם עלטערן ברודער, ראַטעווען פון טויט. ווי אַזוי? — דאָס האָט ער נישט געוווּסט, אָדער נישט געוואָלט וויסן, אַז יעקבס לאַגע איז אַ האָפענונגסלאָזע. אָבער ער האָט געוווּסט, אַז ביים פאַרלאָזן שוין צום דריטן מאָל זײַן געבורטשטאָט — ווײַל זי איז עוואַקויִרט געוואָרן — איז יעקב, צוזאַמען מיט די איבעריקע אַרעסטאַנטן אין תפיסה, אַריבערגעפירט געוואָרן קיין וואַרשע.

אָנגעקומען קיין וואַרשע איז בנימין מיט דער מוטער און מאירלען אַרום צען אין דער פרי. שטיין מיט די עטלעכע גערַאַטעוועטע זאַכן אויף דער גאַס איז געווען אוממעגלעך. אַלע דרײַ האָבן אין דעם קאָכנדיקן גיהנום זיך גענומען שלעפּן ערגעץ אין אַ הויף אַרײַן. אָבער פאַר יעדן טויער איז געשטאַנען דער סטרוזש און האָט נישט אַרײַנגעלאָזט קיין פרעמדע. די געראַטעוועטע זאַכן זענען געווען

צונויפגעפּאַקט אין אַ ליילעך. דער פּאַק איז געווען זייער גרויס; אָבער בנימין האָט נישט געלאָזט, נישט דער מוטער און אַוודאי נישט מאירלען אים נעמען, נאָר ער אַליין האָט אים געטראָגן. אַן איינגעבויגענער — האָט ער דעם פּאַק, וועלכער איז געווען גרעסער פון אים, געשלעפּט אויף זיינע שמאָלע, דאַרע, נאָך קינדערישע פּלייצעס. ווי אַ שיכור האָט ער זיך געוואַקלט אַהין און אַהער. ער וואָלט אַנידער־געפאַלן, ווען די מוטער און מאירל וואָלטן אים נישט געהאָלפן פון הינטן, ווען זיי וואָלטן דעם פּאַק נישט אונטערגעהאַלטן. אָבער די גאַסן זענען געווען פול מיט מענטשן, לויפנדיקע, איילנדיקע, זיך שטופּנדיקע און פּאַקנדיקע, און כמעט אַלע צערייצט, אויפגערעגט. מ׳האָט די דריי מיט דעם גרויסן פּאַק געשטויסן און געוואָרפן, אָדער זיי זענען געשלעפּט געוואָרן פונעם מענטשן־שטראָם ווי אַן אַרויס־געריסענער בוש, למשל, פון די צעברויזטע כוואַליעס פון אַ טייך, וואָס איז אַרויס פון די ברעגעס בעת אַ געוויטער. אין אָט־דעם געברויז האָבן אַ יונגערמאַן און אַ פריילן אָפּגעשטעלט דעם ביז צו דער ערד שוין איינגעבויגענעם קליינעם טרע־גער, און אים און די אַנדערע צוויי באַפרייט פון דעם שווערן פּאַק.

דער יונגערמאַן און די פריילן, ווי צוויי „מלאָכים" אַראָפּגעשוועבטע פונעם הימל, האָבן געפרעגט: „ערשט אָנגעקומען? קומט מיט אונדז". די בײדע יונגע מענטשן, ווי אַ סך אַנדערע, האָבן די ייִדישע רעטונגס־קאָמיטעטן געשיקט אויפ־זאַמלען די היימלאָזע, וועלכע האָבן דעמאָלט פון אַלע באַדראָטע שטעט און שטעט־לעך געהאַלטן אין איין אַריינשטראָמען קיין וואַרשע. אַלע געזעלשאַפטלעכע פּאַראיי־נען, גרעסערע און קלענערע בתי־תפילה, שולן, קולטור־הייזער און אַלע אַנדערע אינסטיטוציעס, זענען אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר די היימלאָזע. דער גרויסער זאַל, אין וועלכן בנימין איז מיט דער מוטער און דעם ייִנגערן ברודער געבראַכט געוואָרן, איז געווען פול געפּאַקט מיט מענטשן און מיט פּעק. „קיין האָטעל בריסטאָל איז דאָ נישט" — האָט דער יונגערמאַן געזאָגט צו די געבראַכטע, — אָבער אַלץ בעסער ווי אויף דער גאַס, ווו מ׳טאָר נישט און מ׳קען נישט שטיין־בלייבן איין מינוט. ס׳איז „אויסנאַמסצושטאַנד". דערוויל רוט אייך אויס. שפּעטער וועט מען ווייטער זען". די פריילן האָט געזאָגט נאָך עטלעכע טרייסט־ווערטער און בײדע האָבן געוואָלט אַוועקגיין. זיי האָבן זיך געאײלט. זייער פליכט איז געווען ביי־אָנגעקומענע היימלאָזע אַהערצוברענגען. דאָס ווייטערע האָבן באַזאָרגט אַנדערע קאָמיטעט־מענטשן. נאָר בנימין האָט די צוויי „רעטער", ווי ער האָט זיי אין האַרצן אָנגערופן, אָנגעכאַפּט ביי די הענט און נישט געלאָזט אַוועקגיין: „איך מוז מיט אייך איצט רעדן וועגן עפּעס. סע גייט אין אַ מענטשנס לעבן, אין מיין ברודערס לעבן". שיער האָט זיך פון זיין מויל אַרויסגעכאַפּט דאָס וואָרט „גאָט". ער איז רויט געוואָרן און נישט געוווסט, ווי אַזוי האָט דאָס געקענט געשען? — ער איז דאָך נישט פרום, גלייבט נישט אין גאָט. צום יונגנמאַן — ער האָט ערשט איצט דערזען, אַז יענער און אויך די פריילן, טראָגן ווייסע אָרעמבענדער מיט ייִדישע און פּוילישע אויפשריפטן — צו זיי האָט ער זיך צוגעקלעפּט נישט בלויז ווי צו רעטער, נאָר ווי צו אייגענע. דאָס וואָרט „גאָט", וואָס האָט זיך אים שיער אַרויסגעכאַפּט פון מויל, האָט ער גע־ביטן אויפן וואָרט „צופאַל" און ווייטער גערעדט וועגן ברודער, גערעדט גיך (זעענ־דיק ווי יענע איילן זיך) און מיט היץ: „מיין ברודער זיצט אין תפיסה פאַר סאָציאַ־

ליסטישער טעטיקייט. ער איז פון דער תפיסה אין אונדזער שטאָט אַריבערגעפירט געוואָרן אַהער — קיין וואַרשע. ס'דערוואַרט אים טויטשטראָף".

דער יונגערמאַן האָט געפרעגט: „אַ קאָמוניסט?"

„ניין, אַ סאָציאַליסט!" — בנימין האָט די צוויי ווערטער אויסגערופן הויך, מיט אַ דערלייכטערונג אין האַרץ, ווי ער וואָלט דערפילט אַז ער האָט געטראָפן אויף די ריכטיקע מענטשן. (האָט זיי נישט טאַקע גאָט צוגעשיקט? איז עס טאַקע נאָר צופאַל?) ער האָט מוסיף געווען: „מיין ברודער הייסט יעקב ליכטענבערג, געווען אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג". ערשט איצט האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער האָט זיך נאָך גאָרנישט פאָרגעשטעלט, און געבנדיק די האַנט, געזאָגט: „מיין נאָמען איז בנימין ליכטענבערג!"

ביידע האָבן ביים געבן די האַנט דעם קליינעם היימלאָזן יינגל געזאָגט זייערע נעמען: „חברטע שיינבלום, אָדער סאַלטשע!" „חבר יאַקובאָוויטש, אָדער פיניע!" ביידע האָבן צו דעם קליינעם בנימין דערפילט אַ גרויסע סימפּאַטיע און זענען געווען זייער שטאַרק באַוועגט פון זייער מיטגעפיל צו די דריי אומגליקלעכע מענטשן. דאָס דערקענענדיק אויף די חברימס פּנימער (אין דער חברטע סאַלטשעס אויגן האָט ער דערזען דעם פייכטן גלאַנץ פון טרערן), האָט בנימין געגומען שילדערן ס'אַרא גרויסער מענטש זיין אַרעסטירטער ברודער איז, ס'אַרא איבערגעגעבענער און געטרייער חבר און ערלעכער, בראַווער קעמפער.

„גוט" — האָט געזאָגט דער חבר יאַקובאָוויטש אַלץ זיך איילנדיק. — „מ'וועט זען, מ'וועט טאָן וואָס מ'וועט קענען. איצט מוזן מיר אָבער שוין גיין. שפּעטער, אָדער ביינאַכט, וועל איך אייך ווידער זען. צוויי מאָל אין טאָג קריגט איר דאָ עסן — אומזיסטע מאָלצייטן".

„איך וועל גיין אַרבעטן!" — האָט בנימין, כמעט אַ באַליידיקטער, געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער וויל נישט קיין נדבות, אַז ער וועט קיין שנאָרער נישט ווערן. — „איך וועל זיכער באַלד קריגן אַרבעט ביי מיליטער־זאַכן. אין אונדזער שטאָט האָבן איך געאַרבעט".

ביידע האָבן געענטפערט: „אַרבעט איז דאָ גענוג, און מען צאָלט גוטע פרייזן". דאָס יינגל — דער קליינער חבר — איז זיי געוואָרן נאָך סימפּאַטישער, זיי האָבן פאַר אים אַפילו באַקומען רעספּעקט.

3

בנימין האָט באַקומען אַרבעט און אַפילו אַן „אייגענע" וווינונג. דער חבר יאַקובאָוויטש און די חברטע שיינבלום האָבן אים דערין געהאָלפן. זיי האָבן פאַר אים מיט דער מוטער און דעם ברודער געפונען אַ „דירה", וואָס איז פאַר זיי געווען גלייך ווי זיי וואָלטן געפונען אַן אוצר. אַזוי שווער — כמעט אוממעגלעך — איז דעמאָלט געווען צו קריגן אַפילו בלויז אַ ווינקל אין דער ערגסטער קעלער־שטוב, ווו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן, באַזונדערס פאַר היימלאָזע, ווייל היימלאָזע האָבן די וואַרשעווער נישט געוואָלט אַריינלאָזן צו זיך, זיי האָבן די היימלאָזע נישט געלאָזט אַריבערטרעטן די שוועל. אָבער די חברטע סאַלטשע, זי טאַקע מער ווי

דער חבר פיניע (ער האָט איר אין אַלעם נאָכגעגעבן), האָט נישט אויפגעהערט אַרומצוזוכן און זיך נאָכצופרעגן, ביז זי האָט עפּעס באַקומען. דער קליינער און דאַרער בנימין, מיט די שוואַרצע, גרויסע און טרוימערישע אויגן, איז איר אַזוי אַריין אין האַרץ, אַז זי וואָלט זיך פאַר אים געוועזן געקענט מקריב זיין. זיין בלאַס און ערנסט פּנים, באַזונדערס זיינע רייד — אַזעלכע קלוגע און טיפע געדאַנקען — דאָס האָט זי פּשוט צעבומען. זי האָט געשלונגען יעדעס וואָרט, ווען ער האָט גע־רעדט צו איר און נישט אַראָפּגענומען איר בליק פון אים. זי האָט דערביי יעדעס מאָל געמוזט קעמפן מיט אירע טרערן און דעם פאַרלאַנג אַרומצונעמען דאָס יינגל און אים אַ קוש טאָן אויפן שטערן. אָבער דאָס האָט זי נישט געקענט טאָן; ס׳האָט נישט געפּאַסט און זיך נישט געשיקט פאַר אַ קעמפערן, וואָס דאַרף גיכער זיין האַרט ווי סענטימענטאַל. האָט זי בלויז געשמייכלט (אָבער אין דעם שמייכל איז געווען איר גאַנצע נשמה) און אויף בנימינס אַקסל אַרויפגעלייגט איר ווייסע, איידעלע האַנט. מיט וואָס פאַר אַ פרייד זי האָט אים מודיע געווען: „מיר האָבן גע־פונען אַ דירה פאַר אייך!״ זי האָט געזאָגט „מיר״, נישט בלויז ווייל זי האָט אין דעם „געפונען״ איינגעשלאָסן דעם חבר יאַקובאָוויטש, הגם ער האָט זיך וועגן דעם זייער ווייניק באַמיט, נאָר ווייל אַלץ וואָס זי האָט דעמאָלט געטאָן פאַר די היימלאָזע, האָט פאַר איר געהייסן, אַז דער הילפּס־קאָמיטעט טוט). זי האָט גלייך צוגעגעבן: „ס׳איז בלויז אַ ווינקל אין אַ קעלער־שטוב, ווו איר וועט מיט אייער מוטער און אייער קליינעם ברודער קענען וווינען; דערווייל, ביז איר וועט קענען דינגען און קריגן אַ בעסערע דירה. מיר האָפן, אַז די איצטיקע מלחמה וועט נישט לאַנג דויערן. אונדזער מיליטער האָט שוין אָנגעהויבן צוריקשטויסן דעם שונא. נאָך דער מלחמה וועט מען אפשר קענען קריגן אַ וווינונג. אָבער איר קענט ווייטער בלייבן וווינען דאָ, דער קאָמיטעט האָט נישט דאַקעגן, אַדרבא״.

4

ס׳איז טאַקע געווען נישט מער ווי אַ ווינקל, וואָס די צוויי פאַמיליעס, וועלכע האָבן אין דער קעלער־שטוב געוווינט, האָבן אָפּגעגעבן דער אַלמנה מיט די צוויי יתומים. דעם אויבנאָן פון דער שטוב, ווו ס׳איז געווען דאָס איינציקע פענצטער פאַזע דער ערד אין אַן אויסגעמויערטער גרוב אַריין מיט גראַטעס פון אויבן, האָט פאַרנומען אַן אַלט פּאָרפאָלק, די אייגנטלעכע באַלעבאַטים פון דער דירה. די רעשט פון דער וווינונג, צוויי דריטל, האָט געהערט צו אַ זעקס־קעפּיקער פאַמיליע. פון די צוויי דריטל האָט דער אייגנטימער, אַ גאַסן־הענדלער, אָפּגעטרעטן יוכבדן אַ ווינקל ביי דער קיך, וואָס איז געווען ביי דער אַריינגאַנג־טיר. דאָך, פאַר די דריי אומגליקלעכע, באַזונדערס פאַר בנימינען, איז דאָ געווען אַ גן־עדן קעגן דעם וואַלגערן זיך מיט הונדערטער אַנדערע היימלאָזע אין אַ מין הקדש פונעם הילפּס־קאָמיטעט.

די „באָבע״ און דער „זיידע״ — אַזוי האָבן אַלע אינעם קעלער גערופן די צוויי אַלטע לייט — זענען געווען, ווי מ׳זאָגט, צוויי עלנטע שטיינער, כאָטש פון איר טראַכט און זיין דיך זענען אַרויסגעקומען זין און טעכטער, וואָס האָבן חתונה גע־

האָט און ווי זייערע עלטערן געברענגט קינדער אויף דער וועלט. אָבער אַלע זענען זיך צעפאָרן, האָבן זיך צעשפּרייט איבער דער וועלט. ביז דער מלחמה האָט די צוויי אַלטע גאָרנישט געפעלט; די קינדער האָבן זיי געשיקט אַמעריקאַנער, קאַנאַ־דער, אויסטראַליער און אַרגענטינער געלט. דאָס פּאָרפאָלק (דזשיאַד ז'באַבאָן) האָט געוווינט אין אַ פּיינער ווינונג און געלעבט גאָר נישקשה, אַזוי אַז אַ סך מענטשן האָבן די צוויי אַלטע מקנא געווען. איז געקומען די מלחמה און האָט אַ סוף געמאַכט צו זייער רו׳ק, בכּבודיק לעבן אויף דער עלטער. זיי האָבן אויפגעהערט צו קריגן געלט פון זייערע קינדער אין אויסלאַנד. אַפילו קיין בריוו האָבן זיי מער נישט באַ־קומען. דער אַלטער האָט אַפילו געהאַט אַ שטיקל פאַרמעגן, אָפּגעשפּאָרט פון גוטע צייטן און אויך פון דעם וואָס די קינדער האָבן געשיקט, אָבער דאָס אָפּגעשפּאָרטע האָט דער אַלטער געטראָגן אין אַ קאַסע, אַוועקגעבאָרגט אויף פּראָצענט קוראַנטע מענטשן. און פון דאָזיקן געלט — נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה — האָט ער נישט געקענט צוריקקריגן אַפילו איין גראָשן. „מאָראַטאָריום" האָט אים געענט־פערט די קאַסע, „מאָראַטאָריום" האָבן אים געענטפערט די בעלי־חובות. אַ גליק, וואָס די אַלטע האָט געהאַט אָנגעזאַמלט אַ „קניפּל" אונטערן מאַנס וויסן. כמעט דאָס גאַנצע געלט אָבער האָט זי געהאַט אין רוסישע פּאַפּירלעך, און זיי האָבן גע־האַלטן אין איין פאַרלירן זייער ווערט, יעדן טאָג, דערנאָך שוין יעדע שעה אַלץ מער, ביז די בערזעניקעס האָבן זיי אַפילו נישט געוואָלט נעמען אין האַנט אַריין. די עטלעכע גאָלד־שטיקלעך דאָקעגן זענען אַלץ מער אַרויפגעגאַנגען. אָבער די אַלטע האָט געהאַט בלויז עטלעכע „פינפערלעך" און נישט מער ווי צוויי „צענער־לעך". אויפגעגעסן דאָס גאַנצע „קניפּל" — האָבן די צוויי אַלטע גענומען אויס־פאַרקויפן פונעם מעבל, פון די מלבושים, וועש, געפעס — אַלץ ביז פאַרן סאַמע נייטיקסטן. פון דער גאַנצער פיינער דירה איז געוואָרן די קעלער־שטוב ביים בית־הכּיסא, דאָן — נישט מער ווי אַ ווינקל ביים פענצטער.

נאָר גאָט האָט געהאָלפן און די מלחמה האָט אויפגעהערט. די צוויי אַלטע לייט האָבן באַקומען אַ בריוו פון אַמעריקע. די קינדער האָבן געשריבן: „ד׳ער פּאַ און ד׳ער מאַ. דער לעטער איז פון אונדז טוגעזער, אַז מיר זענען אָל־רייט. מאַקס און איוו האָבן מיט זייערע טשילדערן אַריבערגעמופט פון קענעדע אין די יונייטעד סטייטס. מיר האָבן געאָרדערט פאַר אייך 200 דאָלאַר. מיר האָפן, אַז איר זענט אָל־רייט. קיין לעטערס האָבן מיר פון אייך נישט רעסיווד און שורלי האָט איר אונדזערע נישט רעסיווד, ביקאָז אָף דער מלחמה. מיר האָבן עטלעכע מאָל גע־טרייעט דורכן רעד קראָס, אָבער אָן סוקסעס. אויף דער פּיקטשע זעט איר אונדז אַלע. מיט מערי און איר פעמילי אין יאָהאַנעסבורג און מיט מאָריץ און זיין פעמילי אין בוינעס איירעס זענען מיר די גאַנצע צייט געווען קאָנעקטעט. פּליז, לאָזט אונדז גלייך וויסן, וועלן מיר שיקן פּייפּערס און איר וועט קומען צו אונדז אין די סטייטס, וווּ מיר מאַכן אַ פיין לעבן און זענען אַלע זייער העפּי".

דאָס אַלטע פּאָרפאָלק האָט דאַן אָנגעטאָן די בגדי־שבת, וואָס זיי האָבן פאַר זיך איבערגעלאָזט ביים אויספאַרקויפן אַלץ, אַבי צו האָבן צום לעבן, און זיך אַוועק־געלאָזט מיטן בריוו און מיט דער „פּיקטשע" פון זייערע קינדער צו דער באַנק פון „איגנאַץ וועס עט קאָ" צו קריגן דאָס געלט. נאָר דאָרט האָט אַ פיינער יונגערמאַן פון אַ פענצטערל אַרויס די אַלטע מענטשן געזאָגט, אַז דאָס געלט איז נאָך נישט

אָנגעקומען, אַז מ׳וועט זיי לאָזן וויסן — אויב דאָס געלט איז טאַקע געשיקט דורך דער באַנק „איגנאַץ וויִס עט קאָמפּאַניע״ — אַזוי ווי ס׳וועט נאָר אָנקומען. אָבער ס׳זענען אַוועק וואָכן און די צוויי אַלטע לייט האָבן פון דער באַנק נישט באַקומען קיין ידיעה. זענען זיי ווידער געגאַנגען, האָבן ווידער געוויזן דעם בריוו פון די קינדער, אין וועלכן ס׳איז געשטאַנען שוואַרץ אויף ווייס, אַז זיי האָבן אַרויסגעשיקט כך־וכך. האָט דער פּיינער און איידעלער יונגערמאַן דורכן פּענצטערל זיי ווידער געענטפערט דאָס זעלבע. ער האָט זיי געטרייסט און פאַרזיכערט, אַז אויב אַלץ איז טאַקע אַזוי ווי אין בריוו שטייט, איז דאָס געלט — געלט. ס׳האָט אַלץ צו טאָן מיט דער צייט, וואָס איז נאָך אַלץ נישט קיין נאָרמאַלע, הגם די מלחמה האָט שוין אויפגעהערט. פון גרויס רחמנות האָט דער יונגערמאַן, אין באַדויערנדיקן און מיטפילנדיקן טאָן, געעצהט די צוויי אַלטע מענטשן נישט זיך מטריח צו זיין נאָך אַ מאָל אומזיסט, נאָר אומבאַדינגט וואַרטן ביז די באַנק וועט זיי רופן.

### 5

די אַלגעמיינע לאַגע דעמאָלט אין וואַרשע איז געווען אַזוי שרעקלעך, אַז בלויז ווייניק מענטשן האָבן זי געקענט באַנעמען. די מענטשן זענען געווען ווי שטויב, שטיקלעך פּאַפּיר, שטרוי, וואָס אַ שטורעם ווירבלט אַרום. נאָר בנימין, דאָס לייכטסטע שטויבעלע אין דעם וויסטן ווירבל פונעם שטורעם, האָט זיך עפּעס אויף אַ מאָדנעם משונהדיקן אופן גאָר געפילט האָפערדיק. ער האָט געאַרבעט און פאַרדינט גאַנץ גוט, אַזוי, אַז ער האָט באַלד געקענט איינשאַפן דאָס נייטיקסטע פאַר דער וווינונג, ווי אַן אַלט אייזערן בעטל פאַר דער מוטער, אַן אַלט טישל און צוויי אַלטע בענקלעך. דאָס ערגסטע אין דער וווינונג איז געווען — נישט אַזוי דאָס וואָס זי איז געווען אַן ענגער און שמוציקער קבר מיט ווערים ביים לעבן — נאָר דער שכן, דער גאַסן־הענדלער: אַ מיאוסער, שלעכטער מענטש. נישט בעסער איז געווען זיין ווייב. נאָר אָט איז די „באָבע״ קראַנק געוואָרן און איז געשטאָרבן. דאָס האָט דעם שחורן, דעם גאַסן-הענדלער און אויך זיין פרוי אַ ביסל ווייכער געמאַכט; דער טויט אין שטוב האָט אויף זיי געהאַט אַ ווירקונג. זאָל זיין בלויז אויף דערווייל. אויך דאָס מסתם — און אפשר נאָך מער ווי דער טויט — וואָס האָט זיי געמאַכט עטוואָס בעסער צו דער אומגליקלעכער אַלמנה מיט אירע צוויי יתומים, איז געווען דאָס, וואָס ס׳איז געוואָרן מיט אַ מענטש ווייניקער אין דער דירה און וואָס זי האָט אַצינד פּלוצלינג באַקומען די האָפענונג, אַז דער „זיידע״ וועט אפשר אויך שוין לאַנג נישט לעבן און זיי וועלן ווערן די אייגנטימער פון דער שטוב.

נאָר בנימינס האָפערדיקייט איז געווען דאָס, וואָס זיין האָפענונג צו ראַטעווען דעם ברודער פון טויט — און מ׳וועט אים אפשר אויך אינגאַנצן באַפרייען פון שטראָף — איז אין אים געוואָרן אַלץ שטאַרקער. די חברטע שיינבלום האָט אים באַקאַנט געמאַכט מיט פּאַסיקע חברים. צוזאַמען מיט חבר יאַקובאָוויטש האָט זי אים רעקאָמענדירט, און ער איז אָנגענומען געוואָרן פאַר אַ מיטגליד אין דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. באַלד דערנאָך איז ער אויך געוואָרן מיטגליד פון דער רעלאַטיוו־שיינער און גרויסער ביבליאָטעק, וואָס די פּאַרטיי האָט מיט גרויס מי, פלייס און

ליבע געגרינדעט און פאַרוואַלטעט. מיט וועלכן דורשט ער האָט זיך צוגעכאַפּט צו די ביכער! ער האָט געלייענט אַלץ: שיינע ליטעראַטור, פּאָעזיע, אויך פּאָפּולערע נאַטורוויסנשאַפט און געשיכטע, פילאָסאָפיע און קריטישע עסייען, קאָמענטאַרן איבער פאַרשידענע סאָציאָלאָגישע, פּאָליטישע און רעליגיעזע פּראָבלעמען. מערקווירדיק: דער מאַרקסיזם און אַנדערע סאָציאַליסטישע און עקאָנאָמישע לערעס האָבן אים ווייניקער אינטערעסירט, הגם דער סאָציאַליזם האָט איצט פאַרנומען דעם ערשטן און גרעסטן פּלאַץ אין זיין נשמה. צייט צום לייענען האָט ער זיך ווי אַליין באַשאַפן, ווייל אין דער פאַבריק האָט ער, ווי אַלע אַנדערע אַרבעטער, געאַרבעט איבער זיינע כוחות און כמעט טאָפּלט שעהן ווי געוויינלעך. ער האָט געגעסן און געלייענט, זיך געלייגט שלאָפן און געלייענט ביז שפּעט נאָך מיטנאַכט. גייסטיקע פּראָבלעמען האָבן אים גענומען פייניקן, אָבער די פּיין איז געווען אַ זיסע פאַר אים, ווייל דורך איר האָט ער מער נישט געפילט אַלע אַנדערע פּיינען פונעם פיזישן לעבן.

דאָך, זיין בלוי־צעשיינטער הימל פונעם סאָציאַליסטישן אידעאַל דעמאָלט און די געבוירענע און אַלץ שטאַרק־ווערנדיקע האָפענונג אויף דעם ראַטעווען דעם ברודער — איבער דער דאָזיקער בלוי־לייכטנדיקער העלקייט, האָבן זיך גענומען פאַרציִען גרויע וואָלקנדלעך. די קאָמוניסטן און אַנדערע ראַדיקאַל־לינקע און רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן האָבן דורך זייער פּראָפּאַגאַנדע — הגם זי איז געווען פאַרבאָטן אונטער די שטרענגסטע שטראָפן — אַלץ שטאַרקער פאַרשפּרייט דעם אומצוטרוי און אַלץ מער געוועקט דעם צווייפל צו דער רעגירונג, וואָס האָט זיך דעמאָלט אַ קורצע צייט גערופן „פויערן־און אַרבעטער־רעגירונג". דערצו איז צוגעקומען דאָס רייך־פּערזענלעכע ביי בנימינען: דער חבר יאַקובאָוויטש האָט אים צוּוויסן געטאָן, אַז די פּאַרטיי קען גאָרנישט טאָן פאַר זיין ברודער אין דער תפיסה. און דאָס — נאָך דעם ווי דער דאָזיקער חבר יאַקובאָוויטש צוזאַמען מיט דער חברטע שיינבלום, האָבן אים עטלעכע וואָכן־לאַנג, כמעט אין פּריידיקן און האָפּענונגספולן טאָן, יעדעס מאָל ווען ער האָט זיי געפרעגט, געזאָגט, אַז מ'טוט אַלץ וואָס מ'קען טאָן פאַר דעם אַרעסטירטן און... מ'מוז האָבן געדולד. זיי זענען מיט אים אַפילו געגאַנגען צום חבר וואַקס, צום אַדוואָקאַט, וועלכן ס'איז איבערגעגעבן געוואָרן דער ענין, אַז ער זאָל פון יענעמס מויל הערן דאָס זעלבע, וואָס זיי האָבן אים געזאָגט. דער אַדוואָקאַט חבר וואַקס האָט דערביי נאָך מוסיף געווען — רעדנדיק צו די צוויי חברים און נישט צו בנימינען: „אַז הגם דער ענין איז אַ זייער האַרבער, קען פון דעסטוועגן עפּעס געטאָן ווערן צו פאַרמיידן די גאָר העכסטע שטראָף. דאַן קען מען ווייטער זען. אָבער" — האָט ער צוגעגעבן — „פּאָזיטיווס וועל איך ערשט קענען זאָגן ווען איך וועל באַקומען די מעגלעכקייט פּערזענלעך דורכצושטודירן די אַקטן מיט די פּראָטאָקאָלן, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן ביים אַרעסטירן דעם אָנגעקלאָגטן".

בנימין האָט מיט דער גרעסטער אומגעדולד געוואַרט אויף דאָס פּאָזיטיווע און באַקומען אַ גרויסן קלאַפּ. ס'אַראַ ביטערע אַנטוישונג! ער איז אַריינגעפאַלן אין דער העכסטער פאַרצווייפלונג. די חברטע סאַלטשע האָט נישט געקענט צוזען זיין צער און צו אים געזאָגט: „פּרוווט און גייט אַהין צו דעם באַרימטן אַדוואָקאַט יאַנוש

איגער. נעמט־מיט די מוטער. וואָס האָט איר אָנצוווערן? איר ריזיקירט דערביי גאָרנישט". און זי האָט אים געגעבן דעם אַדרעס.

6

פונעם אַדוואָקאַט איגער איז בנימין אַוועקגעגאַנגען מיט אַ לייכטער האַרץ. די האָפענונג, אַז יעקב וועט געראַטעוועט ווערן, האָט ווידער אויפגעשיינט אין אים. און ס'האָט נישט צו־לאַנג געדויערט און די האָפענונג איז דאָס איצטיקע מאָל יאָ מקוים געוואָרן: דער אַסיסטענט אַדאַם וויס, דער וועלכער האָט די זאַך איבער־גענומען, איז אַליין אַראָפּגעקומען אין דער דאָזיקער פינצטערער און עיפּושדיקער קעלער־שטוב און אָנגעזאָגט די גוטע בשורה, אַז די ספּראַווע איז אָפּגעלייגט גע־וואָרן ביז נאָך דער מלחמה. דאָס מיינט, אַז קיין צו־גרויסע שטראָף וועט דער אַרעסטירטער יעדנפאַלס שוין נישט קריגן. בנימין האָט אַרומגעכאַפּט די מוטער און גענומען מיט איר טאַנצן פון שמחה. נו, האָט זיך אָנגעהויבן די ברענענדיקע אומגעדולד פון וואַרטן אויפן סוף פון דער מלחמה. און דער סוף איז געקומען. און דאַן — נאָך מער ווי די האָפענונג — די פולשטענדיקע באַפרייונג פונעם ברודער. דער גרויסער נצחון פון דער מלחמה האָט די ריכטער געמאַכט גרויסמוטיק און נאָכן אַרויסטראָגן אַ מילדן משפט, דעם פאַרמשפּטן באַרעכטיקט פאַר דער אַמנעס־טיע, וואָס די רעגירונג האָט געהאַט אַרויסגעגעבן פאַר די פאַרזינדיקטע קעגן פאָטערלאַנד.

## קאַפּיטל עלף

# דער באַפרייטער

1

ביים טויער פון דער טורמע האָבן יעקבן אָפּגעוואַרט די מאַמע און די צוויי ברידער. דערזעענדיק דעם זון האָט זיך יוכבד דערשראָקן פאַר זיין אויסזען; ער איז געווען אַזוי בלאַס און אָפּגעצערט, אַז זי האָט זיך דערמאָנט אינעם אויסזען פונעם מאַן, ווען ר'איז שוין געווען זייער קראַנק. יוכבד האָט געמאַכט די ברכה „מתיר אַסירים" און אָפּגעגעבן נאָך אַ באַזונדערן שבח צום רבונו של עולם. ווען זי האָט אַראָפּגענומען פון זיך די צעריסענע פאַטשיילע און אַרומגעהילט מיט איר דעם זון — ער האָט געציטערט פון קעלט — האָבן אירע ליפּן דערביי געשעפּ־טשעט: „פון טויט לעבעדיק"... בנימין און מאירל האָבן ביידע צוזאַמען אַרומגע־אַרעמט זייער ברודער און אים געקושט; איינער פון איין זייט און דער צווייטער פון דער אַנדערער זייט. נישט בלויז פרייד איז געווען אין זייער האַרץ, נאָר אויך שטאָלץ; — זייער ברודער איז געזעסן אין טורמע פאַר אַ גרויסער העלדן־טאַט, ער האָט ריזיקירט מיט זיין לעבן פאַר זיין איבערצייגונג!

דער פראָסט האָט דעמאָלט געסמאַליעט. יעקב איז אַזש בלוי געוואָרן. די שאַרפע לופט, פון וועלכער ער איז שוין געווען אָפּגעוווינט, האָט אים געשניטן אין דער ברוסט ווי מיט אַ מעסער. דאָך האָט ער די אייזיקע שאַרפקייט געטרונקען מיט זשעדנעקייט, ווי אַ דורשטיקער טרינקט קאַלט וואַסער. ער האָט געפילט ווי ער אָטעמט איין ניי און פריש לעבן. דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן, אַז ער האָט געפילט אַזאַ גרויס גליק, ווי דאָס גליק איצט פון באַפרייונג. און באַפרייט געוואָרן איז ער נישט בלויז פון דער תפיסה, פון דער שטענדיקער טונקלקייט, כמעט פינצטערניש אין איר, פון די פיזישע פיין, נאָר אויך פון שטענדיקער אומקלאָרקייט אין זיין גייסט און פייניקונגען פון צווייפלען אין זיין נשמה. פון צייט ער איז אַריין אין דער פּאַרטיי האָט ער זיך כסדר געפונען צווישן דער שטייפקייט פון איר דאָקטרין און זיינע אייגענע געדאַנקען, אויפגעבליטע און אַרויסגעוואַקסענע פונעם טיפן קוואַל אין זיין האַרץ, פון דער אינטואיציע אין זיין נשמה; ער איז געשלייפט געוואָרן צווישן דער פּאַרטיי־דיסציפּלין און זיין געוויסן. פון די דאָזיקע קוואַלן איז ער באַפרייט געוואָרן, דווקא ווען ער איז געווען פאַרשפּאַרט אין דער קליינער צעל צווישן די דיקע טורמע־מויערן, הינטער אַן אייזערנער, פאַרשלאָסענער און פאַרריגלטער טיר, אין דער טונקלקייט (כמעט פינצטערניש) פון אַ קליינטשיק פאַרגראַטעוועט פענצטערל, אויף דער קאַלטער אַספאַלטענער פּאָדלאָגע און האַרטער ברעטער־נאַרע. דאָרט, און מער נאָך אין דער אַבסאָלוטער פינצטערניש פון קאַרצער, וווהין מ׳האָט אים אָפּט אַריינגעוואָרפן, ווען ער האָט זיך מיט עפּעס פאַרזינדיקט קעגן דער טורמע־דיסציפּלין, איז ער געקומען צו קלאָרקייט און אויסגעלייזט געוואָרן פון צווייפלען, וואָס האָבן אים אַזוי געפּייניקט. באַפרייט איז ער איצט, באַפרייט פון דער תפיסה, וווּ ער האָט קערפּערלעך געליטן, אָבער ווו ער איז גייסטיק און זעליש דערלייזט געוואָרן.

אויף דעם באַפרייטנס בלאַסע ליפן און בלייך פּנים האָט געשוועבט אַ שמייכל פון גליקזעליקייט. אויף די נייגעריקע פראַגעס, באַזונדערס פון בנימינען, האָט ער כמעט נישט געענטפערט. בלויז אויף דער פראַגע, ווי ער פילט זיך, האָט ער געענטפערט: „גוט". ער איז איצט געווען קאַרג אויף אַ וואָרט. אָבער אויך שפּעטער, ווען חברים, און אַפילו בנימין, אין וועמען ער האָט גלייך ווי ער האָט אים דערזען דערפילט (און דערקענט) אַ גייסטיק־דערוואַקסענעם מענטש שוין — נישט געקוקט אויף זיין יונגקייט נאָך — האָט ער ווייניק געענטפערט, אַז מ׳האָט אים גענומען אויספרעגן וועגן זיינע איבערלעבענישן אין דער טורמע. די פיזישע ליידן דאָרט, דאָס שלאָגן און מאַטערן אים און די זעלישן פּיין — דאָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ הייליקייט פאַר זיין נשמה; די דאָזיקע הייליקייט האָט ער נישט געוואָלט פאַרשוועכן מיט ווערטער, מיט רעדן און דערציילן.

2

אַריינקומענדיק אין דער קעלערשטוב האָט זיך יעקבן געדוכטן, אַז ער איז ווידער אין טורמע. אָבער דאָס אַרומנעמען ווידער און ווידער די מאַמע און די ברידער, און דאָס באַוווסטזיין, אַז ער קען אַרויסגיין אין גאַס ווען ער וויל און גיין

ווהין ער וויל, האָט אים געגעבן די פרייד און דאָס גליק פון זיין פריי. ער האָט בישט אויפגעהערט זיך צו פרייען מיט דער מוטער. ווידער און ווידער האָט ער געזאָגט: „מאַמע... מאַמע"... ווי זיינע אויערן וואָלטן ווידער און ווידער געוואָלט הערן פון זיינע ליפּן די צווײ כישוף־זילבן: „מאַ־מע"... יוכבד האָט זיך געפרייט מיטן באַפרייטן, מיט איר עלטסטן זון. פאַר איר איז ער באמת צוריקגעקומען פון „יענער וועלט", כאָטש זי האָט די גאַנצע צייט וואָס ער איז געזעסן געהאַפּט און געגלויבט, אַז איר מאַן (אין ליכטיקן גן־עדן) וועט זיך מיִען פאַר גאָט ברוך־הוא און נישט דערלאָזן אַז זיין זון, דער בכור, זאָל חס וחלילה... זי האָט נישט אויפגעהערט צו גלייבן און איז בטוח געווען, אַז דער מאַן אירער וועט אין הימל נישט דערלאָזן זי זאָל נאָך מער ליידן. נאָר אַ סך כוח, זיך שטאַרק צו קענען פרייען מיט יעקבס באַפרייונג, האָט יוכבד נישט געהאַט: די שווערע קלעפּ אין די לעצטע יאָרן, באַזונדערס דער טויט פונעם מאַן, האָבן זי אין גאַנצן דערשלאָגן. פון איר איז איבערגעבליבן בלויז אַ שאָטן, אַ געשפּענסט. (אַפילו יעקב האָט זיך דערשראָקן ווען ער האָט זי דערזען ביים אַרויסקומען פונעם טורמע־טויער). שטומערהייט האָט זיך יוכבד איצט געפּאָרעט, געלייגט אויפן טיש דאָס שבתדיקע טישטעך, וואָס זי האָט אויך ביים איצטיקן מאָל פאַרלאָזן די היימשטאָט געראַטעוועט. זי האָט אַוועקגעשטעלט פאַר יעקבן די אַלע גוטע זאַכן, וואָס זי האָט פאַר אים צוגעגרייט. „ער וועט מוזן האָבן מיט וואָס זיך צו דערכאַפּן ס'האַרץ, מיט וואָס זיך אונטערצולעבען, אַז ר'זאָל זיך צוריק קענען שטעלן אויף די פיס; ער וועט זיך מוזן קרעפטיקן, כדי צו קומען צו נייע כוחות". דאָס זענען געווען אירע געדאַנקען ביים אָפּשפּאָרן כמעט יעדן טאָג עטלעכע גראָשן פון צייט ס'איז געווען זיכער שוין, אַז יעקב וועט באַלד באַפרייט ווערן. זי האָט געקויפט פאַרן זון אַ שטיקל לעקעך, באַרנעס און עפּל, אַפילו עטלעכע פּאָמעראַנצן און צוקערלעך. ביים קויפן די דאָזיקע גוטע זאַכן און אַ טייל דערפון איצט אין אַ טעלער אַוועקשטעלנדיק פאַרן דאָזיקן טייערן גאַסט, האָט זי געפילט אַז ס'קומען איר צו כוחות, ניי געזונט, אַז זי אַליין שטעלט זיך אַ ביסל צוריק אויף די פיס, הגם אַליין האָט זי פון די אַלע זאַכן אַפילו נישט טועם געווען. אַלץ איז פאַר אים! אַזוי האָט זי באַשלאָסן. זי האָט יעקבן געמונטערט: „נו, נעם שוין עפּעס! לען דיר אונטער ס'האַרץ!". טראָפּנווייז איז דאָס בלוט געקומען אין איר געל־ווייס פּנים אַריין און עס געמאַכט עטוואָס רויטלעכער. אירע אויסגעלאָשענע אויגן האָבן אַ קליין ביסעלע אויפגעשיינט.

יעקב האָט אַרומגעהאַלטן די מוטער און איר פאַרזיכערט: „ס'וועט זיין גוט, מאַמע! וועסט זען; ס'וועט זיין גוט!"

בנימין האָט אונטערגעכאַפּט דעם באַפרייטן ברודערס פאַרזיכערונג; פאַר אים האָט זי באַדייט דאָס זעלבע, ווי יעקב וואָלט ביינאַכט געזאָגט: „ס'וועט קומען דער טאָג!" פון בנימינס האַרץ האָט זיך אַרויסגעריסן: „אַ נייע וועלט וועט געשאַפן ווערן! אַ שיינע, אַ גערעכטע וועלט! דעמאָלט וועט הערשן בלויז יושר און אמת! ליגנט, צביעות, פאַלשקייט, אומגערעכטיקייט, געמיינקייט, עקספּלואַטאַציע, מלחמה — דאָס אַלץ וועט מער נישט זיין! דער סאָציאַליזם וועט דאָס אָפּשאַפן!" ער האָט זיך פאַר דער מוטער שוין לאַנג מער נישט געהיט מיט זיין סאָציאַליסטישער איבערצייגונג. אַדרבא: ער האָט איצט געוואָלט, אַז די מוטער זאָל איינזען דעם אמת פונעם סאָציאַליסטישן אידעאַל. אָבער יוכבד האָט אויפגעהערט אירע קינדער צו

שטערן אין זייער וועג, ווייל זי האָט זיי אויפגעהערט צו פאַרשטיין. ס'איז געשען מיט איר דאָס זעלבע ווי מיט אַ הון, וועלכע האָט אויסגעבריט ענטלעך; זי קען זיי נישט פאַרווערן צו שווימען אויפן וואַסער, זי פאַרשטייט עס אַפילו גאָרנישט און קען זיי נישט נאָכשווימען...

„איך בין אויך שוין אַ „סיציליסט"! — האָט מאירל זיך באַרימט פאַרן באַ־פרייטן ברודער. „איך בין שוין אַן אַרבעטער! כ'האָב דאָ געאַרבעט, אין אַ פאַבריק האָבעך געאַרבעט!" און מיט גרויס האָפערדיקייט: „כ'וועל אויך זיצן אין טורמע, ווי דו יעקב ביסט געזעסן! בנימין וועט אויך זיצן! ביידע עמער זיצן! ביידע וועט מע אונדז אַרעסטירן!"

יעקב האָט טרויעריק געשמייכלט, אָבער געטראַכט דערביי, אַז דאָס וועט אוודאי זיין זייער גורל, ווייל דאָס איז דער גורל פון טויזנטער און טויזנטער, באַזונ־דערס פון אַזעלכע ווי ס'איז בנימין. ער האָט אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף מאירלס אַן אַקסל, אים אָנגעקוקט מיט אַ קריטיש־סקעפּטישן בליק, ווי דער דאָזיקער יינגסטער ברודער וואָלט געווען אַ דערוואַקסענער מענטש, מיט וועמענס ווערטער מ'קען זיך רעכענען. און דאָך האָט זיך אים געדוכט, אַז ער זעט אין דעם קליינעם מאירל עפּעס אַזעלכעס וואָס געפעלט אים נישט. ווידער האָט ער געשמייכלט צו דעם קליינעמס זיך באַרימען און ס'איז אים פלוצלינג איינגעפאַלן: „נייך, ער וועט נישט זיצן, גראָד ער נישט; אים וועט מען פאַר פּאָליטישער טעטיקייט נישט אַרעס־טירן. ער וועט פאַרן סאָציאַליזם נישט קעמפן". אָבער ער האָט אים אַ קניפּ געטאָן אין אַ בעקל און געזאָגט: „יאָ, ביסט שוין אַ גרויסער יונגו!"...

בנימין און מאירל האָבן געהאַט אַ סך צו דערציילן זייער באַפרייטן ברודער. ביידע האָבן אים, אַצינד באַזונדערס, שטאַרק ליב געהאַט, געהאַט פאַר אים גרויס דרך־ארץ, ווי זיי האָבן פריִער געהאַט פאַרן פאָטער. זיי האָבן איצט געזען אין אים זייער מורה־דרך. ווידער האָט מאירל גענומען רעדן, נאָר אַצינד, שטאָט זיך צו רימען און גרויסן, האָט ער גאָר גענומען רימען בנימינען: „ער איז איצט שוין אַ גאָר גרויסער „סיציליסט!" ער האָט זיך דאָ אַריינגעוואָרפן אין דער „סיציליס־טישער" פּאַרטיי אין גאַנצן! און אַ באַלעזענער איז ער — אַך! גאַנצע נעכט איז ער אויף און לייענט! ער איז אַ מיטגליד פון דער ביבליאָטעק! פון דאָרט האָט ער זיך אַלע מאָל געבראַכט אַן אַנדער בוך! גאַנצע בערג ביכער האָט ער שוין איבער־געלייענט! ער האָט זיי פּשוט איינגעשלונגען! מיר שלאָפן צוזאַמען אויף איין געַ־לעגער; האָבעך נישט געקענט שלאָפן לעבן אים, ווייל אַ גאַנצע נאַכט האָט ער געהאַלטן לעבן זיך ס'ברענענדיקע קאַגעניצל. אַלץ ווייסט ער איצט שוין! וואָס גרויסע ווייסן נאָך נישט — און קענען עס נישט פאַרשטיין — ווייסט ער שוין!" ס'האָט נישט געהאָלפן, וואָס בנימין האָט אים פּשוט מיט דער האַנט אַלע מאָל פאַרשטעלט ס'מויל, ער זאָל אויפהערן אַזוי פיל צו דערציילן וועגן אים; אָבער דער קליינער האָט איצט דערמיט זיך געוואָלט אויספיינען פאַר יעקבן.

„שעם דיך נישט", — האָט יעקב צערטלעך אַרומגענומען בנימינען און טאַקע פאַרפירט מיט אים אַ געשפּרעך. ער איז געווען אויסגעהונגערט גייסטיק און זיך געפרייט מיטן ברודערס גדאַנקען. „ריכטיק, ריכטיק! עוואָלוציע און רעוואָלוציע זיינען רינגען אין איין קייט, איינס אָן אַנדערן איז נישט מעגלעך, זיי געבערן זיך איינס דאָס צווייטע". ער האָט באַוואונדערט זיין ברודער, ווייל ער איז דאָך נאָך

געווען גאַנץ יונג. נו, האָט ער געוואָלט וויסן צו וועלכער פּאַרטיי ער געהערט און אים געשטעלט די דאָזיקע פֿראַגע: „אויב זיי געבערן זיך איינס דאָס צווייטע, ברויכן דאָך די אַרבעטערס אייגנטלעך גאָרנישט פֿירן קיין קאַמף“.

אַ מאָמענט איז בנימין געווען אַ ביסל צעטומלט. ער האָט געקנייטשט זיין יינגלערישן שטערן. און באמת; די פּאַרטיי, פֿון וועלכער ער איז געווען אַ מיט־גליד, האָט טאַקע געגלייבט מער אין רעפֿאָרם ווי אין רעוואָלוציע. דאָך, בנימין האָט געפֿילט — און מיט זיין קינסטלער־אויג האָט ער דאָס אָבסערווירט — אַז קאַמף קומט פֿאַר אין אַלץ. און ער האָט געענטפֿערט: „קאַמף, רעוואָלוציע — דאָס איז אין דער נאַטור. געבורט איז רעוואָלוציע. לויט מיין מיינונג זענען די שולדיקע אין אַ רעוואָלוציע נישט די, וועלכע מאַכן זי, וועלכע קעמפֿן, נאָר די, וועלכע שטעלן זיך — צוליב זייער עגאָיזם — אַקעגן דעם גאַנג פֿון דער נאַטור, קעגן דער נאַטיר־לעכער אַנטוויקלונג, דער פֿרידלעכער עוואָלוציע“. דער לעצטער געדאַנק איז אין זיין מוח געקומען ווי אַ בליץ. דעריבער האָבן זיינע אויגן אויפֿגעלויכטן.

דער דאָזיקער געדאַנק איז פֿאַר יעקבן געווען אַן איבעררעשונג, הגם דאָס וואָס זיין יונגער ברודער האָט געזאָגט, האָט אָפּגעלייקנט דעם מענטשנס פֿרייען ווילן, מיט וואָס ער האָט נישט געקענט מסכים זיין. אָבער נאָך ווייטער איצט פֿירן מיטן ברודער דעם וויכוח האָט ער נישט געוואָלט און אים אַרומגענומען: „איך זע, אַז דו האָסט טאַקע אַ סך געלייענט, און ערנסטע ליטעראַטור. האָסט אַ סך דערגרייכט אין דער קורצער צייט. פֿאַר דיין עלטער ביסטו שוין זייער ווייט“.

האָט איצט מאירל נאָך מער אַרויפֿגעקוקט צו זיין ברודער בנימין, וועלכער איז פֿון פֿאָטערס טויט אָן — יעקב איז דאָך גלייך אַרעסטירט געוואָרן דעמאָלט — געוואָרן זיין מדריך. נאָר אַצינד וועט יעקב ווערן זיין מורה־דרך. ער האָט זיך אויפֿמערקזאַם צוגעהערט די גאַנצע צייט צו דער דיסקוסיע, און אַלץ — אויף וויפֿל ער האָט געקענט פֿאַרשטיין — פֿאַרשטאַנען אויף זיין אופֿן: אַז דער מענטש קעמפֿט ס׳זאָל אים זיין בעסער.

אויף יעקבס פֿראַגע, וואָס ער האָט איבער דער צייט אין וואַרשע געלייענט, האָט בנימין אויסגערעכנט אַ טייל פֿון אויטאָרן: פֿייערבאַך, העקעל, לאַסאַל, שטיר־נער, ספּענסער, קויטסקי, פּלעכאַנאָוו, בעבעל, דאַרווין און מאַרקס. ער האָט אויך אויסגערעכנט אַ טייל אויטאָרן פֿון דער שיינער ליטעראַטור און פּאָעזיע, צווישן וועלכע די רוסישע האָבן פֿאַרנומען דעם גרעסטן פּלאַץ.

„פֿאַר וואָס דערציילסטו נישט אַז דו ביסט געגאַנגען צו אָוונט־קורסן?!“ — האָט מאירל אים דערמאָנט אויף אַן אופֿן גלייך בנימין וואָלט געוואָלט עפּעס אויס־באַהאַלטן. „און זונטיק ביסטו אויך געגאַנגען אין אַ שולע!“ זיך גרויסנדיק מיט אים פֿאַר יעקבן, האָט ער גענומען אויסרעכענען: „ער האָט געלערנט פּויליש און רע־כענען און געאָגראַפֿיע און געשיכטע און ביאָלאָגיע און כעמיע און פֿילאָסאָפֿיע! וואָס האָט ער דען נישט געלערנט? — אַלץ! און ס׳אַראַ שיינע זאַכן ער האָט גע־מאַכט, אויסגעריסעוועט מיט בלויע און רויטע און גרינע און געלע און אַנדערע קאָלירטע בלייפֿעדלעך! פֿאַר וואָס וויזסטו נישט יעקבן וואָס דו האָסט אַלץ גע־מאַכט? ער שעמט זיך, נאָר ער שעמט זיך! איך וואָלט מיך נישט געשעמט. אַ גרויסער קינסטלער וועט ער זיין! און אַ גרויסער פֿילאָסאָף! און אַ גרויסער וויסנ־שאַפֿטסמאַן! ער וועט נאָך ווערן אַ דאָקטאָר אויך, אַפֿילו אַ פּראָפֿעסאָר!“

יעקב האָט זיך צעלאַכט. דאַן האָט ער געפרעגט: „און חברים, פריינד — האַסטו, בנימין? און דו, מאירל?"

„איך האָב!" — האָט מאירל זיך באַרימט. „ער האָט נישט, ווייל ר'האָט קיין מאָל קיין צייט נישט, ווייל תמיד איז ער אַזוי ערנסט, גייט אַרום נאָר פאַר־דאַגהט, שטענדיק טרויעריק". דער קליינער האָט אויסגערעכנט אַלע זיינע חברים און געגומען זיי אָפּשילדערן: „באָריס וואַרשאַווסקי — מ'רופט אים עוג מלך הבשן — איז אַזוי גרויס, אַז ער וואָלט דאָ נישט געקענט אַריינקומען! און שטאַרק איז ער — שמשון הגבור! זיין טאַטע און זיין מאַמע זענען „סיציליסטן"! זיי וועלן באַלד אַריינקומען דיך צו זען. איך האָב זיי שוין געזאָגט אַז דו ביסט דאָ. דער גאַנצער הויף ווייסט שוין. און פאַלעק: זיינע עלטערן זענען אויך „סיציליסטן", אָבער אַנ־דערע ווי ס'זענען באָריס עלטערן. דעריבער זענען זיי ברוגז צווישן זיך; פאַלעק אָבער מיט באָריסן זענען חבר און זענען ביידע סיציליסטן!"

בנימין האָט יעקבן דערציילט ווער ס'איז אַלץ דאָ אין וואַרשע פון זייער גע־בורטשטאָט, וועלכע איז שוין אפשר אין גאַנצן צעשטערט: „איטשע שוסטער מיט דער פרוי און די קינדער; פייגע, אַהרן, אבישל, ר' איסר איז דאָ הי. פאַניע בערנפעל מיט דער גאַנצער פאַמיליע. גרשון. דער אַלטער סאַדאָווניק ר' שמואל מיט דער טאָכטער. די פרוי איז געשטאָרבן. דער חבר שפּיצמאַן (אַבראַמטשיק) איז דאָ הי. דער חבר הערש קרומהאָלץ אויך. איך האָב געהערט אַז אויך יוזשעק איז איצט אין וואַרשע".

יעקב האָט זיך דערפרייט: „טאַקע ? ! יוזשעק ?" —

„יאָ, אַזוי האָט מען מיר געזאָגט. אויך בערל פּאַרבער, די חברטע דינהטשע גרינצוויג, דער חבר לאַזער אייבערשיץ. יאָ... שיער פאַרגעסן: מלכהלע און מירעלע און ראַבע". בנימין האָט באַמערקט ווי יעקבס פּנים האָט זיך אָנגעצונדן, דאַן איז עס געוואָרן נאָך בלאַסער ווי ס'איז געווען. ער האָט געזען ווי דער ברודער בייסט זיך די ליפּן, דאָ די אייבערשטע, דאָ די אונטערשטע. ער האָט באַדויערט וואָס ער האָט דערמאָנט ראַבען. ר'האָט באַדאַרפט וויסן, אַז עפּעס איז געשען, ווייל ראַבע איז די גאַנצע צייט קיין איין מאָל נישט געקומען געוואָר ווערן, נישט וועגן דעם וואָס סע הערט זיך וועגן יעקבן, נישט פרעגן וואָס די מאַמע מאַכט. זי האָט זיך נישט געקומערט וועגן אים, האָט גאָרנישט געטאָן וועגן זיין באַפרייונג, איז אפילו נישט געקומען אין געריכט ווען מ'האָט אים געמשפּט. אַרויסצורייסן דעם ברודער פון זיין פייניקן זיך (אין וואָס ער איז שולדיק) האָט בנימין זיך ווייטער גענומען דערמאָנען וועלכע נאָך באַקאַנטע ס'זענען דאָ אין וואַרשע: „ר' מרדכי גאָלדבלום און פערעלע! און יצחק לערמאַן! זיי האָבן חתונה געהאַט". ווידער איז יעקב רויט געוואָרן. אָבער בנימין האָט די סיבה פון זיין ברודערס איצטיקן רויט ווערן נישט באַגריפן און דעריבער נישט געוווּסט: האָט ער שלעכט געטאָן וואָס ער האָט דער־מאָנט לערמאַנען, אָדער פערעלען? צי דאָס, וואָס זיי האָבן חתונה געהאַט? ער האָט עס נישט געקענט פאַרשטיין. זיין ברודער יעקב האָט ליב געהאַט ראַבען און וואָלט געוועזן חתונה געהאַט מיט איר, ווען מ'וואָלט אים נישט געוועזן אַרעסטירט. דאָס האָט ער געוווּסט.

אין דעם מאָמענט האָט זיך געעפנט די טיר און ס'זענען אַריינגעקומען עט־לעכע שכנים.

געווען זענען עס היימלאָזע. זיי זענען געקומען זיך פרייען מיט דער פרייד פון דער אַלמנה, איבער וועלכער גאָט האָט זיך כאָטש אַ ביסל מרחם געווען. „ליב אייך אייער גאַסט״ — האָבן די אָרעמע און דערשלאָגענע מענטשן געזאָגט. יוכבד האָט געענטפערט בנעימותדיק, עטוואָס אַן אויפגעלעבטע: „ליב זאָלט איר אַלע לעבן״. די מאַנספערשוינען האָבן יעקבן געגעבן „שלום״ און נישט פאַרגעסן די ברכה: „ברוך מתיר אַסירים״. זיי האָבן גענומען שמועסן מיטן באַפרייטן, אָבער אויף אַ זייער פאָרזיכטיקן אופן, אָפּוועגנדיק און אָפּמעסטנדיק כמעט יעדעס וואָרט. זיי האָבן געטאַפּט ביי אים ווער און וואָס ער איז פאַר איינער, אַז ער איז געזעסן אין תפיסה און האָט געזאָלט פאַרמשפּט ווערן צום טויט, ווי זיי האָבן געהערט. יעקב האָט געענטפערט מיט געציילטע ווערטער, גאַרנישט זאָגנדיק, שמייכלענדיק און פאַרקערעוועקנדיק די ווילע, פשוטע מענטשן צו גלאַט אַ רעדן און שמועסן. די ווייבער האָבן זיך געפרייט וואָס די אַלמנה — דערצו נאָך אַזאַ שוואַכע — איז אַ ביסעלע שוין אויפגעהייטערט. זי נאָך מער אויפצוהייטערן, האָבן זיי איר מבטיח געווען: „דער רבונו של עולם וועט ענק נאָך מער העלפן. ער וועט זיך איבער אונדז אַלע דערבאַרעמען. ער איז דאָך אַ דערבאַרעמדיקער פאָטער. קודם־כל וועט ער אונדז אַרויסנעמען פון דער תפיסה דאָ; ווייל ס׳איז דען אַנדערש ווי אַ תפיסה דאָס וווינען אין די פינצטערע לעכער פון דעם שטיינערנעם קאַסטן דאָ? דערנאָך וועט ער אונדז, צוזאַמען מיטן גאַנצן יידישן פאָלק זיינס, אויסלייזן פון גלות. דער שופר של משיח האָט זיך דאָך שוין צעשאַלט. אַזוי שמועסט מען, אַזוי זאָגן יידן, קלוגע מענטשן. זיי רעדן וועגן ארץ־ישראל, אַז ס׳האָט זיך שוין אָנגעהויבן דאָס אומקערן זיך פון פאָלק ישראל אין זייער הייליק לאַנד אַריין, אין דעם לאַנד פון אונדזערע אָבות״.

יוכבד איז טאַקע געוואָרן נאָך אויפגעלעבטער און געענטפערט פול מיט בטחון: „ער וועט העלפן, דער וואָס לעבט אייביק וועט העלפן״. זיך שעמענדיק האָט זי געזאָגט: „כ׳וואָלט אַלעמען געבעטן זיצן; אָבער... מילא... אויפן אייזערנעם בעטל קענען זיך זעצן צוויי, דריי מענטשן. טאָ נעמטק, נעמטק עפּעס פון די גוטע זאַכן, זייטק טועם פון דעם וואָס ס׳שטייט אויפן טיש״. נאָר די מענטשן זענען נישט געקו־מען, ווי ס׳קומען געבעטענע געסט אויף אַ שמחה און מ׳זעצט זיך אַוועק ביי גע־דעקטע טישן; זיי זענען נישט געקומען צוליב כבוד, נאָר מקיים צו זיין אַ מצווה: זיך צו פרייען מיט דער פרייד פון אַן אויפגעריכטן. נאָר ביי דער געלעגנהייט — אַז ס׳איז געקומען צו רייד דער „תפיסה״ אין דעם שטיינערנעם קאַסטן וווּ זיי וווינען — האָט מען זיך צערעדט וועגן די צרות. „די גרויסע שטאָט״ — האָט איין יידענע געקלאָגט — „איז סדום״.

דער מאַן האָט אויסגעבעסערט: „סדום? ערגער, טויזנט מאָל ערגער! די רשעים אין סדום זענען געווען צדיקים קעגן די פאַרשעווער רשעים!״ — נאָר דערזעענדיק אַריינקומען דעם בעקערס פרוי האָבן זיך אַלע אַרויסגעשאַרט: זיי האָבן מורא געהאַט פאַר איר מויל, געוווּסט, אַז אַפילו תושבים פונעם הויף גייען איר אויסן וועג.

בראָנטשע, קאָפּל דעם בעקערס פרוי, איז אַריינגעקומען אַן אויסגעפּיאָקעוועטע אין אַ פלאַמיק־רויטער בליוזקע אָן אַרבל און אַ פאָמסרויטע שלייף אונטערן טאָפּלטן

גוידער. די לאַנגע אוןברייטע עקן פון דער שלייף זענען נישט (ווי געוויינלעך) אַראָפּגעהאָנגען, נאָר זענען געלעגן אויף איר הויכן און ברייטן בוזעם ווי אויף אַ קישן. דער קאָרסעט, אין וועלכן זי איז איצט געווען איינגעקרעמפּעוועט, כדי צו האָבן אַ „זגראַבנע טאַליע", האָט זיך אָפּגעצייכנט דורך דער בליוזע צוזאַמען מיטן פלייש, וואָס האָט זיך איבער אים אַריבערגעליגט און געשפּאַרט פון אַלע זייטן. אַ גרינע ספּודניצע, מיט אַ ברייטן, שוואַרצלאַקירטן פּאַסיק. די שוואַרצלאַקירטע פּאַנ־טאָפליעס מיט די שמאָלע און הויכע קנאַפּלען האָבן זיך געבויגן אויף אַ זייט צוליבן שווערן געוויכט וואָס זיי האָבן געהאַט צו טראָגן. דער הויכער קאָקס פון די רויטע האָר האָט זי געמאַכט פאַר אַ ריזין, ווייל זי איז אַזוי אויך געווען גענוג הויך. די נאַקעטע אָרעמס (פון די עלנבויגנס אָן) האָבן זיך שיעור געקענט פאַרגלייכן מיט אירע ברייטע היפטן, אויף וועלכע צוויי קינדער וואָלטן געקענט אַרומהאָפּסן. זיך אַדורכשטופּנדיק זייטיק דורך דער טיר (בלויז אַ האַלבע האָט זיך געעפנט) מיט אַ הויכן „ווילקאָמען אינען איר גאַסט" צו יוכבדן, איז זי גלייך צוגעגאַנגען צו יעקבן און זיך פאַרגעשטעלט: „מאַן נאָמען איז בראָנטשאַ וואַרשאַווסקאַ! מאַן מאַן איז ביי די אַרבעטאַר אין וואַרשאָ גוט באַקאַנט; יעדאַר ווייסט ווער קאָפּל וואַר־שאַווסקי איז... יאַך און מאַן מאַן — מאַן לעבנס־בעגלייטאַר — זעמער אַלע מאָל דאָ אַריינגעקומען און יעדעס מאָל מיטגעבערענגט אַ ברייטל, אַ פּאַר פרישע זעמל. מיאַר האָבן געוווסט פאַר וואָס איאַר זיצט; פאַר אונדזאַר היילינקאָ זאַך. ווי איאַר קיקט מיאַך אָן, בין יאַך נישט פון די צוואַי פאַר אַ גראָשן; יאַך בין אַ באַוווסטזי־ניקאָ, אַ סאָציאַליסטקאָ, איאַרס אַ חברטאָ! דאָס נעמלעכאָ מאַן מאַן. יאַך בין זאַגס אַן אמתאָ קאָמאַראַדן. מיאַר זענען די אמתאָ האַראָפּאַשניקעס; ער איז אַ בעקאַר, און יאַך בין געווען אַ דינסט, אַ קעכן. אַ ריאַך אין די בורזשועס. באַגריס יאַך אייך, „כאַוואַר" צו איאַר באַפרייונג! די בלעטאַר האָבן וועגן אייך געשריבן, און אויך אונדזאַר צייטונג"...

יעקב האָט זיך געדויטלט. ער האָט זיך באַמיט נישט צו שמייכלען, ווייל ס'זענען אים געקומען קאָמישע געדאַנקען אין קאָפּ אַריין: אַז ער וואָלט מורא געהאַט צו זיין אַ מאַן פון אַזאַ קאַלאַס... יוכבדן אָבער איז דאָס האַרץ איינגעפאַלן, אי פון דעם וואָס די בעקערן האָט גערעדט אַזוי הויך וועגן אַזעלכע זאַכן, וועגן וועלכע מ'טאָר נישט רעדן (זי האָט נישט געוווסט אַז מ'האָט שוין געמעגט) און אי פון דעם וואָס אַן אשה שטייט אַזוי נאָענט לעבן יעקבן. נאָר בראָנטשע — געענדיקט איר רעדע, וואָס זי האָט פון דער פרי אָן זיך געגרייט צו האַלטן — האָט זיך געטאָן אַ דריי אויס צום באַפרייטנס מוטער און טריומפירט: „וואָס זאָגן זיי אַצינדאַר? יאַך האָב אינען אַלע מאָל געזאָגט, אַז איאַר זון וועט מע שוין אַרויסנעמען פון טורמע! אונ־דזאַרס אַ מענטש"... זי האָט יוכבדן גענומען מאַכן קאָמפּלימענטן: „אַ זייאַר אינטע־ליגענטאַר! יאַך זע דאָס גלייך".

יעקבן צו באַגריסן איז אַריינגעקומען נאָך אַ שכנה, וועלכע האָט געהאָלפן דער אַלמנה מיט די צוויי יתומים אויף וויפל זי האָט געקענט און אויף אַן אופן, אַז זי זאָל דער אומגליקלעכער נישט ווי טאָן און אַז ס'זאָל קיינער נישט וויסן דערפון. מאירל האָט דעם ברודער, ווי פריִער ווען בראָנטשע איז אַריינגעקומען, איינגע־רוימט אין אויער ווער די פרוי איז: „פּאַלעקס מאַמע! מאַקס שלאָסערס פרוי!"

די אַריינגעקומענע איז צוגעגאַנגען צו יוכבדן, האָט זי אַרומגענומען מיט

גרויס וואַרעמקייט און איר געזאָגט ליבע ווערטער. צו יעקבן (דאָס איז געווען אויך צו בנימינען, ווייל זי האָט אים שטאַרק געשעצט און געהאַלטן פאַר אַ דערוואַקסענעם שוין) האָט זי פון דער ווייטנס אַ נייג געטאָן דעם קאָפּ מיט אַ פריינדלעכן שמייכל. זי איז אַריינגעקומען אינעם זעלבן קליידל אין וועלכן זי איז דעם גאַנצן טאָג געווען אָנגעטאָן, דעם ווינטער־מאַנטל אויפגעהאָנגען אויף די שמאָלע פּלייצעס, ווי זי פלעגט דאָס טאָן מיידלוויז און וואָס האָט איר צוגעגעבן אַ געוויסן חן, אַ יוגנטלעכע קאָקעטישקייט. יעקב האָט געפילט ווי אמתדיק די דאָזיקע פרוי פריידט זיך מיט זיין באַפרייונג. איר שטילקייט און באַשיידנקייט, און דאָס וואָס זי שטייט נאָך אַלץ אַזוי לעבן דער מוטער און האַלט זי נאָך אַלץ אַזוי אָרום — דאָס אַלץ האָט געוווּנען זיין סימפּאַטיע. דעם בעקערס פרוי האָט מסתם געשפּירט אַז די „וויסטע קאָמוניסטקע" (אַנדערש האָט די אַריינגעקומענע ביי איר נישט געהייסן) האָט אויף דעם באַפרייטן געמאַכט אַ בעסערן איינדרוק ווי זי און גענומען זידלען זי אין געדאַנק: „דער טרוקענער וויאַכיטש! דער אויסגעריבענער דראַפּיטש! זיך צוגעאיילט מיטן אַריינקומען! מיינט אַז זי וועט אים אַריבערצי׳ען צו די „רויטע", צו איר פּאַרטיי! אַ מכה!" דאָך, אָוועקגיין האָט זי נישט געוואָלט, ווייל דאָס וואָלט געהייסן אָפּטרעטן פאַרן קעגנער. ניין, קעמפן מוז מען! און זי האָט טאַקע גלייך אָנגעהויבן אַ קאַמף, נישט גאַנץ דירעקט, בלויז מיט אַן אָנצוהערעניש אין דער דריטער פּערזאָן: „פאַראַן מענטשן, וואָס מיינען, אַז ווייל זיי זענען פאַררעטאָר, איז יעדע אַ פאַררעטאָר!"

בנימין האָט געזען ווי פּיינלעך די סצענע איז יעקבן. אויך אים איז זי געווען זייער פּיינלעך. נאָר זאָגן עפּעס דער בעקערן האָבן ביידע נישט געקענט. דעם שלאָסערס פרוי האָט געשמייכלט. זי האָט געוווּסט אַז ענטפערן טאָר זי נישט, אַז זי מוז אויף אַ קלוגן אופן ראַטעווען די לאַגע. זי איז דעריבער צוגעגאַנגען צו יעקבן און גענומען פריילעך שפּאַסן: „איר זעט ווי איך בין... דעם בעל־שמחה אַליין האָבעך ווי פאַרגעסן; כ׳האָב אייך אַפילו נישט באַגריסט. איך הייס צעשאַ". זי האָט אים געגעבן די האַנט און ווייטער געשפּאַסט: „איר זעט נישט אויס ווי איר וואָלט געקומען פון די וואָרעם־בעדער, אָבער איר מאַכט אַ צופרידענעם, כמעט גליקלעכן איינדרוק".

יעקב האָט זיך געוווּנדערט: „ווי דערקענט איר דאָס?"

צעשאַ האָט זיך אַ ביסל פאַרשעמט פאַר איר צו פיל דרייסטקייט און געוואָרן פאַרלעגן: „ווי... דאָס ווייס עך נישט; אָבער ס׳דוכט זיך מיר אַזוי".

„דאָס איז אמת. איך בין גליקלעך", ער איז צוגעגאַנגען צו דער מוטער און זי אַרומגענומען: „מאַמע... איך בין גליקלעך... זייער גליקלעך"...

יוכבד איז געזעסן לעבן דער קיך.

בראָנטשאַ האָט זיך פאַרנומען אַוועקצוגיין. אָבער אַוועקגיין און דער „וויסטער קאָמוניסטקע" גאָרנישט זאָגן האָט זי נישט געקענט, בפרט, אַז דווקא איצט איז פאַר אירע אויגן אַרויסגעשוווּמען ווי „דאָס פּאַסקודסטוואָ" איז אַ מאָל געפעלן איר קאַפּלען, און גענומען זי זידלען, איצט שוין דירעקט: „וואָס חנדלען זיי זאַך אַזוי? וואָס קאָקעטיווען זיי? זיי זענען אַצינדאַ שוין נישט קיין אַכצן יעריקאָ! זיי זענען

אַ דאַראַר שטעקן! און פאַררעטאָרן זענען זיי, צוזאַמען מיט איראָן מאַן! ביידאָ זענט איאָר פאַררעטאָר!" זי איז אַוועק אַן אויפגערעגטע.
אויך צעשאָ איז נישט לאַנג געבליבן.

## קאַפּיטל צוועלף

# ער הייבט אויף ס'ניי אַן זיין לעבן

1

יעקב איז די גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן. געמיינט האָט ער, אַז אַזוי ווי ער וועט זיך נאָר אַנידערלייגן, וועט ער גלייך איינשלאָפן, ער וועט שלאָפן פאַר די אַלע נעכט, וועלכע ער איז אין דער טורמע נישט געשלאָפן, באַזונדערס צייט מ'האָט אים פון די טורמע־קאַנצעלאַריע געלאָזט וויסן, אַז ער איז פולשטענדיק אַמנעסטירט. די צוויי ברידער האָבן אים אַוועקגעגעבן זייער געלעגער אויף די בענקלעך און פאַר זיך אויסגעבעט אויף דער פּאָדלאָגע. נאָר יעקב, הגם זיינע אויגן האָבן גענומען צופאַלן אַזוי ווי ס'איז נאָר נאַכט געוואָרן, איז אויפן געלעגער געוואָרן אַלץ וואַכער און וואַכער. נייך, נישט די דריי מחנות „מיליטער" האָבן געשטערט זיין שלאָף: די לייזיקע „אינפאַנטעריע" מיט ווייער פּאַמעלעכדיקן קריכן און בייסן, קריכן און בייסן; נישט די וואַנצנדיקע „אַרטילעריע" מיט זייער שווערן באַמבאַרדירן, און אויך נישט די האָצקענדיקע „פליי־קאַוואַלעריע". מיט זיי אַלע איז ער געוווינט געווען פון קינדווייז אָן, זיין לייב האָבן אַזעלכע אָנגריפן שוין זייער ווייניק געאַרט. געשטערט זיין שלאָף האָט דער וואַכער גייסט: ער איז שטאַרקער פון דער גרעסטער מידקייט און קומט אַפילו ביי דעם שטאַרקסטן ווילן צו שלאָפן. דערין האָט זיך יעקב אין דער טורמע באַזונדערס איבערגעצייגט. נישט איין מאָל איז געשען, אַז נאָך אַן אויספאָרשונג (מיט שלאָגן און אַנדערע פאַרשידענע קערפּערלעכע פּייניקונגען, אַזוי, אַז די יסורים, ווען ער איז צוריקגעברענגט געוואָרן אין דער קאַמער, אָדער מ'האָט אים אַריינגעוואָרפן אין פינצטערן קאַרצער, האָבן געברענט ווי פייער) איז ער באַלד איינגעשלאָפן, און אַזוי פעסט, אַז צו מאָרגנס האָט אים דער וועכטער געמוזט לאַנג וועקן ביז ער איז אויפגעקומען. דאַקעגן האָט ער בשום־אופן נישט געקענט איינשלאָפן ווען געדאַנקען האָבן אים באַשעפטיקט.

דאָס זעלבע איז געווען איצט, אין דער ערשטער נאַכט פון זיין אַהיימקומען. ער איז נאַטירלעך געווען פול מיט דער גרויסער פרייד פון זיין באַפרייונג, מיט דער פרייד פון ווידער זיין פריי, געראַטעוועט פון טויט. דאָס האָט אים געקענט מאַכן וואַך; אויך די פרייד, אַז ערשט איצט וועט ער זיך אַריינוואַרפן אינעם קאַמף פאַר דער באַפרייונג פון דער מענטשהייט, אינעם קאַמף פאַר פרייהייט און גערעכטיקייט; און די דריטע פרייד: אַז בנימין — נאָך אַזוי יונג — איז אַ גייסטיקער מענטש שוין און אַ קעמפער. און ווי פיין, ווי סענסיטיוו און ווי ערלעך ער איז אין אַרויסזאָגן זיינע געדאַנקען און איבערצייגונגען! יעקב האָט דערביי דערפילט ווי

שווער ס׳וועט אים זיין דעם ברודער אַריבערצוציִען צו דער פּאַרטיי, אין וועלכער ער האָט באַשלאָסן אַריינצוטרעטן. צוזאַמען דערמיט איז אין זיין געוויסן אַרויפגעשווומען די פראַגע, אויב ער קען נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט זיין יינגערן ברודער אָפּצורייסן פון דעם גלויבן, וועלכן ער אַליין האָט אים געגעבן און איצט אים איבעררעדן צו דעם נייעם גלויבן זיינעם, צו וועלכן ער איז געקומען אין דער תפיסה. ער וואָלט דעם ספק נישט געהאַט, ווי ס׳האָט נישט קיין פרומער פאָטער ביים איינפלאַנצן אין זיין קינד דעם גלויבן זיינעם; נאָר יעקב האָט דעם דאָזיקן פעסטן, אומדערשיטערלעכן גלויבן אין זיין נייער דערקענטעניש נאָך נישט געהאַט. אָבער דאָס איז נישט געווען דערפאַר, ווייל ער איז נישט געווען איבערגעצייגט אין דעם נייעם וועג, אויף וועלכן ער האָט אין דער תפיסה באַשלאָסן צו גיין; ניין. דער ספק איז געקומען נישט פון מוח, נאָר פון אַ געוויסער טונקלקייט אין זיין נשמה, וועלכע ער האָט אָנגערופן איבערגלויבן. ס׳איז געווען יענער מאָמענט, ווען זיין פאָטער האָט אין יענעם שבת נאָכן עסן אַרויסגעשיקט אַלע פון שטוב און אים געהייסן בלייבן. עטלעכע שעה פאַרן סופרס טויט איז דאָס געווען און דאָס לעצטע מאָל אין זיין לעבן האָט ער גערעדט מיטן זון. ס׳איז געווען אַ צוואה, אַ גייסטיקע צוואה, וואָס דער טאַטע האָט אים איבערגעלאָזט:... „גאָטס וואָרט און זיינע וועגן פון גערעכטיקייט קען מען בלויז לערנען און פאָרשן, און דאָס לערנען אַנדערע“. ... „דורך טאָן אומגערעכטיקייט קומט נישט קיין גערעכטיקייט“. ...„שטראָפן פאַר זינד שטראָפט ער אַליין, ער משפט און איז מקיים פסק“.

אָבער נישט בלויז די וואַכיקייט דורך פרייד און דאָס צווייפלען האָט געשטערט יעקבס שלאָף; ס׳איז געווען נאָך עפּעס, וואָס האָט אים די גאַנצע נאַכט נישט געלאָזט קיין אויג צוטאָן: ריין פערזענלעכס, זיין ליבע צו ראַבען, און אויך זיין פאַרלעצטע אייגנליבע. דיביידע געפילן זענען באַזונדערס שאַרף געקומען צום אויסדרוק אין אים, ווען בנימין האָט צווישן די געבליבענע אין וואַרשע פון זיין היימשטאָט אויסגערעכנט אויך ראַבען מיט דער מוטער און דער שוועסטער. אפשר אויף אַ רגע איז זיין האַרץ שטיין געבליבן, ווען בנימין האָט אים געזאָגט אַז אויך פערעלע איז דאָ אין וואַרשע, און אַז זי האָט חתונה געהאַט מיט זיין פריינד יצחק לערמאַן. דאָס האָט אים איבערראַשט און ער האָט זיך געוווּנדערט דעריבער, ווייל ער האָט זיינע געפילן צו פערעלען שוין געהאַט דערשטיקט אין זיך, שוין לאַנג, ווען ער האָט אין זיך פעסטגעשטעלט (אָדער פעסט באַשלאָסן) אַז ער ליבט ראַבען, אַז ער איז זעליש און קערפּערלעך מיט איר פאַרבונדן. (דאָס איז געשען דעמאָלט, ווען ער האָט זיך איבערגעצייגט אַז זיין פריינד און פערעלע ליבן זיך). אין דער טורמע האָט ער וועגן דעם אָפּט געטראַכט און זיך יעדעסמאָל איבערגעצייגט, אַז זיינע געפילן צו פערעלען זענען אויסגעלאָשן און טויט אויף שטענדיק; זיי געהערן אין גאַנצן ראַבען. ער האָט די גאַנצע צייט געהאָפט צו הערן עפּעס פון איר, אַז זי וועט ׳אים אַריינשיקן אַ בריוועלע, אָדער בלויז אַ גרוס, אויף דעם זעלבן אופן ווי ס׳האָט געטאָן בנימין, ווי דאָס טוען די מייסטע נאָענטע פון די פּאָליטיש־אַרעסטירטע, אַפילו ווען די אויספאָרשונג גייט נאָך אָן. ס׳קאָסט געלט. און אַז ער האָט פון ראַבען גאָרנישט געהערט, אויך נישט ווען די אויספאָרשונג איז שוין געווען געענדיקט און ער איז מער נישט געווען איזאָלירט, האָט ער גערעכנט אַז זי איז אַוודאי נישט אין וואַרשע, אַז זי איז מסתמא מיט די איריקע ערגעץ אין אַן אַנדערער

שטאָט. אַז מיט איר זאָל האָבן עפּעס געטראָפן אַן אומגליק, האָט ער געפילט אַז נישט. און אויף זיין געפיל האָט ער זיך שטאַרק פאַרלאָזט.

דער געדאַנק, אַז ראַבע איז די גאַנצע צייט אין וואַרשע און איז נישט געקומען אַפילו אין געריכט צו זיין פּראָצעס, אַז זי איז נישט געקומען אים אָפּוואַרטן (ווי די מוטער זיינע און די צוויי ברידער) ווען ער איז אַרויס פון דער טורמע, אַז זי איז דעם גאַנצן טאָג נישט געקומען אים זען, אַז זי איז די גאַנצע צייט קיין איין מאָל נישט געקומען צו דער מוטער זיינער — דאָס האָט אים די גאַנצע נאַכט נישט געלאָזט קיין אויג צוטאָן אַפילו אויף איין מינוט.

ווען ער איז אויפגעשטאַנען און איז מיט אַלץ פאַרטיק געוואָרן — ס'איז געווען שוין אַרום עלף — האָט ער ביי בנימינען גענומען דעם אַדרעס פון ראַבען און איז צו איר אַהינגעגאַנגען.

2

מירעלע האָט אין וואַרשע זיך געעפנט אַ קאָאָפּעראַטיוו, וואָס איז געווען אויך אַ רעסטאָראַציע, ווי זי האָט דאָס געטאָן ווען זי איז צוריקגעקומען אין איר געבורט־שטאָט נאָכן צווייטן מאָל זי פאַרלאָזן. אויך דאָ איז ראַבע געווען ביי איר און געטאָן דאָס זעלבע וואָס זי האָט געטאָן דאָרטן.

קיין סך מענטשן האָט יעקב אין דער קאָאָפּעראַטיוו־רעסטאָראַציע נישט געטראָפן, ווייל ס'איז נאָך נישט געווען די צייט פון מיטאָגעסן. בלויז ביי עטלעכע טישלעך זענען געזעסן אַרבעטלאָזע יונגעלייט און מיידלעך. זיי האָבן גערעדט, דיסקוטירט; נישט יעדע גרופּע ביי איר טישל באַזונדער, נאָר אַלע אינאיינעם איבער די טיש־לעך אַריבער. מסתמא, כדי איינער דעם אַנדערן זאָל נישט הערן, וואָס איז דאָס בעסטע מיטל זיך נישט צו פאַרשטיין. גערעדט און זיך געהיצט האָבן צומייסט די יונגעלייט. די מיידלעך האָבן כמעט געשוויגן, אָבער נישט ווייל זיי האָבן זיך נישט געהאַלטן פאַר קאָמפּעטענט אָנטיילצונעמען אין אַ דיסקוסיע, אָדער ווייל זיי האָבן געוואָלט הערן וואָס די מענער זאָגן; ניין, נישט דאָס ערשטע און נישט דאָס צווייטע. אויך נישט, ווייל די דיסקוסיעס האָבן זיי נישט אינטערעסירט. ס'איז געווען דער הונגער, וואָס האָט זיי מער אָפּגעשוואַכט ווי די חברים.

אין דער קאָאָפּעראַטיוו־רעסטאָראַציע איז געווען טונקל, ווייל בייטאָג איז דער גאַז אָנגעצונדן געוואָרן בלויז אין עקסצעס. נאָר יעקב איז אין דער טורמע געוווינט געוואָרן צו טונקלקייט, אַפילו צו פינצטערניש. דעריבער האָט ער ביים אַריינקומען גלייך דערזען אַלעמען: מירעלען הינטערן בופעט און ראַבען ביי אַ טישל, וואָס איז געווען אָפּגעזונדערט פון די אַנדערע טישלעך און ביי וועלכן ס'זענען געזעסן אַבראַמטשיק, אָדער חבר שפּיצמאַן, ווי מ'האָט אים אין וואַרשע צומייסט גערופן, דוד סאָראָקע, אַן אומבאַקאַנטער, וועלכן יעקב האָט געהערט פון „חבר טוביה" (אַ וואַרשעווער, אַ וועבער) און אַ מיידל, אָנגעטאָן אין בלוי און רויט און מ'האָט זי גערופן „פּאַננאַ עדזשאַ", אָדער „פּאַננאַ פּאָמעראַנץ".

נאָר דורך האָט יעקב נישט דערקענט, אַזוי האָט דער פאַרשוין זיך געענדערט.

זיין בליק אָבער האָט ער דערפילט ביים עפענען די טיר. ס'איז געווען אַ שנעלער, באַהאַלטענער בליק, וואָס איז כמעט אוממעגלעך אויפצוכאַפּן, סיידן מ'איז שוין געזעסן אין טורמע פאַר אומלעגאַלער פּאָליטישער טעטיקייט און מען איז דערביי אויך געגנוג סענסיטיוו. אַזאַ בליק האָט נאָר אַ „שפּיצל" אָדער אַן אויספאָרשונגס־ריכטער. יעקב האָט אָבער נישט צוגעלאָזט צו זיך דעם געדאַנק, אַז לעבן אַבראַמטשיקן זיצט אַ שפּיאָן, דערצו רעדן ביידע ווי ס'רעדן צווישן זיך פריינד. ראַבע איז געשטאַנען ביי זייער טישל, פּונקט אַזוי ווי ער פלעגט זי טרעפן שטיין טייל מאָל אין דער קאַוויאַרניע פון זיין היימשטאָט און פּונקט אַזאַ פריקרע געפיל האָט ער איצט געהאַט וועגן דעם, ווי ער פלעגט קריגן דעמאָלט, ווען ער האָט זי אַזוי געטראָפן. פּשוט דערפאַר, ווייל אַבראַמטשיק איז אים שטענדיק געווען און איז אים איצט אויך אומסימפּאַטיש. דאָס מיידל, אַ שיינע און סימפּאַטישע, וואָס האָט אָבער אויף יעקבן נישט געמאַכט קיין שום איינדרוק, איז געזעסן צווישן דודן און דעם חבר טוביה. ראַבע האָט זיך נישט באַטייליקט אינעם געשפּרעך, וואָס איז אָנגעגאַנגען ביים טישל. זי איז געשטאַנען גלאַט אַזוי, נישט באַדינענדיק די געסט, נישט האָבנדיק גאָרנישט וואָס צו טאָן דאָ. אין איר אויסדרוק איז געווען טרויער, פאַרלוירנקייט, טרוימעריי. דאָס האָט אין יעקבן אָנגעצונדן נישט בלויז אַ שטאַרק געפיל פון מיטלייד מיט איר, נאָר אויך דעם פלאַם פון ליבע אין זיין האַרץ, וואָס האָט פאַרטריבן דאָס פריקרע געפיל אין אים. ער איז צו איר צוגעגאַנגען מיט איינגעהאַלטענע טריט, וועלנדיק געווינען צייט אויף צו באַהערשן אַ ביסל דעם צו־גרויסן שטורעם פון זיינע אָנגעצונדענע געפילן און כאַפּטן דעם אָטעם — אַזוי שטאַרק האָט זיין האַרץ געקלאַפּט. פאַר אַלעם אָבער האָט ער געוואָלט זיך באַהערשן פון אַ צו־שטורעמדיקער אַרומאַרעמונג אין דער קעגנוואַרט פון פרעמדע מענטשן. ער איז צו איר צוגעגאַנגען און איז געבליבן שטיין גאַנץ נאָענט הינטער איר רוקן. זי האָט זיין נאָענטקייט נישט געפילט. ערשט ווען ער האָט אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף אירס אַן אַקסל און מיט אַ ציטער אין קול שטיל געזאָגט: „ראַבע"... האָט זי זיך האַסטיק געטאָן אַ דריי־אויס און איז אַרויפגעפאַלן אויף אים: „יעקב!"... זי האָט נישט געקענט איינהאַלטן די טרערן, וואָס האָבן זיך גלייך גענומען גיסן פון אירע אויגן. איר גאַנצער גוף האָט גענומען צוקן ווי אין קאָנווולסיע. זי האָט קראַמפּהאַפט זיך געדריקט צו אים און באַהאַלטן איר פּנים אויף זיין ברוסט.

אַבראַמטשיק, דוד — און אויך פון אַן אַנדער טישל — האָט מען גערופן: „יעקב!... יעקב!"... מירעלע האָט איבערגעלאָזט דעם בופעט און אויפן וועג צו די צוויי אַרומהאַלטנדיקע, מיט פריידיקער איבערראַשונג, אָבער אויך מיט אַ טראַ־פּעלע חוזק, אויסגעזונגען: „זע נאָר, זע... כ'האָב גאָרנישט באַמערקט ווי ער איז אַריינגעקומען!"... זי האָט ביידע — נישט צעשיידנדיק זיי — אַרומגענומען און זיי, דורך דער טיר אינעם הינטערגרונט פונעם בופעט, אַריינגעפירט אין דער וווינונג, וווּ ס'איז אויך געווען די קיך פאַר דער קאַוויאַרניע און רעסטאָראַציע. אין דער טיר האָט זי גערופן: „מאַמע;"... אין איר טאָן איז נאָך געווען דאָס טראַפּעלע חוזק פון פריער, אָבער אויך פרייד מיט דער שוועסטערס גליק און דאָס וואַרעמע געפיל, וואָס זי האָט איצט געהאַט צו יעקבן, וועלכער וועט אַצינד שוין זיכער גלייך ווערן איר שוואָגער. „מאַמע!... מאַמע!"... האָט זי גערופן. „אָט האָסטו אים!... ווי זאָגט מען אין פּויליש? — דאָס שלעכטע נעמט דער טייוול נישט... דער טאַטע זיינער,

זכרונו לברכה, האָט זיך פאַר אים געמיט". צו יעקבן האָט זי געזאָגט: „דו בלייבסט צו מיטאָג! אָבער מיר עסן נישט פרי, ערשט ווען די מיטאָגסצייט איז פאַריבער".

3

ביים דערזען יעקבן האָט אין מלכהלעס האַרץ אויפגעציטערט דאָס געפיל פון יראת־הכבוד און אויפגעלויכטן מיטן זעלביקן הייליקן פלאַם פון אַמאָל, ווען זי איז נאָך געווען אינגאַנצן פרום. ליב געהאַט יעקבן האָט זי דאָך תמיד. דאָס געפיל פון ערפורכט אָבער האָט שטענדיק געהערט איר מאַן, דעם גרויסן ירא־שמים. נאָך שפּעטער, ווען זי האָט זיך גענומען וואַקלען אין איר פרומקייט און דער מאַן האָט פאַרלוירן אין אירע אויגן פון זיין גרויסקייט, האָט זי מיט גרויס רעספּעקט גענומען אַרויפקוקן צו איר זון דעם באַרימטן שרייבער. שפּעטער ווידער, ווען זי האָט זיך אַלץ מער און מער איבערגעצייגט אין יעקבס גרויסן אידעאַליזם, האָט זי אים גע־נומען גאָר שטאַרק שעצן. איר דרך־ארץ פאַר אים און דאָס צערטלעכע געפיל פון אַ מאַמע צו אַ קינד, כאָטש ער איז אָפיציעל נאָך נישט געווען איר אײדעם, איז אַלץ מער געשטיגן. ביז יענעם מאָמענט, ווען מ'האָט איר אָנגעזאָגט, אַז יעקב האָט אין מיטן מאַרק געהאַלטן אַ רעדע קעגן מלחמה, קעגן פאַרגיסן מענטשלעך בלוט, און אַז די פּאָליציי האָט אים דערפאַר אַרעסטירט. (באַלד האָט זי אים טאַקע אויך געזען פירן מיט געשלאָסענע הענט, אַ צעבלוטיקטן, דורך די פּאָליציסטן). אין יענעם מאָמענט איז ער אין אירע אויגן אויסגעוואַקסן ביז צו אַ קדוש. דערנאָך, אַז מ'האָט איר געזאָגט — כמעט יעדער, מיט וועמען זי האָט גערעדט איבער דעם פאַל — מ'וועט אים פאַרמשפּטן צום טויט, איז ער פאַר איר געוואָרן איינער פון די גרעסטע קדושים. איז קיין וווּנדער נישט, וואָס אַצינד האָט דאָס געפיל פון יראת־הכבוד פאַר אים אויפגעלויכטן אין איר האַרץ מיט אַ הייליקן פלאַם. איבער איר פּנים, וואָס איז אין דער לעצטער צייט געוואָרן איינגעשרומפּן, אַ סך קלענער ווי ס'איז געווען, האָט זיך צעגאָסן אַן אײדעלע ראָזע פאַרב. מיט איין מאָל האָט עס אויסגעזען אַ סך יינגער.

„קום, זעץ דיך!" — מלכהלע האָט צוגעפירט יעקבן צום טיש און האָט אים אַנידערגעזעצט. לאַנג האָט זי אים גאָרנישט געפרעגט, אַפילו נישט וואָס ער מאַכט. זי האָט בלויז געקוקט אויף אים מיט אירע איצט שטראַלנדיקע אויגן. דאַן האָט זי געזאָגט: „גאָט צו דאַנקען אַז כ'זע דיך ווידער". זי האָט ווידער געשוויגן און ווידער אַזוי געקוקט אויף אים. דאַן האָט זי, ווי אַ פאַרליבט מיידל, פאַרלעגן און מיט אַ צערטלעכער שטימע, ווידער געזאָגט: „ס'איז גוט דיך צו זען, יעקב"... זי האָט צערטלעך גענומען זיין האַנט און זי געהאַלטן און ווידער אים אַרומגענומען און געקושט. ער האָט געקושט איר האַנט, וועלכע האָט געהאַלטן זיינע. דאַן האָט ער זי געפרעגט וואָס זי מאַכט, און וואָס דער מאַן מאַכט, ווו ער איז, ווייל ער האָט ר' דוד־יואלן נישט געזען. ערשט איצט האָט מלכהלע אַ שווערן זיפץ געטאָן און גענומען דערציילן: „ער איז געשטאָרבן אויפן וועג, ווען מ'האָט געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט — צום דריטן מאָל. דער טויט איז געקומען אומגעריכט. מיר ווייסן נישט ווי אַזוי, ווייל זיין קראַנקייט אין די פיס איז געבליבן עפּעס ווי אַ סוד. ס'האָט קיין

שום דאָקטאָר נישט געקענט זאָגן פון וואָס ס׳זענען צו אים געקומען די ווייטיקן און דאָס געשווילעכץ אין די פיס, צוערשט בלויז אין איינעם, בלויז אינעם קנעכל, דערנאָך אין דער קני. שפּעטער האָט זיך דאָס זעלבע אָנגעהויבן מיטן צווייטן פוס. אויסגעגאַנגען איז ער אויף דער פור, וואָס איז געווען אָנגעפּאַקט מיט מענטשן און זאַכן. נישט ווייט שוין פון וואַרשע. האָט מען אים כאָטש געקענט ברענגען צו קבר־ישראל, טאַקע אויפן היגן בית־עולם״.

אַ לענגערע ווײַלע האָט מלכהלע געשוויגן. דאַן האָט זיך פון איר האַרץ ווידער אַרויסגעריסן אַ שווערער זיפץ: „דאָס איז געווען דאָס צווייטע אומגליק; נחמן, מירעלעס מאַן, איז געשטאָרבן״.

יעקב האָט כמעט אויסגעשריגן ווי פון אַ קלאַפּ: „וואָס?״ — ער האָט זיך ערשט איצט דערמאָנט, אַז ער האָט אין דער קאָוואַרניע פּריִער נישט געזען מירעלעס מאַן.

„דאָס איז געשען קורץ פאַרן פאַרלאָזן די שטאָט״ — האָט מלכהלע ווייטער דערציילט. „די מיליציע איז געקומען מאַכן אַ רעוויזיע. אין דער לעצטער צייט איז נישט אַוועק אַ וואָך, אַז די מיליציע זאָל נישט מאַכן קיין רעוויזיע. נאָר יעדעס מאָל איז עס גוט אָפּגעגאַנגען. ווי געוויינלעך האָט מען זיך אַרויסגעדרייט. ס׳האָט פאַרשטייט זיך געקאָסט געלט. ביי דער לעצטער רעוויזיע אָבער האָט די מיליציע אַלץ געפונען, יעדעס ביסל סחורה, וואָס איז געווען באַהאַלטן אַפילו אין די זיכער־סטע ערטער. זי האָט געפונען דאָס גאַנצע גאָלד, דאָס זילבער, די אויסלענדישע וואַליוטע. און אַלץ קאָנפיסקירט. דאָס איז געשען ניין ביינאַכט. אַ שעה שפּעטער האָט נחמן געקריגן אַ האַרצשלאַג און איז געווען טויט. אָבער מ׳לעבט ווייטער״. איר טאָן האָט זיך געענדערט, געוואָרן אַ ביסל פרייער, נישט אַזוי דערדריקט: „ווי דו זעסט, שטייט מען ווידער אויף די פיס. די זעלבע פּרנסה. אַזוי גרינג איז עס מירעלען נישט אָנגעקומען, ווייל אין וואַרשע — אַ פּראָווינצערן, דערצו נאָך אַן אַלמנה — איז ווי פאַר אַ שעפּעלע, וואָס פאַלט אַריין צווישן וועלף״.

יעקב האָט געהאַלטן ראַבעס האַנט אין זיינער. זי איז נישט געזעסן. זי איז געשטאַנען לעבן דער שטול, אויף וועלכער יעקב, דער וועלכער איז דאָך געבליבן דער איינציקער אין איר לעבן, איז געזעסן, און אַ דערשיטערטע פונעם אומגע־ריכטן גליק געהאַלטן איר לינקן עלנבויגן אויף זיין רעכטן אַקסל. זי האָט נאָך אַלץ נישט געקענט געפינען קיין ווערטער, צו קענען אַלץ וואָס ס׳האָט זיך אין איר אָנגעקליבן, נאָך דעם, וועלכער האָט איר פאַרשאַפט אַזוי פיל לייד, ווערטער צו קענען אויסגיסן פאַר אים אַלץ, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט אין איר האַרץ פון יענער רגע אָן, ווען זי איז געוואָר געוואָרן אַז מ׳האָט אים אַרעסטירט. די ביטערקייט איז פון יענעם מאָמענט אָן געוואָרן אַלץ מער אין איר האַרץ. ווי האָט ער אַזעלכעס גע־קענט טאָן? דערצו פאַר דער חתונה כמעט! ער האָט דאָך געוווּסט, אַז מ׳וועט אים דערפאַר אַרעסטירן! זי האָט אים דאָס נישט געקענט מוחל זיין, אַפילו נישט דאַן, ווען מענטשן האָבן איר געזאָגט אַז מ׳וועט אים פאַרמשפּטן צום טויט. אין איר פאַרצווייפלונג פון די אַלץ ווייטערע און ווייטערע אומגליקס־קלעפּ; דאָס וואָס די שוועסטער האָט מיט איין מאָל פאַרלוירן כמעט אַלץ וואָס זי האָט געהאַט (אַ גרויס פאַרמעגן, וואָס איר איז געלונגען צוזאַמענצושאַרן); דער פּלוצלינגדיקער טויט פונעם שוואָגער! דאַן דאָס מוזן ווידער פאַרלאָזן די שטאָט און אויפן וועג דער טויט פונעם טאַטן — אין די דאָזיקע פינצטערע שעהן איז די פאַרביטערונג אין

איר אַלץ מער און מער געוואַקסן. די פאַרצוויפלונג, די אַלץ גרעסערע און גרע־
סערע פינצטערניש אין איר נשמה, האָט איר ליבע צו יעקבן — וואָס איז תמיד
געווען ווי אַ וועטער־פענדל: אַהין, אַהער, אַהין, אַהער — כמעט איינגאַנצן דער־
שלאָגן. און האָט די ליבע אין געוויסע מאָמענטן זיך צוריק אויפגעכאַפּט אין איר
נשמה — האָט זי זיך דאַן גלייך פאַרוואַנדלט אין צאָרן און האַס. זי איז דאַן גע־
ווען ווי משוגע. דער צאָרן און דער האַס האָט זי נישט בלויז צוריקגעהאַלטן פון
גיין טאָן עפּעס אים צו ראַטעווען, צו זוכן אַ מעגלעכקייט, ווי אים צו וויסן צו טאָן
אין דער טורמע אַריין וועגן זיך, וויניקסטנס אַהין צו גיין צו זיין מוטער, נאָר זי גאָר
געטריבן זיך אָפּצוגעבן וועלכן ס'איז מאַן — אַזוי־ערנאָך צו נעמען נקמה אין יעקבן.
דער דאָזיקער האַס האָט זי אויך נישט געלאָזט גיין אין געריכט אַריין צום פּראָצעס
אים צו זען, האָט זי נישט געלאָזט נעכטן אים אָפּוואַרטן ביים טויער פון דער טורמע
ווען ער איז אַרויסגעקומען אַ באַפרייטער און נישט געלאָזט זי אַ גאַנצן טאָג נעכטן
אַהינגיין צו אים. איצטער אָבער איז דער דאָזיקער האַס מער נישטאָ אין איר, אויך
קיין שום ביטערקייט. דאָך קען זי איר געליבטן אַצינד קיין איין ליב אָדער צערט־
לעך וואָרט נישט זאָגן. און אַזוי שטאַרק ווי זי ליבט אים איצט, האָט זי אים נאָך
קיין מאָל נישט געליבט. נייִן, זי קען גאָרנישט אַרויסברענגען פון איר האַרץ, ווייל
איצט איז עס צעריסן אין איר פון גרויס חרטה אויף די אַלע זינד, וואָס זי איז
קעגן איר געליבטן באַגאַנגען, באַזונדערס אויף דער נישט־ריכטיקער האַנדלונג
אירער פון יענעם מאָמענט אָן, ווען מ'האָט אים אַרעסטירט.

נאָר יעקב האָט סיי ווי געפילט איר גרויסע ליבע צו אים, די גרויסע חרטה,
וואָס זי האָט אויף אַלע אירע פעלערס, וועלכע זי איז קעגן אים באַגאַנגען. און ער
האָט איר איצט אַלץ מוחל געווען .

## קאַפּיטל דרייצן

## אַ טרעפּפּונקט

### 1

אין דער קאָאָפּעראַטיוו־רעסטאָראַציע זענען נאָך געזעסן עטלעכע פון פריִער און
אַ סך אַנדערע, איבערגעבליבענע פון די כסדר קומענדיקע און אַוועקגייענדיקע.
ווען יעקב איז ווידער צוריק אַריינגעקומען, איז דער חבר אַהרן צו אים צוגעלאָפן,
האָט אים אַרומגעכאַפּט און פעסט צוגעדריקט צו זיך: „יעקבל!"... ער האָט זיך שטאַרק
געפרייט מיט אים. באַלד איז אויך צוגעקומען די חברטע דינהטשע גרינצווייג.
(זי איז מיט אַהרנען געזעסן ביי איין טישל). „לאָמער זיך צעקושן!"... זי האָט צע־
שפּרייט אירע אָרעמס און געשפּאַסט: „ער (ווייזנדיק אויף אַהרנען דורך אַ הייב פון
איר כוואַטסקע פּנים) וועט נישט זיין אייפערזיכטיק... איר זענט דאָך אַ טויטער,
צוריקגעקומען פון יענער וועלט". זי האָט אים אַרומגענומען: „שאַדט נישט, האָט
נישט קיין מורא פאַר אייער ראַבע, זי וועט אייך גאָרנישט זאָגן דערפאַר... טוט

מיר אַ קוש, נאָר אַ ריכטיקן... דערמיט נעמט מען ביי דער אייגענער פרוי גאָרנישט צו... איך וועל אייך נישט אַוועקנעמען פון ראַבען. זי ווייסט דאָך. אמת, ראַבע?... זי איז זיכער, אַז איך וועל אייך נישט אַוועקנעמען פון איר"... זי האָט יעקבן אַ קוש געטאָן מיט דער גאַנצער קראַפט פון אירע עטוואָס דיקלעכע ליפּן און זיך פאַסמאַ־קעוועט: „מ־מ־מ... ניין, ער איז נישט טויט".

יעקב האָט געלאַכט: „דער זעלבער טייוול ווי געווען"... ער איז איצט געווען גוט אויפגעלייגט.

דאָס שמועסן און רעדן און די דיסקוסיעס האָבן אויפגעהערט ביי די טישלעך. כמעט אַלע האָבן אָנגעשטעלט זייערע בליקן אויף יעקבן. אַבראַמטשיק איז צו אים צוגעקומען און מיט געמאַכטער דערפרייטקייט אויסגערופן: „ליכטענבערג!"... דאָס וואָרט חבר האָט ער בכיוון אויסגעלאָזט. אויך דוד איז צוגעקומען און געגעבן יעקבן די האַנט. זעענדיק אַז יעקב דערקענט אים נישט, האָט ער מיט אַ מין פאַרדראָסי־קער פאַרוווּנדערונג געפרעגט: „איר האָט מיך שוין פאַרגעסן? — איך בין דוד, דער חבר סאָראָקע!"

יעקבן איז געווען שווער דעם דאָזיקן מענטש צו געבן די האַנט. ער האָט זי דאַן גלייך אַריינגעשטעקט אין דער קעשענע פון זיין מאַנאַרקע און זי דאָרט אָפּ־געווישט. אַהרן און דינהטשע האָבן אים פון ביידע זייטן גענומען אונטערן אָרעם און אים צוגעפירט צו זייער טישל: „קומט חבר ליכטענבערג! איצט זענט איר אונ־דזערער!" זיי האָבן אים אַנידערגעזעצט אויבנאָן. אַהרן האָט נישט אויפגעהערט זיך צו פרייען: „יעקב... מיר האָבן אַזוי פיל צו רעדן... ס'האָט זיך אַזוי פיל גע־ענדערט... נישט צו דערקענען מער, נישט צו דערקענען... איך מיין, פאַרשטייט זיך, נישט אויסערלעך, נישט דאָס וואָס נאָך שטעט זענען צעשטערט געוואָרן. מילא, דערצו האָט מען זיך דאָך שוין צוגעוווינט. צווישן פוילן און רוסלאַנד איז דאָך געווען בלויז אַ קליין מלחמהלע, אַ קאָמפּאָטל נאָך דער גרויסער סעודה, וואָס איז געווען בלויז אַ פאָרשפּייז פאַר דער קומענדיקער מלחמה".

יעקב האָט אַזש אַ ציטער געטאָן: „זאָג דאָס נישט!"

אַהרן האָט זיך ביטער צעלאַכט: „דו ווייסט עס אַליין. געוויס, די גלייביקע זאָגן, אַז ס'איז געווען די לעצטע מלחמה, אויך די וואָס גלייבן נישט אַזוי שטאַרק, זאָגן נאָך: די לעצטע מלחמה".

אין דינהטשעס רייד איז נישט געווען קיין ביטערקייט. אָבער זי האָט גערעדט ווי שאָדנפריידיק און געשפּאַסט: „און ביידע, די וואָס גלייבן און די וואָס זאָגן נאָך די גלייביקע, גיבן געלט אויף דער באַוואָפענונג פון זייער פאָטערלאַנד, העלפן בויען אַ גרויסע און שטאַרקע אַרמיי. זיי גלייבן, יאָ, זיי גלייבן. די רעגירונג, ווי אַלע רעגירונגען, זאָגט: „אַ גרויסע און שטאַרקע אַרמיי זיכערט דעם שלום..."

אַהרן איז געוואָרן נאָך ביטערער: „אַ מלחמה איז צוליבן שלום... כדי ס'זאָל זיין שלום מוז זיין מלחמה... דער שלום איז נייטיק אויף צו קענען מאַכן קינדער, וואָס וועלן שפּעטער זיין זעלנער. מען מוז אויפבויען נייע הייזער, בריקן — ס'זאָל זיין וואָס חרוב צו מאַכן. אָבער נישט דאָס מיין איך. דערין האָט זיך גאָרנישט געענדערט".

יעקב האָט אָנגעכמורעט דעם שטערן און טרויעריק געשוויגן.

דינהטשע האָט מיטן עלנבויגן אַ שטויס געטאָן אַהרנען: „זאָג־זשע דעם חבר ליכטענבערג וואָס ס'האָט זיך געענדערט!"

„ס'האָט זיך געענדערט"... דער חבר אַהרן מיקענשלעגער האָט געזוכט די ווערטער וואָס זאָלן בקיצור און קלאָר איבערגעבן די ענדערונג און זיי נישט גע־פונען. „ס'האָט זיך געענדערט אַ סך, אַ סך. דעם אָנהייב פון דער ענדערונג האָסטו געמערקט נאָך איידער מ'האָט דיך אַרעסטירט. מיר האָבן דאַן אָפט גערעדט דער־בער. איצט אָבער... מיר וועלן דעריבער האָבן אַ סך צו רעדן, אַ סך, אַ סך"...

2

איבער דער ענדערונג, וועגן וועלכער אַהרן און דינהטשע האָבן גערעדט מיט יעקבן, האָבן גערעדט די מייסטע ביי די טישלעך און דיסקוטירט. נישט בלויז דעמאָלט און נישט בלויז דאָרט. אָן ענדערונג — באמת אַ גרויסע, אַ גאַנצע איבער־קערעניש — איז אין אַ משך פון גאָר אַ קורצער צייט דעמאָלט פאָרגעקומען אין מיליאָנען הערצער און מוחות. צומייסט, נאַטירלעך, ביי דער יוגנט. אָבער נישט בלויז אין שייכות צום פּאָליטישן און רעליגיעזן דענקען, נאָר אויך אין ריין פּער־זענלעכן. דאָס פּראָבלעם פון ליבע האָט די יונגע מענטשן (צומייסט מיידלעך און יונגע פרויען) פאַר דער מלחמה, אָדער ריכטיקער, פאַר דער אָקטאָבער־רעוואָלו־ציע אין רוסלאַנד, קיין מאָל אַזוי ברענענדיק נישט אינטערעסירט.

אַבראַמטשיק האָט מיט האַרץ אַריינגעטענהט צו דער פריילין אין בלוי און רויט: „יאָ, אַזוי איז'ס פּאַננאַ עדזשאַ! איך גיב אייך מיין ערנוואָרט פון אַ סאָציאַליסט, אַז אַזוי איז'ס: ליבע איז ווי אַ בלום. ניין, נישט ווי אַ בלום, נאָר טאַקע אַ בלום. זי מוז שטענדיק קריגן גענוג וואַרעמקייט, בייטאָג אַרומגעאָרעמט ווערן פון די אָן אַ שיער גאָלדענע הייסע שטראַלן פון דער זון און ביינאַכט געקושט ווערן פון די אומ־צייליקע לייכטנדיקע שטערן... דער רעגן לעשט איר דורשט, די ערד נערט זי און דער טוי איז איר באַלזאַם... די פייגל זינגען איר די שענסטע סערענאַדעס און די זילבערנע לבנה מאַכט זי טרוימען און בענקען"...

פּאַננאַ עדזשאַ האָט געלאַכט ווי אַ מיידעלע פון 11־12 יאָר. נאָר פון די דריי קאַוואַלירן ביים טישל האָט קיין איינער נישט פאַרשטאַנען דאָס פריילע־כע געלעכטער פון דער פריילן אין בלוי און רויט. דער חבר טוביה האָט זי געקענט אַ ביסל לענגער ווי די אַנדערע צוויי; אָבער אויך ער האָט נישט געקענט כאַפּן פון וועלכן קוואַל אין איר געמיט דאָס געלעכטער האָט אַרויסגעקלונגען. האָט דער חבר שפּיצמאַן זי בלויז אַמוזירט, אָדער איז יענער שוין זיינס אַ קאָנקורענט? דאָס וואָלט אים שטאַרק וויי געטאָן; נישט אַזוי פון אייפערזוכט, ווי דערפון, וואָס אַזאַ נישטיק דאָן זשואַנדל, אַזאַ נאַרישער פלאַפּלער, אַ פּראָווינצער בחור פון דער ביליקסטער ראָמאַנטיק, וואָס איז דערצו גאַרנישט עכט אַפילו, זאָל ביי עדזשאַן קענען ווערן זיין קאָנקורענט! ניין, דאָס איז נישט מעגלעך! דער פאַרשווין איז איר — אפשר נישט אַזוי שטאַרק — אָבער גענוג אָפּשטויסנדיק, ווי ס'איז איר (און אים.) דער דאָזיקער חבר סאָראָקע. דאָך דוכט זיך אים, אַז זי איז גאַרנישט אַזוי גלייכגילטיק צו דעם בלומען־בחור, צו דעם שטראַלן־ און שטערן־העלד, צו דעם

סערענאַדע־זינגער. נאָך מער; ס׳קומט אים אויס, אַז אַפילו צו דעם מיאוסן פּאַרשוין — אויף אים מאַכט דוד דעם איינדרוק פון עפּעס אַ גיפּטיקע, עקלהאַפטע שפּין — יאָ, אַפילו צו אים איז זי נישט גלייכגילטיק. ער זעט דאָס.

דעם חבר טוביהן איז דאָס גאַנצע געשפּרעך וועגן ליבע נישט געווען צום האַרץ. ער האָט בכלל נישט ליב געהאַט צו רעדן, צו פירן דיסקוסיעס וועגן ליבע. ווי קען מען וועגן ליבע דיסקוטירן? מ׳ליבט, אָדער מ׳ליבט נישט. „פרייע ליבע". דאָס האָט ער לגמרי נישט באַגריפן. קיין הייליקער איז ער נישט געווען. ס׳איז אים אַפילו נישט איינגעפאַלן, אַז אַ מאַן זאָל וואַרטן ביז דער חתונה, אַז ער דאַרף זיין צנועהדיק. אָבער גיין צו אַ פּרוי (פאַר געלט) אָדער אויף אַן אַנדערן אופן זיך אויסלעבן מיט אַ פרוי — דאָס האָט ביי אים נישט געהייסן „פרייע ליבע". ליבע איז פאַר אים געווען גאָר עפּעס אַנדערש, אַזעלכעס, וואָס איז דאָס העכסטע פאַרן מענטש (און אפשר טאַקע דאָס הייליקסטע) און מ׳קען עס גאָרנישט דערקלערן.

פאַננאַ עדזשאַ האָט זייער שיין געלאַכט. זי האָט דערביי דערמאָנט אין אַ גרינער לאָנקע פרילינג, ווען די זון באַשיינט זי אין דער פרי, אָדער אין אַ גאָרטן, ווען אַלץ הייבט ערשט אָן בליִען. זי האָט געלאַכט לאַנג און קלינגעוודיק. דאַן האָט זי געזאָגט אַבראַמטשיקן: „איר רעדט זייער פּאָעטיש וועגן ליבע"...

אַ מאָמענט האָט זיך דעם חבר טוביהן געדאַכט, אַז די פאַננאַ עדזשאַ האָט אויף אַ פיינעם אופן חוזק געמאַכט פונעם דאָזיקן „ראָמאַנטישן ווייביאַזש", ווי טייל חברים האָבן זיך וועגן דעם אַבראַמטשיקן שוין נישט איין מאָל אויסגעדריקט. באַלד אָבער איז אים ווידער אויסגעקומען, אַז איר געפעלט דאָס אַלץ וואָס דער חבר שפּיצמאַן האָט פריִער געזאָגט, און אויך ער אַליין. אויך דער חבר סאָראָקע געפעלט איר, יאָ, ער זעט דאָס! דער דאָזיקער מענטש — ניין, נישט קיין מענטש, טאַקע עפּעס אַ גיפּטיקע, שרעקלעכע שפּין, וואָס שוויגט — געפעלט איר. ער שוויגט ווי ער וואָלט געווען שטום. עפּעס אַזוי שרעקלעך איז זיין שווייגן!...

אַבראַמטשיק היצט זיך: „יאָ, די ליבע בליט און דופּטעט בלויז ווען זי איז פריי"...

„אַנטשולדיקט!" — האָט דער חבר טוביה אים איבערגעשלאָגן און ווידערוויליק גענומען דאָס וואָרט: „איר זענט אפשר אַ „דיכטער", חבר שפּיצמאַן, הגם אייער „פּאָעזיע" פריִער — זייט מיר מוחל מיין אָפנהאַרציקייט און פּשוטן אויסדריקן זיך — איז געווען מער ווי באַנאַל. אָבער זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס איז פרייע ליבע? פון נאָך דער מלחמה אָן קאָכט זיך ביי אונדז וועגן פרייער ליבע. אין רוסלאַנד האָט זיך דאָס אָנגעהויבן נאָך מיט עטלעכע יאָר פריִער, נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. איך ווייס אַז דאָס פּראָבלעם איז נישט קיין נייעס, מיר סאָציאַליסטן האָבן וועגן דעם אָנגעהויבן רעדן, ווען מיר האָבן אָנגעהויבן דעם קאַמף פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט און פרייהייט. אַצינד, נאָך דער דאָזיקער מלחמה, נאָך דער דאָזיקער בלוטיקער שרעקלעכער קאַטאַסטראָפע, האָט אונדזער קאַמף פאַר סאָציאַליזם און פרייהייט זיך צעפלאַקערט. ממילא האָט זיך אויך צעפלאַקערט דער קאַמף פאַר פרייער ליבע. אָבער וואָס מיינט מען דערמיט?"

„וואָס מען מיינט דערמיט?" צוזאַמען מיטן חבר שפּיצמאַן האָבן אַ סך חברים און חברטעס ביי די טישלעך גענומען חוזקן פונעם חבר טוביה. „וואָס מען מיינט דערמיט... ער ווייסט נעבעך נישט... אַ בחורל פון 13־14 יאָר... אַ צדיקל"... אָפּגע־

חוזקט, אָפּגעלאַכט, טייל סאַרקאַסטיש, טייל גוטמוטיק, האָבן כמעט אַלע גענומען אויסטייטשן דעם באַגריף פֿון פרייער ליבע. און הגם יעדער איינער און יעדע איינע האָט געזאָגט עפּעס אַנדערש, איינער פֿון צווייטן דאָס פּאַרקערטע, און דעם באַגריף אַזוי צעדרייט, אַז ס'איז אַרויסגעקומען אַ מישמאַש, ביי טייל גאַנץ עפּעס אַנדערש, וואָס האָט מיט דער טעמע גאָרנישט געהאַט צו טאָן; דאָך איז אין דעם גרויסן פּלאָנטער פֿון אפשר אַ צענדליק שטימען אויך אַ ים מיט ווערטער, געווען קלאָר וואָס זיי מיינען, אַז אַלע מיינען איינס און דאָס זעלבע: פרייע סעקסועלע אויסלעבונג.

דער חבר שפּיצמאַן האָט דעם חבר טוביהן געשטעלט אַ פראַגע, וועלכע איז פאַר אים געווען פּונקט אַזוי קלאָר, איינפאַך און פאַרשטענדלעך, ווי ס'איז פריִער געווען יענעמס פראַגע, און וואָס איז פון אַלע חברים און חברטעס גלייך באַענט־פערט געוואָרן: „וואָס איז סאָציאַליזם?" — האָט ער געפרעגט.

דער חבר טוביה האָט געענטפערט מיט דער גרעסטער רויִקייט: „סאָציאַליזם איז אַ סאָציאַל־עקאָנאָמיש און פּאָליטיש פּראָבלעם. דאָס האָט מיט ליבע נישט צו טאָן".

„יאָ, דאָס האָט יאָ צו טאָן מיט ליבע!" — האָבן געשריגן אַלע פון פריִער און העכער פון זיי אַבראַמטשיק: „סאָציאַליזם איז פרייהייט, און פּונקט אַזוי מוז אויך די ליבע זיין פריי!"...

„פרייהייט... פרייהייט"... ווידער האָבן אים אַלע אויסגעלאַכט, די מייסטע נאָך שטאַרקער ווי פריִער. „פרייהייט... יעדער סאָציאַליסט ווייסט וואָס פרייהייט איז".

דער חבר טוביה האָט זיך מודה געווען: „איך בין אַ סאָציאַליסט און ווייס נישט וואָס פרייהייט איז. דאָס הייסט, איך ווייס יאָ, איך ווייס, אַז מיר סאָציאַליסטן פאָדערן פאַרשידענע פרייהייטן, פּאָליטישע און פאַר אַלעם פרייהייט פון וואָרט. אָבער פּונקט אַזוי פיל באַגרענעצונגען וועלן מיר, סאָציאַליסטן, ווען מיר וועלן די מאַכט איבערנעמען אינגאַנצן, איינפירן אין דער מלוכה, אינעם לעבן פון דער געזעלשאַפט. דאָך, וואָס איז פרייהייט אין אַבסאָלוטן זין — ווייס איך נישט. אָדער... הפקרות". ווידער איז זיין פּנים געוואָרן איראָניש, אָבער געפרעגט האָט ער ווידער שמייכלענדיק, גוטמוטיק ווי פריִער: „איצט, חבר שפּיצמאַן — איר האָט פריִער מיט אַזעלכע פּאַטעטישע ווערטער אויסגעמאָלט די ליבע — זאָגט מיר וואָס ליבע איז. אָדער עמעץ אַנדערש פון אייך, חברים און חברטעס — זאָגט מיר וואָס ליבע איז".

„וואָס ס'איז ליבע... כאַ־כאַ־כאַ!... ער ווייסט נישט וואָס ליבע איז!... ער מאַכט זיך נאָר אַזוי. ער ווייסט גאַנץ גוט וואָס ליבע איז, פּונקט ווי ער ווייסט וואָס ס'איז פרייהייט".

די חברטע דינהטשע גרינצוויג האָט זיך די גאַנצע צייט נישט אַריינגעמישט אין דער דאָזיקער דיסקוסיע, הגם זי האָט זייער שטאַרק געוואָלט נעמען דאָס וואָרט. אָבער נאָך שטאַרקער איז זי געווען פאַראינטערעסירט אינעם געשפּרעך מיט יעקבן, וואָס זי און אַהרן האָבן געפירט. עס האָט זי אָבער אונטערגעטראָגן און זי האָט גענומען דאָס וואָרט: „גוט, חבר; איך וועל אייך זאָגן. ווייל איך זע די גאַנצע צייט, אַז איר ווילט זיך מאַכן פאַר עפּעס אַ גאָר טיפן מענטש. זאָגט מיר

פראַסט און פשוט: איר האָט נאָך קיין פרוי נישט אָנגערירט? אָבער איך בעט אייך דעם אמת, ווייל פאַר מיר"...

טוביה האָט געענטפערט: „איר דאַרפט מיך נישט בעטן, חברטע. איך בין נישט קיין נזיר".

„און איר זענט נאָך אַ בחור, כ'מיין פריי?"

„יאָ".

„אַלזאָ!"... — דינהטשע האָט טריומפירט, — „דאָס וואָס איר טוט, איז פרייע ליבע. איר האָט די דאָזיקע פרייהייט פון שטענדיק אָן און מיר פרויען קעמפן איצט פאַר דער דאָזיקער פרייהייט".

„בראַוואָ!" כמעט אַלע חברטעס האָבן איר אַפּלאָדירט, אויך די מייסטע פון די חברים, נאָר זיי נישט מיט אַזאַ ענטוזיאַזם. אַ סך — איצט מער חברים ווי חברטעס — האָבן מוסיף געווען: „מיט פרייער ליבע מיינען מיר אויך, אַז ס'זאָל אָפּגעשאַפט ווערן חתונה־האָבן. צוויי מענטשן זאָלן זיך מעגן פריי פאַרבינדן צווישן זיך און לעבן צוזאַמען אַזוי לאַנג ווי זיי ווילן, אַזוי לאַנג ווי זיי ליבן זיך, אָדער... אַזוי לאַנג ווי ווילן זיך איינער דעם אַנדערן נאָך באַגערן".

נו, האָט אויך יעקב זיך מער נישט געקענט באַהערשן, הגם אים האָט איצט גאָר באַזונדערס אינטערעסירט דאָס געשפּרעך מיט אַהרנען. נישט ווייל די טעמע איז געווען אַזוי אינטערעסאַנט, נאָר ווייל ס'איז געווען דאָס זעלבע, וואָס דער חבר אַהרן מיקענשלעגער האָט מיט אים אָנגעהויבן פירן נאָך אין זייער געבורטשטאָט קורץ פאַרן אַרעסט זיינעם. זיין פריינד האָט איצט די דאָזיקע טעמע שוין באַהאַנדלט אַ סך ברייטער און אויך טיפער. ער האָט יעקבן אויך דערציילט איצט, אַז ער האָט אין וואַרשע שוין געטראָפן אַזאַ אָרגאַניזאַציע, דאָס הייסט, נישט קיין אָרגאַניזאַציע, אָבער מענטשן וואָס דענקען ווי ער, און צוזאַמען מיט זיי האָט ער די אָרגאַניזאַציע געשאַפן. דינהטשע גייט איצט שוין מיט אים אינגאַנצן, זי איז אַצינד שוין פולשטענדיק מסכים מיט אים, ווייל זי האָט זיך אַנטוישט אינעם קאָמוניזם, דאָס הייסט, נישט אינעם קאָמוניזם, נאָר אין די קאָמוניסטן. און איצט ליבט זי בלויז אים אַליין. האָט יעקב אַצינד נאָך שטאַרקער ווי דעמאָלט אין זייער שטאָט, דעם פריינד געוואָלט איבערצייגן, נישט בלויז אין דער געפערלעכקייט פון אַזאַ אָרגאַניזאַציע פאַרן קאַמף פון סאָציאַליזם און פאַרן געזעלשאַפטלעכן לעבן בכלל, נאָר פאַר אים אַליין און פאַר די אַנדערע מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע: מ'וועט זיי אויסראָטן ווי פשוטע באַנדיטן, דאָס געריכט וועט אַזאַ איינעם משפטן אַלס איינפאַכן באַנדיט. אָבער די דיסקוסיע וועגן פרייער ליבע ביי די אַנדערע טישלעך, די מיינונגען וואָס זענען דאָרט אַרויסגעזאָגט געוואָרן און די ציניש נאַקעטקייט, צו וועלכער דינהטשע האָט מיט איין שטויס דערפירט, דאָס האָט פאַרן חבר ליכטענבערג אויפגעבליצט פאַר נאָך געפערלעכער ווי זיין בן־עירס איצטיקער וועג. ער האָט זיך דעריבער אַריינגעמישט: „חברים! איר מאַכט אַ טעות, אַ געפערלעכן טעות! און דערפאַר ווייל איר מישט צוזאַמען צוויי זאַכן, וואָס האָבן אין זאַך געמיינזאַם צווישן זיך. איר מיינט נישט „פרייע ליבע", נאָר פרייע געשלעכטלעכע באַפרידיקונג".

„אָ, חבר ליכטענבערג!"... שיער האָט דינהטשע אים ווידער אַרומגענומען, ווי פריער, ווען זי האָט אים באַגריסט. נאָר ער האָט שמייכלענדיק געשיקט איצט

אויסגעמיטן אירע צעשפרייטע אָרעמס. זי האָט זיך נישט באַליידיקט און אים פּאָר־געשטעלט פאַר אַלע: „דאָס איז חבר ליכטענבערג! איר ווייסט אַלע וועגן אים, וועגן זיין פּראָצעס; איר האָט וועגן דעם געלייענט אין דער פּרעסע. מיינער אַ בן־עיר. מיר האָבן זיך אין אונדזער שטאָט אויך אַרומגעריסן בײַ די נעז". און ווענדנדיק זיך צו אים: „פאַר אונדז איז אַלץ איינס ווי איר זאָלט עס אָנרופן, חבר ליכטענבערג".

„ניין, נישט אַלץ איינס!" — האָט ער גערעדט צו אַלע, נישט בלויז צו איר: „ס'איז נישט אַלץ איינס, חברים! איך זאָג נישט, אַז אונדז, מענער, קומט יאָ די דאָזיקע פרייהייט, פאַר וועלכער די סאָציאַליסטיש־באַוווסטזיניקע פרוי קעמפט איצט אַזוי שטאַרק; אָבער איר מוזט אייך קלאָר ווערן אין עטלעכע זאַכן. ערשטנס: איך בין פולשטענדיק מסכים מיט דעם, וואָס אַ חבר האָט פריִער געזאָגט וועגן פרייהייט. פרייהייט מיינט נישט אַנאַרכיע, אַז יעדער זאָל מעגן טאָן וואָס ער (אָדער זי) וויל. צווייטנס: אַז אַ מאַן מיט אַ פרוי פאַראייניקן זיך — אָן אַ רב אָדער מיט אַ רב — ווערן געבוירן קינדער".

„קינדערהיימען! קינדערהיימען!" — האָבן די מייסטע — איצט פרויען — געררופן.

יעקב האָט געענטפערט רויִק: „קינדער מוזן האָבן עלטערן. און די מענטשלעכע געזעלשאַפט, אַ קאַפּיטאַליסטישע אָדער סאָציאַליסטישע, הייבט זיך אָן אין דער פאַמיליע. זי איז דאָס זעלבע ווי צעל אינעם קערפּער. דאָס ווייסט איר אַלע, אָדער איר זאָלט עס וויסן. די קאַמעראַדשאַפטלעכע פאַמיליע וועט, פאַרשטייט זיך, זיין בעסער ווי די היינטיקע אין די קאַפּיטאַליסטישע מלוכות. דריטנס: פּונקט ווי דער קערפּער נייטיקט זיך אין שפּיַיז, נייטיקט זיך די נשמה — דער פּרויס מער און שטאַרקער ווי דעם מאַנס — אין ליבע, וואָס איז נישט סעקסואַליטעט, הגם זי איז צום גרעסטן טייל מיט דער סעקסואַליטעט פאַרבונדן".

דינהטשע האָט אַרויסגעפּלאַצט: „כ'האָב געוווסט, אַז דאָס וועט ער זאָגן!" און כמעט אַלע צוזאַמען מיט איר: „וואָס איז ליבע? אַדרבא, זאָגט וואָס ליבע איז!" אַלע האָבן געשריגן: „וואָס איז ליבע?... וואָס איז ליבע?"...

בײַ איין טישל זענען געזעסן קצבים־יונגען, קרעפטיקע יאַטן מיט רויטע פּיס־קעס, אין לעדערנע קורטקעס און פיינע געפּאַסטע שטיוול ווי רייטער. די ווינטער־היטלען וווילעריש אַרויפגערוקט און די כוואַטסקע ניאַפּעס אויפן שטערן. ס'איז געווען שוין נאָך דער אַרבעט — זענען זיי געקומען (יעדער מיט זיין מיידל) נעמען עפּעס גוטס אין מויל אַריין און מאַכן אַ שנאַפּס. זיי האָבן געהאַלטן, אַז דאָ (בײַ מירעלען) קריגן זיי די באַטעמטסטע מאַכלים, און דער בראָנפן וואָס זי פאַרקויפט „הינטנאַרום" ווי די מייסטע רעסטאָראַטאָרס, וועלכע קריגן נישט קיין דערלויבע־ניש אויף אַלקאָהאָלישע געטראַנקען — איז אָן וואַסער. זיי האָבן ווייניק גערעדט וועגן ליבע. די צערטלעכע ווערטער זייערע זענען געווען: „מיין רוזשקעלע"... „מיין מאַניעשי"... „ליב האָבעך דיאַך ווי מיין לעבן"... „אַ זאַפּטיקער עפּל ביסטו מיט דיינע רויטע בעקעלעך"... טייל פון זיי זענען געווען מיטגלידער פון פליישער־פאַראיין און זיך געהאַלטן פאַר סאָציאַליסטן. זייערע „קאַכאַנקעס" האָבן זיי גערופן „חבר־טעס". איינער פון דער דאָזיקער חברה קצבים־יונגען, מיט אַ פאַרפירערישן לאָק אויפן שטערן, איז אויפגעשפּרונגען, ווען מ'האָט געשריגן צו יעקבן „וואָס איז לי־

בע" און אַ רוף־געטאָן: „יאָך וועל ענק זאָגן וואָס ליבע איז"... ער האָט אַרומגענומען זיין מיידל און איר געטאָן אַ הויכן קוש. „דאָס איז ליבע!"...

„בראַוואָ!... בראַוואָ!..." כמעט אַלע האָבן געפּאַטשט אין די הענט, געפּאַטשט מיט אַלע כוחות.

3

דערביי האָט זיך געעפנט די טיר און ס'זענען אַריינגעקומען: חבר וואַצלאַוו, וועלכן מען האָט גערופן חבר וועלוול, ווען ער איז נאָך נישט געווען קיין קאָמוניסט, נאָר אַ מיטגליד פון דער יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי. נישט קיין זייער דאַרער, אין די פּלייצעס אַפילו נישקשהדיק ברייט און אַ קרעפּטיקער יונג; אָבער אין שמאָלן פּאַלטנדל מיט די קורצע אַרבל האָט ער אויסגעזען אַ נעבעכל. דערפאַר האָט דער חבר באַריס, אַ הויכער און אין גרויסע האָרנברילן, אַרויס־גערופן רעספּעקט צו זיך, רעספּעקט אָבער אָן וואַרעמע געפילן, ווייל אין זיין נאָענטקייט איז כמעט יעדן פאָרגעקומען, אַז דער חבר באַריס איז ערגעץ ווייט, ער שטייט אויף אַן אייזבאַרג אין סאַמע צפון און סע ווייעט פון אים אַן אומהיימ־לעכע קעלט... דער חבר באַריס איז געווען באַקאַנט אַלס אַן אַלטער בחור און איי־ביקער סטודענט. אָבער דאָס איז געווען שטאַרק איבערגעטריבן. אַן אייביקער קעמפער, אַ רעוואָלוציאָנער אָן פּשרות, אַ פאַנאַטיקער, וואָס טרעט נישט אָפּ פון בוכשטאַב אויף אַ האָר — דאָס יאָ. צווישן די צוויי איז געגאַנגען די חברטע אַדאַ, אַ קליין, יונג מיידל, כמעט אַ פּעטינקע, מיט אַרומגעשוירענע פּעכשוואַרצע האָר. די אויגן — שמאָלע שפּעלטעלעך מיט שוואַרץ־גלאַנציק פייער, אַ ברייט פּנים מיט הויכע באַקנביינער, אַ קליין חנעוודיק נעזל און דער קין דווקא ברייט און פעסט, רויטע ליפּן און הערלעך־ווייסע ציין.

די זיך־היצנדיקע אין דער דיסקוסיע וועגן ליבע זענען אַלע פאַרשטומט געוואָרן. די מייסטע האָבן באַקומען אַ שטייפן אויסדרוק. דאָס איז געשען, ווייל זיי האָבן די אַריינגעקומענע באַטראַכט פאַר זייערע שונאים, נאָך ערגער — אַלס פאַר־רעטער. (געוועזענע חברים, וועלכע אַלע אָנוועזנדיקע האָבן פריִער געליבט און געשעצט, און וועלכע זענען איבערגעגאַנגען צו די קאָמוניסטן).

אַהרן האָט יעקבן געזאָגט שטילערהייט ווער די אַריינגעקומענע זענען און אים געגעבן אַ קורצע ביאָגראַפיע פון אַלע דריי: „אַדאָס פאָטער איז אַ חסיד, האָט אַ טריקאָטאַזש־פאַבריק. דער חבר טוביה אַרבעט ביי אים. זיי קומען דאָ אַהער בלומרשט עסן, טרינקען טיי אָדער קאַווע. אין דער אמתן אָבער, ווייל דאָ איז אייגנטלעך כמעט אַן אַרבעטער־בערזע און די אַלע, וועלכע קומען אַהער עסן, זע־נען סאָציאַליסטן".

יעקב האָט אָנגעקוקט זיין בן־עיר: „כ'פאַרשטיי נישט וואָס דו ווילסט מיר דער־מיט זאָגן".

„פאַר וואָס פאַרשטייסטו נישט? זיי קומען אַהער אַריבערצוציִען זייערע גע־וועזענע חברים אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי".

„אַ־אַ־אַ"... יעקב האָט פון די אַריינגעקומענע נישט אַראָפּגענומען קיין אויג און געפרעגט זיין בן־עיר: „קענסטו מיך מיט זיי באַקענען?"

„געווים. פאַר וואָס נישט? אָבער ס'איז נישט נייטיק. מ'גייט־צו און מ'באַ־קענט זיך".

יעקב האָט געמאַכט אַ טריט צוצוגיין צו די אַריינגעקומענע, כדי זיך צו באַקע־נען מיט זיי. נאָר אין דעם מאָמענט איז צו אים צוגעקומען ראָבע און אים גע־פרעגט, צי ער וויל טיי. ער האָט געענטפערט, אַז ניין, איר געדאַנקט. אָבער זי איז געבליבן שטיין לעבן אים, ווייל ער האָט זי צערטלעך אָנגענומען ביי אַ האַנט און זי געהאַלטן. זי האָט אָבער געהאַט ווייניק צייט. ער האָט געפילט אין איר האַנט, אַז זי איילט זיך און זי אַפּגעלאָזט. גלייך ווי זי איז פון אים אַוועקגעגאַנגען איז ער צוגעגאַנגען צו די דריי אַריינגעקומענע און זיך באַקאַנט מיט זיי: „איך הייס יעקב ליכטענבערג". אַלע דריי זענען אויפגעשפרונגען פון זייערע ערטער און האָבן אים לאַנג און הייס געדריקט די האַנט. זיי האָבן אים גלייך אַוועקגעזעצט צווישן זיך און גענומען רעדן מיט אים.

נאָר אַדאַ האָט ביים אַריינקומען באַמערקט, אַז מ'האָט דאָ וועגן עפּעס שטאַרק זיך געהיצט. ביים אַנידערזעצן זיך צווישן וואַצלאַוון און באַריסן (דאָך נענטער צום לעצטן) האָט זי אויף יעדן אין דער קאַוויאַרניע געוואָרפן אַ באַהאַלטענעם בליק, זיך צו איבערצייגן, צי צווישן די געסט איז נישטאָ קיין „שפּיצל". דוד איז איר, ווי יעדעס מאָל, אויסגעקומען פּאַרדעכטיק. אָבער באַריס — אים איז דער פאַרשווין נישט בלויז אויפגעפאַלן, נאָר ער האָט אים אויף זיכער אָנגענומען פאַר אַ „שפּיצל" — האָט אויסגערופן אַז נישט. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי איז געווען לעגאַל. מ'האָט זיך נאָר באַדאַרפט היטן נישט צו רעדן וועגן אַזעלכעס, וואָס געהערט צו די סודות פון דער פּאַרטיי (וואָס יעדע פּאַרטיי האָט) און וואָס איז נישט נייטיק ביים פירן אַגיטאַציע. אויף באַריס' אַ צייכן, אַז ס'איז נישטאָ קיין „שפּיצל" (דאָס האָט מען געמוזט וויסן פאַר יעדן פאַל), האָט זיך אַדאַ פאַרלאָזט, אויף אַ קאָנספּיראַטאָר פון דער צאַרישער צייט און איבערגעטריבן פאַרזיכטיק, קען מען זיך פאַרלאָזן. אָבער זיין דעוויז איז געווען: „נישט נעמען בוכשטעבלעך די לעגאַלקייט פון אונדזער פאַרטיי!" און „אַמאָל האָט מען זיך באַדאַרפט היטן פאַר דער אָכראַנע; היינט — פאַר די חברים פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי!"

אַדאַ האָט געפרעגט ביי די שטיל־געוואָרענע: „פאַר וואָס זענט איר שטיל געוואָרן, חברים?" זי האָט געוווּסט, אַז ביי די מייסטע דערוועקט זי שפּאָט מיט איר רופן זיי „חברים", אָבער בלויז אין ערשטן אויגנבליק. דאַן דערפילן זיי אַלץ מער פאַרטרויען און נאָענטקייט צו איר. דאָס וואָרט „חברים" צינדט דאָך אָן אין זיי דאָס וואַרעמע, חברישע געפיל. נאָך דעם מאָמענט קאַלטקייט און פרעמדקייט האָט זי אין זייערע אויגן טאַקע דערזען דאָס אויף וואָס זי האָט געוואַרט, און ווידער געפרעגט: „וועגן וואָס האָט איר גערעדט, אָדער דיסקוטירט?" באַמערקנדיק, ווי די מיידלעך זשעניִרן זיך, האָט זי זיי צוגעגעבן קוראַזש: „פאַר וואָס שעמט איר אייך? איר ברויכט אייך נישט זשעניִרן".

די מיידלעך האָבן זיך נאָך מער געררויטלט. עדזשאַ אָבער, דאָס פריילין פאַמע־ראַנץ אין בלוי און רויט, האָט זיך געשטאַרקט: „מ'האָט גערעדט וועגן ליבע".

„נו? — טאָ רעדט ווייטער!" — האָט אַדאַ געמונטערט.

דער חבר טוביה וואַרפט אַריין: „מ'האָט דיסקוטירט וועגן אַזעלכעס, וועגן וואָס מ'קען נישט דיסקוטירן; וועגן ליבע".

אַדאַ האָט לאַנג געקוקט אויפן חבר טוביה. אָבער ס׳האָט קיינער נישט געקענט דערקענען אין איר פּנים: חידושט זי זיך איבער דעם וואָס ער האָט געזאָגט, אָדער זי איז מיט אים מסכים. דאַן האָט זי אים געפרעגט: „פאַר וואָס דענקט איר, אַז מ׳קען נישט דיסקוטירן וועגן ליבע?"

„קען מען דיסקוטירן וועגן נשמה?" דאָס איז געווען דעם חבר טוביהס ענטפער.

ס׳האָט ווידער אויסגעבראָכן אַ געלעכטער: „נשמה... איצט ווייסן מיר שוין: בשמהדיקע ליבע"... מ׳האָט אים באַוואַרפן מיט פראַגעס, ווי פריִער יעקבן: „ווי זעט אויס די נשמה?... וווּ געפינט זי זיך אינעם מענטש?... אין...?...

דער קצב־יונג מיטן פאַרפירערישן לאָק אויפן שטערן האָט נאָך אַ מאָל אַ בעם אַרום געטאָן זיין „דושקע", אַ מויד מיט רויטע באַקן און בלויע לאַכנדיקע אויגן, און איר אַ לאַנגן קוש געטאָן, זיך איינגעזויגן אין אירע דיקע סענסועלע ליפּן אפשר אַ גאַנצע מינוט און דאַן זיגעריש ווידער אויסגערופן: „דאָס איז ליבע! יאַך האָב זיי דאָס שוין געזאָגט!" — האָט ער זיך באַרימט פאַר אַדאַן.

ס׳איז געוואָרן אַ געקריגעריי. איצט האָבן בלויז עטלעכע יונגעלייט אַפּלאָדירט. די מיידלעך אָבער האָבן געלאַכט מיט צעפינקלטע אויגן, האַלב זיך שעמענדיק און האַלב מיט אַ געוויסער באַהאַלטענער אויסגעלאַסנקייט. דער חבר שפּיצמאַן האָט זיך באַנוצט מיט דער דאָזיקער געלעגנהייט און נאָכגעטאָן דעם קצב-יונג; ער האָט אַרומגעכאַפּט די פאַננאַ עדזשאַ און איר אַ קוש געטאָן. זי האָט אים דערויף פלינק געענטפערט מיט אַ פּאַטש.

ס׳איז געוואָרן אַ שטילקייט. כמעט אַלע, חוץ די דריי פריִער אַריינגעקומענע, האָבן זיך געשעמט און זענען געווען אין אַ פאַרלעגנהייט.

איצט האָט דער חבר טוביה טריִומפירט: „דאָס איז ביי זיי ליבע"...

די חברטע אַדאַ, פאַרפאַלגנדיק אַ געוויסן ציל, האָט ווידער געפרעגט: „פאַר וואָס מיינט איר, חבר, אַז אַ קוש איז נישט קיין ליבע?"

נאָר געענטפערט האָט פאַננאַ עדזשאַ. זי איז געווען אויפגערעגט און בייז אַ זאָג געטאָן: „דאָס איז געווען נאַכאַלסטוואָ! גראָביאַנסטוואָ! אָבער נישט ליבע!" זי האָט כמעט געהאַט טרערן אין די אויגן פון דער באַליידיקונג.

„אוי־ווי, ווי באַליידיקט זי איז!"... האָבן עטלעכע פון די חברים גענומען חוזקן. „אין גאַנצן דערהרגעט האָט ער זי"... די עלטערע און מיאוסערע צווישן די חברטעס, וועלכע זענען דערצו נאָך געווען אָרעם אָנגעטאָן און געקענט די פאַננאַ עדזשאַ פּאָמעראַנץ, די היטנפוצערקע — אַ קליינבירגערן — האָבן זיך באַמיט זי צו קרענקען: „פאַר איר איז דאָך די ליבע אַ הימלישע זאַך... געטלעכקייט... דעריבער טראָגט זי אַ טייערן טונקלבלויען מאַנטל מיט רויטע באַפוצונגען, אַ רויט היטעלע מיט בלוי באַפוצט, בלויע הענטשקעלעך מיט אַ רויט טעשעלע... און האָט בלויע אויגן און רויטע בעקעלעך... אַ הימלישע געטין"...

אַדאַ האָט זיך געבעטן: „חברטעס"...

נו, האָט דינהטשע ווידער גענומען דאָס וואָרט: „שולדיק איז טאַקע דאָס וואָרט „ליבע". קיינער ווייסט נישט וואָס דאָס איז, פּונקט ווי מ׳ווייסט נישט וואָס ס׳איז נשמה. מ׳פלאָנטערט זיך אַהין, מ׳פלאָנטערט זיך אַהער, מ׳נאַרט זיך אָפּ און מ׳נאַרט אָפּ אַנדערע, ווי מ׳האָט אונדז גענאַרט מיט אַ גאָט אין הימל! קיינעם

פאַלט נישט איין, צו אַ גוטן קאָטליעט, צו אַ ביפשטיק אָדער צו אַ געבראָטענער האַלבע גאַנדז — אַז מ׳איז הונגעריק און מ׳האָט געלט דערויף — צו זאָגן דער באַטעמטער פּאַרציע פּליייש אויפן טעלער: „מיין געליבטער״... אָדער „מיין הימ־לישע״... מ׳עסט און מ׳האָט הנאה״...

דאָס איז געוועזן שוין צו גראָב און אַ סך, וואָס האָבן פריִער געהאַלטן מיט איר, האָבן איצט פּשוט אויפגעשוידערט: „פוי! פוי!״ דוד — אַמאָל צוריקגעוויזן פון איר אין זיין ליבע און וועלנדיק איצט דיסקרעדיטירן די קאָמוניסטן און דערמיט אפשר אויך געווינען ביי דער פּאַננאַ עדזשאַ — האָט אויסגערופן: „אָט אַזוי זענען די רויטע! ביי זיי איז סאָציאַליזם — נישט אידעאַליזם, נאָר ברוטאַלע דיקטאַטור, צינישער עגאָיזם און גראָבער מאַטעריאַליזם! ליבע איז ביי זיי נישט מער ווי פּשוטע סעקסואַליטעט, מגושמדיקע תאווה!״

די פיינדזעליקע, אַנטיגאַניסטישע אַטמאָספערע איז געוועזן געשאַפן.

דער חבר באַריס האָט אַראָפּגענומען די גרויסע האָרנברילן פון דער שמאָלער, ביינערדיקער נאָז, געקוקט אויף די דיקע גלעזלעך און זיי זאָרגפעלטיק און פּאַ־מעלעך געפּוצט. ווען ער האָט זיין נאָז ווידער אָנגעגורט מיט די ברילן, פונקט אַזוי נישט געאיילט ווי ער האָט זיך פריִער פון איר באַפרייט, האָט ער זיך געווענדט — נישט צו דודן, האָבנדיק אים גוט אָבסערווירט איצט און געקומען צו אַ לאָגישן שלוס אַז דער פּאַרשוין איז באַשטימט נישט קיין „שפּיצל״ — נאָר צו אַלע: „חברים! איר ווייסט אַלע גאַנץ גוט, אַז נישט בלויז די קאָמוניסטן האָבן אויפגעהערט צו קוקן אויף דער ליבע מיט ראָמאַנטישע אויגן, נאָר אַז אויך איר האָט דעם זעלבן בליק אויף דער דאָזיקער זאַך. אונדזער אָנשויונג האָט זיך אָנגעהויבן נישט דעם 7טן אָקטאָבער 1917, נאָר אַ סך, אַ סך פריִער שוין, נאָך אַ סך פריִער איידער ס׳איז גאָר איבערהויפּט געווען אַ קאָמוניסטישע פּאַרטיי. ס׳איז די מאַרקסיסטיש־מאַטער־יאַליסטישע דערקענטעניש, אַז דאָס וואָס מיר רופן „ליבע״ איז אַ פיזיאָלאָגישע פונקציע פון אונדזער קערפּער און נישט מער. סענטימענטאַלע מענטשן, און אויך צבועקעס, זענען גענייגט אין דער ליבע צו זען איבערערדישעס, מיסטישעס, הימלישעס. מיר מאַרקסיסטן אָבער, האָבן נישט ליב קיין ראַזעווע מענטעלעך, מיר האָבן זיך באַפרייט פון מיסטישן טשאַד, מיר זענען נישט און ווילן נישט זיין קיין הימלישע מלאָכים, נאָר דאָס וואָס מיר זענען — מענטשן אויף דער ערד! מאַרקס לערע האָט אונדז פון דעם אַלעם באַפרייט און געמאַכט פאַר קלאַסנקעמפערס, באַ־פרייט די פרוי און איר געגעבן די זעלבע רעכט ווי דעם מאַן; זי האָט די זעלבע התחייבות פאַר דער געזעלשאַפט ווי מיר מענער און איז אַ מיטגליד פון איר גלייך מיט אונדז״. און ער האָט געפרעגט: „קעמפט נישט די באַוווסטזיניקע פרוי מיט אונדז צוזאַמען אין איין רייע?״

פון די קעגנער האָט קיינער נישט געהאַט וואָס צו דערווידערן דעם חבר באַריס. כמעט אַלע, באַזונדערס אָבער די חברטעס, האָבן פולשטענדיק מסכים געווען מיט דעם וואָס ער האָט געזאָגט. וואָלט ער איצט, ווי ביז פאַר אַ דריי יאָר, געהערט צו זייער פּאַרטיי, וואָלטן זיי אים אַלע אַפּלאָדירט. אָבער אַ קעגנער, אַ פאַררעטער — האָבן זיי געשוויגן. נאָר אין דער דאָזיקער שטילקייט איז געווען זייער הסכמה. אַדאַ האָט איר שיין קעפּל מיט די שוואַרצע אַרומגעשוירענע האָר אָנגעבויגן עטוואָס זייטיק און געקוקט פאַרליבט דורך די שמאָלע שפּעלטעלעך פון אירע גלאַנצנדיקע

אויגן צו באַריסן. זי האָט געשמייכלט פּאַרפּירעריש, וואָס האָט איר צוגעגעבן אַן אומגעהייערן צויבער.

די דיסקוסיע וועגן ליבע וואָלט איצט געווען אויפגעהערט און ס׳וואָלט זיך געווען אָנגעהויבן אַ דיסקוסיע וועגן די ברענענדיקסטע פּאָליטישע פּראָגן אין יענער צייט, וואָס וואָלט שנעל געווען איבערגעגאַנגען צו דער דיסקוסיע וועגן באָלשעוויזם און סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וועגן וואָס די דריי זענען אַהערגעקומען. נאָר יעקב, כאָטש ער האָט זיך שטאַרק פּאַרגענומען מסכים צו זיין מיט אַלץ וואָס די חברים (זיינע חברים אַציִנד) וועלן זאָגן, האָט אים אָבער דעם חבר באַריס אויסדרוק, אַז די „ליבע איז אַ פיזיאָלאָגישע פונקציע פון אונדזער קערפּער און נישט מער" אַ ריס געטאָן — נישט אין אויער, נאָר אין האַרץ — און ער האָט נישט געקענט אָנדערש, ווי וויניקסטנס פרעגן: „גלייבט איר נישט, חבר, אַז אין מענטש זענען דאָ שיינע און מיאוסע געפילן, נידעריקע און דערהויבענע? די חיה פּאָלגט בלויז איר אינסטינקט; דער מענטש אָבער פאַרמאָגט אויך גייסט, אָדער אינטעלעקט און שטרעבט און קעמפט פאַר אַ שענער און העכער לעבן, פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט".

נו, האָט זיך צעפלאַקערט אַ דיסקוסיע, לגמרי נישט קיין פאַרויסגעזעענע וועגן אַ פּראָבלעם וואָס איז פאַרביידע צדדים שוין פון לאַנג געווען פאַרענטפערט. אַציִנד זיינען די סאָציאַליסטן געווען נישט בלויז איינשטימיק מיט די קאָמוניסטן, נאָר זיי האָבן זיך מיט זיי פולשטענדיק אידענטיפיצירט. ביידע — הונדערטפּראָצענטיקע מאַרקסיסטן, ביידע אין גאַנצן איינשטימיק מיט זייער לערער מאַרקס וועגן היסטאָרישן מאַטעריאַליזם — האָבן באַקעמפט יעקבן. דער אונטערשיד איז בלויז געווען: די סאָציאַליסטן האָבן גענוצט איראָניע און אַפילו חוזק קעגן דעם „דעזערטיר", ווי די צייטונג פון זייער פּאַרטיי האָט אים באַצייכנט בעתן פּראָצעס, קעגן דעם „פּאַציפיסט", „עטיש־הויכשטייענדיקן מענטש", ווי די בירגערלעכע פּרעסע האָט אים אָנגערופן. נאָר די קאָמוניסטן האָבן זיך באַמיט צו זיין זאַכלעך: זיי האָבן זיך צו יעקבן — איבערגעצייגט אַז ער וועט אַריינטרעטן אין זייער פּאַרטיי — באַצויגן מיט גרויס (אפשר אַ ביסל איבערגעטריבענער) אַכטונג.

כמעט אַלע האָבן גערעדט. דינהטשע האָט טריומפירט. דער חבר וואָצלאַוו איז אויף זיין אופן געווען שאַרף. אַדאַ אָבער האָט אויף איר שטייגער קלוג פּאָלעמיזירט, האָט מיט אַ סך פון דעם וואָס חבר ליכטענבערג האָט געזאָגט מסכים געווען, באַזונדערס וועגן שיינע און דערהויבענע געפילן אין דער ליבע, וואָס האָט די סאָציאַליסטן שטאַרק איבערראַשט און האָבן עס איר נישט געגלייבט. די דיסקוסיע איז געוואָרן אַלץ היציקער, ביז די טיר האָט זיך געעפנט און, ווי פריִער, זענען אַלע שטיל געוואָרן. ס׳איז אַריינגעקומען בנימין מיטן אַדוואָקאַט אַדאַם ווײַס.

יעקב איז אויפגעשפּרונגען פון שטול. ביידע האָבן זיך אַרומגעכאַפּט און צעקושט. „כ׳בין געווען ביי אייך אין דער היים" — האָט דער אַדוואָקאַט ווי זיך פאַרענטפערט, „אָבער כ׳האָב אייך נישט געטראָפן. כ׳האָב אייך געוואָלט גראַטולירן צו אייער באַפרייונג פון דער תּפיסה. ווי פילט איר אייך?"

„גליקלעך!" דאָס וואָרט האָט זיך יעקבן אַרויסגעריסן פון האַרץ.

כמעט אַלע, שוין לאַנג אָפּגעגעסן, זענען אויפגעשטאַנען, גענומען זייערע מאַנטלען, היט, און זענען אַוועקגעגאַנגען. שוין גענוג דאָ געווען, זיך אָנגערעדט ווי

אַ באַנק. אויך די דריי חברים, באַריס, אַדאַ און וואַצלאַוו, זענען אויפגעשטאַנען, דערפילנדיק זיך איצט איבעריק דאָ; נאָר יעקב האָט זיי פּאַרהאַלטן און פאַרגע־שטעלט דעם אַדוואָקאַט. ביים געבן זיך די הענט זענעןביידע, אַדאַם און אַדאַ, ווי עלעקטריזירט געוואָרן איינער פון צווייטן. אפשר אַ סעקונדע לענגער ווי געוויינלעך האָט אַדאַם געהאַלטן אַדאַס האַנט אין זיינער. דער דרוק איז געווען עטוואָס שטאַר־קער, און זיי האָבן זיך אָנגעקוקט מיט אַ צעטומלטקייט אין די אויפגעפלאַקערטע בליקן. באַריס האָט דאָס נישט באַמערקט, הגם זיין אינסטינקט האָט דאָס באַדאַרפט אויפכאַפּן, אָדער דערפילן. וואַצלאַוו אויג אָבער האָט דאָס יאָ דערזען. נאָר גלייך, אָפּלאָזנדיק איינער דעם אַנדערנס האַנט, האָבן ביידע זיך צעשמייכלט — כמעט ווי אומשולדיקע קינדער. נישט וויסנדיק וואָס ווייטער צו טאָן, האָט דער אַדוואָקאַט אַרויסגעכאַפּט פון דער קעשענע אינעם טילופ זיין שיין גאָלדן פּאַפּיראָסניצע און יעדן אָנגעבאָטן צו רויכערן. אַדאַ האָט אָן ענערגישן און באַחנטן וואָרף געטאָן איר קעפּל, צעשיטנדיק אירע ביזן נאַקן געשווירענע האָר און מיט די נישט זייער דינע, עטוואָס קורצע, אָבער באַטעמטע פינגערלעך, די ערשטע גענומען אַ פּאַפּיראָס.

„טוט אויס אייער פוטער! זיצט מיט אונדז אַ ביסל! איר האָט דאָך איצט געוויס צייט, אַז איר"... האָט יעקב צוגערעדט דעם אַדוואָקאַט און יענער האָט געפאָלגט. „מיר זענען אין מיטן פון אַן אינטערעסאַנטער דיסקוסיע".

מירעלע איז צוגעקומען און געפרעגט מיט וואָס זי קען דינען. „טיי. פינף גלעזער טיי און צובייס".

חוץ יעקבן האָבן אַלע גערויכערט. אַדאַ און אַדאַם האָבן כמעט נישט אַרויס־געלאָזט קיין רויך, נישט דורך דער נאָז און נישט דורכן מויל. זיי האָבן דעם רויך ווי אַראָפּגעשלונגען ביים טרינקען די טיי אין אַ געשפּרעך, וואָס איז ליידנשאַפטלעך געפירט געוואָרן.

בנימין האָט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט זיך צוגעהערט צום געשפּרעך.

## קאַפּיטל פערצן

# פּ י ר ע ר ס

1

דער חבר פּיניע יאַקובאָוויטש און די חברטע סאַלטשאַ שיינבלום זענען געגאַנגען צו אַ פּאַרטיי־זיצונג. דער שניי האָט געסקריפּעט אונטער זייערע פיס. זיי האָבן זיך נישט שטאַרק געאיילט, הגם ס'איז געווען אַ שטאַרקער פראָסט. נאָר משמעות זיי האָבן די קעלט נישט אַזוי שטאַרק געפילט. איינס, ווייל ביידע זענען געווען געַנוג וואַרעם אָנגעטאָן: זי אין אַ פיין קראַקול־מאַנטל, מיט אַ ווייסן וואָלענעם שאַל איבערן האַלדז, קאַלאָשן, הענטשקעס און דערצו אַ ברייטע קראַקולענע מוף. אויך דער קאָפּ איז געווען געשיצט, דורך אַ וועלוענעם הוט מיט אַ ברייטע קרעמפּע. אים האָט געוואַרעמט אַ פוקסענער פּעלץ. ביידע האָבן גוט פאַרדינט. ער — אַ בוכ־

האַלטער און טײלווײזער געשעפטס־פּאַרוואַלטער אין אַ לאָמפּן־פאַבריק, און זי — ערשטע פאַרקויפערין אין פּאַניע שוואַרצס (ר׳ מנשהלע חסידס) שניט־געשעפט אויף די באַלעוועס. נאָר מער ווי וואָל און פּעלץ האָט זיי געוואַרעמט דאָס גליק פון זייער ליבע. זיי זענען געגאַנגען אָרעם אין אָרעם, צוגעטולעט אײנער צום אַנדערן און דאָס סקריפּען פונעם שניי אונטער זייערע טריט איז זיי אויסגעקומען, ווי דאָס געזאַנג פון דער פרייד אין זייערע הערצער.

נאָר זייער גליק איז אין געוויסע מאָמענטן געשטערט געוואָרן. נישט פון פּערזענלעכע מניעות. געקומען זענען די שטערונגען פון זייער טעטיקייט אין דער פּאַרטיי, וואָס האָט אָוועקגענומען אַ סך פון זייער פרייער צייט און פאַרשאַפט אַ סך ערגערנישן. טייל מאָל זענען די ערגערנישן געווען פון נישט קיין גרויסער באַ־דייטונג, אַפילו קלײנלעכע, ביי וועלכע זיי האָבן זיך געפילט פּערזענלעך שולדיק, ווי דער פאַל ליכטענבערג. די גאַנצע זאַך איז געקומען פון אַ צופאַל. וואָלטן זיי דעמאָלט, שטאָט די אַלמנה מיט די צוויי יתומים געווען געטראָפן אַנדערע הימלאָזע, וואָלטן זיי מיט דעם גאַנצן ענין גאָרנישט געוווען געהאַט צו טאָן. די פּאַרטיי, דאָס הייסט, דער חבר וואַקס, וואָלט אין דער זאַך נישט געווען אַרייַנגעצויגן געוואָרן. דעם חבר פּיניע קומט ביים דאָזיקן ערגערן זיך טייל מאָס אַפילו אויף דער מחשבה, אַז שולדיק אין דעם איז געווען סאַלטשאַ; זי האָט אים דערין אַרייַנגעפירט. ער האָט פון דער ערשטער מינוט אָן זיך פאַרהאַלטן קיל צום גאַנצן עסק און אויך שפּעטער נישט געוואָלט דערמיט האָבן צו טאָן. ער האָט איר אַפילו געזאָגט, אַז דאָס איז נישט און דאַרף נישט זיין זייער דאגה. „מ׳האָט אונדז געשיקט פונעם רעטונגס־קאָמיטעט" — האָט ער געטענהט צו איר — „אויפזאַמלען אָנקומענדיקע הימלאָזע, וואָס ווייסן נישט אין דער ערשטער רגע ווו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן און זיי ברענגען אין רעטונגס־קאָמיטעט אַריין — זענען מיר געגאַנגען. מיר האָבן געטאָן אונדזער פליכט. צו מער זענען מיר נישט מחויב". זי אָבער — אַ גאָלדן האַרץ האָט זי פאַר יעדן וואָס ליידט, דער גאַנצער וועלט וואָלט זי געוואָלט העלפן — האָט אים נישט אָפּגעלאָזט, האָט אים געשיקט, איז אַליין געגאַנגען און אים מיטגעשלעפּט צו דער פּאַרוואַלטונג פון דער פּאַרטיי, צום חבר וואַקס אַהיים: אַז ער זאָל ראַטעווען דעם אַרעסטירטן. „אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי" — האָט זי געטענהט. „ער איז אַרעסטירט געוואָרן פאַר פּאָליטישער טעטיקייט, פאַר אונדזער זאַך, פאַר אונדזער אידעאַל. ס׳וואָלט געווען שרעקלעך, ווען דער חבר זאָל פאַרמשפּט ווערן צום טויט!" דעם פּרינציפּאַל פונעם געשעפט, ווו זי אַרבעט, האָט זי אַזוי לאַנג „געקלאַפּאָטשעט" אין קאָפּ אַריין וועגן עפּעס אַ דירה אין זיינע הייזער פאַר אַ הימלאָזער אַלמנה מיט צוויי יתומים, ביז זי האָט געקראָגן אַ טייל פונעם קעלער.

אָבער דער חבר פּיניע האָט די דאָזיקע טענות אין זיין מחשבה צו זיין געליב־טער פאַרטריבן יעדעס מאָל ווען זיי זענען צו אים געקומען. צו־שטאַרק איז געווען זיין ליבע צו דער חברטע סאַלטשאַ, און צו הויך האָט ער זי געשעצט. און טאַקע פאַרן דאָזיקן גאָלדן האַרץ אירס. איצט, אויפן וועג צו דער זיצונג, איז אים צווישן די אַנדערע מחשבות — זייער שווערע וועגן דער פּאַרטיי — געקומען אויפן געדאַנק אויך דער חבר ליכטענבערג און אַרויסגעזאָגט וועגן אים זיין מיינונג: „אַ „רויטער", ווי דער חבר וואַקס האָט דעמאָלט באַלד געזאָגט".

די חברטע סאַלטשאַ איז ווי פון אַ שטאַרקן קלאַפּ אַרויסגעריסן געוואָרן פון

איר גליק און דאָס זינגען פון דער פרייד אין איר האַרץ, באַגלייט פונעם סקריפּען און בלישטשען פונעם בלוילעך־ווייסן שניי. זי האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט: „וועמען מיינסטו?“

„דעם באַפרייטן, דעם“...

זי האָט זיך דערמאָנט: „אַ־אַ־אַ... פון וואַנען ווייסטו, אַז ער איז שוין אַ קאָמוניסט? אַז ער האָט געהערט צו אונדזער פּאַרטיי, ווען מ׳האָט אים אַרעסטירט — דאָס ווייסן מיר דאָך איצט שוין זיכער, דאָס האָט דער חבר קרומהאָלץ (דער חבר הערש) איבערגעגעבן דער פּאַרטיי. דער חבר קרומהאָלץ איז פון דער זעלבער שטאָט און ער האָט אַליין געזאָגט, אַז דער חבר ליכטענבערג איז געווען אַ מיטגליד פון דער פּאַרוואַלטונג, זייער טעטיק, און אַז ער איז אַ גרויסער אידעאַליסט“.

„אַצינד אָבער איז ער אַ קאָמוניסט!“ דער חבר פּיניע האָט דאָס געזאָגט מיט פולשטענדיקער זיכערקייט. דאָך האָט ער, ווי אַן ערלעכער מענטש, צוגעגעבן: „אויב ער איז שוין אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי — דאָס ווייס איך נישט“.

„און איך זאָג דיר“, — האָט די חברטע סאָלטשאַ מיט האַרץ אויסגערופן — „אַז אויב ער איז שוין געוואָרן, אָדער ער וועט ערשט ווערן אַ קאָמוניסט, איז עס אונדזער שולד“.

„ווי מיינסטו דאָס?“ — זיין קול האָט ביי דער פראַגע געקלונגען נישט ווי פון אַ געליבטן, נאָר ווי פון אַ פּאַרטיימאַן; אָפיציעל, כמעט האַרט און פאַרדאַכטנדיק אין נישט פולשטענדיקער איינשטימיקייט מיט דער פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי.

„מיר זענען צו־האַרט צו אונדזערע, אָדער צו געוויסע פון אונדזערע מיטגלידער. אַזוי־ערנאָך טרייבן מיר זיי אין די רייען פון אונדזערע קעגנער“. זי האָט געברענגט באַווייזן: „חבר פרידמאַן. אויפן היינטיקן סדר־היום איז דאָ אַ פּונקט, אים אויסצושליסן פון דער פּאַרוואַלטונג און פון דער פּאַרטיי. אין דער איצטיקער צייט“... זי איז שטיל געוואָרן אין מיטן זאַץ. מער האָט זי נישט געוואָלט רעדן.

2

אָבער גרעסערע ערגערנישן — אין שייכות מיט דער פּאָליטיק פון דער פּאַרטיי, פאַר וועלכער זיי האָבן, ווי מיטגלידער פון דער פּאַרוואַלטונג, געפילט אַן אַחריות — האָבן איצט (פון נאָך דער מלחמה אָן, אָפטער און שטאַרקער) זיי געשטערט דאָס רויקע געניסן פון זייער גליק. אין זייערע נשמות (אין אירער שטאַרקער ווי אין זיינער) האָט געגומען וואַקסן אַ קאָנפליקט. אָנגעהויבן האָט עס זיך אין 1914, ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן. זיי, און אַנדערע פאַראַנטוואָרטלעכע מיטגלידער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין אַלע לענדער, האָבן דעמאָלט באַקומען ספקות וועגן די האַנדלונגען פון זייער באַוועגונג לגבי דער מלחמה: די פּאַרטיי האָט אפשר דאָך באַדאַרפט — און זי וואָלט אפשר געווען געקענט — נישט דערלאָזן צו דער שרעקלעכער בלוטפאַרגיסונג דורך אַ גענעראַל־שטרייק. האָט דאָך זייער פּאַרטיי, די גרעסטע אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־באַוועגונג, געהאַט געניג מאַכט. פאַר וואָס־זשע האָט דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל

אין לאָנדאָן נישט געהאַנדלט פעסטער אין יענע קריטישע טעג? דער דאָזיקער קאָנפליקט איז אין אַ סך הערצער געוואַקסן אַלץ מער און איז געוואָרן אַלץ שטאַר־קער, ווען דער חורבן פון דער מלחמה האָט זיך אויסגעשפּרייט אַלץ מער און מער. דערצו איז שפּעטער צוגעקומען דער מאָמענט, ווען די אייגענע סאָציאַליסטישע רעגירונג האָט גענומען האַנדלען אַלץ ווייניקער און ווייניקער סאָציאַליסטיש.

די דאָזיקע מחשבות, ספיקות און פייניקונגען זענען דאָן, ווען פוילן איז באַ־פרייט געוואָרן פון דער דייטש־עסטרייכישער אָקופּאַציע, אַלץ מער און מער אַרויס־געשווומען אין דער עפנטלעכקייט; אין דיסקוסיעס, וואָס זענען געפירט געוואָרן אין דער אַרבעטער־פּרעסע און אין די אַרבעטער־פאַראיינען. אָבער צומשטאַרקסטן האָבן די קאָמוניסטן צעבלאָזן די דאָזיקע דיסקוסיעס. זיי האָבן שאַרף אָנגעגריפן די סאָ־ציאַל־דעמאָקראַטיע, זי באַשולדיקט אין פאַרראַט; אַז זי האָט די אַרבעטער־מאַסן פאַרראַטן ערב דער מלחמה, אין דער גאַנצער צייט פון קריג און פאַרראַטן זיי איצט ווידער אומעטום ווו זי האָט די מאַכט. נאָר אָט די באַשולדיקונגען פון די „רויטע“ האָט ווי אויף אַ כישופדיקן אופן באַפרייט פון שולד די ערלעכע פון דער קעגנע־רישער פּאַרטיי, וועלכע דאָס געוויסן האָט געפּייניקט. זיי האָבן איצט, צוזאַמען מיט אַלע זייערע חברים, געוואָרפן זייערע באַשולדיקער אין פּנים אַריין: „פאַר אייך איז רעוואָלוציע מאַשין־געווער, קאַנאָנען! צעשיסן, נאָר צעשיסן! צום „וועגטל“! יעדן, וואָס וואַגט נאָר צו האָבן אַן אייגענע מיינונג, אַן אַנדערע ווי אייערע!“ נאָר יחידים — טאַקע בלויז איינציקע, צווישן זיי די חברטע סאַלטשאַ און דער חבר פּיניע, אָבער ער אַ סך שוואַכער ווי זי — האָבן אין זייערע ספיקות, יעדער פאַר זיך, זיך נאָך ווייטער געקוועלט.

די חברטע סאַלטשאַ האָט נאָך דעם קורצן איבערוואַרפן זיך מיט איר געליבטן וועגן חבר ליכטענבערג — נאָך אַ שווייגן פון עטלעכע מינוט — באַקומען אַ פאַר־לאַנג מיט אים ווידער צו רעדן וועגן דער פּאָליטיק וואָס די פּאַרטיי זייערע פירט. דער דאָזיקער פאַרלאַנג איצט איז אין איר שטאַרקער געוואָרן מיטן דערנענטערן זיך צו דער גאַס, ווו ס'איז געווען דאָס הויז, אין וועלכן די זיצונג האָט געדאַרפט פאָרקומען. נאָר זי האָט דאָך נישט געקענט אָנהייבן מיט אים רעדן וועגן די גע־דאַנקען, וועלכע זענען איר אָקערשט איינגעפאַלן, און בלויז געטראַכט: „מיר וואָלטן אפשר געהאַנדלט גאָר אַנדערש ווי מיר האַנדלען אַצינד, אַ סך ראַדיקאַלער, ווען נישט זיי, די קאָמוניסטן. עפּעס ווי זיי אויף להכעיס מאַכן מיר אַלץ מער קאָמפּראָ־מיסן, גיבן מיר אַלץ מער נאָך דער רעאַקציע. שטאָט צו קעמפן קעגן דער בורזשו־אַזיע, קעמפן מיר קעגן די קאָמוניסטן. שטאָט צו קעמפן געמיינזאַם קעגן דעם אַלגעמיינעם שונא, קעגן דעם קאַפּיטאַליזם, איז דער קאַמף פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ברידער־שלאַכט, אין ברידער־מאָרד“.

3

שוין לאַנג אַז די זיצונגען זענען פאַר די מייסטע מיטגלידער נישט געווען קיין גרויס פאַרגעניגן. אָפט זענען די זיצונגען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שטורמישע קאַמפן צווישן די חברים, טייל מאָל אַפילו אין פאַרביטערטע מחלוקתן. נאָר די

סיבה דערצו איז כמעט שטענדיק געקומען דערפון, וואָס די דאָזיקע פּאַרטיי — זי האָט אַריינגענומען אין זיך דעם גרעסטן טייל פונעם יידישן פּראָלעטאַריאַט — איז געווען עטוואָס ראַדיקאַלער, רעוואָלוציאָנערער פון דער פּ.פּ.ס., די פּוילישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, פון וועלכער זי איז געווען אַ טייל, און פון וועלכער זי איז באַהאַנדלט געוואָרן שטיפמוטעריש און נאָך ערגער.

ביי דער איצטיקער זיצונג זענען צווישן די חברים, חוץ יאַקובאָוויטשן און דער חברטע שיינבלום, געווען: דער פּאָרזיצער וואַקס, דער סעקרעטאַר סמוטנער, מאַט, הערש קרומהאָלץ און פרידמאַן. (דער לעצטער איז נישט געזעסן, נאָר איז געשטאַנען ווי אַ זייטיקער, פּאַרביטערטער, פרעמדער איצט — אַ שונא). דאָס צימער האָט אָפּגעשפּיגלט די אָרעמקייט פון די יידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן מיט זייערע גראָשנס פון שווערער האָרעוואַניע אויסגעהאַלטן די פּאַרטיי און אַלע אירע אינסטיטוציעס, אַלע אירע טעטיקייטן אויף יעדן געביט — פּראָפעסיאָנעלן, פּאָליטישן און קולטורעלן. די גרין־געמאָלטע ווענט זענען געווען באַהאָנגען מיט בילדער פון קעמפערס, פון סאָציאַליסטישע טעאָרעטיקערס. דעם אויבנאָן האָבן פאַרנומען די פּאָרטרעטן פון קאַרל מאַרקס און פונעם גרינדער פון דער דאָזי־קער פּאַרטיי.

דער סעקרעטאַר, חבר סמוטנער, האָט געפרעגט דעם שטייענדיקן: „פאַר וואָס זעצט איר אייך נישט, חבר פרידמאַן? מיר ווילן אָנהייבן די זיצונג“.

דער פּאָרזיצער חבר וואַקס פאַרבאָרגט זיין פּאַראיבל וועגן דעם וואָס דער סעקרעטאַר בעט דעם „איבערלויפער“ זיצן. ווייסט ער דען נישט (פונקט ווי אַלע וויסן), אַז דער דאָזיקער פרידמאַן איז איצט געקומען בלויז כדי צו זאָגן פאַר וואָס ער טרעט אַרויס פון דער פּאַרטיי, אָבער נישט צו דער זיצונג? „זאָל ער גיין!“ צאָרנט עס אין חבר וואַקס. „זאָל ער גיין, ווי דער באָריס און דער וואַצלאַוו און די אַנדערע זענען געגאַנגען! זאָל ער גיין צו די רויטע! ר'האָט שוין לאַנג געמעגט גיין! זאָלן זיי, די דאָזיקע „שיססאָציאַליסטן“ גיין דאָרט אַהין וווהין זיי געהערן — צו די באָלשעוויקעס! סאָציאַליזם פאַר אַזעלכע פאַרשוינען זענען די בלוטיקע קעלערס פון די ג.פּ.או., דאָס אָרט ווו מ'ברענגט־אום דעם סאָציאַליזם, דאָרט, ווו מ'שטעלט יעדן אַנדערש־דענקענדיקן סאָציאַליסט צום ווענטל!“ ער האָט זיך משער געווען, אַז דער חבר פרידמאַן איז איצט געקומען בלויז כדי צו וואַרפן זיינע באַשולדיקונ־גען דער פּאַרטיי אין פּנים אַריין. דאָס האָט אים באַזונדערס אויפגעקאָכט, נאָך איידער יענער האָט עס געטאָן. כמעט אַלע ביים טיש האָבן געפילט דעם פּאָרזי־צערס אויפרעגונג, כאָטש ער האָט זי שטאַרק פאַרבאָרגן אין זיך. (ער האָט זיינע געפילן און געדאַנקען געקענט מייסטערהאַפט באַהאַלטן). געזעסן איז ער גלייך, מיט שיינעם שטאָלץ אויף זיין הדרת פּנים און אין זיין הויכער, שלאַנקער און מאַיעסטעטישער פיגור. דאָס גלאַנציק שוואַרצע, שפּיציק צוגעשוירענע בערדל האָט זיין בלאַס שיין פּנים צוגעגעבן אַ באַזונדערע ווערדע. די גרויסע פּאַרטרוימטע אויגן, ווי ביי אַ ראָמאַנטישער פרוי, האָט ער געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט. דער בליק האָט גערוט אויף זיינע פיינמאַניקירטע נעגל פון די לאַנגע פינגער און באַצויבערנ־דיק שיינע הענט, וועלכע זענען געלעגן אויפן ווייסן בויגן פּאַפּיר פאַר אים. ער האָט אויפגעפּאָדערט דעם חבר פרידמאַן: „זאָגט וואָס איר האָט צו זאָגן!“

דער חבר פרידמאַן זאָגט מיט פאַרביטערונג: „איך בין איצט נישט געקומען מיך אַוועקצוזעצן מיט אייך ביי איין טיש“.

דער פאָרזיצער רייסט אים איבער מיט דער באַמערקונג: „דאָס ווייסן מיר. נישט נייטיק קיין הקדמה“.

דער הבר פרידמאַן ענטפערט סאַרקאַסטיש, מיט אַ בליק אויפן חבר מאַט: „ס'וועט איצט שוין קיינער נישט דאַרפן קיין מורא האָבן פאַר מיין קאָנקורענץ אויפן בענקל פונעם סעקרעטאַר“...

דאָס האָט אַלע אויפגעקאָכט, באַמערקנדיק ווי דער חבר סמוטנער איז בלאַס געוואָרן. נאָר ער אַליין האָט זיך נישט אויפגערעגט, ער האָט בלויז געזאָגט מיט אַ טרויעריקן שמייכל: „איך האַלט נאָך נישט ביי שטאַרבן, הגם איך בין באמת שווער קראַנק“.

דער חבר מאַט אָבער האָט זיך אָנגעצונדן: „ביי אונדז ווייסט מען נישט פון קיין קאָנקורענץ! דאָס הערשט אין דער פּאַרטיי, צו וועלכער איר געהערט שוין אַוודאי. אָבער דאָרט וועט מען פאַר אייער קאָנקורענץ ווייניק מורא האָבן. אַזעלכע ווי איר“...

דער פאָרזיצער האָט אָפּגעשטעלט דעם חבר מאַט און מיט פאַראַכטונג אויפ־געפאָדערט: „איך פאָדער אייך אויף, פּאַניע פרידמאַן, צו זיין זאַכלעך!“

„פּאַניע“...

„פאַר אונדז זענט איר נישט מער קיין חבר!“

„אַזוי... איר פּערזענלעך האָט מיך שוין אויסגעשלאָסן... און איר זענט דאָך קעגן דיקטאַטור“...

דער חבר מאַט, מיט ביטול, פאַראַכטונג און עקל אין די ערשטע צוויי ווערטער: „ככּכאַ־וועך פרידמאַן! פאַררעטער האָבן מיר אַ רעכט אויסצושליסן — פון דער פאַרוואַלטונג און פון דער פּאַרטיי! מיר ברויכן נישט וואַרטן אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג! און באַוויזן פאַר אייער פאַרראַט האָבן מיר גענוג! מיר ווייסן פון יעדן מאָל ווען איר זענט געווען ביי די „רויטע“ און וואָס איר האָט זיי וועגן אונדז יעדעס מאָל איבערגעגעבן!“

ווי אַ פאָרזיצער פון'אַ געריכט האָט דער אַדוואָקאַט, חבר וואַקס, געפרעגט דעם חבר פרידמאַן, וועלכער איז שנעל און קונציק פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אָנגעקלאָגטן: „וואָס האָט איר דערויף צו ענטפערן?“

דער חבר פרידמאַן: „איך וועל ענטפערן. צוערשט ווייל איך אָבער וויסן ווער ס'איז פאַר אייך אַ פאַררעטער — אַ פּאַרטיי־מיטגליד, וועלכער דינט אין דער „דעפענסיווע“, אָדער אַ חבר, וועלכער גייט צו קאָמוניסטישע פאַרזאַמלונגען און קאָמוניסטן זענען זיינע פריינד?“

אַ מאָמענט איז געווען שטיל. עטלעכע חברים האָבן זיך באַמיט, אַז מ'זאָל אויף זייערע פּנימער גאָרנישט דערקענען, און עטלעכע — צווישן זיי דער סעק־רעטאַר סמוטנער, יאַקובאָוויטש און שיינבלום — האָבן אויסגעדריקט דערשטוינונג.

דער פאָרזיצער: „פאַרשטייט זיך, אַז אויב אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי שטייט אין פאַרבינדונג מיט דער געהיים־פּאָליציי און גיט אַרויס פּאַרטיי־געהיימנישן, איז ער אַ פאַררעטער. נאָר ביי אונדז איז אַזעלכער נישטאָ. אונדזער פּאַרטיי איז לעגאַל, זי איז איצט אַ טייל פון דער רעגירונגס־פּאַרטיי און נעמט אָנטייל אין דער רעגי־

רונג. מיטגלידער פון אונדזער פּאַרטיי פאַרנעמען פאַרשידענע פּאָסטנס ביי דער רעגירונג. קענען מיר קיין שום געהיימנישן פאַר אונדזער רעגירונג נישט האָבן. דאָס ווייסט איר פּונקט אַזוי גוט ווי מיר".

חבר פרידמאַן: „קאָנקרעט — אַ פּאַרטיי־מיטגליד, וועלכער שפּיאָנירט איך ראַדיקאַלע פּאַרטייען פאַר אייך און, פאַרשטייט זיך, אויך פאַר דער „דעפּענסיוועי", פאַר געלט?" — — —

די פנימער פון די חברים, וועלכע האָבן זיך באַמיט, אַז מ'זאָל גאָרנישט דערקענען אין זיי, זענען געבליבן שטייף.

פּאָרזיצער: „פּרינציפּיעל איז אַזאַ איינער נישט קיין פאַררעטער, ווייל — ווי איך האָב נאָר־וואָס געזאָגט און וואָס איר אַליין ווייסט אויך — איז די פּאַרטיי אונדזערע אַ רעגירונגס־פּאַרטיי. איצט אָבער האַנדלט זיך וועגן איינעם, וועלכער האָט פון אונדז געטראָגן אין פיינדלעכן לאַגער — צו די קאָמוניסטן — און אַזאַ איינער איז אַ פאַררעטער. און דאָס זענט איר! מיר האָבן געגנוג באַווייזן קעגן אייך און איר אַליין האָט צוגעגעבן אַז איר האָט קאָמוניסטישע פריינד!"

חבר פרידמאַן: „איז מען אַ פאַררעטער, ווייל מ'האָט פריינד, וועלכע זענען ווי סאָציאַליסטן ראַדיקאַלער ווי מ'איז אַליין?"

פּאָרזיצער: „ווען מען גייט אין שונאס לאַגער".

חבר פרידמאַן: „דעריבער ווייל איך אַפילו נישט רעדן. איצט וואָלט איך אָבער געוואָלט וויסן, פאַר וואָס איר האָט בשום אופן נישט געוואָלט רעאַגירן אויפן אומגליק פון מיין ברודער, ווען דאָס פּוילישע קריגסגעריכט האָט אים פאַרמשפּט צום טויט פאַר שפּיאָנאַזש. איר אַלע האָט אים גוט געקענט. אַ יינגל פון צוועלף יאָר איז ער געווען, ווען ער איז אַריינגעטראָטן אין דער פּאַרטיי און ביזן לעצטן מאָמענט — איידער ער איז אַוועקגעפאָרן קיין רוסלאַנד — איז ער געווען טעטיק פאַר דער פּאַרטיי. קיין שום קרבן איז אים נישט געווען שווער צו ברענגען פאַר דער פּאַרטיי. ווי אַ רעוואָלוציאָנער איז ער, זעלבסטפאַרשטענדלעך, בעת דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, דאָרט אַריינגעטראָטן אין דער רויטער אַרמיי. אין דער מלחמה מיט פּוילן איז ער פון זיין קאָמאַנדיר געשיקט געוואָרן אינעם לאַגער פונעם פּוילישן מיליטער צו פירן פּראָפּאַגאַנדע צווישן די סאָלדאַטן אָפּצושטעלן דעם ברידער־מאָרד. פון אונדזער סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט איז דאָס נישט קיין שפּיאָנאַזש".

פּאָרזיצער: „פון מיליטערישן שטאַנדפּונקט — יאָ".

חבר פרידמאַן: „דאָס ווייס איך. און איך האָב דעמאָלט נישט פערלאַנגט פון אייך אַז איר זאָלט עפּעס טאָן פאַר אים, אַז איר זאָלט פּרוּוון אים ראַטעווען פון טויט. איך האָב בלויז געבעטן, אַז מ'זאָל אין דער צייטונג אויפקלערן דעם אמת און דעם דערשאָסענעם — ווען דער טויטאורטייל איז שוין געווען אויסגעפירט — ווידמען עטלעכע וואַרעמע ווערטער; ער האָט דאָס פאַרדינט פאַר זיין יאָרנלאַנגער זיך אויפּאָפּפערנדיקער אַרבעט פאַר דער פּאַרטיי".

דער חבר סמוטנער איז אויפגעשפּרונגען אַ דערשטוינטער: „וואָס?"

חבר פרידמאַן: „איר ווייסט דאָס נישט, איר זענט דעמאָלט געלעגן אין סאַנאַטאָריע נאָך אַ בלוטשטורץ. ביי אַ זיצונג האָב איך פאָרגעלייגט אויפצושטיין פון

די ערטער, צו ערן דעם מאַרטירער, דעם טויט פון אַ געוועזענעם חבר, פון מיין ברודער. אָבער אויך דאָס האָט דער פּאַרזיצער נישט געוואָלט טאָן".

דער חבר סמוטנער איז ווידער אויפגעשפּרונגען: „איך פאָדער אויף אַלע אויפצושטיין פון די ערטער צו ערן אונדזער לאַנגיאָריקן און געטריי־איבערגעגעבענעם חבר יחזקאל פרידמאַן, וועלכער איז געשטאָרבן ווי אַ הייליקער מאַרטירער פאַר דער סאָציאַליסטישער אידייע! ערע זיין אָנדענקן!"

אַלע זענען אויפגעשטאַנען, חוץ צוויי: דער פאַרזיצער, און אויף אים קוקנדיק — אויך דער חבר מאַט.

דער סעקרעטאַר, חבר סמוטנער, כמעט מיט טרערן אין קול: „איך דאַנק אייך חברים".

אַלע האָבן זיך צוריק אַנידערגעזעצט. דער חבר פרידמאַן איז אָן אַ וואָרט אַוועקגעגאַנגען.

4

דער חבר פאַרזיצער האָט דעם חבר סעקרעטאַר געמאַכט אַ טאָפּלטן פאָרוואורף: אַז ער האָט קיין רעכט נישט געהאַט אויפצופאָדערן צום אויפשטיין, ווייל דאָס קען טאָן נאָר דער פאַרזיצער, און צווייטנס איז דער פאַרמשפּטער פאַר דער פאַרטיי דאָן געוועזן — און געבליבן — אַ שפּיאָן, ווייל צווישן דער פאַרטיי און דער רעגירונג איז דעמאָלט נישט געוועזן — און ס'איז נישטאָ — קיין באַזונדערע חילוקי־דעות. נאָר דער חבר סמוטנער האָט איגנאָרירט ביידע פאָרוואורפן, ווייל פאַר אים איז דאָס מענטשלעכע האַרץ געוועזן מער ווי פאַרטיי־פאָרמאַליטעט. ער האָט דאָס פאַרגעקומענע געוואָלט פּראָטאָקאָלירן. דאָס איז געוועזן זיין פליכט אַלס סעקרעטאַר. נאָר פריִער האָט ער געפרעגט דעם חבר מאַט, וועלכער האָט אים פאַרטראָטן ווען ער איז געלעגן אין סאַנאַטאָריע: „האָט איר פּראָטאָקאָלירט דעמאָלט דאָס וואָס דער אַוועקגעגאַנגענער האָט דאָ פריִער געזאָגט? איך מיין וועגן זיין ברודער. כ'האָב נאָך נישט אַלץ דורכגעקוקט".

דער חבר וואַקס האָט געקוקט אויף זיינע שיינע באַצויבערנדיקע הענט, אויף די לאַנגע פינגער מיט די מאַניקירטע נעגל און געזאָגט געלאַסן, בנעימותדיק, אָבער מיט פעסטקייט אין זיין באַשלוס: „דער פאַל פונעם פאַרמשפּטן פאַר שפּיאָנאַזש טאָר זיך נישט געפינען אין אונדזערע ביכער!"

אַ שטילקייט, אין וועלכער אַלע האָבן געוואַרט אויף עפּעס. דער סעקרעטאַר האָט געקוקט אויפן פאַרזיצער, לאַנג און עקשנותדיק געקוקט אויף אים, ביז יענער האָט אויפגעהויבן די אויגן פון די הענט זיינע, אָדער פונעם ווייסן פּאַפּיר, ביידע האָבן שווייגנדיקע זיך אָנגעקוקט. דער חבר סמוטנער האָט פאַרשטאַנען דעם בליק פון זיין עלצטן, וועמען ער האָט אויך געשעצט און שטאַרק ליב געהאַט, און נאָכגעגעבן, טראַכטנדיק דערביי: „מיר האָבן אַזוי אויך גענוג צו קעמפן מיט אונדזערע קריסטלעכע חברים פון דער פּ.פּ.ס.; מיר האָבן מיט זיי געפירט אַ קאַמף בעת דער מלחמה און ס'וועט אונדז נאָך ווייטער אויסקומען צו קעמפן איינער מיטן אַנדערן. פאַר זיי זענען מיר שוין סיי ווי באַלד קאָמוניסטן. האָט דאָך די רעגירונג שוין גענוג רעפּרעסיעס אָנגעווענדט קעגן אונדז: קאָנפיסקירט נומערן פון דער צייטונג,

אָדער זי אָפּגעשטעלט אויף וואָכן און אויך אויף חדשים און געשלאָסן אַ מאָל די און אַ מאָל יענע פון ,אונדזערע אינסטיטוציעס". ער האָט אָנגעטאָן די ברילן און געלייענט פונעם סדר־היום: "מיר האָבן 7 פּונקטן. ערשטער: גרינדן אַ קיך פאַר אָרעמע הימלאָזע קינדער. איבער ניינציק טויזנט קינדער הונגערן בוכשטעבלעך. צווייטער פּונקט: די קאַטאַסטראָפאַלע לאַגע פון די אַרבעטלאָזע, וואָס זענען — אָפּיציעל — מער ווי זעכציק טויזנט שוין; אינדעראמתן זענען זיי אַ סך, אַ סך מער שוין. דריטער פּונקט: דער אַמעריקאַנער הילפס־קאָמיטעט און די אַנדערע הילפס־אינסטיטוציעס און צדקה־חברות; דאָס איז אַן אָנגעוויטיקטע מכה. אָבער דעריבער וועלן מיר שפּעטער רעדן. פערטער פונקט: אונדזער צייטונג און אַנדערע זשורנאַלן. פינפטער פונקט: שולוועזן און אַנדערע פאַרשידענע קולטורעלע טעטי־קייטן. זעקסטער פונקט: דער קאַמף מיט די ציוניסטן און די קאָמוניסטן. זיבעטער פונקט"...

מיט גרויס התמדה און באַגייסטערונג האָבן די חברים זיך גענומען צו דער אַרבעט.

## קאַפּיטל פופצן

# אַ דרייפאַכע פייערונג

1

מלכהלע האָט אַ לאַנגע צייט זיך נישט דערוועגט צו פרעגן יעקבן וועגן דעם וואָס ער איז אויסגעשטאַנען אין דער תפיסה. זי האָט געפרווווט דאָס אַרויסלייענען פון זיין פּנים. ס'איז איר אָבער אויסגעקומען, אַז אַדרבא, ער זעט איצט גאָר בעסער אויס. ער האָט אין דער טורמע נישט באַקומען קיין דיקע, רויטע באַקן; פאַרקערט, ער איז אַצינד נאָך מער אָפּגעצערט ווי ער איז געווען, און בלאַס. אָבער אין זיין פּנים איז דאָ מער פעסטקייט. פון זיינע אויגן קוקט אַרויס אַ מין לויכטן, וואָס זי פלעגט טייל מאָל טרעפן אין איר מאַנס בליק, ווען זיין פּנים האָט געשטראַלט ביים לערנען. דאָס אייגענע פלעגט זי אַמאָל אויך זען ביים שפּיגל אין איר אייגן פּנים, ווען זי איז געווען אַ כלה און באַלד נאָך דער חתונה — שטענדיק ווען זי איז געווען גליקלעך. "ער איז גליקלעך" — האָט זי געטראַכט. "ניצול געוואָרן פון טויט. אין גאַנצן באַפרייט, איז פאַר דער חתונה מיט ראַבען. און ער האָט זי ליב". זי האָט אָבער געפילט אין אים נאָך אַן אַנדער מין פרייד, אַ פרייד, וואָס קומט נישט בלויז וועגן אייגענעם גליק. ס'איז דאָ נאָך אַ העכער גליק, ווי בלויז דאָס אייגענע.

איבערן דאָזיקן העכערן גליק האָט מלכהלע געוואָלט רעדן מיט יעקבן, וועל־כער וועט באַלד זיין איר איידעם, איר קינד. זי האָט געוואָלט רעדן מיט אים וועגן גאָט, וועגן גלויבן, ווייל זי האָט געפילט אַז זי האָט דעם דאָזיקן גלויבן שוין באַלד כמעט אין גאַנצן פאַרלוירן. שוין לאַנג אַז זי האָט אָנגעהויבן צווייפלען. געקומען איז דאָס צו איר גראָד פון איר מאַנס פרומקייט. דאָס איז געווען משונהדיק פאַר

איר. זי האָט זיך אַליין וועגן דעם נישט איין מאָל אָנגעזידלט. היתכן?! אָבער זי האָט דאָך געפילט אַז אירע ספיקות וועגן גאָט קומען צו איר פון איר מאָנס פרומקייט. וואָס מער זי האָט זיך צוגעקוקט און געזען ווי פרום ער דאַוונט (ווען ער פלעגט צוליב עפּעס טייל מאָל נישט קענען גיין אין בית־המדרש אַריין) אָדער לערנט, ווי ער זאָגט „שאו ידיכם", מיט וועלכער כוונה ער מאַכט „המוציא", מיט וועלכער דבקות ער „בענטשט", מיט וועלכער מתיקות ער זינגט „זמירות" — אַלץ מער האָט זי זיך געגומען וואַקלען אין איר גלויבן. נאָך שטאַרקער איז דער גלויבן אין איר צעטרייסלט געוואָרן אין דער מלחמה. און דאָך דוכט זיך איר, אַז זי האָט דעם גלויבן שוין אפשר אין גאַנצן פאַרלוירן. טייל מאָל פרוווט זי זיך נאָך אַלץ קלאַמערן אין אים, זי ראַנגלט זיך, ווי אַ מענטש וועלכער איז געשטאַנען אויף אַ באַרג האָט זיך אויסגעגליטשט און געגומען פאַלן, זיך אַראָפּקאָלערן אין טאָל אַריין; אויפן וועג וויל ער זיך כסדר אָנכאַפּן אָן עפּעס, אָן אַ ביימל, אַ שטיין, אָבער דאָס העלפט גאָרנישט. און לעבן אָן גאָט, אָנעם גלויבן אין אים — זי האָט געפילט אַז דאָס קען זי נישט. נו, האָט איר דאָס האַרץ געזאָגט, אַז יעקב קען איר העלפן, ער און נישט דער זון, דער באַרימטער שרייבער. דער זון קומט צו איר גאַנץ אָפט, ער רעדט מיט איר אַ סך וועגן הויכע זאַכן; (וויל זי פאַרפירט מיט אים כמעט יעדעס מאָל אַ שמועס). אָבער ס'גייט איר ביי זיינע הויכקייטן, ווי ס'איז איר געגאַנגען ביי איר מאָנס פרומקייט — זי פאַלט אַלץ טיפער. דער זון טיילט איר צו כבוד, ווייזט איר אַלע מאָל ווי ליב ער האָט זי, אָבער זי פילט אַז ער „טשאַקעט" זי בלויז, אַז ער קען גאָרנישט ליב האָבן, אַפילו נישט די מאַמע, ווייל ער האָט נישט קיין וואַרעם האַרץ. זי דערקענט דאָס. אַלץ וואָס ער רעדט — וועגן הויכער מענטשלעכקייט, וועגן קולטור, אידעאַלן, גרויסער נשמה, ברייט האַרץ, פּאָעזיע, קונסט — ווערטער, אַ מבול פון ווערטער. גאַנץ אַנדערש איז יעקב. ווען ער זאָגט איר עפּעס, ווען ער רעדט — פילט זי אַז אַלץ איז אמת, ווייל אַלץ קומט ביי אים פון האַרץ, פון דער נשמה. אין אים האָט זי זיך אָנגעכאַפּט. ער שטייט אויף אַ באַרג... ס'דוכט זיך איר, אַז דאָס איז דער זעלבער באַרג אויף וועלכן זי איז אַמאָל געשטאַנען, ווען זי איז נאָך געווען אין גאַנצן פרום, ווען זי האָט נאָך געפילט גאָט אין איר האַרץ, פונקט ווי מען פילט ווען מען רירט אָן עפּעס מיט אַ האַנט. דער זעלבער באַרג... אָן אַנדערער, און דאָך דער זעלבער...

נאָר פריער האָט ראַבע גערעדט מיט יעקבן וועגן דעם אַלעם וואָס זי האָט געליטן פון יענעם מאָמענט אָן ווען מ'האָט אים אַרעסטירט. זי האָט פאַר אים אויסגעגאָסן איר גאַנץ ביטער האַרץ, אַלע טענות וואָס זי האָט צו אים געהאַט וועגן דעם וואָס ער האָט איר אָנגעטאָן מיט זיין גיין איינשטעלן זיך פאַר דער וועלט אַ צוויי וואָכן פאַר דער חתונה. זי האָט אים געמוסרט: „דו האָסט דאָך געקענט באַצאָלן דערפאַר מיט דיין לעבן; ס'האָט דאָך געפעלט בלויז אַ האָר, אַז מ'זאָל דיך פאַרמשפּטן צום טויט! ווי האָסטו געקענט מיר פאַרשאַפן אַזוי פיל לייד, אַזעלכע ביטערע פּיין! סיידן דו האָסט מיך נישט געליבט! בלויז מיך גענאַרט, אַז דו ליבסט מיך! ווער ס'ליבט האָט אין זין בלויז די געליבטע, בלויז פאַר איר קען ער זיך וועלן אָפּפערן, אָבער נישט פאַר אַנדערע מענטשן, פאַר עפּעס אַן אידייע! איך בין דאָ אין בענקשאַפט שיער אַראָפּ פון די געדאַנקען! טייל מאָל האָב איך געפילט אַז איך גיי אַראָפּ פון זינען! אַז דער קאָפּ שפּאַלט זיך מיר! אַז די געהירן רירן זיך

מיר! און ס׳זענען טאַקע געווען מאָמענטן ווען איך האָב באמת נישט געוווסט וואָס איך טו... און איך ווייס טאַקע נישט וואָס איך האָב אין יענע מאָמענטן געטאָן, ווי איך האָב יענע זאַכן געקענט טאָן... זאַכן... ניין, איך ווייס נישט״... און זי האָט זיך צעוויינט.

יעקב האָט געקענט בלויז מיט איין זאַך פאַרגלעטן זיי געליבטערס ליידן, אירע ליידן נישט בלויז פון דער צייט ווען ער איז געזעסן אין תפיסה, נאָר אויך יענע ווען זי איז ביי דער אַקושערקע געלעגן אויף דער צעראַטענער סאָפע...

ער האָט מיט איר חתונה געהאַט.

2

יעקבס גרעסטע זאָרג נאָך דער חתונה איז געווען צו קריגן אַ דירה. נישט בלויז אָרעמע אַרבעטער, נאָר אַפילו גוט־סיטוּירטע האָבן דעמאָלט לייכט קיין וווינונג נישט באַקומען. יעקב איז מיט דער מוטער געגאַנגען צום באַלעבאָס פונעם הויף, אין וועלכן זי האָט געוווינט, און ר׳ מנשהלע חסיד האָט אים געזאָגט: „ווייל כ׳ווייס ווער דיין טאַטע, זכרונו לברכה, איז געווען — אַ סופר, אַ גרויסער חסיד, און דיין מאַמע איז אַ פרומע ייִדענע — האָב יאָך פאַר דיר אַ דירה״. געווען איז זי אויפן פינפטן שטאָק, אַ דאַכשטיבל מיט אַ קיכל. „אָפּטרעטגעלט״ האָט זיך דער פרומער ר׳ מנשהלע געהייסן געבן געננוג, צו פיל אַפילו לויט יענער צייט, מער וויפל ראַבע האָט געהאַט אָפּגעשפּאָרט פון אַלע יאָרן אַרבעט ביי דער שוועסטער. מיט מירעלעס הילף — און דער הילף פון נאָענטע און פריינד — האָט דאָס פאַר־פאַלק זיך איינגעאָרדנט. „ס׳איז אַ גאַנץ פיין דירהלע!״ האָט יעקב געזאָגט צו זיין יונגער פרוי, „ס׳איז פיין! פיין!״ האָט ער געקוואַלן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן.

שכנים און חברים זענען געווען אין דער זעלבער מיינונג: אַז ס׳איז אַ גאַנץ פיין דירהלע. אויך זיי, אַליין אָרעמע, האָבן צוגעהאָלפן דעם פאָרפאָלק זיך איינ־אָרדענען. ס׳האָט יעדער געברענגט וואָס ער (אָדער זי) האָט געקענט: אַ טאַבאַרעט־קע, געפעס, גלאָזוואַרג. בראַנטשע, קאָפל דעם בעקערס ווייב, האָט זיך גאָר צעריסן. זי האָט געפירט אַ פאַרצווייפלטן קאַמף מיט צעשאַ, די „פאַררעטערן״, די „רויטע״. דער בעקערנס געוועהר איז אַצינד געווען: איבערשטייגן די קאָמוניסטקע מיט די געשאַנקען פאַרן באַפרייטן מיט זיין פרוי. „ס׳איז אַ הייליקער קאַמף פאַר דער פאַרטיי!״ האָט זי געזאָגט צום מאַן און זיך באַטראַכט פאַר אַ העלדן. זי האָט פאַנ־טאַזירט, ווי זי וועט טריומפירן פאַר די חברים: „מ׳וואָר האָט די פאַרטיי צו דאַנקען, וואָס דער חבר ליכטענבערג — אַזאַ וויכטיקאָ פערזענלעכקייט — געהערט ווידאָר צו אונדז און נישט צו די רויטע!״ זי האָט געברענגט לויטער גוטע, טייל נייע זאַכן, און דערביי געזאָגט צו ראַבען: „אַ וווזיקל פאַרן קינד — צו דער ריכטיקער צייט אין אַ מזלדיקער שעה — וועל יאָך באַזאָרגן, פון בעסטן און טייאַרסטן״.

יעקב און ראַבע האָבן געפּראַוועט אַ דרייפאַכע פייערונג: זיין באַפרייונג, די חתונה און אַ חנוכת־הבית. געקומען זענען מענטשן מער וויפל ס׳האָבן געקענט אַריין אין דעם קליינעם בוידעמשטיבל. אָבער ס׳האָבן אַלע געהאַט פּלאַץ: מען איז געזעסן אויפן בעט, צו צוויי אויף אַ בענקל. די איבעריקע זענען געשטאַנען. דאָס

קיכל, אַ פּינצטערס בייטאָג און אַ ליכטיקס ביינאַכט, איז דערהויבן געוואָרן צום כבוד פון זיין אויך אַ „סאָליע" פאַר די געסט. די פייערונג איז, פאַרשטייט זיך, גע־מאַכט געוואָרן שבת. זי האָט זיך אָנגעהויבן כמעט באַלד נאָכן עסן און געדויערט ביז אין דער נאַכט אַריין. צום טרינקען, עסן און נאַשן, האָבן געבראַנגט די חברים, פריינד און שכנים. זיי האָבן געבראַנגט אַזוי פיל, אַז ביידע טישן (איינער געבאָרגט ביי אַ שכן) זענען געווען אָנגעלאָדן מיט כל־טוב. די נאָענטע זענען געוואָרן סאָר־ווערס און צוזאַמען מיט ביידע מאַמעס, ראַבעס און יעקבס, זיך געפּאַרעט: צעשניטן דעם לעקעך און דעם פּלאַדן און באַדינט די געסט. מלכהלע האָט געהאַט גרויס נחת און זיך שטאַרק געפרייט. דאַקעגן האָט יוכבד זיך געפילט ווי אויף אַ פרעמדער חתונה שוין דערפאַר, ווייל די יונגעלייט זענען געווען בקלות ראש, האָבן געגעסן און געטרונקען אָן די היטלען, די מיידלעך האָבן זיך געהאַלטן צו נאָענט צו די בחורים, האָבן פאַרשייט געלאַכט. אַלץ וואָס דער עולם האָט גערעדט איז איר געווען פרעמד: זי האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען, כאָטש אַלע האָבן גערעדט יידיש. פונקט פאַרקערט איר מחותנתטע: אַלץ איז איר געפעלן ביי די יונגע מענטשן, זי האָט געפילט אַז זיי זענען איר נאָענט, אַז זי האָט זיי ליב. בנימין און מאירל האָבן זיך נאַטירלעך געפילט ווי דעם חתנס ברידערלעך. נאָר בעת דער יינגערער האָט צו־געזען זיך אָפּצונעמען פאַר אַלע צייטן פון זיין לעבן, צו נאַשן וויפל ס'איז נאָר מעגלעך, וויפל ס'קען נאָר אַריין אין אים — אַזעלכע גוטע זאַכן און אַזוי פיל האָט ער נאָך קיין מאָל נישט געזען — האָט דער גרעסערער געשלונגען יעדעס וואָרט פון די געשפּרעכן, וואָס די חברים האָבן געפירט צווישן זיך.

אויפן סאַמע אויבנאָן האָבן זיך אָװעקגעזעצט דער חבר יאַקובאָוויטש מיט דער חברטע שיינבלום. ווען יעקב איז באַפרייט געוואָרן פון דער תפיסה זענען זיי געקומען אים באַגריסן. דער חבר יאַקובאָוויטש האָט נאַטירלעך נישט געוואָלט גיין; ער האָט געטענהט צו זיין געליבטער: „אויב דער חבר וואַקס האָט זיך דעמאָלט אָפּגעזאָגט צו האָבן צו טאָן מיט דעם עסק פונעם אַרעסטירטן, הייסט דאָס"... האָט זי אים איבערגעשלאָגן און געזאָגט: „ניין, דאָס מיינט גאָרנישט; אַרעסטירט גע־וואָרן איז ער ווען ער איז געווען אַ מיטגליד פון אונדזער פּאַרטיי! אַזוי לאַנג ווי ער איז נאָך נישט אַרויסגעטרעטן פון דער פּאַרטיי און איז אָפיציעל נאָך נישט קיין קאָמוניסט"... „אָבער ער האָט געבראָכן אונדזער פּאַרטיי־דיסציפּלין!" האָט דער חבר פיניע איר איבערגעריסן. אָבער די חברטע סאַלטשע האָט געזיגט, האַלטנ־דיק זיך ביי דער אָפיציעלקייט און איר לאָגיק. מיט דער זעלבער לאָגיק פון אָפּי־ציעלקייט האָט זי ביים חבר פיניע געפּועלט צו גיין צו דער פייערונג פונעם חבר ליכטענבערג, צו וועלכער בנימין — ער איז געבליבן געטריי זיין פּאַרטיי — האָט זיי איינגעלאַדן. דער חבר ליכטענבערג איז אָפיציעל נאָך אַלץ נישט געווען קיין קאָמוניסט. אין עפנטלעכע ערטער — אין פאַראיינען, ביי קולטור־אָוונטן, ביי פאַר־זאַמלונגען, רעפעראַטן — האָט ער זיך באַגעגנט סיי מיט קאָמוניסטן און סיי מיט מענטשן פון פאַרשידענע פּאַרטייען. ער האָט מיט אַלע גערעדט, מיט אַלע געשמו־עסט, איז מיט יעדן געווען פריינדלעך. דער חברטע שיינבלום און דעם חבר יאַקו־באָוויטש האָט ער אויסגעדריקט זיין וואַרעמע דאַנקבאַרקייט פאַר זייער הילף און דער גרויסער מי, וואָס זיי האָבן זיך געגעבן צו געפינען אַ ווינקל פאַר דער מוטער און די צוויי ברידער זיינע אין יענע פאַרצווייפלטע טעג. איבער פּאָליטיק און פּאָלי־

טישע אַנשוויונגען האָט ער מיט זיי נישט גערעדט; ער האָט אויסגעמיטן מיט זיי צו רעדן דעריבער, פּונקט ווי מיט אַנדערע, וועלכע זענען אים נישט געווען גענוג נאָענט.

אויפן סאַמע אויבנאָן — לעבן די חשובסטע געסט — האָבן זיך צוגעשטופּט און אַוועקגעזעצט אויך בראָנטשע מיט איר „לעבנסבאַגלייטער". זי איז געקומען אויסגעסטראָצעוועט אין דער זעלבער פּייער־רויטער בליוזקע אָן אַרבל און מיט דער פּאָמפּס־רויטער שלייף, גרינער ספּודניצע מיטן ברייטן שוואַרצלאַקירטן פּאַסיק אַרום דער „זגראַבנער" טאַליע און אין די שוואַרצלאַקירטע שיך מיט הויכע קנאַפּלס. די רויטע האָר אַרויפגעקעמט אין דעם זעלבן הויכן קאָקס. אַלץ אַזוי ווי דעמאָלט ווען זי איז געקומען באַגריסן דעם חבר ליכטענבערג צו זיין באַפרייונג. דער בעקער (חבר קאַפּל) האָט אָנגעטאָן זיין בעסטן אָנצוג, אַ ניי פּאַפּירענעם קאָלנער און אַ ניי פּאַפּירן „הערצל". זיין „לעבנסבאַגלייטערן" האָט אים געקויפט אַ רויטן קראַוואַט און צו יעדער וויכטיקער געלעגנהייט האָט זי אים דעם קראַוואַט דערלאַנגט אָנצוטאָן. זי האָט אים ביים אַריינקומען אָנגענומען ביי אַ האַנט און אים געצויגן מיט זיך: „נישקשה, קאַפּל; מיאָר זענען אָנגעלייגטאַ געסט און גאַנץ שיינאַ יחסנים! מיאָר האָבן די גאַנצאַ צייט געהאָלפן דעם חבר ליכטענבערגס מוטאָר און זיינאַ ברידאָר און געבערענגט די שיינסטאַ און טייערסטאַ זאַכן צום איינאָרדענאַן דאָס פּאַרפּאָלק. און דאָס וואָס מיאָר טראָגן אַצינדאַ... ס'קומט אונדז דער אויבנאָן!" זיי האָבן אַוועקגעשטעלט אויפן טיש אַ גרויסן קוגל: אַ דיקע, אָנגעפּילטע קישקע אפשר צוויי איילן לאַנג, חוץ „טשאַסטעס", פּאַמעראַנצן, ניס און צוקערלעך. בראָנטשע האָט אַראָפּגענומען די שטאַרץ פון דער שיסל. ס'האָט אַ שלאָג געטאָן אַ מחיהדיקער דאַמף און כמעט אַלע ביים טיש האָבן גענומען ציִען מיט די נעז: „מ־מ־מ... דאָס הייסט אַ קוגל!... אַ קישקע... און ווי ברוין!... ווי פעט!"... בראָנטשע האָט זיך געגרויסט: „ער איז מיאָר געראָטן!"

אויך אַבראַמטשיק איז געקומען. (ראַבע האָט אים איינגעלאַדן, נישט אָנפרעגנדיק זיך ביים מאַן). פון די קאָמוניסטן זענען געקומען די חברטע אַדאַ מיטן חבר וואַצלאַוו. זיי האָט יעקב אַליין געבעטן קומען. אויך מאַקס שלאָסער מיט צעשאַ, זיין פרוי, זענען, ווי גוטע שכנים, געקומען. ס'האָבן נישט געפעלט אַהרן מיט דינהטשען.

3

דער עולם האָט זיך געלאָזט ווילגיין, באַזונדערס די „וואַרשעווער פּרעסערס", ווי מ'האָט זיי אין דער פּראָווינץ גערופן. מ'האָט געגעסן און געטרונקען. הענט האָבן פון די טעלערס און פון די קלאָשן גענומען די אָנגעשניטענע שטיקלעך האָניק־און־צוקערלעקעך, שטרודל, פלאָדן, טשאַסטעס, מאַנדלברויט, פּאָנטשקעס און אַנדערע גוטע זאַכן. דער קישקע־קוגל איז פאַרשוווּנדן ווי רויך אין אַ ווינט. ווי חסידים ביי אַ רבין האָט יעדער געכאַפּט אַ שטיק מיט דער הוילער האַנט און... אַריין אין מויל הייסערהייט. פון די קאַרמעלקעס, שאָקאָלאַדקעס, צוקערלעך און ניס איז קיין סימן נישט געבליבן. אויך דאָס אויבסט און די פּרוכטן איז אָפּגערייניקט געוואָרן. טייל האָבן געהאַלטן טאָסטן: פאַרן באַפרייטן דעמאָקראַטישן און סאָציאַליסטישן

פאַטערלאַנד, פאַרן סאָציאַליזם, פאַר דער באַפרייונג פונעם חבר ליכטענבערג, פאַרן גליק פונעם יונגן פאַרפלאָק. די קאָמוניסטן האָבן אויך געטרונקען פאַר אַ קאָמוניסטישער רעוואָלוציע אין פוילן. פון די דאָזיקע פּאָליטישע לחיימס („קעגנזייטיקע פאַרטיי־שטאָכערייען) האָט זיך אָנגעהויבן אַן איבערוואָרפן זיך מיט ווערטער, פראַזן, ביז ס'איז געקומען צו אַ דיסקוסיע צווישן די רעכטע און לינקע, הגםביידע האָבן געוואָלט פאַרמיידן פּאָליטישע דעבאַטן ביי דער פייערונג. באַלד זענען די דעבאַטעס געוואָרן היציקע. דער חבר וואַצלאַוו האָט דעם חבר יאַקובאָוויטש פאַרגעוואָרפן דעם פאַרראַט פון די פּ.פּ.ס. און זיין פאַרטיי, דעם פאַרראַט קעגן דער פּראָקלאַמירונג פון אַן אַרבעטער־ און פויערן־רעגירונג זומער 1920, בעת דער מלחמה צווישן פוילן און רוסלאַנד. „דעמאָלט", האָט אונטערגעכאַפּט די חברטע אַדאַ, „ווען די רויטע אַרמיי איז געשטאַנען ביי די טויערן פון וואַרשע, האָט מען זיך געווענדט צו די האַרעפּאַשנע מאַסן! די פויערן האָט מען צוגעזאָגט ערד. איצט אָבער, נאָכן זיג — האָט מען דעם צוזאָג פאַרגעסן, מ'לאָכט זיך אויס פון יעדן פאַרשפּרעכן אין דער עת־צרה, ווי דאָס טוט יעדע קאַפּיטאַליסטישע רעגירונג!" דער חבר פיניע און די חברטע סאַלטשאַ, און אַנדערע חברים און חברטעס פון זייער פאַרטיי, האָבן פאַרטיידיקט די רעגירונג און אָפּגעשלאָגן יעדע באַשולדיקונג — בישט געלאָזט פאַלן קיין איין שטויבעלע אויף איר. זיי, צוזאַמען מיט אַבראַמטשיקן און בראָנטשעלע מיט איר „לעבנסבאַגלייטער" (די שווערע אַרטילעריע, די הויבעציס), האָבן גענומען אָנגרייפן די באָלשעוויקעס אין רוסלאַנד און די קאָמוניסטן אין פוילן, אויסרעכענענדיק אַלע זייערע חטאים. דער חבר אַהרן האָט דערביי באַקומען די מעגלעכקייט צו שלאָגן ביידע פאַרטייען און צו אַנטוויקלען זיין טעאָריע פון דער געהיימער באַוועגונג „אייביקע רעוואָלוציע". דינהטשע אָבער, זעענדיק אַז ס'קען דערגיין צו אַ געשלעג און אַז די גאַנצע שמחה איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ווילדער פאַרטיי־קריגערייַ און ליאַרעם, האָט גענומען זינגען איינס פון אירע באַליבטסטע פאָלקסלידער:

„האָב איך מיר אַ מיכעלקע, אַ מיכעלקע
ווינט ער אויף דער לאַנגער גאַס".

דער דאָזיקער איינפאַל אירער איז געפעלן נאָך אַנדערע און זיי האָבן אונטערגעכאַפּט:

„ווינט ער אויף דער לאַנגער גאַס".

באַלד האָבן אויך אַ סך פון די צעהיצטע דעבאַטאַנטן, ווען דאָס זינגען איז געוואָרן העכער פון זייער שרייען און ליאַרעמען, אַ נעם געטאָן:

„מאַכט ער מיר אַ פייפעלע, אַ פייפעלע.
דאָס פייפעלע פייפט אַזוי:
פיו, פיו, פיו, פיו, פיו, פיו —
דאָס איז דאָס פייפעלע."

אָפּגעזונגען דאָס ליד, האָבן אַלע אינאיינעם גענומען זינגען אַנדערע פריילעכע און הומאָריסטישע לידער, ווי „בין איך מיר אַ שניידערל", „לאָמיר אַלע אינאיינעם",

„מיר זענען ניכטער". אויך אַרבעטער־ און קאַמפּסלידער האָט מען געזונגען. אַבראַמ־טשיק — נישט בלויז אַ זינגער, נאָר אויך אַ כאָר־דיריגענט, איז אויפגעשטאַנען פון זיין בענקל, אַרויסגענומען דאָס לעפעלע פון זיין גלאָז טיי און גענומען דיריגירן:

„מיר זענען סאָלדאַטן אין פרייהייטס־אַרמיי"...

פון אַלעמענס הערצער האָט זיך אַ ריס געטאָן:

„און שטייען גאַנץ פעסט אין די רייען.
מיר קומען באַפרייען די וועלט פון איר וויי,
די מענטשן פון קנעכטשאַפט באַפרייען".

די לינקע האָבן געזונגען מיט די רעכטע און די רעכטע מיט די לינקע. מלכהלע איז מיטגעריסן געוואָרן. זי וואָלט געוויס געוועזן מיטגעזונגען ווען זי וואָלט נאָר געוועזן געקענט. אַלציינס, איר נשמה האָט מיטגעזונגען. פון „רעכטס" און „לינקס" האָט זי ווייניק פאַרשטאַנען, אָדער נאָך גאָרנישט דערוויל. דעריבער איז איר אויך געפעלן דאָס היצן זיך און ליאַרעמען ביי די דיסקוסיעס. זי האָט דערביי געטראַכט: ווי ביי די חסידים; יעדער האַלט מיט זיין רבין.

אָבער אַז ס׳איז געוואָרן טונקל אין דרויסן, האָט יוכבד גענומען זאָגן מיט אַ הויך קול, אָבער מיט אַ טרויעריקן ניגון „גאָט פון אברהם":

„גאָט פון אַברהם, פון יצחק און פון יעקב,
באַהיט דיין פאָלק ישראל פון אַלעם שלעכטס;
פון בייזע רוחות,
פון גזירות רעות,
פון פורעניות.

דער שבת־קודש גייט אַוועק
און די וואָך זאָל צו אונדז קומען
מיט מזל און מיט ברכה,
מיט ישועות, מיט נחמות און מיט הצלחה.
ס׳זאָל נעמען אַן עק צו אַלע אונדזערע צרות,
מע זאָל דערלייזט ווערן פון גלות
אינעם זכות פון די הייליקע אָבות —
אָמן".

אַלע האָבן געענטפערט: „אָמן. גוטוואָך! גוטוואָך!" ס׳איז געוואָרן ליכטיק אין קיכל און אין שטיבל.

# קאַפּיטל זעכצן

## קוועֶרשניט

### 1

באַלד נאָך דער חתונה האָט יעקב גענומען זוכן אַרבעט און אויך געפֿונען. עטלעכע וואָכן שפּעטער אָבער האָט זיך די אַרבעט אויסגעלאָזט: נישט געווען מער. ער האָט ווידער געזוכט, אָבער שוין נישט געפֿונען. נאָך איינער אין דער וואַקסנדיקער מחנה אַרבעטלאָזע. אָבער אויפגעשטאַנען איז ער פֿרי, כאָטש ס'איז נישט געווען וועגן וואָס זיך צו איילן. דורכן פֿאַרפֿרוירענעם פֿענצטער מיט גרויע אייזביימער האָט אין דאַכשטיבל אַריינגעבליקט אַ פֿאַרכמורעטער, ווינטערדיקער פֿרימאָרגן. נאָר פּונעם זויבערוויסן בעט אַרויס איז געקומען אַ ליבלעכע, לאַסטשענדיקע וואַרעמקייט, וואָס האָט אין דער אָנגעברוגזטער קאַלטקייט זיך געוויקלט אַרום יעקבן. ער איז דעריבער, אַ האַלב־אָנגעטוענער שוין, צוריק צוגעגאַנגען צום בעט און געקוקט אויף דער פֿרויס קליין פּנים, וואָס האָט איצט ראָזע געבליט אין פֿרידלעכער גליקזעלישקייט. שלאָפֿט זי? יעקבן איז אויסגעקומען, ווי זי וואָלט זיך בלויז געמאַכט שלאָפֿן. ער האָט געזוכט אַ שמייכל אויף אירע ליפּן, וואָס זאָל דערציילן פֿון איר גליק. אָט האָט ער דעם דאָזיקן שמייכל דערזען. נאָר זי איז געשלאָפֿן. זי האָט אים נישט געענטפֿערט אויף זיין שעפּטשען צו איר ליבע רייד; זי האָט זיי נישט געהערט. ער האָט באַטראַכט אירע האָר, וואָס האָבן נישט געהאַט אין זיך קיין באַשטימטן קאָליר. זיי זענען געווען אי שאַטין, אי טונקל־בלאָנד. צעשאָטן איבערן וויסן קישן אין דער גרויקייט פֿון ווינטערדיקן פֿרימאָרגן־ליכט, האָבן זיי זיך געמיניעט אין אַן אייגנאַרטיקער וואַרעם טונקלער פֿאַרב. די ווייסראָזע אָרעמס זענען געווען עטוואָס צו־דיק, מיט חן־גריבלעך ביי די עלנבויגנס. אירע אונטערשטע אָרעמס זענען געווען קורצער ווי געוויינלעך און די הענט — שיִער קינדעריש קליין. די רונדע אַקסלען אָבער זענען געווען שיין און באַטעמט.

שטיל, אויף די שפּיצפֿינגער, איז יעקב אַריינגעגאַנגען אין קיכל, געמאַכט פֿייער און צוגעשטעלט וואַסער אויף טיי צום אָנבייסן און געגנוג פֿאַר ראַבען זיך צו וואַשן. ער האָט זיך געוואַשן מיט קאַלט וואַסער, געוואַשן דעם גאַנצן איבערשטן טייל פֿון קערפּער, וואָס ער האָט פֿאַרן אַרעסטירט ווערן נישט געטאָן. צייט ער איז באַפֿרייט געוואָרן פֿון דער טורמע, מיט אַ פֿעסטקייט אין זיך, האָט ער זיך באַמיט צו פֿאַרהאַרטעווען דעם קערפּער: ער האָט געוואָלט זיין אויך פֿיזיש פֿעסט און שטאַרק. ווען ער האָט זיך געהאַט שוין אין גאַנצן אָנגעטאָן, איז ראַבע אויפֿגעקומען. ער האָט געזען אַז ס'איז איר קאַלט אַרויסצוגיין פֿון בעט און מיט אַ טרויעריקן טאָן געזאָגט צו איר: „ס'איז דאָ ווייניק קוילן". זי האָט נישט געענטפֿערט דערויף. אָבער ער האָט דערקענט אינעם אויסדרוק פֿון איר פּנים אַצינד, אַז זי מאַכט אים אַ פֿאַרוואורף וועגן דעם וואָס ער טראָגט אַראָפּ קוילן צו דער מוטער אין אַ צייט ווען ער פֿאַרדינט נישט קיין געלט. ער האָט זיך פֿאַרענטפֿערט: „די מאַמע איז קראַנק. בנימין און מאירל אַרבעטן האַלבע טעג און פֿאַרדינען"...

זי האָט אים איבערגעריסן: „דו פאַרדינסט גאָרנישט!"

יעקב האָט אין זיין פרויס נאָך פאַרשלאָפן, אָבער שוין בייז פנימל, געזוכט דעם שמייכל פון גליקזעליקייט, וואָס ער האָט פאַר אַ האַלבע שעה געזען און אים איצט מער נישט געפונען. נאָר די בייזקייט אין ראַבעס פנים איז פאַמעלעך איבערגעגאַנגען אין אַ טרויעריקער פאַרקלערטקייט. ער האָט זי געפרעגט: „פילסט דיך נישט גוט?" זי האָט אים נישט געענטפערט. אָבער דאָס שמייכעלע, וואָס ער האָט ביים אויפשטיין אויפגעכאַפּט אין די ווינקלען פון אירע ליפּן, האָט זיך פּלוצ־לינג ווידער באַוויזן. נאָר איצטער איז עס געווען נאָך שוואַכער און אויסגעדריקט פאַרלעגנהייט. איר קליין חנעוודיק גאָמבקעלע איז דורך דעם געוואָרן נאָך פיינער, איידעלער. איר פנימל האָט זיך געגומען רויטלען, ווי ביי אַ יונג מיידל ווען זי שעמט זיך וועגן עפּעס. זי האָט געפרעגט: „איז שוין שפּעט?"

ער האָט זי באַרוזקט: „נייך, דו קענסט נאָך ליגן. איך וועל דיר ברענגען וואַסער צום וואַשן, וואַרעם וואַסער. אויך דאָס אָנבייסן. וועסט עסן אין בעט".

„פאַר וואָס זאָלעך עסן אין בעט?"... זי איז פּלוצלינג שטאַרק רויט געוואָרן. ס'האָט זיך איר געדוכט אַז יעקב איז זיך משער וועגן איר צושטאַנד. פאַרווירט פונעם מאַנס השערה, און דאָך גליקלעך דערביי, איז זי אַרויסגעשפּרונגען פון בעט און פאַשווונדן אין קיך. נו, האָט ער זיך אָנגעשטויסן. ער האָט זיך געפרייט, אויך דערפאַר, ווייל ער האָט באַמערקט אַז זיין פרוי איז גליקלעך מיט דער האָפע־נונג אויף אַ קינד. אפשר וועט דאָס העלפן צו פאַרגעסן די ליידן, וועלכע זי האָט דורך אים געליטן, די ליידן וואָס האָבן זיך אַוועקגעשטעלט ווי אַ וואַנט צווישן איר און אים און שטערן זייער גליק. ער באַמיט זיך, ווי ווייט ס'איז נאָר מעגלעך, זי גליקלעך צו מאַכן. אָבער עפּעס שטערט און נישט תמיד זענען עס די ליידן וואָס זי האָט איבערגעלעבט. טייל מאָל קומט אים גאָר אויס, אַז זי דערדריקט אין זיך אַ שולדגעפיל קעגן אים און דעריבער קען זי נישט זיין גליקלעך. עפּעס קען זי זיך נישט מיט אים אין גאַנצן פאַראייניקן, פאַרשמעלצן איר נשמה מיט זיינער, וואָס מיינט נישט לגמרי אויפצוגעבן איר אייגענע פּערזענלעכקייט. אַפילו אין די אינ־טימסטע מאָמענטן — דעמאָלט שטאַרקער ווי אין יעדער אַנדערער צייט — פילט ער, ווי זי קען זיך נישט מיט אים אין גאַנצן צונויפגיסן, זיך אים גאַנץ איבערגעבן, זיין אין גאַנצן באַהאָפטן מיט אים.

זיך געוואַשן, אָנגעטאָן, האָט ראַבע געגרייט צום טיש: אַ העלפט פונעם נעכטיקן צוויי־פונטיקן ברויט, אַ קליין שטיקל פּוטער און טיי. גערן וואָלט יעקב אַרויפגע־ברענגט פאַר זיין פרוי — באַזונדערס אַצינד — פרישע זעמל, וואַרעמע בייגל מיט מאָן (די גוטע, געשמאַקע וואַרשעווער בייגל) און קעז, סמעטענע, סאַרדינען. אָבער... אין זאַכן וואָס קאָסטן געלט קען ער אַצינד זיין ליבע דער פרוי נישט באַווייזן. דאָס קליינע שטיקל פּוטער שמירט ער אָן אויף איר ברויט. זי לאָזט אים דאָס טאָן אַצינד, ווייל זי ווייסט אַז זי מוז זיך איצט גוט נערן. ער קוקט אויף איר מיט גרויס צערטלעכקייט.

פון דער וואַרעמקייט, וואָס האָט געשטראָמט פונעם איינגעהייצטן קיכל און פון די שטראַלן פון דער זון, איז דאָס אייז פון די שויבן אַ ביסל אָפּגעגאַנגען. דורכן פענצטער האָט איצט אַריינגעקוקט אַ שטיקל בלויער הימל און דער ווייסער פינק־לענדיקער שניי פון די קעגנאיבערדיקע דעכער. שוואַרצע ראָבן זענען אַרומגע־

פלויגן און שוידערלעך געשריגן. אָט האָבן זיך עטלעכע אַראָפּגעלאָזט דאָ אויף איינעם, דאָ אויף אַ צווייטן דאַך קעגנאיבער דעם פענצטער און נישט אויפגעהערט צו קראַקען. זיי האָבן געקוקט מיט אומהיימלעכע רויב־אויגן. יעקב האָט פיינט געהאַט שוואַרצע ראָבן. זיי האָבן אים מיט זייער מיאוס שרייען תמיד דערמאָנט אין עפּעס שרעקלעכס. ס'איז אים געוואָרן שווער אויפן האַרץ. ווען זיי זענען צוריק אַוועקגעפלויגן, האָט ער צערטלעך גענומען ראַבעס האַנט אין זיינער. דערביי האָט ער באַמערקט, אַז זי 'איז אַצינד בלאַס, אַז זי האָט אויפגעהערט צו טרינקען איר טיי, און זי געפרעגט דערשראָקן: „וואָס איז דיר, ראַבע? פאַר וואָס ביסטו בלאַס געוואָרן?"

זי האָט זיך געשעמט דעם מאַן צו זאָגן פאַר וואָס זי איז בלאַס געוואָרן און געענטפערט: „איך ווייס'נישט פאַר וואָס, אָבער איך האָב מיך אָנגעהויבן שרעקן פאַר די שוואַרצע ראָבן, זייער קוויטשען"...

נישט אויסזאָגנדיק איר, אַז אויף אים האָבן די דאָזיקע'מיאוסע פייגל מיט זייער אימהדיק קול שטענדיק אָנגעיאָגט אַ מורא און אים אַריינגעוואָרפן אין אַן איבערגלויבישן פּחד, האָט ער זי אויסגעלאַכט: „ביסט איבערגלויביש... שוואַרצע ראָבען זענען שיינע פייגל"... ער איז אויפגעשטאַנען, איז צו איר צוגעגאַנגען און גענומען גלעטן אירע האָר: „דאָס שרעקן זיך קומט איצט 'ביי דיר"... אַ שטראָם בלוט האָט אַ שלאָג געטאָן אין איר פּנים אַריין. זי איז אַרויפגעפאַלן אויפן מאַן און זיך געטוליעט'צו זיין ברוסט, שליסנדיק אירע אָרעמס אַרום זיין נאַקן. ער האָט זי געקושט, צערטלעך אַרומגעהאַלטן, דענקנדיק דערביי אַז ער מוז זיין פאָרזיכטיק. אַצינד האָט ער געפילט אַז זיין פרוי איז גאַנץ פאַראייניקט מיט אים.

2

נאָכן אָנבייסן האָט יעקב געזאָגט צו זיין פרוי, אַז ער האָט עטלעכע זאַכן צו דערליידיקן און ווייסט נישט ווען ער וועט צוריקקומען. פאַר איינוועגס וועט ער זיך אויך דערקונדיקן וועגן אַרבעט, זיך נאָכפרעגן, אָבער ער ווייסט אַז ער מוז וואַרטן ביז ס'וועט זיך אָנהייבן דער סעזאָן. ער האָט געמערקט אַז זי איז נישט צופרידן פון דעם וואָס ער גייט אַוועק, פון דעם וואָס ער גיט אַוועק זיין צייט פאַר פרעמדע עסקים. זי זעט אים גאַנץ ווייניק. בעת ער האָט געהאַט אַרבעט איז ער אַוועקגעגאַנגען פון'דער היים ווען זי איז נאָך געשלאָפן. צוריקגעקומען פון דער אַרבעט — האָט ער זיך אַרומגעוואַשן, געגעסן, איז געבליבן מיט איר אפשר אַ האַלבע שעה, העכסטנס אַ גאַנצע, געלייענט דערביי צייטונגען, און איז אַוועק אין פאַראיין אָדער צו אַ פאַרזאַמלונג, צו אַ רעפעראַט, צו אַ פאָרלעזונג, צו אַ זיצונג, אָדער גאָט ווייסט וווהין און צו וואָס. פונקט ווי זי האָט אים נישט געהערט אין דער פרי אַוועקגיין צו דער אַרבעט, ווייל זי איז נאָך געשלאָפן, אַזוי האָט זי אים נישט געהערט צוריקקומען פון זיינע קהלישע געשעפטן, ווייל זי איז שוין געשלאָפן. אַזוי פון נאָך דער חתונה אָן. איצט, אַז ער האָט נישט קיין אַרבעט, איז דאָס זעלבע. בלויז וואָס ער גייט אַוועק צוויי שעה שפּעטער. ראַבע האָט דערפון געליטן. דעם מאַנס געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט איז איר געוואָרן דערווידער. זי האָט די דאָזיקע

טעטיקייט פשוט געהאַסט, ווי אַ פרוי האַסט אַ קאָנקורענטקע. טייל מאָל האָט זי געטראַכט: „ווען ער וואָלט געהאַט אַ געליבטע און וואָלט ביי איר פאַרברענגט זיין צייט — וואָלטעך פאַרשטאַנען. אָבער אַוועקגעבן די צייט פאַר נאַרישקייטן, זיך מקריב זיין פאַר אַן איינרעדעניש, אַז ער וועט איבערמאַכן די וועלט, אַז ער וועט ברענגען גערעכטיקייט, סאָציאַליזם" — — —

יעקב האָט געוווּסט ווי שטאַרק זיין פרוי ליידט דערפון וואָס ער איז אַ סאָציאַליסט און פון דעם וואָס זיין פרייע צייט ווידמעט ער נישט איר, נאָר זיין אידייע; אָבער וואָס זאָל ער טאָן? ער קען פון זיין איבערצייגונג און פון זיין טעטיקייט פאַר דער אידייע זיך נישט אָפּזאָגן. זי האָט דאָס געוווּסט פון דער ערשטער רגע ווען זי האָט זיך באַקענט מיט אים. ער האָט די גאַנצע צייט זיך באַמיט אין איר איינצופלאַנצן זיין אידייע, זי צו פירן אויף זיין וועג, זי אויפצוקלערן, זי אַרויסצורייסן פון איר קליין, באַשרענקט, עגאָ:סטיש וועלטל; ער האָט געהאָפט און אויך איצט נישט אויפגעגעבן די האָפענונג אַז דאָס וועט אים געלונגען. זיין גרעסטער ווונטש איז געווען — און ער גלייבט אַז דער ווונטש וועט מקוים ווערן — צו לעבן מיט ראַבען אין האַרמאָניע, זי זאָל זיין זיינס אַ קאַמעראַדין, דאַן וועט די נויט, הונגער, פיין — יעדע שווערקייט אינעם לעבן — זיין לייכטער צו דערטראָגן. אַזוי אָבער ווי ס'איז געווען, די דיסהאַרמאָניע — וואָס האָט זיך אָנגעהויבן כמעט גלייך נאָך דער חתונה — איז געווען ערגער אַפילו ווי די אַרבעטלאָזיקייט, ווי די זאָרג פאַרן נאַקעטן לעבן. אין אַזעלכע מאָמענטן, ווען ער האָט געזען אַז זי ליידט צוליב זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, האָט ער געפילט, ווי אין זיין האַרץ נעמען ווידער אויפוואַכן זיינע געפילן צו פערעלען, וועלכע ער האָט שוין לאַנג געהאַט דערשטיקט אין זיך, וועלכע זענען שוין אפשר געווען פולשטענדיק טויט אין אים. פון זינט מ'האָט אים אַרעסטירט — אָ, נאָך פריער — האָט ער פערעלען מער נישט געזען. און ער וויל זי מער נישט זען, אויך נישט דעם פריינד זיינעם יצחק לערמאַן, איר מאַן אַצינד. יעקב האָט געוווּסט ווו זיי וווינען, אַז פערעלע אַרבעט אין אַ יידישער געזונטהייטס־אינסטיטוציע פאַר קינדער און איר מאַן איז לערער אין אַ יידישער שול. ער האָט געהערט אַז זי ווערט שטאַרק געאַכטעט און איז זייער באַליבט ביי די אָרעמע יידישע מאַמעס, וועלכע קומען אין דער דאָזיקער אינסטיטוציע מיט זייערע קראַנקע אָדער שוואַכע קינדער נאָך מעדיצינישער הילף און היגיענישער אויפקלערונג, אַז זי איז איר אַרבעט איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן, אַז די דאָזיקע אַרבעט איז איצט איר אינהאַלט. דאָס האָט אים געצויגן צו איר. מ'האָט אים דערציילט, אַז זי איז זייער גליקלעך, אַזוי אויך איר מאַן. זיי זענען גליקלעך אין זייער פאַמיליענלעבן, גליקלעך, הגם זיי האָבן קוים־קוים אויפן בייטיקסטן, כאָטשביידע אַרבעטן שווער. אָבער ביידע האָבן אַן אידעאַל: זיך ווידמען, זיך אָפּפערן פאַרן כלל, און נישט אין זינען האָבן בלויז דאָס אייגענע, קליינע פּיצל לעבן. זייער אידעאַל זענען די אָרעמע קינדער: זי זאָרגט פאַר זייערע גופימלעך און ער פאַר זייערע נשמהלעך. געמיינזאַמער אידעאַל ברענגט אינעם פאַמיליענלעבן האַרמאָניע.

3

אַראָפּקומענדיק פון די פינף שטאָק שטיגן אינעם פאַרשנייטן הויף, האָט עס יעקבן גענומען צ׳ען אַהינצוגיין אין דער אינסטיטוציע ווו פּערעלע אַרבעט, אָדער אין דער שול, אין וועלכער לערמאַן איז לערער. אָבער ער איז גאָר אַראָפּגעגאַנגען צו דער מוטער אין קעלער אַריין געווויר ווערן וואָס זי מאַכט. ביים עפענען די טיר האָט אים דער אַוויר אַ שלאָג געטאָן אין דער נאָז אַריין. ער האָט כמעט נישט געקענט אָטעמען: די גאַל האָט זיך איבערגעדרייט, ווי מ׳זאָגט, דאָס האַרץ, די געדערים — אַלץ אין אים איז געקראָכן אין האַלדז אַריין און ער האָט געמוזט שטאַרק קעמפן מיט זיך נישט צו ברעכן. אַזוי איז אים יעדעס מאָל געגאַנגען ווען ער איז אין דער פרי אַראָפּגעקומען אין דעם דאָזיקן קעלער אַריין. ס׳האָט געדויערט עטלעכע מינוט ביז ער האָט זיך צוגעוווינט צו דער עיפּושדיקער לופט, צו דער געסרחה. ס׳האָט אויך געדויערט עטלעכע מינוט ביז ער האָט זיך צוגעוווינט צו דער טונקלקייט. דאַן האָט ער געזען, אַז אין דער קיך איז נאָך נישט געמאַכט קיין פייער. דאָך איז געווען וואַרעם. נאָר די וואַרעמקייט איז געווען עפּעס אַ קלע־פּיקע, וואָס שלעפּערט איין.

יוכבד איז געלעגן אין בעט, דעם קאָפּ אַרומגעבונדן מיט עפּעס אַ שמאַטע. זי האָט געקרעכצט, אָבער דאָס קרעכצן איז געווען ווי אַ פּישטשען פון אַ מייזל ערגעץ פאַרקלעמט אין אַ ווינקל.

„גוטמאָרגן, מאַמע! וואָס מאַכסטו?“

„דער קאָפּ, אַלץ דער קאָפּ. און סע שווידערט מיך, סע ברעכן מיר די ביינער. כ׳האָב געוואָלט אויפשטיין, אָבער ס׳בעט ציט מיך. דו וועסט מיר שטעלן באַנקעס, יעקב. אפשר וועט מיר דאָס העלפן“.

בנימין איז אַריינגעקומען. ער איז געווען אין בית־הכיסא אויפן הויף. דער־זעענדיק דעם ברודער האָט ער זיך דערפרייט מיט אים, ווי ער וואָלט אים שוין לאַנג נישט געזען. גלייך האָט ער גענומען רעדן וועגן דער מוטער: „ביין, דאָס איז נישט גלאַט קיין פאַרקילונג. דאָס שווידערן און ברעכן אין די ביינער, און דאָס הוסטן און שפּייען“... ער האָט יעקבן אָנגעקוקט מיט אַ פילבאַדייטנדיקן בליק, וואָס האָט געהייסן: „די מאַמע האָט די זעלבע קראַנקייט, וואָס דער טאַטע האָט געהאַט“.

„וואָס זאָל מען טאָן?“ יעדעס מאָל ווען ער קומט אַראָפּ זען וואָס די מאַמע מאַכט, רייסט זיך פון איר אַרויס די דאָזיקע פאַרצווייפלטע פראַגע; פאַרצווייפלט, ווייל דער ענטפער — ווען ער, אָדער בנימין, צי די קראַנקע זאָל אים געבן — וואָלט ער נישט געקענט אויסגעפירט ווערן. דער ענטפער: ברענגען אַ דאָקטער. ס׳איז אָבער נישט געווען קיין געלט צו באַצאָלן, קיין געלט אויף רפואות. גיין צו אַ צדקה־חברה? — ביידע, יעקב און מער נאָך בנימין, האָבן געפילט אַזאַ פאַראַכ־טונג צו גיין און דערנידעריקן זיך וועגן הילף, אַז זיי האָבן זיך נישט געקענט באַשליסן דערצו. חוץ דעם האָבן זיי געוווסט, אַז צוערשט מוז מען באַזאָרגן געוויסע צייגענישן, אַז מען איז טאַקע אַזוי אָרעם, אַז מ׳האָט נישט צו באַצאָלן קיין דאָק־טער; מען מוז לויפן אין פאַרשידענע אַמטן, אומעטום מוז מען וואַרטן און וואַרטן, מען מוז קומען נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל. דאַן הייבט זיך אָן דאָס גיין צו די

צדקה-חברות, איין צדקה-חברה שיקט צו אַ צווייטער, אומעטום מוז מען וואַרטן און וואַרטן, קומען נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, פאַר יעדן באַאַמטן זיך בוקן און בייגן און בעטן. נו, און אַז דער דאָקטער וועט קומען? ער וועט זאָגן אַז די קראַנקע מוז האָבן גוטע לופט, זון, גוטע דערנערונג. דאָס בעסטע וואָלט געווען אַ סאַנאַטאָריע. דער דאָקטער וועט פאַראָרדענען דאָס זעלבע, וואָס ס'האָט פאַר־אָרדנט דער דאָקטער, וועלכן מ'האָט געברענגט צום פאָטער. יעקב און בנימין האָבן דאָס געוווּסט.

„פאַר וואָס האָסטו נאָך נישט געמאַכט פאַר דער מאַמען עפּעס וואַרעמס צום טרינקען?” — האָט יעקב געפרעגט. קיין ענטפער האָט ער נישט באַקומען. אָבער אין דעם ים מיט טרויער אין בנימינס אויגן, מיט וועלכע ער האָט אים שטום אָנגעקוקט, האָט יעקב אַרויסגעלייענט דעם ענטפער: „בישטאָ מיט וואָס איינצו־הייצן אין דער קעך”. שפּעטער האָט ער ווידער געפרעגט אַזוי אומאיבערגעלייגט ווי פריִער: פאַר וואָס מ'איז נישט אַרויפגעקומען צו אים נאָך קוילן; אָבער ער האָט זיך צוריקגעכאַפּט, זיך דערמאָנענדיק, אַז ער האָט היינט פאַרברענט די לעצטע קוילן. אינסטינקטיוו שטעקט ער אַריין די הענט אין די קעשענעס און זוכט דאָרט געלט; אָבער מער ווי עטלעכע קליינע, האַרטע מטבעות, פאַר וועלכע מ'קען כמעט גאָרנישט קויפן, געפינט ער נישט.

„מאירל” — דערציילט בנימין — „איז ביי דער אַרבעט. ער קומט איינס און וועט ברענגען עטוואָס געלט. דאַן גיי איך צו דער אַרבעט און וועל ביינאַכט, ווען כ'וועל צוריקקומען, אויך ברענגען עטוואָס געלט. נאָר די זאַך איז די: די קעך איז דאָך אַ שותּפותדיקע. דער אַלטער איז בלויז איינער און ער באַניצט נישט די קעך: ער האָט נישט וואָס צו קאָכן. ווען די מאַמע, אָדער איך, וואָלט אים נישט אַראָפּגעגעבן פון אונדזער ביסן עפּעס צו עסן, וואָלט ער אויסגעגאַנגען פון הונגער. וועגן דעם אַלטן איז אַ גאַנצע מעשה, זייער אַ טרויעריקע, אַ הימלשרייענדיקע, און מ'וואָלט באַדאַרפט עפּעס טאָן דערצו. בקיצור איז די מעשה אַט־וואָס: דער אַלטער האָט זין און טעכטער אין אַמעריקע. זיי שיקן אים שטענדיק געלט. זיי האָבן אים געשיקט פאַר דער מלחמה, דערנאָך (ווען די מלחמה האָט אויפגעהערט) האָבן זיי אים ווידער גענומען שיקן געלט; אָבער די באַנק פון „איגנאַץ ווײַס עט קאָ” צאָלט דעם אַלטן נישט אויס דאָס געלט אַזוי ווי ס'קומט אָן, נאָר האַלט עס אָפּ אַזוי לאַנג ווי מעגלעך, חדשים־לאַנג, און דאַן גיט זי עס אים אין דער פּוילישער וואַלוטע. אויך קען דער אַלטער נישט רעכענען, ער קריגט הונדערטערס און טויזנטערס און מיינט אַז ער איז פּלוצלינג געוואָרן אַ גרויסער גביר. אָבער ווען ער גייט עפּעס קויפן בלייבט אים זייער ווייניק פון דעם ווערטלאָזן פּאַפּיר וואָס ער האָט באַקומען. ס'קלעקט בלויז אויף עטלעכע טעג. דערצו איז ער איצט נאָך טויב אויך, און נישט בלויז וואָס ער הערט כמעט נישט וואָס מ'רעדט צו אים, נאָר ער פאַרשטייט נישט, ווייל ער איז נישט מער גאַנץ ביים שכל, זינט די פרוי איז אים געשטאָרבן. גיין מיט אים ערגעץ מ'זאָל אים העלפן קען מען נישט, ווייל דער הויז־פאַרוואַלטער וויל נישט געבן קיין אָרעם־צייגעניש; ער זאָגט אַז דער אַלטער קריגט געלט פון אַמעריקע. יאָ, וואָס־זשע האָבעך דאַמיט געוואָלט אַרויסברענגען?” אַ מאָמענט האָט בנימין נאָכגעקלערט און זיך דערמאָנט: „כ'האָב דיר געוואָלט זאָגן אַט־וואָס: אַז הייצן די קעך מוזן מיר בשותּפות מיט ר' שחורן. נאָר אַזוי ווי ער פאַרנעמט אַ

גרעסערן חלק פון דער שטוב און זיין פאַמיליע איז טאָפּלט אַזוי גרויס ווי אונדזערע, דאַרף ער געבן צוויי חלקים צום הייצן און מיר נאָר איין חלק. גערעכטיקייט. יושר״.

פון דער אַנדערער זייט סיצינער פאָרהאַנג האָט שחור אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ בייז־שפּאָטיש געלעכטער: „גערעכטיקייט!... דער פּענטאַק! דאַוונט נישט, לייגט נישט קיין תפילין, וואַשט זיך נישט צו שאו ידיכם, מאַכט נישט קיין המוציא, בענטשט נישט, לייענט נישט קיין קרישמע, איז אַ גוי, אַ „ציצאַליסט“, אַ שטרייקער — רעדט וועגן גערעכטיקייט, מאָנט גערעכטיקייט!“ און ער האָט גענומען שרייען: „ממזר! אַ שייגאָר ייִד האָט דאָס געמוזט זיין דער טאַטאָ, אַז עאָר“...

בנימין האָט ריס געטאָן דעם פאָרהאַנג און מיט אַן אויפגעהויבענער פויסט געדראָט: „מיין טאַטן זאָלט איר נישט דערמאַנען!“

אַ ברייט ייִדל מיט קורצע פיס, אַ געפּאַקעוועטס, אַ פּעסטס, מיט אַ רויט פאַרקיילעכדיקטער באָרד, מיט קליינע, גרינגליִענדיקע, אַרומלויפנדיקע אייגעלעך און מיט אַ פּיצל נעזל, ווי אַ קאָרעקל, איז געשטאַנען איינגעבויגן צווישן אָנגעשטעלטע קערב מיט ציבעלעס, קנאָבל, רעטעך און כריין. ער האָט זיך אויסגעגלייכט און געוואָרנט ביידע, בנימינען און אויך יעקבן: „היטס ענק!“ און צו יעקבן אַליין: „דו, קרימענאַלניק! ווייסט אפשר נישט, אַז יאַך האָב מאָך אויסגענומען מיט דיין מאַמאָ, אַז איבער די גרענעץ פון איאָר חלק שטוב טאָר קיינאָר נישט אַריבאָרטרעטן!“ ער האָט געמאַכט אַ צייכן מיט דער פּאָדקאָווע פונעם שטיוול אויפן רעכטן פוס איבערן דיל, וואָס איז געווען שוואַרץ פון בלאָטע, און געוויזן: „איבאָרן דאָזיקן צייכן טאָר קיינער נישט אַריבאָרטרעטן! דאָס איז איינס. צווייטנס: נאָך אַ מאָל זאָלסטו, קליינער פּענטאַק, נישט אויפהייבן אַ האַנט קייגן מיאָר! יאַך קאָן דיאָך, צוזאַמאָ מיט דיין גרויסן ברידאָר — דעם גרויסן העלד — צעקוועטשן אין מיינאָ הענט, אָט אין די צוויי הענט! קאַשאָ קאָן יאַך מאַכן פון ענק ביידאָ! די קישקאַלאָך אַרויסלאָזן פון די באַכאָר און מאַכן פון זיי טעלעגראַפדראָט! און מאַ מאָטל... אַ טרעגאָר, אַ יונגאָר יונג... ענקאָר גליק אַז ר'איז אַצינדאָ אין גאַס. עאָר וואָלט ענק שוין נישט געוואָרנט פריִאָר, ווי יאַך טוס. ווייל יאַך בין אַן איבערגעלייגטאָר. עאָר אָבאָר... עאָר רעדט נישט, עאָר האָט נישט ליב צו רעדן. עאָר רעדט מיט זיינאָ הענט... און זיינאָ הענט... בלויז אַ ריאָר... אָבער נישט יאַך און נישט מאַן מאָטל עלן אויפהייבן אַ האַנט. צו וואָס? יאַך האָב קייגן ענק אַן אַנדאָר מיטל“...

יעקב האָט פאַרשטאַנען וועלכעס מיטל דאָס דאָזיקע ייִדל מיינט: ער וועט גיין צו דער פּאָליציי און מסורן; ער וועט זיך אויסטראַכטן, אַז בנימין, אָדער ער, גרייטן צו אַן אַטענטאַט אויף אַ רעגירונגס־באַאַמטן. האָט יעקב גענומען אַפּעלירן צו דעם פאַרשווינס יושר־געפיל, ווי בנימין האָט דאָס פריִער געטאָן: „מיר טרעטן די גרענעץ פון איין חלק שטוב קיין מאָל נישט אַריבער. אָבער איר פאַרשטייט דאָך אַליין, אַז איר דאַרפט געבן צוויי דריטל הייצונג און מיין מאַמע נאָר איין דריטל. ס'מוז דאָך זיין יושר, גערעכטיקייט. איר זענט זעקס מענטשן און מיין מאַמע און די צוויי ברידער — דריי“.

די גאַנצע צייט האָט דעם ייִדלס פרוי זיך נישט אָנגערופן. זי איז געשטאַנען איינגעבויגן איבער איר קוישל מיט סחורה: פאָדעם, נאָדלען, קנעפּלעך, שנורעוואַדלעס וכדומה, און געוווסט אַז איר מאַן קאָן אַליין זיין שטעטל באַשטיין. נאָך וואָס זאָל זי זיך אַריינמישן? נאָר אַז יעקב האָט געזאָגט זעקס מענטשן, און נישט

געזאָגט אַפילו דערביי קיין עין־הרע, האָט זי זיך געטאָן אַ גלייך אויס מיט אַ געשריי: „צייל דיאָר די ציין!" קיילעכדיק ווי אַ הערינג־טין, מיט אַ קיילעכדיקן גרויסן קאָפּ און צוויי אויערן, ווי אַ דוניצע, דאָס פּנים ווי אַן אָפּגעשיילטער רויטער בוראַק — האָט זי אַ פּאַרלייג געטאָן די הענט אויף די היפטן און געפרעגט: „וואָס ווילט עטץ פּראָווינצאָר חיות? דאַנקטץ גאָט אַז מ׳זאָר האָמאָר ענק אַריינגענומאָן און געגעבן אַן אָרט דעם קאָפּ אַנידאַרצולייגן! זיין דאַגה אַז מ׳זאָר זענען זעקס אָדער טויזנט מענטשן!"

שחור אָבער איז איינגעגאַנגען אויף בנימינס און יעקבס פּאָדערונג וועגן יושר און געזאָגט: „גוט. גערעכטיקייט, יושר. מ׳זאָר זענאָן אויך נאָר דריי מענטשן. נעשקע גייט אין דער פרי צו דער אַרבעט און קומט אַהיים ערשט ביינאַכט. זלאַטאָ האָט אַ שטעלאָ און איז אין גאַנצן ביי די באַלעבאַטים. מאָטל און יאָך מיטן ווייב — זעמאָ דעם גאַנצן טאָג אין גאַס. בלויז פריידל"... וועגן איר האָט ער נישט געקענט רעדן, און געענדיקט: „די וואָרעמקייט — אַז מען הייצט איין — בלייבט דאָך אין גאַנצן אין ענקאָר טייל פון דער שטוב. נו, ביי וועמאָ איז דאָ מער יושר: ביי מ׳זאָר, צי באַ ענק?"

זיין ווייב האָט זיך פאַרקרומט: „יושר, שמוישאָר!"

אויף אַן אויסגעבעטן געלעגער איז געשלאָפן פריידל, וועלכע האָט זיך נישט געלאָזט רופן אַנדערש ווי פּראַניע, אָדער פּראַנקע. געווען איז זי די מיטלסטע טאָכטער, אַ פּראָסטיטוטקע, און אַהיימגעקומען שלאָפן איז זי פאַרטאָג ערשט. די געשרייען האָבן זי אויפגעוועקט. אויפגעכאַפּט האָט זי בלויז די צוויי ווערטער: „יושר" און „גערעכטיקייט". אויפגערעגט — דערפון וואָס מ׳האָט זי אויפגעוועקט און מער נאָך פון די צוויי ווערטער, וועלכע זי האָט פיינט געהאַט פּונקט ווי די מענטשן, וועלכע מיידן זי אויס צוליב איר פאַך — האָט פּראַניע באַשלאָסן זיך אָפּצורעכענען מיט די צוויי יאָלדן פון יושר און גערעכטיקייט אויף איר אופן. זי האָט זיך געמאַכט ווייטער שלאָפן, האָט אָבער אונטערן איבערבעט זיך קאָפּויער־געהויבן דאָס העמד ביז צום האַלדז, זיך געלייגט אויף אַ זייט און דאַן מיט די פּיס אַראָפּגערוקט פון זיך דאָס איבערבעט. יעקב און בנימין האָבן דערזען אַ ברייטן רוקן און אַ גרויסן הינטערטייל ווי ביי אַ קו.

זיי האָבן זיך שנעל אויסגעדרייט און זענען צוריק צוגעגאַנגען צו דער מוטער.

4

בנימין איז עטלעכע מינוט געווען רויט, צעטומלט און פאַרשעמט פון דעם וואָס ער האָט געזען. נאָר געליטן האָט ער דערפון, ווייל מ׳האָט חוזק געמאַכט פון דעם וואָס איז פאַר אים געווען דאָס העכסטע און דאָס הייליקסטע: יושר און גע־רעכטיקייט. פאַרצווייפלט האָט ער געקוקט יעקבן אין די אויגן אַריין און מיט ווייטיק אין קול, ווייטיק ביז טרערן, האָט ער אים שטיל געזאָגט: „ווען אָרעמע מענטשן לאַכן פון יושר איז עס פאַר מיר ערגער ווי דער טויט".

יעקב האָט שטאַרק מיטגעפילט מיט זיין יונגן ברודער. צערטלעך אַרומנע־מענדיק בנימינס שמאָלע פּלייצקעס, האָט ער אים געטרייסט: „נעם דיר נישט אַזוי

שטאַרק צום האַרץ אַזעלכעס. זיין אַן אָרעמאַן מיינט נאָך נישט אַז מען מוז זיין אויך אַ צדיק". געבליבן לעבן דער מוטער איז ער נישט מער לאַנג, וויל ס'איז גאָרנישט געווען וואָס צו טאָן און ער האָט דערוויל, צוזאַמען מיט בנימינען, גאָרנישט געקענט אויסטראַכטן ווי אַזוי איר צו העלפן. ער איז צוגעגאַנגען צום אַלטן און זיך אָנגעבאָטן מיט אים צו גיין אין דער באַנק אַריין. דער „זיידע", ווי אַלע אין קעלער האָבן אים גערופן, האָט גראָד ווידער געהאַט באַקומען געלט פון די קינדער אין אַמעריקע, שוין אַכט וואָכן ווי זיי האָבן אים געשריבן, אַז זיי האָבן אים אַרויסגעשיקט 50 דאָלער. אָבער די באַנק האָט, ווי יעדעס מאָל, געזאָגט, אַז דאָס געלט איז נאָך נישט אָנגעקומען.

דער אַלטער איז געזעסן אַן אָנגעטוענער אויפן בעט, וואָס איז געשטאַנען אין אַווינקל נישט ווייט פונעם פענצטער. דאָס בעט איז געווען אַלץ וואָס דער דאָזיקער אָרעמער אַלטער מענטש האָט נאָך געהאַט. נאָכן ווייבס טויט האָט ער אויספאַרקויפט די רעשט פונעם מעבל און אַנדערע זאַכן. ער איז געזעסן מיט צוגעמאַכטע אויגן אין אַ מין וואַכן דרימל און געווען גליקלעך אין אַ שמועס מיט זיין פרוי. ער האָט גערעדט מיט איר וועגן פאָרן קיין אַמעריקע צו די קינדער, דאָרט וועלן זיי פראַווען זייער גאָלדענע חתונה, האָבן אַ סך נחת פון די זין, פון די טעכטער, פון די איידעמס און די שנירן; דער עיקר וועלן זיי זיך פרייען מיט די אייניקלעך. ער האָט אין גאַנצן פאַרגעסן וועגן באַנק, וועגן עסן, אַז לייז בייסן אים, אַז ער האָט שוין וואָכנלאַנג נישט געביטן קיין וועש. נאָר אָט הערט ער ווי מ'שרייט אים אַריין אין אַן אויער: „זיידע! זיידע!" ער האָט געעפנט די אויגן. נישטאָ מער די פרוי. פאַרשוואונדן. „האַ?... וואָס?"... יעקב שרייט נאָך העכער: „קומט מיט מיר, זיידע! איך וועל גיין מיט אייך אין דער באַנק אַריין!" דער אַלטער מאַטערט זיך צוערשט אַ ווײַלע, ביז ער דערקענט דעם, וועלכער רופט אים און אַ צווייטע ווײַלע ביז ער פאַרשטייט וואָס מ'וויל פון אים. ער האָט זיך קוים דערמאָנט וועגן דעם גאַנצן עסק מיט דער באַנק, אַז ס'איז שוין אַכט וואָכן זינט די קינדער האָבן אים געשריבן פון אַמעריקע, אַז זיי האָבן אים ווידער געשיקט 50 דאָלער.

די אַלטע, איינגעפאַלענע, פאַרטרוקנטע ליפּן מיט אַ שימל־קאָליר, האָבן געמורמלט: „יאָ... יאָ... אַ געזונט אין דיינע ביינער אַריין, לאַנג לעבן זאָלסטו דערפאַר. גאָט וועט דיר באַלוינען פאַר דיין אָנגעמען דיר פאַר אַן אַלטן, אומבאַהאָלפענעם מאַן, פאַר אַזאַ צעבראָכענעם מענטש, פאַר אַזאַ עלנטן ווי יאַך בין אַצינדאָ אָן מאַ פייגען". שאָקלענדיק מיטן אַלטן גרויען קאָפּ און ווייסער באָרד, האָט דער „זיידע" גענומען ווײַנען און שטיל רעדן צו זיך: „מאַ פייגע... איר איז גוט... אויפן עולם־אמת... אין ליכטיקן גן־עדן... מיך האָט זי דאָ אַליין געלאָזט"...

יעקב האָט גענומען דעם אַלטן אונטערן אָרעם און אים געפירט. אַרויסקומענדיק פונעם טונקלען, כמעט פינצטערן קעלער, האָבןביידע קוים געקענט אָפּנהאַלטן די אויגן, אַזוי האָט זיי געבלענדט דער בלוילעך־ווייסער שניי, דער בלויער הימל און די קיילעכדיקע זון, ווי אַ פאַלירטע בלאַס־גאָלדענע טאַץ. נאָר יעקבס אויגן האָבן צו דעם שניידנדיקן ליכט זיך באַלד צוגעוווינט. ווי יעדעס מאָל, ווען ער איז אַרויסגעקומען פון דאָזיקן קעלער, האָט ער מיט פולער ברוסט אַריינגעזויגן אין זיך די מחיהדיקע פרישע לופט און געפילט ווי זי צעגייט זיך אין אַלע זיינע גלידער. ס'האָט זיך אים געדאַכט אַז ער ווערט שיכור פון ליכט און לופט. נאָר

דער „זיידע" האָט געפינטלט מיט די אַלטע אויגן. זיי האָבן אַזוי פיל ליכט שוין נישט געקענט פאַרטראָגן. פונקט אַזוי האָבן זיינע אַלטע לונגען נישט געקענט פאַרדייען אַזאַ שאַרפע לופט, זי האָט אים געשטאָכן אין דער אַלטער ברוסט. דער קאָפּ האָט זיך געגומען מיט אים דרייען און ער האָט זיך אָנגעהויבן וואַקלען ווי אַ שיכור. נאָר יעקב האָט דעם אַלטן פעסט געהאַלטן אונטערן אָרעם און אים געפירט: „האָט נישט קיין מורא, ויידעשי. איר וועט נישט פאַלן".

## קאַפּיטל זיבעצן

## ערשטער המשך פונעם קווערשניט

1

די צעטיילונג פונעם הויף אין אַן אויבנאָן פאַר די רייכע, אַראָפּצוצו פאַר די וועלכע ס'גייט גוט, און גאַנץ אונטן פאַר די אָרעמע און סאַמע אָרעמסטע — האָט זיך אין ווינטער נישט אַזוי שטאַרק אָנגעזען. די נאַטור האָט אויסגעגליכן דעם מענטשס צעטיילונג, זי האָט דעם אויבנאָן און דעם אונטן איבערגעדעקט מיט איין גרויסן, ווייכן, ווייסן טעפּיך. די ווייסקייט האָט זיך אַזוי געמיניעט, אַז ס'האָט זיך געקענט דאַכטן ברילִיאַנטן שימערן. דער בוים האָט זיך איינגעהילט אין אַ ווייסער הערמאַלין־טאָגע, אָדער מאַנטיליע. נאָר די שילער פון דער יידישער שול — זיי זענען אין דער פויזע אַראָפּגעקומען זיך גליטשן — שפּאַרן זיך: טייל זאָגן אַז דער בוים איז באַשיט מיט מאָנטשקע... זאָגן די אַנדערע: „וואָס ענק קען איינפאַלן! אַוודאי טרינקט עטץ אין דער היים טיי אָן צוקער; דאַריבער דוכט זיך ענק — וועט עטץ זעט עפּעס ווייס — אַז ס'איז מאָנטשקע. און אונדז קומט אויס, אַז די צווייגן זענען באַהאָנגען מיט וואַטע"... חוזקן יענע: „ווייל ס'איז ענק קאַלט, צ'האָט נישט קיין וואַרעמע פאַלטאָנס אָנצוטאָן"...

די שילער האָבן איבער דער לענג פונעם הויף אויסגעריבן אַ גליטש. זי זעט אויס ווי אַ פּאַס שוואַרצער מאַרמאָר. טייל שילער גליטשן זיך, טייל וואַרפן זיך מיט שניי. איבערן הויף טראָגט זיך איצט אַ פריילעכער טומל, פריידיקע געשרייען, לוסטיקע און גליקלעכע געלעכטערס פון קינדערישע הערצער. די לערערס און די לערערנס, די מייסטע פון זיי יונגע מענטשן, שפּילן מיט זייערע שילערס און שילערנס. זיי וואַרפן קוילן שניי און קריגן צוריק צענמאָל אַזוי פיל.

ווייסע פרייד, יונג ברויזנדיק גליק.

דורך די פענצטער פונעם חדר (זיי גייען אויך אין הויף אַריין, נאָר אַ שטאָק בידעריקער פון דער שול) הערט מען די זינגענדיקע שטימען פון די תלמידים ביים לערנען. זיי זיצן איבער חמשים און שאָקלען זיך. אָבער די ווערטער קומען ביי זיי אַרויס מעכאַניש, ווייל זייערע הערצער און זייערע מוחות זענען ביי דעם גליטש. זיי זענען מקנא די שילער פון דער שול. די וועלכע האָבן נישט אַזוי קיין מורא פאַר אַ קלאַפּ פונעם רביך, כאַפּן אַלע מאָל אַ בליק דורך די פענצטער אין

הויף אַריין. ווי וואָלטן זיי אַצינד אויך געוואָלט זיין אונטן, זיך גליטשן, וואַרפן קוילן שניי און אַרומבראָזיען מיט די מיידלעך!... ס׳מוז זיין גוט צו זיצן מיט די מיידלעך אויף איין באַנק און צוזאַמען צו לערנען מיט זיי, ווי ס׳איז אין דער שול...

דעם מלמד פאַלט אויף — אָדער ער דערפילט — אַז די תלמידים, אָדער די מייסטע פון זיי, זענען איצט נישט ביים לערנען; זייערע געדאַנקען זענען אונטן. מוסרט ער זיי, זאָגט זיי, אַז דאָס וואָס זיי זענען איצט אינעם הויף איז זינד, אויס־געלאַסנקייט, און אַז יענע אַלע יינגלעך און מיידלעך מיט די לערערס צוזאַמען, וועלן נאָכן טויט ברענען אין גיהנום. אָבער דעם רבינס מוסר (און אויך דאָס גיהנום נאָכן טויט) האָבן אַ קנאַפּע פּעולה אויף די תלמידים, וועלכע ס׳ציט אַזוי שטאַרק צו זיין אונטן. טייל פון זיי נאַרן זיך טאַקע אַרויס, זאָגן דעם רבין, אַז זיי מוזן גיין אין בית־הכיסא, שווערן אַז זיי מוזן. זיי ווייסן אַז דער רבי וועט אַרויסקוקן דורכן פענצטער און זיי וועלן דערנאָך, ווען זיי וועלן צוריקקומען, כאַפּן פּעטש; אָבער דער יצר־הרע איז שטאַרקער. אונטן ווערן זיי פון די פרייליכע שילער באַגעגנט מיט אַ האָגל קוילן פון שניי. זיי גיבן צוריק. דאַן הייבט זיך אָבער אָן אַ חוזק־מאַכן. עט־לעכע שילער פרעגן די תלמידים: „ווי אַלט איז די ערד?... ווי ווייט איז פון אונדז די זון?... פון וואָס באַשטייט שניי?... פאַר וואָס איז פראָסט?... די חדר־יינגלעך ענט־פערן אויף דער ערשטער פראַגע: „די וועלט איז אַלט פינף טויזנט זעקס הונדערט“...

די שילער קאַליערן זיך פון געלעכטער.

## 2

אויף דער גאַס איז דער שניי בלאָטיק און שוואַרץ. דאַרע פערד שלעפּן גרויסע פּלאַטפאָרמעס, אָנגעלאָדענע מיט משא. אָבער די רעדער פון די פּלאַטפאָרמעס בלייבן אַלע מאָל שטעקן אין טיפע לעכער, אין גריבער. די פערד, אונטערשפּאַרנ־דיק זיך מיט די הינטערשטע פיס אַז די מוסקולן פּלאַצן שיער, רייסן זיך, רייסן זיך, אָבער זיי קענען דעם וואָגן נישט אַרויסציִען. די באַלעגאָלעס שרייען מיט אַלע כוחות: „וויאָ! העטיאָ! ווישטאָ!“ זיי לייגן־צו אַן אַקסל, שטופּן אונטער פון הינטן די שווערע בריקעס מיט סחורה. די אָדערן פון זייערע העלדזער ווערן ווי שטריק, בלוי, אָנגעצויגן צום פּלאַצן, ווי ביי די פערד די מוסקולן. אָבער ס׳העלפט אַלץ נישט. טייל פורמאַנעס, אינגאַנצן שוין פאַרמאַטערט און אַרויס פון די כלים, הייבן אויף די בייטשן איבער די פערד און פרעגן: „אַ נו קאַשטאַן, וועסט גיין?“ ביי טייל העלפט דאָס. אַפּנים אַז יענע פערד האָבן פאַרשטאַנען מיט וואָס סע שמעקט, אויב זיי וועלן אַצינד נישט קומען ווייטער. די פערד, וועלכע פאַרשטייען נישט, אָדער סע העלפט זיי נישט דאָס פאַרשטיין די לעצטע וואָרענונג, פאַרנעמען דאַן אַזעלכע ווערטער: „פּגרן זאָלסטו! העי, מיוחסת! לייג דיך נישט אויף קיין זייט! באַהאַלט דיך נישט אַריין, נבלה איינע, אינעם קאַרען! דו סטערוווע! שלעפּ! אין דיין“... יעדע קללה, יעדעס זידלוואָרט, ווערט אַריינגעהאַקט אינעם פערד מיט דער בייטש. די פערד פרייכן, בלאָזן מיט די פלאַנקן, דורך וועלכע סע שטאַרצט אַרויס די ריפּן־ביינער. דורך די ברייט־צעעפנט נאָזדרעס, אַז מ׳זעט אַזש אַרויס די ראָזקייט פון אינעווייניק, זעצט אַ געדיכטער דאַמף. דער דאַמף ווערט גלייך געפרוירן און

בלייבט הענגען אויף די לאַנגע האָר פון די מאָרדעס, זיי פאַרוואַנדלענדיק אין ווייסע בערד פון זילבערנע דראָטן... טייל פערד ציִען זיך אויס אין דער גאַנצער לענג, ווערן שלאַנק, די פיס ווי אייזערנע שטאַנגען, די קעפּ אויסגעשטרעקט ווי זיי וואָלטן גאַלאָפּירט, די אויערן אַנידערגעלייגט און די העלדזער לאַנג. די לעצטע ביסלעך היי און שעצקע, נאָך נישט גאַנץ פאַרדייעט, קוועטשן זיי אַרויס פון זייערע געדע־רים. טייל פערד פאַלן, בלייבן ליגן און קענען זיך נישט אַליין צוריק אויפשטעלן. מ׳מוז זיי דערביי העלפן.

אויך מענטשן, מיט שטריק אַרום די לענדן, אָפּגעריסענע, מיט נאַקעט לייב אין דרויסן, איינגעשפּאַנטע ווי פערד אין האַנט־וועגעלעך, שלעפּן משא, אַזויערנאָך צו פאַרדינען אַ שטיקל ברויט. אַנדערע טראָגן גרויסע, שווערע פּעק אויף די פּליי־צעס. איינגעבויגענע, די אויגן מיט בלוט פאַרלאָפן קריכן שיער אַרויס פון די לעכער. דאָס פּנים איז אַזש בלוי. אָט אַזוי האָרעווען זיי, די טרעגערס, יונגע און אַלטע מענטשן, בייגן זיך אונטער דער שווערער משא, הויכן אַרויס פון זיך די לונגען, דאָס אינגעווייד. פּונקט ווי די פערד ווערן זיי געטריבן — מיט בייטשן, נאָר אַנדערע: די בייטשן פון נויט, די בייטשן פון הונגער, די בייטשן פון זאָרג פאַר פרוי און קינד.

די גאַסן זענען פול מיט מענטשן, מיט קולות און געשרייען, מיט געוואַלדן און זידלערייען, מיט גערויש און געפּילדער, מיט ליאַרעם, געטראַסק, געבראַזג, מיט טומל, מיט געקאַך און הו־האַ. די מענטשן שטופּן און פּאַקן זיך, לויפן און איילן. פול זענען די טראָטואַרן מיט שטראָמען מענטשן — מענער, פרויען, יוגנט, קינדער און זקנים. אין טייל גאַסן דאָ, באַזונדערס אין דער דזשיקע און אין די באַלעווקעס, ראַיעט עס פון הענדלער, ווי מוראַוואניקעס מיט מוראַשקעס. די הענ־דלערס און הענדלערקעס, אָנהייבנדיק מיט זיבן־אַכט־יעריקע קינדער ביז זעכציק־זיבעציק־יעריקע, שטייען מיט גרויסע און קלענערע קאָרבן אַלערליי סחורות. זיי שטייען ביי די ווענט פון די הייזער און ביים ראַנד טראָטואַר צום רינשטאָק, זיי שטייען אין די טויערן, אין די גרעסערע הייף און אויך אין די רינשטאָקן פון די גאַסן. די שטראָמען מענטשן גייען צווישן שפּאַלירן פון הענדלערס און הענדלער־קעס, אַלע כמעט אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע, איינגעהילט אין שמאַטעס, די פיס אַרומגעבונדן מיט זעק. פון הויכע באַראַנקאַווע היטעלעך ביז איבער די אויערן, פון קורטקעס, שפּענצערס און פון פאַלטנס, פאַרפּעצטע און פאַרלאַטעטע — קריכט אַרויס די וואַטע דורך לעכער, וועלכע מ׳קען שוין מער נישט פאַרריכטן. די ווייבער און מיידלעך זענען איינגעבאַבעלעט אין שובעס, מיט ברייטע פאַרטעכער אַרום, אין וועלכע ס׳זענען דאָ טיפע קעשענעס, איינגעהילט אין גרויסע פאַטשיילעס, פאַר־בונדן אויף הינטן.

די גאַסן־הענדלערס האָבן צו פאַרקויפן כמעט אַלץ וואָס אַ מענטש דאַרף. דאָך, די מייסטע, באַזונדערס אָבער פרויען און האַלב־דערוואַקסענע קינדער, האַנדלען מיט בייגל. אין ליאַרמענדיקע כאָרן פון איין עק גאַס צו דער אַנדערער רופן הונדערטער קולות, זיך איבערשרייענדיק איינע די אַנדערע: „בייגל!... פרישע בייגל!... הייסע בייגל!... פאָמעראַנצן!... זאַפטיקע, זיסע פאָמעראַנצן!... מאַלינאָווע פאָ־מעראַנצן, רויטע ווי בלוט!... ציטרינען!.. באַרנעס. עפּל!.. זעמל... מאָן־פּלעצלעך!... ציבעלע־פּלעצלעך!... קעז־קוכן!... פלאָדן!... גאַנצע כמאַליעס!“... אַלטע ווייבער פאַר־

קויפן געקאָכטע קיילעכדיקע אַרבעס און ביבער, און רופן מיט אָנצייניקע מיילער: „הייסע!... קאָכעדיקע!"... די הענדלערס און די הענדלערקעס כאַפּן אָן די דורכגייערס: „מאַדאַמעשי!... באַ מ׳אָר!... באַ מ׳אָר איז ביליגאָר!... באַ מ׳אָר!... קויפטע באַ מ׳אָר!... כאַפּטע אַ מציאָה!... אַ מציאָה... כאַפּטע!... פלינקע יידעלעך זינגען: „קראַוואַטן!... קראַוואַטן!... שניפּסן;... ספינקעס!"... מיידלעך און יונגע פרויען שלאָגן איבער: „שפּיצן!... שפּיצן!... אמתע טאָלעדאָ־שפּיצן, פּאַניענקאָ!... אָט איז זייף, פּאַרפיום, פּאַריזער פּאַרפיום!... געגוג איין טראָפּן און דער יונג נעמט־איין אַ מיתה משונה!"... פּיפּיקע צירונג־פּאַרקויפערס פּאַקן זיכערע קונים צווישן אַלטע און מיאוסע מיידן: „זעען זי נאָר פריילן ס׳אַראַ בראָשע דאָס איז!... מיט עכטע ברילִיאַנטן!... זעען זיי ווי זיי לייכטן מיט דער דאָזיקער בראָשע אויף דער ברוסט!... זיי קריגן אַ חתן אַפילו אָן איין גראָשן נדן!... דעם שענסטן און בעסטן קאַוואַליר קריגן זיי!"... טאַנצנדיק פון איין פוס אויפן צווייטן פון דער קעלט, מיט די רויט־געשוואָלענע הענט פונעם פראָסט, שרייען יינגלעך מיט קוויטשענדיקע קולעכלעך: „פּאַנאָוויע!... וווּנדאָר!... וווּנדאָר איבער וווּנדאָר!... די דאָזיקע שמאָלע, לאַנגע פּאַפּירלאָך — אַז מ׳צינדט אָן אַ קליין פּיצל בלויז — הייבט אָן שמעקן אין שטוב!... מ׳דאַרף נישט מער עפענען קיין פענצטער ביי אַזאַ יקרות פון קוילן אַרויסלאָזן די וואַרעמקייט!"... אַנדערע מיט שטעלעכלעך, געוואַלדעווען: „כאַלווע!.... כאַלווע!... פון בלויז ניס געמאַכט!... שאָקאָלאַדאָווע!... פּאָמעראַנטשאָווע!"... גאָר „געריבענע" פּאַרקויפן „זילבערנע" לעפל־מעסער־גאָפּל „בחצי־חינם", גיבן אַוועק „כמעט אין גאַנצן אומזיסט" אַמאַלירט געפעס: ווייסע, ברוינע און בלויע טעפּ, שיסלען, פענדלעך, דורכשלאַקן, פּאַרקויפן „יאַפּאַניש" און „כינעזיש" פּאָרצעלאַן, „זיידענע" זאָקן, „וואָלענע" שקאַרפּעטקעס, פּאַרטעכער, מייטקעס, ביוסטהאַלטערס, נאָטיץ־ביכלעך און שרייב־פענדלעך. אַלטע יידן פּאַרקויפן נאָנטלעך פון מאָן, טערקישן האָניק. מוכר־ספרימניקעס שטייען מיט בענטשערלעך, מיט לוחן, בריוונשטעלערס, מעשה־ביכלעך, שיר־המעלותן פאַר קימפּעטאָרנס, „טרעפערס" מיט אַלע צוועלף מזלות. צווישן די גאַסן־הענדלער איז אויך דאָ שחור מיט זיינע ציבעלעס, קנאָבל כריין און רעטעך, און זיין ווייב מיט איר סחורה.

אין די ליאַרעמענדיקע קולות, געשרייען און געוואַלדן פון די גאַסן־הענדלערס, מישן זיך אַריין די צייטונגס־פּאַרקויפערס: „אַ היינט!... אַ מאָמענט!.... אַ שרעקלעכע קאַטאַסטראָפע!... טויזנטער מענטשן טויט!... אין דייטשלאַנד גרויסע גאַסן־קאַמפן!... אין רוסלאַנד פאַלן מענטשן ווי פליגן אין די גאַסן פון הונגער!... מאַמעס עסן זייערע אייגענע קינדער!"... עטוואָס פאַרשפּעטיקט לויפן־אָן אַנדערע צייטונגס־פּאַרקויפערס און יעלהווען: „די לעבנספראַגן!... אויפגעדעקט דעם גאַנצן שווינדל ווי מען באַראַבעוועט דאָס אָרעמע פאָלק!"... און פונקט ווי אין אַן אָרקעסטער גיבן די באַסן און די פויקן דעם טאַקט פון דער מוזיק, אַזוי זענען עס די בעטלערס און די שנאָרערס, וועלכע דערגאַנצן דעם האַרמידער און דעם געפּילדער פון די גאַסן־הענדלערס מיט זייער געקרעכצעריי און געיאָמעריי: „שענקט אַ נדבה... שענקט"... אין די הונדערטער זענען זיי, פרויען אין יעדן עלטער, מענער, זקנים און קינדער, אַלערליי קאַליקעס, אמתע און אַזעלכע וואָס פאַרשטעלן זיך פאַר קאַליקעס. זיי לאָזן קיינעמען נישט פאַרבייגיין, רייסן ביי די פּאָלעס, ביי די קליידער און רעכענען אויס אַלע זייערע צרות.

## 3

בלייבט ווער שטיין צו קויפן אַ בייגל, לויפן צו צום קונה אָן אַ שיער פאַרקויפערס מיט זייערע קערבלעך, און הענט שטופן בייגל: „קויפט באַ מיִאָר, באַ מיִאָר"... אַלערליי הענט זענען דאָס: ביינערדיקע, שוין אויסגעטרוקנטע, מיט האַרטע אָדערן; העגט ציטערנדיקע פון זקנות; צעשעקעטע און פאַרריסטע העגט פון פרויען, וואָס קאָכן און רוימען; קליינע און שמוציקע העגט פון קינדער און וואָרעמע מיידלערישע העגט. און אַלע רופן איגאיינעם: „קויפט ביי מיִאָר!" „יאַך האָב אַ קראַנקן מאַן און קליינע קינדאָר!" „יאַך בין אַ וויסטע אַלמנה, מאַ מאַן איז געפאַלן אין דער מלחמה!" אַן אַנדערע, אַן איינגעשרומפענע פאַר דער צייט, קלאָגט: „יאַך האָב אַ מאַן; אָבער וואָס קומט מיִאָר אַרויס? עאָר איז געזונט און שטאַרק, אָבער אַז ס'איז נישטאָ קאַ אַרבעט"... אַ קליין מיידעלע דערציילט: „יאַך בין די איינציקאָ שפּייזאָרן!" זיבן־אַכט־יעריקע קינדער קלאָגן זיך: „מאַ מאַמאָ ליגט קראַנק!" „מאַ טאַטאָ איז געקומאָ פון דער מלחמה אָן פיס". כמעט אַלע גאַסן־העגדלערס האָבן צו דערציילן אַזעלכע אָדער אַנדערע צרות. צום גרעסטן טייל איז אַלץ, וואָס זיי רעכענען אויס, אמת. זיי ווייזן אָפּן זייערע ווונדן, ווי זיי וואָלטן געבעטן נדבות, ווייל ס'זענען דאָ מער גאַסן־העגדלערס ווי קונים און אַלע ווילן כאָטש אַ טרוקן שטיקל ברויט, כאָטש אַ פּאָסנע קאַרטאָפּליע.

אָבער דאָס דערוועקן רחמנות העלפט נישט קיין סך. דאָ ווענדט זיך אין פלינקייט, כיטרעקייט, אָדער אין פשוט פיזישן כוח. דער קאַמף דאָ פאַרן נאַקעטן לעבן איז אַ סך ביטערער, גרויזאַמער, מיאוסער ווי ביי חיות. מ'שלאָגט און מ'הרגעט זיך איבער אַ גראָשן פאַרדינסט. נו, מוזן די בעטלערס איבערשטייגן די העגדלערס ביים אויסרעכענען זייערע צרות. איינער ווייזט דעם נאַקעטן רעשט פון אַ פוס, אַ צווייטער איז אַ גרעסערער יחסן, ווייל אים פעלן ביידע פיס; ער רוקט זיך אויף אַ ברעטל מיט קליינע רעדעלעך. דער דאָזיקער פאַרשוין קוקט קאַפּויער מיט אַן אויסגעדרייטן האַלדז און לאָזט נישט אָפּ: „כ'בין אַן אומגליקלעכע קאַליקאָ!" אַ בלינדער מיט שטיקער ווייסע הויט שטאָט אויגן, האַלט אויסגעשטרעקט אַ האַנט: „ליבאָ מענטשן! איִאָר זעט, יאַך בין בלינד". נאָר ס'שטייען אַ סך בלינדע בעטלערס, מיט צוגעמאַכטע אויגן, צוגעוואַקסן די לעכער און טיף איינגעזונקען אינעם שאַרבן; אַנדערע מיט שטיקער רויט פלייש, איבערבלייבעכץ נאָכן אויסטריפן פון די שוואַרצאַפּלען און די ווייסלעכצן. ס'שטייען אָרעמע קאַליקעס אָן נעז, האָרבאַטע, אַנדערע מיט אויסגעדרייטע העגט, אין וועגעלעך, אָדער אויף דער גאָלער ערד, זיצן געליימטע. אַלע בעטן נדבות. אַזוי ווייבער מיט קינדער ביי דער ברוסט און צו עטלעכע קליינע אַרום זיך, שווינדזיכטיקע מענער און אויסגעדאַרטע יינגלעך און מיידלעך. יעדן פאַרבייגייענדיקן מענטש לויפט נאָך אַ גאַנצע כאָפּטע מיט אַ יאָמער־ליד פון זייער נויט, אַ ליד פון שנאָרען, אַ ליד פון צעטרעטענעם מענטש, וואָס איז געוואָרן אַ פויזנדיקער וואָרעם.

צווישן די צומטיפסטן געזונקענע האָט אויסגעבראָכן אַ קריגערייַ איבער אַ נדבה. איין שנאָרער דעם אַנדערן האָט פאָרגעוואָרפן: „דו ביסט דאָך גאָרנישט בלינד!" ענטפערט יענער: „און דו? און דו? און דו? עטץ אַלאָ האָט דאָך גאָרנישט קאַ וואַבאָר און קאַ קינדאָר! צ'קריכט דאָך גאָר צו נקבות! און דו, פּאַסקודניצאָ!

די דראַ קינדאָר זענאָ דאָך גאָרנישט דאַנאַ! האָסט דאָך די'אָך אַרומגעטלי־
קעט אין אַ באָרדעלי! איצטאָ טויגסטו נישט מעאָר דאַצו!״ ס׳האָט אויסגע־
בראָכן אַ געשלעג. די וואַרשעווער בעטלערס האָבן געפירט מלחמה מיט די פּראָ־
ווינצער שנאָרערס, מיט די היימלאָזע, וואָס זענען געוואָרן בעטלערס, צווישן וועל־
כע ס׳איז געווען גרשון דער לייוונטמאַכער מיט דער פּרוי און צירעלע, זייער איינ־
ציק איבערגעבליבן קינד. אַלע דריי שטייען מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן צו דער
ערד, שטום און אויסגעלאָשן. גרשון איז אַצינד שוין אינגאַנצן געל, מיט טיפע לע־
כער ביי די שלייפן, אָבער מיט אַ רויקן אויסדרוק אויפן פּנים. נישט ער, נישט
די פרוי (אינגאַנצן שוין דערשלאָגן) און נישט דאָס קינד בעטלען. זיי שווייגן. בלויז
צירעלע שטרעקט אויס אַ דאַר הענטל, ווען ס׳דערלאַנגט ווער אַ נדבה און קוקט
דעם באַרמהאַרציקן מענטש אָן מיט גרויסע, פאַרחידושטע אויגן. און די פאַרביי־
גייענדיקע גיבן איר מער ווי זיי גיבן די אַנדערע אָרעמעלייט. קרענקט דאָס די
וואַרשעווער שנאָרערס. האָט איינער איצט גרשונען אָנגעכאַפּט ביים שיטערן בערדל
און שרייט: „דו, פאַרבאָרגענאָר צדיק! קוק נישט אַזוי מיט די תמאָוואַטאָ אויגע־
ניס!״ — אָבער ווען דער קראַנקער לייוונטמאַכער ענטפערט נישט און ווערט זיך
נישט אַפילו, קאָכט דאָס יענעם אויף און לאָזט אים אַראָפּ אַ פּאַטש. די אַנדערע
בעטלערס האָבן בלויז געוואַרט דערויף. אַ גאַנצע כאַפּטע וואַרפט זיך אויף אים.
די פרוי און צירעלע שרייען: „מענטשן העלפט! העלפט!״ דאָס אויסגעדאַרטע, אָבער
הויך־אויפגעשאָסענע מיידל וואַרפט זיך מיט איר מאָגערן גוף איבערן פאָטער, אים
צו שיצן. אויך די פרוי לייגט זיך איבערן טויט־קראַנקן מאַן. ליגן אַלע דריי
אין שמוציקן שניי אויף דער ערד און די בעטלערס אויף זיי. אַפילו די באמת
בלינדע, לאָמע און אַנדערע קאַליקעס, שלאָגן מיטן גאַנצן כוח די דריי היימלאָזע,
וואָס זענען אָנגעקומען צו קצבה און געוואָרן זייערע קאָנקורענטן. ס׳בלייבן שטיין
אַלץ מער פאַרבייגייערס. דער מיליציאַנט אויף דער וואַך איילט זיך נישט: ער
שטייט פון דער ווייטנס און קוקט. נישט איין מאָל קומט אים אויס צו זען אַזעלכע
געשלעגן צווישן די שנאָרערס. אפשר האָט ער גאָר הנאה דערפון, פאַר אים איז
דאָס אפשר אַ ספּעקטאַקל. יעדנפאַלס, ער האַלט נישט פאַר נייטיק אַזוי גיך זיך
אַריינצומישן. איבערגעבן צום געזעץ די שלעגערס וואָלט געווען אומפּראַקטיש:
געלט צו צאָלן שטראָף האָבן זיי נישט. וואָלט מען זיי געמוזט איינזעצן. דאָס וואָלט
דער מלוכה געקאָסט געלט. און צווייטנס: די תפיסות מוז מען האָבן פאַר גרעסערע
פאַרברעכערס, און אַלע זענען פול־געפּאַקט. ערשט ווען ס׳זענען שטיין־געבליבן
צופיל נייגעריקע און דער פאַרקער האָט אָנגעהויבן געשטערט ווערן, איז דער
מיליציאַנט צוגעקומען (מיט נישט געאיילטע טריט) און צעטריבן דעם עולם.

און פלוצלינג האָט צווישן די גאַסן־הענדלערס אויסגעבראָכן אַ בהלה. ס׳האָט
איינער דעם אַנדערן שנעל איבערגעגעבן: „דער בלויער!... דער בלויער״... אין אַזאַ
מאָמענט איז די שנאה צוליב קאָנקורענץ פאַרגעסן, אַפילו דער האַס פון די וואַר־
שעווער צו די פּראָווינצער, צו די היימלאָזע. קעגן דעם געמיינזאַמען שונא זענען
אַלע פאַראייניקט. ס׳לויפן מיט די קוישן אַלע, וועלכע האָבן נישט קיין פּאַטענטן
צו האַנדלען און פאַרדינען נישט גענוג צו געבן דער פּאָליציי שוחד. אַלטע יידן
און אַלטע יידענעס, קליינע יינגלעך און מיידלעך (זיי זענען קלענער פון זייערע
קוישן) פאַלן ביים לויפן און צעשיטן אינעם שמוציקן שניי, אינעם פערד־מיסט די

בייגל, די זעמל, די געקאָכטע קיילעכדיקע אַרבעס און ביבער. דער אָנגעקומענער העכערער פּאָליציי־באַאַמטער פּייפט און ס׳קומען אים צו הילף אַלע מיליציאַנטן, וועלכע געפינען זיך אין דער דאָזיקער געגנט. אַ געיעג נאָך די אַנטלויפנדיקע הענדלערס. די, וועלכע די מיליציאַנטן כאַפּן, ווערן טאָפּלט באַשטראָפט: די צע־יושעטע צעשיטן זייער סחורה אויף דער ערד און צעטרעטן זי מיט די שטיוול און די הענדלערס פירן זיי אָפּ אין פּאָליציי־צירקל. אין דער הייסער מינוט, ביים כאַפּן, שלאָגן זיי די אומגליקלעכע, וואָס איז אַ צולאָג צו דער טאָפּלטער שטראָף פון פאַרניכטן די סחורה און אַרעסט. די פאַרצווייפלטע געשרייען, געוואַלדן און געוויין פון די געהעצטע טראָגט זיך איבער דער גאַס.

4

אָבער ס׳געדויערט נישט לאַנג און די אַנטלאָפענע, וועלכע די פּאָליציי האָט נישט געכאַפּט, קומען צוריק. דער האַנדל גייט ווייטער: דער זעלבער געקאָך און געזשום, די זעלבע קולות: „בייגל!... הייסע בייגל!...“ „שענקט אַ נדבה, פּעטערשי... מאַדאַמעשי“... פּאַר די שפּייז־קראָמען שטייען לאַנגע רייען מענטשן. זיי וואַרטן געדולדיק שעהן און שעהן צו קריגן עפּעס פּאַר זייער געלט. שוין יאָרן אַזוי. אַלץ ווערט טייערער, די פּראָדוקטן ערגער, אַרבעט קריגט מען ווייניקער און די לוינען ווערן קלענער. פון געוועלבער קומען מענטשן אַרויס מיט ליידיקע הענט: זיי האָבן מיטגענומען אַזוי פיל געלט ווי נעכטן אויף צו קויפן שפּייז; אָבער היינט קאָסט שוין אַלץ מער. די אָרעמע שרייען און שעלטן אין זייער אומבאַהאָלפנקייט: „אַ פייער זיי אין די געדערים אַריין! אַזעלכע הויטשינדערס! פּאַסקאַזשעס! שפּעקו־לאַנטן!“ זיי דראָען: „ס׳וועט קומען זייער צייט!“

נאָר דער גרעסטער טייל באַעוולטע און נויטליידנדע גייען אַוועק שטילע, ווי לעבעדיקע שאָטנס.

אין טילופלעך, אין אָפּגעכוימערטע און אין פונקל־בייע, אין קראַקולענע, פאָקענע, אָדער פליושענע ווינטער־היטלען, אויך אין טוכענע היטעלעך מיט ני־דעריקע דענקעלעך, אין קאַלאָשן און מיט צוויקערס אויף געפרוירענע נעז; יידן מיט בערד און הדרת־פּנימער פון למדנים, אָבער מיט שמדקייט אין קאָפּ; יידן מיט קיילעכדיק־צוגעשוירענע בערדלעך און מיט כלומרשט ערנסטע מינעס אין די גנבישע צורות, כמעט אַלע מיט שטעקעלעך אין די הענט — גייען הין און צוריק איבער דער גאַס מיט געמאָסטענע טריטעלעך און שמועסן וועגן האַנדל. איינער ביים אַנדערן טאַפּט דעם מקח פון אַ זעקל קמח, פון אַ קעסטל צוקער, פרעגט אויפן פרייז פון פאַרשידענע שניט־סחורות, לעדער, אייזן. מ׳רעדט דערביי אויך וועגן פּאָליטיק בכלל און וועגן אַקטועלער פּאָליטיק אין יעדן לאַנד באַזונדער: אין דייטש־לאַנד, רוסלאַנד, פראַנקרייך, ענגלאַנד, אַמעריקע, כינע און אין אַנדערע לענדער; מ׳רעדט וועגן דער קאָנסטיטוציע, וואָס דער פּוילישער סיים גרייט זיך צו געבן דעם באַפרייטן און זיגרייכן פּאָטערלאַנד; מ׳רעדט וועגן דעם אַנטיסעמיטיזם, וואָס ווערט אַלץ גרעסער און וועגן דעם באָיקאָט, וועלכער ווערט אַלץ שטאַרקער. מ׳זעט דאָ און דאָרט פּאַר יידישע געשעפטן שגצים (די מייסטע זענען סטודענטן) מיט פּלאַ־

קאַטן: „קריסטן, קויפט נישט ביי זשידעס!" ווי אין די „גוטע" דמאָווסקיס צייטן רופן זיי דעם אַלטן באַקאַנטן פּזמון: „סוואָי דאָ סוועגאָ!" ווי אַן ענטפער דערויף נעמען די ייִדן רעדן וועגן ציוניזם, וועגן פּאַלעסטינע.

אין די ראַגן פון די גאַסן און געסלעך שטייען נאָך אַנדערע „סוחרים" און „סוחרטעס". די דאָזיקע „סוחרטעס" פאַרקויפן עטלעכע מינוט פאַרגעניגן פון זייער לייב. טייל גיבן דערביי אַ „צולאָג" (אומזיסט) אויף וואָכן, אָדער חדשים, און אַפילו אויף יאָרן, צי גאָר אויפן גאַנצן לעבן. די „סוחרים" אָבער, די מייסטע צווישן צוואַנציק און פערציק יאָר, אַ סך מיט מעסערס אין די כאַליעוועס פון די שטיוול, מיט ניאַפּעס שיער ביז צו די ממזרישע אויגן, אין האַרטע קאַפּעליושן אָדער אין בלויע „מאַטשעיוווקעס" מיט לאַקירטע דאַשקעס און פיין־אַנגעטאָן — פאַרקויפן אַלערליי מציאות: גאָלדענע פינגערלעך מיט טייערע בריליאַנטן, גאָלדענע קייטן, גאָלדענע און זילבערנע זייגערלעך און זייגערס, זילבערנע לייכטערס, קידוש־בעכערס און בשמים־ביקסלעך (גאָלדענע און זילבערנע) און שנירן אמתע פערל. ביליק זייער ביליק. פאַר וואָס אַזוי ביליק? — אַ גרויסע פירמע שטייט אין באַנקראָט און פאַרקויפט אויס בחצי־חנם. אָדער דאָס צירונג איז פון אַ לאָמ־באַרד אַרויס, אָדער ס׳איז נישט קיין גאַנץ כשרע סחורה...

חוץ אַזעלכע סוחרים דרייען זיך אַרום אויך „מאַכערס" און מעקלערס פון „מאַכערס". טייל פון די פאַרשווינען זעען אויס ווי גאָר פיינע לייט: פרומע ייִדן, יראי שמים. זיי וועלן גערן טאָן אַ מצוה, העלפן ועמען וואָס איז אין אַן עת־צרה און זיך פאַרדינען דערביי עולם־הבא. און מענטשן, וועלכע געפינען זיך אין אַן עת־צרה, זענען דאָ אַ סך. די מייסטע פון זיי זענען די, וועלכע ווילן פאָרן קיין אַמע־ריקע, אָבער זיי קריגן נישט קיין וויזע. דאַן קומען די, וועלכע באַמיִען זיך צו קריגן פון ׳דער רעגירונג קאָנצעסיעס אויף פאַרשידענע געשעפט־אונטערנעמונגען און קענען זיי נישט באַקומען. די דאָזיקע „מאַכערס" אָבער קענען אַלץ פאַרשאַפן: וויזעס, קאָנצעסיעס. פאַרשטייט זיך אַז ס׳קאָסט געלט.

אַ ייִד — לויטן ׳אויסזען מעג מען אים געטרויען מיליאָנען — גייט מיט אַ ייִדענע, פון אַ קליין שטעטל הין און צוריק איבער דער גאַס און פאַרזיכערט איר, אַז ער קען איר העלפן: ער וועט שוין קריגן פאַר איר אַ וויזע קיין אַמעריקע, זי וועט אַפילו נישט דאַרפן וואַרטן ביז ס׳וועט קומען איר רייע. די ייִדענע חידושט זיך: „פון וואַנען ווייסט איר, ר׳ ייִד, וואָס מיך דריקט?" ענטפערט איר דער ייִד מיט אַ פראַגע: „איז׳ס אַזוי צי נישט?" די ייִדענע טראַכט: „אַ מלאך פונעם הימל, אליהו הנביא". אין איר שטעטל, איידער זי איז געפאָרן קיין וואַרשע, האָט מען איר געזאָגט, אַז זי וועט מוזן אָנקומען צו אַ מאַכער. מ׳האָט זי דערביי געוואָרנט, אַז אין וואַרשע זענען פאַראַן ׳אַ סך גנבים, שווינדלערס און זי זאָל זיין פאָרזיכ־טיק. דער ייִד אָבער, וועלכער גייט לעבן איר און פאַרזיכערט איר, אַז ער קען איר פאַרשאַפן אַ וויזע, איז געוויס נישט׳ קיין שווינדלער. זי זעט — זי דערקענט דאָס אין זיין פנים — אַז ער איז אַ פרומער, גאָטספאָרכטיקער מאַן.

די דאָזיקע „מאַכערס", מעקלערס און אַגענטן פון פאַרשידענע ביוראָס, וואָס „פאַרשאַפן" אַלץ וואָס עמעץ דאַרף: יעדע דערלויבעניש, צייגעניש פון דער רע־גירונג, אָדער פון אַן אויסלענדישער מלוכה און מ׳קען עס נישט קריגן אויפן לעגאַלן וועג; אַלערליי שווינדלערס, קעשענע־גנבים און פּראָסטיטוטקעס — ווי־

אומפּלייט אין די שמוציקע קעלער־לעכער פון די אָרעמע ראַיאָנען אין דער דאָ־
זיקער געגנט, ווימלען אין די גאַסן, אויף די ראָגן, אין די הייף, אין רעסטאָראַ־
ציעס, קאַוויאַרניעס, האָטעלן, אַכסניות.

און אָט לויפט אַ ייד פאַרצווייפלט, האַקט זיך מיט די פויסטן אין קאָפּ אַריין
און שרייט: „אָן אַ מעסער האָט דער גזלן מיך געשאָכטן! ר׳האָט מיך געקוילעט!
ס׳איז געווען מיין גאַנץ פאַרמעגן! די טאָכטער האָט עס מיר געשיקט פון אַמעריקע
אויף אַ שיפסקאַרטע! אַלץ האָט דער שווינדלער ביי מיר אויסגענאַרט! ווי איז מיר!
מענטשן! יידן בני־רחמנים! העלפטע מיר! דאָ אויף דער גאַס האָב עך מיט אים
גערעדט! איצט זע איך אים נישט מער, פאַרשוואונדן!" ס׳זענען אַפילו קיין בייגעריקע
נישט שטיין געבליבן, ווייל אַזעלכע געשרייען פון באַשווינדלטע זענען פאַר די
וואַרשעווער נישט געווען קיין נאָווינע. קוים האָט זיך עמעץ יאָ אָפּגעשטעלט —
איז ער אָדער זי, געוויר ווערנדיק וועגן וואָס דער פאַרצווייפלטער, אָדער די פאַר־
צווייפלטע שרייט — געגאַנגען ווייטער. בלויז איינציקע, צומייסט נאַיווע, פרומע
ווייבער, אָדער תמימותדיקע פרומע יידן, — האָבן געפרוווט דעם אומגליקלעכן,
אָדער דער אומגליקלעכער, טרייסטן, אַז ס׳געלט איז אפשר נאָך גאָרנישט פאַר־
פאַלן, אַז ער (אָדער זי) זאָל זיך נישט איילן מיט חושד זיין אַ יידן, ווייל חושד זיין
אומזיסט איז אַ גרויסע עבירה. כמעט שטענדיק אָבער קומט אין אַזאַ פאַל צו דער
מיליציאַנט פון דער וואַך און פרעגט אויס דעם באַשווינדלטן. דער עיקר, וואָס דער
דאָזיקער געזעץ־היטער וויל וויסן, איז: ווי אַזוי דער שווינדלער האָט אויסגעזען
און וויפל געלט ער האָט אויסגענאַרט. דער מיליציאַנט שטעלט צוזאַמען אַ פּראָ־
טאָקאָל און הייסט דעם אומגליקלעכן (אָדער דער אומגליקלעכער) גיין. ס׳וועט
שוין אַלץ זיין אין אָרדענונג: זיין חלק וועט ער שוין קריגן...

אָן אַנדערש מאָל לויפט צו צום דאָזיקן, אָדער צו אַן אַנדערן מיליציאַנט, אַן
אויסגעפּוצטע, אַן אמתע וואַרשעווער מאַדאַם, מיט אַ מענה־לשון: „פּאַניע סטאַר־
שיי!" זי דערציילט אים מיט אַלע פּיטשעווקעס: ווו, אין וועלכן טויער זי האָט גע־
קויפט אַ ברילִיאַנטענעם רינג, וויפל זי האָט באַצאָלט, ווי דער פאַרקויפער זעט
אויס — אַלץ, אַפילו ס׳אַרא געלט זי האָט אים געגעבן. נאָר אַ גאָלדשמיד, צו וועלכן
זי איז דערנאָך געגאַנגען לאָזן מאַכן אַ פּראָבע, האָט איר געזאָגט, אַז דאָס גאָלד איז
קיין גאָלד נישט און דער ברילִיאַנט איז קיין ברילִיאַנט נישט. דער שווינדלער
האָט געמיינט, אַז זי איז אַ קליינשטעטלדיקע פרייערן; זי אָבער... אין קרימינאַל
זאָל דער דאָזיקער שווינדלער פאַרפוילט ווערן! איר געלט מוז זי קריגן צוריק!
נאָר דער מיליציאַנט — ווייל זי איז אַ וואַרשעווערן — זאָגט ער איר, אַז די גאַנצע
זאַך גייט אים נישט אָן. עפּנט זי אַ מויל און זאָגט דעם „פּאַן סטאַרשי", אַז זי
ווייסט אַלע „פּראַוועס" און וואָס זיין פליכט איז. זי איז נישט קיין קליינשטעטל־
דיקע קו, זי איז אַ וואַרשעווערן. דערויף ענטפערט איר דער מיליציאַנט: אַז אויב
זי ווייסט יאָ וועגן אַלע געזעצן — ווייסט זי דאָך, אַז געגנבעטע זאַכן טאָר מען
נישט קויפן, אַז ברילִיאַנטענע רינגען קאָסטן אַ סך, אַ סך מער וויפל זי האָט באַ־
צאָלט. און זי ווייסט אַוודאי אויך, אַז צירונג קויפט מען נישט ביי איינעם אויף
דער גאַס צי אין אַ טויער, נאָר אין אַ געשעפט. זיין טאָן ווערט שטרענג: „דערי־
בער אַרעסטיר איך אייך פאַר קויפן גנבישע זאַכן און באַליידיקן אַ פאַרשטייער
פון דער מאַכט!"

שענקען זענען אין דעם פערטל דאָ אַ סך. שלעפּן זיך איבער די גאַסן דאָ אַ סך שיכורים. טייל קענען קוים גיין, פאַלן, בלייבן ליגן, שטעלן זיך אויף און שלעפּן זיך ווייטער. אַנדערע זינגען אויסגעלאַסענע, מיאוסע לידלעך, שעלטן און זידלען אויפן נידעריקסטן אופן, אויסרעכענענדיק דערביי אַלץ וואָס געפינט זיך אינעם לשון פון וואַרשעווער ניבול-פּה. ס'טרעפט זיך, אַז נישט איינער טוט אָפּ אַ מיאוסע זאַך אין מיטן גאַס אין אַ שיינעם העלן טאָג, אָדער מייקנט אויס אַלץ וואָס ער האָט געטרונקען און געגעסן. צו די שיכורים טשעפּען זיך געוויינלעך צו פּראָסטיטוטקעס, ווי פליגן צו נבלות.

און פּלוצלינג קולות: „כאַפּטע אַ גנבו!"...

ס'דערטראָגט זיך פון ערגעץ ווייט:

„שטייט אויף איר אַלע, ווער ווי שקלאַפן"...

דער מיליציאַנט אויף דער וואַך שפּיצט אָן די אויערן און רייסט אויף די אויגן.

אין דער גאַס פונעם „פּאַוויאַק" (די שרעקלעכע טורמע פאַר פּאָליטישע) גייען מענער און פרויען הין און צוריק אויף ביידע זייטן טראָטואַר. די מייסטע פון זיי יונגע, כמעט אַלע אַרבעטער, טייל אין לעדערנע קורטקעס, אַנדערע אין קורצע וואַטעווקעס, נאָר די מייסטע אין קאַשקעטן. דער בליק (כמעט ביי אַלע) איז האַרט, געשאַרפט, אַפילו ביי די יונגע מיידלעך. דאָ איז זייער „בערזע" נאָך פון יענער שטורמישער צייט אין 1905. דעמאָלט האָבן אַ סך פון זיי זיך געהיטן פאַר די „שפּיצלס" פון דער רוסישער „אָכראַנע", פאַר די זשאַנדאַרן; היינט היטן זיי זיך פאַר די „שפּיצלס" פון דער פּוילישער „דעפענסיווע". פאַר דער מיליציע. קעגן דעם צאַרס פּאָליציי איז געווען לייכטער זיך צו היטן, יענע האָבן אַ סאָציאַליסט נישט אַזוי לייכט דערקענט און ווייניקער געוווּסט פון די וועגן און מיטלען ווי מ'האָט זיי געגנאַרט; אין דער געהיים-פּאָליציי אָבער פון דער פּוילישער סאָציאַ-ליסטישער רעגירונג דינען געוועזענע סאָציאַליסטן פון 1905. זיי איז שווער צו נאַרן. טייל זענען נאָך אַצינד מיטגלידער פון דער פּ.פּ.ס.

דער „פּאַוויאַק" איז אַרומגעצוימט מיט אַ דיקער, הויכער, טונקל-רויטער מויער. אינעם פראָנט שטייט אַ הויז מיט פאַרקראַטעוועטע פענצטער. דער אייזער-נער שווערער טויער איז פאַרשלאָסן און באַוואַכט.

די אַרבעטער, וועלכע גייען הין און צוריק אין דער דזשיקע גאַס, זענען גע-טיילט אין צוויי גרופּעס: איין גרופּע גייט פון דער וואָלינסקע ביז דער גענשע (ביז האַרט לעבן „פּאַוויאַק") און די צווייטע פון דער מילע ביז דער ניזקע. אין ביידע גרופּעס ווערן געפירט געשפּרעכן און דיסקוסיעס וועגן דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער לאַגע, וועגן אָרגאַניזאַציע און וועגן אַקטועלע נייעס. די דאָזיקע מענטשן רעדן און שמועסן וועגן די זעלבע ענינים, וועגן וועלכע זיי (און אַנדערע אַזעלכע) רעדן און שמועסן שטענדיק און אומעטום, ווען און ווו זיי טרעפן זיך נאָר צוזאַמען. דאָך איז דאָ אַ חילוק אין דעם אופן פונעם באַהאַנדלען די טעמעס, וועגן וועלכע ס'ווערט גערעדט און דיסקוטירט אין די דאָזיקע צוויי גרופּעס, אָפּגעזונ-

דערטע איינע פון דער צווייטער. ס'איז אַן אונטערשיד אין דער באַטראַכטונג און אינעם אויסגאַנגס־פּונקט פון דעם אָדער יענעם עקאָנאָמישן אָדער פּאָליטישן פּראָבּלעם, אין דער אַוועקשטעלונג און לייזונג. אין דער ערשטער גרופּע קאָכט מען זיך נאָך אַלץ און מען ווייטיקט נאָך אַלץ וועגן די טראַגישע סופן פון די צוויי ראַטן־רעפּובליקן אין בייערן און אין אונגאַרן. בעלאַ קון האָט זיך געראַטעוועט. קאַרל ליבקנעכט אָבער, ראָזע לוקסעמבערג, אייזנער און נאָך אַנדערע פירערס, זענען גרויזאַם אומגעקומען. און ווער האָט פאַרגאָסן זייער בלוט? — שיידעמאַן, עבערט, נאָסקע, די פירערס פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. ברודער־מאָרד. זיי רעדן וועגן עסטרייך, וועגן פראַנקרייך, ענגלאַנד, וועגן דער קאָמוניסטישער באַוועגונג אין כינע; צומייסט אָבער וועגן רוסלאַנד. דעם גרעסטן פּלאַץ אין זייער האַרץ פאַרנעמט רוסלאַנד, לענין, טראָצקי און אַנדערע באָלשעוויסטישע גדולים.

אין דער צווייטער גרופּע רעדט מען אויך וועגן רוסלאַנד, אָבער וועגן דעם שרעקלעכן הונגער דאָרט. די צייטונג פון זייער פּאַרטיי ברענגט יעדן טאָג האַרצ־רייסנדיקע באַשרייבונגען וועגן דעם שוידערלעכן עלנט אין דעם באָלשעוויסטישן לאַנד. קנאַפּע צוואָנציק מיליאָן מענטשן הונגערן דאָרט בוכשטעבלעך. אין קאַזאַנער גובערניע, אין סאַמאַרער און אין סאַראַטאָווער, פאַלן טאָג־טעגלעך טויזנטער מענטשן פון הונגער און עפּידעמיעס. אין טייל שטעט ליגן אין די גאַסן קופּעס מתים. הונגעריקע עסן דאָס פלייש פון טויטע מענטשן. אַ סך מתים ווערן אויפגעפרעסן פון הינט. מאַמעס עסן זייערע טויטע קינדער. אַ סך אין דער דאָזיקער גרופּע, באַזונדערס די מיידלעך, פילן דאָס גרעסטע מיטלייד צו דעם אַזוי שוואַר ליידנדיקן רוסישן פאָלק. זיי זאַמלען צווישן זיך, טייל גיבן אַוועק די לעצטע גראָשנס אויף צו העלפן רוסלאַנד, נישט געקוקט דערויף וואָס פּאָליטיש קעמפן זיי ווייטער קעגן דער פּאַרטיי וועלכע הערשט דאָרט, קעגן דעם באָלשעוויזם און קעגן דעם קאָמוניזם אין זייער לאַנד. די אויפרופן צו העלפן די הונגעריקע אין רוסלאַנד דרוקט זייער פּאַרטיי מיט פעטע אותיות אויף דער ערשטער זייט פון איר צייטונג. דערביי עקסיסטירן נישט קיין פּאַרטיי־חשבונות, דער האַס איז נישטאָ און קען נישט זיין צו הונגעריקע און ליידנדיקע. נישט אויפגעהערט אָבער האָט די פאַרביטערונג אין זייער האַרץ צו דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און צו די פירערס אירע: לענין, בוכאַרין, טראָצקי, קאַמעניעוו, זינאָוויעוו און די אַנדערע. אין זייערע געשפּרעכן אַצינד פאַרנעמט אויך אַן אָרט דער קאַמף, וועלכן זייער פּאַרטיי פירט קעגן דעם ציוניזם; די דאָזיקע באַוועגונג צעוואַקסט זיך פון נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע און אומגעהייער, נישט בלויז ביי די בירגערלעכע יידן, נאָר אַפילו ביי די האָרעפּאַשנע. אויך קעגן דער אָרטאָדאָקסיע, קעגן דעם פינצטערן קלעריקאַליזם אויף דער יידישער גאַס פירט די דאָזיקע אַרבעטער־פּאַרטיי אַ קאַמף, און קעגן דער אַלגעמיינער רעאַקציע, קעגן דער בורזשואַזיע.

זיך באַגעגנדיק, אין גרופּע מיט דער צווייטער ביי אַ ראָג פון דער דזשיקע, בלייבן זיי שטיין פּנים אל פּנים. איינער — אַ הויכער מיט לאַנגע הענט אין דער פּאָדערשטער ריי — שטעלט אַן זיינע קאַלטע ווייסלעכצער פון די גרינע אויגן צו דער קעגנאיבערדיקער פּאָדערשטער ריי און וואַרפט זיי צו: „העלדן!" די צוזאַמענ־געטראָפענע דרייען זיך נישט אויס צו גיין צוריק ווי ביז איצט, נאָר צוגענאָגלטע צו זייערע ערטער קוקן זיי זיך אַן ווי העגער איידער זיי שפּרינגען זיך איינס ס'אַנ־

דערע מיט די שנאָבלען אין פּנים אַריין. „העלדן!" חזרט איבער דער יונג. „הער אויף, באַמזע!" נעמען אים איין די חברים הינטער אים. „וואָס, הער אויף?" פרעגט באַמזע. „צעשטערן די אייניקייט!" ס'קאָכט אין אים ס'בלוט, ווייל ערשט נעכטן האָט ביי אַן אַרבעטער־פאַרזאַמלונג אויסגעבראָכן אַ געשלעג און אַ סך אַרבעטער (פוןביידע פּאַרטייען) זענען אַזוי צעהרגעט געוואָרן, אַז זיי קענען דערווייל נישט מער גיין צו קיין אַרבעט.

אין ביידע גרופּעס זענען געווען גענוג, וואָס האָבן חשק געהאַט זיך איצט אַ ביסל צו ראַזמאַכעווען די הענט, אַפילו אין גאַס. דאָך איז צו קיין געשלעג נישט געקומען. ביידע גרופּעס האָבן זיך ווידער אויסגעדרייט און זענען, ווי ביז איצט, געגאַנגען ווייטער זייער וועג. נאָר צוקומענדיק צו דער סטאַווקי גאַס האָבן די קאָמוניסטן אָנגעטראָפן אויף געזעמלען פון אָרעמע פרויען און מענער, וואָס האָבן געטומלט און געשריגן וועגן יקרות: „אין דער מלחמה האָט מען געזאָגט, אַז ווען דער קריג וועט אויפהערן, וועט אַלץ ווערן ביליגאַ! דער קריג האָט שוין לאַנג אויפגעהערט, אָבער דער יקרות איז גאָר געוואָרן נאָך גרעסער! דאָצו די אַרבעטס־לאָזיקייט אצינדאָ!" עטלעכע זענען געווען באַזונדערס אויפגערעגט און האָבן דער־ציילט: „מיאָר קומען איצטאָ פון דאָרט ווו מע גיט אַרבעט, אָבער יידן קריגן נישט! די מיליציע שלאָגט די אָרעמע וואָס פאָדערן ברויט! די פּאַסקאַזשעס אָבער, די שפּעקולאַנטן מיט שפּייז טוט מאָ גאָרנישט!"

פון דער צוגעקומענער גרופּע רופט אַ קול: „קומט מיט אונדז צום מאַגיסטראַט!"

„צום מאַגיסטראַט! צום מאַגיסטראַט! פּראָטעסטירן!"

„אַ פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע!"

שוין האָבן אַלע, וואָס האָבן געטומלט און געשריגן גלאַט אַזוי, געמאַרשירט אין רייען איבער די גאַסן זינגענדיק:

„שטייט אויף איר אַלע, ווער ווי שקלאַפּן
אין הונגער לעבן מוז און נויט!"

פּענער און טראַנספּאַרענטן האָבן זיי נישט געהאַט. אָבער ס'זענען געווען גענוג די אויסרופן: „מיר פאָדערן אַרבעט!" אַז די רייען פון די מאַרשירנדיקע זאָלן האַלטן אין איין וואַקסן און ווערן אַלץ גרעסער און גרעסער. ווידער האָט ווער געוואָרפן אַ סלאָגאַן און אַלע האָבן אונטערגעכאַפּט: „אַ טויט די שפּעקולאַנטן! אַ טויט די מלחמה־גבירים!"

„דער גייסט — ער קאָכט, ער רופט צו וואָפן"...

אַ חבר רופט: „מיר פאָדערן די באַפרייונג פון אַלע פּאָליטישע! די באַפרייונג פון אַלע וואָס שמאַכטן אין די תפיסות פאַרן פּראָלעטאַריאַט!"

נישט אָריענטירנדיק זיך שנעל וועלכע פּאַרטיי ס'פירט די דעמאָנסטראַציע, ווייל זיי האָבן נישט געזען קיין פּענער, האָבן די חברים פון דער צווייטער גרופּע זיך אָנגעשלאָסן אין איר און מיטגעזונגען:

„די וועלט פון גוואַלדטאַטן און פון ליידן
צעשטערן וועלן מיר, און דאַן —
פון פרייהייט, גלייכהייט אַ גן־עדן
באַשאַפן וועט דער אַרבעטסמאַן!"

דער מיליציאַנט אויף דער וואַך ביי דער קרייצונג פון עטלעכע גאַסן (קעגנ־איבער דעם „פּאַוויאַק") האָט דערהערט די באַקאַנטע טענער. ער האָט אָנגעשטעלט די אויערן און דערקענט: „אָ „זשידאָווסקי" קאָמוניסטישע דעמאָנסטראַציע". ער איז צעטומלט געוואָרן. די דעמאָנסטראַציע איז אַ גרויסע. אירע פאָדערשטע רייען זענען שוין ביי דער „דזשעלנע" און דעם סוף קען ער גאָרנישט זען. דער פאַרקער איז כמעט שוין אין גאַנצן אָפּגעשטעלט. וואָס זאָל ער טאָן? ער כאַפּט זיך צו דער שווערד, צום רעוואָלווער. אפשר אַ מינוט און אפשר נאָך לענגער איז דער מיליציאַנט צעטומלט און ווי געליימט, ביז ער טוט אַ כאַפּ דאָס פייפערל אין מויל אַריין און נעמט בלאָזן מיט אַלע כוחות. באַלד האָט פון אַלע זייטן, באַזונדערס פונעם וואַכהויז אינעם „פּאַוויאַק", זיך אַ לאָז געטאָן פּאָליציי, ווי מיליטער אין אַן אָנגריף אויפן שונא. זיי האָבן גענומען אַרבעטן מיט זייערע גומענע שטעקנס, מיט די הענטלעך פון די רעוואָלווערן, מיט די קאָלבעס פון די ביקסן.

אַ געוויינלעכע, כמעט טאָג־טעגלעכע דערשיינונג.

## קאַפּיטל אַכצן

# צווייטער המשך פונעם קווערשניט

1

„פּלאַץ באַנקאָווי" איז אַ נאָמען פון אַן אָרט ווו עס קרייצן זיך עטלעכע גאַסן און ס'הייבט זיך אָן די געגנט פון בענק. דער ראָג פון „פּלאַץ באַנקאָווי" איז פאַרקײלעכדיקט און איז צוזאַמען מיט די צוויי גאַסן פוןביידע זייטן שוואַרץ פון מענטשן, וועלכע גייען הין און צוריק, הין און צוריק. דער קאָפּ און דאָס האַרץ פון דער רעזידענץ (און פון גאַנצן לאַנד) איז אָט דאָ, ווייל דאָ זענען די בענק און די בערזע — דער פּולס פון דער מלוכה. אָבער דער גוף פון דער מלוכה איז קראַנק, נישט בלויז פון די מלחמה־וווּנדן, וואָס בלוטיקן און אייטערן נאָך אַלץ, נאָר אויך פון אַ סך אַנדערע זייער ערנסטע חולאַתן און דער פּולס איז דעריבער אַ פיבערנדיקער. דאָ, אויפן „פּלאַץ באַנקאָווי", איז די מיקראָבן־נעסט — די שוואַרצע בערזע. זי צעציט און צעשפּרייט זיך אַלץ ווייטער און ווייטער. טויזנטער וואַליוטשאַזשעס, דירעקטע און אומדירעקטע אַגענטן פון די בענק, ראַיען דאָ אַרום. פון דערווייטנס זעט די דאָזיקע ראַיווקע אויס ווי אַ ריזיקע קופּע פון גרויסע און שוואַרצע ראַקעס. נאָר אַז מ'קוקט זיך צו נענטער זעט מען ייִדן מיט לאַנגע בערד: שוואַרצע, געלע, רויטע און גרויע. כמעט אַלע אין לאַנגע קאַפּאָטעס, אין טוכענע היטעלעך, וואָס זעען אויס ווי דעקלעך פון קײלעכדיקע פּודלעס. טייל גייען אין קראַקולענע אָדער פּאָקענע ווינטער־היטלען, אַנדערע אין שיינע טילופן, די בערד פיין צוגעשוירן, אָדער גלאַטיק ראַזירט. צווישן די מיטליעריקע און עלטערע בכבודיקע ייִדן פעלן נישט אויך יונגעלייט, חסידישע, זיידענע, אָקערשט פונעם לערנען אַוועק, פיינע איידעמס אויף שווער און שוויגערס קעסט; אויך יונגעלייט איירא־

פּעיש געקליידטע. די שריט זענען ביי אַלע נערוועזע. פאַרדאַגהטע פּנימער, רויטע און בלויע נעז. צעאַקערטע שטערנס ביי לומדים און שמאָלע צוגעשפּיצטע ביי פּיפּאַקעס. די אויגן צעטראָגענע, לויפנדיקע אין אַלע זייטן. ווען ס'קומען נישט גע־נוג קונדן — האַנדלען די וואַליוטשאַזשעס צווישן זיך; איינער קויפט ביים אַנדערן פאַרשידענע פּאַפּירן, אויסלענדישע אַקציעס. נישט דער קויפער און נישט דער פאַרקויפער האָט אַן אַנונג פון די פאַבריקן אָדער אונטערנעמונגען, וואָס האָבן די דאָזיקע אַקציעס אַרויסגעלאָזט. די פּאַפּירן גייען פון האַנט צו האַנט, די פּרייזן הייבן זיך און פאַלן. אויף דער שפּראַך פון די בערזעניקעס הייסט דאָס: האָסע און בעסע. קיינער ווייסט נישט פאַר וואָס די אָדער יענע אַקציעס שטייגן, פּונקט ווי זיי פאַרשטייען נישט פאַר וואָס די זעלבע פּאַפּירן פאַלן באַלד. דאָס אייגענע איז מיטן אויסלענדישן פּאַפּיר־געלט, וואָס ווערט דאָ געטוישט און באַלד ווידער צו־ריקגעטוישט. אָט איז איינער רייך געוואָרן; אין אַ פערטל, אין אַ האַלבער שעה אַרום — איז אַ צווייטער אין גאַנצן אָרעם געוואָרן.

פאַר דער מאַכט, וואָס „קעמפט" קעגן דאָזיקן האַנדל האָבן די וואַליוטשאַ־זשעס קנאַפּ וואָס מורא. איז דאָך אַ גרויסער טייל פון די העכערע פּאָליציי־באַאַמ־טע מיטבאַטייליקט אין דאָזיקן פאַרבאָטענעם האַנדל אויף אַ טאָפּלטן אופן: דורך באַקומען שוחד און (דאָס טוען אַ סך פון זיי) דורך דירעקטער שותפות. באַזונ־דערס זענען נישט ווייניק פון די גאָר גרויסע אין דער רעגירונג פאַרבונדן מיט די בענק אויף פאַרשידענע אופנים. די בערזעניקעס טוען אייגנטלעך די שמוציקע אַרבעט פאַר די בענק; זיי נעמען אויף זיך קללות, די פאַראַכטונג און די באַשול־דיקונג פונעם פאָלק. זייער לוין איז אַ קליינער, הגם זיי פאַרדינען מיליאָנען, הונ־דערטער מיליאָנען. די דאָזיקע מיליאָנען זענען אָבער נישט מער ווי פאַרבלענדונג, נישט מער ווי אויף אַ ווילע; באַלד פאַרלירן די שפּעקולאַנטן דאָס גאַנצע געלט. זיי דוכט זיך אַז זיי זענען די דרייער פונעם ראָד, וואָס הייסט בערזע; נאָר אין דער אמתן זענען זיי נישט מער ווי די ספּריכעס אינעם דאָזיקן ראָד, וואָס ווערט געדרייט פון יענע וועלכע מען זעט נישט. פון יענע וועלכע זענען אין זייערע פּאַ־לאַצן, נאָענט אָדער ווייט אַוועק; די רואה־ואינו־נראהס...

2

ר איסר האָט אויך אין וואַרשע נישט געענדערט זיין טבע. ער פלעגט אין זיין געבורטשטאָט אַרומגיין איבער די גאַסן און געסלעך, איבערן מאַרק, שאָסיי און פאַרקריכן ווייט הינטער דער שטאָט; ער פלעגט מיט זיינע קליינע קינדערישע אויגן קוקן אויף אַלץ, תמימותדיק זיך חידושן וועגן זאַכן וואָס האָבן באַזונדערס צוגעצויגן זיין בליק, קינדעריש נתפעל ווערן פון אַזעלכעס, וואָס איז פאַר אַנדערע פּשוט און נאַטירלעך. כמעט אַלץ האָט ער אָנגערופן „נס אלהים". ער פלעגט דערביי גליקלעך שמייכלען און אָפּגעבן אַ שבח צו גאָט פאַר זיין גרויסקייט אין אַלעם, אַפילו אין דער קלענסטער קלייניקייט. „ווי שיין!... ווי גרויס!... פּלאי־פּלאים!"... אַזוי פלעגט ער טראַכטן און טייל מאָל דאָס רעדן צו זיך. „אַ גרעזעלע... דוכט זיך — גאָרנישט; אָבער ווי שיין דאָס איז!... מלא־חן!... ס'דערציילט פון זיין

הערלעכקייט"... און האָט ער דערזען ווי אַ גרעזעלע וואַקסט אַפיר פון אונטער אַ שטיין — איז זיין התפעלות געווען נאָך גרעסער: „ס'אַראַ גבורה!... גרויסער גאָט! מלא כל הארץ כבודך. אונטער אַ שטיין זינגט אַ גרעזעלע שירה צו דיר"... אָבער איין נישט קיין קלענערער התלהבות איז ער אַריינגעפאַלן ביים באַוואונדערן דאָס וואָס אַ מענטשלעכע האַנט האָט געמאַכט.

איצט איז ר' איסר אין וואַרשע און ער דרייט זיך אויך דאָ אַרום איבער די גאַסן און באַוואונדערט אַלץ וואָס ער זעט: די גרויסע שיין־געבויטע הייזער, די גרויסע שויפענצטער פון די גרויסע געשעפטן און די שיינע זאַכן אין זיי, די לאַנגע און שיינע גאַסן, און אויך דעם געקאָך און דעם גערויש. פון די עלעקטרישע טראַמ־ווייען איז ער גאָר נתפעל: „אָן פערד און ס'לויפט... אַ גאַנץ הויז מיט מענטשן לויפט"...

די וואַליוטשאַזשעס פרעגן יעדן וואָס גייט פאַרביי, צי ער (אָדער זי) האָט נישט עפּעס צו פאַרקויפן אָדער אויסצוּווּעקסלען. ר' איסרן לויפן נאָך עטלעכע: „פעטערשי... ר' ייִד... האָט איר אפשר „פייפּאַרס?"

ר' איסר קוקט אויף די ייִדן וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט. מיט זיין גאַנצער תמימות פרעגט ער זיי: „פייפּערס? — צ'מיינט פייפּערלעך". ער לאַכט ווי אַ קינד: „צ'מאַכט חוזק פון אַן אַלטן קליינשטעטלדיקן ייִד. ווען כ'בין געווען אַ קליין ייִנגל האָט מיין מאַמע, ע"ה, מיר אַ מאָל געקויפט אויפן מאַרק (ווען ס'איז געווען אַ יאַריד) אַ רויט צוקערן פייפערל. כ'האָב מיך דעמאָלט זייער געפרייט דערמיט, ווי אַ קליין ייִנגל פרייט זיך מיט אַ שפּילעכל, וואָס איז נאָך דערצו זיס פון צוקער".

עטלעכע פון די בערזעניקעס מיט אַרומגעשווירענע בערד און אויך יונגעו אין קאַפעלושן, האָבן גענומען זיך לוסטיק מאַכן איבער ר' איסרן, זעענדיק אַז ער איז אַ פּראָווינצער נאַר. איינער האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין: „מ'זאָר מיינען אַק־ציעס פון פייפּאַרס לעדער־פאַבריק. איזאַר ווילט זיי אפשר פאַרקויפן?" נאָר ר' איסר האָט אַלץ נישט פאַרשטאַנען אַז מ'מאַכט פון אים חוזק; דאָס איז אים אפילו נישט איינגעפאַלן. האָט ער די לצים איבערגעפרעגט: „צ'מיינט אַוודאי „אַקאַציעס", צ'זענט אַוודאי וואַלד־סוחרים". די חברה האָט זיך ערשט אמתדיק גענומען אַמו־זירן. אַ צווייטער מיט אַ גרויסן קנאַפּ אין דאַרן גאַרגל, האָט זיך גאָר געוווילערט: „מילא, אַז איזאַר האָט נישט קיין פייפּאַרס האָט איזאַר נישט; זינגאַרס האָט איזאַר גע־וויס". ר' איסר האָט נאָכגעקלערט: „זינגערס? צ'מיינט משוררים". אַלע האָבן אונ־טערגעכאַפּט: „יאָ, יאָ; משוררים מיינען מיזאָר, משוררים"... נאָר אַ פרומער ייִדל, אַ וואַליוטשאַזש, איז צוגעקומען און געזאָגט צו ר' איסרן: „גייט ר' ייִד, לאָזט נישט פון אייך חוזק מאַכן. זינגער איז אַ פירמע פון ניי־מאַשינען. זיינע אַקציעס שטייען איצט גראָד גוט. אָבער איר פאַרשטייט דאָך נישט פון דעם אַלעם; איר, ווי איך זע, האָט דאָך געוויס מיט מסחר נישט צו טאָן. גייט־זשע אייך געזונטערהייט ווייטער אייער וועג. דאָ איז אַ בערזע".

איז ר' איסר אַוועקגעגאַנגען; ער איז זיך ווייטער געגאַנגען זיין וועג. נאָך פּלוצלינג, עפּעס אויף אַ גאַנץ אומגעריכטן און אומפאַרשטענדלעכן אופן, איז דעם פרוש איינגעפאַלן די מאָדנע באַגעגעניש פון עטלעכע יאָר צוריק, וואָס ער האָט געהאַט אין זיין שטאָט שפּעט ביינאַכט, ווען ער איז געגאַנגען צו סליחות: ס'איז אים דעמאָלט אין מיטן גאַס אַקעגנגעקומען אַ קו. די לבנה האָט געשיינט.

אַרום און אַרום חורבות, הויכע קוימענס פון פאַרברענטע הייזער. די קו האָט אויף אים געקוקט מיט אירע גרויסע, שוואַרץ־סאַמעטענע אויגן. ס׳זענען אָנגעלאָפן הינט מיט אַ בילעריי און געוואָלט בייסן די קו. ר׳ שאולס (זכרונו לברכה) זון, דער בכור, איז דעמאָלט צו אים צוגעקומען. ביים רב האָט מען שוין געהאַט אָנגעהויבן צו זאָגן די סליחות; ער האָט דערהערט ווי ס׳טראָגן זיך אין דער שפּעטער נאַכט איבער דער שלאָפנדיקער חרובער שטאָט: „לך ד׳ הצדקה ולנו בושת הפנים“...

אַ קול רייסט אַרויס ר׳ איסרן פון זיינע מחשבות: „ר׳ איסר! ר׳ איסר!“ ער דרייט זיך אויס און דערזעט פאַר זיך דעם סופרס זון, וועגן וועלכן ער האָט אָקערשט געטראַכט: „יעקבֿ!... שלום־עליכם... און... יאָ... ברוך מתיר אַסירים. כ׳האָב געהערט, געהערט וועגן דעם... ווען־זשע ביסטו צוריק אַרויסגעלאָזט געוואָרן פון דער תפיסה? געלויבט השם־יתברך. און וואָס מאַכסטו? וואָס מאַכט די מאַמע? וואָס מאַכן בנימין און מאירל, די צווי ברידער. כ׳פריי מיך באמת זייער וואָס כ׳האָב דיך באַגעגנט“.

„איך אויך, ר׳ איסר“.

עטלעכע מינוט זענען ביידע געשטאַנען און זיך געפרייט איינער מיטן אַנדערן. אָבער נישט מער ווי עטלעכע מינוט טאַקע. יעקב האָט זיך געאיילט. אויך איז פאַר ביידע געווען אוממעגלעך צו שטיין, ווייל די מענטשן אין וואַרשע, ווי אין יעדער גרויסער שטאָט, גייען נישט, נאָר לויפן, איילן, שטופּן זיך אין דער ענגשאַפט און שטויסן, רייסן־מיט די וואָס גייען פּאַמעלעך אָדער בלייבן שטיין. יעקב האָט ר׳ איסרן דערציילט וועגן זיין חתונה מיט ר׳ דוד יואלס טאָכטער און אים געבעטן קומען צו אים. ער האָט דעם פּרוש געגעבן זיין אַדרעס און זיך אַנטשולדיקט: „איך מוז גיין“. ער האָט גענומען דעם „זיידן“ אונטערן אָרעם און איז מיט אים געגאַנגען ווייטער.

3

פאַרן אַריינגאַנג פון דער באַנק „איגנאַץ ווייס עט קאָ“ איז געשטאַנען אַ גרויסער עולם. הונדערטער מענטשן האָבן געוואָרט אַריינצוגיין. אַזוי יעדן טאָג. די באַנק איז געווען אָפן פון 10 ביז 2, בלויז פיר שעה. און אַזעלכע ווי דער „זיידע“, וועלכע מ׳האָט פון אויסלאַנד געשיקט געלט און מ׳האָט עס זיי וואָכן און חדשים־לאַנג צוריקגעהאַלטן, זענען דעמאָלט געווען אַ סך. און נישט בלויז וואַרשעווער; ס׳זענען געקומען גענוג אויך פון דער פּראָווינץ. ס׳האָבן געוואָרט אויך אַזעלכע, וועלכע האָבן פאַר דער מלחמה אין דער דאָזיקער באַנק אַריינגעלייגט זייער געלט (אַ סך האָבן עס אָפּגעשפּאָרט פון מויל) און ווילן עס איצט, אין דער דאָזיקער ביטערער צייט, צוריק אָפּנעמען, אָדער בלויז אַ טייל פונעם געלט. אַזוי לאַנג ווי ס׳איז געווען די מלחמה האָט קיינער נישט געקענט קריגן אַפילו אַ גראָשן. „מאָראַטאָריום“. נו, איז שוין לאַנג נאָך דער מלחמה, דער שווייצער אָבער, וועלכער שטייט מיט אַ מיליציאַנט פון יענער זייט טיר, לאָזט אַריין בלויז אַזעלכע, וועלכע מ׳האָט אים געהייסן אַריינלאָזן. לויט דעם פּאַפּיר, וואָס יעדער מוז אים ווייזן, ווייסט ער פאַר וועמען צו עפענען די צווייטע טיר און פאַר וועמען נישט. סוחרים, וואַ־

ליוטשאַזשעס, אַגענטן פון דער באַנק — זיי דאַרפן קיין פּאַפּירן נישט ווייזן, זיי קען דער שווייצער גוט.

די וואַרטנדיקע און פרירנדיקע רעדן זיך אָפּ ס׳האַרץ איינער פאַרן אַנדערן, דערציילן איינער פאַרן צווייטן די גרויסע צרות און די אומגליקן, וואָס כמעט יע־דער פון זיי האָט אין זיין לעבן געליטן. באַזונדערס גרויס זענען געווען די צרות אין דער צייט פון קריג. אָבער די ליידן וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן פון צייט די מלחמה האָט זיך געענדיקט, זענען געווען נישט קיין סך קלענער. אפשר נאָך גאָר גרעסער, וועגן דער אַרבעטלאָזיקייט. אַלע קלאָגן זיך אויף עוולות, אויף הימל־שרייענדיקע אומגערעכטיקייטן אינעם לעבן. אָבער צום סוף איז כמעט יעדער מוסיף רעזיגנירט: „וואָס קען מען טאָן? אַזוי איז׳ס״. איינער דערציילט, אַז ער איז שוין געווען אין עטלעכע רעדאַקציעס און דאָרט דערציילט וועגן דער אומ־דערהערטקייט פון דער באַנק „איגנאַץ ווײַס עט קאָ״. „אָבער אין די רעדאַקציעס״ — אַזוי קלאָגט אַ פאַרביטערטער ייד — „האָט מען מיך אַפילו נישט געוואָלט אויס־הערן. מ׳האָט מיך אומעטום געשיקט פון איין טיש צום אַנדערן, פון איין צימער אין צווייטן, ביז ס׳האָט עמעץ געוואָלט אויסהערן מיינע טענות. און וואָס? — אַז כ׳האָב אַלץ דערציילט — האָט מיר יענער געענטפערט: „פאַניע ווײַס׳ באַנק איז די ערלעכסטע אין דער גאַנצער וועלט! אַ יידישע באַנק! אַ קליינקייט פאַניע ווײַס!״ מ׳האָט מיר פאַרזיכערט, אַז אויב מ׳האָט מיר טאַקע געשיקט געלט פון אויסלאַנד און דאָס געלט איז אָנגעקומען, וועט מען עס מיר אויסצאָלן ביז אַ גראָשן. פאַניע ווײַס נעמט, חס־ושלום, ביי קיינעמען קיין געלט נישט אַוועק. ער איז געבנוג רייך. ער גיט געבנוג געלט אויף יידישע צוועקן. וואָס ער צעטיילט צדקה אין איין וואָך, וואָס ביי אים באַקומען ווילטעטיקע אינסטיטוציעס, וואָס אים קאָסטן די וואַר־שעווער צדקה־אַנשטאַלטן, יתומים־הייזער, שפּיטעלער, היימען פאַר קימפּעטאָרנס, תלמיד־תורהס און אַזוי ווייטער — וואָס איז אוממעגלעך אויסצורעכענען — גיבן אַנדער׳ע גבירים נישט אין יאָרן. „דערויף האָב איך, פאַרשטייט זיך״, — ענדיקט דער ייד — „נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן און האָמעך אַרויסגעשאַרט פון דער רעדאַקציע״.

„און מיר האָט מע אין אַן אַנדער רעדאַקציע״, — דערציילט אַ צווייטער ייד — „אין דער רעדאַקציע פון די סאָציאַליסטן, געזאָגט גאַנץ עפּעס אַנדערש: „אַז סע קומען הונדערטער אַזעלכע ווי יאַך, אָבער״...

„וואָס אָבער?״ — האָבן עטלעכע געוואָלט וויסן.

„גאָרנישט״ — האָט דער לעצטער דערציילער געענטפערט.

מ׳האָט אָבער דעם ייד נישט אָפּגעלאָזט: „וואָס הייסט גאָרנישט?״

יענער האָט זיך געבייזערט „גאָרנישט הייסט גאָרנישט. די ציימונג וועט שרייבן וועגן דעם, האָט מען מיר געזאָגט״.

אַ ווײַלע איז געווען שטיל. דאַן האָט ווידער איינער דערציילט: „דער פאַן ווײַס איז דאָך פּרעזעס כמעט פון יעדן יידישן פאַראיין. האָט מיין פרוי מיר געזאָגט, כ׳זאָל גיין אין אַ פאַראיין — נישט קיין נפקה־מינא אין וועלכן, אַבי פאַן ווײַס איז דאָרט פּרעזעס, צי בלויז ערן־פּרעזעס — און דער פאַרוואַלטונג דערציילן מיין עוולה. האָבעך אַזוי געטאָן און געבעטן פאַר מיר צו זאָגן אַ גוט וואָרט ביי פאַניע ווײַס. האָט עס מיר געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס. ווי זאָגט מען? — גאַדיי דאָ

דאַשקאַ. דאָס אומגליק דערביי איז, וואָס דאָס געלט קריגט מע; בלויז אַ פּאָר וואָכן צי אַ פּאָר חדשים שפּעטער, און נישט צום קורס ווען דאָס געלט איז אַרויסגעשיקט געוואָרן. דערביי נעמט מע נאָך אַראָפּ פאַרשידענע אָפּצאָלונגען. דער וואָס גיט אַרויס ס׳געלט דורכן פּענצטערל מאַכט עפּעס אַזעלכע משונהדיקע חשבונות, אַזוי אַז מע קריגט כמעט גאָרנישט: אַ ביסל פּויליש פּאַפּיר, הונדערטערס, טויזנטערס; נאָר אַז מע גייט עפּעס קויפן דערפאַר״...

„די זעלבע געשיכטע ווי מיטן דאָזיקן אַלטן ייִד״ — האָט יעקב איבערגעריסן דעם דערציילער און אָנגעוויזן אויפן „זיידן״.

אין דעם איז איינער אַרויסגעקומען פון דער באַנק און געזאָגט: „ייִדן! איין זאַך: מע דאַרף זיך נישט לאָזן!״... דאָס דערהערט — האָט יעקב אַ נעם געטאָן דעם אַלטן ביי אַ האַנט און אויסגערופן צום עולם: „אַלע צוזאַמען — נאָך מיר!״ די געפּרווירענע און פאַרביטערטע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן נאָך יעקבן. דער שוויי־צער, צוזאַמען מיטן מיליציאַנט, האָבן געפּרוווט פאַרשטעלן דעם וועג. נאָר דער עולם, יעדער מיט זיין (אָדער איר) פּאַפּיר אין האַנט, האָט אויפגעהויבן אַ ליאַרעם, אין ייִדיש און אין פּויליש; אַלע אינאיינעם האָבן גענומען דערציילן וועגן דעם הימלשרייענדיקן אומרעכט וואָס ווערט קעגן זיי באַגאַנגען; זיי האָבן געשריגן, גע־וואַלדעוועט און זיך דערביי געשטופּט, זיך דורכגעשטופּט די צווייטע טיר און זענען אַריין אינעווייניק, אין דער באַנק. דאָרט האָבן זיי אַלץ נישט אויפגעהערט אויס־צושרייען זייער עוולה, ביז ס׳האָט זיך באַוויזן איינער, אַ זייער וואַזשנער פּאַרשוין אין אַ פיינעם שוואַרצן פראַק און אַ ווונק־געגעבן דעם שווייצער, אַז ער זאָל די אַריינגעקומענע שוין לאָזן אינעווייניק.

די אויפגערעגטע האָבן זיך צעשטעלט ביי די פּענצטערלעך. די מייסטע אָבער האָבן באַקומען דעם זעלבן גוט באַקאַנטן ענטפער, אַז ס׳געלט איז נאָך נישט אָנ־געקומען. די וועלכע זענען געווען צום ערשטן מאָל, זענען באַלד אָוועקגעגאַנגען; די אַנדערע אָבער, וועלכע האָבן דעם דאָזיקן פּזמון געהערט שוין נישט צום ערשטן מאָל, האָבן נישט געוואָלט אָפּטרעטן. די באַאַמטע טענהן דורך די פּענצטערלעך מיט די פאַרעקשנטע, צוערשט מיט גוטן, גיבן זיי צו פאַרשטיין (אַפילו אין ייִדיש, אויב די מענער פאַרשטייען נישט קיין פּויליש), אַז מ׳וועט זיי צוויסן טאָן גלייך ווי דאָס געלט וועט אָנקומען. אָבער די פאַרעקשנטע, שוין צופיל פאַרביטערטע, רירן זיך נישט פון אָרט. יעדער באַאַמטער פּרוווט אויף זיין שטייגער אַנדערע מיט־לען ווי אַזוי אַוועקצוקריגן די וואַרטנדיקע: דורך גאָרנישט מער ענטפערן און אַב־סאָלוט שווייגן, דורך פאַרשידענע דראָאונגען, דורך רופן די אַנדערע, וואָס שטייען אין דער שורה און גיבן זיי אַ ווונק, אַז זיי זאָלן אַוועקשטופּן פונעם פּענצטערל די, וועלכע האָבן נישט מער אויף וואָס ווייטער נאָך צו וואַרטן. אָבער אַז דאָס אַלץ העלפט נישט, אַז ווען די „וואַזשנעס״ נעמען די אינטערעסאַנטן אַוועקרייסן מיט געוואַלד פון די פּענצטערלעך, הייבן זיי ווידער אויף אַ געשריי און ווענדן זיך ווידער צום עולם אין דער באַנק מיט זייערע טענות — דאַן באַוויזט זיך ווידער דער זייער וואַזשנער פּאַרשוין אין דעם פיינעם שוואַרצן פראַק און באַרויִקט די אויפגעקאָכטע: ער וועט גיין זען צי די איצטיקע פּאָסט — זי איז אָקערשט אָנגע־קומען — האָט נישט צומאָל געבראַכט זייער געלט. און ווירקלעך; אַלעמענס געלט איז נאָר וואָס אָנגעקומען און מ׳האָט יעדן אויסגעצאָלט אַזוי פיל וויפל ס׳איז אים

געקומען. בלויז דער „זיידע" האָט קיין געלט נישט געקריגן: „מ'האָט אים געוויזן, אַז דאָס געלט וואָס ער מאָנט, האָט מען אים שוין אויסגעצאָלט. ביים באַקומען דאָס געלט האָט ער זיך אונטערגעשריבן, געמאַכט דריי צלמלעך. ס'איז געקומען איי־נער, אַ גאָר, גאָר וואַזשנער יונגער הער, אָבער מיט ווייסע האָר ביי די שלייפן, אַ רויקער, אַ קאַלטער, אויך אין אַ שוואַרצן פראַק; גערעדט האָט ער כמעט גאָרנישט, בלויז עטלעכע ווערטער ביים ווייזן דעם אַלטנס אונטערשריפט, די דריי צלמלעך, אַז דאָס געלט וואָס ער מאָנט אַצינד האָט מען אים שוין אויסגעצאָלט אין דעם און דעם טאָג. און ער איז גלייך צוריק פאַרשוווּנדן.

## קאַפּיטל ניינצן

# דריטער המשך פונעם קווערשניט

1

יעקב איז געווען פאַרשעמט און פאַרבליפט. אין דרויסן האָט ער דעם אַלטן געשטעלט פאַרשידענע פראַגעס; ער האָט זיי אים אַריינגעשריגן אין אויער. דער אַלטער האָט אָבער גאָרנישט פאַרשטאַנען, ער האָט לגמרי גאָרנישט געדענקט און געענטפערט זיין פירער אומפאַרשטענדלעכס, ווי אַ קליין קינד, אָדער ווי ער וואָלט גערעדט פון חלום שלאָפנדיקערהייט. יעקבן איז איבערגעבליבן בלויז איין וועג: צוגיין מיטן דאָזיקן אומגליקלעכן אַלטן מענטש אין אַ קאָמיטעט אַריין מ'זאָל אים העלפן. די קראַנקע מאַמע קען דאָך אים נישט געבן שטענדיק צו עסן, זי האָט דאָך אַליין נישט. בנימין און מאירל אַרבעטן בלויז האַלבע טעג, און וואָס פאַר־דינען זיי? און ער אַליין האָט דאָך אינגאַנצן נישט קיין אַרבעט. יעקב האָט שנעל איבערגעלייגט אין וועלכן קאָמיטעט אַריין ער זאָל גיין מיטן אַלטן און באַשלאָסן: אַזוי ווי דער אַלטער האָט קינדער אין אַמעריקע — וועט ער מיט אים גיין אין אַמעריקאַנער קאָמיטעט אַריין. ער איז אָבער מיט דעם אַלטן אָנגעקומען אַ ביסל צו־שפּעט שוין. אין דרויסן, פאַרן אַריינגאַנג אינעם קאָמיטעט, זענען געשטאַנען אפשר צען מאָל מער מענטשן ווי ס'זענען געשטאַנען פאַר דער באַנק. צווישן די אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע פּראָפּעסיאָנעלע שנאָרערס האָבן געוואַרט אַ סך מלחמה־קרבנות: באַלמעלאָכעס וואָס האָבן נישט געקענט קריגן קיין אַרבעט, אָנ־געשטעלטע פון געשעפטן, וואָס האָבן מער נישט עקסיסטירט, קרעמערס, מעקלערס, סוחרימלעך, און אַפילו גרויסע סוחרים: געוועזענע נגידים, וואָס מוזן איצט אויס־שטרעקן די האַנט נאָך אַ נדבה; דערווייל זענען זיי בלויז עטלעכע, גייען נאָך גאַנץ שיין אָנגעטאָן און זעען נאָך גאַנץ נישקשה אויס. זיי שעמען זיך, באַהאַלטן ס'פּנים.

די פּראָפעסיאָנעלע שנאָרערס האָבן אין יעקבן גלייך דערקענט דעם „פריץ". זיי האָבן דאָס דערקענט אין זיין האַלטן דעם אַלטן ביי אַ האַנט, אין זיינע אָרום־בלאָנדזשענדיקע, פאַרצווייפלטע בליקן אין די אויגן, וואָס האָבן געפרעגט פאַר וואָס מ'שטייט אין דרויסן, ווי לאַנג מ'מוז אַזוי וואַרטן אויף דעם פראָסט. זיי,

די פּראָפּעסיאָנעלע בעטלערס האָבן זיך דאָ געפּילט היימיש, אַפילו שטאָלץ. זיי זע־נען געשטאַנען אין דער ערשטער רייע ביים טויער כמעט פריילעכע. שפּרינגענדיק און האָצקענדיק פון איין פוס אויפן אַנדערן נישט געפּרוּווירן צו ווערן, האָבן זיי זיך געחכמהט, געחוזקט פון די וועלכע זענען אין זייער לעבן קיין מאָל נישט אָנגעקו־מען נאָך אַ נדבה. איינער האָט געזאָגט צו יעקבן: „באַלד וועט מאָ דיִאָר יונגאָר בוים, אַרויסבברענגען אַ פּאַטערשטיל, וועסטו נישט בראָכן צו שטיין"... אַ צוויי־טער האָט אויסגעבעסערט: „די, וואָס קומען צום ערשטן מאָל, ברענגט מאָ אַ פּליו־שענאָ אָטאָמאַנאָ"... „מיט אַן איבאָרבעט" — האָט אַ דריטער אונטערגעכאַפּט, „אַ פּוכן איבאָרבעט, אָדער אַ זיידענאָ קאָלדאָרע; דיִאָך צוצודעקן"... ווידער אַן אַנ־דערער האָט יעקבן דערציילט: „זימאָר, פּריץ לעבן, וועט מאָ דיִאָר אַרויסברענגען אַ היידאַמאַק. דו וועסט אים צובינדן צו צוויי טעלעגראַף־סלופּעס און דיִאָך הוידען אין אים"... איינער, מיט אָנגעלאָפן שפּייעכץ אין מויל, האָט געגומען אויסמאָלן: „אַז דו וועסט דיִאָך האָבן שוין גוט אויסגערוט, וועט מאָ דיִאָר דערלאַנגען גוטע זאַכן דאָס האַרץ אונטערצוּלענאָן: צוקער־זעמאָלאָך מיט פּוטאָר, מיט קאָקאָ, מיט פרישע אייאָר... דאַנאָך וועסטו קריגן ליאָדעס, די אמתאָ, גוטאָ ליאָדעס, מיט טייאָראָ טשאָסטעס, מיט טאָרט"... ער נעמט ווינקען מיט תאוהדיקע אייגעלעך: „דאָס פּאַ־ניענקאָלאָ, וואָס האָט די אַלאָ גוטאָ זאַכן דיִאָר סערוויִאָרט, איז אַ שיינאָ"...

יעקב האָט געשמייכלט. דאָס חכמהן זיך פון די שנאָרערס האָט אים דערמאָנט אין דעם חכמהן זיך פון טייל אַרעסטאַנטן אין תפיסה. אויך יענע האָבן אויף אַזאַ אופן אָפּט געוואָלט פאַרגעסן זייערע צרות. ער האָט געוווּסט, אַז פּאָר טייל מענטשן איז דאָס אַ גוט מיטל זיך צו ראַטעווען פון דיליידן וואָס זיי וואָלטן נישט געקענט אויסהאַלטן. כאָפּנדיק דעם שניט ווי מע גייט צו, האָט ער מיטן אַלטן קודם זיך אַוועקגעשטעלט אין דער רייע. דאַן האָט ער גענומען היימיש ווערן מיט די מענטשן לעבן אים, באַזונדערס מיט די, וועלכע זענען אים אויסגעקומען סימפּאַטיש. פון זיי איז ער געוואויר געוואָרן אַז מ'מוז קומען גאַנץ פרי, ווען ס'איז אין דרויסן נאָך פינצטער און וואַרטן ביז מען עפנט ס'טויער. דערנאָך — אַז מ'איז שוין אינעווייניק — מוז מען וואַרטן ביז מען טיילט אויס נומערן. דאַן מוז מען ווידער וואַרטן און ווידער וואַרטן...

„און אַז מ'האָט זיך שוין גענוג אָנגעוואַרט, קריגט מען ערשט גאָרנישט", איז איינער יעקבן מגלה־סוד.

יעקב פרעגט פאַרוווּנדערט: „וואָס הייסט?"

„גאָרנישט, הייסט גאָרנישט" — ענטפערן אים עטלעכע. איינער קלערט אים אויף: „ס'הייבט זיך אָן מיט פּאַפּירן. מ'מוז ברענגען צייגענישן אַז מ'איז נישט ראָטשילד... דאַן... נו, איר וועט שוין געוווּיר ווערן. איר וועט מוזן אָנהייבן אַרומ־לויפן וועגן פאַרשידענע פּאַפּירן. אומעטום, ווו איר וועט קומען נאָך אַ פּאַפּיר, וועט איר מוזן וואַרטן און וואַרטן, קומען נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל — אויב איר וועט נישט געבן אין יד־אַריין. און אויף צו קריגן אַ פּאַפּיר מוזט איר ברענ־גען אַ צייגעניש, חוץ דעם פּאַס מיט אַ געבורטשיין, אַז איר זענט טאַקע איר. אויך אַ צייגעניש, אַז מ'זאָל אייך געבן די צייגעניש וואָס איר ווילט. איינער שיקט אייך צום אַנדערן, פון איין קאַנצעלאַריע צו דער צווייטער. אַזוי אָן אַ סוף. און ווען איר האָט שוין אַלע פּאַפּירן — דאַן הייבט איר אָן צו וואַרטן אָט דאָ. איר

מוזט וואַרטן אין דרויסן, אין פאַרצימער, אין דער ערשטער שטוב, אין דער צווייטער — אין יעדן צימער באַזונדער, ביי יעדן באַאַמטן, פון קלענסטן ביזן גרעסטן. און אָנגעשטעלטע זענען אין דעם קאָמיטעט דאָ — ווי אין יעדן אַנדערן — הונדערטער. ווייל יעדער העכערער באַאַמטער האָט טעכטער און זין און קוזינען און קוזינקעס וואָס זוכן פאָסטנס, שטעלעס; ווערט אינעם קאָמיטעט געשאַפן נאָך עפּעס אַן אַמט, און די וואָס קומען מ'זאָל זיי העלפן, מוזן שוין שטיין און וואַרטן פאַר נאָך אַ באַאַמטן. איר וועט שוין זען, יונגערמאַן".

כמעט אַלע לעבן יעקבן און דעם אַלטן האָבן באַשטעטיקט: „דאָס אַלץ איז אמת. קוקט נישט מיט אַזעלכע שעפּסענע אויגן, ווי איר וואָלט נישט פאַרשטאַנען וואָס מ'זאָגט אייך. איר וועט אייך איבערציייגן". און איינער, לויטן אויסזען אַן אינטעליגענטער מענטש, גיט צו פאַרשטיין: „נאָך די אַלע וואַרטענישן, לויפענישן און צרות — אויב מ'איז אַ באַזונדערס גרויסער בר־מזל — שיקט מען צום סוף אין אַן אַנדער קאָמיטעט אַריין, צו אַ צדקה־חברה. און אין וואַרשע זענען קיין שום עין־הרע דאָ געננג הילפס־קאָמיטעטן און צדקה־חברות, וואָס ווילן איינעם העלפן... זיי רייסן זיך ממש איבער יעדן נויטבאַדערפטיקן אים צו העלפן... יאָ, מע רייסט זיך, ווי איבער אַ קונה... קאָנקורענץ... ס'האָט ווער אויסגערעכנט, אַז מיר האָבן דאָ אין וואַרשע מער ווי זעכציק יידישע הילפס־קאָמיטעטן און צדקה־חברות. יעדע צדקה־חברה, יעדער הילפס־קאָמיטעט, וויל באַווייזן דער וועלט, אַז ס'האָבן זיך געווענדט צו איר נאָך הילף אַזוי פיל און אַזוי פיל מענטשן. אָט זענען די ביכער, אין זיי זענען פאַרשריבן אַלע, וועלכע זענען געקומען נאָך שטיצע. שוואַרץ אויף ווייס. די צייטונגען דרוקן באַריכטן. קריגן די אַלע אינסטיטוציעס געלט: פון אַמעריקע, פון זאַמלונגען אין די גאַסן, גרויסע נדבות פון רייכע מענטשן, וועלכע האָבן דערביי זייערע אייגענע חשבונות: אַז מ'זאָל וועגן זיי שרייבן אין די צייטונגען, זיי רימען און דערביי דערמאָנען זייערע געשעפטן. דאָס געלט וואָס די צדקה־חברות און די הילפס־קאָמיטעטן קריגן — ס'זענען אוודאי דאָ אַזעלכע וואָס זענען אַן אויסנאַם און זיי פאַרדינען, אַז מ'זאָל זיי באמת לויבן — פאַרנוצן זיי אַ טייל אויף די גרויסע געהאַלטן פאַר די אַן אַ שיער באַאַמטע, וועלכע טוען גאָרנישט, אָבער טאַקע כמעט לגמרי גאָרנישט. אַ טייל געלט נעמען די פּרעזעסן און וויצע־פּרעזעסן און ערן־פּרעזעסן, וואָס וועגן דעם רעדט מען נישט. אַ טייל געלט — דער קלענסטער — גייט פאַר די קבצנים, פאַר די „גליקלעכע" וועלכע מ'גיט עפּעס. מ'מוז דאָך זיי געבן עפּעס פאַר זייער טרחה; פאַר זייער וואַרטן אַזוי לאַנג, פאַר זייער אַרומלויפן זיך צו באַשאַפן די אַלע פּאַפּירן וואָס מ'מוז האָבן, פאַר זייער דערציילן זייערע צרות און די אַן אַ שיער אונטערשריפטן אין פאַרשידענע ביכער, אָדער אויף פּאַפּירן, צו באַשטעטיקן אַז דער קאָמיטעט טוט אויף אַזעלכע גרויסע זאַכן, העלפט אַזוי פיל... אינעם זכות פון די דאָזיקע גליקלעכע קבצנים קענען די קאָמיטעטן עקסיסטירן"... אַ צווייטער, לויטן אויסזען אויך אַ גאַנץ אינטעליגענטער מענטש, האָט כמעט ווי אויסגערופן: „די אַלערליי קאָמיטעטן און די צדקה־חברות אין דעם חורבן איצט זענען אַ ריזן־געשעפט פאַר טויזנטער און טויזנטער מענטשן. די הילף, מ'שטיינסגעזאָגט, באַשטייט פון אַ פּעקל שפּייז. אין דעם פּעקל איז דאָ: אַ ביטעלע קאַשע, אַ פונטל רייז, אַ פונטל מעל, אַ האַלב

פונטל צוקער, אַ שקאַרמוצל טיי. ס׳געווענדט זיך לויטן גליק וואָס איינער האָט. איינער קריגט אַ גרעסער פּעקל, אַן אַנדערער אַ קלענערס. אַז מ׳האָט פּראָטעקציע קריגט מען אַ פּעקל מיט גאָר גוטע זאַכן: סאַרדינען, קעז. מיט פּראָטעקציע קען מען אויך קריגן אַ פּעקל מלבושים. נאָר מיט די פּעקלעך מלבושים איז אַ צרה: די בעסערע זאַכן פעלן, מער נאָך ווי פון די פּעקלעך שפּייז. די אַמעריקאַנער — דאָס ווייסט מען — שיקן טייערע זאַכן. די דאָזיקע זאַכן ווערן אָבער דאָ־הי פאַרקויפט. איך אַליין קען געגוג מענטשן — פריינד, נאָענטע, באַקאַנטע — וואָס האָבן איינגעהאַנדלט פיינע אַמעריקאַנער זאַכן פונעם קאָמיטעט: אַנצוגן, מאַנטלען, פוטערוואַרג, אַפילו אַלערליי טייער געציג פאַר באַלמעלאָכעס: ביי־מאַשינען און שטריק־מאַשינען. אין די פּעקלעך מלבושים וואָס מען קריגט, זענען דאָ אַ צוויי אַלטע העמדער, אָדער בלויז איינס, אַ פּאָר אויסגעריבענע הויזן, אַן אָפּגעכוימערטע מאַנאַרקע, אַן אָפּגעבליאַקעוועט מאַנטל, אַ צעבויגן קאַפּעליושל״.

ווידער האָבן אַ סך באַשטעטיקט: „דאָס אַלץ איז אמת״. נאָר איינער האָט שטאָלץ געזאָגט: „גאָר אַנדערש איז, אַז מ׳האָט ועמען אין אַמעריקע און מ׳קאָן דאָס באַווייזן״... אין דעם האָט זיך יעקב אָנגעכאַפּט און גענומען דערציילן די גאַנצע געשיכטע וועגן דעם אַלטן, אַז ער האָט אין אַמעריקע זין און טעכטער; זיי שיקן אים געלט, אָבער די באַנק...

„פון איגנאַץ וואַס עט קאָ״ — האָט מען אים אַרויסגעכאַפּט פון מויל, — „באַקאַנט, גוט באַקאַנט״...

עטלעכע פון די שנאָרערס האָבן מיט איין מאָל באַקומען גרויס דרך־ארץ פאַרן אַלטן, געוווּיר ווערנדיק, אַז יעקב געהערט זיך מיט דעם אַלטן גאָרנישט אָן און שלעפּט זיך פון דעסטוועגן מיט אים אַרום דאָ און דאָרט מען זאָל אים העלפן, האָבן אַ סך אים אָפּגעטרעטן זייער פּלאַץ אין דער רייע, כדי ער זאָל שנעלער אַריינקומען אינעם קאָמיטעט. מ׳האָט אים גענומען באַשיטן מיט עצות: „ער זאָל גלייך דערציילן אַז דער אַלטער האָט קינדער אין אַמעריקע; אַז ער זאָל זיך נישט אָוועקגעשטעלט אין דער רייע נאָך אַ נומער, נאָר זיך צוקריגן גלייך צום סאַמעראָדנע: מען וועט אים שוין ווייזן ווער דאָס איז״.

## 2

אָבער שוין אין פאָרצימער, ווו די וואַרטנדיקע זענען שיִער צעקוועטשט געוואָרן פון ענגשאַפט, האָט יעקב געזען אַז ער וועט די לעצטע עצה נישט קענען פאָלגן: ער האָט פּשוט נישט געקענט מאַכן קיין איין טריט. ער איז געשטאַנען ווי פאַר אַ געמויערטער וואַנט וואָס האָט קיין איין שפּעלטענע נישט. אַלע, מאַן און פרוי, האָבן געהאַלטן זייערע עלנבויגנס אָנגעשפּיצט, די מוסקולן געשפּאַנט — גרייט צו קעמפן פאַרן אָרט, עס נישט אָפּצוטרעטן און צושטופּן זיך אַ טריט ווייטער. די לאַנגע בענק פאַר די וואַרטנדיקע צום זיצן האָבן בלויז געשטערט, ווייל זיי האָבן אַוועקגענומען פּלאַץ. אויף טייל בענק האָבן אַ סך מענטשן זיך אַרויפגעשטעלט און זיי צעבראָכן. געשרייען. אַלע רעדן. אָבער קיינער הערט

נישט אַפּילו ס'אייגענע קול. יעקב איז אינגאַנצן צעטומלט און קריגט קיין לופט נישט. ער איז געוואָרן אַז אַ נומער מוז ער האָבן, ווייל אָן אַ נומער לאָזט מען צו קיין שום באַאַמטן נישט צו און קיין שום באַאַמטער נעמט נישט אָן אָן אַ נומער — מעג דאָס זיין אַפּילו גאָט אַליין. אָבער די נומערן זענען שוין געווען אַלע פאַרטיילט. נאָכן אָפּשטיין אַזוי לאַנג אין דרויסן און אפשר אַ שעה אין פאַרצימער — ביז ער איז געוואָרן אַז ער מוז האָבן אַ נומער — איז ער אַוועקגעגאַנגען מיט גאָרנישט. צוריק אינדרויסן, האָט ער דעם אַלטן אַריינגעשריגן אין אויער: „מאָרגן! באַלד אין דער פרי!"

אָבער אויך אויפן צווייטן טאָג האָט ער קיין נומער נישט באַקומען. אַלע נומערן זענען שוין געווען צעטיילט. ער האָט נישט געוווּסט אַז אַ נומער קען מען קויפן. עטלעכע פון די, וועלכע געהאַט נומערן, האָבן אים געזאָגט: „איר מוזט קומען אַ סך, אַ סך פריִער ווי איר זענט געקומען". איינער, אַ „קלוגער" האָט גענומען חוזק־מאַכן פון אים: „אַיאָר וואָלט געוואָלט אַז מ'זאָל אַ גאַנצן טאָג טיילן נומערן. כאַ־כאַ! ס'וואָלט געמוזט זיין טויזנטאָר, טויזנטאָר באַאַמטאָ מעאָר, אַז זיי זאָלן די אַלאָ, וואָס מ'קען אין אַ טאָג אויסטיילן נומערן אָפּפאַרטיקן. און דער עיקר: דער קאָמיטעט וואָלט דאָך באַדאָרפן גאַנצע בערג מיט געלט".

יעקב האָט איינגעזען די גערעכטיקייט פון די ווערטער און איז ווידער אַוועקגעגאַנגען מיט גאָרנישט. דאָס דריטע מאָל האָט ער זיך מיטן אַלטן אַוועקגעשטעלט אין דרויסן וואַרטן ווען ס'איז נאָך געווען פינצטער. ער איז געווען דער ערשטער נאָך אַ נומער און דער באַאַמטער האָט אים נישט געקענט זאָגן, אַז ער האָט שוין צעטיילט די נומערן. יעקב האָט איינגעזען, אַז די וואָס פעדערן זיך פרי ווערן באַלוינט. זיך שטופנדיק און פּאַקנדיק מיטן אַלטן ביי דער האַנט, איז ער אָנגעקומען צו אַ יונגנמאַן, וועלכער איז געזעסן אויף אַ שטול מיט אַ גרין קישעלע דערויף, ס'זאָל אים זיין ווייך צו זיצן. אַליין איז ער אויך געווען אַ ווייכינקער, מיט ווייכע, פּוכנע הענט, ווייסע ווי ביי אַ פּעטער פרוי, קיילעכדיקע, ראָזע בעקלעך, גלאַטיק ראַזירטע, מיט בלאָנדע קליינע וואָנצעלעך. אַ מענטש אָן אַ גאַל. ער האָט שטיל און בנעימותדיק (זיך נישט אָנצושטרענגען צופיל) אויסגעפרעגט דעם אַלטן: „ווי הייסט איר?"

יעקב האָט זיך אַריינגעמישט: „דער אַלטער"...

דער יונגערמאַן אָן דער גאַל האָט יעקבן נישט געלאָזט רעדן: „איך פרעג יעצט נישט אייך. שפּעטער וועל איך פרעגן אייך — וועט איר מיר ענטפערן. נאָר יעקבן האָט פון דעסטוועגן אויף ס'ביי אָנגעהויבן: „דער אַלטער הערט נישט". דער ווייכער יונגערמאַן אויפן ווייכן קישעלע האָט פאַרמאַכט די אויגן. דאָס האָט גלייך דערזען דער, וועלכער האָט אויסגעטיילט די נומערן: אַ קליין מענטשל, אָבער אַ ספּריטנע, פּעסט פאַרשווינדל, און שוין איז עס געשטאַנען לעבן יעקבן: „יאָך פיאָר ענק גלייך אַרויס, אַז עטץ וועט נישט וויסן ווי זיאָך צו בענעמען!" אָפּגעזאָגט — איז דאָס מענטשל צוריקגעגאַנגען אויפן פריִערדיקן אָרט. דער יונגערמאַן מיט די פולע ראָזע בעקעלעך אויפן גרינעם קישעלע האָט דעם אַלטן ווידער גענומען אויספרעגן, איצט נאָך שטילער ווי פריִער. אָבער דער אַלטער האָט נישט געענטפערט. סוף־כל־סוף האָט דער ווייכינקער יונגערמאַן אָן אַ גאַל

געמוזט אָנקומען צו יעקבן. נאָר ער האָט עס געטאָן אַזוי, ווי ער וואָלט איצט אויסגעפרעגט יעקבן. אַז יעקב האָט געפּרוּווט פּראָטעסטירן: ער איז בלויז געקו־מען מיטן אַלטן און אַליין פאַרלאַנגט ער נישט קיין שום הילף, האָט אים דערויף געענטפערט דאָס שטילע, בנעימותדיקע קול: „ס'איז אַלציינס". אָפּגעפּאַרטיקט — האָט דער יונגערמאַן געוויזן יעקבן אויף אַ טיר.

יעקבס אויגן זענען אין דער קאַנצעלאַריע, אין וועלכער ער איז אַריינגע־גאַנגען מיטן אַלטן, צוגעצויגן געוואָרן פון אַ מיידל ביי אַ שרייבטיש. פאַר איר איז געשטאַנען אַ ברייטפּלייציקער מאַן, האַלב איבערגעבויגן איבערן שרייבטיש, מיט אַ פוס אויפן שטול שטאָט צו זיצן אויף איר. אין פלוג איז די פיגור פונעם מאַן יעקבן אויסגעקומען באַקאַנט, באַזונדערס די אויערן מיט די משונה גרויסע און דיקע לעפלעך; אָבער יענער איז געווען אויסגעדרייט צו אים מיטן רוקן. לויט די מינעס אינעם מיידלס פּנים — זי האָט די אַריינגעקומענע דערווייל נאָך נישט געשענקט קיין שום אויפמערקזאַמקייט — האָט יעקב זיך פאַרגעשטעלט וואָס דער מאַן איבערן שרייבטיש רעדט שטילערהייט אַריין אין איר. פּלוצלינג האָט זי אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זי איז דערביי נאָך שענער געוואָרן. דאַן האָט זיך איבער איר פּנים צעגאָסן אַ פיין און קלוג שמייכעלע. באַלד אָבער האָט זיך איר שיינער שטערן אָנגעכמורעט און זיך גענומען קנייטשן. אַ מינוט שפּעטער האָט דער אומגעווינלעך־ברייטער רוקן פונעם מאַן זיך גענומען אויסגלייכן. די אַקסלען און דער גרויסער מגושמדיקער גוף האָט זיך אַזוי געטרייסלט פון לאַכן, אַז די שטול, אויף וועלכער דער פוס מיט דער גראָבער לידקע און ברייטן שענקל איז געשטאַנען, האָט אַזש געסקריפּעט.

צוערשט האָט יעקבן דאָס בילד, וואָס ער האָט געטראָפן ביים אַריינקומען אַמוזירט; דערנאָך אָבער איז ער געוואָרן אומגעדולדיק פון שטיין אַזוי לאַנג ביי דער טיר און אַפילו נישט באַמערקט ווערן. דאָס צימער איז געווען גאַנץ גרויס. ס'זענען געשטאַנען שטולן. אויף עטלעכע זענען געזעסן מענטשן און האָבן געוואַרט. האָט ער מיטן אַלטן זיך אויך אַוועקגעזעצט. אָבער ער האָט ווייטער געקוקט אויפן מיידל און אויף דעם ברייטן רוקן, וועלכער איז איצט ווידער געווען אויסגעבויגן איבערן שרייבטיש, איצט נאָך מער ווי פריִער. די מענטשן וואָס האָבן געוואַרט האָבן אָנגעהויבן הוסטן, צוערשט איינציקווייז, דאַן צו עט־לעכע מיט אַ מאָל, אַלע מאָל מער, ביז אַלע האָבן זיך צעהוסט. זיי האָבן געהוסט אַזוי לאַנג, ביז דער מאַן האָט אויפגעהערט אַריינצורעדן אינעם מיידל ביים שרייב־טיש און זיך פאַרנומען אַוועקצוגיין פון איר. און ער איז טאַקע פון איר אַוועק־געגאַנגען; נאָר ביי דער טיר איז ער שטיינגעבליבן און זיך צוריק אומגעקערט צום מיידל ביים שרייבטיש. און ער וואָלט דאָרט ווידער געווען אָפּגעשטאַנען און אַריינגערעדט אין איר מי יודע ווי לאַנג, ווען די מענטשן וואָלטן נישט געווען אויפגעשטאַנען אַלע פון זייערע ערטער און גענומען צוגיין צום טיש. ערשט דאַן איז דער מאַן (יחיאל לייביש בערנפעל, ווי יעקבן איז גלייך אין דער ערשטער רגע איינגעפאַלן) אַרויסגעגאַנגען. פּטור געוואָרן פון אים — האָבן אַלע, שוין געגוג אומגעדולדיק פונעם וואַרטן, זיך גענומען שטופּן און פּאַקן צום שרייבטיש.

נאָר די „פּאַניענקאַ", די „פּראָשען פּאַניענקאַ", אָדער די „פּריילן", די „טייערע

פּריילן" — אַזוי האָבן זיך די שטופּנדיקע געוועגדט צו איר — האָט זיך נישט געאיילט. זי האָט זיך ערשט איצט אויף ס'ניי געשפּיגלט (זיך צו איבערצייגן אַז זי איז טאַקע שיין) און זיך באַטאַפּט די פריזור פון אַלע זייטן. פּאַרטיק געוואָרן — אַפילו מיטן צופיילן אַ נאָגל — האָט זי פּויל, אָבער אויף אַ גראַציעזן אופן, אויסגעשטרעקט די שלאַנקע האַנט, און זוכנדיק עפּעס, צוזאַמענגעלייגט אין אָרדענונג די פּאַפּירן און אַקטן אויף איר שרייבטיש. דאַן האָט זי אין פּויליש, און באַזונדערס מעלאָדיש, אויסגערופן אַ נאָמען און דעם נומער, צו וועלכן דער נאָמען איז געווען באַהעפט. נאָר אַזוי ווי די מענטשן פאַר איר שרייבטיש האָבן זיך נאָך אַלץ געשטופּט און זענען נישט צוריקגעגאַנגען צו די שטולן זיך אַוועקזעצן ווו זיי זענען פריִער געזעסן, האָט זי ווידער גענומען באַטראַכטן אירע לאַנגע נעגל, אויב אַלע זענען ריכטיק מאַניקירט, אויב די ראָזע פאַרב אויף זיי איז נאָך ווי געווען, נישט אָפּגעשפּרונגען ערגעץ, און דער לאַק גלאַנצט. זי האָט זיך קיין ריר נישט געטאָן, איז געזעסן רויִק, מאַיעסטעטיש, די גרויסע זיידענע ווימפּערן אַראָפּגעלאָזט. די מענטשן האָבן געהאַלטן אין איין פרעגן פאַרשידנס, זיך קלאָגן פאַר איר, אויסדערציילן זייערע ביטערע צרות; זי אָבער האָט קיינעם נישט געזען און קיינעם נישט געהערט. זי האָט ווידער גענומען איר פיינעם בייטל פון טייערן קראָקאָדיל־לעדער, וואָס איז געלעגן רעכטס לעבן איר האַנט, האָט ווידער אָנגעהויבן אַרויסנעמען פון דאָרט דאָס שפּיגעלע און דאָס פּיילעכל. ערשט ווען אַלע זענען צוריקגעגאַנגען צו זייערע ערטער, האָט זי — פריִער נאָך אַ שמעק טוענדיק צו די בלומען אין דער וואַזע אויפן שרייבטיש — זיך גענומען צו דעם מענטש, וועלכער איז פאַר איר געשטאַנען. אַ געלאַנגוויילטע האָט זי אים און דאַן די אַנדערע אָפּגעפּאַרטיקט.

בלויז יעקב איז נאָך געבליבן מיטן אַלטן. ביידע האָט דאָס מיידל שוין געהאַט צוגערופן צום שרייבטיש. נאָר אין דעם מאָמענט האָט זיך געעפנט אַ טיר און אַ לאָקיי האָט אויף אַ טעצל איר אַריינגעבערענגט אַ גלאָז טיי מיט ציטרין און צוויי קליינע טשאַסטקעלעך. מיט גרויס דרך־ארץ האָט ער דאָס אַלץ אַוועקגעשטעלט פאַר דער „פּאַניענקע" און איז צוריק אַרויסגעגאַנגען. זי האָט זיך גענומען צו דער טיי, געטרונקען פּאַמעלעך מיטן לעפעלע און מיט די פּאָדערשטע קליינע ציינדלעך אָפּגעדליביעט אַלע מאָל אַ פּיצעלע פון אַ טשאַסטקע. יעקב האָט געהאַט אַ געלעגנהייט זי איצט צו באַטראַכטן פון דער נאָענט. פון אירע גרויסע, בלויע אויגן, איז ער געווען פאַרבליפט. ער האָט געטראַכט אַז אין איר שיינקייט איז דאָ עפּעס גרויזאַמס, צוליב די רויִקע שטריכן אין איר פּנים און די קילקייט פונעם אויסדרוק, ווי זי וואָלט געווען פון קאַלטן, טויטן מאַרמאָר. זי האָט משמעות געפילט אַז ער אָבסערווירט זי און ערשט איצט — צום ערשטן מאָל צייט ער איז צו איר צוגעקומען — געוואָרפן אויף אים אַ בליק. פּלוצלינג האָט זיין פּנים זי פאַראינטערעסירט, אָדער זי האָט פאַר עפּעס זיך געוואָלט בוקם זיין אָן אים, און לאַנג געקוקט אויף אים. ווי פּראָסטיקע שפּיזלען וואָלטן אים דורכגעשטאָכן, אַזוי האָט ער געפילט איר קוקן אויף אים. דאַן האָט זי אים, ווי זי וואָלט זיך פון עפּעס געעקלט, שנעל אָפּגעפּאַרטיקט און אים געוויזן מיט אַ האַנט אויף אַ טיר.

3

דאָס צימער, אין וועלכן יעקב איז איצט אַריינגעקומען, איז געווען אַ טונקלס, אַ ביסל אָפּגעלאָזט. איבער דער גאַנצער לענג און ברייט זענען געשטאַנען קליינע טישלעך מיט שרייבמאַשינקעס. לעבן זיי זענען געזעסן מיידלעך מיט בלאַסע, אָפּגעצערטע פּנימער, ווי ס׳זענען געווײַנלעך ביוראָ־פּראָלעטאַריערנס. זייערע דאַרע פינגער זענען אין איילעניש אַרומגעשפּרונגען איבער די קנעפּלעך מיט בוכשטאַבן פון די טאַסטעטורן. גיך האָבן זייערע ביינערדיקע הענט צוריקגערוקט די וואַלצן און כמעט אָן אָפּשטעל זענען זייערע פינגער ווייטער געשפּרונגען איבער די בלעכענע קנעפּלעך מיט אותיות. אַ געקלאַפּעריי, ווי קליינינקע שטיינדלעך וואָלטן זיך געשאָטן פון אַלע זייטן.

יעקב האָט נישט געוווסט צו וועמען ער זאָל דאָ צוגיין. דערזעענדיק, אַז איין מיידל האָט אויף אַ מינוט אויפגעהערט, איז ער צו איר צוגעגאַנגען. זי האָט שנעל אויפגעדרייט אויפן וואַלץ פון דער שרייבמאַשינקע אַן אויסגעשטעלטן בלאַנק און אים פלינק אויסגעפילט מיט די עטלעכע ווערטער, וועלכע יעקב האָט איר געזאָגט. אין דאָזיקן צימער איז ער גיך אָפּגעפאַרטיקט געוואָרן. דערפאַר האָט ער אין דריטן צימער, אינעם קאַבינעט פון אַ סעקרעטאַר, געמוזט לאַנג וואַרטן ביז מען האָט אים גערופן, לענגער נאָך ווי אין ערשטן צימער. דעם סעקרעטאַרס צימער איז געווען גרויס, לוקסוסדיק, מיט פיר ברייטע פענצטער, דעקאָרירטע מיט טאָפּלטע גאַרדינען. די טאַפּעטן: טונקלברוינע מיט גאָלדענע פּאַוועס, די עקן מיט די פאַנטאַסטיש־שיינע פּעדערן צעשפּרייט, שטייען אויף גרינע צווייגן, אָפּגעטונקטע אין ווייס בלישעכץ. ס׳הענגען פּאָרטרעטן פון רעספּעקטאַבלע פּערזענלעכקייטן, ווי דירעקטאָרן פון בענק, פּרעזעסן און ערןפּרעזעסן פון אַ סך און פאַרשידענע אינסטיטוציעס. אויפן פּאַרקעט ליגן ווייכע, דיקע טעפּיכער. נאָר ווער איז דער סעקרעטאַר, צו וועמען יעקב מוז זיך ווענדן? ס׳שטייען פינף גרויסע שרייבטישן, ברוינע פון מאַהאָגאַנאַ־האָלץ. לעבן איין שרייבטיש זיצט פּאַניע בערנפּעל.

יעקב האָט זיך דערפרייט: אַ בן־עיר!... דאָך איז ער נאָך אַלץ נישט צוגעגאַנגען צו אים, געוואַרט מיטן פּאַפּיר אין איין האַנט און מיט דער צווייטער פירנדיק דעם אַלטן, געוואַרט ביי דער טיר ביז מ׳וועט אים רופן. מ׳האָט אים אָבער דערווייל נאָך קיינער נישט באַמערקט. פּאַניע בערנפּעלס ריזיקע פיגור איז איינגעבויגן איבער אַ גלאָז טיי מיט צובייס. מיטן לעפעלע אין דער גרויסער דיקער האַנט, וואָס האָט פון איין זייט צוויי גרעסערע און דריי קלענערע „קישעלעך" און פון דער אַנדערער זייט איז זי געדיכט באַוואָקסן מיט געלע האָר, גולמט ער אין פאַפּירן וואָס ליגן פאַר אים. יעקב איז זיך משער: ביי דעם שרייבטיש, וועלכער איז אָפּגעזונדערט פון די איבעריקע פיר און שטייט ווינקלדיק צווישן צוויי פענצטער, איז דער, וועלכער זיצט דאָרט, אַוודאי דער סעקרעטאַר. די אַנדערע זענען מסתמא זיינע געהילפן. דעם סעקרעטאַרס שטול, מיט אַ הויכן אָנלען און שניצונגען ווי אַ קרוין, זעט אויס ווי אַ כסא־המלכות. אָבער דער, וועלכער זיצט אויפן דאָזיקן שטול, איז פאַרשלאָסן אין זיך און טוט זיך קיין ריר נישט. פאַר אים שטייען הערלעכע רויזן אין אַ טייערער קרישטאָלענער

וואָזע. נאָך אַ גאָר יונגער מענטש, מיט אַן ענערגיש פּנים. אין אַן עלעגאַנטן טונקל בלויען אַנצוג, מיט אַ שיין אויסגעהאַפּטן טיכעלע אינעם לינקן ברוסט־קעשענקעלע. נעגער־האָר, נידעריק געשוירן. דאָך איז קיין שטייפקייט נישטאָ אין זיין האַלטונג. פּאַרקערט, לויט ווי ער זיצט, די פיס אין די ברייטע כמעט רויטע שיך אויסגעצויגן, קומט ער אויס אַ צוגעלאָזטער, פריינדלעכער מענטש.

צוויי שרייבטישן שטייען צוזאַמענגערוקט און זעען אויס ווי איינער. לעבן זיי זיצן צוויי יונגע אויסגעפּוצטע פרויען, קלוגע, ווי ס׳שיינט פון זייערע פּנימער. זיי טוען גאָרנישט. ס׳זיצן און שטייען אַרום די צוויי צוזאַמענגערוקטע שרייב־טישן פיר עלעגאַנטע, אָבער ווירדיק אויסזעענדיקע מענער, דריי מיט פּליכן און איינער מיט אַ צוגעשפּיצט בערדל. זיי רעדן, שמועסן. די צוויי פרויען וואַרפן פון צייט צו צייט אַריין אַ וואָרט, אַ באַמערקונג, אַוודאי אַ וויציקע, ווייל די מענער לאַכן אַלע. יעקב — אַז מען רופט אים נאָך אַלץ נישט, ס׳קוקט זיך אַפילו קיינער נישט אום אויף אים — טראַכט ער: אפשר איז ער אַריינגעגאַנגען נישט אין דעם צימער, אין וועלכן מ׳האָט אים געהייסן אַריינגיין? — ציענדיק מיט זיך דעם אַלטן, גייט ער צעגערנדיק דאָך צו צו פּאַניע בערנפּעל. ער בלייבט אָבער שטיין עטלעכע שריט פאַר זיין שרייבטיש. אָבער אַז דער זיצנדיקער ביים שרייבטיש באַמערקט אים נאָך אַלץ נישט, מאַכט ער נאָך צוויי טריט און שטרעקט פּאַניע בערנפּעלן אויס דאָס פּאַפּיר. יענער נעמט דאָס פּאַפּיר אויף אַן אומפריינדלעכן אופן, נישט קוקנדיק צו דעם, וועלכער האָט אים דאָס פּאַפּיר געגעבן. גלייבט יעקב אַז זיין בן־עיר דערקענט אים נישט און זאָגט שטיל: „פּאַניע בערנפּעל... איך בין״... אָבער פּאַניע בערנפּעל וואַרפט אַפילו נישט קיין בליק אויף אים. ערשט ווען ער האָט דאָס פּאַפּיר געהאַט דורכגעקוקט מיט אַ שטרענגן און ביטולדיקן בליק, האָט ער אַ קוק געטאָן אויף די צוויי מענטשן און נאָך אַ מאָמענט קוקנדיק אויף יעקבן, פרעגט ער אים: „זענט איר נישט ר׳ שאול דעם סופרס זון, דער?״...

פּאַניע בערנפּעל האָט זיך צוריקגעכאַפּט, נישט ווייל ער האָט נישט געוואָלט באַליידיקן יעקבן מיט דעם זידלוואָרט „סאָציאַליסט״, נאָר ווייל ער האָט אין דעם מאָמענט אַ טראַכט־געטאָן: „מיין חיהלע איז דאָך אויך אַ סאָציאַליסטקע; נאָך ערגער: זי איז אַ קאָמוניסטקע!״ האָט ער געוועקסלט עטלעכע גאָרנישט זאָגנדיקע ווערטער מיט יעקבן און איז צוגעגאַנגען צום סעקרעטאַר אים איבער־צוגעבן דאָס פּאַפּיר וואָס ער האָט דורכגעקוקט און אַריינגעטראָגן אין דער ליסטע פון קליענטן, וועלכע האָבן קרובים אין אַמעריקע. באַלד האָט דער סעקרעטאַר צוגערופן צו זיך דעם אַלטן. יעקב איז שנעל צוגעגאַנגען, געזאָגט אַז דער אַלטער הערט נישט און איז פון אַלטקייט און דערשלאָגנקייט אַוודאי נישט גאַנץ ביים זינען.

„גוט״. בלויז דאָס איינע וואָרט האָט דער סעקרעטאַר געזאָגט צו יעקבן און אים געהייסן מיטן אַלטן וואַרטן אין קאָרידאָר. אַליין איז ער אויפגעשטאַנען פון זיין שטול מיטן הויכן געשניצטן אָנלען און איז דורך אַ טאַפּיצירטער, מיט לעדער איבערגעצויגענער טיר, אַוועק מיטן באַקומענעם פּאַפּיר צו זיין שעף.

## 4

אין גרויסן און וואַרעמען קאָרידאָר, ווו דער געוואַקסטער פּאַרקעט און די שטיגן זענען געווען באַלייגט מיט טעפּיכער און פּאַלמען זענען געשטאַנען אין די ווינקלען — דער פּאַראַדנער אַריינגאַנג פונעם הויז — האָט יעקב זיך ווידער אַוועקגעשטעלט מיטן אַלטן וואַרטן ביז מ׳וועט אים רופן. שוין שטאַרק נערוועז, האָט ער מער נישט געקענט איינשטיין אויף איין אָרט און גענומען גיין הין און צוריק איבער דער לענג פונעם קאָרידאָר. און גאַנץ אומגעריכט, ווי אַ „מלאך פון הימל״, איז דורך אַן אַנדערער טיר אַרויסגעקומען דער שוואָגער, דער באַרימטער שרייבער. יעקב האָט אַן איבערראַשטער און דערפרייטער אויסגערופן: „פּיוול!״

„ש־ש־ש״... דער באַרימטער שרייבער האָט צוגעלייגט צוויי פינגער צום מויל. געבנדיק דעם שוואָגער די האַנט, האָט ער אים געבעטן: „איך בעט דיך: אין דער עפנטלעכקייט, חוץ ביי דיר אין דער היים און ביי מיין מוטער אין שטוב, זאָלסטו מיך נישט רופן „פּיוול״, און אויך נישט ביים פאַמיליען־נאָמען „קאַצענעק״. אין דער עפנטלעכקייט זאָלסטו מיך תמיד רופן ביי מיין ליטעראַרישן פסעוודאָנים: וויסלאָווסקי, אָדער — אַז דו ווילסט זיין אינטים — רוף מיך פעליקס! אָבער קיין מאָל נישט — גאָט זאָל דיך אָפּהיטן! — פּיוול. וואָס מאַכסטו? און וואָס טוסטו דאָ?״

יעקב האָט גענומען דערציילן די געשיכטע וועגן דעם אַלטן; נאָר דער שוואָגער האָט אים נישט געלאָזט קיין סך רעדן דעריבער. ער האָט פון די ערשטע עטלעכע ווערטער שוין אַלץ פאַרשטאַנען און זיך אַ ביסל אָנגעכמורעט: „כ׳פאַרשטיי. גוט. כ׳וועל זען מ׳זאָל דיך איצט שנעל אָפּפאַרטיקן, זאָלסט נישט מוזן נאָך אַ מאָל אַהערקומען. נאָך וואָס אָבער נעמסטו זיך אונטער אַזעלכע זאַכן? וואָס איז דאָס דיין דאגה? זאָל יעדער זיך אַליין העלפן, און דו״... מערקנדיק אַז דער שוואָגער וויל נישט זיין באַלערנונג און דאַנקט אים פאַר דער לעקציע דורך „אַראָפּלאָזן די נאָז״, האָט ער פאַרקירעוועט אויף אַן אַנדער געשפּרעך: „וואָס מאַכט מיין שוועסטערל? אַזוי... זייער פיין... אָבער דו האָסט קיין אַרבעט נישט. שלעכט. לאָמיר האָפן אַז דו וועסט נישט דאַרפן צו לאַנג וואַרטן אויפן סעזאָן. הם״... ער האָט ווידער געוואָלט נעמען זאָגן מוסר דעם שוואָגער זיינעם, איצט וועגן זיין סאָציאַליזם, און פון צוויי שטאַנדפּונקטן: ווייל ער וועט ווידער אַריינפאַלן און די שוועסטער וועט ווידער ליידן, איצט נאָך מער ווי פריִער, און ווייל ער האָט די סאָציאַליסטישע אידייע פאַראַכטעט מער ווי אַלץ אין דער וועלט. אָבער ער האָט זיך איצט אָפּגעהאַלטן דערפון און בלויז געזאָגט: „אפשר וועל איך מיך היינט ביינאַכט אַריינכאַפּן צו דיר. און איצט — אַז דער צופאַל האָט יאָ אַזוי געוואָלט — קום! איך וועל דיר ווייזן זייער אינטערעסאַנטע זאַכן דאָ״. ער האָט דעם שוואָגער גענומען אונטערן אָרעם: „דו וועסט זען וואָס דער קאָמיטעט טוט אַלץ אויף, מער וויפל דער סאָציאַליזם וועט אַ מאָל קענען אויפטאָן! אינטערעסירט דיך צו זען?״

„געוויס״.

דער באַרימטער שרייבער איז געוואָרן זייער באַרעדעוודיק, ווי זיין שטייגער

איז געווען: „דו האָסט מסתמא שוין געהערט — געלייענט מיינע אַרטיקלען — אַז דער דאָזיקער קאָמיטעט איז די רייכסטע און מאָדערנסטע יידישע הילפס־אינ־סטיטוציע אין דער וועלט. איך ווייס דאָס, ווייל איך בין איינגעלאַדן כמעט צו יעדער וויכטיקער זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג אין דאָזיקן קאָמיטעט. פאַרשטייט זיך אַלס פאַרטרעטער פון דער צייטונג. דאָ פירט זיך גאַנץ אַנדערש ווי אין די קאָנסערוואַטיווע צדקה־אַנשטאַלטן. קודם־כל די אַדמיניסטראַציע דאָ; שיער ווי אין אַ מיניסטעריום פון אַ גרויסער מלוכה! פאַר אַלץ אַ באַזונדערע אָפּטיילונג". אַריינפירנדיק דעם שוואָגער אין אַ גרויס ליכטיק צימער, וואָס האָט באמת גע־מאַכט דעם איינדרוק פון אַ מלוכה־קאַנצעלאַריע: „דאָ איז די סטאַטיסטישע אָפּ־טיילונג! זעסט וויפל מענטשן ס'אַרבעטן! אַלע אַקאַדעמיש־הויכגעבילדעטע מענטשן!" ביים אַנקלאַפּן און דאַן עפענען די טיר, האָט דער באַרימטער שרייבער צוגעטיילט כבוד זיין „פּראָסטן" שוואָגער, דעם פשוטן אַרבעטער: „פּראָשען! ביטע! איך בין דאָ ווי ביי זיך אין דער היים און דו ביסט מיין גאַסט". ער האָט אים פאַרגעשטעלט פאַר אַ יונגנמאַן, וועלכער איז צו אים צוגעקומען. ביים געבן יעקבן די האַנט האָט יענער געענטפערט: „באַרדזאָ פשיעמנאָ, זייער אָנגענעם". ער האָט דעם גאַסט גע־מאַכט אַ קאָמפּלימענט: „פאַר אייך מוז זיין אַ גרויסער כבוד; פאַן ווישלאָווסקי — אַזאַ גרויסער דיכטער און באַרימטער שרייבער — אייער שוואָגער!"

„נו, נו, נו"... פאַן ווישלאָווסקי האָט תמיד, ווען מ'האָט אים געריימט, געוויזן ווי באַשיידן ער איז. יעקב האָט זיך אַרומגעקוקט, געזען אַזוי פיל שרייבטישן און מענטשן זיצן לעבן זיי, מענער און פרויען און כמעט אַלע מיט גרויסע האָרנ־ברילן, אַפילו די יונגעלייט און שיינע מיידלעך — אַלע זייער ערנסט. ביי די ווענט — שענק מיט גרויסע און דיקע ביכער. אָבער זייער לאַנג איז דער שוואָגער מיט אים דאָרט נישט געבליבן, ער האָט אים געפירט פון איין צימער אין צווייטן: „דאָ איז דער אַרכיוו! דו זעסט? — אפשר פופצן מענטשן אַרבעטן דאָ! און דאָ איז די פינאַנץ־אָפּטיילונג! דאָ — די יורידישע סעקציע! דאָס איז דער פאַרזאַמלונג־זאַל! דאָ — פּראָפּאַגאַנדע־אָפּטייל! פאָרשונג־צימער! געזונטהייט־דעפּאַרטאַמענט! פאַר האַנדל און מלאָכה! ביוראָ פאַר עמיגראַציע! פערסאָנאַל־קאַנצעלאַריע! ביבליאָטעק־צימער!" ביים סוף האָט דער שוואָגער געזאָגט: „איך האָב דיר אַפילו נאָך קיין העלפט נישט געוויזן! און דאָ איז בלויז איין טייל פון דער צענטראַלע אין פוילן. פיליאַלן זענען דאָ אין יעדער גרעסערער שטאָט! כמעט אין יעדן קליינעם שטעטל איז דאָ אַ פאַרטרעטער פונעם קאָמיטעט! אַך, ס'זענען דאָ נאָך אַ גאַנצע מאַסע פאַרשידענע איינריכטונגען, ווי לייי־קאַסעס, קליניקעס, אומזיסטע קיכן אאַ"וו. און אַזוי אין יעדן לאַנד פון אייראָפּע און אַמעריקע. דו קענסט דיר גאָר קיין באַגריף נישט מאַכן: באמת אַ גאַנצע מלוכה, אַ יידישע. בלויז דירעקטאָרן, סעקרעטאַרן, פּרעזעסן און וויצע־פּרעזעסן און ערן־פּרעזעסן — לויטער גרויסע באַרימטע פּער־זענלעכקייטן — זענען דאָ טויזנטער! איצט שטעל דיר פאָר, מיין ליבער שוואָגער, וויפל אָנגעשטעלטע אַזאַ אָרגאַניזאַציע האָט, וויפל מענטשן זי באַשעפטיקט און צאָלט שיינע געהאַלטן. ס'איז דאָ פון וואָס צו שרייבן... ס'איז כמעט נישטאָ קיין אין צייטונג אין דער וועלט — ניין, נישט בלויז אין יידיש, נאָר אין אַלע שפּראַכן — וואָס זאָל נישט אָפּגעבן גאַנצע זייטן פאַר דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע!"

געוויס, פאַן ווישלאָווסקי האָט זיין שוואָגער נישט אַריינגעפירט אין יעדן צי־

מער, דאָס וואָלט אַוועקגענומען אַ סך צייט, צופיל, און ס'איז שוין נישט געווען זייער פרי. אָבער די אויפשריפטן אויף די טירן פון יעדן אָפּטייל האָט ער יעקבן יאָ געוויזן. נאָך אַזאַ עקסקורסיע האָט ער זיך שנעל געזעגנט מיטן שוואָגער, אים נאָך אַ מאָל געזאָגט אַז ער וועט זיך אפשר ביינאַכט אַרויפכאַפּן צו אים, און איז שנעל אַראָפּגעלאָפן די שטיגן.

געבליבן אַליין — האָט יעקב אַ שמייכל געטאָן: „אַזוי פיל אָנגעשטעלטע — איז שוין נישט קיין וואונדער וואָס די אָרעמע מענטשן מוזן שטיין אין דרויסן און וואַרטן אַזוי לאַנג, קומען עטלעכע מאָל און אין יעדן צימער וואַרטן און וואַרטן, געשיקט ווערן פון איין צימער אין צווייטן און ביי יעדן באַאַמטן ווידער וואַרטן און ווידער וואַרטן"... ער איז צוריק צוגעגאַנגען צום אַלטן. באַלד האָט מען אים טאַקע גערופן. ס'האָט זיך געעפנט אַ טיר, נישט יענע פון וועלכער ער איז פריִער אַרויסגעגאַנגען, נאָר אַ צווייטע, און אַ מיידל האָט אויף אַ זייער איידעלן אופן ביידע אַריינגעבעטן. פאַרמאַכנדיק נאָך זייער אַריינקומען די טיר, האָט זי זיי העפלעך, מיט אַ ווייכער שיינער שטימע, געבעטן זיצן און וואַרטן נאָך איין רגעלע. לעבן אַ מאַן, וועלכער איז אויפגעשטאַנען פון זיין ברייטן לעדער-פאָטעל, איז געשטאַנען אַ הער שוין אין ברייטן פעלץ, איין זעמשענע הענטשקע שוין אָנגעטאָן, דעם צילינדער אין איין האַנט און אין דער אַנדערער אַ לאַנגן און דיקן ציגאַר, און לאַכנדיק געזאָגט נאָך עטלעכע ווערטער. דער אויפגעשטאַנענער האָט פון ברייטן, פליישיקן מויל אַרויסגענומען זיין ציגאַר, אַרויסגעלאָזט אַ קניילעכל רויך, וואָס האָט זיך צעשפּרייט אין זילבער-שטויב, און זיך אויך צעלאַכט. צופירנדיק זיין גאַסט צו דער טיר, לעבן וועלכער דאָס מיידל איז שוין געשטאַנען מיט דער קליאַמקע אין האַנט, האָט ער גיבנדיק אים די האַנט געזאָגט: „אָל-רייט, מיסטער ווײַס"...

יעקב האָט דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן געהערט רעדן ענגליש. נישט וואָס ער האָט נישט פאַרשטאַנען קיין איין וואָרט, נאָר ער האָט אַפילו נישט געוווּסט וואָס פאַר אַ שפּראַך דאָס איז. זיצנדיק אין אַ ווייכן פאָטעל, האָט זיין נאָז אַריינגעצויגן אין זיך דעם הערלעכן פּערפיום-דופט פונעם מיידל (אַזאַ פיינע, שלאַנקע, יונגע און שיינע) און אויך דעם שמעקנדיקן ציגאַרן-רויך. ער האָט באַוווּנדערט די איינפאַכקייט פון דעם גרויסאַרטיקן קאַבינעט. דער טעפּיך איבערן פאַרקעט איז געווען פּרעכטיק, גרויס און ווייך ווי פוך. הערלעכע טאַפּעטן און בילדער פון גרויסע מייסטער. יעקב האָט געטראַכט: „אַ סברה, אַז וואָס גרעסער דער לוקסוס, אַלץ מער איינפאַך זעט ער אויס".

גלייך ווי איר שעף, אַ נידעריקער און קיילעכדיקער, האָט זיך צוריק אַנידערגעזעצט ביי זיין שרייב-טיש, האָט זי צוגערופן יעקבן מיט דעם אַלטן. בעטנדיק ביידע זיצן, האָט דער הער מיט דעם ציגאַר אין רעכטן ווינקל פונעם ברייטן און פליישיקן מויל זיך געווענדט זייער פריינדלעך אין אַ פּראָסטן יידיש צום אַלטן און אים געפרעגט וויפל קינדער ער האָט אין אַמעריקע, ווי לאַנג זיי זענען שוין דאָרט, וווּ זיי וווינען, וואָס זיי טוען, און ווי אָפט און ווי גרויס ס'זענען די סומעס וואָס זיי שיקן אים. געענטפערט האָט צומייסט יעקב. דער אַלטער האָט זיך צעוויינט, ווען ער האָט געהערט רעדן וועגן זיינע קינדער אין אַמעריקע און זיי לויבן. דאָס האָט דעם קורצן און רונדן אַמעריקאַנער אין דעם ברייטן לעדער-פאָטעל אַזוי גע־

רירט, אַז ער האָט אַרויפגעלייגט אויפן אַלטנס אַקסל אַ ברייטע האַנט מיט קורצע פינגער און צוויי סיגנעטן מיט צוויי גרויסע איידלשטיינער אויף זיי. ער האָט געזאָגט עטלעכע טרייסט־ווערטער צום „זיידן", דאַן זיך געווענדט אין ענגליש צו דער סעקרעטאַרן, און די אוידיענץ איז געווען געענדיקט. די סימפּאַטישע, חנעוודיקע און ליבלעכע סעקרעטאַרן האָט אויפגעשריבן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר עטלעכע ווערטער, עס געגעבן דעם אַלטן און מיט גרויס געריכטקייט אים געזאָגט מיט איר ווייכער און שיינער שטימע: „איר וועט קריגן פיינע, גוטע זאַכן. מיר וועלן שרייבן אייערע קינדער זיי זאָלן אייך אַראָפּנעמען אין די יונייטעד סטעיטס — קיין אַמעריקע". זי האָט אים גענומען אונטערן אָרעם און אים צוגעפירט ביז צו דער טיר.

5

ווי אין חלום, אָדער פאַנטאַזיע איז פון דעם הערלעכן לוקסוס־קאַבינעט יעקב אַראָפּגעקומען מיט דעם אַלטן אין אַ גרויסער טונקעלער שטוב אַריין, גרויס ווי אַ שפּייכלער, וווּ ער האָט באַדאַרפט קריגן די פיינע און גוטע זאַכן פאַר דעם „זיידן". ס'איז אים אויסגעקומען, טאַקע ווי פון פּאַלאַץ אין אַן אָרעמער קעלער־שטוב. דאָ האָט מען אויסגעטיילט די באַרימטע פּעקלעך פון אַמעריקע, מיט וועלכע ס'האָט דעמאָלט געקלונגען נישט בלויז גאַנץ וואַרשע, נישט בלויז גאַנץ פּוילן, נאָר די פּרעסע פון דער גאַנצער וועלט — ווייניקסטנס די ייִדישע.

ביי די ווענט זענען געלעגן אָנגעוואָרפן הונדערטער פּעקלעך, גרעסערע און קלענערע, טייל צו־גוט פאַרפּאַקט, טייל אויפגעריסן און צעשיט. געשטאַנען זענען אַ סך מענטשן, די מייסטע פון זיי פרויען, מיט צעטעלעך אין די הענט, און זיך געשטופּט און געפּאַקט. דאָך, ווייטער ווי ביז אַ באַריער, וואָס איז געווען צוגעפּעסטיקט צום דיל מיט אייזערנע פּאָדפּאָרעס, האָט קיינער נישט געקענט גיין. אויף דער אַנדערער זייט פון דער באַריערע, דאָרט וווּ ס'זענען ביי די ווענט געלעגן די פּעקלעך, זענען געשטאַנען דריי מענטשן, צוויי פרויען און איין מאַן, דערשלאָגענע, פאַרמאַטערטע, כמעט ווי די וועלכע זיי האָבן באַדינט. צונעמענדיק צעטלעך און אַרויסגעבנדיק פּעקלעך, האָבן זיי געהאַלטן אין איין בעטן זיך: „שטופּט אייך נישט. יעדער, וואָס האָט אַ צעטל, וועט קריגן אַ פּעקל". נאָר דער עולם שטופּט זיך, אַלע שרייען: „מיר!... מיר!... איך בין געקומען פריִער!... איך שטיי דאָ שוין פון דער פרי אָן!... איך בין דאָס צווייטע מאָל שוין אַהערגעקומען!... און איך דאָס פערטע מאָל!..."

די אומגליקלעכע וויסן פאַר וואָס זיי שטופּן זיך אַזוי. ערשטנס: ווייל פּעקלעך גיט מען אַרויס נישט יעדן טאָג און מ'שליסט צו דער מינוט און רגע אין דער באַשטימטער שעה, און צווייטנס: ווייל וואָס שפּעטער אַלץ אַן ערגער און קלענער פּעקל קריגט מען; צום סוף קריגט מען די אויפגעפּאַקטע, צעשיטע פּעקלעך.

אָבער נאָך ערגער איז אין דער שטוב, אַ סך אַ קלענערע, וווּ מען טיילט אויס קוויטלעך אין דער אומזיסטער קיך אַריין. דאָ שטייען די אומגליקלעכע „קאָפּ אויף קאָפּ", ווי מ'זאָגט. אַ צוזאַמענגעפּרעסטע, צונויפגעקוועטשטע מאַסע אין שמאַטעס, אַלע מיט ווילד פאַרצווייפלטע, הונגעריקע אויגן. אַלע שרייען: איך האָב פון נעכטן

אָן נאָך גאָרנישט געהאַט אין מיין מויל!״ „פון נעכטן אָן האָב איך גאָרנישט גע-
געסן!״ אַזעלכע ווי זיי זענען דאָ מיליאָנען און איבער דער גאַנצער ערד טראָגט
זיך דאָס געשריי: „הונגער!... הונגער!״...

עטלעכע רופן: „דאָ חלשט אַ פרוי!״

אַנדערע שטימען: „מ׳האָט צעדריקט אַ קליין יינגל! — אַ דאָקטער! — אַ דאָק־
טער!״

דאָך רירט זיך קיינער נישט פון זיין אָרט. יעדער האָט מורא, אַז דער צוויי־
טער וועט פאַרכאַפּן זיין פּלאַץ. צווישן די דערוואַקסענע, מענער און פרויען, זענען
דאָ אויך קינדער. די מייסטע זענען שוואַכע, אויסגעדאַרטע, ראַכיטישע, שרעקלעך
קליין, דראָבנע, יתומים — מלחמה־קרבנות.

## קאַפּיטל צוואַנציק

## פערטער המשך פונעם קווערשניט

### 1

„שפּייזע־זאַל״. די צוויי ווערטער זענען אָנגעשריבן אויף אַ טיר. פּאָר וועלכער
סע שטייען טאָג־טעגלעך פון דער פרי אָן אָרעמע מענטשן. אַריינגעלאָזט ווערן אַזוי
פיל, וויפל ס׳איז לער געוואָרן ביי די טישן. צווישן די הונגעריקע, וואָס וואַרטן
אויף דער רייע, שטייען אויך יעקב מיטן אַלטן. פּלוצלינג כאַפּט אַ האַנט אים אָן
ביי אַן אַקסל און אַ פריידיק קול רופט: „יעקב!... דו אויך דאָ?״...

יעקב האָט זיך אויסגעדרייט: „בערל!״... ער האָט זיך פאַרשעמט און אָנגעוויזן
אויפן אַלטן: „וווינט אין דער זעלבער קעלער־שטוב ווו מיין מאַמע וווינט. אַ גאַנצע
משפּחה. מע מוז אים פירן״...

„שאַדט נישט, שאַדט נישט״. דער פאַרבער האָט זיך באַמיט צונישט־צומאַכן
זיין בן־עירס פאַרלעגנהייט. „האָסט אַ שאַנס צו זען ווי מע העלפט די אָרעמע; מע
שפּייזט זיי... מע גיט זיי פון אַלעם גוטן... וועסט דאָ טרעפן פון אונדזער שטאָט
אַ סך יידן, פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך. נו, און היגע. די וואַרשעווער
האַלטן, פאַרשטייט זיך, די קיך פּאָר זייערע. נאָר אַלצאיינס. די מייסטע מענטשן
האָבן זיך קיין מאָל נישט געריכט אַז זיי וועלן אָנקומען צו בעטל־ברויט״. גע־
שטאַנען איז ער מיט יעקבן גאָר צו לעצט. זיך רוקנדיק גאַנץ פּאַמעלעך — אַלע
5־10 מינוט קוים אַ טראָט — האָט ער דערוויייל דערציילט וועגן זיינע צרות, וואָס
ער האָט איבערגעלעבט ביים לעצטן מאָל פאַרלאָזן די שטאָט, וואָס ער האָט אַלץ
שוין אַדורכגעמאַכט אין וואַרשע און געענדיקט: „כ׳בין געבליבן ביי רייזלען און
ביי גאָדלען. די דריי קליינע זענען אַוועק צו דער מוטער אין גן־עדן, אָדער אין
דר׳ערד אַריין, וואָס איז דער אמת, ווייל איך האָב זיי אַליין באַגראָבן. הונגער,
טיפוס, פאַרקילונג — יעדע חולאַת האָט גענומען איר טייל. אָבער כ׳בין נישט
קיין אויסנאַם. וואָס כ׳טו? — דו זעסט דאָך; כ׳שטאַרב דריי מאָל אַ טאָג פון הונ־

גער און לעב ווייטער. אַזוי טוען אַלע. אַ פיינע באַשעפטיקונג. דער קאָמיטעט אין אונדזער שטאָט איז געווען מיאוס; דאָ הי אָבער"... יעקב האָט אים אָפּגעשטעלט: „מיר, בערל, ברויכט איר איצט גאָרנישט מער דערציילן. דאָס, וואָס איך האָב בלויז אין דעם איינעם טאָג היינט געזען, ווען כ'בין מיט דעם אַלטן געווען מען זאָל אים העלפן" — — —

ביידע האָבן עטלעכע מינוט געשוויגן. דאַן האָט יעקב געפרעגט מיט אַ טענה: „פאַר וואָס האָט איר אייך גאָרנישט געוויזן, בערל? נישט ביי מיין מאַמען, נישט איר זענט געקומען צו מיר. פריינד און באַקאַנטע פון אונדזער שטאָט, וואָס זענען געווען ביי מיר, האָבן אייך געוויס אָפּגעגעבן אַ גרוס".

דער פאַרבבער האָט נאָך אַלץ געשוויגן. ער האָט בלויז אַ ברום־געטאָן: „נו, יאָ"... און ווידער געשוויגן. ביז ער האָט אַרויסגעקוועטשט: „מ'האָט מיר געזאָגט, אַז דו געהערסט שוין צו די... דו ווייסט צו וועמען איך מיין"...

יעקב האָט זיך געחידושט: „פון וואַנען ווייסט איר דאָס?"

„כ'ווייס, מ'האָט מיר געזאָגט". דער פאַרבבער האָט זיך געוויצלט: „וואַרשע איז אַ קליין שטעטל. יאָ... אָבער כ'קען דיך פאַרשטיין. אָט זעסטו דאָך ווי איך אַליין האָב מיך אויך שוין אַ ביסל געענדערט. די קאָפּעטע איז געקירצט, אַרומ־געשניטן... מיך — כ'בין דאָך אַ פאַרבבער — האָבעך אַריינגעלייגט אין קעסל פאַרב, אָדער ריכטיקער: כ'בין אַריינגעשטופּט געוואָרן, די צרות (שוין צו גרויסע, צו שטאַרקע) האָבן מיך אַריינגעשטופּט און בין אָפּגעפאַרבט געוואָרן אויף רויט"... אַ פאַרצווייפלטער האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ר'האָט זיך פאַררעדט און שטייט דע־ריבער נאָך אַלץ גאַנץ הינטן. ר'האָט יעקבן אָנגעכאַפּט ביי אַ האַנט: „שטופּ! אַנ־דערש וועלן מיר זיך קיין מאָל נישט אַריינקריגן אינעווייניק. און דער מאָגן מיי־נער... אַן אָקס מיט הערנער איז ער געוואָרן, באַדזשעט מיר דורך לעכער אין בויך. אָדער אַן אַנדערע חיה־רעה איז ער איצט; גריזשעט מיט שאַרפע ציין... שטופּ, יעקב! שטופּ!"

אינעווייניק האָט יעקב זיך אַ כאַפּ־געטאָן ביי דער נאָז און מיט דער זעלבער האַנט זיך פאַרשטעלט אויך ס'מויל. אָבער דאָס האָט נישט געהאָלפן. האָט ער אַרויסגעכאַפּט דאָס טאַשנטיכל אַריינצוברעכן דערינען.

בערל האָט אויף זיין אופן געגנומען שפּאַסן: „וואָס איז מיט דיר? אַזאַ גרוי־סער פריץ ביסטו? שטאָמסט דאָך נישט פון קיין גראַפן, און אַליין ביסטו קיין מאָל קיין גביר נישט געווען... מוזט, אייגנטלעך, זיין צוגעוווינט צו אַזאַ לופט"... דאָס אַלץ איז טאַקע געווען אמת; אָבער יעקב האָט זיך צו שלעכטער לופט קיין מאָל נישט געקענט צוגעוויינען און האָט דערפון שטענדיק שטאַרק געליטן, מער ווי פון אַלע אַנדערע צרות אין דער אָרעמקייט. „נעם אַוועק ס'טיכל פון דער נאָז!" האָט דער פאַרבבער אים געוואָרנט. אַז ס'וועט ווער פון די אָנגעשטעלטע דאָס דערזען, וועט מען דיך בעטן מוחל זיין אַרויס... ס'שטינקט דאָך נישט ערגער ווי אין אַ בית־הכיסא"...

יעקב האָט זיך אָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן. דאָס טיכל האָט ער צו־ריק אַריינגעלייגט אין דער קעשענע. עטלעכע מאָל האָט ער זיך אַ בייג־געטאָן ווי ס'וואָלט אים אָנגעכאַפּט אַ קראַמף אין בויך, געעפנט ס'מויל ווי אַ פיש אָן וואַ־סער, ביז ער האָט זיך סוף־כל־סוף באַרויקט. אָבער ס'איז אים באמת געווען זיי־

ער שלעכט. ער האָט געפרעגט בערלען, צי ס'איז נישטאָ קיין בית־הכיסא. בערל האָט געענטפערט: „ניין. מ'האָט פאַרמאַכט, ווייל... נו, קענסט דיר שוין אַליין פאָר־שטעלן... האַלט דיך איין, באַהערש דיך. אַ קבצן מוז זיין שטאַרקער אַפילו ווי דער בויך"...

ביים אַריינקומען האָט יעקב נישט געזען קיין טראָט צו מאַכן, ווי ער וואָלט געווען אין אַ באָד. אַלץ איז געווען איינגעהילט אין דאַמף. אָבער די אויגן זיינע האָבן זיך דאָ צוגעוווינט שנעלער ווי די נאָז צו דעם שרעקלעכן אַוויר. פונעם דאַמף אַרויס איז ביסלעכווייז אַלץ אַרויסגעשוווּמען פאַר יעקבן: די שוואַרצע ווענט, די פענצטער אינעם פינצטערן הויף אַריין, די אויסגעשמירטע שויבן, טייל אויסגעהאַקט, און שטאָט גלאָז — קאַרטאָן. די פּאָדלאָגע איז געווען פול מיט בלאָ־טע, שמוציקער ווי דער דרויסן, ווייל דאָרט איז געלעגן ווייסער שניי.

בערל האָט געמונטערט זיין בן־עיר: „מע מוז כאַפּן אַ פּלאַץ! אויף יעדן אָרט וואָס ווערט אָפּגעליידיקט וואַרטן צען מענטשן!"

2

ס'שטייען לאַנגע טישן פון שלעכט־געהובלטע ברעטער, אויף לייסטלעך צו־געקלאַפּט און אַרויפגעלייגט אויף שטעלעכלעך וואָס זעען אויס ווי איקסן (X). פון ביידע זייטן שטייען לאַנגע בענק.

קוים זיך דערוואַרט אויף דריי פּלעצער — האָבן בערל און יעקב מיטן אַלטן זיך אַוועקגעזעצט וואַרטן אויפן עסן. דאָס האָט נישט לאַנג געדויערט. יעדער האָט באַקומען אַ שטיקל ברויט, אַ בלעכן שיסעלע און אַ בלעכענעם לעפל. באַלד האָט אַ האַנט פון אַ ברייטער ייִדענע, מיט אַ צעשמאַלצן רויט פּנים אַריינגעגאָסן אין יעדן שיסעלע אַ גרויסן שעפּ־לעפל מיט עסן. זי איז געגאַנגען ווייטער, און הינ־טער איר אַ קליין ייִדל, אַ פּעטס און אַ פּריילעכס — מיט אַ גרויסן קעסל. דער ייִדענעס דיקע און פעסטע האַנט שעפּט אָן אינעם קעסל אַ שעפּ־לעפל געקעכץ, הייבט אים איבער די קעפּ און פּלייצעס פון די זיצנדיקע ביים טיש און גיסט דאָס געקעכץ אין די שיסלען: „כליאָפּ... כליאָפּ..." אַזוי פון איין טיש צום צווייטן.

„נו, פאַר וואָס־זשע עסטו נישט?" — מונטערט דער פאַרבער שוין ווידער זיין בן־עיר. „האָסט דיך פאַרקוקט אויף דער סאַרווערקע?... נישקשהדיקע אָרעמס האָט זי... ווען זי גיט וועמען אַ מתנת־יד... אָבער ווי פלינק זי איז, כאָטש זי האָט אַזאַ ברייטן... נו, עס! קוק נישט וואָס ס'איז דאָ אינעם לעפל!... שמעק נישט דערצו!... אין „פּאַוויאַק" האָסטו באַקומען בעסערע מאכלים? און ביי דיין מאַמען האָט מע, ווי מיר דוכט זיך, אויך נישט געגעסן יעדן טאָג קיין קאַרפּאַטוועס. גע־וויס איז'ס געווען אַ ביסל בעסער ווי די דאָזיקע יושקע; אָבער... נו, עס! דאָס איז אַלץ, מער קריגסטו נישט. וואָס קוקסטו? — ווילסט וויסן וואָס דאָרט איז דאָ? כ'וועל דיר זאָגן: געהאַקטע געזדזענע לעבערלעך, געפילטער סענדאַק, מאַרניר־טער העכט, געפרעגלטע שלייען — אַלץ לויט דיין גוסט אַלס פאַרשפּייז... דאַן: הינערנע יויך מיט לאָקשן... דרייערליי פליישן: קאַלב, ברוסט, געבראָטן עוף און אַ פיין שטיקל רינדערנס, געדעמפּט אין ציבעלעס... אַלערליי יעזשינעס... נו, און

טייערע נאָכשפּייזן: קאָמפּאָט, רויע פּרוכטן... דו קענסט אין דעם עסן פילן יעדן טעם וואָס דיר פאַרגלוסט זיך נאָר, אַלץ וואָס דו קענסט דיר פאָרשטעלן אין דער פאַנטאַזיע... ווי די ייִדן אַמאָל אין דער מדבר: אינעם מן האָט יעדער געפילט אַלץ וואָס ס'האָט זיך אים נאָר פאַרגלוסט... ס'אַרא ווונדערלעכן קאָליר דאָס ביסל געקעכץ האָט!... ס'איז גרוי, בלוי, שוואַרץ, ברוין — אַלע פאַרבן. הייַנט דער טייערער ריח!... מ־מ־מ... קוק מיך נישט אַזוי אָן!... ס'איז פּאָמיעס; נו, איז וואָס?... גוט, איך וועל אויפעסן דיין פּאָרציע אויך, כ'קען אויפעסן נאָך פינף אַזעלכע פּאָרציעס... עס כאָטש ס'ברוּיט, ס'איז גוט פאַר קבצנים: ס'קלעפּט צוזאַמען דעם מאָגן און די געדערים... מ'זאָגט דאָך אַז אָרעמע לייט האָבן לעכער אין די קישקעס, אָדער קישקעס אָן אַ דנאָ"...

איינער פון די עסערס קעגנאיבער דעם פאַרבער, ווייזט די אַרומיקע עפּעס אין זיין פאַרזשאַווערטן לעפל און פרעגט: „וואָס איז דאָס?" עמעץ ענטפערט: „אַ ביינדל". דער פרעגער צעלאַכט זיך: „דאָס איז אַ שערבעלע פון אַ צעבראָכענעם טאָפּ!" אַ צווייטער ציט עפּעס אַרויס פון זיין שיסעלע און פרעגט: „וואָס איז דאָס? — זעט אויס ווי אַ שטיקל הויט פון אַ געגדזענער פולקע". ער כאַפּט עס אַריין אין מויל. נאָר באַלד שפּייט ער צוריק אויס: „פוי! אַ שטיקל שמאַטע!" אַ סך געפעלט אָבער נישט דאָס קלייבן און גרימאַשען און טענהן: „ווען ס'געפעלט נישט — דער קען גיין, און נישט מער אַהערקומען!" איינער בייזערט זיך: „יאָך קען ענק געבן דעם אַדרעס צו „עקסעלמאַנען", אָדער אין אַ באַר אויף מאַרשאַלקאָווסקי, צי אין „בריסטאָל" אויף דעם קראַקאָווסקיע פּדזשעדמיעשטשיע!"...

דער עולם זיצט געבויגן איבער די בלעכענע שיסלען און אַרבעט מיט די בלעכענע לעפל. אַפילו דעם דאַמף פונעם עסן ווילן זיי נישט לאָזן פאַרלוירן גיין און ציִען אים אַריין אין זיך מיט די צעשפּרייטע נאָזלעכער. אַפילו די אויגן זייערע עסן... טייל פון די עסערס — פּראָפעסיאָנעלע שנאָרערס — לאָזן זייערע בליקן זיך פריִען מיט יעדן גרויפּ, פיצל קאַרטאָפליע, אָדער ביינדל אינעם לעפל. אַריינכאַפּנדיק דעם „אבן־טוב" אין מויל, שלינגט דער אויסגעהונגערטער אים נישט גלייך אַראָפּ, נאָר קייט די געפונענע מציאה, קייט זי פּאַמעלעך, פּאַמעלעך, כדי מיט דער צונג און מיטן גומען אַרויסצוקריגן יעדן טעם, וואָס אין אַזאַ זשאַרנע קען זיך געפינען... און דאַן — אויב דאָס צעקייטע האָט זיך אָן זיין ווילן אַראָפּגעגליטשט אין האַלדז אַריין, אָדער ער האָט ביים אַראָפּשלינגען זיך געכאַפּט, אַז כ'איז געוווען נאָך צו פרי — קריגט ער דעם ביסן צוריק אַרויס פון דער קעל און נעמט אים אויף ס'ניי קייען... אַן אַנדערער באַהאַלט זיין גרויפּ אונטער דער צונג אַזוי לאַנג, ביז ער געפינט אַ צווייטע... און האָט ווער געפונען אין זיין שיסעלע אַ פיצל פעטס, אַ פיצל הויט, אָדער „האָרפלאַקס" — איז עס אַ גרויסע שמחה פאַר אים, דאָס געקעכץ קריגט מיט אַ מאָל אַ גאָר אַנדערן טעם, ס'ווערט אַ מעדן, און קיינער איז צו אים מער נישט גלייך... די מייסטע לעקן אָפּ נאָכן עסן דעם לעפל, לעקן זיך אָפּ די וואָנצעס. דאָס שיסעלע דאַרף די קעכן גאָרנישט אויסוואַשן... טייל גייען נאָכן עסן נישט גלייך אַוועק פונעם טיש: זיי פּרוּוון דורך אַלערליי קונצן צו קריגן נאָך אַ פּאָרציע. טייל האָבן גליק... די, וועלבע סע געלינגט נישט, זענען צופרידן דערמיט, וואָס זיי האָבן וויניקסטנס געקענט

זיין נאָך אַ ביסל אין דער וואַרעמער שטוב און נאָך לענגער אַריינצוזען אין זיך דעם ריח פון עסן...

3

דאָך, ווי פאַרטאָן אין דער אַכילה די דאָזיקע הונגעריקע מענטשן זענען געווען, האָבן זיי פון דעסטוועגן אויך געגנוג געריעדט ביים עסן. און נישט בלויז וועגן אייגענע דאגות און צרות, נאָר מער נאָך וועגן די נייעסן אינעם לאַנד און אין דער גאַנצער וועלט. און ווי דער שטייגער, איז מען גלייך צעטיילט געוואָרן אין פאַרטייען. גאַנץ באַזונדערס האָבן די וואַרשעווער נישט געקענט מסכים זיין מיט די פּראָווינצער, מיט די היימלאָזע. די תושבים האָבן נאָך אַלץ נישט געשלאָסן קיין שלום מיט די אומגליקלעכסטע פון די מלחמה־קרבנות, מיט די, וועלכע האָבן אין קריג פאַרלוירן אויך זייערע היימען. אַפילו דאָ, ווו אַלע קריגן אומזיסט אַ ביסל געקעכץ, האַלטן די וואַרשעווער זיך גרויס, פאַר יחסנים, חכמים; די קליינשטעטלדיקע גרייכן נישט צו זייערע קנעכלעך. דאָך זעען די „פּאַטריצער", די אין אַלעם העכער־שטייענדיקע וואַרשעווער, קאָנקורענטן אין די פּראָווינצער און דעריבער אַזאַ שינאה צו זיי. ווי הינט ביי אַ צוגעוואָרפענעם ביין — אַזוי האַסן זיך ביי דעם אָרעמען מאָלצייט די תושבים און די היימלאָזע. ס׳ברעכט אַלע מאָל ביי אַן אַנדערן טיש אויס אַ קריג צווישן די דאָזיקע מענטשן און איינער דעם אַנדערן זאָגט וואָס ער קען נאָר.

די וואַרשעווער שעלטן און זידלען: „אַ בראָך זאָל ענק טרעפן, קליינשטעטלדיקע חיות! וואָס זענט עטץ דען? — פּראָווינצאַר גנידאָס! פּענטאַקעס! בעמבאַקיאָס! אַהערגעקומען אונדז אַרויסרייסן דעם ביסן פון מויל! אַ רוח אין ענקאָרע טריפהנע צורות אַריין! אין ענקאָרע מאַמאָס אַריין! ווו ס׳עפּנט זיך נאָר אַ קאָמיטעט, אַן אומזיסטאָ קעך, אַ הקדש — זיי זענאָ דאָ! קומט מאָ ערגעץ וועגן אַרבעט — זיי זענאָ דאָ! מ׳נעמט זיי אומעטום צו, ווייל זיי אַרבעטן פאַר אַ העלפט געלט! האָבן פאַרכאַפּט דעם האַנדל אין די גאַסן! האָבן זיך צעשפּרייט ביי אונדז אין וואַרשאָ ווי ביים טאַטן אין ווייַנגאָרטן! אונדזאַר אַ וואַרשאָווער מיידל קריגט אַפילו נישט מעראָר קאָ שטעלע! די מאַדאַם נעמט בעסאַר אַ פּראָווינצאַר סטאָלפּ, אַ קאַלב מיט צוויי נאַרישאָ אויגן! האָבן צעבראָכן די פּרייזן פון די טרעגאָרס — פון יעדאָר פּרנסה האָבן זיי אונדז אַרויסגעשטופּט! אַפילו דאָס בעטלען אין די גאַסן האָבן זיי פאַרכאַפּט!"

די היימלאָזע בלייבן אָבער איצט די וואַרשעווער שוין נישט מער שולדיק קיין ענטפער. זיי האָבן זיך אויפגעהערט צו פילן דאָ פרעמדע. זיי האַלטן זיך אייך שוין פאַר וואַרשעווער, ווייל צוריק אין זייערע שטעטלעך וועלן זיי שוין מער נישט פאָרן. זייערע היימען זענען פאַרברענט, צעשטערט געוואָרן. האָבן די היימלאָזע זיך געוווּנען פילן פאַר גלייכבאַרעכטיקטע. נאָך מער: זיי האַלטן איצט שוין, אַז זיי טראָגן אַ סך ביי צו וואַרשע און טענהן, אַז אַפילו די קאָמיטעטן — און די דאָזיקע אומזיסטע קיך — האָט מען געעפנט נאָר צוליב זיי. און נישט בלויז דאָס; גאַנץ וואַרשע לעבט פון זיי! דעם פאַרבער אָבער געפעלן נישט די ענטפערס פון זייַנע גורל־גענאָסן און ער פאַרקערעוועט דאָס מחלוקת ביי זיין טיש

אויף אַ גאַנץ אַנדערער ריכטונג. ער האַלט זיך פאַר אַן אויפגעקלערטן שוין, פאַר אַ באַוווסטזיניקן סאָציאַליסט, און ער נעמט פירן אַגיטאַציע פאַר זיין אידייע. „איר זענט גערעכט", זאָגט ער צו די וואַרשעווער, „ווייל איר זענט הונגעריק. אַז מ'איז הונגעריק איז מען בייז. איך ווייס דאָס פון מיר אַליין. פון דעם ביסל וואַ־רעם שווענקעכץ מיט עפּעס פּיצעלעך אָפּפאַל קען מען נישט זאַט ווערן. פאַר־בייסט עטץ מיט אַ הימלאָזן. צ'זעט דאָך אָבער אַז די הימלאָזע זענען נישט מער ווי הויט און ביין, אויסגעדאַרטע דראַפּעטשעס און זיי וועלן ענק שטעכן אין די געדערים, אויב צ'זאָלט זיי אַראָפּשלינגען. וואָלט דאָך געווען בעסער פאַר ענק, צ'זאָלט ענק נעמען צו די פעטע בורזשועס, היגע, צי נישט היגע".

דער פאַרבער האָט זיך צעדרשנט. באַלד האָבן זיך געפונען נאָך אַזעלכע ווי ער, טאַקע וואַרשעווער, און די דאָזיקע אומזיסטע קיך, ווו מ'האָט די הונגעריקע צוגעוואָרפן אַ ביינדל, איז געוואָרן אַ נעסט פאַרן רעוואָלוציאָנערן געדאַנק. אויך יעקב האָט גענומען רעדן, און שוין גאַנץ אַנדערש ווי אַמאָל אין זיין געבורט־שטאָט. נאָר ווי ס'געשעט שטענדיק און אומעטום, ווען די וואָס ליידן הייבן אָן רעדן וועגן באַפרייען זיך פון די ליידן, וואַקסן גלייך אויס פאַרטייען, יעדע פאַר־טיי מיט איר תורה און ס'הייבט זיך אָן אַ רייסעריי: יעדע פאַרטיי קעמפט דאָן בלויז פאַר איר תורה. האָבן זיך צעפלאַקערט פייערדיקע דיסקוסיעס און שוין זענען אַלע גרייט געווען איינער דעם אַנדערן דורס צו זיין, איינצושלינגען, צו פאַרניכטן; איצט נישט מער ווי פריער: די וואַרשעווער תושבים — די פּראָוויני־צער הימלאָזע, נאָר די געוואָרענע סאָציאַליסטן — איין חבר דעם צווייטן. שוין האָבן די הונגעריקע פאַרגעסן די פעטע בורזשועס, וועלכע בערל פאַרבער האָט זיי אונטערגערוקט. זיי וואָלטן זיך באַשטימט געוואָרפן איינער אויפן אַנדערן, ווען זיי זאָלן נישט קיין מורא האָבן פאַר די משגיחים, וואָס טוען אַכטונג ס'זאָל זיין אָרדענונג.

צוויי משגיחים, אויסגעפּוצטע אין ווייסע קעלנערלעך און שוואַרצע שניפּס־לעך מיט קמץ־בערדלעך, דרייען זיך אַרום מיט שטילע טויבן־טריטעלעך. זיי מאַכן זיך כלומרשט נישט זען און נישט הערן און זענען ווי רואה־ואינו־נראהס. זיי האָבן אָבער גוטע אויגן און גוטע אויערן. בלייבט עמעץ לענגער זיצן ביי אַ טיש — אויף אַ קונציקן אופן צו קריגן נאָך אַ פּאָרציע — שוין שטייט לעבן אים אַזאַ קמץ־בערדל און הייסט אים מוחל־זיין אַרויס. צומייסט אָבער טוען די צוויי משגיחים אַכטונג אויף די, וועלכע אַרבעטן אין דער קיך אומזיסט: די מייסטע הימלאָזע. זיי ווערן צוגעשטעלט אַהער פון די קאָמיטעטן וואָס העלפן זיי. זיי שיילן קאַרטאָפליעס, וואַשן דאָס געפעס, נעמען צו פון די טישן די ליידיקע כלים און שטעלן אַוועק רייניע, קערן, רוימען. אויף זיי מוז מען אַכטונג געבן, אַז זיי זאָלן אַלץ טאָן געשווינד און נאָך מער מוז מען האַלטן אויף זיי אַן אויג, אַז זיי זאָלן נישט גנבענען, באַהאַלטן אין די קעשענעס אַריין קיין עסנוואַרג. די צוויי משגיחים זענען דעריבער זייער שטאַרק פאַרנומען: זיי קענען דאָך נישט זיין או־מעטום אין דער זעלבער צייט. דעריבער איז עס מעגלעך, אַז עס זאָל דאָ און דאָרט אויסברעכן אַ מחלוקה צווישן די עסערס איבער פאַרשידענע זאַכן, אַז עס זאָל זיך אַפילו צעפלאַקערן אַ פּאָליטישע דיסקוסיע. אָבער מ'מוז זיך היטן. די צוויי משגיחים ווייסן, אַז די סאָציאַליסטישע פאַרטייען שיקן דאָ אַהער זייערע

אַגיטאַטאָרס. נאָר ס׳געפינען זיך אויך צווישן עולם אַזעלכע, וואָס נעמען דאָ רעדן וועגן סאָציאַליזם, ווי אַט דער בערל און דער יעקב. אַזעלכע, אַז איינער פון די משגיחים דערווישט, ווערט ער נישט בלויז אַרויסגעוואָרפן און ער קען קיין מאָל מער נישט קריגן דאָ קיין עסן, נאָר אַפילו זיין פרוי אָדער זיינס אַ קינד אָדער אַפילו בלויז אַ קרוב, צי אַ פריינד קען שוין דאָ קיין עסן מער נישט קריגן.

דערזען איינעם פון די משגיחים — איז בערל אויפגעשטאַנען און געזאָגט צו יעקבן: „אַז דו ווילסט — קום מיט מיר אין צווייטן זאַל אַריין; דאָרט עסן די קינדער. מיין גאָדל עסט אויך דאָרט. צייט האָסטו דאָך אַוודאי. דעם אַלטן שיק אַהיים. ס׳איז נישט ווייט פון דאַנען. היינט קענסטו דאָך שוין מער אין ערגעץ נישט גיין מיט אים, און ווי דו האָסט מיר דערציילט, ברויכסטו אויך אין ערגעץ נישט גיין מיט אים. קום, ס׳איז כדאַי דאָרט אַריינצוגיין. וועסט דאָרט זען מער ווי דו האָסט דאָ געזען. דו ווילסט דאָך זען אַלץ, אַלץ וויסן. איך קען דאָך דיך פון דער היים״.

יעקב האָט געפאָלגט בערלען: ער האָט אַהיימגעשיקט דעם אַלטן און איז מיט אים אַריינגעגאַנגען אין אַנדערן זאַל.

4

דער צווייטער עס־זאַל איז געווען אַזוי גרויס ווי דער ערשטער. דאָרט זענען געשטאַנען די זעלבע לאַנגע טישן און לאַנגע בענק. נאָר די בלעכענע שיסעלעך זענען דאָרט געווען קלענערע און געגעסן פון זיי מיט בלעכענע לעפל האָבן קינדער. אויך דאָס געקעכץ איז געווען דאָס זעלבע, אָבער די קינדער האָבן געגעסן נאָך גיריקער ווי די גרויסע. זיי האָבן כמעט נישט געקייט, נישט דאָס ברויט און נישט די פיצלעך קאַרטאָפליעס אָדער גרויפּן, צי עפּעס אַנדערש, נאָר געשלונגען, ווי זיי וואָלטן געווען אויסגעהונגערטע וועלף. טייל האָבן אַפילו נישט געוואָלט באַנוצן זייערע לעפל, נאָר האָבן מיט ביידע הענטלעך צוגעטראָגן די שיסעלעך צו די מיילעכלעך און געזופּט. זיי האָבן זיך דערביי פאַרגאָסן. אַנדערע האָבן זיך גע־קריגט: „גנב! האָסט מיר צוגעגנבעט מיין שטיקל ברויט!״ מ׳האָט זיך גענומען זשאָכען מיט די עלנבויגנס אין די זייטן, זיך שלאָגן, דראַפּען מיט די נעגל די פּנימלעך.

די מייסטע פון די קינדער זענען געווען בלאַס, האָבן אויסגעזען קראַנק. זיי זענען געזעסן שטיל, אַפּאַטיש. אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן זענען געווען אַלע. ביי אַ סך האָט מען אַפילו אַרויסגעזען נאַקעטע טיילן פון לייב. גרויסע אויגן, כמעט אויסגעלאָשענע — האָבן געקוקט טרויעריק, אָן אַ סימן פון קינדערישער פרייד, אָן אַ שמייכל, אַפילו אָן נייגעריקייט. אויסטערליש קליינע פּנימלעך, שלאַבערי־קע, גרינלעכע, די נעזלעך און די קינלעך פאַרשפּיצט. שמוציקע, אויסגעריסטע. טייל פון זיי זענען געווען גאַנצע, טייל האַלבע יתומים. די גאָר קליינע זענען גע־ברענגט געוואָרן צום עסן, גרעסערע זענען געקומען אַליין. דאָס איז דאָס איינ־ציקע וואַרעמע מאָלצייט וואָס די קינדער קריגן איבערן טאָג. ווי אין אַנדערן זאַל די דערוואַקסענע — אַזוי מוזן דאָ די קינדער וואַרטן אויף אַ פּלאַץ ביים טיש.

הינטער דער טיר אין הויז שטייען זיי אין רייען און ווערן אַריינגעלאָזט גרופּעס־ווייז. די אַריינגעקומענע רייסן זיך איבער אַ פרייגעוואָרענעם פּלאַץ. די שוואַכערע און קלענערע וויינען. אָבער זיי, פּונקט ווי די קריפּלס צווישן זיי: הויקערדיקע, הינקענדיקע — איז גאָר בעסער ווי די גרויסע און שטאַרקע, ווייל סיי די מיידלעך (די גרעסערע) און סיי די אויפזעערנס און אויך די, וועלכע טיילן אויס דאָס עסן — אין ווייסע פאַרטעכער — באַשיצן די גאַנץ אומבאַהאָלפענע.

איבערן זאַל דרייען זיך אַרום רייכע, פיינע, וווילטעטיקע דאַמעס; זיי קומען העלפן. די צייטונגען שרייבן וועגן זיי. דאָ גיט מען זיי אָפּ גרויס כבוד. זיי „אַרבעטן": ווייזן די קינדער ווו זיך צו זעצן, טועך אַכטונג אַז ס'זאָל וועלכעס קינד נישט קריגן נאָך אַ מאָל, ווייל צווישן דער קליינער חברה זענען פּונקט ווי צווישן די גרויסע דאָ אַזעלכע, וועלכע פּרוּוון צו קריגן נאָך אַ פּאָרציע. די דאַמעס זענען אויפגעקאָכט דעריבער: „אַזוי קליין — און שוין פאַרדאָרבן, פאַרשטייען שוין ווי צו שווינדלען, ווי צו גנבענען!" נאָר שלעכט, גאָר שלעכט גייט עס די דאָזיקע פיינע, וווילטעטיקע דאַמעס מיט די גרויסע און קרעפּטיקערע יונגען, ווי אַ שטייגער גאָדל דער ציגיינער, בערל פאַרבערס בן. פאַר אַזעלכע איז איין פּאָרציע גאָרנישט, זיי קענען זייער אַ סך עסן און נעמען „באַגראַנדע", ווי גזלנים. ס'איז שווער זיך אַן עצה צו געבן מיט זיי. אַרויסוואַרפן? אָדער ביים צווייטן מאָל נישט מער אַריינלאָזן? — דאָס קען מען נישט, ווייל זיי לאָזן זיך נישט, זיי נעמען שרייען, מאַכן אַ געוואַלד, טעראָריזירן, ביז מ'מוז זיי נאָכגעבן. מ'קען שיקן נאָך אַ מיליציאַנט, אָבער וואָס וועט דערפון אַרויסקומען? אין קרימינאַל קען מען אַזעלכע — ווייל זיי זענען נאָך מינדעריעריק — נישט איינזעצן, אַפילו נישט אַוועקשיקן אין אַן אויסבעסערונגס־היים, ווייל ערשטנס זענען דאָס נישט אַזעלכע פאַרברעכנס, פאַר וועלכע מ'זאָל זיי קענען פאַרשיקן, און צווייטנס זענען גאָרנישט דאָ אַזוי פיל אויסבעסערונגס־היימען. ליידן, נעבעך, די דאַמעס פון די דאָזיקע „גראַנדאָווניקעס", באַזונדערס שבת, אָדער ווען ס'קומט אַ יום־טוב און מ'גיט די קינדער, חוץ דאָס געוויינלעכע עסן, נאָך צו ביסלעך רייז מיט ראָזשינקעס, אָדער הירזש מיט מאָנטשקע. דעמאָלט ווערט אַ געריי־סעריי, איינער דעם אַנדערן כאַפּט אויס זיין פּאָרציע. אַך, ווי שרעקלעך!...

„די קינדער אין רוסלאַנד גייט עס אַ סך ערגער", זאָגן די דאַמעס צו די היימלאָזע פרויען, וועלכע אַרבעטן דאָ פאַרן ביסל עסן וואָס זיי קריגן. דאַרט וואָלטן די קינדער געווען גליקלעך ווען מען זאָל זיי געבן אַזעלכע טייערע עסנס ווי דאָ. דאָרט שטאַרבן די קינדער פון הונגער, וואַלגערן זיך אין די גאַסן".

אַ טייל פון די מיידלעך, דווקא די גרעסערע, זענען פּונקט פאַרקערט ווי ס'זענען די דאָזיקע גרויסע יונגען, די „גראַנדאָווניקעס". זיי שטייען אין אַ זייט, ווי זיי וואָלטן זיך וועגן עפּעס געשעמט און וואַרטן געדולדיק אויף אַ פּלאַץ ביי די טישן, וואַרטן ביז ס'וועלן האָבן געגעסן די קליינע, און אַפילו די גרויסע, וואָס זענען אַזוי הונגעריק און פאַרכאַפּן שנעל אַלע ערטער ביי די טישן. זיי קוקן מיט צער אין די אויגן און פאַרשטייען נישט ווי מ'קען זיין אַזוי גראָב, אַפילו גרויזאַם צו קלענערע און שוואַכערע, ווי ס'זענען די דאָזיקע יונגען. איינע צו דער אַנדערער זאָגט: „קיין פונק מיטלייד, קיין טראָפּן יושר האָבן זיי נישט אין האַרץ!" ביי די מיידלעך פלאַמט ס'פּנים פון חרפּה און בושה, ס'קומט זיי אַזש

טרערן אין די אויגן אַריין פון פאַרדרוס, און זיי באַהערשן זיך, נישט צו וויינען. איינציקע פון זיי שענקען אַפילו אַוועק טיילן פון זייערע פּאַרציעס און הונגערן דערנאָך נאָך מער.

אין אַ ווינקל, ווי באַהאַלטן, שטייען צוויי מיידלעך. איינע, וועלכע זעט אויס, לויט איר גרייס, פון אַ יאָר דרייצן־פערצן; לויט איר ווייבלעכער צעבליטקייט אָבער — אַ רייפע יונגע פרוי, ווי אַ מאַמע פון קינדער שוין. יעדן טאָג ברענגען די צוויי מיידלעך זי אַ הער צום עסן און פירן זי דערנאָך צוריק אַהיים. מ׳דער־קענט אַז זיי באַציִען זיך צו איר מיט גרויס ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט. „באַלד, שרהלע; ס׳וועט באַלד זיין אַן אָרט״. אָבער שרהלע איילט זיך גאָרנישט אַזוי. זי שטייט ווי אַ סטאַטוע, נאָר אַן הענט און אַן אויגן, מיט צוויי לערע לעכער אונטער די שיינע שוואַרצע ברעמען. דאָס פּנים אירס איז ווי פאַרשטיי־נערט. אין די ווינקלען פון שיינעם מויל איז פאַרגליווערט אַ מין טויטער שמייכל.

יעקב קען זיינע אויגן נישט אָפּרייסן פון דער דאָזיקער לעבעדיקער סטאַטוע. ס׳שווידערט אים. ער פילט אַז אַ קעלט גייט אים דורך איבערן לייב, אַז די הויט שטייפט זיך אים. אַ פאַרשטיינערט פּנים פון אַ פרוי, וואָס זעט אויס בײדע צו־זאַמען: אי קינד, אי מאַמע. דער צער פון דער גאַנצער וועלט, די ליידן פון אַלע אייביקייטן, די טיפסטע ווייטיקן און די ביטערסטע שמערצן, די גרויזאַמסטע פּיינען און די שרעקלעכסטע קוואַלן — דאָס אַלץ איז דאָ אין דאָזיקן פּנים. ס׳שטעכן אים די האַרוואַרצלען אויפן קאָפּ. ווי צוויי פינצטערע קברים מיט דער חשכות פון דער נאַכט — אַזוי זעען אויס די צוויי לערע לעכער פון די אויגן. און אַזוי שיין איז זי! — — — —

„ווער איז זי?״ — פרעגט יעקב בערלען.

„ווער זי איז?״ דער פאַרבער נעמט יעקבן ביי אַ האַנט: „קום! איך וועל דיר דערציילן. גאָדל וועט אַליין גיין אַהיים״.

5

אינדרויסן האָט בערל דערציילט יעקבן: „דאָס מיידל איז אַ פּאָגראָם־קרבן. פאַר אירע אויגן — און פאַר די אויגן פון אירע עלטערן — האָבן סאָלדאַטן צעשניטן מיט די שווערדן צוויי שוועסטערלעך אירע און אַ ברודערל. דאַן האָבן דריי פון די כוליגאַנעס — זיי זענען געווען פינף — פאַרגוואַלדיקט די מוטער (אין דער קעגנוואַרט פון דעם מיידל און דעם פאָטער) און באַלד דערנאָך דער־הרגעט ביידע: דעם מאַן און די פרוי. צום סוף האָבן די צוויי סאָלדאַטן פאַר־גוואַלדיקט דאָס מיידל. פופצן יאָר איז זי דאַן אַלט געווען. אַציִנד איז זי אַלט זיבעצן. און ווייל זי האָט זיך געוועהרט — האָבן זיי איר דערפאַר אויסגעשטאָכן די אויגן און אָפּגעהאַקט די הענט״.

דעם גאַנצן וועג — ביז צום טויער ווו יעקב האָט געוווינט — האָט בערל מער נישט גערעדט קיין וואָרט. ביידע זענען געגאַנגען פּאַמעלעך, מיט אַראָפּ־געלאָזטע קעפּ, שטום.

## קאַפּיטל איין און צוואַנציק

# דער גאַסט

### 1

ס׳האָט יעקבן שטאַרק לייד געטאָן וואָס ער גייט אַהיים אַזוי שפּעט. ער האָט געוווסט אַז זיין פרוי באַאומרויִקט זיך דעריבער און זיך געמאַכט פאָרוווּרפן אַז ער פאַרנאַכלעסיקט זי. מיט ביטערער איראָניע האָט ער געטראַכט וועגן זיך: „איך קען נישט פאַרטראָגן קיין אומגערעכטיקייט, איך בין גרייט אָוועקצוגעבן מיין לעבן אין קאַמף פאַר גערעכטיקייט; און קעגן מיין אייגענער פרוי זענען מיינע האַנדלונגען כסדר שלעכט! יענעמס לייד, יענעמס פּיין באַרירט מיך ביזן טיפסטן פון מיין האַרץ; אָבער ראַבען פאַרשאַף איך לייד און פּיין!“

ער איז איצט געווען שטאַרק צעבראָכן און האָט קוים געשלעפּט די פיס. דערביי איז ער גאָרנישט געווען אַזוי מיד, הגם דעם גאַנצן טאָג (ס׳איז נאָך געווען פינצטער ווען ער איז אויפגעשטאַנען) איז ער קוים געזעסן, האָט כמעט גאָרנישט געגעסן און זיך כסדר געפונען אין ענגשאַפט צווישן מענטשן און אין שלעכטער לופט. אָבער דאָס האָט אים נישט אַזוי אויסגעמאַטערט, אויך נישט דאָס וואַרטן און וואַרטן אינעם קאָמיטעט, און אַפילו נישט די שווערע איבער־לעבונגען אין יעדן צימער דאָרט: דאָס שטיין פאַר יעדן באַאַמטן און דאָס מוזן זיך דערנידעריקן פאַר אים. שלעפּנדיק זיך אויפן וועג אַהיים, מיט בערלען אינעם טיפן שניי און אין דעם שטאַרקן פראָסט, האָט זיך אים געדאַכט אַז ער פאַלט אונטער אַן אומגעהייערער משא. אָבער די משא איז נישט געווען אין גאַנצן פון די שרעקלעכע צרות, וועלכע ס׳איז אים אויסגעקומען אין די לעצטע עטלעכע טעג צו זען און צו הערן פון די מענטשן, מיט וועלכע ס׳איז אים אויסגעקומען צו שטיין צוזאַמען אין דעם הילפס־קאָמיטעט. די דאָזיקע שווערע משא איז אויך נישט געקומען אין גאַנצן פון דער פאַרצווייפלונג צוליבן אָנטרעפן אויף אַזוי פיל געמיינקייט, רחמנות, הילפסגרייטקייט, מענטשלעכקייט. זיין נשמה האָט גע־שריגן פון ווייטיק: „אָ, וויפל רשעות אין דער וועלט פון מענטש! וויפל אַכזריות!“ דעם שווערסטן און דעם שטאַרקסטן קלאַפּ האָט ער באַקומען היינט אינעם שפּיי־זאַל פאַר קינדער. דאָס, וואָס ער האָט דאָרט געזען: דאָס מיידל מיט די אָפּגע־האַקטע הענט און אויסגעשטאָכענע אויגן, און דאָס וואָס בערל האָט אים דער־ציילט פון איר — דאָס האָט אים אַזוי דערשיטערט, דאָס איז אַזוי שרעקלעך, אַז ס׳האָט אים ממש צעבראָכן. דאָס איז אַזוי שווער, אַז ער פאַלט אונטער דער דאָזיקער משא.

אייגנטלעך איז עס נישט געווען יעקבס טבע — צעבראָכן, דערדריקט צו ווערן אַפילו אונטער דער שווערסטער משא פון פּיין און מענטשלעכעליידן, וועלכע אים איז אויסגעקומען צו זען אין זיין לעבן, מיטצודערלעבן, חוץ דאָס שלעפּן דאָס אייגענע פּעקל צרות וואָס איז תמיד געווען שווער גענוג. האָט ער דאָך איבערגעלעבט די זעקס יאָר מלחמה, דעם טויט פונעם פאָטער און אַזוי

פיל אַכזריות און קוואַל אין דער טורמע. זיין טבע איז נישט געווען צעבראָכן צו ווערן. פאַרקערט; אַנטרעפנדיק זיך אויג אויף אויג מיט מענטשלעכער געמיינ־קייט און נידערטרעכטיקייט, האָט אַ שטורעם זיך צעברויזט אין זיין נשמה. ס'האָט אים גענומען טרייבן און טראָגן צום קאַמף, אַ סוף צו מאַכן צו דעם צושטאַנד אין וועלכן אַזעלכעס קאָן פאָרקומען, אַ סוף צו מאַכן צום קאַפּיטאַליס־טישן סדר, וועלכער איז לויט זיין מיינונג געווען שולדיק אין אַלע צרות און אין יעדער רשעות. אָבער דאָס, וואָס ער האָט היינט געזען אין שפּייז־זאַל ביי די קינדער, האָט אים געצווונגען זיך צו פאַרטראַכטן און זיך צו פרעגן: איז אויך דערין שולדיק דער קאַפּיטאַליזם? ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט אַ מאָל ביי אַ פאַרזאַמלונג אויפמערקזאַם געמאַכט די חברים אויף דעם פאַקט, אַז אַ סך יונגע מענטשן — די מייסטע פון זיי איינפאַכע, אַרבעטערס און באַלמעלאָכעס — גייען באַגייסטערטע פרייוויליק אין קריג, און נישט אַלע טוען דאָס אויס פּאַטרי־אָטיזם צו פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד; ס'זענען דאָ גענוג צווישן זיי אַזעלכע, פאַר וועלכע די מלחמה איז בלויז אַ געלעגנהייט פריי צו קענען מאָרדן און צע־שטערן. אין דער טורמע האָט ער זיך גענוג איבערגעצייגט, אַז די מייסטע וועכ־טערס דאָרט, באַזונדערס אָבער די פּאָליטישע פּאָליציי און די אויספאָרשערס, האָבן איינפאַך אַ פאַרגעניגן פון פּייניקן זייערע קרבנות. וואָס מער אידעאַליסט ס'איז דער קרבן, אַלץ גרעסער איז די אַכזריות ביי די פּייניקערס.

אָבער ער האָט אין דער טורמע, נאָך יעדן מאָל געפּייניקט ווערן ביי דער אויספאָרשונג, צו זיך געזאָגט: דאָס זענען סאַדיסטן, זעליש־קראַנקע מענטשן, וועלכע מ'מוז היילן. די זעלביקע פאַרענטפערונג האָט ער געהאַט אויך פאַר יענע, וועלכע זענען געגאַנגען פרייוויליק אין קריג, כדי צו האָבן אַ געלעגנהייט אומבאַשטראָפט צו מאָרדן און צו צעשטערן. נו, האָט ער די זעלבע פאַרטיידי־קונג איצט געמוזט אָנווענדן אויך פאַר די פינף סאָלדאַטן, וועלכע האָבן אין דעם מיידלס קעגנוואַרט דערמאָרדעט די צוויי שוועסטערלעך און דאָס ברודערל, פאַרגוואַלדיקט די מוטער און זי דערנאָך אומגעברענגט צוזאַמען מיטן פאָטער און דאַן האָבן צוויי זי פאַרגוואַלדיקט, איר אָפּגעהאַקט די הענט און אויסגעשטאָכן די אויגן. אָבער די שולד פאַרן סדר, אין וועלכן אַזעלכעס איז מעגלעך, אַ סדר, אין וועלכן מלחמות זענען געוואָרן אַ נאַטירלעכע דערשיינונג, אַ סדר, אין וועלכן מלחמות ווערן אַרויסגערופן פון אַ קליינער מינדערהייט, וועלכע איז פּערזענלעך פאַראינטערעסירט דערין, און מערדערס (ווי פרייוויליקע) זענען שטאַרק אָנגע־לייגט; אַ סדר, אין וועלכן סאַדיסטן ווערן אָנגעשטעלט פון דער רעגירונג צו פּייניקן די מענטשן (מיט אַ העכער געוויסן) פאַר זייער קעמפן קעגן דער סאָ־ציאַלער און געזעלשאַפטלעכער אומגערעכטיקייט, פאַר זייער קעמפן קעגן דער דאָזיקער רעגירונג וואָס וויל דעם דאָזיקן סדר; אַ סדר, אין וועלכן ס'ווערן גע־מאַכט פּאָגראָמען אויף אומבאַהאָלפענע מינדערהייטן, אין וועלכע די געלטגייציקע פון דער מערהייט זעען זייערע קאָנקורענטן — די שולד פאַרן דאָזיקן סדר האָט יעקב געזען אינעם קאַפּיטאַליזם.

פון דעסטוועגן איז ער געבליבן נישט אין גאַנצן צופרידן. ער האָט געפילט, אַז מ'קען דאָך נישט אויף אַ סיסטעם, מעג עס זיין ווי שלעכט, אַרויפוואַרפן אַלע פאַרברעכנס וואָס פאַרברעכערס באַגייען. מ'קען אַ סיסטעם אָדער אַ רעגירונג

דאָך נישט פאַראַנטוואָרטלעך מאַכן פאַר די נידעריקע, בעסטיאַלישע אינסטינקטן אינעם מענטש. דאָס וואָלט געמיינט, אַז דער מענטש אַליין איז נישט פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר זיינע מעשים. דאָס האָט ער נישט געוואָלט און נישט געקענט אָננעמען, ווייל ער האָט געגלייבט אינעם מענטש, ער האָט געגלייבט אין דער גרויסקייט פונעם מענטשנס גייסט, אין דער הערלעכקייט פון זיין נשמה און אין דער קראַפט פון זיין ווילן. אין דעם אַלעם האָט ער נישט בלויז געגלייבט, נאָר איז געווען איבערגעצייגט דערין, ווייל ער האָט געהאַט גענוג באַווייזן דערפאַר, אַפילו ווען ער האָט נישט גענומען זיך, זיין פאָטער, בנימינען, אַלע זיינע נאָענטע, פריינד און באַקאַנטע ווי אַ ביישפּיל. ער האָט גענומען פאַר אַ ביישפּיל די מאַסע, די מאַסע מיט וועלכער ער האָט שטענדיק געהאַט צו טאָן, די מאַסע צווישן וועלכע און מיט וועלכער ער האָט געלעבט צוזאַמען כמעט זיין גאַנץ לעבן, די מאַסע אין איר רוב מנין און בנין: די גרשונס און די מאַטעוסעס, די אָרעמסטע, וואָס האָבן אין זייער לעבן געהונגערט, געליטן גענוג פּיין און זענען געבליבן מענטשן. די מאַסע, אין איר גרויסער מערהייט, איז נישט בלויז גוט, נאָר זי קעמפט פאַר דאָס גוטע און שיינע, פאַרן אמת און פאַר דער גערעכ־טיקייט; זי קעמפט מיט דער גרעסטער מסירת־נפש, זי שטעלט זיך נישט אָפּ פאַרן גרעסטן קרבן אין איר קאַמף. ניין, ער האָט נישט אָנגענומען די הנחה: לב האדם רע מנעריו". ער האָט ווייטער (און נאָך שטאַרקער) מבטל געמאַכט אַלע אַרגומענטן, וועלכע זיין פריינד יצחק לערמאַן פלעגט ברענגען אין די דיסקוסיעס מיט אים קעגן דער מאַסע: אַז זי קעמפט נישט פאַר גערעכטיקייט, נאָר פאַר מער פלייש, פאַר אַ גרינגער און עקאָנאָמיש־בעסער לעבן.

יעקב האָט געטריבן פון זיך דעם געדאַנק, אַז דער מענטש איז אין זיין עצם אַ חיה מיט חיהש־בייזע אינסטינקטן; ער האָט דעם דאָזיקן געדאַנק געטריבן פון זיך, ווי ס'האָט זיין פאָטער, דער פרומער סופר, געטריבן די מחשבות־זרות וואָס פלעגן אים אַמאָל באַפאַלן. ער האָט נישט געקענט אָננעמען אַז דער עצם מענטש איז שלעכט, פאַרדאָרבן, ווייל אַל דאָס שיינע און גוטע וואָס האָט עקסיס־טירט האָט געשאַפן דער מענטש. דער מענטש האָט זיך דערהויבן ביז „ואהבת לרעך כמוך" און פאַרגיסט זיין בלוט פאַר דער אידייע פון סאָציאַליזם.

„ווי איז אָבער דאָך מעגלעך" — האָט ער זיך פלוצלינג ווידער געפרעגט — „אַז די דאָזיקע קאַפּיטאַליסטישע, די דאָזיקע רויבערישע סיסטעם, זאָל קענען עקסיסטירן און פירן מלחמות? די רייכע — אַזאַ קליינע מינדערהייט — וואָלט דאָס אַלץ וואָס זי טוט, נישט געקענט טאָן, ווען די מערהייט זאָל זי נישט שטיצן! הייסט דאָס דאָך, אַז דער מענטש איז אין זיין עצם דאָך שלעכט". און שוין האָט ער גענומען זיך אַליין ווי אַ ביישפּיל: „בין איך אַליין דען נישט פאַרדאָרבן? האָב איך דען נישט פאַר דער חתונה כסדר גענאַרט ראַבען, איר געזאָגט אַז איך ליב זי, בעת איך האָב גאָר געליבט פערעלען? און אַפילו אַצינד; ווייס איך דען נישט, אַז אין דער אמתן ליב איך ווייטער די פרוי פון מיין פריינד און נאַר ווייטער ראַבען און מיך אַליין? דורכויס ערלעכע און אַבסאָלוט גוטע מענטשן זענען דאָ ווייניק, זייער ווייניק".

ער איז געפאַלן פון איין עקסטרעם צום צווייטן. באַלד זענען ווידער די מייסטע מענטשן, דאָס רוב פון די מאַסן, געווען פאַר אים בלויז קרבנות פונעם

קאַפּיטאַליזם, פון אַ סיסטעם, וואָס איז אַ פּאַרסמטער קוואַל וועלכער פּאַרגיפטעט דעם מענטש. די ווייניקע, דורכויס ערלעכע און גוטע, זענען אוודאי אימון קעגן דאַזיקן גיפט. די רעוואָלוציע וועט פאַרניכטן דעם דאָזיקן גיפטיקן קוואַל.

2

ביים עפענען די טיר און דערזען איר מאַן, האָט ראַבע זיך דערשראָקן פאַר זיין אויסזען. אין איר האַרץ האָט זיך שוין געהאַט אַנגעזאַמלט געגוג פאַרבי־טערונג קעגן אים וועגן זיין אַהיימקומען אַזוי שפּעט, וועגן זיין לאָזן זי אַ גאַנצן טאָג אַליין ווען ער האָט קיין אַרבעט נישט, פאַר זיין גיין אַננעמען זיך דעם אַלטנס עוולה און אָוועקגעבן אַזוי פיל צייט. אָבער דערזעענדיק די בלאַסקייט אַצינד און די פאַרצווייפלונג אין איר מאַנס פּנים, האָט זי אים אַרומגעכאַפּט און זיך שיער צעוויינט: „ווי דו זעסט אויס! — דאָס האַרץ האָט זיך דעם גאַנצן טאָג אין מיר געשראָקן וועגן דיר" — — —

נאָר אויף יעקבן האָט געוואַרט אַ גאַסט. דער גאַסט איז געזעסן אין אַ ווינקל און האָט אַריינגעקוקט אין אַ בוך, וואָס ער האָט גענומען פונעם געפלאַכטענעם ביכער־שענקל, אין יענעם ווינקל. דערזעענדיק ר' איסרן, איז יעקב צו אים צו־געגאַנגען אַ דערפרייטער: „איר זענט אַ גרויסער גאַסט ביי מיר!" יעקב איז געווען איבערראַשט, ווייל ווען ער האָט ר' איסרן פאַר עטלעכע טעג צופעליק באַגעגנט אויף „פּלאַץ באַנקאָווי" און אים געבעטן קומען, האָט ער נישט גע־גלייבט אַז ר' איסר וועט וועלן קומען צו אים. ער האָט אין ר' איסרן אַצינד דערפילט עפּעס אַ רעטער... „ס'אַראַ גליקלעכער צופאַל", האָט ער געטראַכט, „איז געווען די באַגעגעניש אויף פּלאַץ באַנקאָווי!"... שוין איז די בלאַסקייט פאַרשוווּנדן פון זיין פּנים, אויך די פאַרצווייפלונג. ער האָט מיט איין מאָל באַ־קומען אַ הייטערן אויסזען. ראַבע האָט דאָס באַמערקט. ווען נישט ר' איסר וואָלט זי איצט אַרויס מיט אירע טענות, ווי תמיד ווען אין איר האַרץ זאַמלט זיך אָן פאַרביטערונג קעגן איר מאַנס פאַרנאַכלעסיקן זי. אָבער נאָך מער האָט די ענדערונג אין יעקבן דערזען ר' איסרס שאַרף אויג, וואָס האָט דערקענט וואָס אין אַ מענטש טוט זיך, געלייענט אין זיין נשמה ווי אין אַ ספר. און ער האָט געזאָגט צו יעקבן: „חידושסט דיך וואָס איך בין געקומען צו דיר, און אַזוי גיך נאָך דער באַגעגעניש! הער זשע! כ'בין איצט נישט געקומען ווייל דו האָסט מיך פאַרבעטן צו דיר, נאָר ווייל כ'האָב דערפילט אַז כ'זאָל צו דיר אַהערגיין. זייער שטאַרק האָבעך דאָס געפילט. דערפון האָבעך פאַרשטאַנען, אַז דאָס באַ־געגענען דיך פאַר עטלעכע טעג אויף דער גאַס, איז נישט געווען גלאַט אַזוי אַ מקרה. און בכלל: ס'איז גאַרנישטאָ קיין מקרה גלאַט אַזוי. יעדע מקרה האָט אַ באַדייטונג, אַ מאָל זייער אַ טיפע, וואָס מ'קען נישט אַזוי גרינג תופס זיין".

יעקב האָט געשמייכלט: ער האָט טיילוויַיז מסכים געווען מיט דעם געדאַנק וואָס זיין גאַסט האָט איצט אויסגעדריקט. פּלוצלינג האָט ער דערזען פאַר זיך דעם פּאָטערס געשטאַלט און אויסגערופן: „ווייסט איר, ר' איסר, אַז איך האָב איך נישט געזען פון יענעם שבת אָן ווען דער טאַטע איז געשטאָרבן?" — — —

„זכרונו לברכה״ — האָט דער פּרוש אונטערגעכאַפּט. אָבער נישט ווייל ער האָט יעקבן, דעם אַפּיקורס, געוואָלט מאַכן אַ פאָרוואורף אָדער אים לערנען דרך־ארץ פאַר אַ מת, דערצו פאַר אַזאַ הייליקן מת, וועלכער איז דערביי נאָך געווען זיין פאָטער; ניין, דאָס נישט. בלויז פון זיין ליבשאַפט און גרויס יראת־הכבוד צום נפטר, וועלכער איז בחייו געווען זיין בעסטער ידיד. ער האָט צוריק אַוועק־געשטעלט דאָס בוך אויף דעם זעלביקן אָרט ווו ס'איז געשטאַנען און געזאָגט בדרך הלצה: „כ'האָב געהערט אַזוי פיל וועגן די טריף־פּסולס וואָס סע לייענען די אַפּיקורסים, בינעך געווען אַ בעלן צו זען וואָס אין זיי טוט זיך. נו, האָבעך איצט געקריגן די געלעגנהייט: כ'האָב דערזען אַ שענקל מיט ספרים, האָבעך פאַרשטאַנען אַז דאָס זענען זיי. צייט האָבעך געהאַט — כ'זיץ דאָ שוין אַ היפּשע ווײַלע — האָבעך געכאַפּט אַ בליק אין עטלעכע פון די ביכער. כ'מוז זאָגן, אַז כ'האָב קיין שלעכטס, חס ושלום, נישט געפונען אין זיי. דו חידושסט דיך איבער מיר, יעקב. כ'מיין דאָס אָבער גאַנץ ערנסט. אין יעדן בוך, אין וועלכן כ'האָב אַריינגעקוקט — איבערגעלייענט עטלעכע בלעטלעך — האָבעך געזען, אַז סע גייט דערין וועגן גערעכטיקייט. און אויב גערעכטיקייט — ווייסעך נישט פאַר וואָס מע זאָל די, וועלכע לייענען זיי, רופן אַפּיקורסים. נו, זע איך אַז כ'בין גערעכט געווען ווען כ'האָב געטענהט מיט דיין טאַטן, זכרונו לברכה, אַז דו ביסט, חס ושלום, נישט קיין פּושע און אַז דו גייסט נישט אויף קיין זינדיקן וועג, ווי ער פלעגט גלייבן״.

מיט די דאָזיקע ווערטער האָט זיך יעקב זייער געפרייט, וויסנדיק, אַז ר' איסר איז נישט קיין נושא פּנים. אויספרעגנדיק זיך איינער דעם אַנדערן — ווי געוויינלעך, אָבער קורץ — וועגן דעם וואָס יעדער פון זיי האָט אין דער שווערער צייט דורכגעמאַכט און ווי עס גייט, האָבן ביידע אָנגעהויבן רעדן וועגן העכערע ענינים. נאָר ראַבע איז אַריינגעקומען פונעם קיכל, ווו זי האָט געזען אַז דאָס עסן זאָל פאַרטיק ווערן, און איבערגעשלאָגן: זי האָט געגרייט צום טיש. דערביי האָט זי פאַרן גאַסט זיך געקלאָגט אויפן מאַן: אַז ער האָט דעם גאַנצן טאָג נישט געגעסן, אַז שוין עטלעכע טעג שלעפּט ער זיך אַרום — אין אַזאַ פראָסט און שניי — מיט אַן אַלטן ייִד פון איין קאָמיטעט אין צווייטן, אַז ער האָט נישט אין זין די היים זיינע, נאָר פאַרדרייט זיך דעם קאָפּ מיט פרעמדע עסקים, נעמט זיך אָן פאַר פרעמדע עוולות.

„טוט ער דאָך גרויסע מצוות״ — האָט ר' איסר אויסגערופן. ער האָט גע־שמייכלט אויף ראַבעס פאַרמסורן דעם מאַן פאַר אים און פאַטערלעך צו איר געזאָגט: „אַ ווייב קריגט אַ חלק אין מאַנס מעשים טובים. זי זעט דעריבער, אַז זיינע מעשים טובים זאָלן זיין וואָס מער. אַזוי טוט אַן אשת חיל. בזכות זה איז שטענדיק דאָ שלום־בית און זי איז שטענדיק נושא חן אין איר מאַנס אויגן״.

ראַבע האָט דעם פּרוש, וועלכער איז אין אירע אויגן געווען נישט מער ווי אַן אָרעמער אורח, געהאַט חשק צו ענטפערן, אַז זי איז מוחל דאָס חלק אינעם מאַנס מעשים־טובים און וואָלט בעסער געוואָלט אַז ער זאָל זיין גלייך מיט אַלע יענע מענער, וועלכע האָבן אין זין בלויז זיך און די פרוי. נאָר זי האָט זיך צוריקגעהאַלטן און געפרעגט דעם גאַסט, אויב ער וואָלט נישט געוואָלט זיך וואַשן און מיטעסן — אַז ער איז שוין דאָ. ר' איסר האָט זיך אָבער אָפּגע־

זאָגט. און כדי דאָס פּאָרפאָלק נישט מבייש צו זיין — ווייל זיי וועלן דאָך געוויס טראַכטן, אַז ער וויל ביי זיי נישט עסן צוליב דעם וואָס ס׳איז ביי זיי נישט כשר — האָט ער זיי געזאָגט אַז ר׳איז נישט הונגעריק, וואָס איז אויך געווען אמת, ווייל ער האָט דעם הונגער פאַרטריבן פון זיך.

3

נאָכן עסן האָט ראַבע געברענגט טיי, אויף פאַרן גאַסט, פון וואָס ער האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט. מיט ביידע הענט, שמאָלע און איידעלע, אַרומהאַלטנדיק דאָס גלאָז, האָט ר׳ איסר ממשיך געווען דעם פריִער־אָנגעהויבענעם שמועס: „אַ גרויס נס, טאַקע אַ נס. האָסטו געוווסט, ווען דו האָסט דעמאָלט אין מיטן מאַרק גענומען האַלטן אַ רעדע קעגן מלחמה, אַז דו קענסט דערפאַר פאַרמשפּט ווערן, חס ושלום, צום טויט?“

יעקב האָט נאָכגעטראַכט און דאַן געענטפערט: „ניין, כ׳האָב נישט געוווסט. ווייל כ׳האָב דעמאָלט אַפילו נישט געטראַכט וועגן דעם, כ׳האָב אַפילו נישט גע־טראַכט אַז מען וועט מיך אַרעסטירן“.

דער פּרוש האָט משמעות געוואָלט עפּעס וויסן און געפאַרשט: „און ווען דו וואָלסט יאָ געווען געטראַכט אַז מ׳קען דיך אַרעסטירן און דיר געבן דעם האַרבסטן פּסק, וואָלסטו פון דעסטוועגן?“...

יעקב האָט געקנייטשט דעם שטערן: „דערויף קען איך אייך נישט ענטפערן, ר׳ איסר. ווייל כ׳ווייס עס נישט. כ׳ווייס בלויז, אַז ס׳האָט מיך געטראָגן, עפּעס ווי אַ כוח וואָלט מיך אַ נעם־געטאָן און איז מיט מיר געפלויגן ביז אויפן מאַרק אַרויף, ווו ס׳איז דעמאָלט פאַרגעקומען די פּאַטריאָטישע פאַרזאַמלונג, האָט מיך אַ שטעל אַוועק געטאָן און איך האָב גענומען רעדן. וואָס כ׳האָב דעמאָלט גערעדט ווייסעך איצט נישט מער. מיר דאַכט זיך אַפילו, אַז כ׳האָב דעמאָלט אויך נישט געוווסט וואָס איך רעד. כ׳קען מיך אַפילו נישט דערמאָנען וואָס ס׳איז דאַן געשען מיט מיר: אַז מ׳האָט מיך אַרעסטירט, געשלאָגן און צעבלוטיקט, אַז איך האָב נאָך ווייטער גערעדט ווען די פּאָליציי האָט מיך געפירט מיט געשלאָסענע הענט איבער די גאַסן אין דער תפיסה אַריין. און וואָלטעך דעמאָלט יאָ געווען געוווסט אַז מען וועט מיך אַרעסטירן און פאַרמשפּטן צום טויט, וואָלטעך מסתמא סיי ווי געווען געטאָן דאָס וואָס כ׳האָב געטאָן, ווייל כ׳וואָלט מיך נישט געווען געקענט אַקעגנשטעלן דעם כוח וואָס האָט מיך געטראָגן“.

ר׳ איסר האָט די גאַנצע צייט נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון יעקבן. ער האָט געמאָסטן און געווויגן יעדעס וואָרט וואָס דעם סופרס זון האָט אַרויס־געלאָזט פון מויל, האָט עס געפּרוווט ווי מען פּרוווט גאָלדענע רענדלעך, זיך פאַרטיפט אין יעדע תנועה פון יעקבס פּנים בעת ער האָט גערעדט און דאַן, נאָך אַ ישוב־הדעת, געזאָגט: „כ׳האָב דיין טאַטן, ע״ה (און דיר צו לענגערע יאָרן) געטרייסט יעדעס מאָל ווען ער האָט זיך פאַר מיר מתרעם געווען אויף דיר; כ׳האָב אים געזאָגט, אַז דו גייסט געוויס אויף הקדוש ברוך הואס וועג, אויף איינעם פון די אַ סך פאַרבאָרגענע וועגן זיינע“.

דער פרוש האָט וועגן דעם געוואָלט נאָך מער רעדן; נאָר פון דרויסן האָט זיך געעפנט די טיר און יעקב האָט אויסגערופן: „די שוויגער!" ער האָט דערקענט אירע טריט ווען זי איז נאָך געווען אויף די שטיגן; אין מלכהלעס טריט איז געווען אַ מין פריידיקייט, ווי ס'האָט זיך געדאַכט איר איידעם. מסתם ווייל זיי זענען געווען לייכטע, שווינגענדיקע, ווי זי וואָלט פלוצלינג געוואָרן אַ זעכצן־יאָריק מיידעלע, וואָס פרייט זיך מיט איר יונג לעבן. צוזאַמען מיט מלכהלען איז אַריינגעקומען אויך בנימין. ביידע האָבן געזאָגט „גוטנאָוונט" און זיך שטיל אָוועקגעזעצט, אָנגעמענדיק אַז מ'רעדט אַוודאי וועגן עפּעס ערנסטס, און אויך אויס גרויס יראת־הכבוד צו ר' איסרן. מלכהלע האָט צוגעלייגט אַ פינגער צום מויל, וואָס איז געווען אַ צייכן פאַר דער טאַכטער און פאַרן איידעם, אַז זי וויל נישט מ'זאָל זיך פאַרען פאַר איר און דערמיט שטערן, איבעררייסן דאָס רעדן אינדערמיט.

נאָר ר' איסר האָט סיי־ווי שוין געהאַט איבערגעריסן זיין רעדע און אַרויס־געוויזן ר' דוד יואלס פרוי צופרידנקייט זי צו זען. זי האָט אים געפרעגט ווי ס'גייט אים. ער האָט געענטפערט: „געלויבט השם יתברך" און געפרעגט וואָס זי מאַכט. ראַבע האָט פאַר דער מוטער און פאַרן שוואָגער אַריינגעבראַכט טיי, געפרעגט דעם גאַסט און דעם מאַן אויב זיי ווילן נאָך טיי און פאַר זיי אויך אַריינגעבראַכט. ס'איז געוואָרן הייטער ביים טיש, ווייל ראַבע האָט איבערגענו־מען דאָס וואָרט און געפלוידערט וועגן אַלץ וואָס ס'איז איר נאָר געקומען אויף דער צונג, ווי ס'פירט זיך, אייגנטלעך, כמעט אומעטום ווען מען טרינקט טיי. יעקב האָט דערביי געקוקט אויף בנימינען, ווייל ס'איז אים אויפגעפאַלן, אַז אינעם אויסדרוק פון זיין ברודער איז נישטאָ מער קיין שום יוגנטלעכס, אַז פון זיינע אויגן קוקט אַרויס אַ שרעקלעכער טרויער, אַז ער איז צו ערנסט, זיין פנים איז נאָך בלאַסער ווי ס'איז געווען, די שמאָלע אַקסלען זינקען נאָך מער אַראָפּ און דאָס קול זיינס איז עפּעס זקניש. און ער איז דאָך נאָך אַזוי יונג! — —

4

די שווערע און טרויעריקע מחשבות, וואָס נעמען מאַטערן ווען מ'הייבט אָן טראַכטן וועגן מענטש גופא, די ערנסטע פּראָבלעמען, וואָס שווימען דאַן אַרויס וועגן זיין מהות — זיי האָבן יעקבן שוין לאַנג באַשעפטיקט; נאָר היינט זענען זיי אים באַפאַלן מיט אַ באַזונדערער האַרטנעקיקייט און אומדערבאַרעמדיקייט. אַריינקומענדיק אין שטוב און טרעפנדיק ר' איסרן זענען זיי אויף אַ ווײַלע צו־ריקגעטראָטן; נו, האָבן זיי ווידער אָנגעהויבן קומען: צוערשט ווי קליינע, דינע, שליימיקע שלענגעלעך, פויזנדיקע דורך שפּעלטעלעך פון טונקעלע באַהעלטענישן, דאַן ווערן זיי אַלץ גרעסער, מיט שטשירענדיקע, גיפטיקע ציין... יעקב האָט געגומען איבערלייגן ביי זיך, אויב ער זאָל נישט אָצינד פאַרפירן וועגן די דאָזיקע געדאַנקען אַ שמועס מיט ר' איסרן. שוין לאַנג האָט ער דערקענט, אַז דאָס קליינע און איינגעדאַרטע יידעלע מיט דעם גרויען שיטערן בערדעלע, מיט די קינדעריש־לויכטנדיקע, קליינע אויגן; אַ פרוש, פרום אויף אַ מאָדנעם אופן,

ווייל טייל מאָל טוט ער אַזעלכעס און רעדט אַזוינס וואָס קומט אויס אַפּיקורסיש — אַז אָט דער מיסטישער, סודותדיקער מענטש איז, אייגנטלעך, אַ טיפער דענקער און קען דעם מענטשנס נשמה מיט אַלע אירע פאַרבאָרגענע אָפּגרונטן. אַ גרויסער פּסיכאָלאָג אַלזאָ, אַ רעליגיעזער פילאָסאָף, וועלכער האַלט אַלץ פאַר געטלעך. ווי אַזוי זאָל ער אָבער אָנהייבן מיט אים אַ שמועס איבער אַזעלכע פּראָבלעמען? קלאָר איז יעקבן געווען, אַז רעדן מיטן פּרוש מוז ער ווי ער האָט אַמאָל גערעדט מיטן פאָטער, אָדער מיט וועמען אין בית-המדרש ווען ער האָט דאָרט געלערנט: שטעלן קשיות. האָט ער געפרעגט ר' איסרן: „ווי טייטשט איר דעם פּסוק, „ויברא אלהים את האדם בצלמו, בצלם אלהים ברא אותו?"

דער פּרוש האָט פאַרשנדיק געקוקט אויפן סופרס זון. ער האָט פאַרשטאַנען — און דאָס געזען אין יעקבס פּנים — אַז יענער מיינט נישט דעם פּשוטן טייטש. אַזוי פיל געדענקט ער, יעקב, נאָך פונעם לערנען אַמאָל אין בית־המדרש. ער האָט גוט געדענקט די וויכוחים, וואָס יעקב פלעגט פירן מיטן פאָטער אין זיין קעגנוואַרט, און אויך מיט אים אַליין און זיך אָנגעשטויסן, אַז דער דאָזיקער חקרן שטייט איצט פאַר דער שווערסטער קשיא: דער מענטש...

דער פּרוש האָט פאַרמאַכט די אויגן, אַריינגעלייגט דעם שטערן אין די שמאָלע, איידעלע הענט, אָנשפּאַרנדיק די עלנבויגנס אויפן טיש. מלכהלע האָט כמעט איינגעהאַלטן דעם אָטעם, אַזוי שטאַרק איז ביי איר געווען די שפּאַנונג אויפן ענטפער פונעם פּרוש. זי האָט זיך געפרייט מיט איר קומען היינט צו דער טאָכטער און דעם איידעם מיט דעם, וואָס גראָד האָט זי דאָ געטראָפן ר' איסרן און מ'רעדט וועגן אַזעלכע טיפע ענינים: וועגן דעם מענטש און גאָט. אין איר האַרץ האָט נאָך אַלץ געטליַעט דאָס אַמאָליקע גלויבן אין גאָט, כאָטש זי איז אַצינד שוין לגמרי נישט מער געווען פרום. ניין, זי האָט נישט געקענט מסכים זיין מיט די גראָב אַפּיקורסישע רייד וועגן גאָט פון די סאָציאַליסטן, וועלכע זענען אַריינגעקומען אין איר טאָכטערס קאָוויאַרניע־רעסטאָראַציע. אויך בנימין האָט מיט גרויס נייגעריקייט געוואַרט אויף ר' איסרס ענטפער.

ר' איסר האָט געעפנט די אויגן, זיך אויסגעגלייכט און געענטפערט דעם סופרס זון אַזוי: „דער טייטש איז פּשוט כמשמעו: דער בורא האָט באַשאַפן דעם מענטש אין זיין געשטאַלט, וואָס מיינט נישט דעם גוף, ווייל — וואָס דו ווייסט אַליין — „אין לו דמות". צלם אלקים מיינט רוח אלקים. דער אָדם האָט אין זיך מעלות פון הקדוש ברוך הוא, ער איז אַ חלק מחלקו און דעריבער דער בחיר היצירה".

דעם פּרושס ענטפער האָט נאָך דערוויַיל נישט פאַרענטפערט יעקבן די פראַגעס וועגן דעם מענטש, וואָס האָבן אים היינט אַזוי באַזונדערס געקוועלט. אָבער ער האָט ווייטער געשטעלט ר' איסרן זיינע קשיות: „אויב אַזוי קומט אויס"... ער האָט זיך צוריקגעכאַפּט, נישט צו שטעלן זיין איצטיקע פראַגע אויף אַ צו גראָבן אופן און גלייכער געפרעגט: „און דעם מענטשנס רשעות? זיין פאַרגיסן דעם ברודערס בלוט? זיין אָוועקגזלן פונעם ברודער אַלץ? זיין צע־שטערן און פאַרוויסטן שטעט און לענדער? זיין אַכזריות וואָס איז ערגער ווי ביי חיות רעות?"

דער פּרוש האָט געשמייכלט פון דעם וואָס ער האָט געטראָפן: ער האָט

געוואוסט, אַז דעם סופרס זון וועט אים דאָס פרעגן. ער האָט ווידער צוגעמאַכט די אויגן, איצט אָבער בלויז אויף אַ מאָמענט, און דאַן געפּרוווט ענטפערן מיט קשיות, וואָס האָבן אין זיך אַן אָנדייט פון תשובות: „וואָס איז חשכות? וואָס זענען חולאַתן, מגיפות און אַלערליי פּורעניות? וואָס איז געווען דער מבול און דאָס וואָס דער בורא עולם האָט געטאָן מיט סדום ועמורה? וואָס באַדייט דער שטן, דער יצר־הרע? דאָס אַלץ איז מעשה ידו. צוליב וואָס האָט ער דאָס אַלץ באַשאַפן?" און ער האָט אַצינד יעקבן געגומען ענטפערן דירעקט: „דער בורא עולם האָט אין די ששת ימי בראשית די וועלט נישט באַשאַפן עד גמירא; אָבער ער האָט באַשאַפן די שליחים זיינע, אַז זיי זאָלן זיין יצירה מסיים זיין. איך האָב דאָס שוין אַ מאָל געזאָגט, כ'געדענק איצט נישט ווען און צו וועמען. דעם אָדם האָט דער בורא באַשאַפן — ווי מיר האָבן פריִער שוין געזאָגט — בצלמו, בצלם אלקים, וואָס מיינט בבחינת הבורא, און ער, דער אָדם, מוז זיך אַליין ווייטער שאַפן — עד לגמירא. דער חלק אלקים אינעם אָדם, די מעלות של הקדוש ברוך הוא וואָס ער האָט אין זיך, העלפן אים שטייגן אַלץ העכער און העכער, ביז ער ווערט אַ מושלם. „והנה סלם מצב אַרצה וראשו מגיע השמימה"... כדי צו שטייגן אויף דער לייטער האָט דער אַב הרחמים געגעבן דעם מענטש דעם יצר־טוב און דעם יצר־הרע. דער יצר־הרע איז פאַרן מענטש, כדי ער זאָל זיך קענען אויפהייבן פון איין שטאַפּל צום צווייטן ביז ער וועט דערגרייכן ביזן הימל אַריין — נאָך נייטיקער ווי דער יצר־טוב... דו חידושסט דיך, יעקב, ווי איך זע; סע קומט דיר אויס קעגן דעם שכל הישר, קענסט דאָס נישט תופס־זיין. ווועלעך דיר זאָגן, דערביי זענען דאָ צוויי טעמים. ראשית: דאָס גרויסע צו דערגרייכן, דאָס גאָר גרויסע, דאָס העכסטע — מוז אָנקומען שווער, זייער שווער, כדי מען זאָל וויסן ווי טייער עס צו שעצן דערנאָך, אַז מ'זאָל עס נישט אַזוי גרינג אַוועקוואַרפן, אָדער לאָזן פאַרלוירן ווערן, ווי מ'טוט דאָס מיט זאַכן וואָס קומען אָן גרינג. והשנית, און דאָס איז דער עיקר: אויב דער מענטש זאָל נישט פריִער גיין דורך אַלע מדורי גיהנום דורך וועלכע ער גייט, אין וועלכע ס'שטויסט אים אַריין דער יצר־הרע — אים אָנרעדנדיק צו זינד, צו מעשים־רעים, פון וועלכע ס'ווערט דאָס גיהנום — וואָלט ער צו מצוות און מעשים־טובים קיין מאָל נישט געקומען... ווי וואָלט אַ מענטש געוווסט וועגן גוטס, ווען ער וואָלט נישט געוווסט פריִער וועגן שלעכטס?... ווי ווייסט אַ מענטש אַז ס'איז טאָג, אַז ס'איז ליכטיק? — ווייל ס'איז פריִער נאַכט, פינצטער"...

דער פרוש האָט נאָך ווייטער גערעדט אויף אַזאַ שטייגער. ער האָט גערעדט וועגן די נביאים, וועלכע האָבן מיט רייד געשטראָפט די זינדיקע, זיי גערופן צו תשובה און זיי געוויזן דעם דרך־הישר, ער האָט גערעדט וועגן גאָטס שליחים ביז ס'האָט זיך דערהערט עפּעס אַ גראַבלען אין דרויסן ביי דער טיר און ראַבע איז אויפגעשפּרונגען: „ס'איז פעליקס!" זי האָט געטראָפן. ס'איז טאַקע געווען ער, איר ברודער. זי האָט זיך דערפרייט מיט אים, איצט מער ווי שטענדיק, ווייל די גאַנצע צייט וואָס ר' איסר האָט גערעדט איז איר געווען זייער לאַנגווייליק. דעם מאַנס קשיות און דעם פרושס ענטפערן אים — וואָס האָט געדויערט אַזוי לאַנג — זענען פאַר איר געווען נאַרישע בטלנות. זי האָט זיך נישט אָנגערופן מיט קיין איין וואָרט. איצט אָבער, אַז דער ברודער איז געקומען, איז זי געוואָרן

אַ גאַנץ אַנדערע. מיט אים האָט זי ליב געהאַט צו רעדן, מיט אים האָט זי געהאַט וועגן וואָס צו רעדן און געקענט רעדן מיט אים, כאָטש ער איז נישט געווען קיין איינפאַכער מענטש: אַ דיכטער, אַ געלערנטער, אַ פילאָסאָף.

ראַבע האָט אַרומגעכאַפּט איר ברודער: „פעליקס!"... ער איז פאַר איר אַצינד געווען פשוט אַ דערלייזונג. פאַן וויסלאָווסקי האָט זי אַרומגענומען און זי גע־פרעגט: „נו, וואָס מאַכסטו, מיין קליין שוועסטערל?" ער האָט איר אַוועקגעגעבן דעם אויסגעטוועטעם פיינעם פאַלטאָ מיטן פאַקענעם קאָלנער און דעם שטעקן מיטן העלפאַנטביינערנעם הענטל. שוין האָט ער געוואָלט אויסטון אויך דעם הוט מיטן ברייטן ראַנד; נאָר ער האָט דערזען ביים טיש זיצן ר' איסרן און די מוטער, און דעם הוט נישט אויסגעטאָן. ער איז צוגעקומען צום טיש און אויס־געשטרעקט די האַנט ווי צו אַן אַלטן גוטן פריינד: „שלום עליכם, ר' איסר!" דער מוטער האָט ער אַ קוש געטאָן די האַנט, ווי ס'פאַסט פאַר אַ ווילדערצויגענעם וועלטלעכן מענטש. צום שוואָגער האָט ער געזאָגט: „מיר, יאַקאָב, האָמער זיך שוין היינט געזען; אָבער נאַ דיר נאָך אַ מאָל די האַנט". בנימינען האָט ער די האַנט נישט געגעבן: פאַרגעסן...

יעקב האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר זיין פרוי: „אַנטשולדיק מיר, ראַבע; כ'האָב פאַרגעסן דיר איבערצוגעבן דעם גרוס פון דיין ברודער".

ראַבע האָט זיך שטאַרק געפרייט. דאָס שענסטע גלאָז און דאָס שענסטע טעלערל האָט זי (ווי שטענדיק) אויסגעזוכט פאַרן ברודער. זי האָט אין קיך שנעל אָפּגעפּוצט אַ לעפעלע פאַר אים. אַמליבסטן וואָלט זי אַצינד געלייגט אַן אַנדער טישטעך, דאָס שענסטע, וואָס זי האָט ליגן פאַר אַזאַ מאָמענט. אָבער זי האָט עס נישט געקענט טאָן וועגן דער מוטער, זי וואָלט איר דערמיט געוויזן, אַז דער ברודער איז פאַר איר אַ חשובערער גאַסט ווי זי, די מאַמע. און ס'האָט אויך נישט געפּאַסט צוליב ר' איסרן. אָבער פרישע טיי האָט זי יאָ פאַרבריט און אַוועקגעשטעלט אויפן טיש פון די גוטע זאַכן וואָס די מוטער האָט גע־ברענגט פון צייט צו צייט, באַזונדערס פון צייט זי איז געוואָרן וועגן איר שוואַנגערשאַפט.

ביי דער טיי האָט דער שרייבער דערציילט די טשיקאַווסטע נייעסן. אָבער חוץ דאָס „קליינע שוועסטערל" האָט ביים טיש דעם באַרימטן דיכטער קיינער נישט אַרויסגעוויזן קיין שום התפעלות פאַר דעם וואָס ער האָט דערציילט, און ס'האָט זיך עפּעס אויך נישט פאַרבונדן קיין שמועס. דערפון האָט פאַן וויסלאָוו־סקי געשלאָסן, אַז פאַר זיין אַריינקומען האָט דער שוואָגער אַוודאי געפירט אַ געשפּרעך מיט ר' איסרן, אָדער דער פרוש האָט מסתמא גערעדט (ווי זיין שטיי־גער) פון קבלה־זאַכן. און ער האָט פּיפּיק געזאָגט: „איך האָב זיכער געשטערט. איר, ר' איסר, האָט באַשטימט געהאַלטן אין מיטן רעדן, און זיכער וועגן..."

מלכהלע האָט אַ זאָג געטאָן: „וועגן"...

„זאָג נישט!" האָט דער זון אָנגעכאַפּט די מוטער ביי אַ האַנט. „וואַרט, מאַמעשי; וועסט זען איך וועל טרעפן וועגן וואָס מ'האָט דאָ גערעדט. מ'האָט גערעדט... וועגן... מעשה בראשית. האָבעך געטראָפן?"

אַלע, חוץ ר' איסר און בנימין, האָבן געענטפערט: „יאָ!" זיי זענען געווען פאַרבליפט.

מלכהלע האָט באַוווּנדערט די קלוגשאַפט פונעם זון און אים געפרעגט: „ווי אַזוי האָסטו דאָס געוווּסט?"

„זעסט דאָך! כ׳האָב געוווּסט"... און ער האָט גענומען באַווייזן זיין באַהאַוונט־קייט אין די קליינע אותיותלעך, נישט בלויז אין נגלה, נאָר אויך אין נסתר. ער האָט זיך געפלייסט צו ווייזן דעם פרוש זיין גרויס בקיאות און חריפות אין תלמוד, אין מפרשים און אין קבלה. נאָר ר׳ איסר האָט כמעט נישט געהערט וואָס דער פּיוול, מלכהלעס זון, רעדט. ער האָט עפּעס נישט געהאַט קיין חשק זיך צו־צוהערן צו די רייד פון דעם אַריינגעקומענעם. געקענט האָט ער אים פון אַמאָל, ווען דער בחור האָט געלערנט אין בית המדרש. דעמאָלט האָט ער אויך שטענדיק נאָר געוואָלט ווייזן ס׳אַראַ שאַרפן מוח ער האָט.

דער פרוש האָט זיך מער נישט געפילט באַקוועם. ער איז אויפגעשטאַנען און געזאָגט צו יעקבן: „דער עיקר געדאַנק פון דעם אַלעם וואָס מיר האָבן געשמועסט, איז: אַז אויב מ׳הערט אויף גלייבן אינעם רבונו של עולם, הערט מען אויך אויף גלייבן אינעם מענטש"...

פאַן וויסלאָווסקי האָט גלייך מסכים געווען: „זייער ריכטיק!"

נאָר מלכהלע נישט געקענט פאַרטראָגן דעם זונס צביעות און אים גע־קיבעצט: „אָבער דו גלייבסט דאָך נישט אין גאָט, פּיוולי!"

ער האָט געלייקנט: „ווער האָט עס דיר געזאָגט, מאַמע?"

„אַ גוטע נאַכט, אַ גוטע נאַכט!" — האָט דער פרוש געזאָגט און איז אַוועק־געגאַנגען.

5

צווישן יעקבן און זיין שוואָגער האָט זיך איצט אָנגעהויבן אַ דיסקוסיע וועגן גאָט. דער שרייבער אין אַ פּויליש־ייִדישער צייטונג, און דיכטער אין ייִדיש, האָט ערשט איצט גענומען באַווייזן זיין גרויס וויסן. ער האָט גענומען וואַרפן מיט שטיקער „מורה נבוכים" און מיט שטיקער פון שפּינאָזעס „עטיק". נו, האָט אויך בנימין — ער האָט פריִער די גאַנצע צייט געשוויגן — זיך אָנגערופן. נאָר ער האָט זיך געווענדט צום ברודער מיט אַ טענה: „דו האָסט די גאַנצע צייט נישט דערמאָנט קאַרל מאַרקס. דערביי האָט ער, קאַרל מאַרקס, וועגן דעם אין וואָס דיר גייט, געזאָגט דאָס סאַמע ריכטיקסטע: אַז דאָס זיין באַשטימט דאָס באַ־וווּסטזיין"...

פאַן וויסלאָווסקי האָט דעם דאַרן, בלאַסן ייִנגל אין דעם אָפּגעכוימערטן, גע־לאַטעטן מאַנאַרקעלע און ברודיק, כמעט שוין שוואַרץ פאַפּירן קעלנערל, אַפילו קיין פאַראַכטנדיקן בליק נישט צוגעוואָרפן, נאָר אַדרבה, זיך עטוואָס אַוועקגע־דרייט, אַז ער זאָל אים לגמרי נישט זען. דערפאַר האָט יעקב אַצינד געשענקט זיין ברודער די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט (וואָס אויך מלכהלע האָט געטאָן) און אים געענטפערט: „ליידער קען איך גראָד דערין נישט איינשטימען מיט מאַרקסן. איך האַלט פונקט פאַרקערט: אַז דאָס באַוווּסטזיין באַשטימט דאָס זיין... דער פאָרשריט פון דער טעכניק איז געקומען פונעם מענטשנס אַנטוויקלטן גייסט און נישט פאַר־קערט... דאָס זעלבע קען מען זען אויך אין אַן אַנדערן פאַל: וואָס מער דער פראָ־

לעטאַריאַט איז אויפגעקלערט, אַלץ שטאַרקער קעמפּט ער — און דערגרייכט בע־סערע מאַטעריעלע באַדינגונגען... מאַרקס האָט זיך דערין איינפאַך טועה געווען".

„וואָס זאָגסטו?! קאַרל מאַרקס האָט זיך טועה געווען?!" — בנימין איז אַזש רויט געוואָרן. פאַר אים איז דאָס געווען דאָס זעלבע, ווי ווען ס'וואָלט ווער אַ מאָל געזאָגט דעם פאָטער, אַז גאָט האָט זיך טועה געווען.

פאַן וויסלאָווסקי האָט באַקומען די געלעגנהייט — דורך אַ תל מאַכן פונעם גאַנצן מאַרקסיזם און טרעטן מאַרקסן מיט די פיס — צו נעמען זיך צום שוואָ־גער וועגן זיין סאָציאַליזם. ער האָט אים געוואָרפן אין פנים אַריין אַלע גרויל־טאַטן פון די באָלשעוויקעס אין רוסלאַנד, (לויט דער רעאַקציאָנערער פרעסע און ווי ער אַליין האָט געשריבן אין זיין צייטונג). „און דאָס וואָלטן די רויטע אין פוילן, — האָט דער דיכטער געהעכערט אַלץ מער זיין קול — דיין פאַרטיי, און דו אַליין, געטאָן היינט!"

יעקב האָט זיך באַהערשט מיט אַלע כוחות נישט צו ענטפערן זיין שוואָגער. ער האָט, ווי תמיד אין אַזאַ מצב, זיך געביסן מיט די גרויסע געלע ציין די לאַנגע ליפּן. פאָלעמיזירן מיט אַזאַ רעאַקציאָנער, האָט יעקב געטראַכט, איז אוממעגלעך. אַמליבסטן וואָלט ער דעם „דיכטער פון צאַרטע ליבע־לידער און הימלישער שיינ־קייט" (ווי די גוטע ברידער זיינע, די רעצענזענטן האָבן אים באַטיטלט אין דער פרעסע) אָנגענומען ביים קאָלנער, אָדער אויף אַ „הימליש צאַרטן" אופן געהייסן גיין. אָבער יענער איז געווען נישט בלויז זיין שוואָגער און גאַסט, נאָר אויך דער פרויס ברודער... נאָר דאָס, וואָס יעקב האָט נישט געקענט ענטפערן דעם שוואָ־גער און גאַסט, האָט די שוויגער זיינע געזאָגט דעם זון אירן. זי האָט אים גע־געבן און געגעבן: „דו האַלטסט מיט די רייכע! מיט די, וואָס צאַפּן־אויס פונעם אָרעמאַן דעם לעצטן טראָפּן בלוט! מיט די, וואָס זייער אומגערעכטיקייט איז הימל־שרייענדיק, האַלטסטו! מיט פּוסטעפּאַסניקעס, וואָס פירן אַן אויסגעלאַסן לעבן אין זייערע רייכע פּאַלאַצן, אויפן חשבון פון די, וואָס האָרעווען און פּראַצע־ווען און האָבן אַפילו נישט קיין שטיקל טרוקן ברויט צו דער זעט און קיין העמד אויפן לייב! פּריזער, ווען ר' איסר איז דאָ געווען, האָסטו געזאָגט, אַז דו גלייבסט אין גאָט. ווען דאָס וואָלט געווען אמת, ווען דו וואָלסט געהאַט גאָט אין האַרץ, וואָלסטו נישט געקענט האַלטן מיט די רייכע, מיט די מעכטיקע, וועלכע זענען אַזוי פאַרדאַרבן, אַז זיי אַרט נישט אַפילו קיין טייכן מענטשלעך בלוט, די מלחמות, די מיליאָנען דערהרגעטע, פאַרקריפּלטע, די צעשטערונג און פאַרוויסטונג, אַבי דאָס ברענגט זיי גרויס עשירות! וואָס האָבן די הייליקע נביאים געזאָגט וועגן די רייכע און מעכטיקע? און דאָס וואָס זיי האָבן געזאָגט איז געווען גאָטס וואָרט! גאָט האָט זיי דאָס געהייסן זאָגן!"

דערויף האָט דער זון געענטפערט דער מוטער: „פון וואַנען ווייסטו אַז די רייכע זענען די שולדיקע אין מלחמה, אַז די רייכע ווילן, אַז זיי מאַכן די מלחמה? און" —

נאָר מלכהלע האָט דעם זון נישט געלאָזט ווייטער רעדן: „דו ווילסט דאָס לייקענען?!"

דער שרייבער און דיכטער האָט ווייטער גערעדט, נישט שענקענדיק איצט דער מוטער קיין אויפמערקזאַמקייט: „צווייטנס: די סאָציאַליסטן ווילן בלויז דאָס,

וואָס די רייכע האָבן. ס'פעלט זיי בלויז די אינטעליגענץ, די פעיִקייט רייך צו ווערן".

ראַבע האָט פולשטענדיק מסכים געווען מיט איר באַרימטן ברודער: „ריכטיק, גאַנץ ריכטיק! אַלץ וואָס פעליקס זאָגט איז ריכטיק!"

מלכהלע איז אויפגעשטאַנען, נאָר זי האָט זיך איבערגערעכנט און געזאָגט: „ס'איז שוין שפּעט, אַ גוטע נאַכט!"

די געסט זענען אַלע אַוועקגעגאַנגען.

## קאַפּיטל צוויי און צוואַנציק

# דאָס טייערסטע באַגראָבט ער אין האַרץ

1

ווידער האָבן טאַטע־מאַמע זיך געקריגט מיט זייער זון ביניש, וועלכן זיי האָבן שוין לאַנג גערופן „אונדזער אומגליק“, „אונדזער ווייסטער גורל“, „דער ווייטיק אין אונדזער האַרץ“. (די מוטער האָט דערביי כמעט יעדעס מאָל אַ קרעכץ געטאָן: „ווי איז מיר, נעבעך“. אָדער: „אָך און ווי איז אונדז“). דאָך האָבן נישט דער זון און נישט די עלטערן געקענט אָנרופן קריג דאָס, וואָס צווישן זיי איז יעדעס מאָל פאָרגעקומען. אויך פריִער, באַזונדערס גאַנץ אין אָנהייב, ווען די אומאייניקייט איז געווען זייער העפטיק, האָבן זיי עס נישט געקענט אָנרופן קריג. און איצט זענען ביידע טיילן שוין געווען רעזיגנירט. דאָס איבעררעדן זיך פון די עלטערן מיטן זון איז געווען בלויז נאָר געוווינהייט, ווי אַ מין קרעכצן און זיפצן פון נאָכווייטיק.

דעם חבר באָריס׳ (בינישעס) עלטערן האָבן פון דער ערשטער רגע אָן, ווען זיי זענען געוווּיר געוואָרן אַז זייער קינד איז אין אַ „צרה“, גערעדט צו אים מיט גוטן, צו זיין שכל הישר. זיי האָבן נישט בלויז אים נישט געזידלט, געשריגן אָדער באַליידיקט מיט עפּעס אַ וואָרט, נאָר אַפילו אויף דער פּאַרטיי, אין וועלכער ער איז דעמאָלט אַריינגעטרעטן, האָבן זיי נישט געזאָגט קיין שלעכט וואָרט. נישט ווייל זיי זענען געווען אַזעלכע איידעלע מענטשן, נאָר ווייל ביידע (זיי האָבן געלעבט צווישן זיך בשלום אונטער די אויסגעשפּרייטע פליגל פון זייער ליבע, וואָס זיי האָבן פאַר זייער חתונה געפירט לאַנג אין געהיים, און ביידע האָבן איין דעה) האָבן געהאַלטן, אַז מ׳קען ביי אַ יינגל פון פערצן יאָר מער פועלן ווען מען רעדט מיט גוטן צו אים, צו זיין פאַרשטאַנד, ווי מיט שרייען, שלאָגן, צי זידלען. זיי האָבן ביידע דאָס געלערנט ביי זיך אַליין. בינישס פאָטער האָט געשטאַמט פון אָרעמע עלטערן, פון אַן אַלטוואַרג־הענדלער און אַ בייגל־פאַרקויפערין אין גאַס. מענדל אָבער, דער זון פון די דאָזיקע אָרעמע מענטשן, איז געווען אַ בית המדרש־ניק; ער האָט ביז דער חתונה געלערנט. נאָר קיין גרויסער למדן איז ער נישט געווען. ער האָט געוווּסט אַז ער וועט אַפילו קיין דיין נישט קענען ווערן, אַפילו נישט קיין שוחט (דערפון האָט ער זיך אָפּגעשאָקלט). אַ מלמד? — ניין. דאָס

מיינט דאָך: זיין אַן אביון ס׳גאַנצע לעבן. נאָר סיי ווי האָט דאָס קליינע סטעזש־קעלע, אויף וועלכן ער איז אַרויפגעטרעטן נאָך אַלס בחור אינעם בית המדרש, אינעם געפירט צום שליאַך, אויף וועלכן די מייסטע אַזעלכע ווי ער זענען נאָך דער חתונה געגאַנגען: דער שליאַך פון קרעמערײַ, פון עפּענען אַ געוועלבל.

„מענדל אַלטוואַרג", ווי די רייכע בחורים און די ווילקענערס אינעם בית המדרש האָבן אים גערופן און וואָס היינט הייסט ער „ר׳ מענדל", אָדער „פּאַניע זילבער", האָט פרי געמוזט אָנהייבן אַליין פאַרדינען אויף ברויט. אַזוי לאַנג ווי דער פאָטער האָט געגלייבט אַז זיין מענדל איז אַן עילוי און געהאָפט אַז ער וועט פון אים האָבן נחת, האָט ער אים געלאָזט לערנען אין בית המדרש; אָבער אַז מ׳האָט אים צווויסן געטאָן, זיין מענדל קען אַפילו קיין בלאַט גמרא נישט ווי ס׳באַדאַרף צו זיין, האָט דער אָרעמער אַלטוואַרג־הענדלער באַשלאָסן זיין זון אַוועקצוגעבן צו אַ באַלמעלאָכע אָדער פאַר אַ משרת אין אַ געשעפט אַריין. נאָר מענדל האָט דעם פאָטער נישט געוואָלט הערן. און אַז דער פאָטער האָט אים גענומען זידלען, שעלטן און אַפילו שלאָגן און אים נישט געוואָלט געבן קיין עסן, אים געטריבן פון שטוב — האָט מענדל זיך ערשט אמתדיק איינגעעקשנט, קיין באַל־מעלאָכע אָדער משרת נישט צו ווערן. ער איז דאַן געפאַלן אויף אַ גוטן געדאַנק: ער וועט קויפן אַ פּעקל טיטון, אַ פּודעלע גילזן (אַזויפיל געלט האָט ער פאַר־מאָגט) און מאַכן פּאַפּיראָסן צו פאַרקויפן אינעם בית המדרש ווו ער לערנט. און ער האָט אַזוי געטאָן. דערמיט האָט ער פאַרדינט עטלעכע גילדן אַ וואָך און זיי אַוועקגעגעבן דער מוטער. דער פאָטער איז אָבער נאָך אַלץ נישט געווען צופרידן. איז מענדל דאַן געפאַלן אויף אַ צווייטן, נאָך אַ בעסערן געדאַנק: ער האָט גע־קויפט צוויי פּערציקסטלעך בראָנפן, איינס 57ער און דאָס צווייטע 95ער, אַ האַלב שאָק קיכלעך, און איז אַזוירנאָך שוין געווען כמעט אַ גאַנצער סוחר אינעם בית המדרש. ער האָט שיין פאַרדינט און געגעבן דעם פאָטער יעדע וואָך (שוין נישט דער מוטער) מער וויפל ס׳וואָלט אים געקאָסט ווען ער זאָל לעבן אינגאַנצן פאַר זיך. אָבער דער פאָטער — אויך שוין די מוטער (ווייל ער האָט נישט איר געגעבן דאָס געלט) האָבן נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט זיך צו קריגן מיט אים, אים צו זידלען און צו מאַכן צו דער בלאָטע גלייך, אים שעלטן מיט טויטע קללות. מענדל האָט נישט געקענט פאַרשטיין: פאַר וואָס? ערשט שפּעטער, ווען ער איז געוואָרן אַ „חובב ציון", באַזונדערס אָבער ווען ער האָט בסוד גענומען פירן אַ ליבע מיט אַ בלומען־פאַרקויפער אויף דער גאַס און די עלטערן זענען דאָס געוויר געוואָרן און אים דערפאַר גענומען זידלען און אַפילו שלאָגן — ווי ער וואָלט נאָך גע־ווען אַ קליין יינגל — האָט ער פאַרלאָזט די עלטערנס הויז. ענלעך, הגם אויף אַן אַנדערן אופן, האָט זיין פרוי מיידלוויז געליטן פון אירע עלטערן.

זייער פאַרגאַנגענהייט האָט זיי אויסגעלערנט, אַז מיט שלעכטן, מיט קריגן זיך און זידלען און אַפילו שלאָגן קען מען ביי קינדער גאָרנישט אויספירן. נאָר ס׳איז געווען נאָך אַ סיבה, פאַר וואָס זיי האָבן זייער ביינישן אַפילו קיין הויך וואָרט נישט געזאָגט פאַר אַלע ווייטיקן וואָס ער האָט זיי פאַרשאַפט מיט זיין ווערן אַ סאָציאַליסט: זיין קלאָר און זאַכלעך ענטפערן אויף זייערע טענות.

ר׳ מענדל, אָדער פּאַניע זילבער, האָט אַ קליין שפּייז־געוועלבל אין איינער פון די גאַסן אינעם ייִדישן פערטל. חוץ דעם האַנדלט ער מיט אַלץ, וואָס גייט אין דער דאָזיקער צייט פון שפּעקולאַציע אַ שנעל און גרינג פאַרדינסטל. די וווינונג איז אין זעלבן הויז פונעם געוועלבל, נאָר אויפן צווייטן שטאָק. ס׳איז איצט נאָך מיטאָג, ווען אין דער קראָם קומען ווייניק קונים, ווען צום באַדינען איז דאָרט גענוג איין מענטש. באַריס איז אין דער היים; געקומען פון דעם אוניווערסיטעט. ער האָט אַפילו שוין אָפּגעגעסן, צוזאַמען מיט די עלטערן. די מוטער איז נאָכן עסן באַלד צוריק אַראָפּגעגאַנגען. דער פאָטער איז געבליבן.

באַריס וואַרט אויף עטלעכע חברים וואָס דאַרפן קומען. נישט צו קיין זיצונג, וואָס ווערט דאָ קיין מאָל נישט אָפּגעהאַלטן, נאָר צום דורכשמועסן זיך וועגן געוויסע ענינים. דערווייל האָט דער פאָטער ווידער אָנגעהויבן מיט זיינע טענות: „נו, ביינעש? וואָס וועט זיין? קיין יונג בחורל ביסטו דאָך נישט מער. דו ווייסט אַז איך מיין נישט חס־ושלום"...

„איך ווייס, טאַטע, איך ווייס".

דער פאָטער איז געוואָרן נאָך ווייכער: „עסן, לעבן ביי מיר, צאָלן פאַר דעם אוניווערסיטעט, דיך קליידן און דיר אַפילו געבן געלט אויף יעדן פאַרגעניגן — דו ווייסט, ביינעש, אַז דאָס איז עס נישט, כאָטש אין פּרנסה גייט אַלץ ערגער און ערגער".

„איך ווייס, טאַטע, איך ווייס".

„בפרט" — האָט דער פאָטער ווייטער גערעדט — „דו נעמסט ביי מיר אַצינד שוין כמעט גאָרנישט. דו זעסט דאָך ווי ס׳זעט אויס מיטן געוועלבל און מיט אַלע מיינע געשעפטן. אָבער תּכלית, ביינעש. דיין לעבן. נאָך עטלעכע יאָר, און... צוויי מאָל לעבט נישט אַ מענטש. אידעאַליזם... איך פאַרשטיי. דו ווייסט, אַז איך געהער נישט צו די, ביי וועלכע געלט איז אַלץ".

„איך ווייס, טאַטע, איך ווייס".

„אָבער ס׳איז דאָך פאַראַן אַ גרענעץ". דער פאָטער האָט גענומען צילן צום פּינטל: „יעדער מענטש וויל לעבן, וויל עפּעס דערגרייכן פאַר זיך אינעם לעבן, פאַר זיך אַליין. איך זאָג נישט אַז עולם הזה איז אַלץ, אַז דער מענטש זאָל שטרעבן נאָר צו עולם הזה, צו נאָך און נאָך עולם הזה; אָבער אַ ביסל. און דאָס ביסל מוז מען דערגרייכן אין דער ערשטער העלפט פונעם לעבן. דערנאָך... און דו ביינעש"...

„איך ווייס, טאַטע, איך ווייס".

„אָבער..." אַצינד האָט שוין דער פאָטער זיך געמוזט אָנטאָן אַ כּוח נישט צו בייזערן זיך אויפן זון. „דו ווייסט. אַוודאי ווייסטו. איך ווייס אַז דו ווייסט. דו ווייסט, פאַר וואָס דו מוזט נאָך היינט זיצן אויף דער שולבאַנק! דו ווייסט, אַז דאָס איז נישט ווייל דו האָסט אַזאַ שלעכטן קאָפּ; אַנדערע מיט ערגערע קעפּ ווי דיינער זענען שוין אַדוואָקאַטן, האָבן שוין אַ גוטע קליענטעלע. דו אָבער... דיך וועט מען אין דער אוניווערסיטעט אפשר גאָרנישט לאָזן קומען ביזן סוף. און אויב יאָ — וועט מען דיך נישט אַדורכלאָזן. מ׳וועט דיך אויף ס׳ניי לאָזן

דורכפאַלן, ווי מ׳האָט דאָס עטלעכע מאָל געטאָן אין גימנאַזיע ביי דיינע עקזאַמענס, ביז מ׳האָט דיך אינגאַנצן אַרויסגעוואָרפן און איך האָב געמוזט לויפן נאָך פּראָטעקציע, „שמירן“ מיט 25ערס, אַז מ׳זאָל דיך צוריק אַריינגעמען. דו ווייסט פאַר וואָס?...“

„יאָ, טאַטע, איך ווייס“. אַצינד האָט אויך באָריס זיך געמוזט באַהערשן, זיך נישט צו בייזערן אויפן פאָטער, נאָר צו רעדן מיט אים ווי שטענדיק: קלאָר און זאַכלעך. ער האָט אַראָפּגענומען די גרויסע האָרנבערילן פון זיין ביינערדיקער, דינער נאָז, האָט אָפּגעווישט די שייבלעך, אָנגעטאָן צוריק דיברילן און אָנגעהויבן מיט זיין פּראַזע: „איך ווייס. איך ווייס, אַז אַלץ וואָס איך זאָג דיר ווייסטו, אַז דו ווייסט אַלץ וואָס איך קען דיר ענטפערן און וואָס איך וועל דיר איצט ווידער ענטפערן. דאָך מוז איך עס דיר ווידער זאָגן, ווידער און ווידער און אַלע מאָל דאָס זעלבע: אַז ווייל דאָס איז אַזוי, אַז אַזוי לאַנג ווי דאָס וועט אַזוי זיין, אַז מען זאָל אַזעלכע ווי איך לאָזן אַדורכפאַלן ביי די עקזאַמענס ווייל זיי קעמפן קעגן אַזאַ סיסטעם ווי דאָס איצטיקע, אַ סיסטעם פון שקלאַפעריי און... קורץ: קעגן קאַפּיטאַליזם, — יאָ, אַזוי לאַנג ווי אַזאַ סיסטעם וועט עקסיסטירן — וועל איך קעמפן. תכלית? — פּערזענלעך גליק? וואָס פאַר אַ תכלית, טאַטע? — אַ געוועלבל? האַנדלען אויף דער בערזע? ווערן אַ שפּעקולאַנט, אָדער אַן אַדוואָקאַט, אַ דאָקטער, צי עפּעס אַנדערש? אַ לערער? אַן אינזשעניער? אָדער... נישט שטודירן און ווערן אַ פּשוטער אַרבעטער? נו, דו האָסט אַ געוועלב, האָסט צוגעהאַנדלט אויך אויף דער בערזע, געמסחרט מיט אַלץ, געשפּעקולירט; ביסט שוין געווען רייך, אַ מיליאָנער. די מיליאָנען האָסטו צוריק פאַרלוירן. אַצינד האָסטו בלויז נאָך פּרנסה, לאָמיר זאָגן פּרנסה בריווח; אָבער ווי לאַנג נאָך? די שטייערן וועלן ביי דיר צונעמען דאָס לעצטע העמד. ביי אַלע פון דיינסגלייכן. דאָס איז די פּאָליטיק פון גראַף קאַטאָווסקי, דעם אַלטן שאַרלאַטאַן, דעם איצטיקן אַנטיסעמיטישן פינאַנץ־מיניסטער. אָבער נישט בלויז די יידן שינדט ער; ער שינדט אַלע, דאָס גאַנצע פאָלק, ווייל די רעאַקציאָנערע רעגירונג ברויך אָן אַ שיער געלט: אויף אַ גרויסער אַרמיי, אויף באַוואָפענונגען און צוגרייטונגען צו אַ מלחמה, חוץ די פאַנטאַסטישע סומעס וואָס סע פאַרשלינגען די לעגיאָנען באַאַמטע (פאַר זייער גאָרנישט טאָן) און די געלטער וואָס פאַרשווינדן אָן חשבון. אַ קאַפּיטאַליסטישע רעגירונג ווייסט נישט פון קיין גענוג. די יידן וועט דער דאָזיקער פינאַנץ־מיניסטער צוערשט אויסליידיקן די קעשענעס, אַזויערנאָך — ווי ער מיינט — וועט פוילן פון זיי פּטור ווערן. תכלית“... ער האָט אָפּגעהאַקט, ווייל אין זיין מחשבה האָבן זיך שוין געהאַט אויסגעפורעמט די זאַצן, וואָס האָבן געקענט ווי טון דעם פאָטער: אַז ווען ער וואָלט געוואָרן אַן אַדוואָקאַט, וואָלט ער ווי די אַנדערע געגאַנגען אין די געריכטן פאַרטיידיקן שפּעקולאַנטן, קרעמערס, וואָס רייסן ביי די אָרעמע קונים די הויט, גיבן געפעלשטע סחורה, פאַלשע וואָג און מאָס; אָדער פאַרטיידיקן באַלעבאַטים, וואָס ווייסן שוין נישט מער וויפל זיך צו הייסן צאָלן פאַר אַ קעלער־שטוב, פאַר אַ פינצטער לאָך, און אַז מ׳באַצאָלט זיי נישט דאָס דירה־געלט צו דער מינוט און רגע, וואַרפן זיי דעם לאָקאַטאָר אַרויס מיט די אָרעמע בעבעכעס אויף דער גאַס. ווידער אויסווישנדיק די ברילן און פאַררויכערנדיק אַ פּאַפּיראָס, האָט באָריס אָנגעוויזן דעם פאָטער אויף דעם פאַקט, וואָס

גענוג אַדוואָקאַטן, אָדער אַזעלכע וואָס האָבן געענדיקט אַנדערע פֿאַקולטעטן, ליידן פּשוט הונגער. „אין אַזאַ סיסטעם" — האָט ער ווייטער אַרגומענטירט — „איז פֿאַר קיינעמען, חוץ פֿאַר אַ קליינער צאָל, נישטאָ קיין פּערזענלעך גליק. ווי קען זיין פּערזענלעך גליק? זעסט דאָך וואָס ס'טוט זיך אין גאַס. אַפֿילו פּראָסטע, שווערע אַרבעט קריגט מען נישט. מ'ברויך נישט, נישט דעם מוח און נישט די הענט. אַפֿילו נישט פֿאַר אַ טרוקן שטיקל ברויט. גיי אין די שטיבער וועסטו דיך איבערצייגן; ס'וועט זיך פֿאַר דיר אַנטפּלעקן אַ שוידערלעך בילד. אין דאָרף איז נאָך ערגער". ער האָט געפֿרעגט דעם פֿאָטער: „וואָלסטו געוואָלט — ווען ס'וואָלט געווען מעגלעך — אַז איך זאָל געהערן צו דער קליינער צאָל מענטשן?"...

פֿאַניע זילבער האָט געענטפֿערט: „ב... ניין".

דער זון האָט אינעם פֿאָטערס „ניין" געהערט „יאָ" און אויף אים געטאָן אַ ברוגזן קוק.

ר' מענדל האָט פֿאַרשטאַנען דעם זונס קוק און געענטפֿערט נאָך אַ מאָל, איצט מיט באַטאָנונג: „געוויס ניין. אָבער אויף דעם אַנטיסעמיטיזם — צי פֿון דעם איצטיקן פֿינאַנץ־מיניסטער אָדער פֿון אַנדערע רשעים — האָבן מיר ייִדן איצט אַ קלאָרן און פֿעסטן ענטפֿער: „פּאַלעסטינע". און איצט וועל איך דיר, בייניש, מגלה זיין אַ סוד: ווען איך בין נאָך געווען אַ בחור האָב איך שוין געגלייבט אין ציוניזם. איך בין דעמאָלט געוואָרן אַ חובב ציון".

ווי אַ וואָרענונג קעגן אַ געפֿאַר, האָט דער חבר באָריס אויסגערופֿן: „טאַטע!" אַ מאָמענט האָט ער געשוויגן. דאַן האָט ער זיין וואָרענונג אויסגעדריקט קלאָר: „פֿאַר אונדז ייִדן וועט אין ערגעץ נישט זיין קיין זיכערקייט אַזוי לאַנג ווי ס'וועט הערשן קאַפּיטאַליזם! און אינעם מקריב זיין זיך פֿאַר אַ אידעע, פֿאַר אַן איבערצייגונג, איז נישטאָ קיין גרענעץ".

„איך ווייס שוין, איך ווייס שוין, בייניש; איך ווייס אויך אַז דו ביסט קעגן ציוניזם". מער האָט פֿאַניע זילבער נישט געהאַט וואָס צו זאָגן דעם זון און איז צוריק אַוועק אין געוועלב אַריין.

3

אָבער ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און ס'איז אַריינגעקומען די מוטער. באָריס האָט פֿאַרשטאַנען אַז דער פֿאָטער האָט איר איבערגעגעבן וואָס ס'איז געווען און געוואָרט אויף דער מאַמעס טענות. ס'איז כמעט תמיד אַזוי געווען: אַז ס'האָט אָפּגערעדט דער פֿאָטער האָט אָנגעהויבן די מוטער, אָדער פֿאַרקערט. טייל מאָל האָבן זיך ביידע צוזאַמען גענומען צו אים; מיט גוטן, באַטירלעך, מיט קלוגע רייד. באָריס האָט געדענקט אַלץ וואָס די עלטערן האָבן אים אין די אַלע יאָרן שוין אַלץ געזאָגט און געוווּסט יעדעס מאָל וואָס דער פֿאָטער אָדער די מוטער גייט אים זאָגן. דעריבער האָט ער שטענדיק געוואָרט מיט אַ שמייכל אויף די רייד וואָס דאַרפֿן קומען. דאָך האָט ער זיך אַצינד טועה געווען. די מוטער — אַמאָל אַ גרויסע שיינהייט, אַ קאָקעטע און אויך איצט נישט מיאוס, דערצו נישט קיין שלעכטע קענערין פֿון אַ מאַנס נשמה — האָט פּאַרזיכטיק זיך גענומען צו איר זונס באַהאַלטענע ווונד אין זיין האַרץ. זי האָט געקענט איר בייניש, זי האָט

געוווסט אַז אַלץ וואָס עס זאָגן אויף אים זיינע באַקאַנטע, זיינע חברים, זיינע פריינד, אַפילו דער פאָטער, די שוועסטער און די ברידער: אַז ער איז אַ קאַל־טער, אַ טרוקענער, אַ האַרטער; אַז ער ווייסט נישט וואָס נשמה איז, געפיל; אַז פאַר אים עקסיסטירט בלויז לאָגיק, קאָפּ, אָבער נישט האַרץ — אַז דאָס אַלץ איז נישט אמת און ס׳איז פּונקט פאַרקערט: זיינע געפילן זענען זייער צאַרט, ער האָט אַן איידל האַרץ און אַ טיפע נשמה. ער פאַרשטעלט זיך בלויז, פאַרלייקנט זיך, אַפילו פאַר זיך זעלבסט. ווייל ער איז אַוודאי איבערצייגט אַז ס׳איז נישטאָ עפּעס אַנדערש ווי נאָר „לאָגיק״, ווי ער זאָגט דאָס יעדעס מאָל. צוליב אָט דער איבערצייגונג אַרבעט ער איבער זיך אַלע זיינע יאָרן צו זיין האַרט, קאַלט און טרוקן, נישט צו פאָלגן זיינע געפילן, זיין האַרץ, נאָר בלויז דעם פאַרשטאַנד, די לאָגיק. ס׳קען אָבער אויך זיין, האָט די מוטער אַ טראַכט געטאָן, אַז ווייל זיין נשמה איז אַזוי פיין, זיין האַרץ אַזוי איידל, די געפילן אַזוי טיף און צאַרט — האָט ער זיך אַנגעטאָן אַ שטאָלענעם פּאַנצער... איר אָבער — דער מאַמען — נאַרט ער נישט.

און די מאַמע האָט היינט, אי מוטערלעך, אי ווייבלעך־קלוג און פיין צום ער־שטן מאָל זיך צוגערירט צו איר זונס אינעם האַרץ באַהאַלטענע ווונד. די דאָזי־קע ווונד האָט זי באַמערקט שוין לאַנג, גלייך ווי ער האָט זי באַקומען. ווי אַזוי האָט זי דעמאָלט געוווסט אַז ער האָט זי ערשט באַקומען? — ווייל, האָט זי זיך דאַן געענטפערט, ווען ער וואָלט זי געוווען געקריגן פריער, וואָלט איך פריער געוווען באַמערקט. ס׳איז געוווען דעמאָלט, ווען ער איז צוריקגעקומען פון יענער קאָוויאַרניע ווו ס׳קומען כמעט בלויז אַרבעטער. זי האָט דעמאָלט באַמערקט אין זיין פּנים אַז ס׳איז עפּעס געשען מיט אים. זי האָט עס אים נישט געזאָגט, אים גאָרנישט געפרעגט. ערשט איצט — און נישט גלייך וועגן דער זאַך גופא, נאָר מער אין אַלגעמיין — האָט זי אָנגעהויבן אויף אַזאַ שטייגער: „פּערזענלעך גליק איז יאָ דאָ, אין אַלע אומשטענדן. דאָס האָט נישט צו טאָן מיט אָרעם אָדער רייך, מיט קאַפּיטאַליזם אָדער סאָציאַליזם. פּערזענלעך גליק פאַרן מענטש איז מער ווי אַלץ; דאָס איז דאָס לעבן אַליין״.

„דו מיינסט דאָך אַוודאי ליבע, מאַמע?״

„יאָ״. זי האָט געברענגט אַ סך ביישפּילן פון פריינד און באַקאַנטע, פון זיינע ביידע שוועסטער און דעם ברודער (אַלע דריי יינגער פון אים) און פון זיך אַליין און דעם פאָטער זיינעם. און זי האָט אים פאַרזיכערט: „גלייב מיר, ביינישׂ״...

„איך ווייס, מאַמע, איך ווייס״. ער האָט נישט אָפּגעלייקנט, אַז ס׳איז פאַראַן פּערזענלעך גליק און אַז דאָס איז זייער וויכטיק. „אָבער״ — דערמיט האָט ער פאַרענדיקט — „דערווייל איז דאָס נישט מעגלעך. אינעם איצטיקן מאָמענט, ווען דער מענטש האָט טאַקע פּשוט נישט קיין עסן״...

זי האָט אים איבערגעשלאָגן: „אָבער דו האָסט עסן, דו קענסט האָבן מער ווי עסן. און ביי דיר איז ליבע אַ גרויסע זאַך, אפשר דער עיקר״. ווי אַ באַווייז, אַז זי קען איר זון און איז זיך נישט טועה, האָט זי געברענגט אַלס ביישפּיל זיך און דעם פאָטער זיינעם: „דו ביסט געראָטן אין מיר און אין טאַטן; און מיר ביידע״... אירע גרויסע, שוואַרצע און נאָך אַלץ לייכטנדיקע אויגן האָבן זיך איצט אַזוי צע־בליצט און דאָס נאָך אַלץ פאַרפירערישע און נאָך אַלץ יונגע פּנים האָט זיך אַזוי־

צעשיינט און צעשמייכלט, אַז באַריס האָט אַ טראַכט געטאָן: „מ׳קען זיך אין איר נאָך אַלץ פאַרליבן״... נו, האָט די מאַמע גענומען רעדן צו איר זונס פאַרוווּנדעט האַרץ: אַז די סאָציאַליסטישע אידעע, פאַר וועלכער ער איז זיך אַזוי מקריב, האָט פון די אַלע חברטעס זיינע געמאַכט... זי האָט דאָס וואָרט נישט געקענט ברענגען איבער אירע ליפּן און געזאָגט: „דו ווייסט וואָס איך מיין... זיי לייקענען דאָך גאָר אין גאַנצן אין ליבע, זאָגן אַז ליבע איז נישט מער ווי... דאָס וואָס זיי טוען אַצינד אַלע. דאָס מיידל... די חברטע, אין וועלכער דו האָסט דיך פאַרליבט און״...

באַריס האָט איבערגעשלאָגן דער מוטער: „וועלכע חברטע? ס׳אַראַ מיידל?״.

זי האָט אים אָנגעקוקט טריומפירנדיק, ווייל זי האָט געזען אַז זי האָט געטראָפן וואָס זי האָט לאַנג שוין געגלייבט און מיט אַ שמייכל, אין וועלכן ס׳איז אָבער געווען מוטערלעכער שמערץ, האָט זי אים געזאָגט: „דו ווייסט וועלכע איך מיין: פאַניע גאָטליבס — ער האָט אַ טריקאָטאַזש־פאַבריק — טאָכטער. ער איז אַ פרומער. מ׳רופט אים אויך ר׳ אפרים. זי הייסט אַדאַ, חברטע אַדאַ. אַזוי רופסטו זי. און אויך די אַנדערע חברים דיינע, וועלכע קומען צו דיר אָפט אַהער״. מער האָט זי נישט געזאָגט. זי איז שוין געווען גענוג איבערצייגט, אַז אַלץ וואָס זי האָט ביז איצט אָבסערווירט און אויסמאַרקירט לויט איר שכל, שטימט גאַנץ גענוי. זי האָט דאָס אַלץ דערקענט אין זיין פרעגן זיך: „וועלכע חברטע? ס׳אַראַ מיידל?״ביים דערמאָנען דעם נאָמען „אַדאַ״ האָט זי אויפגעכאַפּט, ווי דעם זונס רעכטע זייט פון דער אונטערשטער ליפּ (און דאָס קין אויף דער זעלבער זייט) האָט אַ קליינ־טשיקן ציטער געטאָן. ער האָט דאַן געמאַכט אַ תמעוואַטע פּנים און געצויגן מיט די אַקסלען. דאַן האָט ער גענומען שמייכלען און געזאָגט צו דער מוטער: „מאַמו־שאַ... דו זעסט אין יעדן יונגן מענטש, אַז ער (אָדער זי) איז פאַרליבט. ווייסטו פאַר וואָס? — ווייל דו האָסט תמיד נאָר דיך אין זינען, ווייל דו טראַכסט שטענ־דיק נאָר פון ליבע״. ער האָט גענומען שפּאַסן: „ביסטו נאָך אַלץ פאַרליבט?״...

ס׳גלעקל ביי דער טיר האָט גענומען קלינגען. „דאָס איז וואַצלאַוו! האָט באַ־ריס אויסגערופן און געוואָלט גיין עפענען. נאָר מאַדאַם זילבער האָט זיך געפע־דערט: זי האָט געעפנט די טיר, אַריינגעבעטן דעם גאַסט און איז אַוועקגעגאַנגען.

4

באַריס האָט נישט געהאַט קיין פאַריבל אויף דער מוטער, דערפאַר וואָס זי האָט געמיינט אַז מיט אַזאַ מיטל — נישט קיין שיינס און באמת ווייבלעך מיטל — וועט זי אים פאַרמיאוסן דעם סאָציאַליזם און אים מאַכן פאַר אויס סאָציאַליסט. ער האָט איראָניש געשמייכלט און געטראַכט: „אָרעמע מענטשן. אַלץ איז ביי זיי בלויז פּערזענלעך, אַפילו די אידעע, דער אידעאַל״. אין קאָרידאָר האָט דער חבר וואַצלאַוו אים אויסגעשטרעקט די האַנט. אָבער ער האָט זי נישט גענומען. נאָר דאָס איז נישט פאָרגעקומען צום ערשטן מאָל. דאָך, כמעט יעדעס מאָל איז וואַצלאַוון איינגעפאַלן די דאָזיקע דריי דערקלערונגען מיט אַ מאָל: אַז דער חבר באַריס האַלט נישט צופיל פון מוזן געבן די האַנט ביים באַגריסן זיך; מסתמא ווייל דאָס איז אַן אויסדרוק פון סענטימענטאַלקייט און ער האָט דאָס נישט ליב. אָדער אפשר ווייל

ער זעט נישט: ער איז דאָך קורצזיכטיק. „ס'קען אָבער אויך זיין" — האָט ער צו זיך געזאָגט — „אַז דאָס גראָד, וואָס איך האַלט אַזוי פּאַר אוממעגלעך, איז די סיבה פון זיין נישט געבן מיר אַזוי אָפט די האַנט: אַדאַ"... און פאַרט האָט ער דאָס נישט געקענט צולאָזן אין זיין געדאַנק און יעדעס מאָל זיך כמעט געזידלט דערפאַר: „דאָס איז נישט מעגלעך! דער חבר באַריס איז דאָך נישט קיין ראָמאַנ־טיש בחורל, עפּעס אַ פאַרליבט גימנאַזיסטל! אַן „אָטעלאָ" איז ער אַוודאי און אַוודאי נישט!" ווידער האָט ער באַשלאָסן דאָס זעלבע וואָס ער האָט שוין אַזויפיל מאָל אָנגענומען פאַר זיכער: אַז דער חבר באַריס איז אין דער חברטע אַדאַ „פאַר־ליבט", ווי ער, וואַצלאַוו, איז „פאַרליבט אין איר, ווי נאָך אַנדערע חברים זענען אין איר „פאַרליבט"... „פאַרליבט"... ביי אַזאַ „ליבע" איז נישטאָ קיין אייפערזוכט. יעדער איינער...

אין דער העלקייט פונעם בחורישן צימער, אין וועלכן ס'זענען געווען אָנגעוואָרפן ביכער פון יוריספּרודענץ, אָבער מער נאָך פון סאָציאַל־עקאָנאָמיע און פּאָ־ליטיק, און חוץ אַלערליי צייטונגען און זשורנאַלן, האָט וואַצלאַוו באַמערקט אַ פאַר־לעגן אומבאַהאָלפן שמייכלען אויפן חבר באַריס' פּנים. „אַ גאַסט אויף אַ ווייל זעט אויף אַ מייל" — האָט ער זיך גענומען וויצלען. „דיין מאַמע האָט דאָ מיט דיר אַוודאי שוין ווידער גערעדט וועגן תכלית: וועגן אַ שידוך טאָן, חתונה האָבן".

וואַצלאַוו האָט געזען, אַז ר'האָט געטראָפן (ווייל באַריס האָט ווייטער אַזוי גע־שמייכלט פאַרלעגן און אומבאַהאָלפן) און גענומען דערציילן — און נאָכמאַכן אויף אַ קאָמישן אופן, ווי זיין מוטער רעדט צו אים וועגן אַזעלכע זאַכן: „וועלוול לעב, זאָגט זי, ווי לאַנג נאָך וועסטו דאַוונען בלויז אין אַ לייבצודעקל? ווען וועסטו שוין חתונה האָבן און דאַוונען אין אַ טלית? זאָג איך איר: מאַמע טייערע! פאַר וואָס זאָלסטו זאָגן צוויי ליגנס מיט איין מאָל? זי אָבער מאַכט זיך נישט וויסנדיק און פרעגט גאַנץ דערשטוינט: ס'אַראַ צוויי ליגנס? זאָג איך איר: מאַמע... האָסטו דען נישט באַמערקט, אַז איך גיי נישט אין קיין לייבצודעקל? דאָס איז ערשטנס. און צווייטנס: ווען האָב איך דען אַ מאָל געדאַוונט? ענטפערט זי מיר דערויף: גיי, גיי. פון וואַנען זאָל יאָך וויסן אַז דו גייסט נישט אין קיין לייבצודעקל? דו האָסט דיך ליב צו באַרימען אַז דו ביסט נישט קיין ייד און גלייבסט נישט אין גאָט. אָבער דו ביסט אַ ייד, דערצו נאָך זייער אַ גוטער ייד, און...ביים צווייטן האָט זי גענומען דרייען אַהין און אַהער און זיך אַרויסגעדרייט: יעדער מענטש גלייבט אין גאָט אויף זיין אופן. זאָג איך איר: אמת, מאַמע לעב. אַ ייד בינעך און יעדער מענטש... נאָר לאָמיר דאָס אָפּלאָזן. איז זי מסכים און קערט זיך אום צו ס'איריקע: פאַר וואָס־זשע האָסטו נישט חתונה? ענטפער איך איר: ווייל כ'האָב נישט קיין כלה; קיין איין מיידל וויל נישט מיט מיר חתונה האָבן. נעמט זי לאַכן: קיין איין מיידל טאַקע נישט, אָבער... שלאָג איך איר איבער: הונדערט יאָ... זי האָט דאָס פאַרשטאַנען, אָבער זיך נישט וויסנדיק געמאַכט. אַ יידענע ווי אַלע די דאָזיקע יידענעס, דאָס רעכטע און געדעכטע פונעם פאָלק. דו קענסט זי דאָך. יאָ פרום און נישט פרום. האָרעוועט, הונגערט,ליידט איר גאַנץ לעבן, אָבער פאַרלירט קיין מאָל נישט איר געזונטן פאָלקס־הומאָר און ווילן צום לעבן. אַזוי איז מיין טאַטע דער גלעזער. דו קענסט דאָך אים. נאָר מיר איז אין דער היגזיכט לייכטער

זוי דיר. איך זאָג מיינע עלטערן: ווי קען מען חתונה האָבן, אַז ס'איז נישטאָ אַפילו קיין האָפענונג אויף אַרבעט און ס'וועט ווערן נאָך ערגער".

„יאָ די אַרבעטלאָזיקייט". דאָס האָט דעם חבר באַריס אַרויסגעריסן פון זיין פערזענלעכער וועלט, אין וועלכער ער איז דורך די עלטערן פריער אַריינגע־דרענגט געוואָרן און וועלכע ער האָט געהאַלטן פאַר אַ טפל און זיך געווערט אָפּ־צוגעבן פאַר איר אַפילו איין מינוט. זיין מוח האָט זיך גענומען באַשעפטיקן מיט דער אַרבעטלאָזיקייט אין לאַנד. וועגן דעם איז איצט געקומען דער חבר וואַצ־לאַוו (און ס'דאַרפן קומען נאָך עטלעכע חברים) זיך דורכרעדן וועגן דעם דאָזיקן פּראָבלעם. ס'איז אַן ערנסטער ענין, נישט בלויז אַן עקאָנאָמישער, נאָר מער נאָך אַ פּאָליטישער. אים, באַריסן — און די אַנדערע חברים — באַשעפטיקט דער ענין אַרבעטלאָזיקייט אַמשטאַרקסטן. די פירערס פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי האָבן פון דער ערשטער רגע אָן ווי נאָר די אַרבעטלאָזיקייט האָט גענומען שטייגן, דערקענט אַז דאָס איז אַ שטאַרק געווער, אפשר דאָס שטאַרקסטע פאַר זייער פּאָ־ליטיק. מ'טאָר דאָס געווער נישט אַרויסלאָזן פון האַנט. ריכטיקער: מען מוז עס ערשט ריכטיק נעמען אין דער האַנט אַריין. ס'איז אַ גליקלעכער מאָמענט, וואָס וועט אַזוי גיך נישט אויפהערן. פאַרקערט: די אַרבעטלאָזיקייט וועט ווערן אַלץ גרעסער, וועט וואַקסן קוואַדראַטיש, ווי ס'איז דער סדר פון קאַפּיטאַליזם. די קליי־נע ספּאָנטאַנע שטרייקן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן — אויף צו להכעיס דער פּ.פּ.ס. און בונד — זענען סיגנאַלן...

אָבער נאָך עטלעכע ווערטער מיטן חבר וואַצלאַוו וועגן דאָזיקן ענין, איז דער חבר באַריס ווידער אַריינגעפאַלן אינעם רייסנדיקן שטראָם פון זיין פּערזענלעך אינטימער וועלט, וואָס איז פאַר אים געווען בלויז אַ טפל און ער האָט זי שטענ־דיק פון זיך אָפּגעשטויסן. ער האָט אַ קוק־געטאָן אויפן זייגער און געזאָגט: „די חברטע אַדאַ האָט שוין באַדאַרפט דאָ זיין".

וואַצלאַוו האָט אַ זאָג געטאָן מיט אַ טאָן פון פיל באַדייטנדיקייט: „די חברטע אַדאַ"...

„זי איז תמיד אַ פּינקטלעכע".

„געווען".

פאַרטראַכט און אַ ביסל מעלאַנכאָליש (וואָס איז נישט געווען זיין טבע) האָט באַריס מסכים געווען: „אין דער לעצטער צייט איז זי טאַקע נישט מער אַזוי פּינקטלעך".

„צייט זי האָט זיך באַקענט מיט דעם יונגן אַדוואָקאַט, מיט דעם באַנקירס זון". וואַצלאַוו האָט דאָס געזאָגט מיט אַ געוויסער פאַרביטערונג. אָבער ער האָט זיך גלייך געכאַפּט (אפשר ווייל ער האָט דערפילט דעם חבר באַריס אַ פאַר־ווורפפולן, אָדער גאָר פאַרשעמישן בליק) אַז דערין קלינגט פּערזענלעכס. זיך אַרויסצודרייען, האָט ער גענומען קיבעצן: „זי האָט אין דעם יונגן — און טאַקע שיינעם — אַדוואָקאַט דערשנאַפּט אַ וויכטיקע קראַפט פאַר דער פּאַרטיי, און דע־ריבער... אַ נאַז האָט זי, זי דערפילט אין אַ מענטש גלייך, אויב ער האָט אַ ווערט פאַר דער באַוועגונג, אויב מען וועט אים קענען אויסנוצן... גלייך ווי זי האָט דעם יונגן אַדוואָקאַט דערזען דעמאָלט אין דער קאַוויאַרניע"... ווידער האָט ער

דערפילט — איצט שוין קלאָר געזען — דעם חבר באָריס פאַרשנדיקן בליק און געטאָן דאָס זעלבע: זיך געוגומען בויערן מיט זיין בליק אין אים.

איינער אינעם אַנדערן האָט געזוכט דאָס זעלבע, וואָס איז דאָך נישט געווען דאָס זעלבע. באָריס האָט געוואָלט וויסן: איז וואַצלאַוו אויך פאַרליבט אין דער חברטע אַדאַ, אַזוי ווי ער איז? ער האָט דערויף נישט געקענט ענטפערן גאַנץ קלאָר, ווייל וואַצלאַווס אויגן זענען אַצינד געווען שעלמישע. די דאָזיקן שעלמיש־קייט האָט באָריס געקענט פאַרשטיין אויף פאַרשידענע אופנים. איינס אָבער איז אים אין דער שעלמעריי פון וואַצלאַווס שמייכלענדיקע אויגן אַצינד קלאָר גע־וואָרן: אַז וואַצלאַוו ווייסט פון זיין ליבע צו דער חברטע אַדאַ און טראַכט זיך דערביי: „דו, חבר באָריס, ביסט פאַרליבט אין איר; מיך אָבער ליבט זי, כאָטש איך בין נישט קיין סטודענט, נאָר בלויז אַן אַרבעטער, אַ מאַסאַזשניק און מאַך בלויז מעשענע טיילן פון לאָמפּן". באָריס האָט זיין ביטערן גורל פאַר ליב־געוגומען, ווייל ער האָט געהאַלטן, אַז אַ פרוי דאַרף פאַרציִען אַ שטאַרקן מאַן און וואַצלאַוו איז אַ געזונטער, אַ זייער קרעפטיקער, אַ סך שטאַרקער פון אים. לויט אים איז אויסגעקומען אַז אין דער ליבע אַנטשיידט — און זאָל אַנטשיידן — די פיזישע קראַפט און נישט דער גייסט. וואַצלאַוו ווידער האָט מיט זיין בויערן זיך אינעם חבר געוואָלט אַרויסקריגן: גיט זיך די חברטע אַדאַ באָריסן יאָ אָפּ, אָדער פירט זי אויך אים בלויז נאָר ביי דער נאָז? לויט זיין מיינונג האָט זי זיך באָריסן יאָ אָפּגעגעבן, ווי זי האָט זיך אָפּגעגעבן דעם אינזשעניער ליסעק, דעם שרייבער יעזשערסקין, דעם דענטיסט קרולעווסקין און נאָך אַנדערע אינטעליגענטן. יעדן ציט צו ס׳זייניקע. זי איז פון אַ בירגערלעכער, רייכער היים און האָט געענדיקט עטלעכע קלאַסן האַנדלס־שולע. איצט איז עס ווידער דער שיינער אַדוואָקאַט. מיט אים וועט זי אפשר גאָר חתונה האָבן.

בלויז צוויי זאַכן איז קיין איינעם פון זיי נישט איינגעפאַלן: אַז פאַר דער פרוי איז די ליבע דאָך אַנדערש ווי פאַרן מאַן און אַז אין דער חברטע אַדאַ זענען זיי זיך פולשטענדיק טועה.

וואַצלאַוו האָט דערמאָנט באָריסן: „געדענקט איר נאָך, ווי זי האָט דעמאָלט דעם אַדוואָקאַט ווײַס?... ניין, איר האָט דאָס נישט באַמערקט. איך אָבער האָב דאָס זייער גוט געזען: ווי זי האָט אים ביים געבן די האַנט, איינפאַך"... ער האָט דערביי, נישט ווילנדיק, אויף אַ ווולגאַרן אופן אַ ווונק געטאָן מיט אַן אויג. נאָר ווידער האָט ער זיך דערביי גלייך אַרויסגעדרייט: „איך מיין... זי האָט אים איינ־פאַך אַריינגעקריגן אין דער באַוועגונג. קיין מיטגליד אין דער פאַרטיי וועט ער נישט ווערן, קיין מאָל נישט, דאָס ווייס איך געוויס, און איר קענט אייך אויף מיר פאַרלאָזן; אַ ביסל מענטשנקענטעניש האָב איך, דאָס ווייסט איר".

באָריס האָט מסכים געווען: „דאָס איז ריכטיק. אָבער דער אַדוואָקאַט ווײַס איז אַן ערלעכער אידעאַליסט, אַן עטישער סאָציאַליסט פון דער ריינסטער און העכסטער קוואַליטעט. ער וועט פאַר דער פאַרטיי געוויס קענען טאָן אַ סך — נישט זייענדיק קיין מיטגליד. ער טוט שוין איצט וואָס מען פאַרלאַנגט פון אים, וואָס ער קען טאָן. בלויז"... ער האָט זיך געריבן די הענט און נישט געוווּסט ווי אַזוי אָנצוהייבן דאָס וואָס ער האָט געוואָלט אַרויסברענגען. „איך מיין... מ׳וואָלט איצט אפשר דאָך באַדאַרפט אויף וועלכן ס׳איז אופן באַרירן דאָס פּראָבלעם פון

דער ליבע, איך מיין... דאָס סעקסועל פּראָבלעם, וואָס האָט זיך געשאַפן אין די פּראָלעטאַרישע רייען".

„באַהאַנדלען דאָס דאָזיקע פּראָבלעם?" וואַצלאַוו האָט אים אָנגעקוקט דער־שטוינט: „איצט? דאָס פּראָבלעם איז לויט מיין מיינונג — אייגנטלעך לויט אייערע פּאָר עטלעכע חדשים — שוין גענוג באַהאַנדלט געוואָרן און שוין געלייזט. אַי עפּנטלעך איז די דאָזיקע פּראַגע דיסקוטירט געוואָרן, אַי יעדער חבר און יעדע חברטע האָט זי פּערזענלעך — יעדער פאַר זיך — געלייזט. און בכלל — ס'איז דאָך אַ פּריוואַטער ענין. אין רוסלאַנד האָט דער חבר לענין אַליין... איר ווייסט עס דאָך, חבר באָריס, איר האָט דאָך גענוג געלייענט ווי די חברים אין רוסלאַנד האָבן זיך אַרויסגעזאָגט וועגן דעם, ווי די חברטע קאָלאָנטאַי..."

באָריס האָט צוגעגעבן: „געוויס. נאָר... איך מיין... דאָס, וואָס אין רוסלאַנד האָט זיך אייגנטלעך שוין אָנגעהויבן אַ קעגנשטראָם; דאָס וואָלט מען איצט באַ־דאַרפט אויך ביי אונדז... איך פּערזענלעך"... ער האָט זיך פאַרטראַכט אַ מינוט.

וואַצלאַוו האָט גערעדט צו זיך, ווי פאַרזונקען אין געדאַנקען: „גיי ווייס ביי איר אַ טאָלק: ווו ס'איז ביי איר ליבע, בלויז סעקסואַליטעט, אָדער גאָר... אויפן דאָזיקן אופן אַריינצוקריגן פאַר דער פּאַרטיי"...

באָריס האָט זיך אויפגעכאַפּט פון דער פאַטראַכטקייט: „וואָס?

„גאָרנישט"... וואַצלאַוו האָט גערעדט גלייכגילטיק: „פּרויען — טאַקע שיינע און קלוגע, פאַרשטייט זיך, האָבן שטענדיק אין אַלע צייטן און ביי אַלע קלאַסן געטאָן דאָס זעלבע: זיי האָבן געאַרבעט פאַר אַ רעזשים, פאַר אַ געוויסער פּאָלי־טיק, אָדער בלויז פאַר אַ געשעפטס־פירמע — מיט... ליבע. אָפט האָבן זיי מיט זייער ליבע דערגרייכט מער ווי גרויסע פּאָליטיקערס מיט זייער דיפּלאָמאַטיע. די חברטע אַדאַ איז זייער קלוג און איבערגעגעבן דער פּאַרטיי מיט לייב און לעבן. מ'קען זיך אויף איר פאַרלאָזן. אַט קומט זי טאַקע, און אַוודאי מיטן אַדוואָקאַט!"

5

באָריס האָט געעפנט די טיר. נאָר געקומען זענען גאָר די חברטע כעליאַ מיט „איר יוזשעק". „איר יוזשעק"... דאָס איז געווען וואַצלאַווס שפּאָטנדיקער סאַרקאַזם, ווייל די חברטע כעליאַ האָט דעם חבר שטשעלקאָווסקי, ביים גיין מיט אים, אַזוי געהאַלטן אונטערן אָרעם, ווי זי וואָלט דערמיט געוואָלט זאָגן: „ער איז מיינער!" ווען זי איז געזעסן לעבן אים — ביי פריינד אָדער פאַרזאַמלונגען — איז אויסגעקומען ווי זי וואָלט געוואָלט צו אים צוגעקלעפּט, אָדער גאָר צוזאַמענגע־וואַקסן מיט אים. זייער אָפט האָט זי פּלוצלינג אים אַרומגעכאַפּט און גענומען קושן צווישן מענטשן. דאָס האָט זי געטאָן אויך איצט: נאָכן באַגריסן זיך מיט די צוויי חברים, האָט זי אַרומגעכאַפּט איר יוזשעקן און אים געקושט. ער האָט זי אויך געקושט. דאַן האָט ער זיך פאַרענטפערט פאַר די חברים: „איר מוזט דאָס פאַרשטיין; מיר מוזן זיך אָפּנעמען פאַר דער גאַנצער צייט וואָס מיר זענען נישט געווען צוזאַמען". ער האָט אָנגעזאָגט די גוטע בשורה אַז ער האָט באַקומען אַרבעט, וואָס איז אין יענער צייט, באַזונדערס ביי זיין פאַך, געווען גאָר שווער

צו קריגן. „נאָך שענער איזס", האָט ער זיך באַרימט, „וואָס די אַרבעט האָבעך באַקומען דורך דער פּראָטעקציע פון מיין קוזין, דעם חבר גרעגאָר, דער פּאָלי־טישער קאָמיסאַר איצט, פּאַרוואַלטונגס־מיטגליד פון אַ טוץ פּ.פּ.סישע קאָמיטעטן! און ווייסט איר ביי וואָס פאַר אַ בוי־אַרבעט? — ביי בויען קאָאָפּעראַטיווע הייזער פאַר פּ.פּ.סישע מיטגלידער; נאַטירלעך באַנצעס". מיט נאָך אַ גרעסערער פרייד האָט דערציילט די חברטע כעליאַ: „און אין די קאָאָפּעראַטיווע הייזער וועלן מיר קריגן אַ דירה! ענדלעך אַן אייגענע דירה, אַ היים!" זי האָט דערמיט פאַרראַטן איר קליינבירגערלעכע לעבנס־איינשטעלונג. דער חבר שטשעלקאָווסקי האָט דער־פילט, אַז ביי די חברים האָט כעליאַס פרייד וועגן אַן אייגענער דירה, אַ היים, אַרויסגערופן אַ שווייגנדיקע קריטיק און דעריבער געזאָגט: „חברים! קאָמוניזם מיינט נישט דאָס אויפגעבן פּערזענלעכע באַקוועמלעכקייטן, פּערזענלעך גליק. אַדרבא; אַפילו לוקסוס. דער פּראָלעטאַריאַט זאָל שטרעבן צום גרעסטן לוקסוס און זען עס צו דערגרייכן!"

באַריס און וואַצלאַוו האָבן מסכים געווען: „געוויס". באַריס האָט מוסיף געווען: „דער ציל פונעם קאָמוניזם איז נישט אָפּצושאַפן די פרייד און דאָס גליק, די באַקוועמלעכקייטן און די שיינקייטן אינעם לעבן, נאָר צו זען אַז יעדער אַרבעטער און יעדע אַרבעטערן זאָל עס האָבן".

נאָך עטלעכע מינוט זענען געקומען די חברטע אַדאַ מיט אַדאַמען, ביידע שיִער אַזוי צוזאַמענגעוואַקסן אָדער צוגעקלעפּט איינער צום אַנדערן און גליק־לעך, ווי דאָס פּאָרל כעליאַ מיט יוזשעקן. ביידע פּאָרלעך האָבן ביים באַגריסן זיך, זיך שטאַרק געפרייט. באַריס און וואַצלאַוו האָבן דער חברטע אַדאַן און אַדאַמען געגעבן חבריש די האַנט, אָבער נישט מער. יוזשעק האָט ביים לאַנגן און פעסטן דריקן אַדאַמס האַנט, אים ווידער דערמאָנט, שוין צום דריטן אָדער פערטן מאָל: „געדענקט איר אונדזער ערשטע באַגעגעניש ביי מיין קוזין? איך האָב אייך דעמאָלט געזאָגט, אַז מיר וועלן זיך ווידער זען"...

אַ כמורנער האָט דער חבר באַריס איבערגעריסן דאָס פּריוואַטע ביי די חברים און געמאָלדן: „אויפן חבר ליכטענבערג און אויפן חבר פרידמאַן וועלן מיר מער נישט וואַרטן. קומען וועלן זיי געוויס".

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַראַטונג, ווי אַזוי אויסצונוצן די אַרבעטלאָזיקייט.

## קאַפּיטל דריי און צוואַנציק

# דער קליינער קעמפער

### 1

די אַרבעטלאָזיקייט איז געוואַקסן. יעדן חודש, יעדע וואָך, כמעט יעדן טאָג איז די צאָל אַרבעטלאָזע געוואָרן גרעסער. ווי אַ ריזיק גרויסער גרוב, אין וועלכן ס'ווערן אַריינגעוואָרפן זוי מיסט שיינע, גוטע און נוצלעכע זאַכן, ווייל מען וויל זיי מער נישט האָבן צוליב עפּעס אַ בייזן קאַפּריז, אַזוי איז געווען עפּעס אַ מין

גרוב צעשפּרייט איבער די שטעט און שטעטלעך פונעם לאַנד, אין וועלכן ס׳האָבן זיך געמערט די אַרויסגעוואָרפענע פון די פאַבריקן, ווערקשטאַטן, געשעפטן און אַנדערע אַלערליי אונטערנעמונגען. מענער און פרויען אין דער פולער קראַפט פון קענען שאַפן דורך זייער אַרבעט אַלץ וואָס איז נייטיק פאַר זיי און פאַר אַנדערע צום לעבן און צו קענען געניסן די פרייד און דאָס גליק פונעם לעבן, מענטשן אין די יאָרן ווען מ׳האָט שוין יעדע דערפאַרונג, געניטקייט און מסוגל־דיקייט צום אַרבעטן, מענטשן אין די מיטעלע יאָרן און אויך יונגע מענטשן וואָס האָבן געלערנט און זיך געגרייט צו אַרבעטן און צו שאַפן פאַר זיך און פאַר דער געזעלשאַפט, וואָס האָבן בלויז אין דער אַרבעט אַליין שוין געזען גליק און פרייד — אַלע זענען זיי אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין דאָזיקן גרוב, ווי אָפּפאַל צום פוילן.

אין דאָזיקן גרוב האָט חדשים־לאַנג זיך שוין געפונען אויך בנימין. ער האָט קיין שום אַרבעט מער נישט געקענט קריגן. גרייט געווען איז ער צו טאָן אַלץ, צו אַרבעטן ביי וואָס ס׳זאָל זיך נישט מאַכן, צו טאָן וואָס מ׳וועט אים הייסן און צו נעמען יעדן לוין וואָס מ׳וועט אים געבן. דער לעצטער באַשלוס איז אים נישט אָנגעקומען לייכט, ווייל דאָס האָט באַדייט צו קאָנקורירן מיט אַנדערע אַרבעטערס און אַזויערנאָך אַראָפּזעצן די אַרבעטס־לוינען. דאָס האָט ער, ווי אַן ערלעכער סאָציאַליסט וועלכער ווייסט זיין התחייבות צו זיין קלאַס, נישט געטאָרט טאָן און דעריבער איז זיין באַשלוס געווען אין שטאַרקסטן ווידער־שפּרוך מיט זיין געוויסן. אָבער ער איז איצט שוין געווען גרייט אַפילו צו באַגיין אָט דעם פאַרברעך. נישט דער הונגער האָט אים דערצו געצוווּנגען, נאָר די ליבע צו דער מוטער און צו מאַירלען, דעם יִינגערן ברודער; זייער הונגער האָט ער נישט געקענט צוזען און אויסהאַלטן. און זיין אַחריות פאַר דער קראַנ־קער מאַמען.

אָבער ער האָט קיין אַרבעט נישט געפונען, אַפילו נישט פאַר קיין פונט ברויט אַ טאָג. יענע צייט ווען ער איז אָנגעקומען קיין וואַרשע, ווען אַפילו דער קליינער מאַירל האָט באַקומען אַרבעט — יענע צייט איז לאַנג שוין אַוועק. דעמאָלט האָט מען אַפילו קינדער צוגענומען אין פאַבריקן, וווּ מ׳האָט טאָג און נאַכט געשאַפן פאַרן צעשטערן און פאַרניכטן; אַצינד שטייען די פאַבריקן שטיל, מ׳דאַרף נישט מער קיין אַרבעטער. אין פרידנסצייט — פאַר הענט וואָס ווילן בויען — פאַר זיי איז קיין אַרבעט נישטאָ. בנימין האָט געטראַכט, אַז ווען ער וואָלט געווען אַ באַלמעלאָכע, ווען ער וואָלט געקענט עפּעס אַ פאַך, וואָלט ער אפשר — ווי אַ סך אַנדערע באַלמעלאָכעס דערווייל נאָך — געקענט קריגן אַרבעט כאָטש עטלעכע טעג אַ וואָך, אָדער האַלבע טעג, צי בלויז שעהן. ער האָט אָבער קיין שום פאַך נישט געקענט. ווען האָט ער געזאָלט לערנען? אייגנט־לעך איז ער נאָך אַצינד אַפילו געווען גאַנץ יונג. לויטן וווּקס און די שמאַלקייט פון זיין גופל האָט ער אויסגעזען כמעט ווי אַ קינד נאָך. לויט זיין ערנסט און פאַרזאָרגט פּנים, לויטן טרויער, צער און די גייסטיקייט אינעם אויסדרוק פון זיין פּנים, באַזונדערס אין די אויגן — נישט בלויז אַ דערוואַקסענער, רייפער מענטש, נאָר אַ זקן. אפשר האָט ער דערפאַר נישט געקענט קריגן קיין אַרבעט, קיין שום באַשעפטיקונג? טאָג־אויס און טאָג־איין, פון דער פרי ביז אין דער־

נאָכט אַריין, איז ער אַרומגעגאַנגען זוכן אַרבעט. אין טייל גרויסע פאַבריקן, ווו ס׳אַרבעטן געוווּנג נישט קוואַליפיצירטע אַרבעטער, האָבן די באַאַמטע אין די ביוראָס, צו וועלכע בנימין האָט זיך געווענדט וועגן אַרבעט, אים אָפּגעמאָסטן מיט ביטול און אָנגעשריגן: „אין שול אַריין גיי, דו סמאַרקאַטש!" ס׳זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געקוקט אויף אים מיט רחמנות און אים באַדויערט. אַזוי, צי אַנדערש איז דער ענטפער געווען: „נישטאָ קיין אַרבעט".

אָבער דעם דאָזיקן ענטפער האָבן דעמאָלט באַקומען טויזנטער און טויזנטער אַרבעטער, שטאַרקע, גרויסע און קרעפטיקע. בנימין האָט געוואָלט ווערן אַ משרת אין אַ געשעפט, אַ שיקייִנגל; אָבער אין די געשעפטן איז געווען דאָס זעלבע ווי אין די פאַבריקן און ווערקשטאַטן: מ׳האָט אָפּגעזאָגט באַשעפטיקטע. דער עקאָנאָמישער קריזיס, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן באַלד נאָך דער מלחמה, האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן. דער קריזיס איז אַריינגעדרונגען אין אַלץ מער און מער צווייגן פונעם עקאָנאָמישן לעבן, ער האָט פּאַראַליזירט אַלץ גרעסערע טיילן פון דער אינדוסטריע, ער האָט געבראַכט אַלץ מער שטילשטאַנד אינעם האַנדל, אינעם הורטאָווּנע און לאַחדים, אינעם עקספּאָרט און אימפּאָרט. בלויז אויף דער געלטבערזע און אין דער שפּעקולאַציע מיט אַלערליי סחורות האָט דער קריזיס קיין שליטה נישט געהאַט.

אַ סך פון די, וועלכע האָבן געליטן פונעם קריזיס און נישט פאַרשטאַנען פון וואַנען ער קומט און פאַר וואָס ער ווערט אַלץ נאָך גרעסער און גרעסער, האָבן זיך געחידושט: די מלחמה האָט צעשטערט טויזנטער דערפער, הונדערטער שטעט, פאַבריקן, הייזער, בריקן, באַנען און וואָקזאַלן; דאָס אַלץ מוז מען דאָך ווידער אויפשטעלן, צוריק אויפבויען. ווען מ׳זאָל דאָס טאָן וואָלט דאָך געווען אַ סך אַרבעט, געוווּנג פאַר יעדן. יעדער מענטש וואָלט פאַרדינט. ער וואָלט דאָס פאַרדינטע געלט אויסגעגעבן, ער וואָלט געקויפט וואָס ער דאַרף. דער פאַבריקאַנט וואָלט דאַן געמאַכט גוטע געשעפטן, דער סוחר, דער קליינער קרעמער, אַלע וואָלטן געווען צופרידן.

זיך געחידושט און אַזוי געדענקט און אַזוי געטענהט האָבן נישט בלויז נאַיִווע מענטשן, נאָר אַפילו קלוגע, אָבער ערלעכע עקאָנאָמיסטן (נישט קיין סאָציאַליסטן). דאָס זעלבע האָט אויך בנימין, אין אַ געשפּרעך מיט יעקבן, נאָכגעזאָגט. דערויף האָט אים דער ברודער געענטפערט: „פאַר דער קליינער צאָל גרויסקאַפּיטאַליסטן לוינט זיך בעסער אַז ס׳זאָל זיין אַרבעטלאָזיקייט און נויט, ווייל דאָס איז דער קוואַל פאַר זייער עשירות און מאַכט".

בנימין האָט דאָס נישט געקענט באַגרייפן און געפרעגט: „ווי אַזוי? לויט מיין שכל קומט אויס פונקט פאַרקערט. אַרבעט איז דאָך קאַפּיטאַל. בלויז אַרבעט באַשאַפט פאַרמעגן און דאָס פאַרמעגן פליסט דאָך אין די קעשענעס פון דער בורזשואַזיע. נויט דאַקעגן פירט צו אויפשטאַנד, צו רעוואָלוציע קעגן זיי".

יעקב האָט געשמייכלט: „דאָס איז ריכטיק, וואָלט געווען ריכטיק, ווען דער מענטש — אין דעם פאַל די קליינע צאָל גרויסקאַפּיטאַליסטן — וואָלטן געדענקט לאָגיש און ווייטזיכטיק. אָבער מענטשן, וואָס דענקען לאָגיש און ווייטזיכטיק, זענען דערוויל בכלל נאָך דאָ זייער ווייניק. אַמווייניקסטנס — אָדער זיי זענען דאָרט אפשר לגמרי נישטאָ בנמצא — זענען זיי צווישן די, וועלכע זענען די

האָרן איבער די רייכטימער פון דער ערד און הערשן אַזויערנאָך איבערן לעבן פון די מיליאָנען. מאַכט, גרויסע מאַכט פאַר עגאָיסטישע צוועקן, פּאַראַליזירט דאָס לאָגישע און וויטזיכטיקע דענקען".

„אָבער דו האָסט געזאָגט" — האָט בנימין נישט אָפּגעלאָזט — אַז פאַר דער קליינער צאָל גרויסקאַפּיטאַליסטן לוינט זיך בעסער ס'זאָל זיין אַרבעטלאָזיקייט און נויט, ווייל דאָס איז דער קוואַל פון זייער עשירות און מאַכט. ווי אַזוי איז דאָס דער קוואַל? און פאַר זיי איז דאָך קודם כל וויכטיק עשירות, מער און מער עשירות, וואָס מיינט מער און מער מאַכט".

„גאַנץ פּשוט" — האָט יעקב געענטפערט — „אַרבעטלאָזיקייט זעצט אַראָפּ דעם פּרייז פון אַרבעט. דאָס איז איינס. דאָס צווייטע איז: „וואָס ווייניקער אויס־געאַרבעטע אַרטיקלען אויפן מאַרק — אַלץ העכער שטייגט זייער ווערט".

בנימין האָט צוגעגעבן: „ריכטיק. אָבער"...

יעקב האָט אים איבערגעשלאָגן: „אין זייער נידערטרעכטיקער דעמאַגאָגיע נוצן די רעאַקציאָנערן אויס די נויט אַלס באַווייז, אַז די סאָציאַליסטן אין דער רעגירונג זענען די שולדיקע".

„יאָ, דאָס איז ריכטיק" — האָט בנימין ווייטער צוגעגעבן. — „איך ווייס וואָס דו ווילסט דערמיט זאָגן: אַז סאָציאַליסטן טאָרן זיך אין אַ קאַפּיטאַליסטי־שער רעגירונג נישט באַטייליקן".

„ריכטיק".

„מיר גייט אָבער איצט אין דעם" — האָט בנימין נישט אָפּגעלאָזט — „וואָס דו האָסט פריִער געזאָגט, אַז... און איך זאָג, אַז רייכטום"...

יעקב האָט ווידער איבערגעשלאָגן זיין יינגערן ברודער: „דאָס איז ריכטיק בלויז פאַר די קלענערע קאַפּיטאַליסטן, פאַרן מיטלשטאַנד. פאַר די גרויסע אָבער — פון דער שווערער אינדוסטריע און באַנק, פאַרן אויסלענדישן האַנדל און גרויסן גרונטבאַזיץ — פאַר זיי איז די אַרבעטלאָזיקייט און די נויט אַ מיטל אַריינצוקריגן אין זייערע הענט די פאַרמעגנס פון די קלענערע, פונעם מיטל־שטאַנד. ס'קומט דאַן פאַר דאָס, וואָס מאַרקס האָט אָנגערופן „קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל".

„איך ווייס דאָס" — איז בנימין געבליבן ביי ס'זייניקע — „אָבער"...

„דו מיינסט, אַז סוף־כל־סוף?"

בנימין האָט אויסגערופן מיט נצחון: „יאָ!"

יעקב האָט געשמייכלט: „געוויס. דער קאַפּיטאַליזם גראָבט זיין אייגענעם קבר. אַזוי האָט מאַרקס געזאָגט. טאָרן סאָציאַליסטן נישט מיטאַרבעטן מיט אַ קאַפּיטאַליסטישער רעגירונג. צוליב אַ סך, אַ סך טעמים: כדי נישט צו שטערן — און אַזויערנאָך פאַרלענגערן — דעם פּראָצעס פון אויסגראָבן דעם קבר, נישט צו פאַרטושן — און אַזויערנאָך פאַראַליזירן — דאָס רעוואָלוציאָנערע באַ־וווסטזיין פונעם פּראָלעטאַריאַט דורך נישטיקע געווינסן".

„פאַר וואָס נישטיקע?" האָט בנימין געפרעגט. ער האָט אויסגערעכנט וואָס דער אַרבעטער האָט אַלץ שוין דערגרייכט דורך זיין באַטייליקן זיך אין דער רעגירונג: דאָס רעכט זיך צו אָרגאַניזירן, די הונדערטער פאַרשידענע אַרבעטער־פאַראייגען, דער אַכט־שעהדיקער אַרבעטסטאָג, אַלערליי סאָציאַלע פאַרזיכערונגען,

העכערע לוינען, פרייהייט פון וואָרט אאַז״וו א״וו. זיין אויספיר איז געווען, אַז נאָר אַזויערנאָך קען דער סאָציאַליזם דערגרייכט ווערן, שטופע נאָך שטופע, דורך אַלץ ווייטערע און גרעסערע רעפאָרמען אויף אַ פּאַרלאַמענטאַרש־דעמאָקראַטישן וועג. יעקב אָבער, דער עלטערער ברודער, האָט ווידער געפּרוווט זיין ייִנגערן ברודער צו באַווייזן, אַז דאָס, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטן ווילן, איז נישט מעגלעך: „קאַפּיטאַליזם וועט זיך נישט לאָזן פאַרוואַנדלען אין סאָציאַליזם, ער מוז פאַרניכטעט ווערן, און דאַן וועט דער אַרבעטער שאַפן סאָציאַליזם. קיינע קליינע געווינסן! וואָס ערגער איז בעסער! „די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע״ — האָט יעקב איינגעטענהט מיט בנימינען — „האָט פאַרראַטן דעם פּראָלעטאַריאַט. זי האָט זיך אָקעגנגעשטעלט דער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע. דעם אַרבעטער האָט זי דאַן צוגעזאָגט, אַז זי וועט נאַציאָנאַליזירן די אינדוסטריע, די בענק און דעם טראַנספּאָרט, זי וועט אָוועקנעמען די ערד פון די פּריצים און צעטיילן די פּויערים. אָבער זי האָט דאָס נישט געטאָן; זי האָט דאָס אַלץ — און דאָס מיינט די מאַכט — צוריק איבערגעלאָזט אין די קאַפּיטאַליסטישע הענט. וואָס קענען די סאָציאַל־דעמאָקראַטן איצט שוין דערגרייכן אין דער רעגירונג פאַר די האָ־רעפּאַשנע מאַסן? זיי גיבן אַלץ מער און מער נאָך די, וועלכע האָבן איצט די פּאַקטישע מאַכט אין זייערע הענט, פאַלן אַלץ נידעריקער אינעם קאָמפּראָמיס, ווערן אַלץ מער קאָרופּט — פאַרוואַנדלען זיך איינפאַך אין אַ ווערקצייג פאַרן קאַפּיטאַליזם. די אַלע דערגרייכונגען, וועלכע דו האָסט פריִער אויסגערעכנט, בנימין: וואַלרעכט, דאָס רעכט צו דעמאָנסטרירן און אַפילו צו שטרייקן און נאָך אַ סך, אַ סך אַנדערע רעכט — דאָס אַלץ איז זאַמד, וואָס מ׳שיט דער מאַסע אין די אויגן. די סאָציאַל־דעמאָקראַטן באַנוצן רעוואָלוציאָנערע פראַזן צום פאַר־בלענדן די אַרבעטער. מ׳שפּייזט די אָרעמע מאַסן מיט שיינע צוזאָגעכצן. ווי זעט אָבער אויס די לאַגע באמת, מיין ברודער?״ — — —

בנימין האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. אַ ווײַלע האָט ער געשוויגן. דאַן אָבער האָט ער יעקבן געשטעלט די פראַגע, וועלכע זיין פּאַרטיי האָט באַנוצט אַלס דאָס בעסטע כלי־זיין קעגן די קאָמוניסטן: „נו, און אין רוסלאַנד? — איז דאָרט בעסער ווי דאָ־היי?״ — — —

דערויף האָט יעקב געענטפערט: „אָבער מיין ליבער בנימין! קען אַ מענטש, וועלכער איז געווען שווער קראַנק און מ׳האָט אים געמאַכט אַ געפערלעכע אָפּע־ראַציע, אַ שעה דערנאָך שוין זיין פולשטענדיק געזונט און קרעפטיק? שטעל דיר דערביי נאָר פאָר, אַז שטאָט הילף פאַרן אָפּגעשוואַכטן, וועלכער האָט ביי דער אָפּעראַציע פאַרלוירן אַן אַ שיִער בלוט, האָט מען זיך גאָר אַרויפגעוואָרפן אויף אים פון אַלע זייטן און מ׳ווערגט אים״.

בנימין האָט געהאַט טרערן אין די אויגן. ער האָט אָבער נישט געקענט מסכים זיין מיט זיין מורה־דרך פון פריִער, צו וועלכן ער האָט נאָך אַלץ אַרויפּ־געקוקט, און מיט ווייטיק אים געפרעגט: „אָבער דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַר־יאַט?״ — — —

„ס׳איז נישטאָ קיין אַנדערער וועג. דאָס קינד, וואָס אַ מאַמע געבערט מיט אַזעלכע גרויסע שמערצן און אין בלוט, קען זי נישט איבערלאָזן אויף הפקר:

זי מוז עס אָפּהיטן און נערן און באַשיצן אַזוי לאַנג ביז עס ברויך זי נישט מער, ביז ס׳איז געוואָרן אַ קרעפטיקער און זעלבשטענדיקער מענטש״.

2

בנימין איז נאָך אַלץ געווען אַ מיטגליד פון דער יוגנט-אָפּטיילונג ביי דער פּאַרטיי. ווען ער האָט בשום אופן מער נישט געקענט קריגן וועלכע ס׳איז פּראָסטע אַרבעט צו קענען פאַרדינען וויפל ס׳איז אויף ברויט, האָט ער באַשלאָסן צו לערנען אַ פאַך. געווען איז אַן אָרגאַניזאַציע, אַ פּראָטעזשירטע פון דער פּאַרטיי פון וועלכער בנימין איז געווען אַ מיטגליד, וואָס האָט פּראָפּאַגאַנדירט אַרבעט און האַנטווערקערײַ. פאַרן דאָזיקן צוועק האָט זי געזאַמלט און באַקומען געלט. זי האָט געהאַט שולן, אין וועלכע מ׳זאָל פאַר אַ קליינעם שכר-לימוד, און אויך אומזיסט, באַקומען אַן אויסבילדונג אין וועלכן ס׳איז פאַך. בנימין האָט זיך געווענדט צו איינער פון די דאָזיקע שולן; אָבער מ׳האָט געפאָדערט פון אים שכר-לימוד און גאָרנישט אַזוי ווייניק. אין גאַנצן אַן געלט? — ניין, אַפילו נישט אַז מען איז אַ יתום. „ווער גיט דיר צו עסן?״ האָט מען אים געפרעגט. „אַז ס׳איז דאָ אויף עסן, דאַרף זיין אויך צו באַצאָלן פאַרן לערנען. די, וואָס האָבן נישט קיין שטיקל ברויט, גייען צו אַ הילפס-אינסטיטוציע — ס׳זענען דאָ גענוג אין וואַרשע — קריגן זיי דאָרט אויך צו באַצאָלן אויף צו לערנען זיך אַ מלאָכה״. אַזוי האָט מען בנימינען געענטפערט אין עטלעכע שולן פון דער דאָזיקער אָרגאַ־ניזאַציע, וואָס האָט זיך קונה שם געווען מיט איר הייליקער אויפגאַבע צו פאַר־שפּרייטן אַרבעט און מלאָכה צווישן ייִדן, און אַז אין אירע שולן קען יעדער, וואָס קען נישט באַצאָלן, קריגן אומזיסטן אונטערריכט.

בנימין האָט זיך געווענדט צו דער פאַרוואַלטונג פון זיין אָרגאַניזאַציע נאָך פּראָטעקציע. אָבער מ׳האָט זי אים אָפּגעזאָגט. מ׳האָט אים געענטפערט, אַז די פּאַרטיי קען אים דערביי גאָרנישט העלפן. אויף בנימינס טענות, אַז עטלעכע חברים האָבן אים געזאָגט: אויב די פּאַרטיי רעקאָמענדירט צאָלט מען נישט, האָט דער חבר, צו וועמען ער האָט זיך געווענדט, דאָס געלייקנט: „ס׳איז נישט אמת. מיר קענען קיין שום רעקאָמענדאַציעס נישט געבן״. מ׳האָט אים נישט געוואָלט העלפן, ווייל מען איז מיט אים נישט געווען צופרידן; ער האָט אין דיסקוסיעס מיט חברים געשטעלט „מאָדנע״ פראַגעס און בכלל אַרויסגעוויזן צו פיל ראַדיקאַליזם אין זיינע אָנשויונגען, געשטערט האָט אים אויך דאָס, וואָס ער האָט געהאַט אַ ברודער אַ קאָמוניסט. האָט בנימין זיך געווענדט צו פאַרשידענע הילפס-אינסטיטוציעס, צו צדקה-חברות, וואָס האָבן אָרעמע יתומים געהאָלפן לערנען אַ פאַך. אָבער אומעטום האָט מען אים געענטפערט, אַז ער וועט מוזן וואַרטן לאַנג ביז ס׳וועט קומען זיין רייע, ווייל סע וואַרטן שוין טויזנטער אַזעלכע ווי ער — וואָס איז געווען אמת.

ווען בנימינס פאַרצווייפלונג איז געווען שוין גאָר גרויס, איז פּלוצלינג גע־קומען די הילף. זי איז געקומען דורך יעקבן. יעקב האָט אין געשפּרעכן מיט זיינע חברים אָפט זיך באַקלאָגט וועגן דער גרויסער זאָרג וואָס זיי ברודער

פאַרשאַפט אים. דערויף האָבן די חברים, כמעט יעדעס מאָל, אים געענטפערט מיט שווייגן, אָדער מיט עטלעכע ווערטער: „יאָ, דאָס איז אַ גרויסע צרה, אָבער בלויז אַ טייל פון דער אַלגעמיינער צרה". טייל האָבן אים געגעבן אָנצוהערן — וואָס ער האָט אַליין אויך געוווּסט — אַז ווען בנימין וואָלט געווען אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וואָלט זי זיך באַמיט אים צו העלפן, ווי זי טוט עס מיט אַ סך פון אירע יוגנטלעכע מיטגלידער. פון דעסטוועגן האָט אַדאַ, ווען יעקב האָט זי געפרעגט, אויב זי וואָלט נישט געקענט פועלן ביי איר פאָטער ער זאָל זיין ברודער אַריינגעמען אין דער פאַבריק, אַז ער זאָל זיך דאָרט אויס־לערנען דאָס פאַך, אים געענטפערט: „כ'וועל פּרוּוון רעדן מיטן אַלטן".

עטלעכע טעג שפּעטער האָט אַדאַ צווישן געטאָן דעם חבר ליכטענבערג, אַז זיין ברודער זאָל אַהינגיין צו איר פאָטער אין דער פאַבריק אַריין. בנימין, אַ דערפרייטער, איז גלייך אַהינגעגאַנגען (כמעט געלאָפן) צו פּאַניע גאָטליבן. דער פאַבריקאַנט, אַ פרומער ייִד, אַ חסיד, האָט דעם אָרעמען יתום — געוויר ווערנ־דיק ביים אויספרעגן אים אַז זיין פאָטער איז געווען אַ סופר — גלייך צוגענומען. דערווייל האָט ער בנימינען אָנגעזעצט ביי אַ רעדל צום שפּולן, אַן אַרבעט וואָס מ'דאַרף נישט לערנען, וואָס אַפילו אַ קינד פון 6־7 יאָר קען טאָן. (און האָבן געטאָן). בנימין האָט אַפילו באַקומען גלייך שכירות, נישט קיין סך באַטיר־לעך, אַזוי פיל, וויפל מ'באַצאָלט געוויינלעך פאַר אַן אַרבעט וואָס קינדער טוען. אָבער בנימינס לאַגע האָט זיך דאַדורך אין פאַרשידענע פּרטים געענדערט צום גוטן. ער האָט באַקומען אַ האָפענונג צו ווערן אַ שטריקער: נישט אַזאַ גוטע מלאָכה; דאָך אַ פאַך, ביי וועלכן מ'קען נישט אין גאַנצן פאַרהונגערן, אויב מ'האָט אַרבעט.

3

ר' אפרים גאָטליב האָט פאַר זיין שטריקעריי געהאַט צווייערליי נעמען: פאַר די סוחרים, וועלכע האָבן ביי אים געקויפט די אויסגעאַרבעטע סחורה און פאַר די, ביי וועלכע ער האָט געקויפט די רויע סחורה (האַלב־פאַבריקאַט) און זיי אָפּט, באַזונדערס אין דער לעצטער צייט, געגעבן וועקסלען; אויך פאַר די בענק און לייי־קאַסעס, ווו ער האָט געבאָרגט געלט — און פאַר די ידידים, צו וועלכע ער איז געגאַנגען נאָך אַ גמילות־חסד — פאַר זיי אַלע האָט זיין שטריקעריי געהייסן פאַבריק. פאַר אַנדערע אָבער, פאַר די אַרבעטער — און באַזונדערס פאַר די שטייער־באַאַמטע — האָט די פאַבריק געהייסן שטריקעריי. ער האָט דערביי שטענדיק מוסיף געווען: מ'שטיינסגעזאָגט. ס'שטייען עטלעכע מאַשינען. די מייסטע רוען. די לייבלעך און די סוועטערס ליגן ווי שטיינער, רירן זיך נישט. נישטאָ קיין קונה, אַפילו ווען מ'זאָל די סחורה אַוועקשענקען". דאָס איז צום טייל געווען אמת. נאָר די „עטלעכע" מאַשינען, אַז מ'האָט זיי איבערגעציילט, איז אַרויסגעקומען צוויי און פופציק. אָבער נישט שטענדיק זענען זיי געווען אין גאַנג, בלויז אין סעזאָן. איצט, אינעם קריזיס, האָבן מער ווי אַ העלפט גערוט און ביי די איבעריקע מאַשינען האָבן די אַרבעטער געהאַט צו טאָן בלויז עטלעכע טעג אין דער וואָך.

ווען בנימין איז אַריינגעקומען אין דער שטריקעריי (אָדער פֿאַבריק) האָט ער ביי איין מאַשין געטראָפֿן זיצן גרשונען. ער האָט זיך מיט אים שטאַרק דער־פֿרייט. גרשון האָט ר' שאול סופֿרס ייִנגל, דעם יתום, אָנגעקוקט מיט זיינע טרויע־ריקע און פֿון פֿיבער גלאַנצנדיקע אויגן און מיט אַ מאַט, שטיל קול געזאָגט: „מ'טרעפֿט זיך. געלויבט השם יתברך. אַבי מען לעבט". אַן אַנדערש מאָל האָט ער פֿאַר בנימינען געלויבט דעם פֿאַבריקאַנט, זיין פֿרומקייט און ייִדיש האַרץ. „כ'וואָלט געוויס געווען אומגעקומען" — האָט גרשון געזאָגט — „ווען ר' אפֿרים וואָלט מיך נישט געווען אַריינגענומען אַהער און מיר געוויזן ווי צו אַרבעטן אויף דער מאַשין. כ'בין טאַקע אַ וועבער, אָבער געאַרבעט האָבעך ביי אַ האָל־צערנער וועב־שטול. ווי אַזוי כ'בין געוואויר געוואָרן פֿון דער דאָזיקער פֿאַבריק? ר' איסר און ר' מרדכי גאָלדבלום דאַוונען ביידע (און לערנען) אין דעם זעלבן „שטיבל", אין וועלכן ס'דאַוונט ר' אפֿרים. זיי האָבן טאַקע איבערגערעדט וועגן מיר מיטן פֿאַבריקאַנט און ער האָט מיך פּשוט געראַטעוועט פֿון אונטערגאַנג. נישט בלויז מיך: מיין וויב און צירעלען — דאָס איינציקע קינד".

„דאָס „שטיבל" איז אין זעלבן הויף ווו מיר וווינען", האָט בנימין זיך געגרויסט. „מיין ברודער יעקב — ער האָט שוין חתונה געהאַט, מיט ר' דוד יואלס אַ טאָכטער — וווינט אויך דאָרט".

ביי אַ צווייטער מאַשין האָט געאַרבעט טוביה. יעדער נייער אַרבעטער האָט זיך מיט אים געמוזט באַקענען. ער איז צוגעקומען צום אַרבעטער און אים געזאָגט: „איך בין חבר טוביה, דער פֿאָרשטייער דאָ פֿונעם פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַראיין". דאָס האָט געמיינט: אים איז איבערגעגעבן געוואָרן אַכטונג צו געבן, אַז ס'זאָלן אין דער דאָזיקער פֿאַבריק אָפּגעהיט ווערן די פֿאָרשריפֿטן וואָס שיצן דעם אַרבעטער, ווי היגיענישע באַדינגונגען, פּינקטלעכקייט פֿונעם אַכט־שעהדיקן אַרבעטסטאָג, לוין אאַז"וו. אויב אַן אַרבעטער האָט וועלכע ס'איז טענה צום אַרבעטסגעבער ווענדט ער זיך צום חבר טוביה. ווערט באַשטימט אַ שטרייק — איז חבר טוביה דער, וועלכער זעט אַז ס'זאָל קיינער דעם שטרייק נישט ברעכן.

בנימין האָט געוווּסט וועגן דעם חבר טוביה, אָבער פּערזענלעך איז ער מיט אים נישט געווען באַקאַנט. ער האָט אים טייל מאָל געהערט דיסקוטירן אין דער קאַוויאַרניע פֿון יעקבס שוועגערן, אַ מאָל אויך ביי פֿאַרזאַמלונגען פֿון דער פּאַרטיי, צו וועלכער דער חבר טוביה האָט פֿריִער געהערט. איצט אָבער איז דער חבר טוביה אַ קאָמוניסט. איז בנימין געווען אין אַ פֿאַרלעגנהייט ווען יענער איז צו אים צוגעקומען. דאָך איז ער געשטאַנען פֿאַר אים מיט דרך־ארץ. „איך קען אייך" — האָט דער חבר טוביה צו אים געזאָגט, פֿריינדלעך אַ דרוק געטאָן זיין האַנט און אים אָנגעקוקט מיט חברישער וואַרעמקייט. „איר זענט דעם חבר ליכטענבערגס אַ ברודער. דעם פֿאַבריקאַנטס טאָכטער האָט מיך געבעטן אייך צו העלפֿן וואָס שנעלער אויסצולערנען דאָס פֿאַך. פֿאַר וואָס נישט?"

נישט געקוקט דערויף, וואָס דער חבר טוביה איז פֿאַר בנימינען געווען אַ פֿאַררעטער פֿון דער פּאַרטיי — אַן איבערגעלאָפֿענער צו די „רויטע" — האָט ער דאָך דערפֿילט צו אים אַ סימפּאַטיע, וואָס איז באַלד איבערגעגאַנגען אין אַ געפֿיל פֿון פֿריינטשאַפֿט. דערפֿאַר האָט בנימין זיך כמעט ווי דערשראָקן, ווי ס'וואָלט זיך דערשראָקן אַ פֿרומער ייִד ווען ער וואָלט זיך געכאַפּט דערביי אַז

ס׳געפעלט אים, למשל, אַ פּרעמדע פּרוי... בנימין האָט אין זיין האַרץ זיך געגע־
מען ווערן קעגן דעם געפיל פון סימפּאַטיע און פריינטשאַפט צו אַ שונא פון
זיין פּאַרטיי. ער האָט דעריבער זיך גלייך אָפּגעזאָגט פון דער הילף וואָס דער
חבר טוביה האָט אים אָנגעבאָטן. אָנווייזנדיק אויף גרשונען, האָט ער געזאָגט:
„דער חבר וועט מיך שוין לערנען דאָס פאַך, ער איז אַ בן־עיר, אַ גאָר ווילער
מענטש, אַן ערלעכער ביז גאָר. און... זענט איר אין דער פאַבריק דער איינצי־
קער פאַרשטייער פונעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין?!״

דער חבר טוביה האָט געשמייכלט. ער האָט געוווּסט — און זיך אַצינד
איבערגעצייגט דערין — אַז דאָס דאָזיקע קליינע, דאַרע יינגל מיט די גרויסע
ערלעכע אויגן, געהערט צו דער „אייזערנער גוואַרדיע״, צו די פאַנאַטיש־ערלעכע
פון דער פאַרטיי זיינער. נאָך אַזוי יונג — און שוין אַזאַ פעסטער כאַראַקטער.
ער וועט נישט פאַרראַטן אויב מען זאָל אים אַרעסטירן. דער חבר טוביה האָט
נאָך אויפמערקזאַמער באַטראַכט דעם קליינעם קעמפער און אים ליב געקריגן.
מיט אַ באַהאַלטענעם שמייכל האָט ער געפרעגט בנימינען: „איר מיינט, אויב
צוזאַמען מיט מיר איז אין דער פאַבריק נישטאָ נאָך אַ פאַרשטייער פונעם פּראָ־
פעסיאָנעלן פאַראיין, איינער, וועלכער געהערט צו דער פאַרטיי צו וועלכער איר
געהערט און אויך איך האָב אַ מאָל געהערט? — ניין, איך בין דער איינציקער
דאָ, געוויילט פון דער מערהייט, פון אַ גרויסער מערהייט אַרבעטער אין דער
פאַבריק. און וואָס שייך יענעם ייִד — דער גרשון — וועט ער אייך גאַרנישט
קענען העלפן; ער וועט אייך נישט קענען לערנען דאָס פאַך. ערשטנס קען ער
עס אַליין נישט צו גוט, און צווייטנס וועל איך אים נישט דערלויבן. דער גרשון
געהערט נישט צו קיין אַרבעטער־פאַרטיי; ער האָט אַפילו נישט געוואָלט ווערן
קיין מיטגליד פונעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. אַ פרומאַק. אַ פינצטערער רעאַק־
ציאָנער. ווען נישט פאַניע גאָטליב — ער האָט אונדז זייער געבעטן — וואָלט
דער גרשון דאָ נישט געאַרבעט״.

4

בנימין האָט קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט: אין דער פאַבריק האָט ער
זיך געמוזט אונטערוואַרפן אונטער דער אויטאָריטעט פונעם חבר טוביה. זיין
אַרבעטסגעבער איז טאַקע געווען ר׳ אפרים גאָטליב, אָבער איבער די אַרבעטער
האָט דער פאַבריקאַנט געהאַט ווייניקער מאַכט ווי דער פאַרשטייער פונעם פּראָ־
פעסיאָנעלן פאַראיין.

ר׳ אפרים גאָטליב, אַ ייִד מיט אַ הדרת פנים און אַ שיינע בלאָנדע באָרד,
אַ בנעימותדיקער מענטש מיט אַ רויִקן בליק אין די תמימותדיקע אויגן, האָט
בנימינען טיילווייז דערמאָנט אינעם פאָטער, טיילווייז אין ר׳ מרדכי גאָלדבלום
און טיילווייז אין ר׳ איסרן. נאָר געווען איז דער פרומער ייִד מיטן הדרת פנים
אַ פאַבריקאַנט ווי יעדער אַנדערער פאַבריקאַנט. בנימין האָט פאַר זיין אַרבעט
נישט באַקומען אַפילו אויף קיין טרוקן ברויט. די אַנדערע אַרבעטער — די
מייסטע באַווייבטע, טאַטעס פון קינדער — האָבן ביי די מאַשינען אַרויסגעיאָגט
פון זיך די נשמה, ווי מ׳זאָגט, און נישט פאַרדינט גענוג אויף צו דערהאַלטן דאָס

לעבן. אַזעלכע קליינע פּרייזן האָט ר׳ אפרים גאָטליב געצאָלט. אָבער ער האָט נישט געצאָלט וויניקער ווי ס׳האָבן געצאָלט די אַנדערע פאַבריקאַנטן. ער האָט געקלאָגט — צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע פאַבריקאַנטן — אויף דער שווערער און ביטערער צייט, אויפן קריזיס און אויף די גרויסע שטייערן. דאָס איז געווען אמת, די אַרבעטער האָבן דאָס געוווּסט. נאָר זיי האָבן געוווּסט נאָך עפּעס, דאָס וואָס זיי האָבן געזען מיט זייערע אייגענע אויגן: אַז זיי וווינען אין פינצטערע קעלער־לעכער, אין וועלכע זיי ווערן דערשטיקט פון ענגשאַפט, אַז זיי און זיי־ ערע פרויען און קינדער הונגערן און גייען אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, אַז זיי קענען די נויט און די צרות שוין נישט מער אויסהאַלטן; זייער אַרבעטסגעבער אָבער וווינט דאָך אין פינף שטיבער מיט אַ קיך. הונגעריק האָט פאַניע גאָטליב נישט אויסגעזען. ער איז געווען ווייל געגערט און פיין (חסידיש־נגידיש) אָנגעטאָן.

נאָר מיט בנימינען איז געשען עפּעס מערקווירדיקס: ער האָט גראָד איצט גענומען טראַכטן וועגן גאָט, אין וועלכן ס׳האָט געגלויבט זיין פאָטער, דער פרומער סופר כל ימיו און ס׳גלויבט אין אים זיין מוטער. אויך ער האָט אַמאָל געגלויבט אין גאָט, דעמאָלט ווען ער איז געווען נאָך אַ קליין יינגל; ער האָט דעמאָלט געגלויבט אין אים, ווייל דער טאַטע האָט אין אים געגלויבט. ער האָט געטאָן דעמאָלט וואָס דער טאַטע האָט אים געהייסן טאָן. אָבער נאָכגעדענקט וועגן גאָט — אויב ער איז טאַקע דאָ און איז אַזוי ווי דער פאָטער האָט אים געזאָגט — האָב בנימין נאָך כמעט קיין מאָל נישט. ס׳איז אים עפּעס ביז איצט נאָך כמעט קיין מאָל נישט איינגעפאַלן צו טראַכטן וועגן גאָט. אַפילו נישט דע־ מאָלט, ווען ער האָט גענומען אַרויפקוקן צו יעקבן, שיִער ווי צום פאָטער, און געזען אַז יעקב דאַוונט נישט און געהערט ווי דער טאַטע שרייט צו אים: „גוי! פּושע־ישראל! אין גאָט גלויבסטו נישט?!" אויך דאַן האָט בנימין נישט נאָכ־ געטראַכט וועגן גאָט, צי ער איז יאָ אָדער נישט דאָ. אַז ס׳איז אים קיין מאָל נישט איינגעפאַלן אַזעלכעס, ווי נאָכדענקען וועגן גאָט. ער האָט זיך אַפילו קיין מאָל נישט געפרעגט צי ער איז פרום. שפּעטער האָט ער זיך קיין מאָל נישט געפרעגט צי ער איז אַמאָל געווען פרום. ס׳איז געווען, ווי דער גאַנצער ענין רעליגיע און גאָט וואָלט אים פריִער קיין מאָל נישט באַרירט, וואָלט פאַר אים גאָרנישט עקסיסטירט אַפילו. דערביי האָט ער זיך אַזוי פיל אָנגעהערט מיט וויכוחים וועגן גאָט. אָבער געווען איז דאָס דערפאַר, ווייל ס׳פאַלט קיין מאָל קיינעם נישט איין נאָכצוטראַכטן וועגן אַ פינגער, למשל, אויב דער פינגער טוט נישט וויי. איצטער אָבער האָט ר׳ אפרים גאָטליב (יענעמס דערשיינונג) אויפגע־ וועקט אין אים די פראַגע וועגן גאָט.

די פראַגע וועגן גאָטס עקסיסטענץ איז אין בנימינס מחשבה געקומען איצט צוערשט אין אַ טריוויאַלן זין, אויפן געוויינלעך אַפּיקורסישן אופן: „אַזאַ איינעם, וואָס לעבט פונעם אַרבעטערס פראַצע, וועלכער ווערט רייך פון יענעמס שווייס — העלפט גאָט?!" באַלד אָבער האָט דאָס דאַרע יינגל מיט די גרויסע, ערנסטע און טרויעריקע אויגן דעם דאָזיקן געדאַנקט פאַריאָגט פון זיך. דאַן זענען אין זיין קאָפּ געקומען ערנסטע און טיפע געדאַנקען וועגן גאָט און ער האָט גענומען שמייכלען. ס׳איז אים אויסגעקומען זייער קאָמיש און לעכערלעך, אַז וועגן גאָט, וועלכער האָט צו טאָן מיט געלט און מ׳בעט צו אים, זאָל מען פירן דיסקוסיעס

אין פּאַראַיינען, אין דער פּרעסע — מ׳זאָל אים באַקעמפן. גלייך אַזאַ גאָט וואָלט באמת עקסיסטירט. מ׳מאַכט חוזק פון דאָזיקן גאָט, מ׳פירט מיט אים אַ שרעק־לעכע מלחמה (די מייסטע אַרבעטער אין דער פאַבריק זענען גרשונען דערגאַנגען די יאָרן פאַר זיין פרומקייט). בנימין האָט זיך געפרעגט, צי דער פאָטער זיינער האָט געגלויבט אין דעם גאָט, וועלכן די אַרבעטער־פאַראיינען, דער סאָציאַליזם באַקעמפט. איזס מעגלעך, אַז ר׳ איסר גלויבט אין אַזאַ גאָט? בנימינען איז אויסגעקומען אַז נישט.

5

ס׳איז אַוועק אַ שטיק צייט און בנימין האָט מיט די אַרבעטער פון דער פאַבריק זיך זייער גוט איינגעלעבט. מ׳האָט דאָרט געאַרבעט פון שטיק. דעריבער האָט יעדער געאַרבעט וואָס שנעלער, געיאָגט איבער די כוחות און ווייניקער געטראַכט וועגן אַנדערן, וועגן חבר. יעדער האָט געוואָלט פאַרדינען וואָס מער. דער אַנדערער האָט אים נישט אינטערעסירט, איז אים נישט אָנגעגאַנגען. איינער דעם אַנדערן האָט אויסגעכאַפּט די פולע שפולן, אויב די שפולערס האָבן נישט געקענט צושטעלן גענוג. יעדער האָט געזען צו קריגן די מוסטערן, וועלכע זענען גרינגער צו מאַכן און קריגן מער אַרבעט ווי די אַנדערע. דאָס האָט כסדר גע־שטעלט די חברישקייט אין אַ פאַרלעגנהייט, אָפט האָט זיך אַפילו איינער מיטן אַנדערן געקריגט, געזידלט און אַרויסגעוויזן גענוג פאַראַכטונג און פאַרביטערונג. אָבער דאָס האָט געהייסן: „דער קאַמף פאַרן דאַזיין". אַזוי האָבן געזאָגט די, וועלכע זענען געווען פלינקער און כיטרער ביים קריגן בעסערע און מער אַרבעט, אָדער ביים פאַרשאַפן זיך מער אָנגעוויקלטע שפולן. „דאָס האָט מיט דער חברישקייט אין געמיינזאַמען קאַמף מיטן געמיינזאַמען שונא גאָרנישט צוטון". אַזוי האָבן דערנאָך, „נאָכן קאַמף פאַרן דאַזיין", געטענהט די שטאַרקערע, די פלינקערע און כיטרערע. די שוואַכערע אין דאָזיקן קאַמף האָבן געשוויגן. צווישן די שוואַכערע איז גרשון תמיד געווען דער שוואַכסטער. נאָר ער האָט גאָרנישט געזאָגט, ער האָט געקוקט מיט זיינע טרויעריקע אויגן, אַזעלכע טרויעריקע, אַז ס׳האָט כמעט קיינער נישט געקענט אויסהאַלטן זייער בליק און דעריבער זיך אַוועקגעדרייט. נאָר גרשון האָט אַפילו נישט געקוקט צו זיינע באַעוולערס, צו די אַרבעטער, וועלכע האָבן כסדר פאַרכאַפּט די גאַנצע אַרבעט און די אָנגע־וויקלטע שפולן פאַר זיך. פאַר אים האָט מען געלאָזט די מוסטערן, ביי וועלכע מ׳פאַרדינט אַזוי ווייניק, אַז ס׳לוינט זיך אַפילו גאָרנישט צו נעמען אַזעלכעס אין האַנט אַריין. דעריבער איז גרשונען אויסגעקומען, אַז נישט ר׳ אפרים איז זיין שונא, ווי די אַרבעטער אין דער פאַבריק האָבן אים געוואָלט איינרעדן, נאָר זיי זענען זיי׳נע שונאים...

דאָך זענען אין דער פאַבריק געווען עטלעכע — צווישן זיי צוויי מיידלעך און אַן עלטערער ייִד, אַ פרומער ווי גרשון, אָבער ער האָט יאָ געהערט צו אַן אַרבעטער־פּאַרטיי — וועלכע האָבן נישט געקענט פאַרטראָגן, אַז צווישן די אַרבעטער זאָל הערשן אַזאַ צושטאַנד. די צוויי מיידלעך זענען געווען קאָמוניסטקעס און אין דער פאַבריק האָבן זיי געהערט צו די שוואַכע אינעם „קאַמף פאַרן דאַזיין". דערצו איז

זיי דעם דאָזיקן קאַמף כסדר אויסגעקומען צו פירן דווקא מיט אייגענע חברים. האָבן זיי, די צוויי חברטעס, פאַרגעשלאָגן אַז מ׳זאָל אַלץ — די אַרבעט, די שלעכטע מוסטערן און די אַנגעוויקלטע שפּולען — שטענדיק איינטיילן יעדן גלייך. איז די „פייערדיקע ליאָלאַ" — אַזוי האָט מען גערופן איינע, די שנעלסטע אַרבעטערן און די קלוגסטע פון אַלע, אָדער ביטערסטע, אויך אַ קאָמוניסטקע, מיט קופּעררויטע האָר — אַרויס מיט אַ מענה לשון: „וואָס?... מענטשלעכקייט?... אפשר רחמנות?... אָדער גאָר מאָראַל, עטיק?"... זי האָט אַזוי איראָניש געשטעלט די דאָזיקע פראַגעס, זיי אַזוי באַטאָנט און אויסגעזונגען און דערביי געמאַכט אַזעלכע קאָמישע תנועות, אַז די מייסטע האָבן זיך געקאָלערט פון געלעכטער.

„ניין, נישט קיין רחמנות און נישט דאָס אַלץ, וואָס איר, חברטע ליאָלאַ, האָט דאָ אויך אַזאַ פיינעם אופן אויסגערעכנט" — האָט איינע פון די צוויי חברטעס סאַרקאַסטיש אָפּגעענטפערט. „גיכער וואָלט דאָס, וואָס איך און די חברטע דבורה האָבן פאָרגעשלאָגן, געוווען קאַמעראַדשאַפטלעכקייט".

דער חבר טוביה האָט זיך געוווּנדערט: „קאַמעראַדשאַפטלעכקייט?"

דבורה האָט אויסגערופן: „קעגנזייטיקע הילף".

„אַזוי"... דער חבר טוביה האָט זי אָנגעקוקט מיט שטרענגקייט: „איר לייענט אוודאי די „קעגנזייטיקע הילף" פון קראָפּאָטקינען... אַן אַנאַרכיסטן גאָר"...

די „פייערדיקע ליאָלאַ" האָט אויסגעזונגען: „פאַרשטייט מען די מעשה... זי איז גאָרנישט פריילעך... הייבט זיך אָן מיט אַ יידישן מלך"...

טעלעכע האָבן אונטערגעכאַפּט:

„ליולינקע, מיין פייגעלע,
ליולינקע, מיין קינד.
כ׳האָב אָנגעווירן אַזאַ ליבע,
ווי איז מיר און ווינד!"

די חברטע דבורה (גערופן האָט מען זי „די בלאַסע") איז קיין אַנאַרכיסטקע קיין מאָל נישט געווען. זי האָט געלייענט די „קעגנזייטיקע הילף" פון קראָפּאָטקינען און דאָס דאָזיקע בוך, ווי נאָך אַנדערע פון זיינע ביכער, שטאַרק געשעצט. זי האָט נישט געוווּסט און פון קיינעמען נישט געהאַט געהערט, אַז אַ קאָמוניסט טאָר נישט לייענען קראָפּאָטקינען. האָט זי וועגן דעם געפרעגט דעם חבר טוביהן. ער האָט איר געענטפערט אַז זי מעג לייענען וואָס זי וויל, אַז די פּאַרטיי פאַרבאָט קיינעם נישט צו לייענען וואָס אים געפעלט. „ס׳איז אָבער אַ סך וויכטיקער", האָט ער מוסיף געווען, „פריִער זיך גרינטלעך צו באַקענען מיט לעונינס ווערק און מיט די ווערק פון די אַנדערע קאָמוניסטישע טעאָרעטיקערס". דבורה און די אַנדערע חברטע האָבן דאָס פאַרשטאַנען און מער נישט גערעדט. בנימין אָבער האָט זיך אָנגעצונדן: „ס׳איז אַ חרפּה און אַ בושה: ווי קענט איר פאָדערן גערעכטיקייט פון די קאַפּיטאַליסטן, אַז איר אַליין ווילט דערפון נישט וויסן?! וואָס דען איז סאָציאַליזם?!" ער האָט זיך אַזוי צעהיצט, אַז ער האָט אַזש פאַרגעסן ווו ער איז: אַז ער איז אין אַ פאַבריק און מוז אַרבעטן — נישט האַלטן רעדעס, פרייִדיקן גערעכטיקייט. ער האָט אויך פאַרגעסן, אַז ער שטעלט זיך מיט אַזעלכע רייד אַקעגן כמעט אַלע אַרבעטער, באַזונדערס דעם חבר טוביה, וואָס קען אים ברענגען אַ סך שאָדן, אַפילו אַרויסגע-

שטופט צו ווערן פון דער אַרבעט. ער האָט געהאַלטן אין איין אויפוויזן, אַז סאָציאַ־ליזם מיינט נאָר גערעכטיקייט, בלויז גערעכטיקייט, טאָקע קעגנזייטיקע הילף, חברישקייט. „וואָס איז חברישקייט?" האָט ער צום סוף געפרעגט.

דעם חבר טוביה האָט דאָס אָנצינדן זיך פון דעם קליינעם, דאַרן פּראָווינצער יינגל מיט די גרויסע טרויעריק־ערנסטע אויגן הנאה געטאָן, ווי ער וואָלט אין צירק געזען עפּעס זייער קאָמישעס. אַלץ, וואָס דאָס בחורל האָט גערדרשנט, האָט אים אַמוזירט. „ווי דער ברודער זיינער"... דערמיט האָט דער חבר טוביה געמיינט: אַז דער בנימין וועט גיין אויפן וועג פון זיין ברודער, ער וועט אויך ווערן אַ קאָמוניסט. די מייסטע פון די אַרבעטער (דער גרעסטער טייל פון זיי קאָמוניסטן) האָבן זיך לוסטיק געמאַכט איבער דעם „יאָטל" און אים געקרוינט מיט אַלערליי נעמען: „מגידל", „רבילע". די פייערדיקע ליאָלאַ האָט אים געעצהט צו גיין אין אַ ישיבה לער־נען. זי האָט אים פאַרזיכערט: איר וועט ווערן אַ רב, מיט אַזעלכע לאַנגע פּיאות און אַ באָרד — ביז"... זיי האָבן אַזוי לאַנג געחוזקט און געלאַכט פון בנימינען, ביז עמעץ האָט זיי אָפּגעשטעלט: „אַזויערנאָך, חברים, באַווייזט איר נישט אַ יוגנטלעכן אַז ער פאַרשטייט נישט ריכטיק דעם סאָציאַליזם".

אָבער בנימינס רייד האָבן דאָך געהאַט אַ ווירקונג. פון דעמאָלט אָן איז דאָס כאַפּן מער און בעסערע אַרבעט און אָנגעוויקלטע שפּולען נישט געווען מער קיין בלויז עגאָיסטישער ענין, נאָר אַ פּאַרטיי, דאָס הייסט, אַ גרופּן־אָנגעלעגנהייט. די חברים פון אַ פּאַרטיי האָבן געכאַפּט בשותפות און צעטיילט צווישן זיך גלייך אויף גלייך. ס'האָט, אַלזאָ, פון דעמאָלט אָן געגנומען העדשן „חברישקייט", „גערעכטיקייט". בנימין האָט פון דעמאָלט אָן שוין געשוויגן. אָבער פון דעם, וואָס ער האָט געזען צווישן די חברים אין דער פאַבריק, האָט ער מער געליטן ווי פון זיין מאַטעריעלער לאַגע, פון דעם וואָס ער איז פון אַ קאַפּיטאַליסט עקספּלואַטירט געוואָרן. ס'האָט אים אַפילו נישט געאַרט, וואָס אים איז איצט (ער האָט שוין געאַרבעט ביי אַ מאַשין) אָנגעקומען גאָר ווייניק און די ערגסטע אַרבעט און ער האָט אָפּט אַליין זיך געמוזט אָנוויקלען שפּולען. ער האָט זיך אַצינד געפונען אויף דער זעלבער מדרגה פון גרשונען. ער איז פון זיינע אייגענע חברים (נישט ווויסנדיק פאַר וואָס) באַהאַנדלט געוואָרן ווי גרשון, וועלכער איז נישט געווען קיין מיטגליד פון דער פּאַרטיי. דאָך האָט בנימין נישט אויפגעהערט גרשונען צוצורעדן אַז ער זאָל אַריינטרעטן אין דער פּאַרטיי, אַז ער זאָל ווייניקסטנס ווערן אַ מיטגליד פון פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. ער האָט אים אָנגעוויזן אויף דעם אַלטן שטריקער: „אויך אַ פרומער. אפשר וועט מען דאָן ווערן אַנדערש צו אייך. איר וועט דאָן קענען פאַרדינען מער, די חברים וועלן אייך דאָן געבן אַ גלייכן טייל". דערויף האָט גרשון צוערשט געענטפערט מיט זיין הויל, שטיל קול: „כ'האָב מיך שטענדיק פאַרלאָזט אויף דעם וואָס לעבט אייביק, אויף גאָט אין הימל, וועלכער שפּייזט אַפילו אַ וואָרעם אונטער דער ערד, וועלכער איז דער איינציקער גערעכטער. נאָר ביי אים איז גערעכטיקייט און דערבאַרמונג. אַצינד — מיינע טעג זענען שוין געציילטע — זאָלעך מיך נעמען פאַרלאָזן אויף מענטשן, זאָל עך נעמען גלייבן אין אַ בשר ודם? ניין, אַפילו נישט ווען זיי זאָלן מיך אָפּגילטן! בפרט ווען ס'גייט בלויז אין פאַרדינען אַ פּאָר גראָשן מער אַ טאָג". אויף זיינע ווייסע ליפּן האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל פון אַ קלוגן זיגער: „פּאָר עטלעכע גראָשנס, פּאָר עטלעכע גילדן אַ וואָך, זאָלעך אויפהערן גלויבן אינעם רבונו של

עולם און מיך גאַר אָנהייבן צו פאַרלאָזן אויפן מענטש״... און מיט גרויס ווייטיק און רחמנות: „ר׳ שאולס, זכרונו לברכה, דעם סופרס זון... אוי, אוי, אוי״...

בנימין האָט גרשונען דערמאָנט אַ פסוק אין פרק: „אחרי רבים להטות״.

גרשון האָט לאַנג אָנגעקוקט בנימינען און אים דאַן געפרעגט: „זיי זענען דער רבים?״...

בנימין האָט אויפגעהערט צו רעדן מיט גרשונען וועגן אַריינטרעטן אין דער פאַרטיי אָדער ווערן אַ מיטגליד פון פראָפעסיאָנעלן פאַראיין. אָבער ער האָט איצט מיט יעקבן מער דיסקוטירט וועגן די אַרבעטער אַליין: אַז ער טרעפט זעלטן צווישן זיי איינעם, וועלכער איז באמת (אין זיין נשמה) אַ סאָציאַליסט, אַז די מייסטע זענען עגאָיסטן, זשעדנע צו פאַרדינען וואָס מער, אַז ס׳איז נישטאָ צווישן זיי קיין חבר־שאַפט, קיין אַחדות. דערויף האָט אים יעקב, זיין מדריך־דרך פון אַמאָל (און ביז אַ געוויסן גראַד אויך נאָך איצט) געענטפערט, אַז אויך ער האָט אַזוי געדענקט (ווען ער איז געווען אין זיינע יאָרן). אָבער דערנאָך האָט ער איינגעזען, אַז דערווייל קען עס אַנדערש נישט זיין: „ווען מענטשן הונגערן... דערציִונג פון קאַפּיטאַליסטן סדר״...

ווי אַ פאַרוווּנדעטער, ווען מען רייצט די וווּנדן שטאָט צו באַרוּיקן דעם ווייטיק, האָט בנימין אויסגעשריגן: „און איך?! און דו?! גייט אונדז בעסער?! זענען מיר דערצויגן געוואָרן אַנדערש?! נישט אין אַ קאַפּיטאַליסטיש לאַנד?! וואָלסטו — אַפילו אַצינד, כאָטש דו ביסט אין אַן אַנדערער מיינונג ווי איך בין — געקענט האַנדלען אַזוי ווי די אַרבעטער אין דער פאַבריק אין וועלכער איך אַרבעט, זיך פירן ווי ס׳פירן זיך אַוודאי אַלע אַרבעטער אין די אַנדערע פאַבריקן?!״

„אַזעלכע ווי איך זענען יחידים״.

„דאָס מיינט, אַז בלויז יחידים זענען סאָציאַליסטן, אָבער נישט די מאַסן!״

„דערווייל״.

„אַזוי וועט שטענדיק זיין!״

„ניין. די יחידים זענען די פונקען וואָס צינדן אָן דעם פלאַם״. ער האָט זיך דערמאָנט וועגן דער פאַרצווייפלונג אינעם מענטש, וואָס איז אים באַפאַלן דעמאָלט ווען ער איז אַהיימגעגאַנגען פון דער אומזיסטער קיך ווו ער האָט געזען דאָס מיידל מיט אָפּגעהאַקטע הענט און אויסגעשטאָכענע אויגן. ער האָט דעמאָלט כמעט אין גאַנצן צוזאַמענגעבראָכן. אויפן גאַנצן וועג ביז אַהיים האָט זיך אים דעמאָלט גע־דאַכט, אַז ער פאַלט אונטער אַ שרעקלעכער משא. דעמאָלט — ער איז געוואָרפן געוואָרן פון איין עקסטרעם צום צווייטן — איז אים געקומען אויפן געדאַנק, אַז דער קאַפּיטאַליסטישער סדר איז ווי אַ פאַרסמטער קוואַל. ער האָט דאָס איצט דער־ציילט בנימינען. ער האָט אים געטרייסט: „יאָ, מיין ליבער ברודער. ס׳איז אַ וווּנדער וואָס נישט אַלע זענען פאַרסמט, וואָס ס׳זענען איבערגעבליבן יחידים, אַז זיי זאָלן אָנצינדן דעם פלאַם, וועלכער וועט דעם פאַרגיפטעטן קוואַל פאַרצערן״.

מיט ביטערקייט האָט בנימין זיך דערמאָנט: „מגיד רופן זיי מיך״...

יעקב האָט זיך צעלאַכט: „אַזוי האָט מען אויך מיך גערופן״... נאָך אַ מאָמענט באַטראַכטן: „זיי זענען גערעכט״.

„גערעכט זאָגסטו?!״

„יאָ, גערעכט״.

ביידע האָבן זיך אָנגעקוקט.

נאָך אַ לענגערן שווייגן האָט בנימין, שטאַרק פאַרטיפט אין געדאַנקען, געזעדט צו זיך: „פונקען... פון גאָט"...

נו, האָבן ביידע גערעדט וועגן גאָט. ביידע האָבן איצט אַרויסגעזאָגט די זעלבע געדאַנקען, ווייל זיי האָבן אַצינד געהאַט די זעלבע מיינונג וועגן דעם באַגריף גאָט און געטלעכקייט. צום סוף פונעם געשפּרעך האָט יעקב געזאָגט: „דאָך וואָלט שוין געווען צייט אויפצוהערן מיט גאָט", „געטלעכקייט", ווייל דער מענטש האָט דערפון שוין גענוג געליטן".

6

דער חבר טוביה האָט נישט אויפגעהערט בנימינען איינצולאַדן צו קאָמוניסטישע פאַרזאַמלונגען, אין קאָמוניסטישע פאַראיינען, דאָרט צו פירן מיט חברים דיסקוסיעס. נאָר בנימין האָט זיך אָפּגעזאָגט. ער האָט זיך אויך אָפּגעזאָגט כאָטש איין מאָל צו באַזוכן די קאָמוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע, די קאָמוניסטישע קולטור־אָוונטן. אַפילו מיט יעקבן האָט ער נישט געוואָלט מיטגיין. די קאָמוניסטישע צייטונגען, בראָשורן, צייטשריפטן, ביכער — וואָס ביידע האָבן אים געבראַכט — האָט ער נישט געלייענט. דער חבר טוביה איז געווען גוט צו אים: ער האָט אַכטונג געגעבן אַז אין דער פאַבריק זאָלן די אַרבעטער זיך באַציִען גוט צו אים, אַז זיי זאָלן זיך טיילן מיט אים מיט דער אַרבעט. אָבער בנימין איז געבליבן געטריי זיין פּאַרטיי, ער האָט זי קיין מאָל, אַפילו במחשבה, נישט פאַרראַטן, פונקט ווי זיין פאָטער, דער פרומער סופר, האָט קיין מאָל, אַפילו נישט במחשבה, פאַרראַטן זיין גאָט. אין פאַראיין אָבער פון זיין פּאַרטיי, ביי דיסקוסיעס פון פאַרזאַמלונגען, האָט ער נישט אויפגעהערט צו קריטיקירן פאַרשידענע האַנדלונגען פון דער פּאַרטיי, אַפילו שוין לאַנג סאַנקציאָנירטע פּאַרטיי־שטאַנדפּונקטן. ער האָט אויך געפאָדערט, אַז אין פּריוואַטן לעבן זאָל יעדער זיך פירן לויט דער אידייע פונעם סאָציאַליזם, אַז יעדער סאָציאַליסט זאָל קודם כל דעם סאָציאַליזם אָנהייבן ביי זיך. ס'האָט נישט געהאָלפן, וואָס ביי די דיסקוסיעס — חברים און פריינד האָבן דאָס געטאָן אין פּריוואַטע געשפּרעכן — האָט מען אים באַוויזן קלאָר און לאָגיש אַז ער איז נישט גערעכט, אַז דאָס וואָס ער פאָדערט איז נישט מעגלעך, אַז ער איז נאַיִוו, נאָך יינגלעריש; ער איז געבליבן ביי ס'זייניקע: „איז מען אַ סאָציאַליסט — מוז מען דאָס טרוקענע שטיקל ברויט טיילן מיטן חבר".

דאָס קליינע דאַרע יינגל מיטן בלאַסן אויסגעצויגענעם שמאָלן פּנים און גרויסע לויכטנדיקע אויגן איז געבליבן פאַרעקשנט און נישט אויפגעהערט צו טענהן און מאָנען: „סאָציאַליזם איז אַ הייליקער אידעאַל און יעדער, וואָס פּריידיקט דעם דאָזיקן אידעאַל און קעמפט פאַר אים, טאָר נישט טאָן דאָס וואָס ער אַליין פאַראַכט. איינִיקייט דאַרף זיין איינִיקייט — חברישקייט. אַז אַ חבר כאַפּט אין דער פאַבריק אַוועק די אַרבעט פונעם אַנדערן חבר, ווייל ער וויל פאַרדינען מער, אַזאַ איינער ווערט אויך אַ שטרייק־ברעכער, אַ פאַררעטער. וויפל שטרייקן פאַרלירט מען טאַקע, ווייל ס'זענען דאָ אַזוי פיל שטרייק־ברעכערס? און דאָס, וואָס אַרבעטער נעמען אַהיים אַרבעט פון די פאַבריקן און קאָנקורירן צווישן זיך? יעדער לאָזט אַראָפּ פונעם

פרייז. די מייסטע פאַבריקאַנטן גיבן אַרויס די אַרבעט, ווייל אַזויערנאָך קומט זיי אויס ביליקער און זיי האָבן מער נישט צו טאָן מיט קיין פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. שוין נישטאָ באַלד מער קיין פאַבריקאַנטן, נאָר בלויז „כאַלופניקעס". זיי אַרבעטן 14-15 שעה אַ טאָג, צוזאַמען מיט פרוי און קינדער. דעריבער איז כמעט שוין אומ-מעגלעך צו פירן אַן עקאָנאָמישן שטרייק. דער באַלמעלאָכע נעמט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ קליינבירגער, אין אַ „באַלעבעסל". כדי נאָך בעסער צו באַווייזן זיין שטאַנד-פּונקט, האָט ער איין מאָל ביי אַ פאַרזאַמלונג זיך אין גאַנצן פאַרגעסן און אין דער דיסקוסיע געזאָגט מיט אַ געהעכערט קול: „ס'איז דערגאַנגען שוין אַזוי ווייט, אַז בורזשויעס — נישט בלויז אַזעלכע וואָס ווערן רייך פון אייגענער אַרבעט, ווי אַן אַדוואָקאַט, למשל, נאָר אפילו אַזעלכע וועלכע האָבן געמאַכט אַ פאַרמעגן דורך עקספּלואַטירן אייגענע חברים — זענען איצט פירערס פון דער פּאַרטיי!"

אַ סך פון די פאַרזאַמלטע האָבן דעם דאָזיקן פּראָווינצער יינגל געפּאַטשט בראַוואָ. די מייסטע פון זיי זענען געווען יוגנטלעכע, וועלכע בנימין האָט שוין געהאַט געווינען פאַר זיינע אָנהענגערס. דער גרעסטער טייל אָבער פון די וואָס האָבן אַפּלאָדירט זענען געווען „רויטע"; זיי זענען געקומען צו פאַרזאַמלונגען פון דער קעגנערישער פּאַרטיי, כדי צו שטערן. כמעט אַלע פון די פאַרזאַמלטע האָבן זיך משער געווען, אַז דאָס בחורל האָט מיטן „אַדוואָקאַט" געמיינט דעם חבר וואַקס. זיינע אָנהענגערס — די גרויסע מערהייט פון דער פאַרזאַמלונג — האָבן גענומען ליאַרמען: „אַראָפּ! אַראָפּ! דו קליינשטעטלדיקער גאַרנישט! דו פּראָווינצער חיה! אַ הענדל פאַר אַ דרייער און קרייעט! אַ קאָמוניסטל! וואָס דען איז ער? אַרויס פון דאַנען!" זיי האָבן דעם חבר וואַקס, זייער פירער, פאַרגעטערט, ווי אַנדערע טיילן פון דער מאַסע האָבן פאַרגעטערט זייערע פירערס.

מ'האָט בנימינען געוואָלט דורס זיין, ווייניקסטנס אַרויסוואַרפן. נאָר דער פאַר-זיצער פון דער פאַרזאַמלונג, דער חבר קרומהאָלץ, אָדער ווי די מייסטע האָבן אים גערופן: חבר הערש — באַליבט שוין ביי די וואַרשעווער מאַסן פון דער פּאַרטיי — האָט באַרויקט די אויפגערעגטע חברים. ער האָט זיי פאַרזיכערט, אַז דער יוגנטלע-כער חבר ליכטענבערג איז נישט קיין קאָמוניסט, נישט קיין מאַסקירטער אפילו. ער האָט געקלונגען מיטן גלעקל: „איך קען אים גוט! ער איז מיינס אַ בן-עיר! אַ נאַיווער אידעאַליסט. דאָס שאַדט נישט. ער איז דאָך נאָך יונג. אַ יינגל. אַ ער איז אַן ערלעכער קעמפער, אַן איבערגעגעבענער צו אונדזער פּאַרטיי מיטן גאַנצן האַרץ! איך גאַראַנטיר פאַר אים!"

„גאַראַנטירן, חבר הערש, זאָלט איר נישט!" אַזוי האָט פון צווישן דער מאַסע גערופן אַבראַמטשיק. ער האָט געבעטן אַ וואָרט. אויף דער עסטראַדע האָט ער געזאָגט, אַז ער קען אויך גוט דעם יוגנטלעכן חבר ליכטענבערג, ווייל ער איז אויך פון דער זעלבער שטאָט; אָבער ער קען אויך זיין עלטערן ברודער, וועלכער איז אַמאָל אויך געווען אַזאַ נאַיווער אידעאַליסט און מיטן גאַנצן האַרץ איבערגעגעבן דער פּאַרטיי, און — ער האָט זיך געווענדט צום פאַרזיצער — „ווייסט איר דען נישט אַז ער איז אַצינד אַ קאָמוניסט ? !"

געוויס, נישט בלויז הערש, נאָר אַ סך פון די פאַרזאַמלטע האָבן דאָס געוווּסט.

דאָך האָבן אַלע, וועלכע האָבן בנימינען געקענט פערזענלעך און אים געשעצט און געאַכט, נאָך דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג ווייטער געהאַט צו אים פאַרטרויען,

ווייל זיי האָבן געוווסט אַז אויף זיין ערלעכקייט קען מען זיך פולשטענדיק פאַרלאָזן. בנימין איז געווען באַליבט. מ'האָט אים געשעצט נישט בלויז פאַר זיין ערלעכקייט, נאָר אויך פאַר זיין מוט און אומדערמידלעכער און ענערגישער אַרבעט פאַר דער פּאַרטיי. ער האָט אויסגעפירט זאַכן, וואָס נאָר עלטערע און דערפאַרענע האָבן זיך אונטערגענומען אויסצופירן. און ער האָט אַלץ געמאַכט זייער געשיקט, מיט גרויסער זיכערקייט. געהאָלפן דערביי האָט אים דאָס וואָס ער איז געווען אַ קליינער, דאַרער און האָט אויסגעזען אומשולדיק, נאַיוו — שיער ווי אַ היילקער. געוויס, די אַרבעט וואָס די אַקטיווע פון די יוגנטלעכע האָבן געטאָן פאַר דער פּאַרטיי, איז שטענדיק געווען דורכויס אַ לעגאַלע, ווי צעטיילן אויפרופן אין די גאַסן פאַר וואַלן, אָדער אַזעלכע וואָס האָבן גערופן צו פּראָטעסט־פאַרזאַמלונגען, צי מ'האָט זיי געגעבן בילעטן צו פאַרקויפן צו ליטעראַרישע אונטערנעמונגען, אָדער צייכנס אַזעלכע, ווי בלימלעך אָדער שלייפלעך אויף צו זאַמלען געלט אין די גאַסן פאַר פאַרשידענע פאָנדן: פאַר די יידיש־וועלטלעכע שולן, אויף צו בויען אַ סענאַטאָריע פאַר טובערקולאָזע אד"גל. קיין פאַרבאָטענע טעטיקייט האָט די פּאַרטיי נישט געפירט, ווייל זי האָט די רעגירונג געהאַלטן כמעט פאַר אַ סאָציאַליסטישע (צוליב דעם וואָס די מייסטע מיטגלידער פון דער רעגירונג, אָדער אַ גאַר גרויסער טייל, זענען געווען סאָציאַליסטן, מיטגלידער פון דער פּ.פּ.ס.).

נאָר די יידישע אַרבעטער־פּאַרטיי — הגם אַ טייל פון דער פוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, אין דער פּאָליטיק און כמעט אין אַלע אַקציעס פּאַראייניקט, אַ מיטגליד פונעם זעלבן אינטערנאַציאָנאַל — האָט זי דאָך נישט שטענדיק און נישט מיט אַלץ וואָס די רעגירונג האָט געטאָן מסכים געווען. קעגן באַזונדערס רעאַקציאָנערע באַשלוסן און האַנדלונגען פון דער רעגירונג האָט די יידיש־דעמאָקראַטישע אַרבעטער פּאַרטיי פּראָטעסטירט, גאָר באַזונדערס קעגן יענע, וועלכע זענען געווען געווענדעט דירעקט קעגן די יידן. אָבער בלויז פּראָטעסטירן האָט, ווי געוויינלעך, נישט געהאָלפן. אין אַזאַ פאַל האָט די דאָזיקע פּאַרטיי טייל מאָל אָנגעווענדעט אַפילו געוויסע רעוואָלוציאָנערע (אומלעגאַלע) טעטיקייט. פאַרשטייט זיך, אַז אין טעראָר־אַקטן איז די דאָזיקע טעטיקייט נישט באַשטאַנען. זי איז באַשטאַנען אין שאַרף דעמאַסקירן די באַזונדערס רעאַקציאָנערע האַנדלונגען פון דער רעגירונג; פון דיסקרעדיטירן געוויסע רעגירונגס־מיטגלידער און אָנרופן געוויסע מאָמענטן אין דער פּאָליטיק (וואָס זענען געהאַלטן געוואָרן אין געהיים) מיטן אמתן נאָמען, און טייל מאָל רופן אַפילו צו אָפענעם אַרויסטריט, צום קאַמף קעגן דער רעגירונג. אין דער פרעסע האָט די צענזור — הגם אין דער קאָנסטיטוציע איז געווען גאַראַנטירט פרעסע־ און רעדע־פרייהייט — אַזעלכעס נישט דורכגעלאָזט. דאָס איז געדרוקט געוואָרן אין פּראָקלאַמאַציעס און זיי זענען פאַרשפּרייט געוואָרן אין געהיים. אין די גאַסן זענען אין געהיים אויסגעקלעפּט געוואָרן פּלאַקאַטן מיט אויפרופן קעגן דער רעגירונג, ס'האָבן זיך באַוויזן אויפשריפטן מיט רויטער אייל־פאַרב אויף ווענט און טראָטואַרן. אָט אַזעלכע אַרבעטן האָט בנימין, דאָס פּראָווינצער קליינע און דאַרע יינגל, געגומען אויף זיך דורכצופירן. ער האָט זיך תמיד געמאָלדן פרייוויליק צו דער דאָזיקער אַרבעט.

פון יענעם מאָמענט אָן אָבער, ווען ער האָט אַזוי אָפן אָנגעגריפן דעם חבר הערש און אַפילו דעם חבר וואַקס אַליין, האָט מען אים עקסטרע גענומען צו די

געפערלעכסטע אַרבעטן. ס'איז געווען נישט בלויז שטראָף, נאָר מ'האָט געוואָלט אַז ער זאָל אַריינפאַלן אין די הענט פון דער פּאָליציי.

## קאַפּיטל פיר און צוואַנציק

# דער חבר הערש

### 1

אַ צו־גרויסער גביר פונעם „מלחמהלע" צווישן פּוילן און רוסלאַנד איז דער חבר הערש נישט געוואָרן; זי האָט געדויערט צו־ווייניק די דאָזיקע מלחמה. דערצו האָט דער רימאַרזש נישט געהאַט גענוג שכל צו קאַלקולירן מיט דער וואַליוטע; ער האָט די פּאַפּירענע „דויטשע אָסטמאַרקן", וואָס האָבן אין יענער צייט נאָך געגאָלטן פאַר פּויליש געלט, נישט גיך גענוג און נישט אין גאַנצן אויסגעטוישט אויף אויס־לענדישער וואַליוטע. אָבער אויך די „שמאַטעס", ווי מ'האָט דעמאָלט גערופן די דייַ־טשישע „אָסטמאַרקן", האָט ער שטענדיק באַקומען אויסגעצאָלט אַ צוויי־דריי וואָכן נאָכן ליפערן די סחורה, ווען דאָס דאָזיקע געלט איז שוין ווערט געווען אַ סך ווייניקער. אמת, דער חבר הערש האָט מיט זיינע אַרבעטער געהאַנדלט פּונקט אַזוי: ער האָט די שכירות זיי אויסגעצאָלט עטלעכע וואָכן נאָכן קריגן ס'געלט און אַזויער־נאָך נישט בלויז פאַרלוירן, נאָר געוווּנען. ער וואָלט אָבער געוווּנען געהאַט מער, ווען ער וואָלט זיין געלט פאַר דער געליפערטער סחורה געווען באַקומען גלייך. דאָך, נישט בלויז דאָס איז שולדיק געווען וואָס דער חבר הערש איז נישט געוואָרן נאָך קיין גרעסערער גביר פונעם „מלחמהלע" ווי ער איז. שולדיק אין דעם איז געווען, וואָס ער האָט נישט גענוג געפאָלגט דער חברטע פייגע, זיין דעמאָלטיקע געליבטע. (פאַררעכנט פאַר זיין לעבנסבאַגלייטערן). זי האָט אים דעמאָלט כסדר געזאָגט — און זיך געבעטן ביי אים — אַז ער זאָל די „אָסטמאַרקן" תמיד גלייך אויסטוישן אויף דאָלערס; אָבער ער האָט זי נישט געוואָלט פאָלגן, נישט תמיד און נישט אין גאַנצן. פאַר וואָס? ער האָט אַליין נישט געוווּסט פאַר וואָס. עפּעס האָט אים גע־שטויסן איר להכעיס צו טאָן, זי נישט צו פאָלגן, צו טאָן פאַרקערט ווי זי הייסט אים. און געווען איז נאָך אַ מאָטיוו: ער האָט זיך נישט געקענט שיידן מיט די פאַנטאַסטישע צאָלן, ער האָט בעסער געוואָלט האָבן מיליאָנען, צו קענען ציילן יעדעס מאָל ווען ס'איז אים אָנגעקומען דער חשק דערצו: צען טויזנט, פופציק טויזנט, אַ מיליאָן, צוויי מיליאָן, צען מיליאָן, הונדערט מיליאָן... אויסגעטוישט אין אויסלענדישער וואַליוטע זענען די מיליאָנען צוזאַמענגעשרומפּן געוואָרן בלויז איז הונדערטער, טויזנטערס. און געווען איז נאָך אַ מאָטיוו, אַ טיפערער, אַן אונטערבאַוווּסטער: דאָס געוויסן. אין זיין נשמה איז כסדר אָנגעגאַנגען אַ גערעאַנגל: „איך עקספּלואַטיר אַרבעטער, אייגענע חברים! כ'בין געוואָרן אַן עקספּלואַטאָר! כ'מאַך געלט פונעם בלוט וואָס ווערט פאַרגאָסן אויפן שלאַכטפעלד, שטאָט צו קעמפן קעגן קריג! אַ שפּעקולאַנט בינעך געוואָרן! אַ בערזע־שפּעקולאַנט!"

איז דער חבר הערש נישט געוואָרן דער גביר, וואָס ער האָט געקענט ווערן און פאַרן געלט, וואָס ער האָט פאַרמאָגט איצט, האָט ער אַ סך צו פאַרדאַנקען דער חברטע פייגע. דאָס דאָזיקע געלט, אַ גאַנץ שיינע סומע פון דעסטוועגן, טראָגט ער שטענדיק אַרום ביי זיך אין צוויי גרויסע בוזעם־קעשענעס אין וועסטל. אין דער ערשטער צייט — אָנקומענדיק קיין וואַרשע נאָכן אַנטלויפן פון זיין געבורטשטאָט פון דער רויטער אַרמיי — האָט ער די צוויי פּעקלעך געלט זיך אַרונטערגעלייגט ביינאַכט אונטערן קישן און איז געשלאָפן אויף זיי. פאַרן איינשלאָפן — אַז דאָס געוויסן האָט אים גענומען פייניקן, באַזונדערס ווען די מלחמה איז נאָך אָנגעגאַנגען — האָט ער עס באַרו׳יקט אויף זיין אופן, ווי למשל: „פּוילן, זיין פאָטערלאַנד, איז סאָציאַליסטיש. עס הערשט אַ סאָציאַליסטישע רעגירונג, חברים פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי. נאָך דער מלחמה וועט דער סאָציאַליזם איינגעפירט ווערן פולשטענדיק. זיין פאָטערלאַנד — 150 יאָר איז עס געווען פאַרקנעכט און איז ערשט איצט באַפרייט געוואָרן — קעמפט פאַר אַ גרויסן און הייליקן אידעאַל, קעמפט קעגן זיינע פרי׳ערדיקע פאַרקנעכטערס, וואָס ווילן עס ווידער (אויף ס׳ניי) פאַרקנעכטן. די איצטיקע קנעכטשאַפט וואָלט געווען אַ סך ערגער ווי די צאַרישע".

אַ באַרו׳יקטער איז דער חבר הערש דאַן איינגעשלאָפן. טייל מאָל פלעגט ער זיך אָבער אויפכאַפּן פון שלאָף אַ געפייניקטער און פאַרפאָלגטער פון זיין געוויסן: בייזע חלומות האָבן אים געפייניקט. ער האָט דאַן צומאָרגנס געאַרבעט אין דער פאַרטיי מיט טאָפּלטער ענערגיע. די אַרבעט איז, פאַרשטייט זיך, געווען אַ פּאַטריאָטישע: העלפן דעם פאָטערלאַנד אין דער מלחמה קעגן שונא. געוווינט האָט ער אין אַ גרויס לוקסוס־צימער, מיט פּרעכטיקע מעבל, אין אַ שיינער און רייכער גאַס ביי אַ געוועזענעם גביר, וועלכער איז דורך דער מלחמה פאַראָרעמט געוואָרן. געגעסן האָט ער אין אַ פיינעם באַר, ווו ס׳האָבן געגעסן אַ סך אויפגעקומענע גבירים. (מלחמה־גבירים, שפּעקולאַנטן). געקומען איז דער חבר הערש אין באַרימטע קאָנדיטערייען, אין וועלכע ס׳זענען געקומען נאָר רייכע און דאָס פּער פון דער אינטעליגענץ — דעמאָלט דער גרעסטער טייל פון דער פּ.פּ.ס.

דאָס געוויסן און די בייזע חלומות האָבן ביסלעכוויז אויפגעהערט צו פייניקן דעם חבר הערש.

2

אין דעם רייכן מיט לוקסוס מעבלירטן צימער איז איצט דער אַמאָליקער רימאַרזש געזעסן אין אַ וויג־שטול, די פיס צעשפּרייט, די הענט אָנגעלענט אויף די באָרדאָ־פּליושענע זייטנשטיצערס, דעם קאָפּ פאַרוואָרפן אויפן ווייכן אָנלען מיט ווייסע שפּיצן באַדעקט, און זיך געוויגט. נאָכן מיטאָג עסן האָט ער זיך כמעט שטענדיק אויסגעצויגן אויף דער ווייכער, מיט סאַפיאַן־לעדער איבערגעצויגענער אָטאָמאַנע און געכאַפּט אַ דרעמל. ער האָט איצט זייער אָפט זיך געמוזט אויס־רוען, ווייל פון גאָרנישט טאָן איז ער כסדר געווען מיד. אַן אויסגערוטער האָט ער זיך דאַן אַוועקגעזעצט אויפן פאָטעל ביים טיש און גענומען טראַכטן. אין זיין צימער איז געווען שטיל. ס׳איז געווען שטיל אינעם גאַנצן הויז. נאָר דעם חבר הערש זענען קיין וויכטיקע געדאַנקען נישט געקומען אין קאָפּ אַריין. כמעט אַלץ

בלויז נאַרישע מחשבות. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, כדי זיך בעסער צו קאָנצענט־רירן אויף עפּעס וויכטיקס. אָבער ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן. האָט ער אַרויסגענומען די צוויי פּעקלעך געלט פון די בוזעם־קעשענעס אין וועסטל, זיי אַרויפגעלייגט פאַר זיך אויפן טיש און געקוקט אויף זיי. צוויי היפּשע פּעקלעך, גוט איינגעפּאַקט, אין פעסט ברוין פּאַפּיר און אַרומגעבונדן מיט אַ שיינעם שפּאַגאַט. נאָר דאָס פּאַפּיר איז שוין געווען אַ ביסל אָפּגעריבן און ברודיק פון שווייס. לאַנג האָט ער געקנייטשט דעם קליינעם האַרטן שטערן, ווי ס׳איז געווען זיין טבע ווען ער איז געווען, אָדער ווען ער האָט געוואָלט זיין ערנסט. ס׳געוויסן האָט אים נאָך אַלץ, הגם איצט שוין גאַנץ זעלטן, געפּייניקט. ער איז דאָך נישט געווען גענוג היפּאָקריטיש, גענוג געמיין צו קענען זיך איינרעדן ווי די מייסטע פון זיינע חברים — און צו גלייבן — אַז אַלע האַנדלונגען פון זיין פּאַרטיי זענען ריכטיק, אַז די רעגירונג שטרעבט באמת צו סאָציאַליזם, אַז זי גייט טאַקע צום דאָזיקן ציל, הגם מיט זייער פּאַמעלעכע טריט און אויפן וועג פון קאָמפּראָמיס. אמת, אַז בראש פון דער רעגירונג איז געשטאַנען דער חבר פּילסודסקי; אָבער דעם חבר הערשס גלייבן און פאַרטרויען אין דעם סאָציאַליסט און רעוואָלוציאָנער פון 1905 האָט זיך גענומען עטוואָס וואַקלען; עפּעס האָט די גלאָריע פון דאָזיקן חבר מיט די לאַנגע וואָנצעס גענומען פאַרבלאַסן אין דעם געוועזענעם רימאַרזשס אויגן. מעגלעך, אַז דער גלאַנץ פון די גאָלדענע מאַרשאַל־עפּאָלעטן און דער בליאַסק פון דער לאַנגער, טערקיש־געבויגענער שווערד, האָבן אין דעם חבר הערש פאַרשאָטנט דאָס צאַרטע לויכטן פון די לעגענדעס, מיט וועלכע דער באַרימטער קעמפער פאַר פרייהייט איז געווען אַרומגעוועבט.

און פּלוצלינג — דאָס איז געווען נישט לאַנג נאָכן געשלאָסענעם שלום מיט די באָלשעוויקעס — איז דער חבר הערש אויפגעשפּרונגען פון זיין פּאָטעל און האָט אַ שטויס־געטאָן די צוויי פּעקלעך געלט וואָס זענען געלעגן פאַר אים אויפן טיש. ער האָט דערביי געמורמלט: „שולדיק אין דעם וואָס איך בין געוואָרן אַן עקספּלואַ־טאַטאָר, אַ פּראָפיטירער פון קריג — איז פייגע! זי האָט מיך צו דעם אַלעם צוגע־רעדט, מיך טאַקע פאַרפירט! איך האָס זי! כ׳פאַראַכט זי!“

אַנטלאָפן פון זיין היימשטאָט איז דער חבר הערש אַליין; אָן די עלטערן און אָן פייגען. (ציפּען האָט ער גאָר אין גאַנצן פאַרגעסן). ווי צום אומגליק אָבער האָט ער זיך דאָ (אין וואַרשע) צוזאַמענגעטראָפן מיט דער חברטע פייגע ביי אַ פאַרזאַמ־לונג. זי האָט דערביי אויסגערופן אַ דערפרייטע: „גאָט צו דאַנקען דו לעבסט!“ ווי אַ קלוגע, אָדער כיטרע, האָט זי אים נישט געמאַכט קיין שום פאַרוואורף, נישט געהאַט צו אים קיין טענות פאַר וואָס ער האָט זיך פון איר אַוועקגעגנבעט און איז פאַר־שווונדן. זי האָט אים בלויז געפרעגט וווּ ער וווינט. אָבער ער האָט נישט געענט־פערט. ער האָט אַפילו נישט געקוקט אויף איר. בלויז נישט ווילנדיק האָט ער געברומט: „גאָט צו דאַנקען... פרום געוואָרן, וואָס?“ — זי האָט זיך פאַרשעמט און געשמייכלט פאַרלעגן: „פרום... ס׳האָט זיך אַרויסגעריסן“... אָט דאָס נישט ווילנדיקע ברומען איז שולדיק געווען אין דעם וואָס ס׳האָט זיך אַנטוויקלט אַ געשפּרעך, וואָס ער האָט געוואָלט אויסמיידן. ער האָט איר דאַן שוין געענטפערט אויך אויף טייל פראַגן — בעל כרחו. דער סוף איז געווען, אַז ער האָט איר שוין געזאָגט וווּ ער וווינט און זי איז טאַקע באַלד צומאָרגנס געקומען צו אים.

די חברטע פייגע האָט זיך אַרומגעקוקט אין דער גרויסער, שיינער און ליכ־

טיקער שטוב. הגם זי האָט הערשס זיך דערוויטערן פון איר דערפילט נאָך דעמאָלט ווען ער האָט אָנגעהויבן רייך ווערן, און פון זיין אַנטלויפן קיין וואַרשע אָן איר, האָט זי שוין גענוג קלאָר געוווסט אַז זי האָט אים פאַרלוירן — האָט ער אין איר האַרץ אָבער נישט אויפגעהערט צו לעבן ווי איר געליבטער, איר הערש, איר לעבנס־באַגלייטער. אַצינד אָבער — צוליב דעם לוקסוס אין זיין צימער — איז ער מיט איין מאָל געוואָרן אַ פרעמדער פאַר איר, אין גאַנצן אַ פרעמדער. עטלעכע מינוט איז זי געווען ווי באַטויבט. ווען זי איז געקומען צו זיך, האָט זי גענומען באַוווּנדערן און לויבן זיין לוקסוס־וווינונג. דאָס איז פאַר איר געווען אַ מיטל צו קענען באַהערשן איר פּלוצלינגדיקן, האָפענונגסלאָזן צושטאַנד. באַלד אָבער האָבן זיך פון איר האַרץ גענומען רייסן ביטערע ווערטער. צוערשט איז די ביטערקייט געווען אַ ביסל פאַרשטעלט; זי האָט זיך אויסגעדריקט אין אָנצוהערענישן, אין שטעך־ווערטלעך, איראָניע, חוזק, ביז זי איז אַרויס מיט אָפענע דיבורים: „אַזוי... ביסט אַנטלאָפן פון מיר... פשוט אַנטלאָפן... העלד... קיין וואַרשע ביסטו אַנטלאָפן... צוזאַמען מיט מיר האָסטו אויך פאַרראַטן דיין צווייטע געליבטע, דיין קעפּסוויי־ב — די אָרעמע ציפּען... נו, — איך וועל דיר נישט נאָכלויפן, כ׳וועל דיך נישט צווינגען. זיי גליקלעך אָן מיר. אָבער דו האָסט מיר געקענט זאָגן גאַנץ אָפן און פשוט אַז דו ליבסט מיך נישט מער. אַז דו ווילסט דיך מיט מיר צעגיין. חתונה־געהאַט האָבן מיר דאָך נישט; וואָלסט נישט באַדאַרפט דיך גטן מיט מיר, נישט ביי אַ רב און נישט אין געריכט. מיר האָבן געלעבט צוזאַמען ווי פרייע מענטשן, און ווי פרייע מענטשן — ווי חברים — האָבן מיר זיך געקענט צעגיין. מיר וואָלטן געבליבן פריינד. פאַרבינדט אונדז דען נישט אונדזער אידעאַל, די סאָציאַליסטישע אידייע? אָדער האָסטו שוין פאַרראַטן אויך דעם סאָציאַליזם? ביסטו שוין טאַקע אַריבער צום שונא, צו דער בורזשואַזיע?״ — — —

פייגעס לעצטע ווערטער האָבן דעם חבר הערש טיף געטראָפן. ווי אַ פאַר־ווּנדעטער האָט ער גענומען רעדן אויפגערעגט און מיט אַ העכערן קול: „ווי וואַגסטו מיר דאָס צו זאָגן?! האָסטו נישט פאַרראַטן דעם סאָציאַליזם דעמאָלט ווען מיין געלט האָט נאָך געהערט אויך צו דיר?! צווייטנס, ווער האָט זיך גע־ריסן צו רייכטום? האָסטו נישט מיך געשטופּט און געשטויסן צוצונעמען מענטשן און צו אַרבעטן פאַרן מיליטער? ווּעמענס געדאַנק איז עס געווען, אַז איך זאָל די אַרבעטער באַצאָלן זייער שכירות עטלעכע וואָכן שפּעטער און פאַר זייער געלט קויפן אויסלענדישע וואַליוטע? ווער איז צוערשט געגאַנגען אויף דער שוואַרצער בערזע איינהאַנדלען אויסלענדיש געלט? — צומייסט דו! נו, ווילעך איצט פון מיין געלט הנאה־האָבן! און קען מען דען נישט — ווען מ׳האָט געלט, אַפילו ווען מען איז רייך — זיין אַ סאָציאַליסט?״ ער האָט איר גענומען אויסרעכענען סאָציאַליסטן, טעאָרעטיקערס פון סאָציאַליזם, גרויסע קעמפּערס, וואָס זענען געווען רייך. צום סוף האָט ער זיך צעלאַכט מיט אַ בייז סאַרקאַסטיש געלעכטער: „דו וואָלסט דיך געוויס אָפּגעזאָגט פונעם געלט, ווען כ׳זאָל עס דיר געבן... דו וואָלסט דיך אָפּגעזאָגט פון אַ שיינע וווינונג, פון לוקסוס און פאַרגעניגן״...

פונקט ווי זי האָט פריִער אים געטראָפן אין האַרץ, אַזוי האָט ער איצט איר געטראָפן. זי האָט געקעמפט מיט טרערן, וואָס די באַליידיקונג און די קרענקונג פון זיינע ברוטאַלע רייד האָבן אין איר אַרויסגערופן. נאָר זי האָט די טרערן אַראָפּ־

געשלונגען און געענטפערט מיט ווייטיקלעכן שפּאָס: „געוויס וואָלט איך מיך נישט אָפּגעזאָגט פונעם געלט וואָס דו' וואָלסט מיר געגעבן. יעדנפאַלס געהערט אַ העלפט, צי ווייניקער — אַ געוויסער טייל — מיר. טאַקע דערפאַר, ווייל די אידייע פון אַ ווערקשטאַט און אַרבעטן פאַרן מיליטער איז געווען מיינע. איך האָב דיר אויך געהאָלפן פירן דעם ווערקשטאַט. יאָ, איך האָב דיך טאַקע געהייסן אויסצאָלן די חברים זייער שכירות פאַר דער אַרבעט עטלעכע וואָכן שפּעטער און בין געגאַנגען אויף דער שוואַרצער בערזע — און דיך געשטופּט — אויסצוטוישן די „דויטשע אָסטמאַרקן" אויף אַמעריקאַנער דאָלערס און ענגלישע פונטן. ווען נישט דאָס וואָלסטו איצט גאָרנישט געווען אַזוי רייך. אָבער"... אַ מאָמענט האָט זי געשוויגן און דאַן אויסגערופן ווי אַ זיגערן און מיט צאָרנדיק־פלאַמענדיקע אויגן פון בקמה: „ניין, קיין איין גראָשן וויל איך נישט פון דיר!"

און זי איז אַרויסגעלאָפן.

3

דער ווייטיק אין דער חברטע פּייגעס האַרץ איז געווען גרויס. זי האָט איר געוועזענעם געליבטן איצט געהאַסט און אַפילו פאַראַכטעט. אָבער זי האָט פון דעסטוועגן נישט געקענט געפינען קיין רו, נישט בייטאָג און נישט ביינאַכט. זי האָט זיך געפּייניקט אין ליבע און בענקשאַפט נאָך איר הערשן. זי האָט זיך איצט גאָר אויף כ׳ניי פאַרליבט אין אים. ס׳האָט זי מיט אייזערנער געוואַלד געצויגן צו אים, כאָטש צו זען, בלויז צו רעדן מיט אים, זיך צו געפינען אין זיין קעגנוואַרט, אין זעלבן אָרט ווו ער איז. אָבער זי האָט זיך יעדעס מאָל, ווען זי האָט געוואָלט ווידער צו אים אַהינגיין, גובר געווען. עטלעכע מאָל האָט זיך געמאַכט, אַז זי האָט בשום־אופן מער נישט געקענט זיך באַהערשן און זיך אַוועקגעלאָזט צו אים. אָבער אויפן העלפט וועג האָט זי זיך פאַרקערעוועט אין אַ פּאַרק אַריין און דאָרט זיך אַוועקגעזעצט אַן איינזאַמע אין אַ זייטיקער אַלייע, אין וועלכער ס׳זענען נישט גע־גאַנגען קיין מענטשן. זי איז געזעסן פאַרטיפט אין איר שמערץ און טרערן זענען גערונען איבער אירע באַקן, וואָס זענען געווען בלאַס און אויסגעצערט, נישט בלויז פון פּיין אין איר נשמה, נאָר אויך פון הונגער, ווייל זי האָט נישט געהאַט קיין אַרבעט און נישט פאַרדינט קיין געלט.

נאָך עטלעכע שעה זיצן אין דער אַלייע און זיך אויסוויינען פאַר דיביימער און דעם הימל, איז די חברטע פּייגע צוריק אַהיימגעגאַנגען. ניין, זי איז צו הערשן נישט מער אַהינגעגאַנגען. זי איז אַפילו נישט געגאַנגען צו קיין פאַרזאַמלונגען, ווו — ווי זי האָט גערעכנט — אַז ער וועט דאָרט זיין. זי האָט שטיל געליטן.

אַ שטיקל צייט האָט אויך הערש געליטן. נישט ווייל ער האָט פּייגען נאָך געליבט און די בענקשאַפט נאָך איר האָט אים געפּייניקט, נאָר ווייל דאָס געוויסן האָט אים געקוועלט. וועגן ציפּען אָבער האָט ער זיך געזאָגט: „זי איז אייגנטלעך געווען אַ געפאַלענע פרוי. איך האָב איר געהאָלפן, נישט בלויז׳ זיך פריי מאַכן פון דעם וואָס זי האָט געליטן — ווייל די מענטשן אין שטאָט האָבן געקוקט אויף איר ווי אויף אַ געפאַלענער — נאָר כ׳האָב איר געהאָלפן אַרויסראַטעווען זיך פון דער פינצטערניש, אין וועלכער זי האָט געשטעקט. כ׳האָב איר געגעבן אַן אידייע, אַן

אינהאַלט אין לעבן. און"... אויף זיינע ליפּן האָט זיך באַוויזן אַ ציניש שמייכעלע: „כ'האָב איר קיין מאָל נישט צוגעזאָגט מיט איר חתונה צו האָבן". ער האָט זי פאַרגעסן.

וואָכנלאַנג איז דער חבר הערש — נאָך פייגעס באַזוך ביי אים — נישט גע־גאַנגען צו קיין פאַרזאַמלונגען, נישט געוויזן זיך אין אַזעלכע ערטער ווו ער וואָלט זי געקענט טרעפן. דאַן אָבער האָט ער באַשלאָסן, אַז ער וועט פייגען דאָך געבן אַ טייל פונעם געלט וואָס ער האָט געהאַט: „דייטשע אָסטמאַרקן", וועלכע ער האָט נישט אויסגעוועקסלט און אַצינד זענען זיי כמעט שוין גאָרנישט ווערט געווען. ער האָט ווידער גענומען גיין אומעטום, און אַפילו געוואַרט און געהאָפט אַז פייגע וועט צו אים צוקומען און ער וועט איר געבן איר חלק געלט. אָבער ס'זענען אַוועק וואָכן און חדשים און ער האָט זי נישט באַגעגנט און ער האָט ביסלעכווייז אויך זי פאַרגעסן. ער האָט דאַן אָנגעהויבן בענקען נאָך אַ געליבטע, נאָך אַן אמתער גע־ליבטע, מיט וועלכער ער וועט חתונה האָבן. אָבער ער האָט באַשלאָסן נישט צו פאַרבינדן זיין לעבן מיט אַ פּראָלעטאַרקע. דאָס איז נאַיווער אידעאַליזם. ער האָט דערביי זיך נישט געזאָגט אויסדריקלעך אַז דאָס מיידל, וועלכע וועט ווערן זיין לעבנס־באַגלייטערן, מוז דווקא זיין אַ רייכע; אָבער ער וועט זיך נישט אָפּזאָגן פון איר אויב זי וועט אים געפעלן דערפאַר וואָס אירע עלטערן וועלן זיין רייכע. אַ שטיקל צייט נאָכן דאָזיקן באַשלוס זיינעם האָט די חברטע סאַלטשאַ — דאָס איז געווען אין זאַקסישן גאָרטן — אים באַקענט מיט פאַננאַ שוואַרץ, איר פּרינציפּאַלס טאָכטער. ס'איז געווען אַ צופעליקע זאַך, אָבער ביידע האָבן זיך גלייך פאַרליבט. פאַננאַ שוואַרץ האָט דעם אַמאָליקן רימאַרזש פּשוט פאַרבלענדט מיט איר שיינקייט. זי איז נישט געווען קיין דיקע, אָבער פאַר קיין פאַל נישט קיין דאַרע. אַ ברונעטקע. קיילעכדיקע, ראָזע באַקן, רויטע פולע ליפּן, גרויסע קיילעכדיקע און לאַכנדיקע ברוינע קאַרשן־אויגן, די ווּנס זייער לאַנגע; פאַרהאַנגען, וועלכע זי האָט אַראָפּ־געלאָזט ווען זי האָט נישט געוואָלט מען זאָל זען וואָס ס'שפּיגלט זיך אין זיי... קליינע, ווייסע ציינדלעך, געדיכטע אויגנברעמען, סאַמעט־ווייכע, פוכע הענטלעך. אין גאַנצן לויט חבר הערשס דעמאָלטיקן גוסט. אין גאַנצן אַן אַנדערע ווי פייגע, פונקט דאָס פאַרקערטע: פייגע איז געווען אַן אויסגעטרוקנטע, פאָרנט פלאַך ווי אַ ברעט און שטענדיק אַ זויערע.

דאָס באַקענען זיך מיט געניאַן, מיט ר' מנשהלע שוואַרצס טאָכטער, איז געשען אויפן שוועל פון סוף פרילינג און אָנהייבן זומער, דעמאָלט ווען אָמאָר שטייט כמעט אומעטום מיט זיין בויגן, גרייט אָפּצושיסן אַ ליבעס־פייל אין יעדן יונגן פלייש. דאָס בעסטע אָרט איז פאַר אַמאָר דער פאַרק און פאַר זיין ציל ווילט ער זיך תמיד אויס די הייסבלוטיקע. פון יענעם מאָל אָן האָט דער חבר הערש זיך געטראָפן מיט פאַננאַ שוואַרץ גאָר אָפט, אַ מאָל אין זאַקסישן גאָרטן, אַ מאָל אין די לאַזשענקעס, אין באָטאַנישן גאָרטן, אין פאַרק פון בעלוועדער. דאַן האָבן זיי פון מאָל צו מאָל גענומען אַ שיפל און זיך געשיפט אויף דער ווייסל, אָדער זיי זענען גאָר אַרויס־געפאָרן אין אַ נאָענטער פאָרשטאָט ווו ס'איז דאָ וואַלד, ווי קיין פאַלעניץ, קיין שווידער, וואַווער, צי ערגעץ אַנדערש. דער זומער איז שנעל פאַרביי. אַרום האַרבסט האָט הערש גענומען רעדן וועגן תכלית מיט פאַננאַ געניאַן: תנאים, חתונה האָבן. ער איז געווען דער ערשטער אָנצוהייבן רעדן וועגן דעם, נישט ווי ס'מאַכט זיך

גאַנץ אָפּט, אַז דאָס מיידל הייבט אָן מאָנען פון איר געליבטן ער זאָל מיט איר שטעלן אַ חופּה. נאָר געניאַ האָט נישט געזאָגט ניין: זי איז טאַקע געווען פאַרליבט אין דעם אַמאָליקן רימאַרש. ער איז פאַר איר געווען אַ גאַנץ אַנדערער ווי די קאַוואַלירן, וועלכע האָבן זי ביז אים פאַרערט, אָדער געווען פאַרליבט אין איר; אַפּילו אַנדערש פון יענע יונגעלייט, וועלכע זי האָט געליבט און דאָך נישט גאַנץ אַזוי געליבט. די מייסטע פון די פאַרליבטע אין איר זענען געווען יידישע סטודענטן, רייכע יידישע בחורים, אַלע אַזעלכע שלאַבעריקע. פאַן קרומהאָלץ (דער חבר הערש) האָט געהאַט ברייטע פּלייצעס, אַ פעסטן נאַקן; אַ געזונטער, ווי אַ קריסט. ער האָט זי אַ בעם־געטאָן אין זיינע אָרעמס און זי געטראָגן ווי זי וואָלט געווען אַ פעדער... ער איז אַזוי שטאַרק, אַז ער וואָלט זי געקענט צעברעכן ווי אַ שוועבעלע... זיין גראָבקייט איז איר געפעלן אַ סך בעסער ווי די איידלקייט פון די אַלע פיינע קאַוואַ־לירן וואָס האָבן פריִער געפּאַדעט אַרום איר. נאָך איר איינשטימען מיט אים חתונה צו האָבן, האָט זי הערשן געזאָגט: „אָבער מיין טאַטעשין וועט דער שידוך נישט געפעלן. ער וויל מיך חתונה מאַכן פאַר אַ רבס אַ זון, וויניקסטנס מיט אַ זון פון אַ רייכן און פרומען סוחר, מיט אַ לערנער פון אַ בית־המדרש אָדער ישיבה. ווי יעדער פרומער פאָטער וויל. מיין טאַטעשי איז אַ גרויסער חסיד“.

הערש האָט זי געפרעגט: „און דו וואָס זאָגסטו?“...

זי האָט זיך צעלאַכט, אַ גלאַנץ־געטאָן מיט די אויגן און אַרומגענומען דעם געליבטן. זי האָט צוגעבויגן איר מויל צו זיינע ליפּן... ווען ער האָט זי אָפּגעלאָזט נאָך דער הייסער אומאַרעמונג, האָט זי אים געגעבן עטלעכע עצות: ער זאָל זיך מאַכן עפּעס אַ געשעפט, אַמבעסטן פון שניט־סחורה — וועט זי אים דערביי קענען העלפן מיט אירע קענטענישן אין דער דאָזיקער בראַנזשע; ער קען אויך האַנדלען מיט שניט־סחורה אין אַנגראָ, זיך נישט עפּענענדיק קיין געשעפט: קויפן און פאַר־קויפן, פון האַנט צו האַנט, ווי מ׳רופט דאָס. אָדער מיט אַנדערע סחורות. ס׳איז אייגנטלעך נישט קיין נפקא־מינא. די צווייטע עצה איז געווען: דער פאָטער אירער זאָל נישט וויסן אַז ער איז געווען אַ רימאַרזש און אַז ער איז אַ סאָציאַליסט. „אַז ער וועט וועגן דעם געוווּר ווערן שפּעטער — וועט ער קענען טאָן בלויז איין זאַך“...

„וואָס?“

„גאָרנישט“.

4

דער חבר הערש האָט געטאָן וואָס זיין געליבטע האָט אים געהייסן: ער האָט אַרויסגענומען די צוויי פּעקלעך געלט פון די בוזעם־קעשענעס, האָט זיי אויפגע־בונדן, אַוועקגעוואָרפן די שפּאַגאַטלעך און דאָס אָפּגעריבענע שמוציקע פּאַפּיר, אין וועלכן דאָס געלט איז אַזוי לאַנג געווען איינגעוויקלט און זיך אַריינגעלאָזט אין מסחר. ער האָט געהאַנדלט מיט לעדער, מיט שניט, מיט גאָלד, אַפּילו מיט מעל, צוקער און זאַלץ. דער האַנדל איז געווען אַ „טריפהנער“, ווי מ׳האָט עס דעמאָלט גערופן, ווייל דער חבר הערש האָט די סחורות געקויפט — ווי טויזנטער אַנדערע שפּעקולאַנטן — אויף שפּעקולאַציע. ער האָט פאַרדינט שיין געלט; נישט ווייל ער האָט זיך אַזוי גוט אויסגעטויגט צום האַנדל, נאָר ווייל יעדער שפּעקולאַנט האָט

דעמאָלט פאַרדינט, אויב ער איז נאָר געווען געצנוג קלוג, גענוג געריסן אינעם היטן זיך פאַר דער פאָליציי, אָדער געקענט די קונץ פון געבן שוחד. און די דאָזיקע קונץ האָט דער חבר הערש גוט פאַרשטאַנען, ער האָט זי זיך אויסגעלערנט אין די יאָרן ווען ער איז געווען אַ רעוואָלוציאָנער, אין יענער פּאָליטיש־ברויזנדיקער צייט פון 1905, ווען ער האָט זיך באַדאַרפט היטן פאַר דער צאַרישער פּאָליציי, פאַר אירע זשאַנדאַרן און געהיים־אַגענטן. גאָר באַזונדערס האָט ער די קונץ זיך אויסגעלערנט אין די צאַרישע תפיסות, ווען ער איז דאָך אַריינגעפאַלן און איז פון סיביר אַנטלאָפן קיין אַמעריקע, אָפּקויפנדיק דערביי די וועכטערס.

נאָר שווערער איז דעם חבר הערש געווען דאָס היטן זיך פאַר די חברים פון דער פאַרטיי, אַז מ׳זאָל נישט געוואָר־ווערן פון זיינע „טריפהנע״ מסחרים, מ׳זאָל זיך נישט דערוויסן אַז ער איז אַ שפּעקולאַנט. דאָס האָט אים פאַרשאַפט גרויסע זאָרג, ווייל ער האָט געוווסט אַז זיין היטן זיך וועט אים נישט העלפן; סוף כל סוף וועט מען דאָס געוואָר ווערן. און אַזוי איז טאַקע געווען; ס׳האָבן זיך גענומען אַרומטראָגן קלאַנגען צווישן די חברים, אַז דער חבר הערש קרומהאָלץ איז געוואָרן אַ שפּעקולאַנט. אָפן האָט מען אים דאָס נישט געזאָגט; אָבער הינטער זיינע פּלייצעס האָט מען וועגן דעם געמורמלט. אַזוי לאַנג געמורמלט, ביז מ׳האָט עס אים גענומען געבן אָנצוהערן און אויך צו פילן. אָבער דאָס האָט געדויערט אַזוי לאַנג, ביז דער חבר הערש האָט מיטגעטיילט זיינע נאָענטע חברים אַז ער האָט תנאים־געשריבן מיט פאַננאַ שוואַרץ, דעם גרויסן גביר ר׳ מנשהלע שוואַרצס טאָכטער. ווי דורך אַ כישוף האָט דאָס געענדערט די גאַנצע באַציִונג פון די סאַמע אָנגעזעענסטע חברים צו אים, פון די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער אין פאַרשידענע פּראָפעסיאָנעלע און קולטורעלע פאַראיינען, און פון עטלעכע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער אינעם צ״ק. די ענדערונג איז נישט געווען צום ערגערן, ניין; גאָר צום בעסערן. דאָס, וואָס ער איז אַריין אין סאַמע מיטן פון דער בורזשואַזיע — און לויטן נדן, וואָס ער האָט באַקומען, איז ער אַליין אויך שוין גאַנץ רייך — דאָס האָט אויפגעהויבן זיין חשיבות: ער איז אין די אויגן פון די חברים געוואָרן אַ סך מער ווי דאָס וואָס ער איז געווען ביז אַהער. מ׳האָט גענומען אַרויפקוקן צו אים ווי צו אַ גדול, מ׳האָט אים גענומען שעצן און אַכטן אַ סך מער ווי פריִער, מ׳האָט אים גענומען האַלטן פאַר אַ גרויסע פערזענלעכקייט און מ׳האָט אָנגעהויבן האָבן פאַר אים גרויס רעספּעקט. געשען איז דאָס אַלץ צום גרעסטן טייל דערפאַר, ווייל דער חבר וואַקס אַליין, דער געליבטסטער און געאַכטעטסטער אין דער פאַרטיי, דער פאָרזיצער פון דעם צ״ק, וועמענס וואָרט ס׳איז געווען הייליק פאַר אַלע מיטגלידער פון דער פאַרטיי, וועמענס אַרטיקלען מ׳האָט געלייענט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט און צו וועמענס רעדעס און רעפעראַטן מ׳האָט זיך צוגעהערט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם — ער אַליין האָט איצט דעם חבר הערש גענומען מקרב זיין אַלץ מער. אַלץ אָפטער האָט ער אַצינד אין דער פאַרטיי־פּרעסע געדרוקט דעם חבר הערשס אַרטיקלען, מער צוגעלאָזט אים האַלטן רעפעראַטן איבער פאַרשידענע פּראָבלעמען. די חברים האָבן אַצינד דעם חבר הערשס אַרטיקלען געלייענט מיט אַ סך מער אויפמערקזאַמקייט ווי פריִער און דערזען אין אים אַ גרויסן טעאָרעטיקער, אַ שאַרפן אַנאַליטיקער, אַ פייערדיקן פּאָלעמיקער און אַ הייסן רעוואָלוציאָנערן קעמפער. זיינע קעמפעריִשע, רעוואָלוציאָנערע פראַזן זענען טאַקע געוואָרן אַ סך פלאַמיקער, ברויזנדיקער

ווי זיי זענען געווען פריִער. ער האָט דערביי אויך פאַרשטאַנען אויף אַ קלוגן אופן אָנצוווינקען, אַז ד׳ערווייל איז נאָך נישט די צייט פון אַ רעוואָלוציע, פון אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד; דערווייל מוזן די מאַסן קאָאָפּערירן מיט דער רעגירונג, מיט דעם סאָציאַליסטישן טייל פון דער רעגירונג, איר העלפן אין דער גרויסער אָנשטרענגונג קודם־כל צו היילן דאָס פאָטערלאַנד פון די שווערע ווונדן, וואָס ס׳האָט באַקומען אין דער לאַנגער צייט פון קנעכטשאַפט און אין דער שרעקלעכער מלחמה. גאָר טרעפלעך איז דער חבר הערש אָנגעקומען צו פאַרברענגען אין זיין קאַמף קעגן די ציוניסטן, קלעריקאַלן און פאַר אַלעם — קעגן די קאָמוניסטן: קעגן די רויטע.

דער חבר וואַקס האָט דעמאָלט איינגעלאַדן חתן־כלה צו זיין זיינע געסט ביי אים אינדערהיים; זיין פרוי וועט זיך זייער פרייען.

## קאַפּיטל פינף און צוואַנציק

# אין דער היים ביי אַ גרויסן סאָציאַליסט

### 1

פאַננאַ שוואַרץ איז געווען זייער נייגעריק מיטצוגיין מיט איר חתן צו די וואַקס׳, ווו ס׳זענען אָפט געקומען אינטערעסאַנטע מענטשן, אַזעלכע, וועלכע זי האָט אין איר לעבן נאָך נישט באַגעגנט. פאַר אַלעם האָט זי זייער שטאַרק געוואָלט באַקאַנט ווערן מיטן פאַן אַדוואָקאַט וואַקס, וועגן וועלכן זי האָט אַ סך געהערט, געזען זיין בילד אין צייטונגען און אויך אַפּישן. אַ זעלטן שיינער מאַן. זי האָט אָפט שוין געטראַכט, אַז יעדער פרוי מוז זיך אין אים פאַרליבן. און די ווירקלעכקייט איז געווען נאָך שטאַרקער ווי איר פאַנטאַזיע. ווען זי איז אַהינגעקומען מיט איר חתן האָט זי זיך טאַקע שיִער פאַרליבט אין דעם אויסטערליש שיינעם אַדוואָקאַט וואַקס. נישט בלויז שיין איז ער, נאָר מאַיעסטעטיש. אַ קעניג! ווען זי וואָלט נישט געזען מיט אירע אייגענע אויגן, וואָלט זי נישט געגלייבט אַז אַ סאָציאַליסט זאָל קענען זיין אַזוי פיין, אַזוי איידל, אַזוי רייצנדיק אין פאַרקער מיט מענטשן און האָבן אַזעלכע העכסט אַריסטאָקראַטישע מאַנירן. און ס׳אַראַ אויסגעצייכנטער קאַוואַליר! העפלעך, שאַרמאַנט, עלעגאַנט. און ווי אונטערהאַלטנדיק אין געשפּרעך, ווי אַמוזאַנט און וויציק! אויך זיין פרוי איז זייער פיין: קלוג, אינטעליגענט און נישט קיין מיאוסע; זי האָט אַ סך שיק, אַ גאַנץ באַטעמטע פיגור. און דער פאַן שטשעלקאָווסקי, אָדער „חבר גרעגאָר״, ווי די מייסטע רופן אים? — ער איז גאָר באַצויבערנדיק! אַך ס׳אַראַ קאַוואַליר אין זיין אומגאַנג מיט דאַמען! קיין וווּנדער; אַ געוועזענער פוילישער אָפיציר!...

פאַננאַ שוואַרץ (און דערנאָך, ווען זי איז שוין געווען פאַני קרומהאָלץ, חבר הערשס פרוי), איז מיטן גרעסטן פאַרגעניגן געגאַנגען צו די וואַקס׳. נאָר עטלעכע זענען דאָרט געווען וואָס זענען איר נישט געפעלן, זענען איר נישט געווען סימפּאַטיש, ווי אַ שטייגער דער חבר יאַקובאָוויטש. אויף אים האָט זי געהאַט פאַרדרוס,

ווייל ער האָט דער אָרעמער סאַלטשאַ, דער פאַרקויפערן אין איר פּאַטערס געשעפט, פאַרדרייט דעם קאָפּ אַזוי לאַנג שוין און האָט נאָך אַלץ מיט איר נישט חתונה געהאַט; אַפילו קיין תנאים האָט ער מיט איר נאָך נישט געשריבן! און די סאַלטשאַ, די פּאַננאַ שיינבלום, איז איר אַזוי סימפּאַטיש! אָבער גאָר אָפּשטויסנדיק איז דער יונגער און שיינער מאַדאַם קרומהאַלץ געווען דער „טאָוואַרזשיש" מאַט. יעדעס מאָל ווען ער איז דאָרט געווען, איז איר דער גאַנצער אָוונט כמעט פאַרשטערט געוואָרן. דעריבער, אַז דער מאַן האָט איר געזאָגט: „גענוג, מיר גייען היינט צו די וואַקס'ן!" האָט זי געפרעגט: „וועט דאָרט אויך זיין דער מיאוסער פאַרשוין, דער מאַט? ער עקלט מיך פּשוט!"

„פאַר וואָס?"

„איך ווייס נישט, אָבער"...

„איך קען אים אויך נישט ליידן, פון דעסטוועגן"...

מאַדאַם קרומהאַלץ האָט זיך געחידושט: „פאַר וואָס־זשע זעסטו נישט אַז מען זאָל אים?"...

דער חבר הערש האָט געשמייכלט.

2

דער אַדוואָקאַט, חבר וואַקס, וווינט אין דער ייִדישער געגנט, אין אַ שמאָל געסל, אַ קליינס, וואָס וואָלט זיך אָבער געמעגט געפינען אין דעם רייכסטן און אַריסטאָקראַטישסטן טייל פון דער פּוילישער רעזידענץ: אַזוי זויבער, אַזוי שטיל, שיין און באַחנט איז דאָס דאָזיקע געסעלע. ביים אַריינגאַנג דורכן פאַראַדנעם טויער בליאַסקעט דאָס מעשענע שילדל מיטן נאָמען און טיטל (אין פּויליש): אַדוואָקאַט י. וואַקס. דאָס שילדל האָט געמאַכט אַ חבר, אַ גוטער גראַווירער, כמעט אַ קינסטלער אין זיין פאַך, וואָס מ'דערקענט לויט די באַצירונגען און דעם שניט פון די אותיות.

די שעהן ווען דער אַדוואָקאַט נעמט אויף זענען: פון 4 ביז 7. דאָך איז ער נאָך אַלץ אין דער קאַנצעלאַריע, הגם ס'איז שוין לאַנג נאָך 7. ער איז באַוואָרפן מיט אַרבעט ביז איבערן קאָפּ. דאָס מיינט נישט, אַז ער וועדט רייך פון זיין קליענ־טעלע; די מייסטע וואָס קומען צו אים זענען אָרעמע: באַלמעלאָכעס, גאַסנהענדלערס, קליינע קרעמערס, קיין זייער רייכע קומען כמעט נישט.

דאָס אויפנעם־צימער איז גאָר אַ קליינטשיקס. אָבער ס'איז דאָ כמעט שטענדיק אַ צען קליענטן, וואָס וואַרטן יעדער אויף זיין ריי. אויפן טישל ליגן זשורנאַלן, ווי אין וואַרטצימער פון אַ דאָקטאָר. אויף די ווענט הענגען בילדלעך. די באַלייכ־טונג איז אַן עלעקטרישע. פאַרשטייט זיך אַז ס'איז ענג; דאָך איז גאַנץ אָנגענעם, ווייל ס'איז געשמאַקפול איינגעאָרדנט. מ'פילט אין אַלץ דעם פיינעם געשמאַק פון באַלטשען, דעם אַדוואָקאַטס פרוי. נאָר געוויסע קליענטן זענען נישט גאַנץ צופרידן, באַזונדערס נישט מיט די בילדלעך אויף די ווענט: נישט קיין איין בילד פון אַ סאָציאַליסט, נישט פון קאַרל מאַרקס און נישט פון ענגעלס, אַפילו נישט פון גרינדער פון דער פּאַרטיי.

ס'איז שוין גאַנץ שפּעט. דאָך וואַרטן נאָך אַלץ דריי מענטשן; זיי זענען די

אָרעמסטע פון די אָרעמע. געקומען זענען זיי נישט די לעצטע; אָבער די מייסטע, וועלכע זענען געקומען נאָך זיי, זענען שוין אָפּגעפּאַרטיקט געוואָרן. נאָר די שולד פאַלט אויף די דריי וואַרטנדיקע אַליין, ווייל יעדעס מאָל ווען דער אַדוואָקאַט האָט געעפנט די טיר און געזאָגט „פּראָשען", זענען זיי געבליבן זיצן און געלאָזט גיין אַנדערע. ווייל ס'האָט זיך זיי יעדעס מאָל געדאַכט, אַז דער בליק, וואָס דער אַדוואָקאַט וואַרפט אויף זיי ביים עפענען די טיר, זאָגט זיי: „איר צאָלט דאָך נישט"... זיי בלעטערן די זשורנאַלן וואָס ליגן אויפן טישל, אָבער לייענען קענען זיי נישט, ווייל פּויליש האָט מען זיי נישט געלערנט. די בילדער און די פאָטאָגראַפיעס אין די זשורנאַלן האָבן זיי שוין געזען באַקוקט: אַלע פון שיינע און רייכע פרויען, פון גראַפן און באַראָנען, פון באַרימטע קירכעס און שלעסער, לאַנדשאַפטן און סטאַטועס. די דריי אָרעמע פאַרענטפערן אָבער זייער חבר, דעם אַדוואָקאַט, בזה הלשון: „ס'קומען דאָך צו אים נישט בלויז אַרבעטער, סאָציאַליסטן: די מייסטע זענען מסתמא סוחרים, באַלעבאַטים. פון אונדז וואָלט ער דען געקענט עקסיסטירן, ווויגען אין אַזאַ טייערער דירה? און אַן אַדוואָקאַט מוז דאָך האָבן אַ שיינע וווינונג, אַז נישט — וועלן קומען צו אים בלויז אַזעלכע פּענטאַקעס. און ס'קומען אויך קריסטן. קענען נישט ליגן דאָ קיין יידישע, און נישט קיין סאָציאַליסטישע זשורנאַלן. דעריבער קענען אויך נישט הענגען קיין בילדער פון סאָציאַליסטן אויף די ווענט".

פאַרן אַדוואָקאַט האָט זיך געקלאָגט אַן אָרעמע קרעמערקע: „די רעגירונג פירט אַ קאַמף קעגן יקרות. וואָס קען יאָך אָבער טון? יאָך נעם צו־טייער. זאָלן די הורטאָווניקעס אַראָפּלאָזן פון די פרייזן — און נישט אַלע מאָל נאָך מער אַרויפציען — וועל יאָך פאַרקויפן וועלוועלער. ס'מיאַר אַ נפקא־מינאַ? די פּאָליציי גייט אָבער נישט צו די גרויסע, נאָר צו די קליינע. יאָך מיין: זי גייט צו די גרויסע, אוודאי גייט זי — צו קריגן אין יד אַריין. יאָך אָבער קען נישט געבן, אַלע מאָל געבן". אַ שניי־דער האָט אויסגעגאָסן זיין האַרץ אויפן באַלעבאָס זיינעם: „ר'וויל מיאַך אַרויסוואַרפן פון דער דירה, פון דער קבורה, ווייל מער ווי אַ קבר, אַ פינצטערער גרוב איז דאָס לאָך, דער קעלער, נישט".

אויפן גרינעם שרייבטיש ליגן אָנגעלייגט פּאַפּירן. דער אַדוואָקאַט זעט אויף זיין שטול אויס ווי אַ ריכטער — אַזוי פייערלעך. אָבער ער איז מיד. דער שיין־געפורעמטער קאָפּ — אַראָפּגעלאָזט. די גרויסע, טרוימערישע אויגן — האַלב־געשלאָסן. ער הערט פון דעסטוועגן אַלץ וואָס יעדער קליענט דערציילט אים. איין קליענט — אַ היציקן, געזונטן יונג — האָט ער אָפּגעשטעלט אין מיטן דערציילן: „הייסט עס, אַז איר האָט אייער אַרבעטגעבער אַ שטופּ געטאָן און ער?"...

דער יונג איז זיך נישט בלויז מודה, נאָר באַרימט זיך: „וואָס הייסט אַ שטופּ געטאָן" — יאָך האָב דעם בלוטזויגער אַ הייב געטאָן ביים פּופּיק און אַ זעץ אין דר'ערד, אַז די פּאַדלאָגע... אויף צובייסן האָב יאָך אים געגעבן אַ פּראַסק אין פּיסק אַריין — האָט ער זאָך געזען מיט דער עלטער־באָבען... דריי ציין... אַ ריאָך אין זיין מאַמעס"...

„דאָס איז איינס. און דאָס צווייטע פּעקל?"

„דאָס צווייטע פּעקל"... דאָס היטל האָט דער יונג געהאַלטן איןביידע הענט. ער האָט עס נערוועז געדרייט אַהין און אַהער, צעקנייטשט און צעקנאָדערט, עס געלייגט פון איין האַנט אין דער צווייטער — נישט געוווסט וואָס צו טאָן דערמיט.

נישט ווײל ס׳איז אים באַפאַלן אַ מורא וועגן צווייטן „פעקל״, נאָר ווײל ס׳האָט אים אָנגעפילט מיט פרייד און שטאָלץ. פאַר אַלעם אָבער איז ער שטאָלץ געווען וואָס ער איז געזעסן קעגנאיבער דעם חבר וואַקס און גערעדט מיט אים ווי מיט זיינס גלײכן. דער יונג האָט זיך לעקישעוואַטע צעשמייכלט, זיך גענומען גלעטן איבער אַ קני, ציפן די נײע קורטקע. ער האָט זיך באַטאַפּט דאָס נײע שניפּסל, אויב ס׳זיצט ריכטיק אין ווײסן פּאַפּירענעם קאָלנער, וועלכן ער האָט עקסטרע געקויפט. די שבתדיקע שטיוועלעך האָט ער זיך אָנגעטאָן. מ׳קען זיך שפיגלען אין זײ, אַזוי האָט ער זײ אָפּגעפּוצט. פּלוצלינג שטײט ער אויף, גײט זיך איבער עטלעכע מאָל הין און צוריק איבערן צימער — בלויז צו הערן ווי זײ סקריפּען. צום דאָזיקן סקריפּען הערט ער זיך צו ווי אַ ווירטואָז צו די טענער פון זײן פידל. דער יונג טוט אַ קוק אויף די ווענט מיט אַ שטאָלצן בליק; ער וויל אַז קאַרל מאַרקס און ענגעלס זאָלן הערן וואָס ער גײט איצט דערציילן. נאָר אויף די ווענט הענגען נישט קיין בילדער פון סאָציאַליסטן. איז ער אַ ביסל אַנטוישט. מילא... ער זעצט זיך צוריק אַנידער. באַלד צעשײנט זיך זײן פּנים: ער גרייט זיך צום דערציילן.

דער חבר וואַקס האַלט דאָס פײן־צוגעשוירענע בערדל (און אויך די וואָנצעס) אין זײן שײנער האַנט. אַזויערנאָך פאַרשטעלט ער זיך ס׳מויל און אויך די נאָז־לעכער, ווײל ער קען דעם יאַטקע־גערוך נישט אויסהאַלטן. דער יונג האָט זיך טאַקע איבערגעטאָן איידער ער איז אַהערגעגאַנגען; דאָך פילט זיך פון אים יאַטקע.

„נו״, הייבט דער יונג אָן: „יאַך בין דערווײל נאָך אַ „טשילאַדניק״, אָבער יאַך ׳על שוין באַלד ווערן אַ „פּאָלנע״ העקער! יאַך בין אַ מיטגליד פונעם פלײשער־פאַראײן! אַ באַוווסטזיניקער סאָציאַליסט בין יאַך!״ ווידער האָט ער אויפגעהערט, ווײל ער האָט אַלץ נישט געקענט כאַפּן דעם ריכטיקן אָנהייב צו דערציילן אַזוי ווי ער האָט געוואָלט: ס׳זאָל אַרויסקומען קנאַקעדיק. זײן האַרץ איז געווען אָנגעפילט מיט שטאָלץ און גערעדט צו אים: „ביסט אַ העלד, באָמזע! קענסט קריגן אַ יער׳ל און אפשר מער, אָבער סאַ גרויסע העלדנטאַט ׳אָס דו ׳אָסט געטאָן! סי פאַר דער גרויסער זאַך!״ זײנע אויגן האָבן זיך אַ קאָליער־געטאָן צו די ביכער און פאַרן אַדוואָקאַט זענען געבליבן בלויז די ווייסלעכצער פונעם קליענטס „קוקערס״. באַטראַכטנדיק די גרויסע דיקע ביכער מיט לעדערנע רוקנס און גאָלדענע אותיות אין די גלעזערנע שענק, האָט באָמזע נאָך שטאַרקער דערפילט די גרויסקייט פונעם חבר וואַקס און זײן אײגענע חשיבות, צו רעדן איצט מיט אים... „טאַטעניו!״ האָט דער יונג געטראַכט; „אַזעלכע ביכער! אַזוי פיל! דאָס אַלץ צו האָבן אויסשטודירט! און דערנאָך זײ נאָך צו געדענקען אויסנווייניק!״... ווידער האָט ער אָנגעהויבן: „ווי זאָל יאַך אייך זאָגן, חבר?... ווען יאַך זאָל אַצינדאָר דאַרפן גײן אין „חד גדיא״ אַרײן אַפילו אויף 10 יאָר... יאַך ׳אָב פאַרטיידיקט מאַ סאָציאַליסטישן אידעאַל ׳אָס איאָר... יאַך קום צו יעדאָ רעדע אייאָרע! יאַך... נו, כעלס מאַכן קורץ: די רויטע זענען געגאַנגען הין און קריק אויף דער דזשיקע. יאַך מיט מיינע חברים זענען אויך געגאַנגען. מיאָר ׳אָבן גערעדט פון אונדזאָר אידעאַל. ׳צווישן דער סטאַווקי און ביזקע זעמאָר שטײנגעבליבן. די רויטע אויך. הייבן אָן רעדן צו אונדז. מיאָר ענטפערן נישט. דאַנאָך... אַ וואָרט צו אַ וואָרט... איאָר פאַרשטייט דאָך... העלדן... אָמער זײ געגעבן... קומען אָן „בלוע״... מיאָך כאַפּט איינאָר באַם קאַרק. קוק מיאָך אום — נישט קאַ בלוער... אַ שגץ... געמיינט אַ רויטער... יאַך דערלאַנג אים אַ ריס אין

די ציינאָר אַריין, אַז די רויטע יוכע... איזס אָבער גאָר געווען אַ געהיימאָר"... מ׳האָט אַרעסטירט... יאַך טענה: נישט געוווסט פראָשען פּאַנאַ, געמיינט אַ קאָמוניסט... די רויטע אָנגעפאַלן אויף אונדז, זאָג יאַך... פשעפּראַשאַם... האָט מ׳האָט אָפּגעלאָזט... שוין געהאַט פאַרגעסן די גאַנצע מעשה... שוין לאַנג... קריג אָבער היינט אַ פּאַפּירל: יאַך זאָל קומען צום שלעדסע... ס׳שמעקט, זאָגן חברים, מיט לאַנגע קעסט"...

דער אַדוואָקאַט האָט באַרויקט דעם יונג: „מירן שוין זען"...

3

אויפן חבר וואַקס האָבן שוין געוואַרט די חברים מאַט, גרעגאָר, יאַקובאָוויטש, הערש מיט דער פרוי און די חברטע סאַלטשאַ. דער חבר גרעגאָר איז ווייטער אין דינסט ביי דער רעגירונג, אָבער נישט ווי אַן אָפיציר אין דער אַרמיי, נאָר אין דעם אָפּטייל וואָס האַלט די זיכערקייט אינעם לאַנד: ער איז אַ קאָמיסאַר אין דער פּאָליטישער פּאָליציי. אָבער ער איז ווייטער טעטיק אין דער פּאַרטיי, אָדער ריכטיקער: ערשט איצט טוט ער אַ סך פאַר איר, ברענגט איר גרויסע נוצן. דער חבר סמוטנער איז נישט געקומען, הגם ס׳איז היינט דאָ וועגן עטלעכע וויכטיקע ענינים זיך דורכצושמועסן. (מ׳טוט דאָס ביים טרינקען אַ גלעזל טיי). באַשלוסן ווערן נאַטירלעך נישט אָנגענומען. דאָס טוט מען נאָר ביי אַן אָפיציעלער זיצונג. דער חבר סמוטנער מוז זיך אָבער שוינען, ער איז קראַנק און האַלט זיך צוריק פון גיין ערגעץ, אויב ס׳איז נישט אומבאַדינגט נייטיק. אַהער איז דאָך מער אַ קומען צוגאַסט, זיך אַ ביסל צו אונטערהאַלטן. דערביי רעדט מען אויך וועגן לויפנדיקע פּאַרטיי־ענינים.

חוץ די חברים־געסט וואַרטן די צוויי קינדער אויפן טאַטוש, ביידע יינגלעך, איינס פינף און דאָס צווייטע זיבן, און ס׳וואַרט באַלטשע, די פרוי. די יינגלעך — דער עלטערער הייסט שימעק און דער יינגערער קאָלקאַ — — זענען אָנגעטאָן אין רויטע סוועטערלעך און רויטע הייזעלעך. ביידע זענען שמאָלינקע, ווי העכטעלעך, און פּ׳יילעכע. זייער לויפן איבער דער שטוב איז, ווי פישלעך שווימען אין וואַסער. איינער אויפן אַנדערן איז אַזוי ענלעך — טאַקע ווי צוויי טראָפּנס וואַסער. דער יינגערער האָט די זעלבע שוואַרצע לאָקן ווי זיין ברודער, די זעלבע לענגלעכע, אײדעלע פאָרעם פון קעפּל, די זעלבע גרויסע, שוואַרצע, קלוגע אויגן און אומגעוויינלעך לאַנגע וויעס. זיי זענען ביידע געראָטן אין פאָטער.

די געסט לאַנגווייליקן זיך נישט, כאָטש זיי וואַרטן שוין לאַנג. באַלטשע אונטערהאַלט זיי אויסגעצייכנט. זי טראָגט אַ שיפאָן פּערלמוטער־גרוי קלייד. דער ווייסער טען פון איר פנים און די העלבלאָנדע האָר האַרמאָנירן באַזונדערס מיטן קאָליר פון דאָזיקן קלייד. די בלוילעכע גרויקייט פון אירע לויכטנדיקע אויגן גיסט זיך צוזאַמען מיט דער וואַרעמער גרויקייט פונעם קלייד. אין דאָזיקן קלייד קומען אויך שטאַרק צום אויסדרוק אירע נישט צו־שטאַרקע, דאָך פולע ווייבלעכע פאָרמען. געוויינלעך איז זי ווייט פון וועלן געפעלן אַנדערע מענער, חוץ איר יאָשען. צייט אָבער זי האָט דערפילט אַז איר מאַן איז נישט גאַנץ גלייכגילטיק צו דעם חבר קרומהאָלצס יונגע און שיינע פרוי — פאַר איר איז דעם רייכן און פרומען שניט־סוחרס טאָכטער נישט שיין, נאָר אַ ליאַלקע — האָט זי אָנגעהויבן זיך אָנטאָן

אַזוי, אַז קיין איין מאַן כמעט, וואָס זעט זי, נעמט פון איר נישט אַראָפּ די אויגן, אויף אַ שפּאַסיקן אופן פירט זי אַ לייכטן פלירט מיטן חבר גרעגאָר. אָבער זי פליר-טעוועט אויך מיטן געוועזענעם רימאַרזש. מיטן ערשטן וויל זי טרעפן יאַשען; מיטן צווייטן די „שיינע ליאַלקע"... דאָך איז אַלץ בלויז שפּאַס.

די קינדער שפּילן מיט די געסט אין „כאַפּערלעך". די יונגע פּאַני קרומהאָלץ (טייל רופן זי אויך חברטע) האָט געכאַפּט דעם קליינעם קאַלקאַ. זי וויל אים נישט אָפּלאָזן, האַלט אים אין איר אָרעמס און דריקט אים צו איר ברוסט. אין זיינע צאַרטע רויטע בעקעלעך מיט די חן־גריבעלעך זעט זי שטריכן פונעם פּאָטער. באַזונדערס זענען דעם קינדס ליפּעלעך אַזוי 'ענלעך צו פּאַן וואַקס' און זי האָט לוסט זיי צו קושן. ווי שיין ס'איז דער שטערן מיט די בלויע עדערלעך איבער די שלייפן! און דאָס נעזעלע!... דאָס גאָמבקעלע!... זי פרעגט דאָס קינד: „וואָס ווילסטו זיין, קאַלקאַ, ווען דו וועסט זיין אַזוי גרויס ווי דיין טאַטוש?"

דער קליינער, נישט באַכטראַכטנדיק איין רגע, ענטפערט: „אַדעקאַט". ער וואָלט אייגנטלעך איצט שוין געבליבן אַזוי צוגעטוליעט צו דער טשאַטשאַ געניאַס ווייכן און וואַרעמען בוזעם ווי ביי זיין מוטער, ווייל ער איז שוין מיד. ער האָט זיך שוין אַריינגעשטעקט דאָס קליינע פינגערל אין מיילעכל און זויגט עס, וואָס ער טוט שטענדיק ווען ער איז מיד. שימעק בראַיעט אָבער נאָך אַרום און קאַלקאַ וויל נישט בלייבן הינטערשטעליק פון זיין ברודער. רייסט ער זיך אַרויס פון דער „טשאַטשאַס" אָרעמס און אַנטלויפט.

דער חבר גרעגאָר האָט באַמערקט עפּעס אַזעלכעס ווי צערייצטע ליידנשאַפט אין דער יונגער און שיינער פּאַני קרומהאָלץ. דאָס האָט זיך געשפּילט אין דער ראָזקייט פון אירע איצט צעבליטע קיילעכדיקע באַקן און אינעם גלאַנץ פון אירע ברוינע קאַרשן־אויגן, און זי געפרעגט אין שפּאַס: „פּאַר וואָס האָט איר נישט חתונה געהאַט מיט אַ 6־7 יאָר פריער — וואָלט איר דאָך היינט שוין געהאַט אַזאַ קאַלקאַ"...

זי האָט זיך צעלאַכט: „באָזשע מוי!... מיט 6־7 יאָר פריער"...

די חברטע סאַלטשאַ האָט ביים שפּילן מיט די קינדער געכאַפּט דעם קליינעם קאַלקאַ. ער רייבט זיך מיט בײדע הענטלעך די אויגן. זי זאָגט צו אים: „דו האָסט זאַמד אין די אייגעלעך... ווער האָט דיר אַריינגעשאָטן?"...

דער קליינער רייבט נאָך געשמאַקער און פרעגט די „טשאַטשאַ": „ווער?"

די פּאַני קרומהאָלץ רופט אַריבער צום קינד: „אַ מלאך"...

קאַלקאַ פרעגט: „אַ מלאך?"... ער קוקט זיך אַרום איבער דער שטוב.

„ער איז שוין אַוועקגעפלויגן". שפּאַסט זי ווייטער.

דאָס קינד ווערט נאָך נייגעריקער: „וווהין?"

„צוריק אין הימל אַריין" רעדט זי איין דעם קליינעם.

„ווי זעט ער אויס?" לאָזט דאָס קינד נישט אָפּ.

פּאַני קרומהאָלץ מאַכט אַ מלאך־פּנים דורך אָנבייגן זייטיק דעם קאָפּ און פאַרגלאָצט די אויגן אַרויף, און פאַנטאַזירט: „ער האָט פליגל"...

שימעק, דער עלטערער ברודער, רופט אויס: „אַ פויגל!... אַ פויגל!"... בײדע לויפן אַרום איבערן צימער מיט קאָפּויערגעהויבענע הענטלעך צו כאַפּן דעם פויגל און ליאַרעמען: „פויגל!... פויגל!"...

דער חבר מאַט האָסט און פאַראַכט פּשוט דעם חבר הערשס פרוי. דעם חבר

הערש אַליין האָט ער פון דער ערשטער רגע אָן נישט געקענט ליידן. ער האָט אים געהאַלטן פאַר אַ פוסטן מענטש, פאַר אַ פאַלשן, אַ בלאָפער, אַ קאַריעריסט. ווען ער איז געוויר געוואָרן אַז דער פּראָווינצער פּאַרטיי־פירער איז געוואָרן אַ שפּעקו־לאַנט אויף דער בערזע, האָט ער שטילערהייט גענומען אַרבעטן הינטער אים, אַז מ׳זאָל אים אַרויסוואַרפן פון דער פּאַרוואַלטונג און אויך פון דער פּאַרטיי. (דער חבר הערש איז געוואָרן זיין איינציקער קאָנקורענט אויפן בענקל פון סעקרעטאַר, ווען דער חבר סמוטנער וועט שטאַרבן). האָט זיך אָבער דאָס רעדל איבערגעדרייט. נאָכן חתונה האָבן מיט אַ קלעריקאַלן און רעאַקציאָנערן בורזשויס אַ טאָכטער איז ער גאָר דערהויבן געוואָרן! טראָגט דער חבר מאַט אויף אים אַ בייז האַרץ; אָבער ער לאָזט׳עס אויס — ווען ס׳איז נאָר דאָ אַ געלעגנהייט — צו דער פרוי זיינער. ער האָט איר נאָך קיין מאָל נישט געזאָגט „חברטע קרומהאַלץ”, ווי דאָס טוען שטענדיק די חברים יאַקובאָוויטש און די חברטע סאַלטשאַ, טייל מאָל אויך דער חבר גרעגאָר און אַפילו דער חבר וואַקס. דער חבר מאַט אָבער זאָגט איר יעדעס מאָל „פאַני” און באַטאָנט דאָס. האָט ער איר אַצינד געזאָגט: „פּשעפּראַשאַם פאַני. די קינדער פון אונדזערע חברים ווייסן נישט פון קיין מלאָכים אין הימל; מיר האָבן מיט מלאָכים נישט צו טאָן”.

די פאַני קרומהאַלץ איז רויט געוואָרן. אַלע האָבן באַמערקט ווי טיף באַליידיקט און געקרענקט זי איז געוואָרן. דאָס צו פאַרווישן האָט דער חבר גרעגאָר צוגערופן צו זיך ביידע קינדער און ווייזט זיי זיין רעוואָלווער. די צוויי קליינע חברהלייט האָבן אַזאַ מאָדנע, שיין און גלאַנציק שפּילעכל נאָך קיין מאָל נישט געזען. ביידע פרעגן נייגעריק: „וואַיאַשעק, וואַיאַשעק! וואָס איז דאָס?”

מיט אַ באַהאַלטענעם בליק צו דער מוטער פון די קינדער און צו דער פרוי פונעם חבר הערש, ענטפערט ער די צוויי קליינע: „דאָס מאַכט פּאַף... פּאַף”...

„ווי אַזוי? ווי אַזוי?” די צוויי קינדער ווילן האָבן דעם גלאַנציקן רעוואָלווער. דער חבר גרעגאָר גיט אים זיי. באַלד נעמען די צוויי ברידערלעך זיך אַרומרייסן: יעדער וויל דעם רעוואָלווער אין גאַנצן פאַר זיך.

פאַני קרומהאַלץ האָט זיך אַזוי דערשראָקן, אַז זי האָט אַזש אַ קוויטש־געטאָן: „באָזשע מוי!”

דער מאַן האָט זי באַרויִקט: „אָבער גענוג”...

דער חבר מאַט האָט זיך גראָב צעלאַכט. ער האָט געפונען אַ געלעגנהייט איר ווידער צו געבן אַ שטאָך: „מיט אַזעלכע „מלאָכים”, פאַני קרומהאַלץ, ווערן די קינדער פון די סאָציאַליסטן באַקאַנט... די דאָזיקע מלאָכים פליִען נישט; אָבער ס׳פליט פון זיי... אינעם האַרץ פון די רעאַקציאָנערן, פון דער בורזשואַזיע... מיר דערציִען אונדזערע קינדער צום קאַמף מיט די קאַפּיטאַליסטן”.

קאָלקאַ איז געבליבן דער זיגער; דער עלטערער ברודער האָט אים נאָכגע־געבן. האַלט דער פינף־יאָריקער פאַרשווין דעם רעוואָלווער אין זיינע קליינע הענט־לעך, שפּילט זיך מיט אים, דרייט אים אַהין און אַהער, באַקוקט אים פון אַלע זייטן, באַטראַכט און באַוווּנדערט אים מיט גרויס התפעלות. (די מוטער האָט פונעם חבר גרעגאָר באַקומען אַ ווונק אַז זי זאָל נישט קיין מורא האָבן). שימעק טוט דאָס זעלביקע. ביידע זענען גאַנץ אויפגערעגט פון פרייד. נאָר אָט האָט דער עלטערער אַנטדעקט דאָס צינגל און מאַנדערעוועט דערביי. דער יִינגערער אָבער קוקט אַריין

אין דער רער, ער איז גאַנץ באַוועלטיקט פון דער טונקלקייט וואָס קוקט אַרויס צו אים פון דער לופע. ער שטעקט אַריין דאָס קליינע פינגערל אין דער לופע און פרעגט דעם „וויאַשעק“: „וואָס איז דאָרט?“

דער געוועזענער אָפיציר און קאָמיסאַר אַצינד אין דער פּאָליטישער פּאָליציי ענטפערט דעם קינד: „פון דאָרט קומט דער טויט!“

ביידע קינדער פרעגן: „וואָס איז דער טויט?“

„אַ מלאך“ — ענטפערט דער חבר גרעגאָר און כאַפּט אַ בליק צו דער שיינער פּאַני קרומהאָלץ און שמייכלט צו איר.

„אַ מלאך!“... ליאַרעמען די צוויי קליינע. „אַ פויגל!“...

דער חבר גרעגאָר בעסערט אויס: „אַ שוואַרצער מלאך“...

„אַ שוואַרצער!“... פריילען זיך די צוויי קליינע חברהלייט. „אַ שוואַרצער מלאך!... אַ שוואַרצער פויגל!... ער פליט!... ביז אין הימל אַריין פליט ער!“... מיט אַ מאָל אָבער וווערט דער עלטערער ערנסט (ווייל ער זעט גאָרנישט פליען) און פרעגט ווידער: „וואָס איז טויט?“

איצט איז דער חבר גרעגאָר, דער יוריסט, אָפיציר, פּאָליטישער קאָמיסאַר, אין גרויס פאַרלעגנהייט און פרוווט זיך אַרויסצודרייען: „טויט... איז... מען שלאָפט איין אויף אייביק“...

שימעק לאָזט נישט אָפּ: „וואָס איז אייביק?“

איצט איז דער געבילדעטער און מעכטיקער (ווען אויך באַשרענקט) חבר גרעגאָר נאָך אין אַ גרעסערער פאַרלעגנהייט. ער ווייסט פּשוט נישט וואָס צו ענט־פערן דעם זיבן־יאָריקן קינד. אַ גליק וואָס דער חבר וואַקס איז אַריינגעקומען. ער האָט געראַטעוועט זיין קאָלעגע פון אַ גרויסער בלאַמאַזשע. נאָר דערזעענדיק די קינדער שפּילן מיט אַ רעוואָלווער, האָט ער געוואָרפן אַ פרעגנדיקן בליק אויף דער פרוי: ווי האָט זי אַזעלכעס געקענט דערלויבן? אָבער געענטפערט האָט דער אייגנטימער פונעם „שפּילעכל“: „איך האָב זיי געגעבן צו שפּילן זיך דער רעוואָל־ווער איז נישט געלאָדן“. ער האָט געעפנט דאָס קליינע טויט־אינסטרומענטל און געוויזן: „לער“.

די מוטער האָט גענומען די צוויי קינדער, איינס אויפן רעכטן און דאָס צווייטע אויפן לינקן אָרעם, האָט זיי צוגעטראָגן צום מאַן און געזאָגט: „זאָגט, טייערינקע, דעם טאַטעשי אַ גוטע נאַכט! אַזוי לאַנג האָט איר אויף אים געוואַרט!... ער איז אַלץ נישט געקומען, נישט געקומען, נישט געקומען און נישט געקומען... יעדע נאַכט אַזוי. און ווען ער גייט צו אַ פאַרזאַמלונג, אָדער צו אַ זיצונג, קומט ער שפּעט־טער. און איר ווילט אַלץ נישט גיין שלאָפן, איר ווילט אַז דער טאַטעשי“... ביידע קינדער האָבן די גאַנצע צייט אַרומגעהאַלטן דעם פאָטער און אים געקושט די אויגן און די נאָז, אויך די אויערן — די ערטער וואָס זענען געווען אָן האָר. די מוטער האָט זיי געהייסן זאָגן אַ גוטע נאַכט אויך די „טשאָטשעס“ און די „וויאַשקעס“ און איז מיט זיי אַרויסגעגאַנגען.

דאָס צימער, אין וועלכן מ׳האָט דאָ אויפגענומען געסט, האָט געהאַט אין זיך עפּעס מיסטישעס. דאָס איז אָבער געקומען פונעם אַנטיקן מעבל וואָס באַלטשע האָט איינגעשאַפט. זי איז געווען אַ רבס אַן אייניקל און די טאָכטער פון אַן אַלטערטום־פאַרשער. דער פאָטער אירער איז געווען אַ מערקווירדיקער מענטש: כמעט באַרימט ביים לעבן, וואָלט געווען געקענט פאַרנעמען אַ גרויס אָרט אין דער געזעלשאַפט, אָבער ער האָט פאַרגעצויגן אַ באַשיידן לעבן. פון אים האָט באַלטשע געירשנט איר ליבע צו אַלטע אַנטיקן. אינעם שיינעם און רחבותדיקן צימער שטייט אַן אַלטער קלאַוויקאָד מיט צוויי וואַקסענע ליכט ביי די זייטן. באַלטשע שפּילט אויפן דאָזיקן אינסטרומענט, אָבער בלויז טייל מאָל, ווען זי איז אין אַ געוויסער שטימונג. זי שפּילט דאַן אַלטע מעלאָדיעס, צווישן זיי אויך קירכלעכע און סינאַגאָגאַלע. אַ מאָל באַפאַלט זי אַ מין שטימונג צו שפּילן „כל נדרי״. דעמאָלט ווערט דאָס צימער אָנגעפּילט מיט די שרעקלעכע בילדער פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע. ס׳דאַכט זיך דעמאָלט, אַז דאָס צימער איז פול מיט גייסטער, מיט די אויסגעהויכטע נשמות פון אַנוסים, וואָס זענען פאַרפייניקט געוואָרן צום טויט אין די פינצטערע קעלערס און קאַטאַקאָמבעס פון מאַדריד, גראַנאַדאַ, סעוויליאַ, אָדער זענען פאַרברענט גע־וואָרן אין די פלאַמען פון די עפנטלעכע שייטערהויפנס.

אַצינד אָבער (באַלטשע איז שוין דאָ צוריק) הערשט דאָ אַן ערנסט־הייטערע שטימונג. ס׳שוועבט אַ פרייער, שיִער קעמפערישער, רעוואָלוציאָנערער גייסט. די דינסט האָט סערווירט טיי און פיינע טשאַסטעס. אויפן טיש שטייען נאָך אַנדערע זיסקייטן צום נאַשן (געדאַכט פאַר די פרויען, אָבער די מענער זענען נאָך גרעסערע נאַשערס פון זיי) און פרוכטן. די זילבערנע לעפעלעך קלינגען אין די גלעזער; די וואַרשעווער האָבן ליב אַ סך צוקער. דער אַראָמאַט פון דער טיי איז אַ שטאַרקער, אַ גאַנץ וווּנדערלעכער. די וואַרעמקייט פונעם קאַפּלענעם אויוון איז אַ מחיהדיקע. מ׳רעדט, מ׳שמועסט, מ׳אונטערהאַלט זיך און מען אַמוזירט זיך. ס׳רעגט זיך קיינער נישט אויף. פאַרקערט; יעדער איינער פון די חברים רעדט גאַנץ בנעימות־דיק איבער די וויכטיקע, אַקטועלע ענינים, ווי די וואַקסנדיקע אַרבעטסלאָזיקייט און די כוואַליעס פון שטרייקן.

אַ ביסל לענגער צו רעדן איז אויסגעקומען וועגן אַ שטרייק, וואָס די וועבערס האָבן געפּאַדערט. זייערע לוינען זענען געווען באַזונדערס נידעריקע. ביי דעם הערשנדיקן יקרות דעמאָלט האָבן די לוינען, וואָס די וועבערס האָבן באַקומען נישט געקלעקט אַפילו אויף בלויז ברויט און קאַרטאָפליעס. דאָס איז געווען דער מצב פון די פאַבריק־אַרבעטער, פון די, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי מעכאַנישע וועב־שטולן. נאָך ערגער אָבער איז געווען דער מצב פון די, וועלכע האָבן געאַרבעט ביי האַנט־וועבשטולן. זייער לאַגע איז געווען פשוט אַ פאַרצווייפלטע. דער חבר מאַט, אַ געוועזענער וועבער און איצט דער סעקרעטאַר פונעם יידישן טעקסטיל־פאַראיין אין וואַרשע, האָט דאָס באַשטעטיקט.

אָבער דער חבר גרעגאָר איז פון דעסטוועגן קעגן שטרייקן אַצינד. ער מאָטי־ווירט דעם שטאַנדפּונקט פון זיין פּאַרטיי: „די טעקסטיל־בראַנזשע קען נישט צע־טיילט ווערן אין צוויי טיילן, ווייל ווען ס׳וועלן שטרייקן די וועבערס פון די האַנט־

וועבשטולן, וועלן אויך די אַנדערע שטרייקן, און פאַרקערט. צווייטנס: אויב מ׳וועט שטרייקן אין וואַרשע, וועט דער שטרייק זיך אַריבערטראָגן קיין לאָדזש און קיין ביאַליסטאָק. דריטנס: אַ שטרייק אין איין בראַנזשע ציט נאָך זיך באַלד אַ ריי שטרייקן אין אַנדערע בראַנזשעס, וואָס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך. פערטנס: קיין שום שטרייק קען איצט נישט געווינען ווערן צוליבן שווערן עקאָנאָמישן קריזיס אין לאַנד; אַ שטרייק קען איצט ברענגען אַ לאָקאַוט. פינפטנס: אַ שטרייק קען איצט די לאַגע פון דער רעגירונג — וואָס מיינט הויפּטזעכלעך פון די סאָציאַליסטן אין דער רעגירונג — בלויז קאָמפּליצירן, נאָך ערגער מאַכן ווי זי איז שוין אַזוי אויך. די פינאַנציעלע לאַגע אין לאַנד איז אַ קאַטאַסטראָפאַלע. די קאַסעס פון די אַרבע־טער־אָרגאַניזאַציעס זענען כמעט לער. דאָס מאַכט אוממעגלעך צו שטרייקן. און פאַלט אַ שטרייק דורך — געווינט די רעאַקציע".

דער חבר הערש האָט אָנגערירט דערביי די פינאַנציעל־טרויעריקע לאַגע ביים גרעסטן טייל סוחרים און אונטערנעמערס, ברענגענדיק פאַר אַ ביישפּיל זיין שווער און ר׳ אפרים גאָטליב, דער אייגנטימער פון אַ שטריקער־ווערקשטאַט, וועלכער איז דעם שווער זיינעם שולדיק אַ סך געלט און קען עס נישט צוריקגעבן. זיין פרוי און אויך די חברטע סאַלטשאַ האָבן דאָס באַשטעטיקט.

אַלע, חוץ דער חבר פיניע יאַקובאָוויטש, האָבן מסכים געווען מיטן חבר גרעגאָר, צוגעבנדיק אַז זיי צווייפלען אויב זיי וועלן קענען אָפּהאַלטן די אַרבעטער פון שטרייקן.

„וואָס הייסט דאָס?" דער חבר גרעגאָר איז כמעט אַרויס פון די כלים. דערנאָך האָט ער זיך אַנטשולדיקט פאַר זיין אויפרעגן זיך און הויכן טאָן.

דער חבר וואַקס האָט גענומען דאָס וואָרט. אָבער ער איז געווען שטאַרק מיד פונעם גאַנצן טאָג שווערע אַרבעט און האָט דעריבער אַצינד אָפט געגענעצט. געענ־דיקט האָט ער מיט אַ רעזיגנירט טרויעריקן טאָן: „ליידער איז די עקאָנאָמיש־קלאָגעדיקע לאַגע אַצינד אַ פרוכטבאַר פעלד פאַר די קאָמוניסטן. זייער פאַרברע־כערישע פּראָפּאַגאַנדע צו שטרייקן און צו נאָך אַנדערע אומפאַראַנטוואָרטלעכע טאַטן האָט גרויס דערפאָלג ביי די אַרבעטער. מיר פאַרלירן מיטגלידער. באַלד קומען די וואַלן צום סיים, און איך האָב מורא"...

„וועגן דעם"... דער חבר גרעגאָר האָט מער נישט באַדאַרפט זאָגן ווי די צוויי ווערטער. אַלע האָבן פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט. אַ מאָמענט איז געווען שטיל. דאַן אָבער האָט ווידער גענומען הערשן אַ הייטערע שטימונג ביים טיש. די דינסט האָט אויף ס׳ניי אַריינגעברענגט טיי. דער חבר גרעגאָר האָט געבעטן די באַלע־באָסטע צו שפּילן עפּעס אויפן קלאַוויקאָד. זי האָט צוערשט נישט געוואָלט. נאָר ווען ער איז צו איר צוגעקומען און זי געבעטן ווי נאָר אַ פּוילישער קאַוואַליר, דערצו נאָך אַ געוועזענער אָפיציר, קען בעטן, האָט זי אים צוליב געטאָן.

## קאַפּיטל זעקס און צוואַנציק

# אין צייט פון קריזיס

1

די קליינע, אָדער לייכטע אינדוסטריע איז באַשטאַנען כמעט בלויז פון האַנט־ווערקעריי, וואָס האָט אַריינגענומען אין זיך אויך די נאָדלבראַנזשע: באַקליידונג, וועש; די לעדערבראַנזשע: באַשיכונג, בייטלען אד״גל; שטריקעריי און העפטעריי; הוטמאַכעריי, גאָלדשמידעריי (וואָס האָט אַריינגענומען אין זיך די בראַנזשע פון ביזשוטעריע) און זייגערמאַכעריי, דרוקעריי, העגטשקעמאַכעריי; די האָלצבראַנזשע, פּאַפּירבראַנזשע, גלעזעריי, בוכבינדעריי, שלאָסעריי, בלעכעריי — מיט איין וואָרט: יעדער אויסאַרבעטונג, חוץ דער גרויסער אָדער שווערער אינדוסטריע. דאָס אַלץ איז געלעגן כמעט בלויז אין יידישע הענט. אין די לייכטערע בראַנזשעס פון זיי האָבן געאַרבעט אַ סך פרויען, מיידלעך און אויך קינדער. דעריבער האָבן די אונטערנע־מערס געקענט דריקן אַלץ נידעריקער די לוינען, נידעריקער ווי דאָס האָבן געקענט טאָן די גרויסע פאַבריקאַנטן אין זייער שווערער אינדוסטריע. פון דער אַנדערער זייט ווידער האָט צווישן די קליינע אונטערנעמער פון דער אינדוסטריע געהערשט אַ גרויסע קאָנקורענץ און דאָס האָט זיי געצוווּנגען צו צאָלן די אַרבעטער וואָס ווייני־קער. קיין גרויסע קאַפּיטאַליסטן איז צווישן די אונטערנעמערס פון דער קליינער אינדוסטריע נישט געווען. די מייסטע האָט מען גערופן „באַלעבאַטימלעך", „פּאַברי־קאַנטלעך, מ'שטיינסגעזאָגט". ס'זענען צווישן זיי געווען אַפילו אָרעמעלייט, הגם (זעלבסטפאַרשטענדלעך) נישט אַזעלכע אביונים, ווי ס'זענען געווען זייערע אַר־בעטער. אָבער די זאָרגן פון די ערשטע זענען געווען גרעסער ווי די דאגות פון די צווייטע. ווייל אי צוליב דעם קריזיס זענען די אויסגעאַרבעטע סחורות געבליבן ליגן נישט פאַרקויפט (בעת די הוצאות זענען געווען כמעט די זעלבע און די וועקסלען האָט מען געמוזט צאָלן), און אי די לאַסט פון די שטייערן וואָס איז געוואָרן אַלץ שווערער. די רעגירונג האָט געהאַלטן אין איין העכערן די שטייערן. דער פינאַנץ־מיניסטער, דער אַלטער שאַרלאַטאַן גראַף קאַטאָוסקי, האָט אויסגע־אַרבעט אַן אַנטיסעמיטישע פינאַנץ־פּאָליטיק די יידן אַרויסצושטופּן פון האַנדל און מלאכה. ער האָט דערביי באַנוצט פאַרשידענע שמד־שטיק, קעגן וועלכע די יידישע אונטערנעמערס און סוחרים זענען געווען אוממעכטיק, ווי דאָס ווילקירלעכע שאַצן פון די שטייער־באַאַמטע דאָס פאַרמעגן און איינקומען, נישט רעכענענדיק זיך מיט די געשעפטס־ביכער.

דאָס ראָד מיט די שאַרפע ציין פון נויט און דחקות, וואָס ווערט געדרייט פונעם מאַנסטער וועלכער הייסט קאַפּיטאַליזם, האָט נאַטירלעך אַריינגעכאַפּט צווישן זיי־נע ביימיסנדיקע און קייענדיקע ציין אַמשטאַרקסטן די אַרבעטער און באַלמעלאָכעס. זייערע קליינע לוינען זענען געוואָרן אַלץ קלענער, ווייל דער יקרות איז געוואָרן אַלץ גרעסער. דער יקרות איז געשטיגן אַלץ העכער, ווי פיבער פון אַ געפערלע־כער קראַנקייט, קעגן וועלכער מ'טוט גאָר נישט אָפּצושטעלן. די אָרעמע האָבן גע־

לערנט די קונסט פון הונגערן אַלץ מער און מער. זייער לערער, מיט אַ בייטש
אין האַנט, איז געווען די נויט. ס'איז אָבער געקומען די גרענעץ פון נישט ווייטער.
האָבן זיך אָנגעהויבן כוואַליעס פון שטרייקן. נאָר די שטרייקן האָבן די לאַגע פון
די הונגעריקע נישט פאַרבעסערט. אַדרבא — פאַרערגערט. די ערשטע צוויי־דריי
וואָכן האָבן די שטרייקערס נישט באַקומען קיין אונטערשטיצונג פון די שטרייק־
קאַסעס זייערע. די מייסטע האָבן אין די געוועלבלעך, אין וועלכע זיי האָבן שטענ־
דיק געקויפט און באַצאָלט, דערווייל גענומען דאָס נייטיקע אויף באָרג. דאַן האָט
זיך אָנגעהויבן דאָס פאַרקויפן אָדער פאַרזעצן וואָס איינער האָט נאָך געהאַט: אַ
קעשענע־זייגער, אַ קידושן־רינגל, אַפילו אַ קישן פון אונטערן קאָפּ. טייל האָבן
געכאַפּט ביי קרובים אָדער פריינד קליינע הלוואָהלעך, געזען עפּעס צו פאַרדינען
אויף אַ זייטיקן אופן, ווי טאָן ביי באַקאַנטע וועלכע ס'איז שווערע אַרבעט פאַר אַ
קליינעם לוין. מ'האָט זיך גענומען באַגנוגענען מיט הייס וואַסער און עפּעס וואָס
האָט דאָס וואַסער געמאַכט ברוין און מ'האָט עס גערופן טיי, אָדער מ'האָט געקויפט
פאַר אַ גראָשן ציקאָריע און דאָס האָט געהייסן קאַווע. דערצו אַ קליין רעפּטעלע
שוואַרץ, דאַר ברויט. דאָס איינציקע הויפּט־מאָלצייט אינעם טאָג איז באַשטאַנען פון
עטלעכע אויף קליינע שטיקעלעך צעשניטענע קאַרטאָפליעס אין אַ גרויסן טאָפּ
וואַסער מיט אַ לעפל אָנגעברענט מעל, אָדער אַ קאַפּיטשקעלע הירזש, צי אַ גאָרש־
טשעלע פּערלגרויפּן; דאָס האָט מען גערופן מיטן שטאָלצן נאָמען זופּ און מ'האָט
עס געסמאַקעוועט ווי עפּעס אַ טייער מאַכל. אָבער נישט אַלע האָבן זיך געקענט
פאַרגינען אַפילו אַזאַ זופּ. מילא, האָט ווער ס'האָט געקענט זיך אַריינגעכאַפּט ביי־
נאַכט צו אַ חבר וועלכער האָט געאַרבעט. געקומען גלאַט אַזוי און געטראָפן פּונקט
צום עסן... דער חבר האָט פאַרשטאַנען און זיך געטיילט מיטן ביסן. צו צדקה־
חברות איז כמעט קיינער נישט געגאַנגען, ווייל זעלטן האָט אַ שטרייקנדיקער אַר־
בעטער ביי זיך געקענט פועלן צו גיין נעמען שטיצע פון אַ בירגערלעכער הילפס־
אינסטיטוציע. ער וואָלט אויך נישט באַקומען, ער וואָלט זיך אומזיסט דערנידע־
ריקט, ווייל שטרייקערס האָט מען נישט געהאָלפן. די וואָס זענען יאָ געגאַנגען
האָט מען געענטפערט: „אַרבעטן גייט! אין תפיסה דאַרף מען אייך איינזעצן!“

ס'זענען אַוועק די צוויי־דריי וואָכן און די שטרייקנדיקע אַרבעטער האָבן גע־
נומען גיין צו די שטרייק־קאַסעס פון זייערע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען נאָך שטי־
צע, צו וועלכער זיי זענען געווען באַרעכטיקט, ווייל זיי האָבן (ווען זיי האָבן געאַר־
בעט) געצאָלט מיטגלידס־געלט זיי האָבן אָבער גאָרנישט באַקומען. די רעכטע האָט
מען געענטפערט, אַז מ'האָט זיי געוואָרנט נישט צו שטרייקן; די קאַסעס פון די לינ־
קע זענען געווען לער: די רעגירונג האָט קאָנפיסקירט ס'געלט.

די לאַגע פון די שטרייקנדיקע אַרבעטער איז געוואָרן זייער אַ פאַרצווייפלטע.
אין זייערע פאַראיינען זענען כסדר אָנגעגאַנגען היציקע דיסקוסיעס, ס'זענען פאָר־
געקומען סקאַנדאַלן ביי פאַרזאַמלונגען, ספּאָנטאַנע גאַסן־דעמאָנסטראַציעס. דאָס
אַלץ האָט געפירט צו רעוואָלוציאָנערן אויפברויז. די רעגירונג האָט פאַרגרעסערט
אירע רעפּרעסיעס. דער קאַמף צווישן לינקס און רעכטס איז געוואָרן אַלץ פאַרבי־
סענער. די פּראָוואָקאַציעס זענען געוואָרן אַלץ מיאוסער, דער ברודער־מאָרד אַלץ
אָפטער. פאַר די רעאַקציאָנערע כוחות איז דאָס אַלץ געווען גוטע נאַרונג וואָס האָט
זיי געשטאַרקט. די אַנטיסעמיטן האָבן טריומפירט: „די יידן זענען שולדיק אין

אַלעם: די ייִדן זענען סאָציאַליסטן! באַלשעוויקעס! אַרויס פון פוילן, פון אונדזער פאָטערלאַנד! זשידזשי דאָ פּאַלעסטינ!״ דער באַיקאָט קעגן ייִדישן האַנדל און ייִדישע אַרבעטער איז געוואָרן שטאַרקער, האָט זיך אַלץ מער פאַרשפּרייט איבערן לאַנד. די עקסטרעמע אַנטיסעמיטן און רעאַקציאָנערן האָבן גערופן צו פּאָגראָמען.

נויט און עלנט איז געוואַקסן. כאַאָס איז געוואָרן גרעסער.

## 2

געשטרייקט האָט מען אויך ביי ר׳ אפרים גאָטליב. שוין די פינפטע וואָך האָט טוביה נישט געאַרבעט. אָבער געוווינט האָט ער מיט זיין יונגער און שיינער פרוי אין אַ גאַנץ פיינער און פיין־אויסמעבלירטער דירה. נישט ערגעץ אין אַ רייכער געגנט, אין אַ פּראָנט־דירה פון 7־8 צימערן אויפן ערשטן אָדער צווייטן שטאָק; אָבער אין אַ ניי און שיין הויז אויף דער נאָוואָליפּיע, וואָס איז געווען מאָדערנע געבויט און מיט געוויסן לוקסוס. דאָס יונגע פּאָרל — נאָך אַלץ „יונג פּאָרל״, כאָטש שוין איבער צוויי יאָר נאָך דער חתונה — האָט געוווינט אין אַנדערטהאַלבן צימערן מיט אַ׳ קיכל און באַדצימער אויפן דריטן שטאָק, וואָס האָט געמיינט אויפן פּערטן, ווייל דער ערשטער האָט זיך נישט גערעכנט: ער האָט געהייסן „מעצאַנין״ (אַן אויסטערלישער נאָמען), כאָטש מ׳האָט געמוזט קלעטערן צו אים די זעלביקע צאָל שטיגן ווי צו די אַנדערע שטאָקן. די פענצטער זענען געגאַנגען אין הויף אַריין, אָבער אַ גרעסערער ווי געוויינלעך און דעריבער איז אין דער וווינונג געווען גע־נוג העל. דאָס מעבל איז נישט געווען קיין לוקסוסדיקס, דאָך גאַנץ געשמאַקפול.

פאַרשטייט זיך, אַז פאַר די פאַרדינסטן פון אַ שטריקער ביי ר׳ אפרים גאָטליב, דערצו אין אַ צייט ווען אַרבעט איז געווען קנאַפּ, דער לוין געפאַלן און אָפטע שטרייקן, וואָלט דאָס פאַרפאַלק נישט געקענט אַזוי וווינען. טוביה וואָלט געוווינט מיט־זיין פרוי ווי אַלע פון זיינסגלייכן: אין אַ פינצטערן קעלער, אָדער אין אַ בוי־דעם־שטיבל. אָבער ער האָט חתונה געהאַט מיט פריילן פּאָמעראַנץ, מיט דער הוט־פוצערקע אין רויט און בלוי, וועלכע ער האָט געטראָפן אין מירעלעס קאַוויאַר־ניע. ס׳איז אים געלונגען זי צו דעראָבערן, צו זיין דער גליקלעכער פון די אַן אַ שיעור פאַרליבטע קאַוואַלירן אַזוי, אַז זי האָט אַליין נישט געוווּסט ווענען צו ווילן, ווייל אירע סימפּאַטיעס זענען געווען נישט צו איינעם נאָר צו אַ סך. אָבער ער איז געווען דער שטאַרקסטער פון אַלע, וואָס מיינט אין דעם פאַל, אַז ער האָט אין אַ געוויסן מאָמענט געווונען אין אירע אויגן מער ווי די אַנדערע און זי דערנאָך שוין נישט געלאָזט חרטה האָבן. אין איר ווילן איז געשען דאָס זעלבע ווי ביי „קניפּלעך־ציִען״: די פינגער לויפן אַרום פון איין עקל צום אַנדערן (פונעם טאַשנטיכל) און פלוצלינג שטעלן זיי זיך אָפּ אויף איינס. אייגנטלעך איז דער פאַננאַ פּאָמעראַנץ דער חבר אַבראַמטשיק אַ סך בעסער געפעלן ווי דער חבר טוביה; אַפילו דוד סאָראָקע האָט זי מער צוגעצויגן.

נאָך פאַרפאַלן. זי האָט חתונה געהאַט מיט דעם שטריקער פון ר׳ אפרים גאָטליבס פאַבריק (אָדער „פאַבריקל״, צי גאָר „ווערקשטאַט״). ער איז געווען דער גליקלעכער צו ווערן איר מאַן און איז נאָך אַלץ — אין אַ געוויסן זין — דער גליק־

לעבער. דער „געוויסער זין" מיינט פּרנסה, וואָס איז גאַנץ וויכטיק. עדזשאַ, די אַמאַליקע פּריילן פּאַמעראַנץ און היינטיקע בריקאייזן, האָט דעם חתן געגעבן אַ פּיינעם נדן, וואָס זי האָט אַליין זיך פאַרדינט. און דאָס איז דאָס וויכטיקסטע, ווייל פון 'אירע פאַרדינסטן איז די פיינע ווינונג און דאָס פיינע מעבל און דאָס פיינע לעבן. זי האָט פאַר דער חתונה פאַרדינט אַ סך, אַ סך מער ווי טוביה; אַצינד האָט זי אַן אייגן געשעפטל. זייער אַ קליינס, אַ פּיצינקעס, אָבער זי האַלט צוויי לערנ־מיידלעך. און געבליבן איז עדזשאַ פּונקט אַזוי שיין ווי זי איז געווען ווען טוביה האָט זיך אין איר פאַרליבט.

צוליב אָט דעם וואָלט דער חבר טוביה באַדאַרפט זיין גאָר גליקלעך. אָבער ער איז עס נישט. ווייל כמעט אַלע מעלות־טובות פון זיין פּרוי זענען פאַר אים גאָר גאָלע חסרונות. דער ערגסטער חסרון פאַר אים איז איר שיינקייט. די דאָזיקע שיינקייט קומט אים אַ לענגערע צייט שוין אויס מיאוסער ווי די ערגסטע מיאוסקייט. ער חידושט זיך דעריבער, מאַטערט זיך צו באַגרייפן ווי ס'איז מעגלעך אַזעלכעס. איר שיינקייט האָט אין זיינע אויגן זיך אָנגעהויבן אויסוועפּן כמעט באַלד נאָך דער חתונה. פאַר אַ גרויסן מבין פון שיינקייט האַלט זיך דער חבר טוביה נישט. ער בילדעט זיך נישט איין, אַז ער קען געבן וועלכן ס'איז ענטפער אויף דער פראַגע וועגן שיינקייט. ער איז אָבער אויף אַזוי פיל אינטעליגענט צו וויסן, אַז אויף דער פראַגע איז קיין ענטפער נישטאָ און אַז עסטעטיק איז אַן אינדיווידועלער ענין. ער ווייסט אַפילו, אַז דער געשמאַק ביים מענטש און די שיינקייט אינעם מענטשנס פּנים האַלט זיך אין איין בייטן, אַז אָפט ווענדט זיך אין דער שטימונג פונעם באַקוקער, און אַז די שיינקייט פון אַ פרוי אין די אויגן פון אַ מאַן איז אָפּהענגיק פון זיין ליבע. האָט דער חבר טוביה דאָס אַלץ גענומען אין חשבון ווען ער האָט געוואָלט אויסגעפינען פאַרוואָס זיין פרוי קומט איצט אויס מיאוס אין זיינע אויגן. ער האָט אָבער קיין ענטפער נישט געפונען, ווייל ער האָט זיך נישט געקענט זאָגן, אַז ער ליבט זי נישט מער און אַז זי איז טאַקע מיאוס, אָדער אַז זי איז נישט אַזוי שיין ווי זי איז געווען, ווען ער האָט זי דאָס ערשטע מאָל דערזען. ניין, ס'האָט זיך גאָרנישט געענדערט אין איר שיינקייט, לגמרי גאָרנישט. איר'ע נישט צו־גרויסע בלויע אויגן זענען פּונקט אַזוי שיין ווי זיי זענען געווען, האָבן דעם זעלבן גלאַנץ, דאָס זעלבע לויכטן; די זעלבע לאַנגע וויעס, די זעלבע שמאָלע ברעמען (ווי אַ גלייך פּאַסיקל) און דאָס זעלבע הערלעכע פּנים. אַלץ אין דעם פּנים איז ווי אָפּגעצירקלט: די לענגלעכע נאָז, דאָס רונדע, נישט צו־ברייטע און נישט צו־שמאָלע קין, דאָס נישט צו־גרויסע און נישט צו־קליינע מויל, די נישט צו־דינע און נישט צו־פולע ליפּן. רעגלמעסיקע ווייסע ציין. דער זעלבער ווייסער און ווייכער טאָן אין פּנים, די נישט וואָלע אָבער אויך נישט צו־קיילעכדיקע באַקן זענען ראָזע (נאַטירלעך), ווי זיי זענען געווען. דער זעלבער שיינער שטערן און דער זעלבער אַלבאַסטער, נישט צו־דינער און נישט צו־הויכער האַלדז. דער זעלבער גאָלדשימער פון די פיינע בלאָנדע האָר און די זעלבע רעגלמעסיקייט אין די שטריכן פונעם פּנים. די זעלבע יונגקייט דערין, נישט אויף איין שעה געעלטערט. אַפילו די פיינע טאַליע, דער שיק אין דער שלאַנקער פיגור — ווי אין ערשטן טאָג ווען ער האָט זי געזען. יאָ, אַפילו דאָס זעלבע שיינע לאַכן, אַ לאַכן וואָס דערמאָנט אין אַ גרינער לאָנקע פרילינג אין דער פרי ווען די זון שיינט...

פאַרליבט איז דער חבר טוביה קיין מאָל נישט געווען אין עדזשאַן. ער האָט דאָס געוווּסט; אָבער ער האָט זיך געזאָגט: „איך געהער נישט צו די פאַרליבטע יונגעלייטלעך. איך קען ליב האָבן, זיין אַ געטרייער, איבערגעגעבענער פריינד". ער האָט געזען ווי כמעט יעדער פון זיינע פריינד און חברים — און יעדער מאַן וואָס דערזעט זיין פרוי — פאַרליבט זיך אין איר. דאָס האָט געחנפעט זיין מענלעכע איידלקייט; ער זעלבסט אָבער האָט געליטן, ווייל ער האָט געזען אַז עדזשאַ וויל אַז יעדער מאַן, וועלכן זי זעט, זאָל זיך אין איר פאַרליבן. זי קאָקעטירט מיט יעדן מאַן. נאָך אַ צרה: זי האָט געוואָלט אַז טוביה זאָל נישט אויפהערן אויף אַ מינוט צו פאַרגעטערן איר שיינקייט, ווי זי אַליין האָט איר שיינקייט פאַרגעטערט. דאָס איז אים זייער נישט געפעלן. אָבער ער האָט געשוויגן, איר דעריבער גאָרנישט געזאָגט פונקט ווי ער האָט זיך נישט פאַרראַטן, אַז נישט בלויז פאַרגעטערט ער נישט איר שיינקייט, נאָר אַז טיילמאָל איז איר שיינקייט אים דערווידער, אַז ער ווינטשט זיך אָפט זי זאָל בעסער זיין מיאוס. איר שיינקייט קומט אים אויס לער, טויט.

דאָס ווייסט טאַקע עדזשאַ, כאָטש טוביה האָט זיך נאָך מיט גאָרנישט פאַרראַטן וועגן דעם. זי איז דעריבער צו אים נאָך קעלטער, ווי זי וואָלט געוווּן צו אים ווען ער זאָל אין איר זיין פאַרליבט און פאַרגעטערן איר שיינקייט. זי וויל געליבט און פאַרגעטערט ווערן נישט בלויז פון איר מאַן, נאָר פון אַן אַ צאָל מענער, הגם זי אַליין — דאָס ווייסט זי — קען נישט ליבן.

3

באַלד נאָך דער חתונה האָט דעם חבר טוביהן אָנגעהויבן אויסקומען, אַז זיין פרוי ליבט אים נישט. אַ דערשטוינטער און אַנטוישטער האָט ער זי וועגן דעם געפרעגט (צוערשט אָן ווערטער, בלויז מיטן טרויער אין זיינע אויגן און אויסדרוק פון אומגליק אין זיין פנים). עדזשאַ האָט אים דערויף געענטפערט מיט אַן אומ־אַרעמונג, וואָס האָט געמיינט: ער איז זיך טועה. אָבער וואָס ווייטער האָט טוביה זיך אַלץ מער איבערצייגט אַז ער איז זיך נישט טועה. ער האָט דאַן געפרעגט זיין פרוי מיט ווערטער. זי האָט געלייקנט און אים ווידער געגעבן דעם זעלבן באַווייז אַז ער איז זיך טועה. ביז זי האָט אים איין מאָל געזאָגט: „איך ליב אַזוי ווי איך קען ליבן, ווי ס'איז מיין נאַטור. מיין ליבע איז זייער אַ גרויסע און אַ טיפע, נאָר דו פאַרשטייסט זי נישט. אַנדערע מענער אָבער, אַלע וועלכע זענען פאַרליבט אין מיר און פאַרגעטערן מיך, פילן דאָס יאָ אין מיר".

„אָבער"...

זי האָט אים נישט געלאָזט אויסרעדן: „דו ווייסט נישט וואָס ליבע איז. פאַר דיר איז ליבע... ווייל דו ביסט בלויז אַ מאַטעריאַליסט, אַ גראָבער מאַטעריאַליסט!"

טוביה האָט נישט געלייקנט אַז ער איז אַ מאַטעריאַליסט, אָבער ער האָט גע־פרעגט זיין פרוי: „און דו?"

„איך בין נישט קיין מאַטעריאַליסטן, ניין!"

„וואָס באַדייט דאָס הוט־געשעפט?"

זי האָט זיך צעלאַכט: „דאָס איז גאַנץ עפּעס אַנדערש".

„צוליב וואָס ביסטו אַריינגעטרעטן אין אַ מאַרקסיסטיש-סאָציאַליסטישער פּאַרטיי?"

עדזשאַ האָט געקוקט אויף איר מאַן ווי אויף אַ חסר־דעה: „דו ווייסט נישט פאַר וואָס? איך בין געוואָרן אַ סאָציאַליסטקע!" — —

ער האָט געענטפערט מיט גרויס פשטות: „צו קעמפן פאַר בעסערע באַדינגונ־גען פאַרן אַרבעטער; פאַר קורצערע אַרבעט־שעהן, העכערן־לוין, מענטשלעכע באַהאַנדלונג אאַ"וו. אויך פאַר סאָציאַליזם, אַז דער אַרבעטער זאָל איבערנעמען די רעגירונג. נאָר דאָס לעצטע מיינט די פּאַרטיי, צו וועלכער אויך איך האָב אַמאָל געהערט, נישט ערנסט".

עדזשאַ האָט ענערגיש געדרייט מיט איר שיין בלאָנדן קעפּל: „ניין! ניין! דאָס אַלץ נישט, אַבסאָלוט נישט! אין דער פּאַרטיי בין איך אַריינגעטרעטן צו קעמפן פאַר פרייהייט! אַז ווי אַ פרוי זאָל איך האָבן די זעלבע רעכט וואָס דער מאַן האָט!"

„וועלכע רעכט?" ער האָט זי אָנגעקוקט פאַרחידושט: „האָט דער מאַן, דער אָרעמער אַרבעטער אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, מער רעכט ווי די פרוי פון זעלבן קלאַס?"

עדזשאַ האָט אויפגעבראַוזט: „יאָ! אין דער ליבע! איך וויל האָבן דאָס זעלבע רעכט מיך פריי צו קענען אויסלעבן אין דער ליבע ווי ס'האָט דער מאַן! ער קען ליבן היינט די און מאָרגן אַן אַנדערע, אָדער עטלעכע מיטאַמאָל, אַפילו נאָך דער חתונה! דו ווייסט דאָס גאַנץ גוט! די געזעלשאַפט פאַראורטיילט אים נישט דער־פאַר, זי קוקט אַפילו נישט קרום אויף אים! פאַרקערט: מ'האַלט אים פאַר אַן איב־טערעסאַנטן מאַן! אויף דער פרוי אָבער, אויב זי דערלויבט זיך דאָס זעלבע, קוקט מען ווי אויף אַ געפאַלענער, מ'האַלט זי פאַר אַ נידעריקע! קעגן דעם וויל איך קעמפן! דערפאַר בין איך אַריינגעטראָטן אין דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי! צו קעמפן פאַר פרייהייט! פאַר פרייהייט!"

דער חבר טוביה האָט גוט געקענט די דאָזיקע פּראָזעאָלאָגיע נישט בלויז ביי פרויען פון דאָזיקן שניט, נאָר אויך ביי מענער מיט אַ קליינבירגערלעכער, צעשווי־מענער אידעאָלאָגיע וועגן סאָציאַליזם. דער קאַמף אָבער פון דער פרוי פאַר גלייכער רעכט אין דער ליבע האָט ער, ווי אַלע סאָציאַליסטן, אָן אונטערשייד פון פּאַרטיי, באַרעכטיקט. נאָר דאָס האָט געמיינט גלייכע רעכט מיטן מאַן זיך אויסצולעבן סעק־סועל. פּאַרזיכטיק, נישט צו פאַרלעצן די אייגנאַרטיקייט פון זיין פרויס אינטים וועזן, האָט ער זיך באַמיט איר קלאָר צו מאַכן: „ערשטנס איז היינט נישט מער ווי אַמאָל, מען פאַראורטיילט נישט מער אַזוי די פרוי וואָס איז מאָדערנער אין איר אויפ־פאַסונג וועגן ליבע. באַזונדערס נישט אין ליבעראַלע קרייזן. צווייטנס: דו דער־מאָנסט זיך אפשר נאָך אין אַ דיסקוסיע אין מירעלעס קאָוויאַרניע? איך האָב דע־מאָלט מסכים געווען מיטן חבר ליכטענבערג, ער ווען טאַקע באַלד קומען, אַז ליבע איז נישט בלויז סעקסואַליטעט; ליבע איז נאָך עפּעס אַנדערש און דאָס „עפּעס אַנדערש" האָט מיט יאָ און נישט פריי נישט צו טאָן".

„אָט דאָס מיין איך טאַקע!" האָט עדזשאַ אויסגערופן. „איך מיין דאָס וואָס דו רופסט אָן „עפּעס אַנדערש": די ליבע, בלויז די ליבע, די ריינע ליבע! נישט ווי דו; ווייל ווען דו זאָגסט ליבע מיינסטו... ביי מיר אָבער איז ליבע בלויז דאָס וואָס קומט פון דער נשמה. און דאָס מוז זיין פריי, אינגאַנצן פריי; אַז די פרוי זאָל מעגן ליבן

וויפל מענער זי וויל, אפילו נאָך דער חתונה, און געליבט און פֿאַרגעטערט ווערן פֿון יעדן מאַן, וועלכער פֿאַרליבט זיך אין איר!״

„אָבער״... ער האָט נישט געוווּסט ווי זיך אויסצודריקן און איבערגעחזרט: „אָבער... ליבע צווישן מאַן און פֿרוי אָן סעקסואַליטעט איז נישטאָ״.

„ס׳איז דאָ!״

„פּלאַטאָנישע ליבע. דאָס גייט דער געזעלשאַפֿט נישט אָן. פּלאַטאָניש״...

עדזשאַ האָט זיך צעשריגן: „די געזעלשאַפֿט מישט זיך יאָ אַריין, אַפֿילו ווען די פֿרוי (אַ פֿאַרהייראַטע) ליבט בלויז פּלאַטאָניש נאָך אַ מאַן! און איר מאַן ווערט אייפֿערזיכטיק, ווי די נשמה פֿון זיין פֿרוי וואָלט געהערט בלויז אים אַליין, ווי זי וואָלט געווען זיין אייגנטום פּונקט ווי דער קערפּער אירער! און מיין נשמה קען נישט געהערן בלויז איינעם! זי מוז זיין פֿריי, יאָ, אינגאַנצן פֿריי! אָט פֿאַר דער פֿרייהייט, פֿאַר דער פֿרייהייט פֿון דער נשמה, פֿונעם גייסט — קעמף איך, וועל איך שטענדיק קעמפֿן אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבן! פֿאַר דיר איז די פֿרייהייט עפּעס אַנדערש, איך ווייס דאָס! און צייט דו ביסט געוואָרן אַ קאָמוניסט לייקנסטו דאָך אינגאַנצן אין פֿרייהייט! פֿרייהייט, זאָגסטו איצט, איז אַ בורזשואַזער פֿאַראורטייל, אַ דעמאַגאָגישע פֿראַזע! רעדסט נאָך, ווי אַלע היגע קאָמוניסטן, אַלץ וואָס מ׳זאָגט אין רוסלאַנד! פֿאַר מיר אָבער איז פֿרייהייט — לעבן, מיין לעבן; אַז איך זאָל קענען לעבן לויט מיין נאַטור, לויט אַלע מיינע אייגנשאַפֿטן! פֿרייהייט מיינט, אַז ס׳זענען נישטאָ קיין שום באַגרענעצונגען פֿאַר דער אינדיווידועלער פּערזענלעכקייט פֿון יעדן מענטש, אַז זי קען פֿריי זיך אַנטוויקלען און אויסלעבן! דו קוקסט מיך אָן פֿאַרוווּנדערט און איראָניש; דו טראַכסט: פֿון וואַנען קומט צו נתן שדכנס טאָכטער אַזעלכע געדאַנקען? — וואָס פּלאַפּלט די דאָזיקע קליינבירגערן וועגן פֿרייהייט?... נו, יאָ; ביי אַ קאָמוניסט איז דאָך אַלץ נישט מער ווי מאַטעריע. פֿאַר אַ קאָמוניסט איז סאָציאַליזם אַ מאַטעריעל בעסער און גרינגער לעבן פֿאַרן אַרבעטער, אַז די רעגירונג זאָל געהערן צום פּראָלעטאַריאַט, ס׳זאָל הערשן דיסציפּלין, אָרדענונג, און ליבע... נו, דו האָסט דאָך פֿריִער שוין אַליין געזאָגט, אַז ליבע צווישן מאַן און פֿרוי אָן סעקסואַליטעט איז נישטאָ. וועגן נשמה לאַכסטו דאָך, חוזקסט: ווו איז די נשמה?... און ווייסטו? — אַז מ׳לייקנט אין נשמה — לייקנט מען אויך אין פֿרייהייט, ווייסט מען נישט וואָס איז פּערזענלעכקייט, אַז יעדער מענטש איז אַנדערש און האָט אַ רעכט צו לעבן פֿריי לויט זיין נאַטור״.

אמת, דער חבר טוביה האָט אויף זיין פֿרוי איצט געקוקט אַ ביסל איראָניש, דאָך מיט אַלץ מער פֿאַרוווּנדערונג. ער האָט טאַקע נישט געוווּסט פֿון וואַנען ס׳האָט זיך גענומען צו נתן שדכנס טאָכטער, ווי זי האָט זיך פֿריִער אַליין אָנגערופֿן, די אַלע רייד וועגן פּערזענלעכקייט. האָט זי זיך וועגן דעם אַלעם אָנגעלייענט אין די ביכער, אָדער געהערט רעדן דערפֿון, צי זי איז אַליין דערצו געקומען? אלצאיינס, ער האָט איינגעזען, אַז וואָס זי האָט געזאָגט איז אין אַ געוויסן זיין ריכטיק, הגם ער האָט געלייקנט אין נשמה. ער האָט געטראַכט ביי זיך: „סאָציאַליזם מיינט טאַקע נישט בלויז אַ בעסער לעבן פֿאַרן אַרבעטער. דער חבר ליכטענבערג זאָגט, אַז דער סאָציאַליזם איז גיכער אַרויסגעוואַקסן פֿונעם מענטשנס זין פֿאַר גערעכטיקייט און זיין עמפּערונג קעגן אומגערעכטיקייט, ווי פֿונעם שטרעבן צו אַ בעסער לעבן. פֿרייהייט אָבער, אַז דער מענטש זאָל זיך פֿריי קענען אויסלעבן ווי

ס׳פאַרלאַנגט זיין נאַטור, לויט די אינדיווידועלע אייגנשאַפטן פון יעדער פּערזענ־לעכקייט — וואָס וואָלט דאַן געשען?״... ער האָט געפרעגט זיין פרוי: „אויב אַ מענטש איז געשאַפן אַזוי, אַז אים געפעלט נאָר דאָס וואָס דער אַנדערער האָט — נישט בלויז דאָס וואָס מ׳קען קויפן פאַר געלט, אַז מ׳האָט עס, נאָר יענעמס פרוי, יענעמס מאַן? נישט אין פּלאַטאָנישן זין. און ס׳זענען פאַראַן אַזעלכע, וואָס ווי פיל זיי זאָלן נישט האָבן, ווי גרויס זייער פאַרמעגן זאָל נישט זיין, איז פאַר זיי אַלץ ווייניק; וואָס זאָל זיין וועגן זיי? און ס׳זענען דאָ אויך אַזעלכע, וואָס זענען פון דער נאַטור געשאַפן צו הרגענען מענטשן; זאָלן זיי דאָס פריי קענען טאָן?״

עדזשאַ האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט: „אַך!״ זי האָט פאַרטיידיקט איר שטאַנדפּונקט. נאָר ער האָט אַצינד כמעט מער גאָרנישט געהערט וואָס זיין פרוי זאָגט, ווייל זיין בליק איז פּלוצלינג צוגענאָגלט געוואָרן צו איר קלייד. זי האָט איצט געטראָגן אַ פּרינצעס, געמאַכט פון אַן ערשטקלאַסיקן שניידער. די גאַנצע הערלעכקייט פון איר שלאַנקער פיגור און די פיינע, זייער־זייער פיינע אײדעלע ווייבלעכע פאָרמען זענען אין דעם קלייד געקומען צום אויסדרוק. טוביה איז אינ־גאַנצן געווען באַהערשט פון דאָזיקן צויבער, כאָטש ער האָט זיך איינגערעדט, אָדער ס׳איז אים טייל מאָל באמת אַזוי אויסגעקומען, אַז איר שיינקייט איז אים דערווידער, אַז ער וואָלט בעסער געוואָלט זי זאָל זיין מיאוס. זיין בליק איז איצט אויך געווען באַשעפטיקט מיט דעם רויט און בלוי פון איר קלייד. זי האָט נאָך אַלץ באַזונדערס ליב געהאַט די צוויי קאָלירן און זיך נישט געשיידט פון זיי אויף אַ מינוט. זי האָט אָבער אַזוי פאַרשטאַנענע צו וואַריאירן די דאָזיקע צוויי פאַרבן, אַז זי האָט אין זיי דערגרייכט אומצאָליקע עפעקטן און אַ גאַנץ מערקווירדיקן כישוף. אין דעם באַנד אַרום די ווונדערלעכע בלאָנדע האָר זענען געווען די צוויי קאָלירן, אַפילו אין די שיך, וואָס זי האָט זיך שטענדיק געלאָזט מאַכן ביי אַ שוסטער און נישט געקויפט גרייטע אין אַ געשעפט. זי האָט אַפילו די היט אין איר געשעפט געפּוצט מיט אָט די צוויי קאָלירן און דערמיט צוגעצויגן קונדן. טוביהן האָט זיך געדוכט, אַז ס׳הייבט אים אָן אויפצוגיין אַ געדאַנק וועגן דעם רויט און בלוי פון זיין פרוי, פּונקט ווי ס׳איז אים איין מאָל פּלוצלינג קלאָר גע־וואָרן פאַר וואָס זי וויל נישט האָבן קיין קינדער.

ער האָט זיך דערמאָנט אַז ער האָט זיין פרוי געוואָלט עפּעס זאָגן: „אַהאַ!״... קוקנדיק איר גלייך אין די אויגן אַריין, האָט ער אָנגעהויבן: „אויף דיין פאַרוואָרפן מיר, עדזשאַ, אַז די קאָמוניסטן זענען מאַטעריאַליסטן, וויל איך דיך פרעגן: האָסטו שוין אַ מאָל געזען אַ מאַטעריאַליסט — אין דיין זין — וועלכער זאָל לאָזן דאָס בעסערע, דאָס לייכטערע און נעמען אויף זיך דאָס ערגערע, דאָס שווערערע?״ — נאָר ס׳איז געקומען יעקב און דער שמועס איז איבערגעריסן געוואָרן.

4

ביים געבן עדזשאַן די האַנט האָט יעקב ווידער פעסטגעשטעלט ביי זיך, אַז כאָטש אין אירע אויגן איז דאָ אַזוי פיל פריינדלעכקייט ביים באַגריסן אים, לייקנט דאָס אָבער דער אופן פון דער קאַלטקייט אין איר האַנט־געבן. אינעם ערשטן

אויגנבליק ביים דערזען זי איז ער פאַרכאַפּט געוואָרן פון איר שיינקייט; דאַן אָבער איז זי אים געוואָרן נאָך וויניקער ווי גלייכגילטיק. עדזשאַ אָבער האָט יעדעס מאָל ווען ער איז געקומען געוואָלט אַז אויך ער זאָל זיך אין איר פאַרליבן, אַז אויך ער זאָל פאַרגעטערן איר שיינקייט, ווי דאָס טוען כמעט אַלע מענער וואָס קענען זי. זי האָט אָנגעווענדט אַלערליי מיטלען צו פאַנגען אויך דעם חבר ליכ־טענבערג, אָבער זי האָט גאָרנישט דערגרייכט. האָט זי אין האַרץ אים געגומען פאַראַכטן, וויניקסטנס גרינגשעצן: „אויך מיר אַ מאַן!“ דאָך האָט זי נישט אויפ־געהערט ווייטער צו קאָקעטירן און פּרוּוון אים פאַרפירן.

ביי דער טיי איז ווידער געקומען צו רייד וועגן פרייהייט און פרייע ליבע. עדזשאַ האָט פאַר איר שטאַנדפּונקט גענומען אַלס ביישפּיל די נאַטור זעלבסט און געפרעגט דעם גאַסט: „זאָגט, חבר ליכטענבערג! איר זענט דאָך אַ געבילדע־טער און פּאָעטישער מענטש, קען מען די ליבע נישט פאַרגלייכן צו אַ בלום?“

ער האָט געענטפערט שמייכלענדיק: „פאַר וואָס נישט?“

דער חבר טוביה האָט זיך פאַרקרומט: „אַבראַמטשיקס בלומענדיקע ליבע... און פאַר דער דאָזיקער בלומענדיקער ליבע האָסטו אים אַ מאָל געגעבן אַ פּאַטש“.

„נישט דערפאַר, נאָר פאַר זיין גראָבקייט“.

יעקב האָט געפרעגט מיט געמאַכטער נייגעריקייט און באַהאַלטענער קונדיי־סישקייט: „וואָס־זשע מיינט איר מיט דעם פאַרגלייך, חברטע בריקאַייזן?“

„וואָס איך מיין?“... זי האָט זיך געחנדלט. גלייך אָבער איז זי געוואָרן ערנסט: „רופט מיך, איך בעט אייך, ביי מיין מיידל־נאָמען: פּאָמעראַנץ, אָדער ביי מיין ערשטן נאָמען עדזשאַ“.

„גוט“.

„ווייסט איר פאַר וואָס?“

„ווייל איר זענט אַ מאָדערנע פרוי און ווילט נישט“...

זי האָט אים איבערגעשלאָגן: „ניין. ווייל בריקאַייזן געפעלט מיר נישט“.

יעקב האָט געשפּאַסט: „פאַר וואָס נישט? בריקאַייזן מיינט: אייזן פון אָדער פאַר אַ בריק. פאַר אַן אַרבעטער אַ פיינער סימבאָל: אייזן פאַר אַ בריק צום סאָ־ציאַליזם“.

עדזשאַ האָט פּראָטעסטירט: „איך בין נישט קיין אייזן און יויל נישט זיין קיין בריק צו עפּעס! איך בין איך! איך וויל זיין אַ מענטש פאַר מיר, בלויז פאַר מיר!“

יעקב האָט מסכים געווען: „גוט, איך וועל אייך רופן פאַני, אָדער חברטע עדזשאַ, איצט זאָגט מיר וואָס איר מיינט מיט דעם פאַרגלייכן די ליבע צו אַ בלום“.

זי האָט זיך ווידער גענומען חנדלען: „בלומען זענען פריי. זיי מוזן זיין אין דער פרייער נאַטור, אונטערן פרייער הימל, אין דער פרייער לופט“...

יעקב האָט זיך געוויצלט: „פון דעסטוועגן געהערן זיי נישט יעדן איינעם“...

„אָבער זייער דופט, זייער שיינקייט!“ האָט עדזשאַ זיך קאַפּריזנע געעקשנט.

יעקב האָט מסכים געווען: „דאָס איז ריכטיק. הגם געווענג בלומען וואַקסן אין שטיבער, אין אַראַנזשעריעס. אָבער ווייסט איר, אַז ס׳זענען פאַראַן בלומען וואָס דופטן נישט? זיי זענען בלויז שיין. פאַר מיר — איך ווייס נישט פאַר וואָס — האָט די דאָזיקע שיינקייט קיין שום ווערט נישט. עפּעס אַ פּוסטע שיינקייט, אָן אַ נשמה“...

עדזשאַ האָט פאַרשטאַנען, אַז דער חבר ליכטענבערג האָט געמיינט זי און איר פאַראַכטונג צו אים איז איבערגעגאַנגען אין האַס. זי האָט זיך אָבער באַמיט אַז ער זאָל גאָרנישט דערקענען אין איר פּנים. זי האָט ווייטער גערעדט וועגן פרייע ליבע און פרייהייט בכלל. זי איז באַשטאַנען אויף אירס, אַז סאָציאַליזם מיינט פרייהייט, אַז אָן פרייהייט איז נישטאָ קיין סאָציאַליזם און אַז אמתע פרייהייט איז פאַראַן נאָר דאַן, ווען ס'זענען נישטאָ קיין שום באַגרענעצונגען פאַרן מענטש זיך פולשטענדיק פריי אויסצולעבן: אַלע זיינע ווונטשן, אַלע זיינע אייגנשאַפטן — זיין גאַנצע פערזענלעכקייט.

ווידער האָט יעקב מסכים געווען: „געוויס. אָבער ער זאָל דערביי קיינעמען נישט שאַטן, קיינעמען נישט ווי־טאָן. בעסטיעס און פּאַראַזיטן — אַזעלכע וואָס ווילן פרייהייט אויפן אַנדערנס חשבון — קען מען קיין פרייהייט נישט געבן, אַזעלכע האָבן אַפילו קיין רעכט נישט צו עקסיסטירן".

„אַזוי שטרענג?" זי האָט איראָניש פאַרצויגן די שיינע, נישט צו־דיקע ליפּן און איז אויפגעשטאַנען פונעם שטול: „איך גיי בעסער שפּאַצירן אַצינד". זי האָט אָנגעטאָן איר קלאַשאַווע טייערן פעלצמאַנטל, אַ הוט פון אייגנאַרטיקן פאַסאָן, געזאָגט דעם גאַסט און דעם מאַן „דאָווידזעניאַ" און איז אַוועקגעגאַנגען.

צווישן די צוויי חברים האָט זיך דאַן אָנגעהויבן גאָר אַן אַנדער געשפּרעך: וועגן דער קעגנוואַרטיקער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער לאַגע אינעם לאַנד. יעקב האָט דערביי זיך אַראָפּגערעדט פונעם האַרץ און פריי געזאָגט וואָס אים דריקט: אַז די באַזיצנדיקע קלאַסן ווייסן אַלע קלאָר וואָס זיי ווילן און האַלטן פעסט צוזאַמען, זיי קעמפן פאַר זייערע קלאַסן־אינטערעסן מיט געמיינזאַמע כּוחות, פאַר־אייניקט; די אַרבעטער אָבער זענען צעשפּליטערט אין פּאַרטייען און פּאַרטייעלעך, באַקעמפן זיך קעגנזייטיק און פאַרגעסן דערביי זייער געמיינזאַמען שונא.

דער חבר טוביה האָט באַשטעטיקט: „ליידער, ריכטיק. פאַרגעסט אָבער נישט דערביי, חבר ליכטענבערג, אַז די אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און פּאַרטייעלעך — זיי האָבן אַלע כמעט די זעלביקע אידעאָלאָגיע — זענען פשוט נישט קיין מאַרק־סיסטן, כאָטש זיי האַלטן אין איין שרייען אַז זיי זענען עס יאָ. דעמאַגאָגן זענען זיי! ניין, נישט זיי טייטשן שלעכט אויס דעם מאַרקסיזם, נאָר זיי פעלשן אים! דער בעס־טער באַווייז: זיי זענען קעגן שטירצן דעם קאַפּיטאַליזם מיט וואָפן! אָן רעוואָלו־ציע — אַז דער פּראָלעטאַריאַט זאָל איבערנעמען די רעגירונג — איז דער מאַרק־סיזם אַ קערפּער אָן אַ גייסט! אָדער נאָך ריכטיקער: אַ טויטער קערפּער, אינגאַנצן אַ טויטער קערפּער! די מאַסן זענען נישט שולדיק, זיי מוזן אויפגעקלערט ווערן; דאַן וועלן זיי אַלע קומען צו אונדז, אין אונדזערע רייען. נאָר זייערע פירערס: העלפערס פון דער רעאַקציע, מיטשולדיקע פון דער טיראַניע, פאַררעטערס פונעם פּראָלעטאַריאַט — זיי מוזן באַטראַכט ווערן פאַר אונדזערע ערגסטע שונאים, פאַר די געפערלעכסטע! אונדזער קאַמף מוז איצט געווענדט זיין קודם כל קעגן זיי!"

די זעלביקע פראַזן, וועלכע יעקב האָט נישט אויפגעהערט צו הערן, נישט בלויז פון אַזעלכע ווי דער חבר טוביה, נאָר אַפילו פון אַ חבר באָריס. ער האָט זיך אָנגעכמורעט און געטראַכט: אפשר איז דאָס אַלץ ריכטיק. אים אָבער האָט גע־מאַטערט דער צווייפל.

# קאַפּיטל זיבן און צוואַנציק

## יעקבס פלאָנטער

1

פרייטיק-צונאַכטס. אויפן טיש, אין צוויי מעשענע לייכטערלעך, ברענען צוויי איבערגעבליבענע קליינע פּיצעלעך ליכט, וואָס ראַבע צינדט אָן לכבוד שבת. אַזוי פירט זי זיך פון נאָך דער חתונה אָן. נישט האַלטנדיק פון רעליגיע, ווי אַ סאָציאַליסט, אַ קאָמוניסט, האָט יעקב געפּרוווט ווירקן אויף זיין פרוי, אַז זי זאָל דאָס נישט טאָן. „דו ביסט דאָך נישט פרום" — האָט ער איר געזאָגט. זי האָט אים געענטפערט: „ניין. אָבער איך האָב דאָס געזען ביי מיין מאַמען פון קינדוויז אָן — איז עס מיר געבליבן אין האַרץ. טראַדיציע". ס'האָט יעקבן נישט געהאָלפן דאָס באַמיִען זיך איר צו באַווייזן, אַז אַ דענקנדיקער מענטש מוז קענען זיך באַפרייען אויך פון טראַדיציעס, פונקט ווי ער באַפרייט זיך פון אַלערליי איבערגלויבנס, ווייל דאָס ערשטע איז אָפט — און אפשר אומזיסט — פאַרמישט מיטן אַנדערן. שפּעטער האָט ער פאַר איר אַוועקגעשטעלט איר אייגענע מוטער ווי אַ ביישפּיל: „זע! דיין מאַמע איז אַ מאָל געווען זייער פרום; פון דעסטוועגן האָט זי זיך באַפרייט פון איר פרומקייט, און אויך פון אַ סך טראַדיציעס שוין". אָבער אויך דאָס האָט נישט געהאָלפן. ס'האָט אים נישט געהאָלפן קיין לאָגיק, אפילו נישט קיין אויסלאַכן זיין פרוי; זי איז געבליבן ביי אירע פרייטיק-צונאַכטסדיקע ליכט, ביים שבת און יום-טוב, וואָס האָט געמיינט: עסן ביי אַ שענער-געדעקטן טיש.

האָט יעקב נאָכגעגעבן. פאַמעלעך האָט ער זיך אויסגעלערנט נאָכצוגעבן זיין פרוי אַלץ וואָס האָט נישט אָנגערירט דירעקט זיין פּערזענלעך לעבן. נאַטירלעך איז זיין ליבע צו איר, וואָס איז סיי ווי שטענדיק געווען אַ שוואַכע — טייל מאָל איז זי אַפילו געווען גאַנץ טויט אין זיין האַרץ, נאָר ער האָט זי יעדעס מאָל ווידער אויפגעמונטערט, זי מחיה-מתים געווען — אָט די ליבע, אָדער ריכטיקער דער מאָראַלישער ווילן זיין פרוי צו ליבן, האָט אינגאַנצן אויפגעהערט. דאָס אייגענע איז געשען ביי איר. זיי זענען אָבער דאָך געווען מאַן און פרוי. זיי האָבן געהאַט אַ יינגעלע, זייער אַ שיינס, אַ קלוגס און ראַבע האָט שוין געשוואַנגערט מיט אַ צווייט קינד. דאָס יינגעלע האָט געהייסן דוד שאול, נאָך די צוויי געשטאָרבענע זיידעס. יעקב האָט דאָס קינד שטאַרק ליב געהאַט.

דאָס פרייטיק-צונאַכטסדיקע עסן איז שוין לאַנג געווען געענדיקט. נאָר דודל — אַזוי האָבן ביידע גערופן דאָס קינד — איז נאָך אויף-געווען. דער פאָטער האָט זיך געשפּילט מיטן זונעלע: ער האָט אים געוויזן דעם קעשענע-זייגער, דאַן אים באַהאַלטן (מייסטנס ביי זיך) און געהייסן דודלען געפינען דעם זייגער. דודל האָט ליב געהאַט דעם שפּיל. נאָר אָט איז איין ליכט שוין אינגאַנצן אויסגעגאַנגען. דודל האָט מיט אַ דערשטוינטן בליק אין די ברוינע אויגן גענומען קוקן אין אַלע זייטן: ער האָט געזוכט דאָס פאַרלאָשענע פלעמל. „ווו איז"... ווו איז?"... האָט ער געפרעגט. „וואָס דודל?" האָט דער פאָטער זיך געמאַכט נישט פאַרשטייענדיק. „ליט...

פייער״... האָט דודל נישט אויפגעהערט צו זוכן. דער פאָטער האָט זיך באַמיט דעם קליינעם צו דערקלערן: „אויסגעלאָשן... אויסגעברענט... מער נישטאָ״... נאָר דודל האָט זיך נישט באַרויִקט. ער האָט אַזש געוואָלט וויינען. אָבער ער האָט זיך באַ־הערשט און נישט אויפגעהערט צו מאָנען ביים פאָטער: „ווו איז?... ליט?... פייער?... לאָמע?״... נייך, ער האָט די דערקלערונגען פונעם פאָטער נישט אָנגענומען. זיין קינדערישער געדאַנק האָט נישט געוואָלט שלום מאַכן מיט דעם פשוטן און אַזוי לאָגישן פאַקט, אַז ס׳איז נישטאָ מער קיין חלב — ברענט נישט מער. אויך האָט זיין קינדעריש האַרץ זיך נישט געוואָלט צופרידן שטעלן און זיך באַרויִקן מיט דעם גרויזאַמען געזעץ: אויסגעלאָשן... נישטאָ ס׳פייער... אַ גרויסע אַנטוישונג אין דעם אויסדרוק פונעם קינדערישן פנימל, אַ שווערע פאַרצווייפלטע פראַגע אין די אויפגעריסענע ברוינע אויגן, אין די קאַפויער-געצויגענע, שוואַרצע בויגנדיקע ברעמען, אין דעם קינדערישן אָבער גענוג הויכן שטערן. פון גרויס צער איז דער קליינער מיד געוואָרן און די מוטער האָט אים געלייגט שלאָפן. זי אַליין איז אויך שוין געווען מיד, פאַרמאַטערט פון דער שווערער אַרבעט אַ גאַנצן טאָג; ראַמען און קאָכן אויף שבת, דערצו אין די „הויכע חדשים״. האָט זי זיך אויך געלייגט שלאָפן.

2

יעקב האָט גענומען אַ בוך און איז אַריינגעגאַנגען אין דער קיך. נישט בלויז איז ער נישט געווען מיד, כאָטש ער האָט אַצינד געאַרבעט און אַפילו געמאַכט איבערשטונדן (ווייל ס׳איז געווען דער סעזאָן) און ער האָט חוץ דעם נאָך געטאָן גענוג פּאַרטיי־אַרבעט און איז דעריבער ווייניק געשלאָפן, נאָר ער איז אַצינד געווען איבער־וואַך. אַמליבסטן וואָלט ער ערגעץ געגאַנגען, צו אַ פריינד, אָדער ער וואָלט זיך אַ ביסל איבערשפּאַצירט. דער פרילינג האָט שוין געשמעקט אין דער לופט, מ׳האָט אים שוין געפילט אין די ביינער (ווי אַלטע האָבן געזאָגט) און אינעם בלוט (ווי יונגע האָבן באַהויפּטעט). יעקב האָט אָבער נישט געקענט איצט ראַבען איבער־לאָזן אַליין: ס׳איז דער איינער אָונט אין דער וואָך ווען ער קען זיין אין דער היים. ער האָט צוגעמאַכט די טיר פון דער קיך, כדי דאָס ליכט זאָל נישט שטערן דעם קינדס און דער פרויס שלאָף.

נאָר לייענען האָט ער נישט געקענט, ווי ס׳איז תמיד ווען מ׳וויל, אייגנטלעך, גאָר טאָן עפּעס אַנדערש, אָבער ווייל ס׳איז נישט מעגלעך, נעמט מען זיך צו אַ בוך. דער פאַרלאַנג ערגעץ צו גיין — צו אַ פריינד — איז נישט אַוועק; פאַרקערט, ער איז געוואָרן שטאַרקער. דער פריינד — דאָס איז אַצינד געווען יצחק לערמאַן, נייך נישט פּערעלע, נאָר טאַקע לערמאַן, איר מאַן; צו רעדן מיט אים וועגן דעם צווייפל אין זיין האַרץ. דער דאָזיקער צווייפל, באַזונדערס זינט ער איז אַריינ־געטראָטן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אָדער גענויער: נאָך עטלעכע חדשים אַרבעט אין דער פּאַרטיי, איז געוואָקסן אַלץ מער און מער. מיט זיין פריינד לערמאַן האָט ער וועגן זיינע ספיקות גיכער געקענט רעדן ווי מיט זיינע חברים. נישט בלויז ווייל מ׳טאָר פאַר אַ פּאַרטיי־חבר נישט אַרויסווייזן קיין ספיקות צו דער דאָקטרין פון דער פּאַרטיי, צו איר פּאָליטיק, נאָר ווייל דער לערער, דער פריינד

זיינער, איז געווען אַ פיין געבילדעטער מענטש, אָן פּאַראורטיילן — ווי וויט ס׳איז מעגלעך. לערמאַן איז געווען נישט בלויז אַן אינטעליגענטער מענטש, נאָר אַן אידעאַליסט, הגם ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ שטרענגן עמפּיריקער און זיך געוועדט באַצייכנט צו ווערן אַלס אידעאַליסט. גיכער האָט ער צוגעלאָזט, אַז זיין זיך מקריב זיין פאַר דער שול אָנצורופן „ליבע צו די קינדער״, וואָס איז אַ מין „איידעלער עגאָיזם״ אָבער נישט אידעאַליזם.

יעקב האָט אָבער אין זיין איבערגעטריבענער אויפריכטיקייט צו זיך מורא געהאַט, אַז אין זיין אונטערבאַוווּסטזיין ווירקט גאָר די פאַרדרענגטע ליבע צו פּערעלען, און יעדעס מאָל ווען ער וויל גיין, אָדער גייט טאַקע צו פריינד, ציט עס אים צו איר. נאָר אַ קליין ביסל האָט ער זיך דאָך אָפּגענאַרט: ער האָט ביי יעדן מאָל אַהינגיין, אָדער פאַרלאַנג אַהינצוגיין, זיך געזאָגט: איך האָב זיי ביידע גלייך ליב. קעגן זיינע געפילן פון ליבע צו פּערעלען — זיי זענען נאָך אַלץ נישט געווען טויט, נאָך אַזוי לאַנג זיי שטיקן און ווערגן — האָט ער פון נאָך דער באַפרייונג פון דער תפיסה, געוווּר געוואָרן אַז די ביידע האָבן חתונה געהאַט, זיך כסדר געזאָגט: זיי זענען זיכער גליקלעך. ער האָט דערביי יעדעס מאָל מוסיף געווען: מיט מיר וואָלט פּערעלע סיי ווי נישט גליקלעך געווען. זיין עגאָיזם האָט אים אָבער דערויף געענטפערט: דו וואָלסט אפשר נישט געווען אַזאַ צעריסענער מענטש ווען דו וואָלסט געווען חתונה געהאַט מיט איר.

אין מעלאַנכאָלישער שטימונג איז יעקב איצט געקומען צום אויספיר, אַז ער האָט שוין לאַנג רעזיגנירט פון פּערזענלעך גליק, פון אינערלעכער רו און צופרידנקייט.

„לייענען, לייענען!״ האָט ער זיך געמונטערט. אָבער ער האָט בשום אופן נישט געקענט לייענען. דאָך האָט ער זיך געצוווּנגען דערצו. האָבנדיק אָבער איבערגעלייענט עטלעכע זייטלעך, ער האָט פעסטגעשטעלט, אַז ער ווייסט אַבסאָלוט גאָר נישט פון דעם אַלעם וואָס ער האָט געלייענט. ווען ער האָט זיך באַפרייט פונעם פערזענלעכן, האָבן זיינע געדאַנקען, ווי תמיד ווען ער איז אין דער לעצטער צייט געווען אין דער לאַגע צו דענקען, זיך ווידער גענומען באַשעפטיקן מיט דער צעריסנקייט צווישן די אַרבעטער, מיט דער צעשפּאָלטנקייט און צעשפּליטערטקייט זייערער אין פּאַרטייען און פּאַרטייעלעך. דאָס האָט אים קיין רו נישט געגעבן. ער האָט זיך גענומען דערמאָנען אין פאַרשידענע דיסקוסיעס מיט פריינד און חברים. איינע איז קלאָר אַרויסגעטרעטן אין זיין זכרון, הגם ס׳איז שוין אַ היפּשע צייט אַוועק פון זינט זי איז פאָרגעקומען. געווען איז דאָס אין אַ פיינעם באַר. אַדאָם וויַס, זיין אַדוואָקאַט, האָט נאָכן צופעליקן זיך באַקענען מיט אַדאַ, באַריס און וואַצלאַוו דעמאָלט אין מירעלעס קאַוויאַרניע, זיי אַלע — נאָכן אויסטרינקען די טיי און אַ ביסל שמועסן, וואָס איז איבערגעגאַנגען אין פאַרזעצן די היציקע דיסקוסיעס פאַר זיין אַריינקומען — איינגעלאַדן צו אַן אָוונטברויט. נאָכן גרויסאַרטיקן עסן און טייערן וויין האָט ביי דער שוואַרצער קאַווע זיך אַנטוויקלט אַ געשפּרעך וועגן מאַרקסיזם. דער יונגער אַדוואָקאַט האָט נישט געוואָלט מסכים זיין מיט די געדאַנקען פונעם חבר באַריס וועגן דער טעאָריע פון איבערגאַנג פון אַ טייל בורזשואַזיע־אינטעליגענץ צום פּראָלעטאַריאַט. „נישט פּסיכאָלאָגיש!״ האָט ער אַרגומענטירט. „דער קאַפּיטאַליזם קען דערוויַיל נאָך נישט פאַרגלייכט ווערן

צו אַ זינקענדיקער שיף. דער קאַפּיטאַליזם איז נאָך אַלץ גענוג קרעפטיק. אינטע־
ליגענטע מענטשן מיט אַ קלאָרן בליק און געזונטן חוש ווייסן דאָס. זיי ווילן, אַלזאָ,
פון אַ גוטער פּאָזיציע, פון אַ רייך לעבן וואָס איז פול מיט פאַרגעניגנס, נישט
אַוועק צום פּראָלעטאַריאַט ווו ס׳דערוואַרט זיי, חוץ הונגער און נויט, שווערע ליידן
און אויך דער שטריק. דאָ ווירקט אַן אַנדערער כוח, אַ גייסטיקער, אַ זעלישער, אַ
מאָראַליש־עטישע קראַפט, דאָס געפיל פון גערעכטיקייט, דאָס געוויסן״. ער איז
דאַן איבערגעגאַנגען צום פּראָבלעם פון דער צעשפּליטערונג, פונעם אַנטאַגאָניזם
אין די מאַרקסיסטישע רייען. אַלע דערקלערונגען וועגן דעם פון וואַצלאַוון, פונעם
סטודענט, פון אַדאַן און פון אים — אַפילו די לאָגישסטע — האָט ער צוריקגעוויזן.
זיין מיינונג איז דעמאָלט געווען, אַז דער גאַנצער מאַרקסיזם איז פאַלש, אַז דער
צוגאַנג צום סאָציאַליזם פון אַ היסטאָריש־מאַטעריאַליסטישן שטאַנדפּונקט האַלט
נישט אויס קיין שום קריטיק. זיין אויספיר איז געווען: „דער מאַרקסיזם מיט זיין
העגעליאַנישער דיאַלעקטיק וועגן היסטאָרישן מאַטעריאַליזם האָט בלויז מאָדער־
ניזירט די מיטלאַלטערלעכע סכאָלאַסטיק״. און ער האָט געפרעגט: „פאַר וואָס
נישט אָננעמען, אַז די סאָציאַליסטישע אידייע איז די אַנטוויקלונג ביים מענטש
פונעם שטרעבן צו מאָראַל און עטיק, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיטן רעליגיעזן
געפיל אין זיין נשמה? די לערעס וועגן גערעכטיקייט אין דער יידישער און קריסט־
לעכער רעליגיע, די אמתן פון די נביאים אין זייער קאַמף קעגן די רייכע — דאָס
איז אַ סך זאַכלעכער און פירט אויף אַ ריכטיקערן וועג צום סאָציאַליסטישן ציל,
ווי דער מאַרקסיזם. די אידייע פון סאָציאַליזם איז אַנטשטאַנען אין מענטשלעכן
האַרץ. (איך זאָג נישט אינעם האַרץ פון מענטש, נאָר אינעם מענטשלעכן האַרץ...).
די סאָציאַליסטישע טעאָריעס, אַ סך פון זיי שטאַרק פאַרפּלאָנטערט און אויך פאַלש,
זענען איבער, אין בעסטן פאַל, דאָס געפיל פון גערעכטיקייט אין לאָגיק״.

די דאָזיקע געדאַנקען, דערמאָנט זיך איצט יעקב קלאָר, זענען דעמאָלט פון
די חברים נישט אָנגענומען געוואָרן. מ׳האָט דעם אַדוואָקאַט געענטפערט מיט די
סקאַרבאָווע פראַזן, אַז רעליגיע איז שטענדיק געווען — און איז געבליבן — די
שטאַרקסטע שטיצע פון די רייכע, פון יעדער רעאַקציאָנערער רעגירונג, פון יעדער
טיראַניע און דעספּאָטיע. די קירכע האָט קיין מאָל נישט צוגעלאָזט קיין פרייען
געדאַנק, די פּויפּסטן, די קאַרדינאַלן און די גלחים האָבן שטענדיק געהאַלטן נאָר
מיט די מעכטיקע, מיט יענע וואָס האָבן דאָס אָרעמע פאָלק פאַרשקלאַפט און אויס־
געזויגט. רעליגיע האָט די מאַסן תמיד געהאַלטן אין פינצטערניש און זיי געלערנט
אונטערטעניקייט. דערויף האָט דער אַדוואָקאַט דעמאָלט דערציילט ווי אַזוי ער
איז געקומען צום סאָציאַליזם: נישט דורכן מאַרקסיזם, נישט ווייל ער האָט דערזען
אַז די קאַפּיטאַליסטישע שיף (אויף וועלכער ער איז געפאָרן אין דער ערשטער
קלאַס) זינקט און ער האָט זיך געוואָלט ראַטעווען. „ניין!״ האָט ער אויסגערופן,
אַוועקוואַרפנדיק דערביי דאָס אָקערשט־פאַררויכערטע דינע פּאַפּיראָסל און פאַר־
רויכערט אַ צווייטס. „קיין שום טעאָריעס האָבן מיך דערצו נישט געפירט, נאָר
בלויז מיין געפיל, דאָס בלינדע געפיל פאַר גערעכטיקייט, דאָס אויפגעוואַכטע
געוויסן, אַז זייענדיק אַ זון פון אַ באַנקיר, בין איך מיטשולדיק אין דעם פאַרגאָ־
סענעם בלוט אין דער מלחמה און אין דעם צושטאַנד וואָס האָט געפירט און וועט
ווייטער פירן צו מלחמה!״ קוקנדיק ווי אַ שטרענגער ריכטער, האָט ער דאַן גע־

פרעגט: „וועדנט איר אייך דען נישט אין אייער פראפאגאנדע צום געפיל פון דער מאסע? וואלט איר גערעדט בלויז צו זייער שכל, בלויז צו זייער לאגיק, וואלט איר זיי ווייניק איבערגעצייגט. חוץ אין עקזאקטער וויסנשאפט איז די לאגיק נישט מער ווי א מיאוסער חונף פונעם געפיל אדער אינסטינקט; ער זאגט דעם מענטש: יא, יא... אדער: ניין, ניין... ווייל... די לאגיק ברענגט פונקט אזעלכע שארפע ארגו־מענטן פאר יא און פאר ניין אין זעלבן ענין. די לאגיק באַרעכטיקט דעם נידע־ריקסטן אינסטינקט מיט דער זעלבער „קלארקייט", ווי זי באלייכט דאס שענסטע געפיל". און ווי ער וואלט זיך געכאפט וועגן עפעס, האט ער שנעל צוגעגעבן: „פארשטייט מיך נישט שלעכט, מיינע פריינד! איך קעמף נישט קעגן דער לאגיק. קיין אנדער אינסטרומענט קלאר צו מאכן א געדאנק, איז חוץ לאגיק דעם מענטש נישט געגעבן געווארן. די לאגיק איז דער פאקל אין פינצטערן לאבירינט פון געפילן און אינסטינקטן אינעם מענטשנס לעבן. דערווייל זענען די איידעלע און שיינע געפילן פון ליבע, אמת און יושר נאך ביי זייער ווייניק מענטשן פאראן. ביי די מייסטע הערשט דערווייל נאך אלץ דער חיהשער אינסטינקט פונעם אור־באגין".

לאנג איז יעקב אויף געווען אין יענעם פרייטיק־צונאכטס. ער איז געזעסן אין קיכל איבער אן אויפגעמישט בוך און געטראכט וועגן אדאם ווינס' געדאנקען. ס'איז געווען שוין זייער שפעט ווען ער האט זיך געלייגט שלאפן.

ווען יעקב האט זיך אויפגעכאפט האבן די שטראלן פון דער זון שוין לאנג אריינגעשיינט דורך די שויבן פונעם פענצטער. עפנענדיק די אויגן איז זיין ערשטער, גאנץ מטושטשדיקער געדאנק געווען: גרינע גרעזעלעך טאנצן אים ארום אויפן פנים...

דודל איז געווען א פרי־אויפשטייער. ער האט אין זיין בעטל שוין געהאט געמאכט געגוג קאזשעלקעס און אנדערע אלערליי גימנאסטישע קונצן און איצט געשריגן אז ער איז הונגעריק און וויל עסן. אויף אן אנדערן אופן האט דאס זעלבע געטאן „דאס קליינע" אין ראבעס בויך. דער טאטע האט געוואשן און אנגעטאן דאס זונדל. אינצווישן האט אויפגעקאכט דאס וואסער וואס ער האט אינעם איינגעהייצטן קיכל צוגעשטעלט און ס'איז הייס געווארן די מילך. דער פרוי האט ער דערלאנגט אין בעט אריין א גלאז „באווארקע" (טיי מיט מילך) און דודלען האט ער געגעבן צו עסן. דער „ממזר־יונג" האט געוויסט ווי דער פאטער האט אים ליב און געקענט אלע שוואכקייטן זיינע. האט ער איצט, וויסנדיק אז היינט גייט דער פאטער נישט צו דער ארבעט, אים נישט אוועקגעלאזט פון זיך: ער האט זיך געהייסן קארמען (אויב נישט וועט ער נישט עסן) און דערביי געגומען דערציילן אלערליי שנעל־אויסגעטראכטע מעשיות. זיין פאנטאזיע האט זיי פראדוצירט ווי א ווינטל כוואליעט אויף א טייך און אלערליי קונצן האט ער געוויזן דעם פאטער. מיט אלערליי כיטרע מיטלען האט דער „קליינער באנדיט" געהאלטן זיין „נארישן" טאטן, ווי אין א נעץ לעבן זיך. כאטש ער איז געווען הונגעריק, האט ער געגעסן פאמעלעך, געשטעלט איין קשיא נאך דער צווייטער, טייל גארנישט קיין לייכטע, הגם קאמישע, ווי למשל: „ווי אזוי קענען די שטראלן אריינקומען דורכן פענצטער?... שטעלן זיי זיך צו א לייטער פונעם הימל ביז צו אונדז?"... דער טאטע האט אויף אלע קשיות געמוזט געבן קלארע, פארשטענדלעכע ענטפערס. נאר ווי קלאר און פארשטענדלעך די ענטפערס האבן געמעגט זיין, האט דער קליינער קונדס פון יעדן ענטפער געמאכט נייע קשיות.

דאַן האָט דער טאַטע געמוזט העלפֿן אים אויפֿבויען פֿון די שפּיל־זאַכן שלעסער און פֿעסטונגען און שיפֿן און הייזער און פֿאַבריקן און מאַשינען. דאַן האָט דודל פֿאַר־לאַנגט פֿונעם פֿאָטער, אַז ער זאָל אים דערציילן זאַכן צום לאַכן. ער האָט דעם טאַטן אַזוי לאַנג געהאַלטן לעבן זיך ביז ס׳איז געוואָרן גוט שפּעט און יעקב האָט אַ פֿאַר־צווייפֿלטער זיך געכאַפּט: „אַדיִ!" ערשט דאַן האָט ער זיך אַרויסגעריסן פֿונעם זונס נעץ און איז אַנטלאָפֿן.

ראַבע האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים פֿענצטער אין איר ראַזע קימאָנע מיט גרוי־סע ליליע בלומען. די אָנהייב פֿרילינג־זון האָט געשיינט און ראַבע האָט ליב געהאַט זיך צו לאָזן לאַשטשען פֿון איר נאָכן לאַנגן און שווערן ווינטער. אירע אויגן האָבן איצט זשעדנע געטרונקען די שטיקלעך בלוי פֿונעם הימל, וואָס האָבן זיך אָפּיר־באַקומען פֿון אונטער די ווייסע וואָלקנס: לייכטע און שוועבנדיקע ווי שלייערס פֿון כּלות. ווען ראַבע שוואַנגערט האָט זי ליב אַזוי צו זיצן און צו טרוימען. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז ווען זי האָט געשוואַנגערט מיט דודלען, האָט זי געטאָן דאָס זעלבע און געהאַט דערפֿון דעם זעלבן תּענוג. אָבער פּונקט ווי דעמאָלט איז איר אויך ביי דער איצטיקער שוואַנגערשאַפֿט געקומען אָפּט אויפֿן געדאַנק וועגן איר ערשטער אומגליקלעכער שוואַנגערשאַפֿט. ווי פֿאַרצווייפֿלט איז זי דעמאָלט געווען! ווידער האָט דאָס געוויסן זי איצט גענומען פּייניקן: „פֿאַר וואָס האָב איך מיך נאָך אַלץ נישט מודה געווען פֿאַר יעקבן, אַז איך האָב דעמאָלט געשוואַנגערט נישט פֿון אים נאָר פֿון הערמאַנען, פֿון מיין קוזין?" איר פּנים האָט גענומען פֿלאַמען פֿון בושה. מיטביידע הענט האָט זי זיך פֿאַרשטעלט ס׳פּנים. זי האָט זיך געפּייניקט, ווייל זי האָט געפֿילט, אַז איר געוויסן מוז זיין ריין ווען זי שוואַנגערט, אין איר נשמה טאָר דאַן נישט זיין קיין צעריסנקייט. זי איז אַ מאַמע. באַלד וועט זי זיין אַ מאַמע פֿון נאָך אַ קינד. ניין, זי טאָר זיך נישט אַרומטראָגן נאָך לענגער מיט דער זינד פֿון האָבן גענאַרט דעם פֿאָטער פֿון אירע קינדער! זי האָט זיך דערמאָנט ווי זי פֿלעגט נאַרן אירע עלטערן אַפֿילו ווען זי איז שוין געווען אַ גרויס מיידל. דער פֿאָטער האָט איר קיין מאָל גאָרנישט געזאָגט, ער האָט קיין מאָל נישט געוווּסט ווען זי זאָגט ליגנט. די מוטער אָבער האָט יאָ געוווּסט און זי שטענדיק געמוסרט: „געדענק, ראַבע! זאָגן ליגנט איז אַן עבֿירה און זי פּייניקט דערנאָך אַזוי לאַנג ביז מ׳איז זיך מודה!"

נאָר ראַבע האָט זיך נישט געקענט מודה זיין. זי האָט נישט געקענט. פֿאַלבנדיק איר קליינטשיק שטערנדל האָט זי באַשלאָסן: „ניין, כ׳וועל אים נישט זאָגן! ס׳איז גלייכער אַז כ׳זאָל ליידן און אָפּקומען פֿאַר מיינע זינד — פֿאַר אַלע מיינע זינד"...

„מאַמעשי!... מאַמעשי!"... דודל איז צוגעלאָפֿן צו דער מוטער אַ דערשראָקענער. ער האָט דערפֿילט אַז זי ליידט און גענומען זי אַרויסרייסן פֿון אירע ליידן. ער האָט איר געוויזן: „זון!... זון!... טראַלען!"... ראַבעס קליינע, איצט בלייכע הענט מיט בלויע אָדערן, גלעטן דעם קינדס ווייכע און שאַטינע האָר. איר נשמה איז צוריק רויִק, זי פֿילט ווידער די גליקזעליקייט פֿון זיין אַ מאַמע און טראָגן אַ קינד אונטערן האַרץ. די צעריסנקייט איז אַוועק. ווידער איז פֿרידן אין איר. זי עפֿנט ס׳פֿענצטער, כאָטש אין דרויסן איז נאָך דערוייל געניג קאַלט. אָבער אין שטוב איז וואַרעם. אין דער איצטיקער פֿרישער לופֿט פֿון דרויסן, דוכט זיך ראַבען, אַז זי פֿילט דעם

דופט פון יאַשמין און מאַי־גלעקלעך, פון בלײַענדיקע קאַרשנביימער און בעז. ס׳מויל וואַסערט איר נאָך קאַרשן.

4

אויפן וועג צו זיין פריינד האָט יעקב אָפּגעטראָטן ביי דער מוטער, איר צו זאָגן גוט־שבת און דערביי כאַפּן אַ בליק ווי ס׳גייט איר. זי איז נאָך געלעגן אין בעט, הגם ס׳איז שוין געווען גאַנץ שפּעט און זי שטייט יעדן טאָג אויף צו טאָן וואָס זי קען ביי איר געזונט־צושטאַנד. יוכבד האָט שוין געוווּסט אַז זי האָט די זעלבע קראַנקייט אויף וועלכער איר מאַן איז געשטאָרבן. זי זאָגט אָבער אַז זי פילט זיך אַצינד בעסער ווי זי האָט זיך געפילט דעם גאַנצן ווינטער. בלויז — דאָס בעט ציט זי. אויף אַ בענקל לעבן בעט איז געזעסן מלכהלע, די מחותנתטע.

יעקב האָט זיך געמאַכט ווי ער וואָלט געווען איבערראַשט און געפרעגט די שוויגער: „וואָס טוט איר איצט דאָ? — מ׳בענטשט דאָך היינט ראש־חודש ניסן!״...

מלכהלע האָט זיך שוין לאַנג געהאַלטן פאַר אַ סאָציאַליסטקע און הגם זי האָט נישט געהערט צו קיין שום פּאַרטיי, האָט זי יעדן כמעט, אויך דעם זון און מירעלען, ווען זיי האָבן זי געפרעגט צו וועלכער פּאַרטיי זי געהערט (געחוזקט), געענטפערט: „צו דער פּאַרטיי פון מיין איידעם״... קיין מיטגליד איז זי נישט געווען; אָבער זי האָט פון דעסטוועגן געטאָן פאַרשיידענע זאַכן פאַר די קאָמוניסטן, צוגעפּאַסט פאַר איר עלטער און שטייגער. צום גרעסטן טייל איז איר אַרבעט באַשטאַנען אין חברישער הילף: צורוימען, אָפּקאָכן און אַכטונג געבן אויף די קינדער, ווו די פרוי פון אַ חבר איז אַרעסטירט געוואָרן, אָדער זי איז געווען קראַנק, צי פאַרקערט: דער מאַן איז אַרעסטירט אָדער קראַנק געוואָרן און די פרוי האָט געמוזט גיין אַרבעטן, כדי צו פאַרדינען אויף אַ שטיקל ברויט, אָדער אַ פרוי פון אַ חבר איז געלעגן געוואָרן. נאָר מלכהלע האָט זיך געריסן אויך צו געפערלעכע אַרבעטן, ווי פאַרטיילן פּראָקלאַמאַציעס און פאַרבאָטענע ליטעראַטור צווישן מיליטער. זי איז דערצו אָנגערעגט געוואָרן פון גאָרקיס ראָמאַן „די מוטער״, וואָס זי האָט געלייענט.

צו איר קראַנקער מחותנתטע איז מלכהלע געקומען העלפן, פּונקט ווי זי איז געגאַנגען צו אַנדערע, וועלכע האָבן זיך גענויטיקט אין איר הילף. זי האָט אָפט געערעדט מיט דער קראַנקער וועגן די עגמת־נפשן וואָס זי האָט געהאַט צוליב דעם וואָס יעקב און בנימין זענען „גויים״, „אַפּיקורסים״, „פּושעים״. „ביין, נישט מיט גיין אין שיל אַריין דאַווענען״, האָט מלכהלע זיך געשפּאַרט מיט איר מחותנתטע, „נישט מיט גיין אין מיקווה אַריין, אָפּגאָלן זיך די האָר און טראָגן אַ קופּקע אָדער אַ שייטל, דינט מען גאָט! די, וועלכע שטעלן זיך איין פאַר די אָרעמע, פאַר די באַעוולטע, וועלכע קעמפן פאַר גערעכטיקייט — זיי דינען גאָט!״ זי האָט גע־ברענגט אַלערליי ראַיות פאַר דעם וואָס זי האָט געזאָגט, דערמאָנט די מלחמה, די מיליאָנען יונגע לעבנס וואָס זענען אומגעקומען. „שטעט זענען חרוב געוואָרן! גאַנצע לענדער זענען צעשטערט געוואָרן! אַלץ ווייל אַזוי האָט געלוינט פאַר די רייכע, כדי זיי זאָלן נאָך רייכער ווערן! און דווקא זיי האַלטן זיך פאַר גאָטס סטראָפּ־טשעס, הייסן זיין פרום!״ עטלעכע מאָל האָט זי יוכבדן פאַרגעלייגט: „קומט מיט מיר, מחותנתטע, אויף דער „שוואַרצער בערזע״, וועט איר זען מיט אייערע אייגענע

אין דער שוואַרצסטער פינצטערניש נעמט לויכטן דאָס העלסטע ליכט. אין דער טורמע האָב איך מיך וועגן דעם איבערגעצייגט".

6

זיי זענען געגאַנגען און האָבן ווייטער גערעדט וועגן זייערע אידייען און איבער־צייגונגען. נאָר פּלוצלינג האָבן זיי זיך געפונען צווישן אַ טומלדיקן געזעמל ייִדן. געהערשט האָט אין אַלע גאַסן און געסלעך, דורך וועלכע זיי זענען די גאַנצע צייט געגאַנגען, שבתדיקע רו. כמעט אַלע געשעפטן און אַלע קראָמען זענען געווען צו. די אָפענע געוועלבער דאָ און דאָרט האָבן געהערט צו קריסטן, אָדער די ייִדישע אייגנטימער האָבן גענומען אויף איבער שבת אַ קריסטן צו באַדינען די קונים. אַ גענייט אויג אָבער האָט געזען, אַז גאָר אַ סך ייִדישע סאָדע־וואַסער און פּרוכט־געוועלבלעך, אין וועלכע מ׳קריגט אויך כאַלווע און אַנדערע נאַשוואַרגן — און אַפילו שפּייז־קרעמלעך — זענען נאָר לפנים צו: די טירן זענען בלויז צוגעלענט און קונים — טאַקע ייִדישע — גייען אַריין און אַרויס, אָדער זיי גייען דורך דער הינ־טערטיר. (ווו אַזעלכע איז דאָ). די ייִדישע קאַוויאַרניעס, רעסטאָראַציעס און שענקען זענען אַלע געווען אָפן. אַ סך פון זייערע אייגנטימער זענען געווען פייערדיקע חסידים. זיי האָבן פּרייטיק פּאַרקויפט קוויטלעך, אָדער געהאַלטן שיקסעס, וועלכע האָבן גענומען ס׳געלט פון די קונים. בלויז די געשעפטן, אין וועלכע די סחורות זענען געווען נישט צום עסן, זענען באמת געווען געשלאָסן. געאַרבעט אין דער ייִדישער געגנט האָט מען טאַקע נישט; אַלע ייִדישע ווערקשטאַטן און פאַבריקלעך זענען געשטאַנען. ווען נישט די טראַמווייען און דראָשקעס וואָלט די רו פון שבת אין ייִדישן פּערטל כמעט נישט געשטערט געוואָרן. די טראָטואַרן אָבער זענען געווען פול מיט מענטשן. נאָר ס׳איז אַ גרויסער חילוק: אין אַ וואָכנטאָג איילן די מענטשן אין זייער אָרעמער הלבשה, אין די אַרבעטס־בגדים, שטופּן און פּאַקן זיך איינער אויפן אַנדערן, שטויסן איינער דעם צווייטן, איילן זיך צו אַרבעט אָדער געשעפט; אַצינד אָבער זענען אַלע געווען שבתדיק אויסגעפּוצט. די יוגנט — יעדנ־פאַלס דער גרעסטער טייל, כמעט אַלע וואָס אַרבעטן — האָבן שוין לאַנג אויפגע־הערט צו זיין פרום, צו גיין אין אַ שיל אָדער אין אַ בית המדרש אַריין דאַוונען. די יונגע מענטשן שפּאַצירן אַצינד איבער די גאַסן, רעדן געדיכט און הויך, פּלוידערן גלאַט אַזוי און לאַכן, אָדער דיסקוטירן און היצן זיך איבער ערנסטע זאַכן. די עלטערע ייִדן ווידער, און אויך מיטליעריקע, גייען פון מנין אָדער (ווייל זיי שטייען אויף שפּעט) צום צווייטן דאַוונען. די מייסטע אין לאַנגע קאַפּאָטעס, אין סאַמע־טענע היטלעך און מיט די טליתים אין שיינע טלית־זעקלעך אונטערן אָרעם. די חסידים — יעדנפאַלס די מייסטע — האָבן יאַרמעלקעס און שטריימלעך אויף די קעפּ. די פרויען זענען אויסגעפּוצט אין די שבתדיקע קליידער, מיט גרויסע שייט־לען אויף די געגאָלטע אָדער געשוירענע קעפּ, טייל (די גאָר פרומע) טראָגן אַט־לעסענע קרענצלעך מיט טשיפּעקעס פאַרנט פון קאָלירטע פעדערן, פאַרביקע פאַ־טשערקעס און „זילבערנע" אָדער „גאָלדענע" (פון שעד) ציטער־בלימלעך. אַנדערע ווידער, די גאָר־גאָר פרומע און זקנות שוין, טראָגן ווייסע הויבן מיט סטענגעס

אויף די כמעט שוין צ׳יטערנדיקע קעפּ און גרויסע דיקע קרבן מנחה־סידורים אונטערן אָרעם. צווישן די מיטליעריקע מענער געפינען זיך אָבער שוין אַ סך, וואָס גייען דאַוונען בלויז נאָך אויס געוווינהייט, אָדער צוליב פאַרשידענע עקאָנאָמישע, אָדער געזעלשאַפטלעכע טעמים. צי זיי גלייבן בכלל נאָך אין גאָט? — דער רוב פון אַזעלכע שטעלט זיך די דאָזיקע פראַגע נישט, זי קומט זיי נישט אויפן געדאַנק, אָדער — אויב יאָ — פאַרדרענגען זיי זי. בלויז לפּנים גלויבן זיי. ביים דאַוונען קומען ווערטער פון זייערע ליפּן, אָבער נישט קיין תפילות פון זייערע הערצער.

אויף אָפּצוהיטן אָבער ס׳ייִדישקייט כאָטש לפּנים, נישט מחלל שבת צו זיין בפרהסיא, זענען דאָ עטלעכע חברות, ווי „שומרי השבת" און „שומרי הדת". איינער פון אַזאַ חברה, אַ ייִד מיט אַ גרויסער, געדיכטער, רויטער באָרד און לאַנגע גראָבע פּיאות האָט דערזען אַ ייִדישן בחור שפּאַצירן מיט אַ מיידל און רויכערן אַ פּאַפּיראָס. איז דער דאָזיקער „שומר השבתניק" אָדער „שומר הדתניק" באַפאַלן דעם מחלל השבתניק בפרהסיא: „דו, שייגעץ! דו, פּושע ישראל! וואַרף אַוועק דעם פּאַפּיראָס! דיר קומט סקילה! כרת וועסטו האָבן דערפאַר! שוין וואַרף אַוועק דעם פּאַפּיראָס!" נאָר דער בחור האָט זיך נישט געאיילט. ער האָט פאַמעלעך, מיט דער לינקער האַנט, אַרויסגענומען דעם פּאַפּיראָס פונעם מויל, דאָס פייער באַהאַלטן אין דער גאַרשטש און מיט אַ געוויסער הנאה אַריינגעבלאָזן דעם פּרומען ייִד דעם רויך אין פּנים אַריין. דאַן האָט ער כלומרשט פלעגמאַטיש, אויסצ׳ענדיק יעדעס וואָרט געפרעגט: „און וואָס וועט זיין אויב איך וועל דעם פּאַפּיראָס נישט אַוועקוואַרפן, נאָר וועל ווייטער רויכערן? אַ שטייגער אָט אַזוי"... און ער האָט געוואָלט ווייזן ווי אַזוי. נאָר אין דאָזיקן אויגנבליק האָט דער ייִד מיט דער רויטער באָרד, ווי אַן אמתער „גאָטס קאָזאַק", דעם בחור אַראָפּגעלאָזט אַ הילכיקן פּאַטש. האָט דער יונגערמאַן אָנגעכאַפּט דעם פרומאַק ביי דער רויטער באָרד און אים גענומען שאָקלען ווי אַ לולב. דער „גאָטס קאָזאַק" האָט גענומען שרייען: „געוואַלד! געוואַלד!" גלייך האָבן זיך מענטשן גענומען אָנלויפן פון אַלע זייטן, הונדערטער, טויזנטער. די ייִדן וועלכע זענען געגאַנגען פון, אָדער ערשט צום דאַוונען און די יוגנט וואָס האָט שפּאַצירט איבער דער גאַס. צוויי צדדים, ביידע גרויס און ביידע גלייך אויפגעקאָכט, האָבן געשריגן און געליאַרעמט. דער אָנגעגריפענער צד איז כמעט ווי יעדן שבת אין אַזאַ מין קאַמף מיטן קלעריקאַליזם געווען גרייט אַפילו אויף בלוט. די מייסטע פון די יונגע מענטשן האָבן זעלבסטפאַרשטענדלעך געהערט צו פּאָליטישע פּאַר־טייען, וואָס האָבן געקעמפט, נישט בלויז פאַר עקאָנאָמישער פאַרבעסערונג, נאָר אויך פאַר פרייהייט אינעם גייסטיקן זין און טאַקע אויך קעגן רעליגיע.

מענטשן האָבן געהאַלטן אין איין אָנלויפן זיך. די געשרייען און געוואַלדן זענען געוואָרן אַלץ העכער; אָבער נאָך העכער האָט מען דערהערט דאָס פייפן פון פּאָליציי־פייפערלעך. גלייך האָט מען דערזען מיליציאַנטן איילן.

# קאַפּיטל אַכט און צוואַנציק

## פרייע ליבע

### 1

דער אַנגעלויף און דער טומל האָט צעשיידט די צוויי ברידער. זיי האָבן זיך אַרומגעזוכט, גערופן: „יעקבֿ!"... „בנימין!"... אָבער זיי האָבן זיך נישט געפונען און יעדער איז אַוועק וווהין ער האָט באַדאַרפט גיין.

בלויז עטלעכע טריט אָבער פאַרן הויז פון זיין פריינד איז יעקב שטיין געבליבן און זיך איבערגעלייגט: זאָל ער צוערשט גיין צו לערמאַנען, אָדער זאָל ער פריִער אָפּטרעטן ביי אַהרנען? מיטן דאָזיקן בן־עיר (אַמאָל געווען אַ פריינד) האָט ער זיך אין וואַרשע אַלץ ווייניקער געטראָפן. פאַר אַ פריינד האָט ער אים שוין לאַנג נישט באַטראַכט, כאָטש יענער האָט זיך נאָך אַלץ געקלאַמערט צו אים און אים נישט אויפגעהערט ליב האָבן. יעקב אָבער האָט צו אַהרנען געפילט בלויז נאָר רחמנות. זייערע וועגן אַצינד, הגם דער ציל איז אפשר געווען דער זעלבער, זענען צוליב די מיטלען דעם ציל צו דערגרייכן געווען אַזעלכע, וואָס האָט זיי געמאַכט פאַר די ערגסטע קעגנער איינער צום צווייטן. אַהינגעגאַנגען צו אַהרנען — גאַנץ זעלטן — איז יעקב בלויז נאָך דערפאַר, ווייל ער האָט אַלץ נאָך גערעכנט: אפשר, וועט ער אים נאָך קענען ראַטעווען פון זיין נאַרישן, געפערלעכן און פאַרברעכערישן וועג. אויך דערפאַר איז ער טיילמאָל נאָך אַהינגעגאַנגען צו אים, ווייל דער פאָטער זיינער, דער אָרעמער איטשע שוסטער און די שוועסטער, די איצט אומגליקלעכע חברטע פייגע — אַ צעבראָכענע זינט הערש האָט חתונה געהאַט מיט דער רייכער פאַננאַ שוואַרץ — האָבן אים נישט אויפגעהערט נאָך אַלץ ווייטער צו בעטן, אַז ער זאָל אַהרנען ראַטעווען פונעם שרעקלעכן אָפּגרונט.

נאָר יעקב האָט אַצינד גאָרנישט געהאַט בדעה אַהינצוגיין צו אַהרנען. כמעט שטענדיק אָבער, ווען ער איז געגאַנגען צו זיין פריינד לערמאַן, האָט ער פאַרן הויז פונעם פריינד גענומען נאָכטראַכטן אויב ער האָט נישט נאָך ערגעץ וווּאַהין צו גיין. נאַטירלעך איז דאָס נישט געשען, ווייל אים איז געווען אומאָנגענעם זיך צו באַגעגענען מיט לערמאַנען אָדער מיט זיין פרוי; פונקט פאַרקערט. אָבער שטענדיק, ווען ער האָט זיך דערנענטערט צום הויז פון זיינע פריינד, האָט דאָס האַרץ נאָך אַלץ גענומען קלאַפּן אין אים שטאַרקער און שנעלער. אָפט מאָל האָבן אים אַפילו די פיס גענומען ציטערן און ער האָט דערפילט ווי ער ווערט בלאַס. דאָס ערגסטע דערביי איז נאָך געווען, וואָס ער האָט גאַנץ פּאָזיטיוו — הגם בלויז אינסטינקטיוו — געוווּסט, אַז ביידע, פערעלע און איר מאַן, ווייסן וואָס אין זיין האַרץ טוט זיך און אַז ביידע רעדן וועגן דעם ווען ער גייט אַוועק. ער האָט זיך אַפילו אויסגעמאָלט ווי ביידע ווערן דערביי רויט, ווי פערעלע לאָזט פאַרשעמט אַראָפּ די אויגן און ביידע טראַכטן, אַז ס'וואָלט אפשר געווען דאָס בעסטע פאַר אַלע דריי ווען דער דאָזיקער יעקב זאָל אויפהערן קומען. זיי זאָגן אים דאָס נישט, זיי גיבן עס אים אַפילו נישט אָנצוהערן; אַדרבא, זיי פרייען זיך תמיד זייער ווען ער קומט

צו זיי, ער פילט אַז בײדע האָבן אים ליב. און דאָך געשעט אָפט אַז ווען ער שטייט פאַרן הויז פון זיינע פריינד, זוכט ער זיך אויס אַלערליי תירוצים אַוועקצוגיין. אַזוי האָט ער געטאָן אויך יענעם שבת: ער האָט זיך אויסגעדרייט און איז אַוועקגעגאַנגען.

2

דער חבר אַהרן מיקנשלעגער וווינט צוזאַמען מיט דער חברטע דינהטשע גרינצווייג; נאָר חתונה געהאַט האָבן זיי נישט. ער איז נאָך אַלץ אַזוי שטאַרק פאַרליבט אין איר, ווי ער איז געווען אין ערשטן טאָג, אין זייער צוזאַמענלעבן רופט ער „פרייע ליבע". זיין מיינונג איז, אַז חתונה דורכן מאַגיסטראַט אָדער רעליגיע צעשטערט די ליבע. יעדנפאַלס ווערט זי דורך דעם דעגראַדירט. אין דער ליבע — דאָס איז זיין פעסטע איבערצייגונג — איז דער עיקר די פרייהייט: פריי־הייט פאַר בײדע. דאָס צוזאַמענלעבן אָן ליבע, בלויז ווייל מ'האָט חתונה־געהאַט, איז אומווירדיק. די מייסטע פון זיינע פריינד — ווען ער רעדט צו זיי אַזוי — קוקן אים דערביי אָן מיט געמאַכטער ערנסטקייט און באַהאַלטענעם חוזק און זאָגן אים נישט וואָס זיי דענקען דערביי: זיי ווילן אים נישט שיטן קיין זאַלץ אויף די ווונדן. זיי ווייסן, אַז פון דער פרייהייט אין דער ליבע האָט ער קיין שום פאַראורטייל, אַז ער דאַרף גאָרנישט די דאָזיקע פרייהייט, ווייל אים קומט אַפילו נישט אויפן זין קיין אַנדערע פרוי. דינהטשע ווידער לאַכט פון ליבע און חוזקט: „לי...בע"...

דער חבר אַהרן איז פאַרצערט פון אייפערזוכט. ער האָט אַזוי געליטן, אַז טייל מאָל האָט זיך אים געדאַכט ער גייט אַראָפּ פון זינען. ער האָט זיך דאַן אַרומ־געטראָגן מיט זעלבסטמאָרד־געדאַנקען. דאָך, דער פרינציפּ פון פרייהייט אין דער ליבע, ווי אין לעבן בכלל, איז פאַר אים געווען הייליק. און קיין מאָל האָט ער זיך נישט דערוועגט זיין געליבטער צו זאָגן אַ וואָרט וועגן איר לעבן מיט אַנדערע מענער. ער האָט די דאָזיקע ליידן נישט מער געקענט אויסהאַלטן, האָט ער זיך געביסן די הענט ביז בלוט, זיך געהאַקט דעם קאָפּ אין אַ וואַנט ביז באַוווסט־לאָזיקייט. ער איז דאַן אַרומגעגאַנגען מיט בלוטיקע ווונדן אויף די הענט, אויף די אונטערשטע אָרעמס, מיט בלוי־שוואַרצע און ברוינע ביילן אויפן שטערן און אויפן הינטער־קאָפּ. תחילת פלעגט דינהטשע אים פרעגן וועגן דעם. ער האָט איר גע־ענטפערט כלערליי תירוצים: אַז ער איז געפאַלן, אַז ער האָט זיך ביי דער אַרבעט צעקלאַפּט, אַז ער איז איבערגעפאָרן געוואָרן, אַז ער האָט זיך געשלאָגן מיט וועמען, אָדער עפּעס אַנדערש. שפּעטער אָבער זענען אַזעלכע ענטפערס איר אויסגעקומען פאַרדעכטיקט און זי האָט זיך גענומען אָנשטויסן אויפן אמת. זי האָט דאַן גע־שמייכלט ווען זי האָט אים דערזען מיט צעביסענע הענט און אַ צעביילטן שטערן.

די חברטע גרינצווייג האָט אַהרנען גערופן „מאַנעלע". זי האָט דערביי שטענ־דיק געשמייכלט גוטמוטיק און ציניש. האָט עמעץ פון אירע פריינד מיט איר, אָדער זי מיט עמעצן פון זיי גערעדט וועגן איר אינטים לעבן, פלעגט זי זאָגן: „אייגנטלעך וואָלט איך אים באַדאַרפט רופן „מיין שותף", ווייל מיר וווינען בשותפות אין דער דירה און פירן אַ בשותפותדיק לעבן. איז אָבער די מעשה, וואָס איך פאַרדין אַ גוטע קרענק. ס'איז דאָך נישטאָ קיין אַרבעט, איבער וואָס איך בין

אייגנטלעך גאָרנישט אַזוי אומגליקלעך, ווייל איך רייס מיך נישט אַזוי שטאַרק צו אַרבעטן. אַהרן אָבער האָט כמעט שטענדיק אַרבעט: ביי זיין פאַך, צי ביי עפּעס אַנדערש. ער טוט אַלץ אַבי צו פאַרדינען געלט. קען איך אים נישט רופן מיין שותף. דאָס פאַרלאַנגט דער אמת און די ערלעכקייט".

ערלעך איז זי געווען. ציניש אָפן.

טייל מאָל פלעגן די נאָענטסטע פון אירע פריינד און חברים וועלן הערן אירס אַ שאַרפן פעפערדיקן וויץ און זי געפרעגט: „דינהטשע-לעבן! פאַר וואָס רופסטו אים נישט, „מיין געליבטער"? ער רופט דיך שטענדיק „מיין געליבטע". שטענדיק, ווען ער רעדט פון דיר, זאָגט ער: „מיין געליבטע", אָדער „מיין דינהטשע", צי „מיין טייערע", „מיין הערלעכע". וויפל צערטלעכע נעמען ער האָט פאַר דיר!" האָט זי געמאַכט אַזאַ ערנסט פנים און אַזוי פרום פאַרדרייט די אויגן, אַז נאָך איידער זי האָט געעפנט די דיקלעכע ליפּן צו ענטפערן, האָבן די פריינד זיך שוין געשטיקט פון לאַכן. אירע ענטפערס האָט זי כמעט שטענדיק אָנגעהויבן מיט אַן אומשולדיקע פראַגע, ווי למשל: „ווי קען איך זאָגן „מיין"? דאָס וואָלט דאָך באַדייט אַ באַרויבונג פון דער פּערזענלעכער פרייהייט, ווייל „מיין" מיינט מיין און נישט עמעצן אַנ-דערש. „מיין" מיינט אייגנטום. ווי קען מען אַ געליבטן אַוועקנעמען זיין פרייהייט, אים מאַכן פאַר אַן אייגנטום? מיר האָבן דאָך נישט חתונה געהאַט. „מיין" ווערט מען נאָר דורכן מאַגיסטראַט אָדער דורכן רב". נו, איז זי געוואָרן נאָך צינישער און געזאָגט: „אַז איך זאָל רופן אַהרנען „מיין", מוז איך דאָך אַלע רופן „מיין"... אוי, רבונו של עולם!... וויפל וואָלטן דאַן געווען מיין?... און איך וואָלט פאַר זיי אַלע אויך געווען „מיין"... דאָס וואָלט אַהרן נישט געוואָלט. איך וואָלט אים דערמיט פאַרשאַפט אַ סך ווייטיק, אַזוי, אַז ער"... זי האָט זיך צוריקגעהאַלטן פונעם זאָגן וואָס ס'איז איר געלעגן אויף דער צונג: אַז ער וואָלט זיך דאַן צעביסן נישט בלויז די הענט, נאָר אין גאַנצן און וואָלט זיך צעשמעטערט דעם קאָפּ אויף שטיקלעך. האָט זי זיך שנעל פאַרבעסערט און געזאָגט: „ער וואָלט דאַן פאַרלאַנגט אַז אַלע זאָלן צושטייער געבן צום דירה-געלט און צו דעם וואָס איך דאַרף צום לעבן. זיי וואָלט אָבער נישט געגעבן. איך וואָלט אויך נישט געוואָלט נעמען, ווייל מיטן זעלבן רעכט וואָלטן זיי געקענט פאַרלאַנגען פון מיר אַז איך זאָל זיי באַצאָלן... באַצאָלן טוט מען אָבער בלויז ווען מען איז אַ „מיין": מיין מאַן אָדער מיין פרוי. זיי זאָגן מיר נישט „מיין", איך זאָג זיי נישט „מיין". בלויז אַהרן זאָגט „מיין". שטענדיק: „מיין"... „מיין"... „מיין"... דערפאַר צאָלט ער בלויז דערפאַר"...

איינע האָט איר געעצהט: „זאָג אים נישט „מיין מאַן". כ'מיין אַהרנען, זאָג אים „געליבטער"...

דינהטשע מאַכט זיך תמעוואַטע: „וואָס מיינט געליבטער?"

„געליבטער מיינט"...

„נו, וואָס?"

„ס'מיינט"...

דינהטשע האָט זיך פאַרקרומט: „דאָס איז גלאַט אַ וואָרט, אָן יעדע באַדייטונג, ווייל ס'האָט קיין שום דעקונג. אַז מען זאָגט עסן מיינט דאָס: מ'צעקייט עפּעס און מען שלינגט עס אַראָפּ. געליבטער... געליבטע... מ'מיינט דערביי ליבע. איך ווייס נישט וואָס דאָס איז, איך האָב אַזעלכעס קיין מאָל נישט געזען, איך ווייס

נישט וואָס איך זאָל מיר דערביי פאָרשטעלן. מיינט מען יענץ?... זאָגט מען יענץ!... ס׳איז דאָ אַ וואָרט דערפאַר, אַ וויסנשאַפטלעכעס, אָדער פאָלקס־אויסדרוק״...

נאָך אַ לענגערע ווײַלע לאַכן און שיטן מיט גראָבע וויצן און ניבול־פה, האָט אַ צווייטע איר געעצהט: „רוף אים טייערער״...

דינהטשע האָט זיך הויך צעלאַכט: „מען קריגט זיי דאָך אומזיסט!״...

„הערלעכער״...

„אַ מענטש — הערלעך?... כאַ, כאַ, כאַ״...

3

אין הויז וווּ דינהטשע האָט געוווינט איז יעקב געגאַנגען זייער פאַמעלעך. ער האָט יעדן שריט געמאַכט זייער פאָרזיכטיק, געטאַפּט מיט די פיס, אויסגעשטרעקט די הענט און געשאַרט מיט זיי אין דער פינצטער. ווי אין אַ לאַבירינט האָט ער זיך דאָרט געפונען. ער האָט מורא געהאַט אַז ער וועט פאַלן איבער עפּעס, זיך אָנשטויסן אין עפּעס און זיך דורס־זיין. וואָלט ער דאָרט אַהינגעקומען אַפּטער, וואָלט ער זיך צוגעוווינט צו טרעפן צו דער טיר אַפילו אינעם חשכות, ווי אַלע מענטשן וואָס וווינען דאָרט. דער צוגאַנג אין דעם לאַנגן פינצטערן קאָרידאָר צו די קעלער־שטיבער איז דאָרט ערגער ווי ערגעץ אַנדערש, פּונקט ווי די וווינונגען זענען דאָרט די חושכסטע פון גאַנץ וואַרשע. דאָס הויז איז אַ חורבה. ס׳וווינען דאָרט מייסטנס בעטלערס און אַלטע פּראָסטיטוטקעס, וואָס קענען זיך קיין בעסערע דירה נישט פאַרגינען. דער חבר אַהרן אָבער וווינט דאָרט מיט זיין געליבטער צוליב אַ גאַנץ אַנדערן טעם, נישט קיין עקאָנאָמישן.

יעקב האָט קוים געפונען די טיר און אָנגעקלאַפּט. אָבער ס׳האָט קיינער נישט געענטפערט. לויט יעקבס חשבון האָט אָבער אַהרן איצט באַדאַרפט זיין אין דער היים. ס׳איז שבת מיטאָגצייט. אויב אַהרן איז נישטאָ, מוז זיין דינהטשע.

יעקב האָט צוגעלייגט דאָס אויער צו דער טיר און געהערט אַז ס׳זענען דאָ עטלעכע מענטשן. די שטימעס זענען געווען מענערישע. ער האָט געוווּסט אַז דאָ איילט מען זיך נישט צו עפענען די טיר. טייל מאָל מוז מען פריִער אָוועק־רוימען געוויסע זאַכן, אָדער אַרויסלאָזן וועמען דורך אַ געהיימען אַרויסגאַנג. דע־ריבער האָט יעקב געוואַרט אַ לענגערע ווײַלע און דאַן ווידער אָנגעקלאַפּט. איצט האָט ער געהערט גיין באָרוועסע פיס, אָדער אין לאַטשן. די טריט האָבן זיך דער־נענטערט צו דער טיר. באַלד האָט דינהטשעס קול געפרעגט: „ווער איז דאָרט?״

„איך, יעקב! דער חבר ליכטענבערג״.

אַ דערפרייטע האָט דינהטשע אויסגערופן: „אַ זעלטענער גאַסט!״ אָבער די טיר האָט זי אַלץ נישט געעפנט, נאָר זי האָט ווידער געפרעגט: „ווילט איר זיין אַזוי גוט און וואַרטן אַ צען מינוט? לענגער וועט עס נישט געדויערן״.

יעקב האָט פאַרשטאַנען, אַז זיין השערה (מען מוז פריִער עפּעס אַוועקרוימען) איז געווען ריכטיק און מסכים געווען: „גוט, איך וועל וואַרטן״.

דאָ האָט דינהטשעס קול זיך ווידער געלאָזט הערן פון יענער זייט טיר: „אָדער איר קענט אַריינקומען און דאָ וואַרטן די צען מינוט, אויב״...

„וואָס אויב?״

„אויב איר האָט ליב צו זיין דערביי״...

יעקב האָט זיך נישט געקענט אָנשטויסן וואָס זי מיינט. ער האָט געוווּסט ס׳אַראַ לץ זי איז, אַז זי האָט תּמיד ליב אויסטערלישע שפּאַסן און אַריינגערעדט צו איר דורך דער טיר: „גוט, לאָזט מיך אַריין; וועלעך די צען מינוט וואַרטן אין שטוב״. נאָך די טיר האָט זיך אַלץ נישט געעפנט. ער האָט איצט געהערט די זעלבע טריט, באָרוועסע אָדער אין לאַטשן, זיך דערווייטערן פון דער טיר, דאַן שווערע מענער־טריט אין שטיוול צוקומען צו דער טיר, אויפשליסן אַ שלאָס און אויפּ־ריגלען אַ ריגל. דאַן האָט זיך די טיר געעפנט און ער איז אַריינגעגאַנגען. די קעלערשטוב, אין וועלכער זיין מוטער האָט געוווינט, איז געווען אַ פּאַלאַץ אין פאַרגלייך מיט דער דאָזיקער הייל. יעדעס מאָל ווען ער איז אַהינגעקומען איז ער געווען צעטומלט און נישט געקאָנט תּופס־זיין ווי מענטשן קענען דאָרט וווינען. ס׳איז געווען אַזוי טונקל, אַז מ׳האָט די עטלעכע גראָטעס אין שטוב קוים געקענט זען. דאָס בעט איז געווען פאַרשטעלט מיט אַ שפּאַניש ווענטל.

אַ מאַן אין די פערציקער, אין אָפּגעכוימערטע און פאַרלאָטעטע גראָבע בגדים, האָט באַגריסט יעקבן און זיך פאַרגעשטעלט אין פּויליש: „מיין נאָמען איז ספּראַ־ווידלאָווסקי! איר קענט מיך רופן פּשוט יאַן״.

יעקבס אויגן האָבן געזוכט דינהטשען: ווו איז זי אַהינגעקומען? ער האָט דאָך אָקערשט גערעדט מיט איר. פּאַן ספּראַווידלאָווסקי האָט אַריינגעשמייכלט אין זיין געדיכטער באָרד און דיקע וואָנצעס. יעקב האָט דאָס שמייכלען באַמערקט און עפּעס איז אים די זאַך געוואָרן משונהדיק און קאַמיש. ער האָט זיך אָבער נישט לאַנג באַדאַרפט ברעכן דעם קאָפּ וועגן דער רעטעניש; פון יענער זייט שפּאַניש ווענטל איז געקומען דינהטשעס קול: „ס׳וועט געדויערן נישט מער ווי צען מינוט, חבר ליכטענבערג. און אַז פּופצן — איז אויך נישט קיין סכנות, איר שטייט נישט אין דרויסן אין אַ פראָסט אָדער רעגן״. נו, האָט יעקב גענומען פאַרשטיין... באַלד האָבן געוויסע גערוישן באַשטעטיקט זיין השערה... ס׳איז אים געוואָרן זייער אומ־אָנגענעם, באַזונדערס אין דער קעגנוואַרט פון אַ פרעמדן מאַן. ער האָט נישט געוווּסט ווו די אויגן אַהינצוטאָן. דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן איז אים אויס־געקומען אַזעלכעס בייצוזיין...

פּאַן ספּראַווידלאָווסקי האָט דעם גאַסט צוערשט אָבסערווירט אַ לענגערע ווייל, געזען ווי ער ליידט און גענומען רעדן צו אים. ער האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין אַז ס׳איז אומגעהייער אינטערעסאַנט און וויכטיק פאַר יעדן רייפן מענטש, פאַרן מאַן און פאַר דער פרוי, בייצולעבן די אַפּאָטעאָזע פון דער ליבע ביי אַנדערע מענטשן. גערעדט האָט ער אַזוי קלאָר, ווי ער וואָלט געהאַלטן אַ וויסנשאַפטלעכע לעקציע איבער סעקס־פּסיכאָלאָגיע. אָבער ער האָט געזען אַז דער גאַסט איז נישט תּופס איין וואָרט, ער קען זיך נישט קאָנצענטרירן — אַזוי צערודערט איז ער. יעקב האָט זיך באַמיט צו כאַפּן אַ בליק אויף דעם פּאַן ספּראַווידלאָווסקי, אָבער ער האָט נישט געקענט, אַזוי האָט ער זיך געשעמט. אַפילו אַ חיה וואָלט ער אַצינד

נישט אין שטאַנד געווען צו קוקן אין פּנים אַרייַן. אַמליבסטן וואָלט ער אַנטלאָפן; אָבער ער האָט דאָס נישט געקענט טאָן: ער וואָלט דערמיט אַלע באַליידיקט.

„אַנטשולדיקט, חבר ליכטענבערג". יעקבן האָט זיך בלויז געדאַכט אַז ער הערט דינהטשעס קול הינטער זיין רוקן. זיכער איז ער וועגן דעם נישט געווען. אין דעם מאָמענט האָבן צוויי נאַקעטע, דיקע, הײסע אָרעמס זיך אַרומגעוויקלט אַרום זיין האַלדז, אויף זיין רוקן האָט זיך אַרויפגעלייגט אַ ווייכער, וואַרעמער קערפּער מיט אַ גרויסן בוזעם און צוויי גליִענדיקע, דיקלעכע און נאַסע ליפּן האָבן אַ קוש געטאָן זיין מויל. ער האָט אויפגעציטערט. אינסטינקטיוו האָט ער אַ כאַפּ־געטאָן ביידע הענט צו די ליפּן און זיי געגומען ווישן.

דער פּאַן ספּראַווידלאָווסקי און דינהטשע האָבן זיך צעלאַכט.

יעקב האָט זיך געכאַפּט אַז ער האָט אָפּגעטאָן אַ נאַרישקייט, אַז ער האָט באַ־ליידיקט, אָדער געקענט באַליידיקן דינהטשען מיט זיין אָפּווישן זיך די ליפּן נאָך איר קוש און (אַלץ נאָך צעטומלט) איר געגעבן די האַנט, וואָס האָט באַדייט, אַז ער באַגריסט זי און אַנטשולדיקט זיך פאַר איר.

זי האָט געשפּאַסט.

„איר זענט דאָך אַוודאי אַלט שוין אַ יאָר דרייסיק, פּריינט ליכטענבערג?" האָט פּאַן ספּראַווידלאָווסקי געפרעגט.

„נאָך נישט גאַנץ".

פּאַן ספּראַווידלאָווסקי האָט אין אַן ערנסטן טאָן געזאָגט צו יעקבן: „פאַר אייערע יאָרן זענט איר נאָך צו נאַיִוו אינעם ענין ליבע, צו אומדערפאַרן. דאָס טויג נישט. איך האָב געזען ווי איר האָט די גאַנצע צייט געליטן, ווי אַ יונגע בתולה ביים ערשטן מאָל זיך אָפּגעבן אַ מאַן".

דינהטשע האָט זיך אַריינגעמישט: „דער חבר ליכטענבערג איז דערצויגן גע־וואָרן זייער רעליגיעז".

פּאַן ספּראַווידלאָווסקי האָט אַוועקגעמאַכט מיט אַ האַנט: „דאָס האָב איך דער־קענט אין זיין פּנים. אָבער דאָס האָט גאָרנישט צו זאָגן. געוויס, אינעם כאַראַקטער בלייבן געוויסע שפּורן; דאָך"...

פון אונטערן שפּאַנישן ווענטל אָפּיר איז צוגעקומען אַ מאַן, זיך צורעכט־מאַכנדיק דעם קראַוואַט און צוקנעפּלענדיק ס'וועסטל. אין זיין פּנים איז געווען אַ זיגערישקייט, אַ אויפרעגונג. דינהטשע האָט פאַרגעשטעלט: „חבר מיכאל! חבר ליכטענבערג!" זי איז נאָך געווען האַלב נאַקעט און איז צוריק פאַרשוווּנדן אונטערן שפּאַנישן ווענטל זיך דאָרט אָנצוטאָן. אין דעם מאָמענט האָבן זיך דערהערט צוויי שטילע פינגער־קלעפּ פון יענער זייט טיר. דינהטשע האָט גערופן: „זאָל ווער עפענען! דאָס איז אַהרן!"

4

אַהרן האָט אויסגעזען זייער שלעכט: בלאַס און אויסגעדאַרט ווי אַ שווינדזיכ־טיקער. צוליבן הילוך, אויך ווייל ער איז געווען אויסגעריסט און פאַרשמוצט, האָט ער איצט געמאַכט דעם איינדרוק פון עפּעס אַ גנבל. אין ערשטן מאָמענט נאָך זיין אַריינקומען האָט ער אין פּנים זיך געביטן עטלעכע מאָל: פון בענקשאַפט און פריי־

דיקער דערוואַרטונג צו אַנטוישונג, פון אַנטוישונג צו געמאַכטער גלייכגילטיקייט, דאַן איז דער אויסדרוק געוואָרן פריינדלעך און ער האָט זיך געפרייט מיט די חברים. פּלוצלינג אָבער, ביים דערזען יעקבן — אין דעם מאָמענט האָט פון אונטערן שפּאַנישן ווענטל גערופן דינהטשע: „איין מינוט, אַהרן, איך טו מיך אָן" — זענען זיינע אויגן פול געוואָרן מיט שרעק און חרפּה. אין זיין פּנים האָט קוואַל זיך געביטן מיט פאַרצווייפלונג, דערנידערונג מיט פּיין. ער האָט פון קאָפּ אַ ריס־אַראָפּ געטאָן דעם קאַשקעט און אים אַ וואָרף געטאָן איבערן שפּאַנישן ווענטל. דאַן האָט ער פון זיך אַ ריס־אַראָפּ געטאָן די קורטקע, זי אַ שליידער־געטאָן אין אַ ווינקל און געזאָגט מיט אַ הייזעריק קול: „איך מוז מיך אַרומוואַשן!" ער איז צוגעגאַנגען צום קיכל ביי דער טיר, גענומען דאָרט אַ גרויסע אַמאַליאַ־שיסל, זי אַוועקגעשטעלט אויף עפּעס און פון אַ בלעכענעם עמער אַריינגעגאָסן וואַסער. די מאַנאַרקע, דאָס וועסטל און דאָס העמד האָט ער פון זיך אַראָפּגעריסן, יעדעס שטיק אַנידערגעוואָרפן אויף דער ערד און גענומען וואַשן זיך אינעם קאַלטן וואַסער. ער האָט געוואַשן דאָס פּנים, די ברוסט, דער עיקר דעם נאַקן. דערביי האָט ער געפּלוכט און געזידלט מיט מיאוסע ווערטער גלאַט אין דער וועלט אַריין און געקרעכצט ווי אַ קראַנקער פון גרויסע שמערצן און אומבאַהאָלפנקייט. דאַן איז דאָס אַלץ איבערגעגאַנגען אין שווער אָפּזיפצן עטלעכע מאָל. לויטן טאָן אָבער פון יעדן זיפץ איז געווען צו דערקענען אַז ער באַרויקט זיך אַלץ מער, אַז ס'ווערט אים אַלץ לייכטער. נאָך יעדן מאָל אַריינלייגן דאָס פּנים און דעם קאָפּ אין דער שיסל וואַסער און צוריק אַרויסנעמען, איז דער טאָן פונעם זיפץ געוואָרן אַנדערש: ווייניקער טראַגיש, ווייניקער האַרצרייסנדיק. יעדעס מאָל האָט ער דעם קאָפּ און דאָס פּנים געהאַלטן לענגער אין דער שיסל און יעדעס מאָל האָט דער טאָן פונעם זיפץ אויסגעדריקט ווייניקער פּיין, ביז ער האָט אין גאַנצן אויפגעהערט קרעכצן און זיפצן, נאָר גאָר אָנגעהויבן פייפן עפּעס אַ זמרל און זינגען אַ **לידל.**

די גאַנצע צייט פון דינהטשעס זיך אָנטאָן און אַהרנס זיך וואַשן האָבן די דריי געסט געשמועסט וועגן פאַרשידענע אומוויכטיקע זאַכן. אָבער ביי אַלע דריי האָבן די געפילן און די געדאַנקען דערביי זיך באַשעפטיקט מיט גאַנץ עפּעס אַנדערש, ווי דערמיט וועגן וואָס זיי האָבן גערעדט. פאַן ספּראַווידלאָווסקי האָט דערקענט אין יעקבן אַז ער איז נאָך אַלץ צעטומלט. יאָ, ער האָט נאָך אַלץ נישט געקענט באַגרייפן ווי אַזעלכעס וואָס ער האָט בייגעלעבט איז מעגלעך. ער האָט דעריבער געצווייפלט צי אַזעלכעס איז טאַקע פאָרגעקומען. אפשר דאַכט זיך אים דאָס בלויז? אפשר האָבןביידע הינטערן שפּאַנישן ווענטל גאָר געענדיקט מאַכן די באָמבע, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט ער זאָל זען ווי מען מאַכט זי און ליגן לאָזן אין מיטן דער אַרבעט טאָר מען אפשר נישט? יעקב האָט אָבער געוווסט אַז דאָס פּרוווט ער זיך בלויז איינרעדן. ער האָט געהאַט מיטלייד מיט זיין געוועזענעם חבר און פריינד. ער האָט גאַנץ גוט געזען אין אַהרנס פּנים דעם ווייטיק און די שאַנד. אַפילו טרערן האָט ער באַמערקט אין זיינע אויגן. און דאָס קרעכצן און זיפצן ביים וואַשן זיך? ער ליבט דינהטשען, נישט ווי די צוויי און ווער ווייסט וויפל מענער נאָך. ווי אַזוי־זשע איז דער אַהרן מסכים דערצו? פאַר יעקבן איז געווען קלאָר, אַז דאָס וואָס דער אַהרן האָט איצט געטראָפן, באַדייט נישט אַז ער

האָט זיין געליבטע צופעליק געפּאַקט ביי דער האַנט. דינהטשע געהערט נישט צו די פרויען וועלכע נאַרן זייערע מענער אָדער געליבטע. פאַר וואָס־זשע איז דער נאַר מסכים צו אַזעלכעס וואָס ער אַליין קען נישט? ער קען דערצו נישט מסכים זיין ווייל ער ליבט זי. ער איז אייפערזיכטיק, ווי ס'איז נאַטירלעך אַ געליבטער. פרייע ליבע...

דינהטשע איז צוגעקומען אַן אַנגעטוענע. זי האָט דערקענט אַז מיכאַל און אַפילו יאַן זענען נישט צופרידן פון דעם, וואָס זי האָט אַריינגעלאָזט יעקבן. זיי זענען נאָך אַלץ נישט נענטער געוואָרן מיט אים און ער נישט מיט זיי. יעקבן איז אַפילו דער פאַן ספּראַווידלאָווסקי נאָך אַלץ געווען פרעמד, אפשר נאָך מער ווי פרעמד, ווי אין דער ערשטער רגע. יאַן אָבער האָט זיך באַמיט יעקבן צוצוציִען צו זיך. אָבער ס'איז אים נישט געלונגען. געוווּסט האָט ער כמעט יעדן געדאַנק וואָס דער חבר ליכטענבערג טראַכט ביי זיך און יעדעס געפיל וואָס סע שפּילט זיך אָפּ אין אים. ער האָט געלייענט אין זיין פּנים ווי אין אַן אָפן בוך. נישט ליידנדיק די פרעמדקייט צווישן די דריי מענער, האָט דינהטשע אַ צעשפּרייט געטאָן אירע אָרעמס און אַלע דריי אַרומגענומען: זי האָט זיי אַלע דריי צוגעדריקט צו איר ברייטער ברוסט. דאַן האָט זי געזאָגט צו מיכאַלן און יאַנען: „דער חבר ליכטענבערג איז מיין בן־עיר. איך רוף אים נאָך אַלץ חבר, ווייל מיר זענען ביידע געווען מיטגלידער פון איין פּאַרטיי. דאַן האָב איך אַ שטיקל צייט סימפּאַטיזירט מיט דער פּאַרטיי, אין וועלכער ער איז היינט אַ זייער טעטיקער מיטגליד. איך קען אים נישט ליידן, אָבער כ'האָב אים זייער ליב. פאַר וואָס? — ווייס איך נישט. מיאוס איז ער דאָך ווי אַ מאַלפּע! שלאָפן מיט אים וואָלטעך נישט געוואָלט, אַפילו ווען ער וואָלט געווען דער איינציקער מאַן און איך וואָלט קיין אַנדערן נישט גע־קענט קריגן. גייסטיק איז ער מיר אויך נישט נאָענט, אין אַ סך זאַכן גאַנץ ווייט און אַפילו דערווידער. דאָך האָבעך אים ליב. פאַר איין זאַך: ווייל ער איז ערלעך און אָפנהאַרציק ווי איך בין. ער איז אַ קאָמוניסט; אָבער זיין געהירן איז נישט קיין פאָדעשווע און זיין האַרץ נישט קיין שטיין. דעריבער זייט פריינד מיט אים! איר זאָלט אָבער נישט דערוואַרטן, אַז ער זאָל אַ מאָל ווערן אונדזער חבר! ער וואָלט אונדז אַלע — ווען די קאָמוניסטן וואָלטן אין דעם לאַנד געהאַט די מאַכט ווי אין רוסלאַנד — געהייסן אַוועקשטעלן צום ווענטל און געבן צו עסן בלייערנע אַרבעס“...

אַלע האָבן זיך צעלאַכט, אויך יעקב.

זי האָט ווייטער געשפּאַסט: „ער בלייבט אָבער נישט קיין קאָמוניסט. דאָס ווייס איך. איצט איז ער נאַטירלעך נאָך אַ הייסער קאָמוניסט. ער איז אין אַלץ אַ הייסער. ער האָט אָבער איין גאָט, איין איינציקן גאָט, וועלכן ער קען נישט און וועט קיין מאָל נישט פאַרראַטן: דאָס איז דער גאָט פון אמת און גערעכטיקייט. איך קען מיין בן־עיר, מיין יעקבן, מיין חבר ליכטענבערג; איך קען אים בעסער ווי ער קען זיך אַליין. ווען ס'וועט זיך אַנטפּלעקן און קלאָר ווערן פאַר אים אַז אויך די נייע געליבטע זיינע, די פּאַרטיי, וועלכער ער איז אַצינד איבערגעגעבן מיט זיין גאַנץ האַרץ און גאַנצער נשמה“...

ס'איז צוגעקומען אַהרן. ער איז איצט שוין געווען אין גאַנצן אַן אַנדערער: דאָס בלאַסע און אָפּגעצערטע פּנים האָט אַצינד דערמאָנט אַ הייליקן. מיט זיין

האַרציקן באַגריסן די געסט האָט ער איבערגעריסן דינהטשען אין מיטן פון זאַץ. ער האָט זי צערטלעך אַרומגענומען, צוגעדריקט צום האַרץ און געקושט אירע אויגן, איר שטערן און דאַן איר מויל. ס׳איז אַריינגעטרעטן אַ וואַרעמע חברישקייט און פריינטשאַפט, וואָס איז געפלאָסן פון האַרץ צו האַרץ. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּלוידערן, וואָס איז געווען ווי דאָס פירן מיט די בויגנס איבער די פידלען, כדי אויסצופּרוּוון די טענער פאַרן אָנהייבן שפּילן די ערנסטע מוזיק, צו וועלכער די מוזיקער זענען צוגעגרייט. פּלוצלינג האָט דינהטשע געפרעגט: „ווער איז הונגע־ריק?" זי האָט זיך געווענדט צו יאַנען און מיכאַלן: „איר געוויס... איך אויך"... און דו אַהרן? — דו האָסט דאָך געאַרבעט גאָר שווער. געבראָטענע הינער האָבעך נישט. כ׳קען קאָכן קאַרטאָפליעס. וואָס נאָך?"

אַהרן האָט מעשה באַלעבאָס באַפוילן: „גאָרנישט קאָכן איצט!" ער האָט זיך אָבער גלייך געווענדט צו די אַנדערע און זיי געפרעגט: „ווי מיינט איר? קאָכן קאַרטאָפליעס וועט געדויערן צו לאַנג. און מ׳מוז זיי ערשט שיילן. ברויט!"

„אַ ציבעלע!" האָט יאַן אונטערגעכאַפּט.

און אויפגעלייגט האָט דינהטשע אויסגערופן: „ער איז שוין געוואָרן אַ גאַנצער ייִד!... מ׳וואָלט אים בלויז נאָך באַדאַרפט מל זיין... ווער וועט דאָס טאָן?... נאָר צו־ערשט מוז ער זיך אויסלערנען רעדן ייִדיש!"

יאַן האָט פּראָטעסטירט: „אַנטשולדיקט, חברטע! ייִדיש פאַרשטיי איך יעדעס וואָרט, אַפילו די העברעיִזמען. איך קען בלויז נישט גוט רעדן, ווייל איך נוץ נישט די שפּראַך".

„טייַ!" האָבן אַלע חוץ יעקבן געפּאָדערט.

„און"... מיכאַל האָט נישט געזאָגט וואָס. ער האָט בלויז געוויזן אויפן האַלדז וואָס האָט באַדייט: באַנעצן דעם גאָרגל, שנאַפּס. אַ גלעזל האָבן אַלע ליב געהאַט און אין עלמערל איז תמיד געשטאַנען אַ פלאַש „ביינציקער". יאַן האָט געגעבן געלט, ער האָט געהאַט גענוג. צו די ציבעלעס איז פון דעסטוועגן געווען אויך אַ הערינג און נישט איינער, און טרוקענער קאָלבאַס מיט אַ סך קנאָבל.

פאַן ספּראַווידלאָווסקי — און מער נאָך אַהרן — האָבן ביידע געפילט, אַז צוליב יעקבן (אַז דינהטשע האָט אים אַריינגעלאָזט אין אַזאַ מאָמענט) מוז מען ווידער באַרירן די פראַגע וועגן „פרייע ליבע". יעקב איז נאָך אַלץ געווען שאָקירט. דאָס האָבן אַלע געזען. אָבער אויב אַ קינד דערשרעקט זיך פאַר עפּעס, איז דאָס בעסטע צוצופירן דאָס קינד צו דער זאַך פאַר וועלכער ס׳האָט זיך דערשראָקן, צו זען אַז דאָס קינד זאָל מיט דער זאַך ווערן היימיש. דאָס איז געווען יאַנס מיינונג. „וויסן היילט פון אַלץ", איז געווען זיין דעוויז. ער איז געווען דער געאייגנטסטער מענטש צו רעדן איבער סעקסואַליטעט. יעקבן האָט ער אין דער קורצער צייט שוין „גוט געקענט", געוווסט אַז פאַר אים איז די ליבע אַ הייליקער אידעאַל, און צו אים געזאָגט: „יעדער אידעאַל, פריינד ליכטענבערג, מוז צוגעפירט ווערן ביז דער לעצטער קאָנסעקווענץ. דאַן צייגט זיך, אויב דער אידעאַל איז לעבנספעיִק, אָדער בלויז אַ כימערע. פון אַ געוויסער צייט אָן האָבן געוויסע מענטשן די סעקסואַ־ליטעט פאַרוואַנדלט אין אַן אידעאַל פון ליבע, וואָס איז אַן אַבסורד, ווייל די סעק־סואַליטעט איז אַ פיזישע פונקציע פונעם קערפּער. פאַר דער דאָזיקער פונקציע נייטיקט זיך דאָס מענלעכע געשלעכט אינעם ווייבלעכן, און פאַרקערט. דער אַקט

איז פאַרבונדן מיט לוסט־געפיל. דעריבער דער אינדיווידועלער געשמאַק, דאָס זוכן און ווערבן. בלויז אַן אידייע קען זיין אַן אידעאַל, נישט קיין נפקא־מינא אויב דער ציל איז אַן אַבסטראַקטער, ווי דער אמת אָדער די גערעכטיקייט, צי אַ מאַטעריעלער, ווי דער סאָציאַליזם. אין דעם פאַל קען מען רעדן וועגן ליבע: ליבע צום אמת, צו דער גערעכטיקייט, צום מיטמענטש. דער מענטש פאַרפאָלגט דערביי נישט קיין פיזישן און נישט קיין מאַטעריעלן ציל. אַדרבא, ער שטעלט זיך דערביי אַפילו אַקעגן זיין אינסטינקט פון פיזישן לעבן: ער איז זיך מקריב, אויב ס'איז נייטיק. איז דאָס ריכטיק?" — האָט ער געפרעגט יעקבן.

יעקב האָט, ווי זיין טבע, נאָכגעטראַכט און געענטפערט: „ריכטיק".

„נו, וועלן מיר — האָט פאַן ספּראַווידלאָווסקי ווייטער גערעדט — אַצינד פּרוּוון אַריבערטראָגן דעם דאָזיקן אידעאַל פון ליבע אויך אויף צוויי מענטשן פון זעלבן געשלעכט, וואָס קומט ווייניק, אָבער דאָך פאָר. געוויינלעך זענען אויך דער אינטעלעקט (אָדער דער גייסט) און דאָס געפיל (וואָס מ'שרייבט צו דער נשמה) פונקציעס פונעם קערפּער. ס'איז דעריבער זייער שווער אָפּצוטיילן די ריין פיזישע פון דער ריין גייסטיקער פונקציע, ווייל ביידע פליסן אין זעלבן לעבנסשטראָם. דאָך געלינגט עס דעם שאַרפן אַנאַליטיקער דורך אַנאַליזיע אָפּצוטיילן איינס פונעם אַנדערן. מען קען דעריבער, הגם פיקטיוו, דאָך פעסטשטעלן וווּ ס'הייבט זיך אָן דאָס ריין אידעאַלע און וווּ דאָס ריין פיזישע. אין דעם זעלטענעם פאַל, אַלזאָ, פון דער אידעאַלער ליבע, איז דער ציל די פאַרשמעלצונג פוןביידנס גייסט, פון זייער נשמה און נישט דער געשלעכטס־אַקט: נישט די פיזישע פונקציע דורך דער קערפּערלעכער פאַראייניקונג. געוויס, אויך אין דעם אויסנאַמס פאַל איז דאָס קערפּערלעכע פאַראַן, ווייל אַן קערפּער איז נישטאָ קיין נשמה, אָן מאַטעריע איז נישטאָ קיין גייסט. יעדנפאַלס לאָזט זיך דאָס נישט באַווייזן. אָבער די אידעאַלע ליבע מאַניפעסטירט זיך אינעם אידעאַליזם. צום ביישפּיל: זי שליסט אויס (אָדער מוז אויסשליסן) אייפערזוכט. ווייל אייפערזוכט קומט פונעם באַזיץ־אינסטינקט, פונעם פאַרלאַנג נאָכן מאַטעריעלן, צו זיין דער באַלעבאָס דערפון". פאַר ספּראַווידלאָווסקי האָט אַלץ מער גערעדט אין אַ טאָן פון אַ וויסנשאַפטלער: „לאָמיר אַצינד מאַכן נאָך אַ שריט ווייטער און אָננעמען, אַז אין יעדער געשלעכטס־באַציונג איז דאָ אויך אַ פונק פון דער נשמה, ווייל זי איז דאָך אויך דאָ דאָ אינעם קערפּער און איז דעריבער אויף אַ געוויסן אופן מיטבאַטייליקט אין דער פיזישער פונקציע פון יענעם מאָמענט. ווען דער מאַן און די פרוי פאַרבינדן זיך אין אַ פאַמיליען־לעבן, איז די נשמה דאַן אין זייערע פיזישע באַציונגען שוין נאָך מער באַטייליקט. קיין מאָל אָבער נישט אין דער מאָס, ווי אין דעם זעלטענעם פאַל פון דער אידעאַלער ליבע. און אַזוי ווי דער גייסט שטרעבט צו שלימות, מוזן די פון דער אידעאַלער ליבע זען, אַז זי זאָל זיין פולקאָם, זיי מוזן זיך דערהייבן צו דער העכסטער הייך. דאָס איז נישט לייכט, מען מוז אַרבעטן איבער זיך, מען מוז ליידן ווען ס'קומט אויס צו ליידן און אין די דאָזיקע ליידן זיך לייטערן. אַזוי מוז אויך דער אויסגעהאַלטענער סאָציאַליסט; זיין אידעאַל מוז ער גייסטיק דערפירן ביזן לעצטן קאָנסעקווענץ און זיך מוז ער דערהייבן ביז דער לעצטער הייך אינעם אָפּפערן זיך".

מיכאל און אַהרן האָבן מיט פאַן ספּראַווידלאָווסקין פולשטענדיק מסכים געווען. דינהטשע האָט בלויז אַ הויב געטאָן די אַקסלען: „צו קאָמפּליצירט, צו הויך פאַר

מיר״. יעקב אָבער האָט זיך געחידושט: „ווי קען מען גייסט און נשמה אָפּטיילן פונעם קערפּער? דאָס האָבן געטאָן — און טוען נאָך היינט — די פרומע (יידן אָדער קריסטן). דערביי זענען זיי כאָטש קאָנסעקווענט. זיי גלייבן אַז די נשמה קומט פון הימל און קערט זיך צוריק אום אַהין ווען דער מענטש שטאַרבט. איר אָבער, פּאַן ספּראַווידלאָווסקי, גלייבט דאָך נישט דעריך, פאַר אייך קומען די גייסטיקע און זעלישע פונקציעס פונעם קערפּער. איז דאָך דאָס לאָגישסטע צו זאָגן, אַז די גייסטיקע און זעלישע פונקציעס זענען לויט דער אינדיווידועלער באַשאַפנקייט פונעם קערפּער. איך ווייס, האָט ער אויך אַ באַשיידענעם אופן געזאָגט, — אַז פּלאַטאָנס אידייען־פילאָסאָפיע האָט געהאָלפן אינעם אָפּטיילן די נשמה פונעם קערפּער און באַאיינפלוסט נאָך היינט זייער שטאַרק דאָס מענטשלעכע דענקען. דאָס דינט אָבער דעם קאַפּיטאַליזם. און איך בין אַ מאַרקסיסט, פון אַ שטיקל צייט אָן אַ מאַרקסיסט־לעניניסט. די חברטע דינהטשע האָט פריִער געזאָגט אַז איך בין דערצויגן געוואָרן רעליגיעז. איך האָב געלערנט אין בית המדרש און בין געווען פרום. דעמאָלט האָבעך געגלייבט אין נשמה. היינט בינעך אַן איבערגעצייגטער מאַטעריאַליסט און ווייס — אויף וויפל אַ נישט־אַקאַדעמישער זוכער קען וויסן — אַז דעם מענטשס פילן, דענקען און האַנדלען איז די רעאַקציע פון די פיזישע פונקציעס פון זיין ספּעציפישן קערפּער״. צום סוף האָט ער זיך אַנטשולדיקט, דער עיקר פאַר פּאַן ספּראַווידלאָווסקין: „זייט מיר מוחל פאַר מיין חוצפּה; איך האָב גערעדט גלייך ווי איך וואָלט געהאַט שטודירט נאַטור־וויסנשאַפט״.

פּאַן ספּראַווידלאָווסקי האָט געשמייכלט: „האָט נישט אַזאַ דרך־ארץ פאַר דער אוניווערסיטעט. צווישן די דיפּלאָמירטע אַקאַדעמיקער זענען דאָ גענוג עם־הארצים, פונקט ווי ס׳זענען דאָ גענוג אינטעליגענטע מענטשן מיט דערשטוינלעכן וויסן און עקזאַקטן דענקען, הגם זיי האָבן נישט שטודירט״.

יעקב האָט דאַן גערעדט וועגן ליבע און סעקסואַליטעט און אויך דאָ זיך געהאַלטן ביי זיין שטאַנדפּונקט: „סיי די ראָמאַנטישע, אָדער אידעאַליסטישע ליבע, צי די פּראָפאַנע, וואָס באַשרענקט זיך בלויז אויפן פיזישן אַקט, קומט פאַר לויט דער אינדיווידועלער באַשאַפנקייט פונעם קערפּער. דערביי מוז מען אָבער אין זינען האָבן דערציִונג און אויך צופאַל. איך לייקן אויך לגמרי, אַז אין דער אידעאַלער, אָדער ראָמאַנטישער ליבע, קען נישט אָדער זאָל נישט זיין קיין אייפערזוכט, אַז ער, צי זי, זאָל זיך דערהויבן אין דער ליבע צו יענער הויך, ווו ס׳איז נישט מער דאָ קיין אייפערזוכט, אַז איז די ליידן פון אייפערזוכט זאָל מען זיך לייטערן״.

דינהטשע האָט אויף איר אופן ווידער אַרומגעכאַפּט יעקבן: „יעקב!... דערין בין איך פולשטענדיק מסכים מיט דיר!... איך קען דאָס אַלץ וואָס דו האָסט געזאָגט באַשטעטיקן... ביי מיר קומט אַלץ פון דאַנען און פון דאַנען!״... זי האָט מיטביידע הענט געוויזן אויפן בויך און אַראָפּצוצו.

מ׳האָט אויפגעהערט רעדן וועגן ליבע. מיכאַל האָט געהאַלטן מיט דינהטשען, אַהרן מיט פּאַן ספּראַווידלאָווסקין.

מ׳איז איבערגעגאַנגען צום פּראָבלעם פון דער סאָציאַליסטישער אידייע און פרייהייט. יאַן האָט באַגרינדעט זיין שטאַנדפּונקט, אַז אַן אידייע, די סאָציאַליסטישע איינגעשלאָסן, מוז צוגעפירט ווערן ביז צו דער לעצטער קאָנסעקווענץ, און אַז אַן אַבסאָלוטער פרייהייט קען קיין סאָציאַליזם נישט עקסיסטירן. ער קען אויך נישט

געשאַפֿן ווערן. דעריבער מוז דער פֿולקאָמער, דער אידעאַלער סאָציאַליזם און די אַבסאָלוטע פֿרייהייט זיך אָנהייבן גלייך, פֿון ערשטן מאָמענט אָן ווען די פֿרײדיקער און אָנהענגער פֿון דער סאָציאַליסטישער אידייע נעמען איבער די מאַכט, וואָס מיינט: בלויז די פֿאַרוואַלטונג.

ווידער האָט יעקב זיך געוווּנדערט: „ווי איז דאָס מעגלעך אָן איבערגאַנג פֿון צוגרייטן דעם מענטש צו דער אַנדערער נייער פֿאָרעם אינעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן לעבן, נאָך איידער מ'האָט דערגרייכט צו דער נייטיקער דערצו הייך אין דער פּראָ־דוקציע?" און דערמאָנענדיק זיך: „אַ קליינע באַמערקונג, פֿאַן ספּראַווידלאָווסקי: פֿאַר מיר איז דער ציל פֿון דער סאָציאַליסטישער אידייע די גערעכטיקייט און נישט דאָס עקאָנאָמיש־בעסערע און לייכטערע לעבן פֿונעם מענטש. אייך, אָבער, דינהטשע, ווייל איך זאָגן: דער מענטש איז נישט קיין חיה. דער מענטש האָט עטישע אידייען און איז אידעאַליסטיש. אין זיין אידעאַליזם קעמפֿט ער און איז זיך מקריב פֿאַר זיינע אידייען".

דינהטשע איז אויפֿגעשפּרונגען. מיט אַראָפּגעלאָזטע אָרעמס, די הענט פֿאַר־לייגט איינע אויף דער אַנדערער, האָט זי מיט חוזק־לאַכנדיקע אויגן געפֿרעגט: „איז ער נישט הערלעך?... אַ מאַרקסיסט־לעניניסט און דער ציל פֿון דער סאָציאַ־ליסטישער אידייע איז פֿאַר אים נישט קיין עקאָנאָמיש בעסער לעבן פֿאַרן אַרבעטער, נאָר גערעכטיקייט!"

מיכאַל האָט געלאַכט. פֿאַן ספּראַווידלאָווסקי אָבער האָט געענטפֿערט יעקבן: „איר פֿרעגט ווי ס'איז מעגלעך אָן איבערגאַנג אָן דער דערגרייכונג פֿון דער נייטי־קער שטופֿע אין דער פּראָדוקציע. גאַנץ איינפֿאַך: אויב פֿאַר אייך איז דער ציל פֿון סאָציאַליזם, פּונקט ווי פֿאַר אונדז, די גערעכטיקייט — ווערט זי דערגרייכט אין דעם מאָמענט ווען די פּראָדוקטן ווערן צעטיילט לויט באַדאַרף און יעדער אַרבעט לויט מעגלעכקייט; ווען ס'ווערן אָפּגעשאַפֿט די פֿאַרשיידענע מאָסן און שטופֿן, ווען ס'הערט אויף דאָס טרייבן פּאָליטיק און די דיפּלאָמאַטיע: די ליגנס און די אינטרי־געס. די פֿרייהייט טרעט דאַן אַריין אויטאָמאַטיש. די שטייגערונג פֿון דער פּראָ־דוקציע איז אָפּהענגיק פֿון פּעיִקער אָרגאַניזירונג, גוטער פֿאַרוואַלטונג און טעכ־נישער אַנטוויקלונג".

יעקב האָט געשוויגן.

אַהרן האָט טריִומפֿירט: „יאָ, יעקב! אָבער נישט די פּאַרטיי, צו וועלכער מיר האָבן אין אונדזער שטאָט געהערט און נישט די פּאַרטיי, צו וועלכער דו געהערסט איצינד וועט אָפּשאַפֿן די אומגערעכטיקייט און געבן פֿרייהייט, די אַבסאָלוטע פֿרייהייט! מיר אָבער, אונדזער אָרגאַניזאַציע, וועט צווינגען די רעגירונג, נישט קיין נפֿקאָ־מינא וועלכע, אויפֿצוהערן מיט טיראַניע און אומגערעכטער האַנדלונג! די ריכטער פֿון אונדזער אָרגאַניזאַציע וועלן משפּטן יעדן שולדיקן, אַרויסטראָגן דעם פּסק־דין, וועלכער וועט אויסגעפֿירט ווערן אָן מיטלייד! אונדזערע אידייען פֿאַרשפּרייטן מיר דורכן געדרוקטן וואָרט און אינעם גערייכט, ווען איינער פֿון אונדז פֿאַלט אַריין. דו ווייסט עס דאָך, יעקב! אונדזער אָרגאַניזאַציע איז שוין נישט מער קיין סוד, הגם קיין פּאָפּולאַריטעט ווייל מען איר נישט געבן, מ'וויל איר נישט שענקען קיין אויפֿמערקזאַמקייט, ווייל דאָס וואָלט געווען רעקלאַמע, פּראָפּאַגאַנדע. מ'באַ־צייכנט אונדז פֿאַר באַנדיטן, פֿאַר רויבער. פֿאַרפֿאַלן, מיר מוזן אויך דאָס נעמען

אויף זיך. יעדער פון אונדז איז אין זיין אידעאַליזם גרייט צו נעמען אויף זיך אַלץ, גרייט אויף יעדן קרבן. ווייל מיר ווייסן, אַז אונדזער וועג איז דער איינציקער, אַז נאָר אויף דעם וועג וועט די מענטשהייט דערלייזט ווערן. ניין, קיין שום רעוואָלוציע וועט די וועלט נישט דערלייזן! מיר וועלן אָפּשטעלן מלחמה, דאָס קעגנזייטיקע זיך אויסמאָרדן פון פעלקער און דאָס צעשטערן פון לענדער. ס׳וועלן נישט מער פאַר־קומען קיין רעוואָלוציעס, זיי וועלן מער נישט נייטיק זיין. אַזויערנאָך וועלן אונדזערע קרבנות, צוזאַמען מיט די טיראַנען וואָס וועלן דורך אונדזערע געריכטן מוזן באַצאָלן מיטן לעבן פאַר זייערע פאַרברעכנס, זיין כמעט נול אין פאַרגלייך מיט די מיליאָנען וואָס פאַלן אין אויפשטאַנד און אין בירגערקריגן".

יעקב האָט אַלע אָנגעקוקט מיט אַ בליק, וועלכן קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען: באַדייט דער בליק באַדויערונג? פאַראַכטונג? יעקב איז אויפגעשטאַנען. נישט געבנ־דיק קיינעם די האַנט, נישט זאָגנדיק אַפילו קיין גוטן־טאָג, איז ער געגאַנגען צו דער טיר. מיכאַל האָט דורך אָנקוקן דינהטשען און אַהרנען שטום זיי געפרעגט, אויב מ׳קען דעם אָוועקגייענדיקן געטרויען אַז ער וועט שווייגן. ביידע האָבן מיט אַרויפלייגן די האַנט אויף דעם האַרץ שטום געענטפערט אַז יאָ, אַז זיי גאַראַנטירן דערפאַר. ערשט דאַן האָט מיכאַל געעפנט די טיר פאַר יעקבן.

## קאַפּיטל ניין און צוואַנציק

### שבת - ראָמאַנטיק

1

צו זיין פריינד יצחק לערמאַן איז יעקב אין יענעם שבת שוין נישט מער אַהינגעגאַנגען: ס׳איז געווען שוין צו־שפּעט ווען ער האָט פאַרלאָזט די „רויבער־הייל", ווי ער האָט אין געדאַנק אָנגערופן דאָס אָרט, וווּ זיין אַמאָליקער חבר האָט געוווינט מיט דינהטשען. ביים דערמאָנען זיך אין איר האָט ער אויסגעשפּיגן: „אַ צויג!" ער איז געוווּיר געוואָרן, אַז פאַן ספּראַווידלאָווסקי, וועמען אַלע האָבן גע־רופן יאַן, איז אַ לערער פון פּסיכאָלאָגיע; ער הייסט גאַנץ אַנדערש און האָט נישט קיין באָרד: ער קלעפּט זי צו און טוט זיך אָן צעריסענע שמאַטעס ווען ער גייט דאָרט אַהין. יעקב איז נישט געווען צו־שטאַרק איבערראַשט ביים געוווּיר ווערן דאָס, ווייל דער פאַן ספּראַווידלאָווסקי איז אים סיי ווי אויסגעקומען פאַרדעכטיק: עפּעס האָט דער גאַנצער הילוך נישט געפּאַסט צו זיין פּנים און צו זיין געבילדע־טער שפּראַך.

נאָר באַלד האָט יעקב די גאַנצע סצענע פון יענעם שבת פולשטענדיק פאַרגעסן, צוזאַמען מיט אַהרנען און דינהטשען. ער האָט זיי נישט מער געוואָלט האָבן אין זיין זכרון, אַזוי האָבן זיי אים איצט אָפּגעשטויסן. צו זיינע פריינד, דעם לערער און זיין פרוי, איז ער אַהינגעגאַנגען אין אַ פּרייטיק־צונאַכטס און גלייך נאָכן עסן. אַ גאַנצע וואָך האָט ער דערויף געוואַרט מיט אומגעדולדיקער בענקשאַפט. ער

האָט זיך כסדר געמאַכט פאָרווורפן, פאַר וואָס ער איז געגאַנגען צו אַהרנען: „כ׳בין דאָך שוין געשטאַנען כמעט פאַרן טויער פון מיין פריינד! דאָס איז אַלץ צוליב מיין שוואַכן כאַראַקטער!״ ער האָט זיך פאָרגענומען (שוין נישט דאָס ערשטע מאָל) צו באַקעמפן אין זיך זיין ליבע צו פערעלען, איין מאָל פאַר אַלע מאָל צו מאַכן אַ סוף דערצו. דעם גאַנצן וועג ביז אַהין האָט ער אַצינד געהאַלטן אין איין טענהן צו זיין האַרץ, אַז ער איז שוין לאַנג מער נישט פאַרליבט אין איר, אַז מער ווי פריינטשאַפטלעכע געפילן האָט ער נישט צו איר, די זעלבע פריינטשאַפטלעכע געפילן ווי צו איר מאַן.

ווי אַ העלד איז ער אַצינד אַריין אינעם טויער וווּ ס׳האָבן געוווינט זיינע פריינד. דעם גאַנצן וועג ביז אַהין איז ער געגאַנגען מיט פעסטע און ברייטע טריט. נאָר אויף די שטיגן האָבן אים די פיס דאָך גענומען אַ ביסל ציטערן און דאָס האַרץ האָט אָנגעהויבן שנעלער און שטאַרקער צו קלאַפן. אָבער ער האָט נישט נאָכגעגעבן, פאַרקערט; מיט נאָך שנעלערן אימפעט האָט ער זיך געהויבן פון איין שטיג אויף דער אַנדערער. דאָך האָט ער ביי דער טיר געפילט ווי ס׳איז אים טרוקן אין דער קעל און די צונג איז אים ווי לעדער, די ליפּן ווי אָפּגעשטאָרבן און קיין שפּייעכץ זיי צו באַנעצן האָט ער נישט. אָבער נישט אויף אַ האַלבער רגע האָט ער געוואָלט שטיין־בלייבן הינטער דער טיר אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם. ער האָט זי געטאָן אַ פראַל־אויף, פאַרגעסנדיק פריִער אָנצוקלינגען. (ווען דער מאַן איז געווען אין דער היים האָט פערעלע נישט צוגעשלאָסן די טיר).

„גוט־שבת!״

דאָס יונגע פּאָרפאָלק, זיצנדיק נאָכן עסן אין קיכל, האָט זיך דערשראָקן פון דעם פלוצלינגדיקן פראַל־אויף די טיר און נאָך מער ביים דערזען יעקבן: ער האָט אויסגעזען ווי אָט פאַלט ער אין חלשות...

פערעלע איז אויפגעשפּרונגען: „וואָס איז, יעקב? — איר זענט אַזוי בלאַס! — האָט אייך ווער נאָכגעיאָגט?״ זי האָט אָנגעכאַפּט ביידע הענט זיינע, געפילט ווי קאַלט זיי זענען און ווי זיי ציטערן. זי האָט אים צוגעפירט צו אַ שטול און אַנידער־געזעצט. לערמאַן האָט זיין פריינד צוגעברענגט אַ גלאָז וואַסער, עס אים צוגעטראָגן צום מויל און אויפמערקזאַם זיך צוגעקוקט ווי דורשטיק ער טרינקט. דאַן האָט ער אים געפרעגט: „איז עפּעס געשען, יעקב? האָט וואָס געטראָפן מיט דיר? ביסט געפאַלן?

יעקב איז געווען אין אַ מיאוסער פאַרלעגנהייט. נישט זייענדיק קיין ליגנער בטבע, נאָך מער: ליגנט האָט ער פאַראַכט — האָט ער נישט געקענט שנעל אויס־טראַכטן עפּעס צו ענטפערן. האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אין פערעלעס לעצטער פראַגע, אויב ס׳האָט אים ווער נאָכגעיאָגט, און גענומען ברייען: „כ׳ווייס נישט, האָט זיך מיר בלויז אַזוי געדאַכט, אָדער ס׳איז מיר טאַקע נאָכגעלאָפן אַ „שפּיצל״... כ׳האָב גענומען גיין אַלץ שנעלער, מיך פאַרקערעוועט אין אַן אַנדער גאַס אַריין, דאַן ווידער אין אַן אַנדערער, בין אַרויף אויף אַ לויפנדיקן טראַמווײַ, אָפּגעפאָרן עטלעכע גאַסן און צוריק אַראָפּגעשפּרונגען, אַריין אין אַ דורכגאַנגס־הויף, אַרויס פון דער אַנדערער זייט אין אַן אַנדערער גאַס, דאָרט ווידער אַרויף אויף אַ לויפנדיקן טראַמווײַ, אָפּגעפאָרן עטלעכע גאַסן און ווידער צוריק אַראָפּגעשפּרונגען״...

קענענדיק יעקבן פאַר אַן ערלעכן, האָבן ביידע אים געגלייבט אַלץ וואָס

ער האָט זיך אויסגעטראַכט. פּערעלע האָט דערביי די גאַנצע צייט געהאַלטן יעקבס קאַלטע הענט אין אירע. זי איז געווען פול מיט רחמנות צום פאַרפּאַלגטן און ציטערנדיקן גאַסט, טראַכטנדיק דערביי: „קיין חידוש וואָס ער איז אַזוי דערשראָקן; ער ווייסט שוין געווים דעם טעם פון טורמע". איר מאַן ווידער האָט יעקבן אויס־געדעט די שרעק: „ס'האָט זיך דיר באַשטימט בלויז געדאַכט אַז מען פאַר־פּאָלגט דיך".

איבער יעקבס פּנים האָט זיך צעגאָסן אַ שמייכל פון גליקזעליקייט. גערן וואָלט ער געווען נאָך מער און נאָך ווייטער בלאַס, אַבי פּערעלע זאָל נאָך לענגער האַלטן זיינע הענט אין אירע. אָבער זעענדיק ווי די פאַרב האָט זיך אומגעקערט אין זיין פּנים און ווי ער שמייכלט, האָט זי אָפּגעלאָזט זיינע הענט.

2

אויך פּערעלע האָט געשמייכלט. זי איז געווען שוין אין גאַנצן באַפרייט פון דער שרעק וואָס האָט פריער צעשטערט דאָס גליק פון שבת-רו נאָך אַ גאַנצער וואָך שווער אַרבעטן אין דער קליניק פאַר אָרעמע, שוואַכע און קראַנקע קינדער, אָפט ביז 8-9 ביינאַכט און ווידער אין דער היים. פריייטיק איז פאַר איר געווען אַ באַזונדערס שווערער טאָג, ווייל זי האָט געהאַלטן שבת און צוליבן פאָטער אַלץ צוגעגרייט כדת וכדין. ביידע, זי און דער מאַן אירער, האָבן דעם אַלטן ר' מרדכי גאָלדבלום, דעם געוועזענעם רייכן פאַבריקאַנט, נישט געלאָזט גיין וווינען ערגעץ אַנדערש. נאָר פאַר דעם פאָרל, הגם נישט פרום, איז דער שבת סיי ווי געווען טייער. נישט בלויז צוליב טראַדיציע. ווי יונגע נאַציאָנאַלע ייִדן האָבן זיי אינעם שבת געזען אַ שטאַרקן כוח פאַרן קיום פון זייער פאָלק, אַ גרויסן סאָציאַלן סימבאָל און אַן אומגעהייער פּאָעטישע שיינקייט. נאָר דאַוונען איז דער לערער נישט געגאַנגען, כאָטש די מייסטע שבתדיקע תפילות, ווי אַלע אַנדערע, האָבן אים שטאַרק געפעלן. אָבער גיין אין אַ בית הכנסת בעטן צו גאָט — דערצו מוז מען שוין זיין פרום. און ער איז עס נישט געווען. ער האָט פּערעלען צוגעהאָלפן מאַכן אַלץ וואָס איז געווען צו טאָן פריייטיק. זי האָט איינגעקויפט און געקאָכט. ער האָט געוואַשן די פּאָדלאָגעס, גערוימט און געפּוצט. פאַרטיק מיט אַלץ — האָט יעדער פון זיי זיך געוואַשן פון קאָפּ ביז די פיס אין דעם קליינעם צינקענעם וואַנעלע אין דער קאַמער (קיין באָדצימער האָבן זיי נישט געהאַט) און זיך אָנגעטאָן שבתדיק.

פּערעלע האָט דאַן באמת אויסגעזען ווי אַן איידעלע בת-מלכה. זי איז גע־שטאַנען פאַר די אָנגעצונדענע שבת-ליכט אין אַ ווייסער בליוזקע מיט פּערלמוי־טערנע קנעפּ פאָרנט און אַ קיילעכדיק געהאָפטן קעלנערל מיט אַ רויט סטענגעלע דעריין, מיט שמאָלע מאַנקעטעלעך אַרום די פיינע געלענקען פון די הענט, אין אַ טונקל-בלוי ספּודניצקעלע און אַ קליין ווייס פאַרטעכל מיט פיינע שפּיצן דעריין. די בלאָנדע האָר אין צוויי געפלאָכטענע צעפּ אַרום שטערן און מיט צניעותדיקער בענקשאַפט אין די גרויסע בלויע אויגן. אין דער שטוב האָט אויסגעזען ווי ס'וואָלט פאָרגעקומען אַ פאַרוואַנדלונג. אָבער נישט בלויז ווייל די פּאָדלאָגע האָט

אַצינד אַזש געבלאַנקט, די בעטן זענען געווען איבערגעדעקט מיט די שבת יום־טובדיקע גרין־פּליושענע דעקעס וואָס האָבן געהאַט גאָלדענע פּאַסן און גאָלדענע פראַנדזן; אויפן טיש איז געלעגן אַ ווייס־דאַמאַסקן טישטעך און אין דער דריי־רערנדיקער זילבערנער מנורה האָבן געברענט סטערין־ליכט. פונעם קיכל האָבן זיך געטראָגן די פיינע ריחות פון די פרישגעקאָכטע שבתדיקע מאַכלים: געהאַקטע פיש מיט ביטערע מאַנדלען, הינערנע יויך און שיפּטאָלן מיט צימרינג. די פּאַר־וואַנדלונג אָבער איז געקומען מער דערפון, ווייל ס'איז אַריינגעטרעטן אַ הייליקע פייערלעכקייט. (מאַן און פרוי האָבן שווער געאַרבעט און פאַרדינט גאַנץ ווייניק, באַזונדערס ער, ווייל נישט בלויז איז דאָס געהאַלט פון די לערערס אין די ייִדישע שולן געווען זייער קליין, נאָר זיי האָבן אָפט נישט באַקומען זייערע שכירות, אָדער בלויז אַ טייל.ביידע האָבן אָבער אָפּגעשפּאָרט פון מויל וויפל זיי האָבן נאָר געקענט, כדי צו קענען קויפן שיינע זאַכן פאַר זייער באַשיידענער היים פון אַ קיכל מיט אַ שטוב אויפן פערטן שטאָק).

נאָכן ליכט־בענטשן איז דער לערער צוגעגאַנגען צו זיין פרוי אין זיין שוואַרצן שבתדיקן אָנצוג. ער איז געווען אין אַ פייערלעכער שטימונג. אפשר אַ מינוט איז ער געשטאַנען אַ צוויי שריט אָפּגערוקט און געקוקט אויף איר מיט אַזאַ הייליקער פּיעטעט פון ליבע און באַוווּנדערונג, אַז ער האָט זיך נישט געטרויט צו איר נענטער צוצוגיין. ערשט ווען זי האָט אַ שטראַלנדיקע פון דער שבתדיקער הייליקייט און מיט פלעמלעך פון ליבע אין אירע בלישטשענדיקע בלויע אויגן גענומען גיין צו אים מיטן „גוט־שבת" אויף אירע ליפּן, האָט ער געמאַכט די איבעריקע צוויי טריט. ער האָט אָנגענומען איר לאַנגע און שמאָלע האַנט, אַן איידעלע, ווייסע, מיט דינינקע, גרינלעכע עדערלעך און געפילט, ווי זי וויברירט. ער האָט די האַנט צוגעטראָגן צו זיינע ליפּן, וואָס האָבן פונקט אַזוי וויברירט. זי האָט צניעותדיק אַראָפּגעלאָזט די אויגן. מיט געזונקענעם קאָפּ איז זי געשטאַנען פאַר איר מאַן ווי אַ פרומע כלה אונטער דער חופה פאַר איר חתן. ער האָט געקושט איר שטערן, די אַראָפּגעלאָזטע לעדנדלעך פון אירע אויגן, די האָר, וואָס זענען אין צוויי צעפּ, ווי אַ גאָלדענע קרוין, געווען געוויקלט אַרום איר באַחנט קעפּל. נאָך דעם ווי זייערע ליפּן האָבן זיך פאַראייניקט אין אַ לאַנגן קוש, האָט זי אַ גליקזעליקע אַרויפגעקוקט צו אים. אַ מאָמענט האָבן ביידע געשוויגן אין ערפורכט. דאַן האָבן זיי געשמייכלט, זענען צוגעגאַנגען צום טיש און האָבן זיך אַנידערגעזעצט. באַלד האָבן זייערע הענט זיך געפונען, ווי צוויי טויבן וואָס זוכן זיך. ווידער האָבן זיי געשוויגן, הגם זיי האָבן אַוודאי געהאַט אַ סך וואָס צו זאָגן זיך; אָבער די הענט האָבן דאָס געזאָגט איינער דעם אַנדערן אַ סך בעסער ווי די ליפּן טוען דאָס מיט ווערטער. דערביי איז לערמאַן שוין לאַנג נישט געווען קיין שעמעוודיק פראָווינצער בחורל, וואָס באַגעגנט דאָס ערשטע מאָל דאָס מיידל אין וועלכער ער איז פאַרליבט. אָבער די ליבע האָלט נישט קיין סך פון ווערטער, זי האָט איר אייגענע שפּראַך, אַן אָן ווערטערדיקע... ווי יעדן פרייטיק־צונאַכטס, זיצנדיק אַזוי מיט פערעלען, האָבן די תפילות פון „קבלת שבת" און טיילן פון „שיר השירים" געזונגען אין זייך האַרץ. אַזוי זענען זיי געזעסן ביז זיי האָבן דערהערט די טריט פונעם פאָטער אויף די שטיגן: ר' מרדכי איז געקומען פון שטיבל ביי ר' מנשהלע שוואַרץ, וווּ ער האָט געדאַוונט.

ר׳ מרדכי האָט געפירט טיש כמעט מיט דער זעלבער פייערלעכקייט פון אַמאָל. זומער, אויך פרילינג און האַרבסט (ווען ס׳איז געווען שיין) איז נאָכן עסן לערמאַן געגאַנגען שפּאַצירן מיט פּערעלען אין פּאַרק אַריין. נאָר ווינטער האָבן זיי דאָס געטאָן בלויז זעלטן. זיי האָבן זיך אָבער צוריקגעצויגן אין קיכל אַריין, נישט צו שטערן דעם פּאָטער ביים פאַרטיפן זיך אין אַ ספר נאָכן בענטשן. דעם אַלטן איז דאָס געווען פּריקרע, ס׳איז אים אויסגעקומען אַז ער פאַרטרייבט די קינדער פון זייער שטוב. ער האָט זיי דעריבער אָפט געבעטן אַז זיי זאָלן בלייבן אין שטוב און ער וועט אַריינגיין אין קיכל, אָדער ער וועט זיך צוריקציִען אונטערן שפּאַנישן ווענטל, ווו ס׳שטייט זיין בעט. פּערעלע אָבער און איר מאַן האָבן דאָס נישט גע־וואָלט הערן אַפילו. זיי האָבן דעם אַלטן יעדעס מאָל אַרומגענומען, פּונקט ווי דעמאָלט ווען ער האָט פאַרגעשלאָגן מ׳זאָל זיין בעט אַריינשטעלן אין קיך, אַז זיי ווילן דווקא ער זאָל זיין ביי זיי. „זאָג דאָס נישט נאָך אַ מאָל!״ האָבן זיי דעמאָלט אויסגערופן.

דאָס פאַרליבטע פּאָרפאָלק האָט אין קיכל פאַרברענגט אין רעדן, שמועסן, ביז זיי זענען געגאַנגען שלאָפן. מייסטנס האָבן זיי גערעדט פון זייער אַרבעט אַ גאַנצע וואָך, קיין מאָל נישט פון פּאָליטישע פּאַסירונגען אָדער אַנדערע נייעס אין די ציַיטונגען. צו שטאַרק אויסגעפילט זענען זיי געווען פון זייער אַרבעט. דער לערער האָט שטענדיק געהאַט צו דערציילן הונדערטער אינטערעסאַנטע זאַכן פון זיינע שילער און שילערנס. ער איז כמעט שטענדיק דערביי אַריין אין התפּעלות, ווי גייסטיק־שאַפנדיקע ווען זיי רעדן וועגן זייערע אידייען. אויך פּערעלע האָט געהאַט צו דערציילן גאַנצע פּעק מעשות וועגן אירע קינדער אין דער קליניק. דאָס מייסטע וואָס זי האָט דערציילט איז געווען זייער טרויעריק און זי איז דערביי געווען שטאַרק באַטריבט. אָבער זי האָט דערציילט אויך וועגן קינדער, וועלכע די דאָק־טוירים האָבן דערקלערט פאַר גאַנץ אָדער טיילווייז שוין געהיילט און געזונט. זי איז דערביי געווען גליקלעך, ווי די קינדער וואָלטן געווען אירע אייגענע. אָבער ס׳זענען אָפט געקומען געסט, פריינד אָדער בלויז באַקאַנטע. דאַן זענען די טעמעס שוין געווען אַנדערע, ווי ס׳זענען געווײַנלך געזעלשאַפטלעכע געשפּרעכן.

3

פּערעלע האָט אויפן טיש אַרויפגעשטעלט כיבוד און צוגעברענגט דריי גלעזער טיי. יעקב האָט זיינע פאַנטאַסטישע מעשות וועגן „שפּיצל״ פאַרגעסן; אָבער ער האָט נישט אויפגעהערט צו פילן דאָס גליק פון דעם וואָס פּערעלע האָט געהאַלטן זיינע הענט אין אירע. דעריבער האָט ער כסדר איצט גענומען זיין רעכטע האַנט אין דער לינקער און די לינקע אין דער רעכטער, דערביי אַלעמאָל אַ מאָדנע קוק־געטאָן אויף פּערעלען און פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט די אויגן. דאָס איז לערמאַ־נען, דאַן אויך איר, אויפגעפאַלן. דעם לערער איז אַפילו איינגעפאַלן, אַז זיין פריינד האָט די גאַנצע מעשה מיטן שפּיאָן זיך אפשר גאָר אויסגעטראַכט. סיי ווי האָבן מאַן און פרוי זייער פריינד געהאַלטן פאַר אַ מאָדנעם מענטש און די דאָזיקע „מאָד־נעקייט״ אין אים ליב געהאַט. נאָר אָט האָט יעקב דערפילט, אַז ער פאַרראַט זיך

אַצינד מער ווי יעדעס מאָל ווען ער קומט אַהין און זיך גענומען ראַטעווען פון זיין קאָמישער (און טרויעריקער) לאַגע דורכן זעלבן מיטל פון שטענדיק: רעדן. און ווי שטענדיק האָט ער גענומען רעדן וועגן פּאָליטיק, וועגן ביכער וואָס ער האָט גראָד געהאַט געליינט. ווייל גלאַט אַזוי שמועסן, פּלוידערן ווי די מייסטע מענטשן וועגן זיך און אַנדערע, האָט ער פּשוט נישט געקענט. ער האָט זיין נשמה־לעבן געהאַלטן פאַר אַ נאַרישן פּלאָנטער, מיט וועלכן ער האָט זיך געשעמט פאַר זיך אַליין. אָבער וועגן דודלען האָט ער שטענדיק געהאַט צו דערציילן אַ סך טשי־קאַווע זאַכן, וואָס ער האָט ביי פּאַסיקע געלעגנהייטן תמיד געטאָן.

דאָך, גלייך אָנהייבן רעדן וועגן פּאָליטיק, וויסנדיק אַז דאָס אינטערעסירט זייער ווייניק זיינע פריינד, האָט ער נישט געקענט. האָט ער זיי געפרעגט אויב זיי האָבן ווידער באַקומען אַ בריוו פון וועמען אין זייער געבורטסשטאָט.

„יאָ“, האָט פּערעלע געענטפערט, „פונעם שווער. ער שרייבט וועגן דער גאַנצער שטאָט“. ווו האָסטו דעם בריוו, יצחק? כ'האָב אים דיר צוריקגעגעבן“. איר מאַן איז געגאַנגען ברענגען דעם בריוו. זי האָט שטאָלצירט מיטן שווער און געזאָגט צו יעקבן: „אַלץ אַזוי בילדלעך און מיט אַזוי פיל הומאָר באַשריבן! דעם שווערס בריוו וואָלט מען אַלע געקענט אָפּדרוקן. לייען דו פאָר דעם בריוו, יצחק!“ האָט זי געזאָגט דעם מאַן ווען ער איז צוריק אַריינגעקומען.

דער לערער האָט גענומען לייענען: „מיינע צוויי גאָר טייערע בריליאַנטן!... אָבער נישט טייערער ווי מיינע, קאַ שום עין־הרע, נאָך אַנדערע אַכט בריליאַנטלעך... פיר ווייבלעכע, ווי עטץ ווייסט ווויל, און פיר מענערישע. פּאָרוויז, ווי אין נחס תיבה. נאָר דאָרט איז געוויס געווען בעסער און באַזונדערס פאַר די נקבות, ווייל זיי האָבן נישט באַדאַרפט קיין נדנס. דאָ אָבער מוז אַ מויד, אַפילו ווי גיטל, ווי רבקה, אָדער יענטע, האָבן אַ מטמון מיט געלד אויף צו קויפן אַ זכר, ווי מ'קויפט, להבדיל, אַ פערד. אויך פריידל איז שוין ראוי לחופה, נאָך מער ווי ראוי: אַ מויד מיט אַלע גוטע זאַכן, אַן אויפגעצאַנגענער לעקעך, אַ פלאָדן אָנגעפילט מיט כל־טוב. וואָס קומט אָבער אַרויס דערפון? אַ פלאָדן מוז געגעסן ווערן ווען ער איז נאָך פריש, וואַרעם; ווייל בלייבט ער שטיין — הייבט ער אָן איינפאַלן, נעמט פאַרלירן דעם טעם און דעם ריח, דאַרט איין און צום סוף שימלט ער...

„נאָר פאַרפאַלן. ס'איז שוין לאַנג נאָכן מבול, און דער וואָס לעבט אייביק — ווי מיין צדקת רופט אים — וועט קיין צווייטן מער נישט ברענגען. אַזוי האָט ער געשווירן און דער רעגנבויגן איז אַן עדות. פייער און שוועבל אָבער מעג ער שיקן ווען ער וויל צו פאַרברענען די שטעט מיט די מענטשן, ווי סדום ועמורה. ער טוט דאָס אַלע פאָר יאָר דורך זיינע הייליקע שליחים, די מענטשעלעך. פון איין מאָל צום אַנדערן געדויערט בלויז אַזוי לאַנג ווי לאַנג ס'געדויערט דאָס צוגרייטן און מען גרייט שוין ווידער צו, וואָס עטץ זעט אַוודאי אין וואַרשע מער ווי איך דאָ, אויב עטץ האַלט אָפן די אויגן. נו, איז די צרה: אויב מע ראַטעוועט זיך, מיט ווייב און נאָך אַכט פּיסקעס דאַצו, נעמט דער מאָגן שרייען: „לעבסט? — פאָדאַ־ווייַ!“... אַזוי שרייען צען מאָגנס... דו, פּערעלע מיין שנור, האָסט אַן איידל מעגעלע, וואָס פּישטשעט אַוודאי בלויז ווען דו ביסט הונגעריק. אונדזער איינעמס אַ מאָגן אָבער, ווי מיינע זינגלעך און טעכטערלעך פאַרמאָגן — און איך אַליין אויך נאָך און אַפילו מיין קעניגן רחל — זיי, אַז זיי נעמען מאָנען... נאָר ס'איז נישטאָ, נישטאָ

קיין ברויט, קיין קאַרטאָפּליעס, נישטאָ פאַר אַ ייִד ביי וואָס צו פאַרדינען. ס'ערשטע יאָר געמיינט: אפשר, אפשר וועט ווערן בעסער. נאָר ס'ווערט ערגער, אַלץ ערגער און ערגער. פון צייט ס'האָט אין גאַנצן אויפגעהערט די מלחמה. אם כן — ווי שטייט דאָרט געשריבן? — למה זה אָנוכי, וואָס טויג מיר דער שלום? ס'איז אין אונדזער שטעטל ווי אויפן בית־עולם: שאַ, שטיל, מאַך נישט קיין גערודער. דאָס זאָגן אונדזערע טייערע שכנים אונדז איצט יעדעס מאָל ווען זיי מאַכן אַ פּאָגראָ־מעלע, אַ קליינס, וואָס זיי רופן „אינצידענט". אַ גרעסערער פּאָגראָם הייסט „עקסצעס". יאָ, אונדזערע ברידער פון דער מאַמע לאהס בויך, פון איין פאָטער... לאַנד. אַפילו צווישן די סאָציאַליסטן, וואָס האַלטן אין איין פּראָקלאַמירן „יעדנאָשטש", פעלן נישט אַזעלכע, וואָס צעשפּאַלטן אַ ייִד דעם קאָפּ. אויך זייערע פירער הייסן שווייגן, נישט מאַכן קיין גערודער. די „רויטע" — וואָס אַן אמת איז אַן אמת — זענען טאַקע גאַנץ אַנדערש: זיי נעמען זיך אָן פאַר אונדז. אָבער זיי שיקט מען אין „חד גדיא" אַריין.

„נאָר דאַרין מישעך מיך נישט. מיך אינטערעסירן אַצינד בלויז 2 זאַכן: ברויט, און אייגענע ד' אַמות, פון וואַנען מע זאָל מיך נישט טרייבן, יעדעס באָרוועסע שגצל און אָפּגעריסענע שיקסל זאָל מיר נישט נאָכשרייען: „זשיד! וואָן פון דאַנען". אונדזער הויז און דער פּלאַץ אויף וועלכן דאָס הויז שטייט געהערט נישט מער אונדז. כ'בין אַ ייִד, זאָגט מע מיר, און כ'זאָל גיין פון וואַנען כ'בין געקומען. פוילן געהערט צו די פּאָליאַקן. איך בין בלויז אַן אורח און מער וויל מען מיך נישט. גייט אַ גוי נישט מער קויפן אין אַ ייִדיש געוועלב, גייט נישט מער צו קיין ייִדישן באַל־מעלאָכע. ס'איז דאָ אַ קאָמיטעט וואָס טוט אַכטונג דערויף. דער פּרעזעס איז פאַן קשיוויצקי, דער גוטבאַזיצער. צ'געדענקט אים נאָך אַוודאי. פאַן גנילאָווסקי, דער פירער פון די היגע סאָציאַליסטן, איז געוואָרן בירגערמייסטער. ער האָט חתונה־געהאַט מיט פאַן קשיוויצקיס ייִנגסטער טאָכטער. (יאָרנלאַנג האָט ער געפירט אַ ליבע מיט פאַניע בערנפעלס טאָכטער, מיט דער פאַננאַ העלענאַ). ער פּריידיקט היינט אויך נאָך „יעדנאָשטש" און האַלט זיך פאַר אַ גרויסן ייִדנפריינד, ווי ס'פּאַסט פאַר אַ סאָציאַליסט. שטילערהייט אָבער העלפט ער דעם שווער זיינעם, דעם מיאוסן אַנטיסעמיט, אָנפירן דעם באָיקאָט קעגן ייִדן. די מייסטע גויים, שיער אַלע, אַפילו די פויערים פון די דערפער אַרום, זענען דאָ פאַרסמט מיט שינאה צו ייִדן. זיי ווערן אַלץ מער פאַרסמט. אַפילו דער אַלטער גלח העצט אין דער קירכע קעגן ייִדן. גייט אַ גוי דאָך קויפן צו אַ ייִד, ווייל אין אַ ייִדיש געוועלב קריגט ער אַלץ ביליקער — אַפילו ווי אין די „ספּולקעס" וואָס דער באָיקאָט־קאָמיטעט האַלט אין איין עפענען — לאָזט מען אים נישט. פאַר די ייִדישע געשעפטן דרייען זיך אַרום די לייט פונעם קאָמיטעט מיט פּלאַקאַטן, אַז מע טאָר נישט קויפן ביי אַ ייִד. דער אַמאָליקער סטאַרשי מיליציאַנט, דער פון שטשעלקאָווסקי — אַ זינדל פון דעם גאַרבאַטע סטאָליאַרזש, וועלכער איז אומגעקומען ווי אַ קדוש ווען ער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר ייִדן — ער, דער קאַספּער שטשעלקאָווסקי, איז אַצינד נאַ־טשעלניק...

„און דערמאָנט עטץ ענק אין יאָסל דרייער? ר'האָט שוין געהייסן ר' יאָסל און פאַניע פוקסמאַן, ווען ר'האָט אָנגעהויבן ווערן אַלץ אַ גרעסערער און גרעסע־רער עושר, באַזונדערס ווען די בת־יחידה זיינע, די דבורהלע נעבעך... אַצינד

אָבער — אויס פּאַניע פּוקסמאַן, אויס ר׳ יאָסל, אויס „דרייער" אַפּילו. סע דרייט אים אַצינד שוין אין די געדערעם ווי אַלע ייִדן דאָ און מיך בתוכם. דער גרויסער שניט־סוחר פון אַמאָל, מיט דער שיינער באָרד, דער גרויסער חסיד, איז אַצינד באמת שוין פּרום, ער נאַרט נישט מער גאָט און לייט. אין אַ מאַרקטאָג שטעלט ער זיך אַצינד, ווי די מייסטע געוועזענע גרויסע סוחרים און גבירים, מיט אַ ביסל סחורה אויפן מאַרק. די צרה איז אָבער, וואָס אויך דאָ לאָזט מען די גויים נישט האַנדלען מיט די ייִדן. שגצים און שיקסעס, נישט בלויז פונעם פּראָסטן המון, נאָר מער נאָך פון די גאָר אָנגעזעענע, צעברעכן די ייִדישע שטעלעכלעך, צעוואַרפן און צעטרעטן דאָס ביסל סחורה וואָס די אָרעמע ייִדן לייגן אויס צו פאַרקויפן. ס׳טוט זיך אַ ביסל: געשרייען, געוואַלדן, צעהאַקטע קעפּ, צעבראָכענע ריפּן. בלוט גיסט זיך. טייל מאָל צעוואַקסט עס זיך טאַקע אין אַ ריכטיקן פּאָגראָם, מיט האַקן שויבן, ראַבעווען און ס׳זענען אַפּילו דאָ טויטע. אָבער... טשימאַי מאָרדי, מאַך נישט קיין גערודער! אין אויסלאַנד טאָר מען דערפון נישט וויסן! פּוילן איז דאָך אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק, אַלע מינדערהייטן האָבן דאָ נאַציאָנאַלע און קולטור־רעלע אויטאָנאָמיע, גאַראַנטירט אין ווערסייל, און שוואַרץ אויף ווייס אין דער קאָנסטיטוציע...

„פון די חרוב־געוואָרענע ייִדישע הייזער ווערט מער קיין איינס נישט צוריק אויפגעבויט, נישט פון די וועלכע די דייטשע קוילן האָבן צעשטערט און נישט פון די, וועלכע מע האָט צוריק אויפגעשטעלט און זיי זענען אינעם צולאָג מלחמהלע צעשטערט געוואָרן פון די באָלשעוויסטישע שראַפּנעלן. די ייִדן זענען אַצינד דלפנים, אין אַ פּוילישער קאַסע קריגט אַ ייִד נישט קיין הלוואה. די ליידיקע פּלע־צער צווינגט דער מאַגיסטראַט צו פאַרקויפן צו קריסטן (אויף אַ פאַרשטעלטן אופן), אַז נישט — נעמט דער מאַגיסטראַט אַוועק דעם ליידיקן פּלאַץ פאַר שטייער, וואָס דער אָרעמער ייִד קען נישט באַצאָלן. זיך גיין לאָדן? — אַ ייִד געווינט נישט אין אַזאַ ענין. די ריכטער געפינען אַ פּאַראַגראַף און מאַכן פיף־פאַף... אַזויערנאָך נעמט מע אַוועק ביי ייִדישע ישובניקעס די ערד. ס׳טרעפט איצט דאָ שוין, אַז נישט בלויז קויפן די גויים נישט ביי קיין ייִדן, נאָר טייל פּויערים ווילן ייִדן נישט פאַרקויפן קיין שום פּראָדוקטן, אַפּילו נישט קיין קאַרטאָפּליעס. אַ פּאָלק אָן ערד איז אין דער ערד. ווער ס׳קען אַנטלויפט: אין דער גרויסער שטאָט אַריין, קיין אַמעריקע, אויב מע האָט דאָרט וועמען וואָס זאָל שיקן אַ וויזע און געלט אויף הוצאות. ייִדישע שניידערס, ווי אברהם, האָבן געמוזט אויפגעבן שער און אייזן. ייִדישע שוסטערס האָבן זיך אָפּגעזעגנט מיט נאָל און דראָטווע. איציק באַלעגאָלע האָט מער קיין פערד נישט. איך ווייס נישט מער ווי מע נעמט אַ לייטאַייזן אין האַנט אַריין. אַ סוף צו אַלע ייִדישע פּרנסות. מעכל פּאָליטיקער איז מער נישט קיין מעקלער, שימעלע לאַטערייניק פאַרקויפט נישט מער קיין „לאָסן", גרונם מלמד האָט מער קיין חדר נישט. מע זאָגט אָבער, אַז הערש, דער זון זיינער, דער רימאַרזש, איז אַצינד עפּעס אַ גאָר וואַזשנער פּאַרשוין אין וואַרשע: אי אַ פירער ביי די ייִדישע סאָציאַליסטן אי אַ גרויסער נגיד, אי אַ גבירס אַן איידעם. וועגן דינהטשען ווידער דערציילט מען... בעסער נישט נאָכצורעדן... און יאָסלס בן, דער פיינער תכשיט — בוכהאַלטער אין וואַרשע — ווערט פּאַניע בערנפעלס אַן איידעם. אַזוי זענען די־

ידיעות. מע ווייסט נאָר נישט: האָט ער חתונה מיט דער פֿאַננאַ העלענאַ, די חלוצה אַצינד אין אַ הכשרה, אָדער מיט דער פֿאַננאַ בעלאַ, מיט... פּתח־שין — שאַ...

„אָבער וואָס איז דער זין פֿון מיין לאַנגן בריוו אַצינד? דער זין איז — און דאָס איז די אונטערשטע שורה — אַז מיר האָבן אפשר דאָך אַ גאָט אין הימל, און אַז ער, ווי אַ ליבער פֿאָטער, שיקט זיין אויסדערווילט פֿאָלק אַלערליי מכות און פּורעניות, אָבער אויך די רפואה: ארץ ישראל. אונדזער ייִדל — צוויי יאָר איז ער דאָרט, ווי עטץ ווייסט — האָרעוועט מיט ביטערן שווייס ביי אויסטריקענען זומפּן, ווי אַלע דאָרט. ער שלאָפֿט אין אַ געצעלט מיט חברים, האָט שוין מאַלאַריע, שוין מיטגעמאַכט אַ פּאָגראָם, אָבער אַ ביסל אַנדערש ווי דאָ: דאָרט איז עס מלחמה, מע שיסט צוריק, מע הרגעט די פּאָגראָמטשיקעס, די אַראַבער פֿאַלן פּונקט ווי ייִדן. פֿון ייִדישע הענט. נאָר אַרום און אַרום איז ייִדל גליקלעך, אַזוי שרייבט ער. ער הייסט אַלע זיינע ברידער: קיווען, שימעלען, חיימען און די ייִנגערע שוועסטער, פֿריידלען און יענטען — זיי אַלע הייסט ער ווערן חלוצים און חלוצות, אַריינטרעטן אין הכשרות און היידאַ קיין ארץ ישראל! וועל איך מסתמא נעמען מיין רחלען, מיין לעבנס־באַגלייטערן, צוזאַמען מיט דעם ביסל בעבעכעס וואָס מיר האָבן נאָך, מיינע האַמערס מיט די צוואַנגען און די פֿיילן און די לייטאַייזנס און אויך אַהין, אַהין, אַהין אינעם לאַנד פֿון אונדזערע אָבות. די מייסטע היגע יונגעלייט און מיידלעך זענען געוואָרן חלוצים און חלוצות, בתוכם דער געוועזענער ייִדישער מיליציאַנט פֿישל שמולעווסקי.

„דאָס איז דערווייל אַלץ. אַ צווייט מאָל — ווי לאַנג דאָס וועט געדויערן ווייסעך נישט — וועלעך ווידער פֿאַרקאַטשען די אַרבל, איינטונקען די פֿענע אין טינטאָרל, און איר זאָגן: דבר!... עפֿן דיין שוואַרץ פּיסקל!...

„פֿון מיר ענקער טאַטע און שווער

קלמן בלעכאַרזש מיטן פֿאַמיליע־נאָמען לערמאַן.״

4

דער לערער האָט אָפּגעאָטעמט: „אוף! דאָס איז אַ בריוול!״...

יעקב האָט איבערגעחזרט זיין מיינונג, וועלכע ער האָט עטלעכע מאָל שוין געהאַט געזאָגט נאָך דעם ווי דער פֿריינד זיינער האָט אים פֿאָרגעלייענט דעם פֿאָטערס אַ בריוו: „אַ פֿיינע שילדערונג! אַ מענטש מיט אַ שרייבערישן טאַלאַנט! ווען נישט די באַדינגונגען, וואָלט דיין טאַטע באַשטימט געוועזן געוואָרן אַ שריי־בער״. דאָס זעלבע האָט אויך געזאָגט פֿערעלע מיט נאָך מער התפּעלות, ווייל זי האָט איר שווער שטאַרק ליב געהאַט און אים הויך געשעצט. דווקא דער זון איז געווען צוריקגעהאַלטן אין זיין לויב איבערן פֿאָטער. אַ פֿאַרטראַכטער האָט ער געזאָגט: „דער אַלטער וויל נאָכמאַכן שלום עליכמען, וועלכער איז פֿאַר אים דער גרעסטער שרייבער פֿון דער וועלט. טאַלאַנט? — מן־הסתם. אַ סך מענטשן, באַזונ־דערס אונדזערע ייִדן, האָבן טאַלאַנט. אָבער צו ווערן אַ שרייבער, אַ קינסטלער, אָדער שאַפֿן אויף אַן אַנדערן גייסטיקן געביט — דערצו געהערט עפּעס מער ווי בלויז טאַלאַנט״.

נאָר יעקב האָט זיך ווייטער געהאַלטן מער ביי די „באַדינגונגען", ביים סאָ־ציאַלן, ווי ביים אינדיווידועלן: אַז נאָר די אומשטענדן זענען שולדיק אויב אַ מענטש מיט אַ טאַלאַנט ווערט נישט דאָס, וואָס ער וואָלט געקענט ווערן. ער האָט אַ פאַרכמורעטער מוסיף געווען צו זיין מיינונג איבערן בריוו: „די שילדערונג פאַסט נישט בלויז פאַר דער איינער שטאָט, נאָר פאַר די מייסט חרוב געוואָרענע שטעט און שטעטלעך אויף דער פּראָווינץ. דאָס איז דער מצב פונעם גרעסטן טייל יידן איצט אין פּוילן. אָבער אויך די אַנדערע, די נישט־יידן, דעם גאַנצן פּראָלע־טאַריאַט אין דעם לאַנד, גייט עס נישט אַ סך בעסער. די פּויערים, וואָס מאַכן אויס צוויי דריטל פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, גייט עס נאָך ערגער". ווי יעדעס מאָל, ווען ער איז אין אַ געשפּרעך צוגעקומען צו דער דאָזיקער טעמע, האָט ער גענומען ברענגען סטאַטיסטיקעס, שילדערונגען פון פּויערים־לעבן און אויספאָר־שונגען פון פאַרשידענע קאָמיסיעס.

דער לערער האָט צוגעגעבן, ווייל ער האָט זיך נישט געוואָלט שפּאַרן מיט זיין פריינד. „און דיין רפואה?" האָט ער אים גענומען קיבעצן.

זעענדיק ווי יעקב איז פאַרשטומט געוואָרן, האָט פּערעלע, אַ מיטליידנדיקע מיטן גאַסט, נעמאַכט דעם מאַן אַ לייכטן פאָרוואורף: „יצחק!"

דער לערער האָט זיין פרוי אַ גלעט־געטאָן איבערן אַקסל: „יעקב פאַרשטייט מיך. ער ווייסט אַז איך מיין עס נישט איראָניש, אַז ביזן רעוואָלוציע־מיטל בין איך כמעט אין אַלעם מסכים מיט אים. מיר האָבן דאָך דעריבער שוין אַזוי פיל דיסקוטירט. שוין אפשר צען יאָר אַז מיר רעדן איבער די דאָזיקע פּראָבלעמען, כמעט יעדעס מאָל ווען מיר קומען זיך צוזאַמען, ווי קראַנקע וואָס טוען נישט מער נאָר רעדן וועגן זייער קראַנקייט. אָבער פאַראַן זאַכן, וועגן וועלכע מיר קענען נישט אייניק ווערן. איך בין פאַר ציוניזם און האַלט נישט אַז רעוואָלוציע קען ענדערן די לאַגע: אָפּשאַפן די אָרעמקייט און איבערמאַכן דעם מענטש. קאָמיש! דו, יעקב, ביסט געוואָרן אַ מאַרקסיסט!... אַצינד ביסטו שוין אַ מאַרקסיסט־לעניניסט!... דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם איז פאַר דיר קודש־קדשים, ווי פאַר אַ פרומען ייד די תורה. וואַרט, יעקב, רייס מיר נישט איבער! דו ווייסט זען אַז איך קען דיך גוט, אַז איך האָב מיך שטענדיק באַמיט דיך צו פאַרשטיין און אַז איך וויל נישט דאָס מינדסטע אין דיר מינימיזירן: נישט פון דיינע געפילן און נישט פון דיינע געדאַנקען. דו ביסט זיך אָבער סותר אינעם סאַמע יסוד פון דיין דענקען".

יעקב האָט פּראָטעסטירט: „ביין! דו קענסט זאָגן, יצחק, אַז מיין וועלט־אויפ־פאַסונג איז אַ באַגרענעצטע, בלויז אַ סאָציאָלאָגישע. אויף דעם געביט זענען, פאַרשטייט זיך, מעגלעך פאַרשידענע אָנשויונגען".

„זייער ריכטיק", האָט פּערעלע באַמערקט. זי האָט אין דעם אָוונט בכלל זייער אָפט געגעבן רעכט יעקבן. אויך איר מאַן איז היינט נישט געווען אַזוי שטרענג צו זיין פריינד. ווידער האָט ער אַ גלעט־געטאָן זיין פרויס אַקסל: „געוויס, פּערעלע". ער האָט אָנגענומען זיין פריינד ביי אַ האַנט: „איך ווייס, יעקב, אַז דו האָסט מיך קיין מאָל נישט געהאַלטן פאַר אַ טריוויאַלן קעגנער פונעם מאַרקסיזם. איך בין נישט קיין אָפיציעלער סאָציאַליסט; אָבער יושר, סאָציאַלע גערעכטיקייט, באַדייט פאַר מיר דער יסוד פונעם באַגריף מענטשלעכקייט. דו ווייסט עס. אַנדערש וואָלטן מיר דאָך נישט געווען קיין פריינד. די שול, אין וועלכער איך בין לערער, איז

נישט קיין סאָציאַליסטישע; פון דעסטוועגן קריגן די שילער דאָרט די זעלבע, סאָציאַל־עטישע דערציִונג ווי אין די ייִדיש־סאָציאַליסטישע שולן. דאָס זעלבע פּערעלע; זי איז נישט קיין פּאַרטיי־סאָציאַליסטקע. אָבער זי איז זיך פּשוט מוסר־נפש פאַר די אָרעמע, שוואַכע און קראַנקע קינדער אין דער קליניק".

פּערעלע האָט צערטלעך געגלעט די האָר פון איר מאַנס קאָפּ: „ער זאָרגט פאַר די נשמהלעך פון די קינדער, איך פאַר די גופימלעך".

„נאָר לאָמיר אַצינד נישט רעדן וועגן זיך!" האָט דער לערער, אַ קוש־טוענדיק פּערעלעס האַנט אויסגערופן. „ווילסט עפּעס זאָגן, יעקב?" האָט ער פּלוצלינג געפרעגט זיין פריינד.

יעקב האָט זיך מער נישט געקענט באַהערשן און זיך רויטלענדיק געפרעגט זיינע פריינד, וואָס ער האָט עטלעכע מאָל זיי שוין לאַנג געוואָלט פרעגן: „פאַר וואָס האָט איר נישט קיין קינד? איר וואָלט דאָך געווען די אידעאַלסטע עלטערן!"

פּערעלען איז דאָס גאַנצע בלוט געקומען אין פּנים אַריין. זי האָט אַראָפּגע־לאָזט די אויגן און צוזאַמענגעפּרעסט די ליפּן, נישט אַרויסצוווייַנען פון טיפן צער. זי האָט זיך באַמיט איינצוהאַלטן די טרערן, אָבער זי האָט נישט געקענט און זיי זענען געראָנען איבער אירע באַקן. נאָך אַ לענגערער שטילקייט האָט איר מאַן געענטפערט יעקבן: „ווי קענען מיר זיך דערלויבן צו האָבן אַ קינד, אַז מיר מוזן ביידע אַרבעטן און אַפילו דאָס וואָס מיר פאַרדינען ביידע וואָלט נישט געווען גענוג ווען מיר האָבן אַ קינד. דאָס איז בלויז איין מאָטיוו, דער ווייניק־וויכטיקער. דער וויכטיקסטער איז: ווי קענען מיר — און ווי מעגן מיר — ברענגען אַ קינד אויף דער וועלט, אַז אייראָפּע גרייט זיך שוין ווידער צו אַ מלחמה!" ער האָט באַ־רויִקט און געטרייסט די פרוי: „דו ביסט אַ מאַמע, אַ גרויסע מאַמע פאַר הונדער־טער, הונדערטער אָרעמע, שוואַכע און קראַנקע קינדער".

פּערעלע האָט צוריק אויפגעלויכטן: „יאָ! און דו דערציסט ווי אַ גוטער און געטרייער טאַטע די קינדער אין דער שול".

יעקב האָט שטאַרק חרטה געהאַט, ווייל ער האָט געזען ווי שטאַרק ער האָט מיט זיין פראַגע געטראָפן אויף דער אָנגעווייטיקטסטער וווּנד אין האַרץ פון זיינע פריינד. נאָר פּערעלע און אויך איר מאַן האָבן אים געגומען אויפהייטערן: „לויטער גוטע זאַכן אויפן טיש און זיי שטייען כמעט אומבאַרירט!"

נאָך עטלעכע מינוט האָט דער לערער זיך צוריק אומגעקערט צום געשפּרעך וואָס איז איבערגעריסן געוואָרן: „פאַר דיר, יעקב, איז דער יסוד פאַרן סאָציאַליזם די עקאָנאָמישע באַדינגונגען. ענדערן די לאַגע, כדי דעם סאָציאַליזם צו דערגרייכן קען מען נאָר דורך רעוואָלוציע, ביי וועלכער דער פּראָלעטאַריאַט וועט איבערנע־מען די מאַכט. דאָך גלייבסטו — דו ביסט אַפילו איבערצייגט — אַז דאָס, וואָס טרייבט די מענטשהייט צו רעוואָלט, איז נישט די טרויעריק־עקאָנאָמישע לאַגע, נאָר דאָס שטרעבן צו גערעכטיקייט. דעריין בין איך פולשטענדיק מסכים מיט דיר. דער באַווייז, אַז נישט די עקאָנאָמישע באַדינגונגען זענען די טרייבקראַפט צום סאָציאַליזם, נאָר דאָס שטרעבן צו גערעכטיקייט, איז דאָס, וואָס די מייסטע פריידיקער פונעם סאָציאַליזם זענען תמיד געקומען, נישט פון די אָרעמע, נאָר גאָר פון די פאַרמעגלעכע און אויך רייכע. דו אַליין, יעקב, האָסט דעם דאָזיקן באַווייז געבראַנגט אין דיינע רעדעס אין אונדזער שטאָט! געדענקסטו דאָס?"

יעקב האָט מודה געווען און צוגעגעבן: „איך האַלט מיך נאָך היינט דערביי".

דער לערער האָט אַרומגעכאַפּט זיין פריינד און אים שטאַרק צוגעדריקט צו דער ברוסט. דאַן האָט ער אים דערציילט: „מ'רעדט צווישן די קאָמוניסטן וועגן דיר, אַז דו ביסט אַ מאָדנער מענטש, מ'קען דיך נישט פאַרשטיין. אַ סך פון דיינע חברים האָבן צו דיר נישט קיין צוטרוי; דו ביסט פאַר זיי גאָר קיין מאַרקסיסט נישט, אַ לעניניסט אַוודאי און אַוודאי נישט".

יעקב האָט זיך געחידושט: „פון וואַנען ווייסטו דאָס?"

„וואַרשע איז אַ קליין שטעטל, באַזונדערס דאָס יידישע פערטל"...

יעקב האָט געשמייכלט. אויך פערעלע האָט געשמייכלט.

דער לערער האָט טריומפירט: „אָט דאָ ליגט דיין ווידערשפּרוך, מיין פריינד, אינעם סאַמע עיקר! און שולדיק דערין איז די גייסטיקע ירושה וואָס דו האָסט איבערגענומען פון דיין טאַטן ע"ה, אונדזער יידישע לערע, וועלכע דו האָסט אין דיר איינגעזאַפּט, אונדזער גלייבן אין גערעכטיקייט. פּראָסט און פשוט. באַוווּסט אָדער אומבאַוווּסט לעבט אין דיר דער גייסט פון אונדזערע יידישע נביאים. דיין נשמה איז אויפגעשטורעמט קעגן אומגערעכטיקייט. דיין קאַמף איז פאַר גערעכטיקייט. דאָס טראַגישע ביי דיר אָבער איז, וואָס זייענדיק אין גרונט פון דיין נשמה דורכויס עטיש און די עטיק איז דער גרונטמאָטיוו פון דיין קאַמף, ביסטו פאַר רעוואָלוציע! אין נאָמען פון גערעכטיקייט באַרעכטיקסטו צו פאַרגיסן מענטשלעך בלוט און אין נאָמען פון קאַמף פאַר פרייהייט — די פרייהייט פולשטענדיק צו אונטערדריקן!"

יעקב איז אויפגעשפּרונגען און פון ווייטיק אויסגעשריגן: „זאָג דאָס נישט! דאָס איז נישט אמת! רעוואָלוציע איז בלויז אַן אָפּעראַציע אויפן קראַנקן סאָציאַלן קערפּער! דאָס פריידיקן גערעכטיקייט האָט ביז איצט געהאָלפן פונקט אַזוי פיל ווי תהילים קעגן אַ קראַנקייט, וועלכע קען געהיילט ווערן נאָר דורכן כירורג. איך ווייס אַז דער פאַרגלייך איז באַנאַל און אויסגעדראָשן, איך אַליין האָב אים שוין עטלעכע מאָל געבראַכט; איך ווייס אָבער נישט קיין אַנדערן. און וועגן דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט — אַך, איך וויל דעריבער נישט מער רעדן, ס'האָט קיין צוועק נישט".

„יעקב"... דער לערער האָט זיך באַמיט צו באַרויקן זיין פריינד: „איך ווייס, אַז אין דעם פונקט קענען מיר זיך נישט פאַרשטיין. מיר וואָלטן אפשר באַדאַרפט אויפהערן רעדן דעריבער. אָבער מיר קענען נישט. ווען ס'קומט צו דער טעמע רעוואָלוציע פאַרשטייען מיר זיך נישט. מיר זענען צוויי פאַרשידענע טעמפּעראַמענטן. מעגלעך אַז דו פילסט די אומגערעכטיקייט טיפער, דער שמערץ, וואָס זי פאַרשאַפט דיר איז אפשר שאַרפער און דעריבער... פון שרעקלעכן ווייטיק און פאַרצווייפלונג זעסטו קיין אַנדערן אויסוועג נישט. דעריבער פאַרגלייכסטו יעדעס מאָל רעוואָלוציע צו אַן אָפּעראַציע. איך בין נישט קיין דאָקטער. אָבער איך ווייס, אַז אַ סך דאָקטוירים האַלטן נישט פון כירורגיע. נאָר ווי די זאַך זאָל נישט זיין: די אומגערעכטיקייט אַנטשטייט נישט פון עפּעס מחוץ דעם מענטש, נאָר פון עפּעס וואָס איז אינעם מענטש, וואָס לעבט אין אים. אָט דעם „עפּעס" קען מען נישט אויסשניידן. און דאָ איז עס אין יעדן מענטש, אין איינעם מער און אין אַנדערן ווייניקער, אין איינעם איז עס שוואַכער און אינעם אַנדערן שטאַרקער. אָנגענומען

אַז אין אַ רעוואָלוציע דערהרגעט מען אַלע קאַפּיטאַליסטן און אַלע רעאַקציאָנערן; דאָך וועלן דאַן נאָך בלייבן גענוג, אין וועלכע דער „עפּעס“ וועט זיין פּונקט אַזוי שטאַרק (און אפשר נאָך שטאַרקער) ווי אין די, וועלכע מ׳האָט אומגעברענגט. די רעוואָלוציאָנערן“...

„גוט־שבת!“

„ר׳ איסר!... גוט־שבת!“... אַלע דריי זענען געווען פאַרוואונדערט. ווי אַזוי איז ער אַריינגעקומען?

דער פּרוש האָט זיך פאַרענטפערט: „כ׳האָב געקלאַפּט, אָבער ס׳האָט מיר קיינער נישט געענטפערט. געטראַכט: ס׳איז דאָך נישט אַזוי שפּעט. בין נאָכן עסן געגאַנגען אין שטיבל אַריין און געוואָלט אַ ביסל אַריינקוקן אינעם „אָר״י הקדוש“, אָדער אינעם „קדושת לוי“, צי אין אַן אַנדער ספר. מיט ספרים איז מע קיין מאָל נישט פאַרטיק. אין נגלה איז אַ סך נסתר און אין נסתר ווערט אַלע מאָל עפּעס נתגלה, אַלע מאָל אויף ס׳ניי, ווידער און ווידער; נאָר מע מוז זוכה־זיין, דער רעיון מוז זיין קלאָר. נישט תמיד אָבער... איז גלייכער אַז מע פאַרמאַכט צוריק ס׳ספר. נו, איז מיר איינגעפאַלן: מיך אַרויפכאַפּן צו מרדכין אַ ביסל שמועסן. אָט ווי דו, יעקב; דו ביסט דאָך אַהערגעקומען אוודאי אויך אַ ביסל צו שמועסן“. ער האָט זיך געווענדט צו פערעלען: „דער טאַטע איז דאָך געוויס נאָך אויף?“

„אוודאי, ר׳ איסר!“ זי האָט פאַר אים געעפנט די טיר אין דער שטוב אַריין.

דער לערער האָט ווייטער גערעדט און געענדיקט דערמיט: „דעם „עפּעס“: חשק צו פאַרמעגן, אָדער צו כבוד, צו מאַכט — אָפּט צו די אַלע דריי זאַכן — קען מען נישט אַרויסשניידן און נישט טויטן. ס׳איז דער יצר־הרע און אָן אים וואָלט דער מענטש געווען נישט מער ווי אַ קייענדיק באַשעפעניש אויף צווי פיס. דער יצר־הרע וואָלט דאַן געווען אַ גרויסער לעקיש. איז נישטאָ קיין אַנדערער וועג, נאָר דעם גייסט צו לאָזן פירן דעם קאַמף פאַר יושר און אמת, דעם קאַמף, וועלכער דויערט שוין טויזנטער יאָרן און וועט דויערן אַזוי לאַנג ווי דער מענטש וועט לעבן. דער „עפּעס“, אָדער דער יצר־הרע, וועט אָבער אין זיין אייביק־בלינדער קראַפט טאָן אַלץ ווייניקער און ווייניקער שאָדן, ווייל דער גייסט וועט די באַדינגונגען פאַרן מענטש ענדערן אַלץ מער און מער צום גוטן. די אומגע־רעכטיקייטן אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט וועלן אַזוי־ערנאָך ווערן אַלץ קלע־נער און קלענער“.

פערעלע, אַן אומגעדולדיקע איצט, האָט אויפגעפאָדערט: „איצט מוזן מיר אָבער שוין אַריינגיין דאָרט! ר׳ איסר איז דאָ. זאָל זיין אַז ער איז געקומען בלויז צום טאַטן. פון דעסטוועגן... כ׳וועל געבן טיי, מכבד זיין דעם גאַסט. איך האָב ר׳ איסרן זייער גערן: ער איז אַזוי פרום און אַזוי מענטשלעך!“

„אַ מערקווירדיקער מענטש!“ האָט דער לערער אויסגערופן באַגייסטערט. אַן אייגנאַרטיקער גרויסער דענקער! זייער פרום, און דאָך פריי אין זיין דענקען!“

יעקבן איז אויסגעקומען אַז ער איז איצט איבעריק און אויסגעשטרעקט די האַנט: „כ׳וועל גיין“.

„ניין!“ פערעלע האָט יעקבן געצויגן ביי דער האַנט וועלכע ער האָט איר אויסגעשטרעקט: „דער טאַטעשי וועט זיין באַליידיקט אַז איר וועט אַוועקגיין נישט האָבנדיק געווען ביי אים! ער שמועסט גאַנץ גערן מיט אייך, נישט בלויז ווייל

איר זענט ר׳ שאול סופרס אַ זון, נאָר ווייל איר אַליין געפעלט אים, איר זענט אים תמיד געפעלן; אַזוי האָט דער טאַטעשי אַליין מיר געזאָגט!״

5

ר׳ מרדכי האָט איבערגעריסן זיין שמועס מיטן פרוש און איז אַן אויפגעהייטערט פריינדלעכן טאָן געענטפערט יעקבן אויפן גוט־שבת. ער האָט אים גענומען אויספרעגן ווי ס׳גייט אים, דער פרוי און דעם קינד, וואָס סע מאַכט די מאַמע, וואָס טוען די ברידער — ר׳האָט אים געפרעגט וועגן אַלץ, נאָר נישט וועגן פרנסה; דאָס האָט פאַר ר׳ מרדכין אויפגעהערט צו עקסיסטירן. יעקב האָט ר׳ מרדכין דערציילט אַז דער ראָש הישיבה האָט געשריבן אַ לויב־בריוו וועגן מאירלען. דער אַלטער האָט זיך צוריקגעלענט אין דעם ווייכן באַקוועמען שטול, צעלייגט די ווייסע באָרד איבער דער גאַנצער ברייט פון דער ברוסט, מער אַרויפגעשאַרצט די לאַנגע ברעמען וואָס האָבן זיך כסדר אַראָפּגעלאָזט איבער די אויגן און זיך גענומען דערמאָנען: „דער ייִנגסטער? אַזוי... ער וועט אפשר נאָך ווערן אַ רב... שאול, ז״ל, וועט זיך פרייען: איינער כאָטש וועט גיין אין זיין וועג״...

נאָר יעקב האָט אין ר׳ מרדכיס רייד אַרויסגעהערט חוזק; דער אַלטער גלייבט אַוודאי נישט. ר׳ איסר האָט ווי פאַר זיך איבערגעחזרט דאָס וואָרט „וועג״ און געזאָגט: „דאָס פאַרבאָרגנסטע איז דער וועג... דער דרך... אפשר איז גאָר דיינער, יעקב, דער ריכטיקער״...

ר׳ מרדכי האָט געלאַכט: „דו זאָגסט אויך שוין אַ מאָל אַ הלצהלע, איסר?״...

„ביין, מרדכי, כ׳האָב עס נישט געמיינט בדרך הלצה״.

דער אַמאָליקער רייכער פאַבריקאַנט האָט זיך ווידער אַ שאָר אַוועק געטאָן די ברעמען: „דער וועג פון אַן אַפּיקורס, פון אַ שטרייקער?! כ׳געדענק עס נאָך גוט. אין 1905 האָט מע אָפּגעשטעלט די פאַבריק ביי מיר, ווי ביי אַלע דעמאָלט. ס׳זענען געקומען צו מיר צוויי פאַרשווינדלעך: „אַ דעלעגאַציע פון די אַרבעטער!״ „גוט״, ענטפער איך, „אַ דעלעגאַציע, שמעלעגאַציע, מה בקשתכם, וואָס איז אייער פאַרלאַנג?״ דער ראָש המדברים האָט גענומען אויסרעכענען אַ גאַנצן צעטל: הוספות פאַר די אַרבעטער, ווייניקער אַרבעט און נאָך און נאָך. דאָס איז געווען דעמאָלט מיט אַ צוואַנציק יאָר צוריק. איצט ווילן די שטרייקערס אַז די פאַבריקן זאָלן געהערן צו זיי, אויך די בענק, די געשעפטן — אַלץ! די חברה וויל איצט מער עולם הזה, בלויז עולם הזה! און אַראָפּוואַרפן פון זיך עול מלכות וויל די חברה, און עול תורה — דעם עול פון ייִדישקייט! נישטאָ קיין בורא עולם! הפקר! אַלץ איז הפקר! הפקר! דאָס, איסר, איז דער ריכטיקער וועג?״ — — —

דער פרוש האָט געשמייכלט: „איך האָב געזאָגט: אפשר... דאָס מיינט: כ׳ווייס נישט״...

אַ שטילקייט. שטילערהייט האָבן די מייסטע ווייטער געטרונקען זייער טיי. יעקב האָט דערציילט די מעשה מיט דעם „שומר שבתניק״ און דעם אָנגעלויף אין גאַס. צוליב וואָס ער האָט דאָס דערציילט האָט ער נישט געוווסט. ס׳איז אים פלוצלינג איינגעפאַלן. ר׳ מרדכי אָבער האָט אויסגערופן: „מע וואָלט די דאָזיקע

מחלל שבתניקעס בפרהסיא באַדאַרפט קורע כדג זיין, דערהרגענען צום טויט! ס׳קומט זיי סקילה!״

ר׳ איסר איז נשתומם געוואָרן: „מרדכי! — ווי קענסטו אַזעלכעס גאָר זאָגן?״...

„דאָס איז אַ בפירושער דין אין דער תורה!״

דער פּרוש האָט מסכים געווען: „אַוודאי, אַוודאי, מרדכי. די דינים אין דער תורה הקדושה מוזן אָפּגעהיט ווערן. אָבער פאַר עובר זיין אויף אַ דין איז דער עונש נישט מער אַזאַ האַרבער ווי בימים הראשנים. דאָס ווייסטו אַזוי גוט ווי איך. נאָר נישט דאָס איז עס. איך וויל דיר אַצינד עפּעס זאָגן, מרדכי, פאַר וואָס דו ווערסט מיך שוין אפשר טאַקע האַלטן פאַר אַן אַפּיקורס. דו ביסט מיך שוין סיי ווי חושד, אַז כ׳ריזיקיר צו פיל, אַז כ׳לאָז מיך פון די רעיונות פירן צו ווייט, אַז... כ׳בין שוין אפשר גאָר חס־ושלום אין סמאָלס הענט, ימח שמו. וויל עך דיר איצט זאָגן — ווייל ס׳איז גראָד געקומען צו רייד — אַז כ׳האָב טאַקע שוין געטראַכט דעריבער: אויב די אַלע דינים, די עשהס און די לא תעשהס און די מצוות בין אָדם למקום — זענען טאַקע נייטיק?... נאָך מער: אויב הקדוש ברוך הוא וויל זיי גאָר?... ווי איך בין תופס דעם בורא עולם, זיין גרויסקייטן וואָס איז בשום אופן נישט אָפּצומעסטן, דאַרף ער גאָרנישט דעם מענטשס אמונה. שטעל דיר פאָר אַ גרויסן בוימייסטער, אַ גאָר, גאָר גרויסן; וועט ער גיין צו מענטשן און זיי זאָגן, אָדער באַפעלן, אַז זיי זאָלן גלייבן אַז ער איז אַ גרויסער בוימייסטער, אַז ער האָט אויפגעבויט די און די פּאַלאַצן, וואָס אַלע ווייסן אַז ער האָט זיי געבויט? ווייסן זיי — איז גוט. אלא נישט — קענען זיי עס געוווויר ווערן. טוען זיי עס נישט — מיינט דאָס, אַז זייערע אויגן קענען נישט זען די שיינקייט פון די פּאַלאַצן און זיי קענען נישט תופס זיין די גרויסקייט וואָס ס׳שטעקט אין זיי. ממילא קענען זיי אויך נישט משיג זיין די גרויסקייט פונעם בוימייסטער...

„איך, מרדכי, בין גאָרנישט מיט גאָרנישט. אָבער כ׳קען אַ ביסל לערנען און כ׳האָב אויך עטלעכע גוטע מידות אין זיך. נו, וואָלטעך געקענט גיין צו מענטשן, אָדער אַפילו בלויז צו מיינע בני־עיר, און זיי זאָגן: צ׳זאָלט וויסן, אַז איך, איסר, קען לערנען און האָב גוטע מידות? — צ׳מוזט מיר דאָס גלייבן!... צ׳מוזט אויך לויבן מיך (לפי מיין גרויסקייט) און טאָן דאָס און דאָס!... אויב נישט — וועלעך ענק שטראָפן מיט אַזעלכע און אַזעלכע מינים שטראָפן!... נו, זאָג דו אַליין, מרדכי... מכל שכן ער, ברוך הוא וברך שמו, דער בורא כל העולמות, דער גדול ונורא, דער בורא דעלמא כולא! — — — דאָס, וואָס ער וויל פונעם מענטש, פונעם בחיר היצירה, איז: אַז ער זאָל אים אין זיינע מעשים דערקענען, דערקענען אין זיינע ווונדערלעכע, גרויסע מעשים. ער האָט דעם מענטש געגעבן אויגן, מוח — ער זאָל מסוגל זיין צו זען און משיג צו זיין. דערמיט האָט דער אָב הרחמים אין זין געהאַט בלויז דעם מענטשס טובה, און נישט ווייל ער וויל אַז דער מענטש זאָל אים פאַרכטן און זיך בוקן צו אים. דורכן פאָרשן פון גאָטס מעשים, זיינע סודות, די נסים ונפלאות בכל דבר גדול וקטן — דאַדורך אַליין שוין קומט דער מענטש אַלץ נעענטער צו אים, צו זיין גרויסקייט... דער מענטש הייבט דאַן אָן נהנה זיין אַלץ מער און מער מזיוו השכינה... דאַביי עפענען זיך אים אַלץ מער די אויגן, ער נעמט קוקן נאָך טיפער, אַלץ טיפער און טיפער אין דער יצירה, ער הייבט אָן דערקענען ווי געוואַלטיק גרויס ס׳איז די קלענסטע קלייני־

קייט, ס׳אַראַ חכמה, ס׳אַראַ עמקות ס׳שטעקט אין יעדן גרעזעלע, אַפּילו שטויבעלע. דעמאָלט דערזעט מע זיין גרויסקייט, זיין הערלעכקייט. דאַבײַ דערפילט מע ווי קליין, ווי גאָרנישט מע איז אַליין. מע קען דעמאָלט שוין גאָרנישט טאָן וואָס איז קעגן אים, וואָס איז שלעכט און וואָס איז מיאוס. פון דער אַנדערער זייט ווידער ווייסט מען, אַז מע געהערט אַליין אויך צו זיין שאַפונג, אַז מע איז גאָר דאָס אויס־דערוויילטסטע, דאָס העכסטע פון זיין יצירה, אַז מע איז געשאַפן בצלמו ובדמותו!... ווי ווערט דעמאָלט פול דאָס האַרץ מיט ציטער פון ליבשאַפט און דאַנקבאַרקייט צום בורא!... לויבן, נאָר לויבן וויל מע אים, זינגען שבחים צו אים, זינגען, נישט אויפהערן צו זינגען: יה רבון עלם ועלמיא״...

אַלע האָבן פּלוצלינג גענומען זינגען. יעקב האָט געזונגען מיט התלהבות ווי אַמאָל ווען ר׳איז נאָך געווען אַ קליין יינגל און איז מיטן פאָטער מיטגעגאַנגען צו ר׳ מרדכיס טיש. נאָכן זינגען האָט דער פּרוש נאָך ווייטער גערעדט: „זעסטו, מרדכי! די דינים בין אָדם לחברו מוזן זיין! דער מענטש מוז מקיים זיין אַלע מצוות — און נאָך מער מצוות — וואָס זענען נייטיק אויף נישט צו טאָן קיין שלעכטס דעם אַנדערן. יעדער מענטש זאָל טאָן בלויז מעשים טובים אויף צו העלפן זיין חבר. ואהבת לרעך כמוך. דאָס וויל דער רבונו של עולם, דאָס פאַרלאַנגט ער פון עם מענטש. און גערעכטיקייט, גערעכטיקייט צווישן די מענטשן מוז הערשן! ס׳מוז! ווייל גערעכטיקייט איז די מידה פון קדוש ברוך הוא. ער איז אָן אָב הרחמים, אָבער אויך אָן אל צדק! זיין וואָרט צום נביא איז שטענדיק געווען וועגן גערעכ־טיקייט, וועגן גערעכטיקייט און גערעכטיקייט, ווידער און ווידער גערעכטיקייט! גאָט פאַרמאָגט נישט קיין אומגערעכטיקייט! וועלטן ווערן חרוב פון אומגערעכ־טיקייט!״ פּלוצלינג האָט ער אויפגעהערט, איז אויפגעשטאַנען און געזאָגט: „אַ גוטן־שבת!״ ער איז אַוועקגעגאַנגען. אויך יעקב איז אַוועקגעגאַנגען.

## קאַפּיטל דרייסיק

# אַ שפּיאָן ווערט געמישפּט

1

ווען יעקב איז אַהיימגעקומען איז אין קיך און אין דער שטוב שוין געווען פינצטער. ראַבע און דודל זענען שוין געשלאָפן.

ביים אויסטאָן זיך האָט זיך יעקב דערמאָנט ווי פערעלע האָט זיינע הענט געהאַלטן אין אירע. ער האָט זיי געכאַפּט צו די ליפּן און זיי געקושט. אין שטור־מישער ליידנשאַפט האָט ער אין זיי אַריינגעלייגט זיין פּנים, געדריקט די הענט צו זיין ברוסט, זיך אַרומגענומען און אומאַרעמט מיט זיי, ווי זיי וואָלטן געווען נישט זיינע, נאָר פערעלעס הענט. ער האָט כמעט געוויינט פון גליקזעליקייט, געזען פאַר זיך פערעלען ווי ס׳וואָלט געווען העלער טאָג. אין דער פינצטערניש — דאָס פענצטער איז געווען פאַרהאַנגען און פון דרויסן האָט קיין שום שיין

נישט געקענט אַריינקומען — האָט אים פּערעלעס פּנים געלויכטן ווי ס׳וואָלט געווען די זון. ער האָט געקוקט אין אירע אויגן און טרערן פון גליק זענען גערונען איבער זיינע באַקן.

און פּלוצלינג האָט יעקב אַ צאַפּל געטאָן: ער האָט זיך אַרויסגעריסן פון דאָזיקן פאַנטאַזירן ווי פון ערגסטן פאַרברעך ביי וועלכן ער האָט זיך געכאַפּט. מיט אַלע כוחות האָט ער זיך גענומען דערמאָנען אין די אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען פון זיין פריינד לערמאַן און פון ר׳ איסרן. זיי האָבן אָנגעהויבן אַרויסשווימען אין זיין זכרון, אָבער שווער, פאַמעלעך. אין בעט האָט ער נאָכגעטראַכט איבערן לערערס לעצטע געדאַנקען און געפילט אַז ס׳איז אים שווער קעגן זיי צו אַרגומענטירן, און אַז עפּעס איז אין זיי דאָ אַן ענלעכקייט צו דעם, וואָס דער פאָטער האָט אים געזאָגט אין יענעם שבת פאַרן טויט (וואָס איז געווען ווי אַ צוואה און זי גיט אים נישט קיין רו). נו, האָט ער דייטלעך און קלאָר זיך גענומען דערמאָנען אַלץ פון יענעם שבת און וואָס דער פאָטער האָט אים פאַרן שטאַרבן אָנגעזאָגט. נאָך דעם, ווי ער האָט אין „פאַוויאַק" באַשלאָסן אַריינצוטרעטן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, האָט דעם טאַטנס צוואה אָנגעהויבן צו ווערן אַלץ מטושטשער אין זיין זכרון. אַצינד אָבער הערט ער ממש דעם טאַטנס קול, הערט ווי ער זאָגט נאָכן עסן אַז אַלע זאָלן אַרויסגיין פון שטוב, אַז מ׳זאָל אים לאָזן אַליין מיט יעקבן. די מאַמע איז אַרויסגעגאַנגען מיט מאירלען און בנימינען. דאַן האָט דער טאַטע, שוין אַ שטאַרבנדיקער, אָנגעהויבן מיט די דאָזיקע ווערטער: „מיין געדאַנק איז איצט זייער קלאָר, ווי בעת ס׳ווערן נתגלה גרויסע סודות התורה".

יעקב האָט גענומען ציטערן אין בעט. ער האָט דערזען פאַר זיך דעם פאָטערס ווייס פּנים, די שוואַרצע באָרד. די אויגן — גרויסע, מיט קלאָרן בליק אין זיי — קוקן רויִקע אויף אים. און ער הערט: „געדענק מיין זון"...

ס׳האָט שוין געגרויט ווען יעקב איז איינגעשלאָפן. ווען ער איז אויפגעשטאַנען האָט ער ביים וואַשן זיך מיט קאַלט וואַסער געפילט, אַז אין אים איז פאַרגעקומען עפּעס אַן ענדערונג. נאָר פאַר ראַבען איז ער געווען דער זעלבער ווי תמיד. דודל אָבער האָט יאָ געפילט, אַז זיין טאַטע איז דעם שבת נישט אַזוי ווי ער איז געווען פאַראַכטאָגן: ער שפּילט מיט אים נישט ווי אין יענעם שבת אינדערפרי, ער ענטפערט אים נישט אויף זיינע פראַגעס, ער איז אומגעדולדיק און צעטראָגן און פרעגט אים יעדעס מאָל: „וואָס זאָגסטו, דודל?" ער קוקט אַפילו נישט אויף אים ווי שטענדיק. ביים עסן איז יעקב געזעסן אַ שווייגנדיקער, אַ פאַרטראַכטער. ער האָט זיך נישט געשפּילט מיט דודלען. און פּלוצלינג איז ער אויפגעשפּרונגען: „כ׳מוז דאָך אַוועקגיין!" — — —

## 2

געקומען איז יעקב צו דער זיצונג שטאַרק פאַרשפּעטיקט. מ׳האָט אים אָבער נישט געמאַכט קיין פאַרוואורף, ווייל די חברים זענען שוין געווינט געווען צו זיינע פאַרשפּעטיקונגען. אין אַ געוויסן זין זענען זיי טייל מאָל גאָר געווען צופרידן דערפון, באַזונדערס די חברטע כעליאַ (דעם חבר יוזשעק שטשעלקאָווסקיס פרוי). זי האָט געהאַלטן, אַז דער חבר ליכטענבערג שטערט אָפט ביי אַ זיצונג מער ווי

ער העלפט. צום מינדסטן געדויערט עס לענגער און ער פֿאַרמוטשעט כמעט אַלע מיט זיינע מאָראַלישע איבערלייגונגען און באַטראַכטונגען. דער חברטע כעליאַ און אויך דעם חבר וואַצלאַוו וואָלט עס געווען אַמליבסטן ווען זיי וואָלטן פֿון דעם חבר געקענט פּטור ווערן אין גאַנצן. אָבער די מערהייט האָט אים געוואָלט האָבן אין דער פֿאַרוואַלטונג, אַפֿילו די חברטע אַדאַ, הגם זי איז נישט איין מאָל ביי אַ זיצונג געווען אויסער זיך, כמעט פֿאַרצווייפֿלט און היסטעריש וועגן דעם „הייליקן מיט די מלאָכים־אויגן", ווי זי האָט זיך טייל מאָל אויסגעדריקט וועגן יעקבן. דאָך האָט זי איינגעזען — אפשר אונטער דער ווירקונג פֿון איר מאַן, דעם אַדוואָקאַט וויַיס, וועלכער האָט דעם חבר ליכטענבערג אומגעהייער געשעצט — אַז ער ברענגט דער פֿאַרטיי אַ סך נוצן און טאַקע צוליב זיינע באַזונדערס עטישע פּרינציפּן. יוזשעק ווידער האָט אין וואַרשע זיך צוגעקלעפּט צו זיין בן־עיר נאָך מער ווי ער איז צו אים געווען צוגעקלעפּט אין זייער געבורטסשטאָט. כעליאַן האָט איר מאַנס ליבע צו דעם דאָזיקן יעקבן אָפּט כמעט וואַנזיניק געמאַכט. ווייל טיף אין האַרץ האָט זי אַליין אויך געפֿילט עפּעס אַ באַהאַלטענעם יראת הכבוד צו דעם „בית המדרשניק מיטן מאַלפּע־פּנים און די שעפּסענע אויגן", ווי זי האָט אים גערופֿן אונטער זיינע אויגן.

און אַ סך פֿון די מאַסן האָבן ליב געהאַט דעם חבר ליכטענבערג אַליין נישט ווּיסנדיק פֿאַר וואָס, ווייל אַ גוטער רעדנער, אַז ער זאָל זיי קענען געווינען מיט זיין אָראַטאָרישער קראַפֿט, איז ער נישט געווען. נאָר פּונקט ווי ס'איז אַרומגע־גאַנגען צווישן זיי אַ קלאַנג וועגן אים, אַז ער איז נישט קיין אויסגעהאַלטענער מאַרקסיסט און לגמרי נישט קיין לעניניסט, אַז ער איז עפּעס אַ מאָדנער מענטש און מ'קען אים נישט גאַנץ פֿאַרשטיין, אַזוי איז אויך געווען פֿאַרשפּרייט צווישן זיי וועגן זיין הויך־מאָראַלישער פּערזענלעכקייט.

פֿון זינט אָן דער חבר שטשעלקאָווסקי האָט דורך זיין קוזין באַקומען אַ וווינונג אין די קאָאָפּעראַטיווע הייזער וואָס די פּ.פּ.ס. האָט אויפֿגעבויט פֿאַר אירע מיט־גלידער, זענען געוויסע באַראַטונגען און זיצונגען אָפּגעהאַלטן געוואָרן ביי אים. אין זיין היים זענען די חברים געווען זיכערער ווי אין די צימער פֿון זייער פּאַרטיי, אָבער ביי וועלכן ס'איז אַנדערן חבר. אָפֿיציעל איז די קאָמוניסטישע פּאַרטיי טאַקע געווען לעגאַל, איר פֿרייהייט איז אין דער קאָנסטיטוציע געווען גאַראַנטירט, ווי די פֿרייהייט פֿון אַלע אַנדערע פּאָליטישע אָדער רעליגיעזע באַוועגונגען; פּאַקטיש אָבער איז דער קאָמוניזם פֿאַרפֿאָלגט געוואָרן פֿון דער פּאָליציי, ווי ער וואָלט געווען פֿאַרבאָטן. די כלומרשטע פֿרייהייט האָט דער פּאָליציי בלויז געהאָלפֿן אין איר אַרבעט פֿון פֿאַרפֿאָלגן. די רעוויזיעס אין די קאָמוניסטישע פֿאַראיינען זענען געוואָרן אַ געוויינלעכע זאַך. כמעט ביי יעדער רעוויזיע האָבן די פּאָליציי־באַאַמטע מיטגענומען שיער יעדעס פּיצל געדרוקט אָדער באַשריבן פּאַפּיר. דאָ אָבער, ביים חבר יוזשעק שטשעלקאָווסקי, איז די זיכערקייט געווען כמעט אַ גאַראַנטירטע דורך זיין קוזין דעם אָנגעזעענעם חבר גרעגאָר, פֿאַרוואַלטונגס־מיטגליד פֿון דער פּ.פּ.ס. און פּאָליטישער קאָמיסאַר. אויף וויפֿל דער דאָזיקער קאָמיסאַר האָט געהאַסט און פֿאַרפֿאָלגט די קאָמוניסטן, אויף אַזוי פֿיל האָט ער צערטלעך געליבט זיין פֿעטער דעם קאָמוניסט. און נישט בלויז געליבט האָט ער אים, נאָר אַפֿילו געשיצט. פֿאַר וואָס? צוליב וואָס? דער חבר גרעגאָר האָט זיך דאָס נישט געקענט דערקלערן.

אפשר דערפאַר, ווייל אין יוזשעקן האָט ער געליבט דעם זיידן, דעם גאָרבאַטע סטאָליאַרזש, וועלכן ער האָט פשוט פאַרגעטערט. יוזשעק דאַקעגן האָט דעם דאָזיקן קוזין זיינעם (טיף אין האַרץ) פאַראַכטעט. ער האָט אים דאָס נישט אַרויסגעוויזן. צו טייל חברים האָט ער אַמאָל אין אַ שפּאַסיקן טאָן געזאָגט: „כמעט יעדער העקער האָט זיין שוואַכקייט, באַזונדערס בנוגע דער פאַמיליע, אַפילו צו ווייטע קרובים; דאָ ווערן זייערע געפילן פון ליבע און איבערגעגעבנקייט אויסערגעוויינלעך. איז פאַר אַ קאָמוניסט גוט צו האָבן אַ חבר גרעגאָר פאַר אַ קוזין"...

3

ווען יעקב איז געקומען זענען אַלע חברים שוין געווען. די זיצונג האָט זיך אָבער נאָך נישט געהאַט אָנגעהויבן, ווייל מ'האָט געוואַרט אויפן חבר אַדאַם ווײַס. בלויז ער האָט נאָך געפעלט. נאָר אַזוי ווי די היינטיקע זיצונג איז געווען געווידמעט דעם מישפט איבערן שפּיאָן דוד סאָראַקע, האָט דער חבר באַריס, דער פאָרזיצער, געוואָלט אַז ס'זאָל זיין דערביי דער אַדוואָקאַט, דער חבר ווײַס. ער איז אָבער נאָך געווען אין דער קאַנצעלאַריע. זיין פרוי, די חברטע אַדאַ, איז יאָ שוין געווען. זי האָט געהאַט גענוג צייט. האָט זי דערווייל געשמועסט מיט דער חברטע כעליאַ. ביידע זענען געווען זייער נאָענט איינע מיט דער אַנדערער. כעליאַ האָט דערגרייכט די צווייטע בליונג, אָדער די ערשטע (אַלס יונגע פרוי), אויב מ'רעכנט נישט די מיידלערישע בליונג. די שטאַרקע ליידנשאַפטלעכקייט און דער הייסער, שנעל אויפברויזנדיקער טעמפּעראַמענט האָט איר פּנים — וואָס איז נישט מער געווען אַזוי מאָגער ווי אַמאָל, אָבער אויך נישט דיק — צוגעגעבן יענע אינטערעסאַנטע שיינקייט, וועלכע רופט אַרויס דעם מאַנס באַוווּנדערונג און רייצט זיין בייגעריקייט. איר מאַן (דער באַלעבאָס) איז נאָך געווען ביי דער אַרבעט. ער האָט אָבער באַ־דאַרפט באַלד קומען: מוליאַרעס האָבן שבת געאַרבעט בלויז אַ האַלבן טאָג.

די חברים האָבן דערווייל גערעדט צווישן זיך וועגן די שטרייקן, וואָס האָבן אין געוויסע אינדוסטריעס נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן און וועגן די שטרייקן, וואָס האָבן אָקערשט געהאַט אויסגעבראָכן און וועגן אַזעלכע, וואָס האָבן ערשט געהאַלטן אין אויסברעכן. נישט געקוקט דערויף, וואָס די מייסטע שטרייקן האָבן נישט געהאַט קיין אויסזיכטן געווינען צו ווערן און אין טייל בראַנזשעס האָבן די אַרבעטער געקענט דערוואַרטן אַ לאָקאַוט, ווייל דער עקאָנאָמישער קריזיס אינעם לאַנד איז געווען אַ קאַטאַסטראָפאַלער, באַזונדערס ביי די יידישע פאַבריקאַנטן און אונטער־נעמערס — אין דער לייכטער אינדוסטריע — האָבן זיך פון דעסטוועגן די שטרייקן געהאַלטן אין איין אויסברייטערן און פאַרשפּרייטן. גערעדט האָבן איצט די חברים אויך וועגן זייער באַשלוס צו פייערן דעם ערשטן מאַי, נישט געקוקט אויף די קרבנות וואָס די פּאַרטיי האָט דערביי יעדעס יאָר.

„זייער טעראָר וועט אונדז נישט אָפּשטעלן! ער וועט, אַדרבא, שטאַרקן אונדזער רעוואָלוציאָנערן גייסט!" דאָס האָט מיט פעסטקייט אין טאָן געזאָגט דער חבר לעזי פרידמאַן. עטלעכע מינוט האָט דאַן געהערשט אַ ווייטיקלעכע שטילקייט. די קעפּ ביי אַלע אין פיעטעט געזונקען, ווי זיי וואָלטן אַצינד, אַ קנאַפּ יאָר נאָך דער הריגה,

געשטאַנען פאַר די קברים פון זייערע טייערע חברים וואָס זענען געפאַלן ווי העלדן ביי דער פּאַראַיאַריקער מאַי־דעמאָנסטראַציע.

ווען די חברים האָבן ווידער אָנגעהויבן שמועסן צווישן זיך, האָט דער חבר פרידמאַן גענומען רעדן וועגן דעם סקאַנדאַל שבת אין גאַס, ווייל אַ יונגערמאַן האָט געראויכערט אַ פּאַפּיראָס און אַ „שומרניק" האָט אים אַ פּאַטש־געטאָן.

„איך בין געווען דערביי!" האָט יעקב אויסגערופן.

„מיר מוזן דעם קאַמף מיט דער אָרטאָדאָקסיע, דעם קאַמף קעגן דער רעליגיע פאַרשטאַרקן!" האָט דער חבר וואַצלאַוו זיך געקאָכט. „נישט בלויז מיט וואָרט, מיט פּראָפּאַגאַנדע, נאָר פיזיש מוזן מיר קעמפן! אַריינרייסן זיך אין די בתי־מדרשים, אין די שילן, אין די חסידישע שטיבלעך און דאָרט"...

„ווי זיי קעמפן קעגן אונדז!" האָט די חברטע כעליאַ זיך אָנגעצונדן. אירע דאַרע לאַנגע פינגער — זיי זענען געבליבן ווי זיי זענען געווען, הגם זי איז אין קערפּער פולער געוואָרן — האָבן געציטערט, ווי אַמאָל ווען זי פלעגט זיך אויפרעגן אין קאַמף מיטן פאָטער. די זעלבע גרינע פייערלעך אין די אויגן, ווי ביי אַ ווילדער קאַץ. יעקב, דאַקעגן האָט ווי שטענדיק, ווען ס'איז געקומען צו רייד וועגן קאַמף קעגן רעליגיע, זיך געהאַלטן ביי זיין מיינונג, אַז מ'זאָל דעם קאַמף אויפגעבן. ער האָט געטענהט: „אויב אַ פרומאַק, אַ פאַנאַטיקער, גרייפט ווען אַן, זאָל מען נאַ־טירלעך נישט פאַרשווייגן; אָבער קעמפן קעגן רעליגיע — דאָס איז נישט בלויז פאַנאַטיזם אויף דער לינקער זייט און קעגן פּרינציפּ פון פרייהייט, נאָר קאַמף קעגן יענע גרויסע קעמפער פון אונדזער סאָציאַליסטישער אידייע — די נביאים. יאָ, איך בלייב ווייטער דערביי — און וועל די דאָזיקע איבערצייגונג מיינע שוין נישט אויפגעבן — אַז מיר זענען אַ המשך פון אונדזערע נביאים. מיר פירן זייער קאַמף קעגן דער אומגערעכטיקייט ווייטער. איך בלייב ווייטער ביי מיין מיינונג, אַז דער קאַמף קעגן רעליגיע איז דער גרעסטער פעלער פונעם מאַרקסיזם. מיר וואָלטן אונדזער קאַמף געפירט מיט אַ גרעסערן דערפאָלג און וואָלטן אים שנעלער געווינען — איינשפּאָרנדיק דערביי אַ סך קרבנות — ווען מיר וואָלטן זיך געווענדט צו די רעליגיעזע געפילן פון די מאַסן. זיי אַליין וואָלטן דאַן אַ סוף געמאַכט צו דער צביעות פון דער קירכע".

כמעט אַלעמען איז אויפגעפאַלן, אַז דער חבר ליכטענבערג איז אין זיין פאַר־טיידיקן רעליגיע (זיי האָבן דעם חילוק וואָס ער האָט געמאַכט צווישן רעליגיע און רעליגיאָזיטעט נישט אָנגענומען) אַצינד געווען גאָר באַזונדערס ליידנשאַפטלעך און זיך געחידושט דעריבער. ס'האָט אים אָבער קיינער גאָרנישט געזאָגט, נישט געוואָלט זיך ווידער אַריינלאָזן אין אַ דיסקוסיע, ווייל ס'האָט קיין מאָל נישט גע־פירט צו קיין טאָלק. ס'האָט די חברים נישט מער געאַרט זיין מיינונג וועגן דאָזיקן ענין און עפנטלעך האָט ער סיי ווי נישט געטאָרט דערפון רעדן. ס'איז אַנטשטאַנען אַ פיינלעכע שטימונג. אָבער זי איז באַלד איבערגעריסן געוואָרן. דער אַדוואָקאַט חבר ווײַס איז געקומען. ער האָט זיך אַנטשולדיקט וועגן זיין פאַרשפּעטיקונג און דערציילט די נייעס פון די נאָר וואָס דערשינענע מיטאָג־צייטונגען: „די טעראָריס־טישע באַנדע האָט ווידער דורכגעפירט אַן אַטענטאַט. זייער קרבן איז אַצינד געווען אַ דירעקטאָר פון אַ תפיסה, — דער באַרימטער זאַכאַ, — וווּ מ'האָט אויף אַ באַזונ־דערס גרויזאַמען אופן געפייניקט די פּאָליטישע אַרעסטאַנטן. דאָס מאָל זענען

אַרעסטירט געוואָרן דריי פּערזאָן: אַהרן מיקנשלעגער, דינה גרינצווייג און אוי־געניוש סטראָנסקי, אַ לערער פון פּסיכאָלאָגיע".
אַלע, חוץ יעקבן, האָבן דערפרייטע אויסגערופן: „גוט!" דער חבר באָריס האָט נאָך מוסיף געווען: „גוט וואָס דער דאָזיקער בלוט־הונט איז מער נישטאָ, און אויך וואָס מ׳האָט דאָס מאָל געפּאַקט דעם ראש פון דער באַנדע טעראָריסטן".
יעקב איז בלאַס געוואָרן. ער האָט געזאָגט, אַז אַהרן און דינה זענען פון דער זעלבער שטאָט פון וואַנען ער איז, אַז דער אַהרן איז געווען זיינס אַ פריינד און מיט דער דינהטשען האָט ער זיך גוט געקענט. אָבער ער האָט נישט דערציילט אַז ער איז ערשט פאַר קורצן געווען ביי זיי. און זיך ווענדנדיק צו דער באַלעבאָסטע: „איר, חברטע כעליאַ, האָט זיי דאָך אויך געקענט, זיי זענען דאָך אייערע בני־עיר פונקט ווי מיינע".
פאַניע בערנפעלס טאָכטער האָט געענטפערט: „איך קען מיך נישט מער דערמאָנען וועגן זיי".
דער אַדוואָקאַט האָט זיך אַוועקגעשטעלט לעבן דער שטול אויף וועלכן זיין פרוי איז געזעסן. אַ פאַרליבטער האָט ער געלייגט זיין רעכטע האַנט אויף איר שמאָלן נאַקן. זיינע פינגער האָבן זיך צערטלעך געשפּילט מיט די וואַרעמע, קורצע, אָבער געדיכטע פּאַטלעס שוואַרצע האָר. זי האָט אין אירע ביידע קליינע הענטלעך געהאַלטן זיין לינקע האַנט, זי צוגעלייגט דאָ צו איינער און דאָ צו דער צווייטער באַק און זי צוגעטראָגן צו אירע ליפּן.
דער חבר באָריס האָט אַראָפּגענומען זיינע גרויסע ברילן פון דער שמאָלער שאַרפביינערדיקער נאָז, אויסגעפּוצט מיט גרויס כוונה די גלעזלעך און נאָכן אָנטאָן צוריק די ברילן פייערלעך געמעלדעט: „מיר טרעטן, אַלזאָ, צו צום מישפּט איבער דעם שפּיאָן דוד סאַראָקע!"
ס׳זענען אויסגעקליבן געוואָרן דריי ריכטער: דער חבר וואַצלאַוו, די חברטע אַדאַ און דער אַדוואָקאַט חבר ווײַס אַלס פאָרזיצער. דער חבר באָריס האָט באַדאַרפט אַרויסטרעטן אַלס דער באַשולדיקטער און דער חבר ליכטענבערג אַלס פאַרטיידי־קער. די חברטע כעליאַ און דער חבר פרידמאַן זענען געווען די עדות. יעדער האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ. די עדות זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן. יעקב האָט צוגעמאַכט די טיר.

4

נאָך דעם ווי דער פאָרזיצער האָט אויף אַ שטרענג־יוריסטישן אופן דורכ־געפירט די גאַנצע פּראָצעדור: פאַרגעלייענט די באַשולדיקונג, אַריינגערופן די עדות און ביי זיי גענומען אַ חבריש ערנוואָרט, וואָס איז געווען ווי אַ שבועה, אַז זיי וועלן זאָגן דעם אמת, און דאַן איינציקווייז זיי אויסגעפרעגט וואָס זיי ווייסן; זיי געשטעלט פראַגן, געלאָזט די אַנדערע צוויי ריכטער זיי שטעלן פראַגן, אויך דעם באַשול־דיקער און דעם פאַרטיידיקער, און נאָך דעם זענען די עדות גענומען געוואָרן אויף אַ קרייצפאַרהער — נאָך דער גאַנצער צערעמאָניע, וועלכע איז אַזיך אַ מאָ־מענט איבערגעריסן געוואָרן דורכן חבר שטשעלקאָווסקי, ווייל ער איז גראָד אַהיימ־געקומען פון דער אַרבעט — האָט דאָס וואָרט באַקומען דער באַשולדיקער. ער

האָט אויסגערעכנט די חטאים פונעם באַשולדיקטן, וועלכע דער פּאָרזיצער האָט שוין געהאַט פאָרגעלייענט פונעם באַשולדיקונגס־אַקט און פאָרגעזעצט: „דער דאָזי־קער פאַרשוין, חברים ריכטער, האָט זיך אַריינגעדרייט אין אונדזער פּאַרטיי, זאָגנ־דיק, אַז ער האָט זיך אַנטוישט אין דער באַוועגונג, צו וועלכער ער האָט יאָרנלאַנג געהערט. מיר האָבן אים דאָס געגלייבט, ווי מיר האָבן געגלייבט טויזנטער און טויזנטער אַנדערע, וואָס זענען פון דער זעלבער פּאַרטיי געקומען צו אונדז. ער האָט זיך דערביי מודה געווען, אַז ער האָט פריער געטאָן געוויסע אַרבעט פאַר זיין פּאַרטיי און פאַרגעשלאָגן די זעלבע אַרבעט צו טאָן פאַר אונדז. מיר איז זיין זיך מודה זיין נישט געפעלן. געוויס, מיר זענען געוואָרנט געוואָרן פון די חברים וועלכע האָבן אים געקענט און באַזונדערס פון זיינע בני־עיר: פונעם חבר ליכטענ־בערג, די חברטע כעליאַ און דער חבר שטשעלקאָווסקי; ער איז אונדז קיינעם נישט געפעלן און מיר פערזענלעך איז ער זייער אומסימפּאַטיש, אַפילו אָפּשטויסנ־דיק, ווי ס'זענען אָפּט שפּיאָנען. אָבער אַ פּאָליטישע פּאַרטיי, באַזונדערס ווען זי ווערט פאַרפאָלגט — הגם זי איז לעגאַל — מוז האָבן אַזעלכע, וואָס פאַרשטייען ווי אַזוי צו קריגן די נייטיקע ידיעות. און ער האָט דער פּאַרטיי געברענגט פאַרשידענע נוצן, טייל אַפילו גאַנץ ווערטפולע. דערמיט האָט ער אַלץ מער און מער געוווּנען אונדזער צוטרוי. געוויסע אונטערנעמונגען אונדזערע האָבן אָבער — אַ שטיקל צייט שפּעטער און דאַן אַלץ אָפטער — גענומען דורכפאַלן; די פּאָליציי האָט אַרעס־טירט אַזעלכע חברים, קעגן וועלכע זי וואָלט קיין מאָל נישט געקענט האָבן דעם מינדסטן חשד ווען נישט דער באַשולדיקטער. נאָך די מיאוסטע ראָלע האָט דער פאַררעטער געשפּילט ביי די דעמאָנסטראַציעס: ער האָט מאַרשירט אין אונדזערע רייען און ביי אַ טומל (וואָס די פּאָליציי אָדער אונדזערע קעגנער, צי פּשוטע כולי־גאַנעס האָבן אַרויסגערופן), האָט ער אויסגעשאָסן און אַזויערנאָך יעדעס מאָל פּראָוואָצירט אַ בלוטבאָד, ביי וועלכן די קרבנות זענען, פאַרשטייט זיך, תמיד געווען אויף אונדזער זייט. טייל מאָל, ווען די פּאַרטיי — צו וועלכער דער פאַררעטער האָט נאָך אַלץ געהערט — האָט גראָד אויך מאַרשירט אין דער זעלבער צייט ווען מיר האָבן מאַרשירט, האָט ער זיך אַריבערגעכאַפּט צו זיי, כדי אונדז שנעל איבער־צוגעבן אויב מען גרייט זיך דאָרט אונדז איבערצופאַלן; און ווען דאָס איז טאַקע געווען און טייל פון אונדזערע חברים (ווער ס'האָט געקענט) זענען אינעם אַלגע־מיינעם געשלעג אַנטלאָפן אינעם שונאס רייען, אַזויערנאָך זיך צו שיצן פון קלעפּ אָדער אַרעסטירט צו ווערן, האָט דער דאָזיקער נבזהניק דאַן אָנגעוויזן די שלעגער אויף די שוצזוכנדיקע. דער מיאוסער „אָזוף" האָט דאָס געטאָן דורך אָפּגערעדטע געהיימע צייכנס. אָבער ער האָט דער פּאָליציי איבערגעגעבן חברים אויך פון די רעכטע סאָציאַליסטן, אַזעלכע וואָס נעמען זיך נייגן צום קאָמוניזם. דאָס מיינט, אַז יענע פּאַרטיי איז געווען צופרידן די פּאָליציי זאָל ביי איר האָבן אַן אייגענעם מענטש"...

דער באַשולדיקער האָט אַלץ ווייטער און ווייטער גערעדט. ער האָט דערציילט (און געברענגט פאַקטן) ווען און ווי אַזוי מ'האָט זיך גענומען איבערצייגן אין דער פאַררעטערישער טעטיקייט פונעם אָנגעקלאָגטן, וויפל חברים ס'זענען דורך אים אַריינגעפאַלן, וויפל ס'זענען פאַרמישפּט געוואָרן, צו וואָס פאַראַ טערמינען און וויפל ס'זענען פון די דאָזיקע חברים אין די טורמעס פאַרפייניקט געוואָרן צום טויט.

צום סוף פון זיין רעדע האָט דער באַשולדיקער געפאָדערט טויט־שטראָף פאַרן באַשולדיקטן.

דאָס וואָרט האָט דאַן דער באַקומען דער פאַרטיידיקער. דער חבר שטשעלקאָווסקי, שוין אַן איבערגעטועגער, איז די גאַנצע צייט געזעסן אויף אַ שטול און מיט זיין ליולקעלע אין מויל, ווי אַ זייטיקער, זיך נייגעריק צוגעהערט צו דער פאַרהאַנד־לונג. אַזוי ווי דאָס איז געווען אַן ענין פון די יידישע קאָמוניסטן, צו וועלכע ער האָט נאַטירלעך נישט געהערט, האָט ער אויף אַ קאָרעקטן אופן זיך געהאַלטן פון דער ווייטנס. אין זיין לינקן מיליוויבקל האָט זיך באַוויזן אַ לייכטער, מער גוטמו־טיקער ווי איראָנישער שמייכל, ווען דער חבר ליכטענבערג האָט אָנגעהויבן זיין פאַרטיידיקונגס־רעדע.

יעקב האָט געשטעלט די דאָזיקע פראַגע: „ווי קען אַ סאָציאַליסט פאָדערן טויט־שטראָף?" מיט אַנטריסטונג האָט ער אויסגערופן: „דער סאָציאַליזם האָט שטענדיק געקעמפט קעגן טויט־שטראָף! דער סאָציאַליזם איז אַן עטישער פּרינציפּ און פון עטישן שטאַנדפּונקט טאָר מען קיין מענטש נישט טויטן, אויך נישט ווען ער איז באַגאַנגען דאָס ערגסטע פאַרברעך, אַפילו ווען ער איז אַ פאַררעטער! ניין, אונדזער קאַמף איז נישט בלויז פאַר עקאָנאָמיש־בעסערע באַדינגונגען, בלויז פאַרן אָפּשאַפן דעם קאַפּיטאַליזם און איבערגעבן די מאַכט דעם פּראָלעטאַריאַט! ניין! ניין! אונדזער קאַמף איז קעגן דער עקסיסטירנדיקער אומגערעכטיקייט, קעגן דער טיראַניע און אונטערדריקונג פון מענטשס פרייהייט, פון זיין פרייען ווילן! סאָציאַ־ליזם מיינט פרייהייט, פרייהייט פאַרן גייסט פונעם מענטש! אַנדערש וואָלט דער גאַנצער קאַמף נישט געלוינט! אַנדערש וואָלט מען קיין רעוואָלוציע, ביי וועלכער מ'הרגעט מענטשן, נישט געטאָרט מאַכן! אונדזערע נביאים און אַלע אַנדערע גרויסע גייסטער — פון אַלע צייטן ביז אויפן היינטיקן טאָג — האָבן געמאָנט און געפאָ־דער גערעכטיקייט! די קעמפער פאַר סאָציאַליזם, די הייליקע מאַרטירערס פאַרן דאָזיקן העכסטן און דערהויבנסטן אידעאַל, האָבן נישט געליטן און אָפּגעגעבן זייע־רע לעבנס בלויז צוליב אַן עקאָנאָמיש בעסער לעבן פאַר די אַרבעטער־מאַסן! דעם קאַמף וואָס מיר פירן קעגן דער בורזשואַזיע, קעגן דעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם, קעגן לוין־שקלאַפעריי, אָרעמקייט, נויט און אומוויסנקייט — דעם דאָזיקן קאַמף פירן מיר נישט בלויז ווייל מיר ווילן אַז די אָרעמע זאָלן אויך זיין רייך, נאָר אַז איינער זאָל מער נישט קענען פּראָפיטירן פונעם אַנדערנס אַרבעט, אַז ס'זאָל מאַ־טעריעל איינעם נישט גיין בעסער ווי דעם צווייטן, אַז איינער איבערן אַנדערן זאָל נישט קענען הערשן און אים אונטערדריקן! מיר קעמפן פאַר אַ שיין און דערהויבן לעבן פאַרן מענטש! פאַר אונדז איז דאָס מענטשלעכע לעבן הייליק! ווי זשע קענען מיר זיין פאַר טויט־שטראָף? ווי קענען מיר דאָ אין שטוב, זיצנדיק ביים טיש, פאַר־מישפּטן אַ מענטש צום טויט און געבן אַ חבר אַ רעוואָלווער אָדער אַ מעסער ביי דעם פאַרמישפּטן אָוועקצונעמען דאָס לעבן?! מיר אַלע זענען קעגן געהיימען טעראָר און מיר זענען נאָר וואָס געווען צופרידן וואָס די פּאָליציי האָט געפּאַקט די טעראָריסטן, וועלכע האָבן דערמאָרדעט איינעם פון די בלוטיקסטע תלינים, איינעם, וועלכער האָט מיט בעסטיאַלישער אַכזריות געפּייניקט אונדזערע חברים וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין זיינע חיהשע לאַפּעס! נו, ווילן מיר טאָן דאָס זעלבע ווי די, וועלכע מיר פאַראורטיילן! דערביי איז דער, וועלכן מיר מישפּטן אַצינד, בלויז אַ קליין

משרתל פון דער רעאַקציאָנערער רעגירונג, וועלכער דער בלוט-הונט זאַכאַ האָט געדינט! ס׳איז נישט קיין נפקה-מינא ווי אַזוי איינער דינט דער טיראַניע פון אַ רעגירונג: צי ווען ער פאַרנעמט דאָס העכסטע אָרט אַלס פּרעזידענט, אָדער דאָס נידעריקסטע פון אַ שפּיאָן. בלויז אינעם רעוואָלוציאָנערן אויפשטאַנד, ווען דער קעגנער קעמפט מיטן וואָפן אין דער האַנט, מעג מען אים דערשיסן, פאַרניכטן זיין לעבן״.

דער פאַרטיידיקער האָט געשוויגן אַ מאָמענט. ער האָט באַמערקט, אַז אַלע, חוץ דער פאָרזיצער, זענען אומגעדולדיק און אַפילו אויפגערעגט, אָבער ער האָט ווייטער געפירט זיין פאַרטיידיקונג און אויף ס׳ניי אָנגעהויבן: „חברים ריכטער! מעגלעך, אַז דאָס מייסטע וואָס איך האָב ביז איצט געזאָגט קומט אייך אויס נישט צום פּונקט. אין טיפערן זין אָבער פון דער זאַך — יאָ. און איצט צום ענין גופא. דעם שפּיאָן, ווי אַזעלכן, פאַרטיידיק איך נישט, ווייל ס׳איז נישטאָ נאָך מיאוסערס וואָס זאָל מיך אַזוי עקלען ווי אַ שפּיאָן. די גאַנצע מיאוסקייט און נידעריקייט, וואָס איז נאָר מעגלעך איז פאַרקערפּערט אין שפּיאָנעריי. נישטאָ אַזאַ באַשעפעניש אין דער גאַנצער נאַטור, וועלכעס איך זאָל אַזוי פאַראַכטן, ווי אַ שפּיאָן. דאָך איז אַ שפּיאָן אַ פּאָליציי-באַאַמטער. אמת, קיין באַזונדערס גרויסע ליבע, אָדער אַפילו בלויז אַכטונג, האָב איך צו אַ רעגירונגס-באַאַמטן דערוויי נישט, ווייל אַפילו דער בעסטער געהערט צום שוץ און אויפהאַלטונג פון דער מאַכט, וועלכע הערשט און אונטערדריקט יעדן נייעם געדאַנק און יעדע נייע אידייע פאַר ווייטערן פּראָגרעס. און אַזוי וועט עס נאָך לאַנג זיין, אַפילו ווען דער אַרבעטער וועט די מאַכט שוין האָבן איבערגענומען אין זיינע הענט אומעטום, ווי ער האָט זי דערוויי אין רוסלאַנד. ווייל אינעם איבערגאַנג צו דער אידעאַל-סאָציאַליסטישער סיסטעם און דעם עטישן מענטש וועט מוזן אָפּגעהיטן ווערן אַ געוויסער אַרט פון אָרדענונג און געזעץ, וואָס איז נייטיק פאַרן איבערגאַנג. און מעגלעך, אַז אַ מין קאַמף צווישן דערגרייכטן און שטרעבונג וועט אייביק פאָרקומען. אַזוי אָדער אַזוי: קעמפן מעג מען קעגן אַ רעגי־רונג פון אַ סיסטעם, אָבער נישט קעגן אַ באַאַמטן פון אַ רעגירונג.

און נאָך עפּעס, חברים ריכטער! האָבן מיר אַליין זיך דען נישט באַנוצט מיט דעם פאַררעטער אַלס שפּיאָן פאַר אונדזער צוועק? דעריבער בין איך קעגן יעדער שטראָף פאַר דעם אָפּשוילעכן נפש, וועלכער הייסט דוד סאַראָקע!״

די ריכטער זענען אַוועק אויף אַ באַראַטונג.

## קאַפּיטל איין און דרייסיק

# אין צויבער פון פרילינגס-גליק

1

נאָכן פאַרלירן דעם ברודער יענעם שבת אין גאַס (בעתן טומל און אַנגעלויף פון מענטשן), איז בנימין אַוועק אין דער ביבליאָטעק פון זיין פאַרטיי. דאָרט האָט

ער געפּילט זיין גרעסטן פאַרגעניגן, זיין עונג־שבת, זיין דערהויבונג, ווי ס׳פּילט אַ פרומער ייד אין אַ בית־הכנסת. ס׳איז אָבער נישט געווען בלויז דאָס זיצן און לייענען אין דער ביבליאָטעק צווישן אַ סך ווי ער, דאָס אויסמישן זיך מיט פריינד און חברים אין אַ גייסטיקער אַטמאָספערע, דאָס רעדן און דיסקוטירן וועגן פאַר־שידענע גייסטיקע פראַגן און פּראָבלעמען. אין דער לעצטער צייט איז בנימינען צו דעם אַלעמען צוגעקומען נאָך עפּעס, וואָס האָט אים ווי מיט צויבער־פליגל פאַרטראָגן אין אַ צויבער־וועלט, וועלכע איז פאַר אים געווען נאָך אין גאַנצן ניי. צו ערשט האָט ער נישט פאַרשטאַנען פון וואַנען דער דאָזיקער צויבער קומט, הגם ער האָט שוין געהאַט געלייענט גענוג ראָמאַנען און פּאָעזיע, אין וועלכע די ליבע איז געשילדערט און באַזונגען געוואָרן אויף אַלערליי אופנים. דאָך איז די ווירקלעכקייט פון דער ליבע געווען אַזוי איבערראַשנדיק פאַר אים, ווי ער וואָלט וועגן אַזעלכעס קיין מאָל נישט געהערט אַפילו.

אין בנימינען האָט זיך אין דער ביבליאָטעק פאַרליבט אַ מיידל. זי איז דאָרט אַהינגעקומען לייענען און נעמען ביכער פּונקט ווי ער און אַנדערע. תחילת האָט ער זי אַפילו נישט באַמערקט. זי איז פאַר אים געווען ווי אַלע אַנדערע יוגנטלעכע אין דער ביבליאָטעק אָדער אין פאַראיין, צי ביי אַ פאַרזאַמלונג אָדער פאַרוויילונג. אומעטום זענען די חברים און די חברטעס געווען צוזאַמען. מ׳האָט געשמועסט, זיך אונטערהאַלטן, אַמוזירט, געלאַכט אָדער געווען ערנסט. די באַציִונגען זענען געווען חברישע, פריינטשאַפטלעכע. די ערנסטערע, ווי אַ שטייגער בנימין, האָבן אין זייער עלטער פון קיין אַנדערע געפילן צווישן זיך. ווי בלויז חברישע, נאָך נישט געוווסט. נאָר אין בנימינען האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן אויפגיין אַ געוויסע אומרויִקייט. ער האָט צוערשט נישט געוווסט פון וואַנען זי קומט. דאַן אָבער האָט אים אָנגעהויבן אויפפאַלן, אַז זיינע בליקן זוכן פייגעלען אינעם לייענצימער, און אַז ער זעט זי נישט — דערפילט ער די דאָזיקע אומרויִקייט. שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן באַמערקן אין זיך, אַז ווען פייגעלע קומט נישט איז ער נישט אין אַזאַ געהויבנקייט, ווי בעת זי איז דאָ אין לייענצימער. נאָך מער: ווען פייגעלע קומט נישט פאַלט ער אַריין אין אַ טרויעריקייט און קען זיך די גאַנצע צייט גאָר קיין אָרט נישט געפינען; ער קען נישט לייענען, אין דער היים קען ער דאַן גאָרנישט טאָן און אין דער פאַבריק גייט אים נישט ביי דער אַרבעט; אַלע מאָל רייסט זיך איבער אַן אַנדערער פאָדעם, ס׳ווערן פּלאָנטערס, די מאַשין ווערט קאַליע. און דאָס געדויערט ביז ער זעט זי.

נאָר דאָס, וואָס פייגעלע האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן קומען אין לייענצימער פון דער ביבליאָטעק ווייניקער ווי זי פלעגט פריִער שטענדיק קומען, האָט בנימינען געבראַכט אויפן געדאַנק, אַז דערמיט מיינט זי אים: זי וויל אים אָפּטאָן, ווייל ער שענקט איר נישט גענוג אויפמערקזאַמקייט. ער האָט זיך גענומען דערמאָנען, ווי טייל מאָל פלעגט זיך אים דוכטן אַז אויגן קוקן אויף אים פון ערגעץ אַ באַהעל־טעניש אינעם לייענצימער, אָבער ער האָט זיך נישט אומגעקוקט. די דאָזיקע אויגן זענען געוואָרן אַלץ צודרינגלעכער, איינגעקשנטער, קאַפּריזנער; זיי האָבן אים כמעט ווי געטרייסלט, געצויגן, געשלעפּט, געריסן, אָבער ער האָט זיך אַלץ נישט אומגעקוקט. די זעלבע אויגן — ווען ער פלעגט זיך אַ מאָל יאָ אומקוקן און איז שפּעטער צוגעגאַנגען צו פייגעלען און איר געגעבן די האַנט — האָבן זיי אים

באַגעגנט מיט שפּאָטיש-לויכטנדיקער פרייד פון זיג... זי האָט דערקענט אין אים, אַז זיין עקשנותדיק זיך נישט וועלן אומקוקן צו איר איז דערפאַר, ווייל ער איז צו איר נישט גלייכגילטיק... נו, האָט זי זיך אויסגעטראַכט דאָס מיטל פון קומען בלויז זעלטן אין ביבליאָטעק און אין פאַראיין; זאָל ער בענקען נאָך איר אוןליידן, ביז ער וועט זיך אונטערגעבן...

אַ באַזיגטער האָט דאַן בנימין (כלומרשט חבריש) געפרעגט פייגעלען פאַר וואָס זי קומט איצט אַזוי זעלטן אין דער ביבליאָטעק און אינעם פאַראיין. זי האָט אים געענטפערט (פונקט אַזוי כלומרשט חבריש) אַז זי האָט נישט קיין צייט. און ווידער איז אין אירע שוואַרץ-לויכטנדיקע אויגן געווען די פרייד פון זיג און דער קלוגער שפּאָט איבער זיין נאָך אַלץ זיך באַהאַלטן. זי האָט דאַן ווידער געגומען אויספּרווון איר מיטל מיט די אויגן. דאַן האָט בנימין שוין רעאַגירט אויף פייגעלעס בליקן: ער האָט זיך גלייך אומגעקוקט ווי ער האָט זיי נאָר דערפילט. זיי האָבן געמעגט קומען פון ווי ווייט, פון וועלכן ס'איז באַהעלטעניש — ער האָט זיי תיכף געשפּירט. דאַן האָט פייגעלע געמאַכט אַ ווייטערן שריט: זי איז געקומען אַלץ אָפטער אינעם לייענצימער, אָבער זי האָט זיך ווי באַהאַלטן אין אַ ווינקל און נישט געקוקט צו בנימינען. און ווידער האָט זי דערגרייכט וואָס זי האָט געוואָלט: זיינע בליקן האָבן אַצינד זי אַרומגעזוכט... אַלע מאָל האָט זי אַנגעווענדט אַן אַנדער מיטל, געמאַכט אַלץ אַ ווייטערן שריט, ביז זי האָט זיך איבערגעצייגט אַז זי האָט אים אין גאַנצן שוין געוווּנען, אַז ער טראַכט איצט שוין נאָר וועגן איר, אַז אַלע זיינע געדאַנקען און געפילן זענען אַצינד שוין נאָר ביי איר, שטענדיק און אומעטום ווו זי איז, פּונקט ווי אַלע אירע געדאַנקען און געפילן זענען שטענדיק ביי אים, תמיד און אומעטום ווו ער איז.

2

דער ערשטער שבת פון חודש ניסן. בנימין איז דאָס ערשטע מאָל געווען מיט פייגעלען אין קראַשינסקיס גאָרטן. זיי האָבן זיך אָפּגערעדט צו טרעפן אין אַ גע־ווּיסער אַלייע גאַנץ פרי און פון דאָרט זאָלן זיי שפּעטער גיין אין דער ביבליאָטעק אַריין. ביידע זענען געווען פּינקטלעך. זיי זענען געקומען מיט די ביכלעך צום אויסטוישן אונטער די אָרעמס. יעדער האָט זיך פאַרגענומען אין געדאַנק צו קומען אין דער ביבליאָטעק גלייך ווי זי ווערט געעפנט, ווי ס'וואָלט געווען אַ שול און זיי וואָלטן מורא געהאַט זיך צו פאַרשפּעטיקן אויף אַ מינוט, כדי ס'זאָל נישט פאַלן אויף זיי דער חשד, אַז זיי זענען געווען צוזאַמען אין גאָרטן, ווייל זיי ליבן זיך. ניין, זיי האָבן זיך נישט געשעמט מיט זייער ליבע, כאָטש זיי זענען נאָך נישט געווען ראוי לחופּה, באַזונדערס פייגעלע נישט: איר האָבן נאָך געפעלט גוטע דריי יאָר צו אַכצן. ניין, מיט ליבע איז נישטאָ וואָס זיך צו שעמען, אַדרבא: מיט ליבע איז מען שטאָלץ, דאָס איז דאָס טייערסטע, דאָס הייליקסטע און דאָס העכסטע אין דער נאַטור. ווי פריידענקנדיקע מענטשן זענען זיי ביידע געווען אין דער זעלבער מיינונג וועגן דעם. אָבער ס'איז בעסער אַז מענטשן זאָלן נישט וויסן, ווייל מענטשן האָבן ליב נאָכצוקוקן און צו באַרעדן. דאָס האָבן זיי געוווּסט און זיי האָבן נישט געוואָלט אַז פרעמדע בליקן און פרעמדע צינגער זאָלן באַפלעקן זייער ריינע ליבע.

ביידע זענען געקומען אויסגעפּוצט אין דאָס שענסטע וואָס זיי האָבן געהאַט. אַזוי ווי ס'איז געווען שוין נישט לאַנג צו פּסח — האָבן זיי זיך אָנגעטאָן די נייע זאַכן, וואָס יעדער פון זיי האָט שוין געהאַט געקויפט אָדער זיך געלאָזט מאַכן אויף יום־טוב. גראָד געווען אַ שיינער פרילינגס־טאָג. בנימין האָט זיך אָנגעטאָן זיינע נייע געמזענע קאַמאַשן, דעם אָנצוג וועלכן ער האָט אַוועקגעגעבן צו פּוצן און פּרעסן, דאָס נייע קראַוואַטל און דאָס נייע קאַשקעטל. (ער האָט נישט געטראָגן קיין הוט). פייגעלע האָט באַנייט אַ העל־גרין קאָסטיומל, אַ שטרויען היטעלע און האַלבע אַליוור־קאָלירענע שיכלעך מיט הויכע אָפּצאַסלעך. דאָס ראָזע בליוזקעלע אָבער איז נישט געווען ניי, אויך נישט דאָס האַנט־טעשל. ביידע האָבן זיך גלייך געטראָפן, האָבן זיך גאָרנישט באַדאַרפט זוכן, כאָטש זיי זענען געקומען פון צוויי פאַר־שידענע אַנטקעגנגעזעצטע ריכטונגען: זיי זענען אָנגעקומען אין זעלבן מאָמענט אין דער אַלייע ווו זיי האָבן זיך באַדאַרפט טרעפן, זיך אַקעגנגייענדיק איינער דעם אַנדערן. שוין פון דער וויטנס האָט איינער צום צווייטן אַריינגעשטעקט די האַנט. נאָך פרי, אָבער די זון האָט שוין געלויכטן פון דער מזרח־זייט, און דער הימל איז געווען בלוי און טיף. די ביימער, אויפגעוואַכטע פונעם ווינטער־שלאָף, באַפרייטע פון אונטער די ווייסע קאָלדרעס און געוואַשענע פון די פרי־לינגס־רעגנס, האָבן זיך גענומען הילן אין זייערע גרינע שלייערס.

בנימין האָט צוערשט גאָרנישט געהאַט וואָס צו זאָגן זיין נאָך נישט פופצן־יאָריקער באַשערטער. ער האָט אַ פּאָעטיש־באַגייסטערטער געקוקט אויף איר מיט באַוווּנדערונג, ווי זי וואָלט דאָ איצט אין פּאַרק געווען דאָס באַצויבערנדיקסטע פונעם פרילינג. ער איז געווען אַזוי פאַרגאַפט, אַז ער האָט אַזש נישט געפונען קיין ווערטער איר עפּעס צו זאָגן. ערשט אפשר צוויי אָדער דריי מינוט שפּעטער האָט ער גענומען שטאַמלען: „די זון זעט איצט אויס ווי אַ גרויסע גאָלדענע רויז, וואָס האָט נאָר וואָס אָנגעהויבן זיך צו צעבליען... זי איז נאָך שעמעוודיק... די בלויקייט פונעם הימל איז היינט גאַנץ אַנדערש ווי תמיד: אַזוי ריין... אָן איין וואָלקנדל... און ווי מילד ס'איז די לופט... הער!... הער!"... ביידע האָבן זיך אָנגע־כאַפּט ביי די הענט און זיך לאַנג נישט אָפּגעלאָזט. זיי האָבן זיך איינגעהערט צום טרילערן פון צוויי פייגעלעך אויף אַ צווייג פון אַ נאָענטן בוים. די צוויי פייגעלעך האָבן זיך גענומען שנעבלען, און פייגעלע, אין גרויס התפּעלות, האָט מיט איר קליין ווייך הענטל גענומען שטאַרק דריקן בנימינס האַנט און גערופן: „זע!... זע!"...

נאָר די צוויי פייגעלעך זענען אַוועקגעפלויגן.

פייגעלע, אַן אויפגעטרייסלטע און שטראַלנדיקע, האָט געקוקט בנימינען אין די אויגן אַריין. איר בליק האָט מיט שטאַרקער דרינגלעכקייט אים עפּעס געבעטן, פון אים עפּעס פאַרלאַנגט, כמעט געפאָדערט; אָבער ער האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס... אַן אַנטוישטע האָט זי אָפּגעלאָזט זיין האַנט. נאָר זי האָט דערזען מענטשן גיין און איר קרענקונג איז פאַרשוווּנדן.

בנימין האָט אין זיין באַגייסטערונג אויף ס'ניי געוויזן פייגעלען: „זעען די צווייגן נישט אויס ווי זיי וואָלטן געלעבט? מ'פילט ווי זיי אָטעמען... די קליינטשיקע, ברונע, יענע געלבלעך־גרינע פינטעלעך... די קנאָספּן"...

„דאָס זענען קינדערלעך, וואָס די צווייגן"... זי איז רויט געוואָרן, ווייל די דאָזיקע ווערטער האָבן זיך איר אַרויסגעכאַפּט פון מויל.

„דאָס זענען בלעטעלעך״. ער איז געוואָרן אַלץ פּאָעטישער: „און דער דופט!... די ערד האָט זיך שוין געעפנט. זעסט ווי די גרעזעלעך שטעקן אַרויס זייערע קע־פּעלעך?... אַזעלכע דינינקע... ווי קליינינקע שטראַלעכלעך״...

פייגעלע האָט איר געליבטן געקוקט אויף די ליפּן: זי האָט געוואָלט אויפכאַפּן יעדעס וואָרט נאָך איידער ער זאָגט עס אַרויס און אַרויסהערן דערפון נאָך מער ווי ער זאָגט איר. ס׳איז געווען דאָס ערשטע מאָל אַז ס׳האָט ווער צו איר אַזוי גערעדט ווי בנימין אַצינד. זי האָט אים פאַרגעטערט, ווייל זי האָט זיך איבערגע־צייגט — אַזוי האָט זי צו זיך געזאָגט אין געדאַנק — אַז ער איז דער קלוגסטער פון אַלע חברים, אַז ער ווייסט מער ווי זיי אַלע. ער איז געבילדעט, באַלעזן און אַ קינסטלער!... ער האָט איר שוין געהאַט דערציילט אַז ער צייכנט און מאָלט. געוויזן פון זיינע בילדער האָט ער איר נאָך נישט. און בלויז איר האָט ער געזאָגט אַז ער מאָלט. ער וויל נישט אַז ס׳זאָל ווער וויסן דערפון. איר אָבער וועט ער ווייזן זיינע בילדער, ער האָט איר צוגעזאָגט היינט מיטצובריינגען עטלעכע און זי זעט אַז ער האָט געהאַלטן וואָרט: ער האָט זיי מיטגעברענגט.

ביידע האָבן זיך איינס ס׳אַנדערע געוואָלט עפּעס זאָגן וואָס זאָל אויסדריקן זייערע געפילן פון ליבע; אָבער זיי האָבן בשום אופן נישט געקענט און דעריבער נישט געפונען די ווערטער. נאָך מער באַוווּנדערן די נאַטור האָבן זיי אָבער אויך נישט געקענט. האָבן זיי גענומען רעדן וועגן דער אידייע פון סאָציאַליזם וואָס האָט אַמשטאַרקסטן אָנגעפילט און באַפליגלט זייערע יונגע הערצער, זייער געדאַנק. פייגעלע האָט דערציילט אַז איר מאַמע האָט שוין איינגעלייגט בוראַקעס אויף פסח, מ׳האָט שוין געבאַקן מצות, כאָטש ס׳זענען נאָך דאַ צען טעג צו יום־טוב. „מיין טאַטע איז נישט קיין פרומער״, האָט זי אים געזאָגט, „אָבער ער האַלט פון אונדזערע יידישע טראַדיציעס. איך פיר אין דער היים אַ קאַמף קעגן רעליגיע. כ׳לייען דעם טאַטן פאָר אַלץ וואָס איז אין אונדזער צייטונג און אין אונדזערע זשורנאַלן און בראָ־שורן איז געדרוקט קעגן איבערגלויבן. נעכטן ביי נאַכט האָב איך אים פאָרגעלייענט דאָס אַרטיקל פון אונדזער חבר מאַט וועגן דער הגדה. האָט ער מיר דערויף דערנאָך געזאָגט: „וואָס מיר דיין חבר מאַט, שמאַט! משה רבינו איז געווען אַ גרעסערער סאָציאַליסט אַפילו ווי דיין חבר קרומהאָלץ, גרעסער אַפילו ווי דיין חבר וואַקס און אַפילו ווי דיין גאָט: דער גרויסער מאַרקס. משה רבינו — אונדזער משה רבינו — האָט געמאַכט די גרעסטע רעוואָלוציע, די גרעסטע איבערקערעניש! ער האָט זיך געשטעלט קעגן פּרעהן! האָט אויסגעלייזט דאָס יידישע פאָלק פון קנעכטשאַפט און זיי געמאַכט פאַר בני־חורין! ער האָט זיי באַפרייט, דערנאָך האָט ער זיי געגעבן אַ תורה, וואָס לערנט אונדז צו דינען בלויז גאָט אין הימל און נישט זיין קיין קנעכט ביי אַ מענטש, צו גיין נאָך גערעכטיקייט און נישט באַגיין קיין אומגערעכ־טיקייט, ווייל אונדזער גאָט איז אַ גאָט פון גערעכטיקייט און שטראָפט פאַר אומ־גערעכטיקייט! יאָ, אַזוי האָט ער געזאָגט. האָב איך נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן און באַשלאָסן: איך וועל דיך פרעגן. דו ווייסט דאָך אַלץ״.

בנימין האָט צוגעגעבן, אַז דאָס וואָס איר פאָטער האָט געזאָגט איז אמת. ביידע זענען געוואָרן אַביסל באַרעדעוודיק, אָבער זיי האָבן זיך נאָך אַלץ גאָרנישט געקענט זאָגן וואָס זאָל אויסדריקן זייערע געפילן פון ליבע. נישט בלויז ווייל זיי האָבן זיך געשעמט, נאָר זיי האָבן זיך נישט געטרויט, נישט געהאַט קיין מוט, ווי יונגע פייגע־

לעך ביים ערשטן מאָל אָנהייבן פליִען. בלויז זייערע פאַרליבטע הערצער האָבן געערעדט דורך זייערע אויגן. נאָר דאָס מויל קען זיך (באַזונדערס ביי יונגע מענטשן) לאַנג נישט איינהאַלטן און זיגט איבער דער שווייגנדיקער חכמה פון האַרץ, ווי דאָס פלאַפּלען און רוישן פון וואַסער טראַמפּירט איבער דער סודותדיקער שטילקייט פון בערג און טאָלן. און פייגעלע האָט מיט שטאַמלענדיקע און אומפאַרשטענדלעכע ווערטער אָנגעהויבן רעדן וועגן איר ליבע. אויך ער האָט געטאָן דאָס זעלבע, נאָר נאָך מער זיך שעמענדיק און אַ סך אומבאַהאָלפענער ווי זי. דאָך האָבן זיי זיך גוט פאַרשטאַנען, באַזונדערס ווען זייערע הענט האָבן זיך געפונען...

אינעם גאָרטן האָבן גענומען אָנקומען אַלץ מער מענטשן. צומייסט פאַרליבטע פּאָרלעך. די זון איז געשטיגן אַלץ העכער אויפן הימל, זיך געקאָליערט ווי אַ גאָלדענער באַלעם איבערן בלויען אַטלאַס. די שטילקייט, וואָס האָט די אַלייע פאַר די צוויי פאַרליבטע געמאַכט פאַר אַ הייליקן טעמפּל פון זייער ליבע, איז אַוועק. ס'האָט אָנגעהויבן ווערן אַלץ טומלדיקער און רוישיקער פון די מענטשן וואָס האָבן אָנגעהויבן שטראָמען אַלץ מער און מער. די צוויי יוגנטלעכע מיט ברויזנדיקע הערצער פון ליבע זענען דורך די מענטשן געטריבן געוואָרן פון איין באַנק צו דער צווייטער, פון איין אַלייע אין דער אַנדערער, ווי אַ יונגער הירש אַנטלויפט מיט זיין סאַרנע אַלץ טיפער אין וואַלד פאַר די אויגן פון שונא. ביידע, בנימין און פייגעלע, האָבן געוואָלט זיין אַליין, כדי די הייליקייט פון זייער ליבע זאָל נישט פאַרשוועכט ווערן פון נייגעריקע בליקן און רוישנדיקן געפּלאַפּל.

קוים געפינענדיק אַ שטילער אָרט מיט ווייניקער מענטשן, האָט פייגעלע, נישט קענענדיק מער באַהערשן איר ליידנשאַפטלעכע נייגעריקייט, גענומען מאָנען ביים געליבטן: „נו, ווייז מיר די בילדער! איך וויל אַזוי זען“...

אָבער אויך דאָ זענען געווען עטלעכע מענטשן, און ווייזן זיינע בילדער איז פאַר דעם קליינעם קינסטלער געווען ווי אַנטבלויזן זיין נשמה; האָט ער פייגעלען ווידער אַ כאַפּ געטאָן ביי אַ האַנט און ווידער איז ער מיט איר געלאָפן זוכן אַן אָרט וווּ קיין זייטיקער זאָל נישט קענען זען זיינע צייכענונגען און מאָלערייען. זיי זענען אַזוי לאַנג געגאַנגען ביז זיי האָבן געפונען אַ ווינקל, וווּ זיי האָבן געקענט זיין גאַנץ אַליין. דאָס איז געווען אַ פאַרוואָרפן אָרט אינעם פּאַרק, וווּ ס'זענען געלעגן די אָפּגעהאַקטע אָדער אָפּגעבראָכענע צווייגן, שטאַמען פון אונטערגעזעגטע ביימער, שטיינער וכדומה. קיין סך פון זיינע אַרבעטן האָט בנימין נישט מיטגעבראַכט, אויך נישט קיין גרויסע בילדער. פייגעלע איז וועגן דעם געווען אַ ביסל אַנטוישט און געפרעגט: „מער האָסטו נישט?“ מיט באַשיידנקייט אין קול — און דאָך שטאָלץ — האָט ער געענטפערט: „יאָ, איך האָב אַ סך מער! ווען דו וועסט קומען צו אונדז וועל איך דיר ווייזן“. דאָס ערשטע, וואָס ער האָט פייגעלען געוויזן, איז געווען אַ צייכענונג פון אַ וואַלד מיט דערשראָקענע ייִדן און פרויען מיט קינדער. „דאָס זענען פליטים“, האָט פייגעלע גלייך געטראָפן, „דו האָסט דאָס איבערגעלעבט?“ — „יאָ“, האָט ער איר געענטפערט און איר געוויזן אַ צווייטע צייכענונג, די חרובע שטאָט, ווי זי האָט אויסגעזען ווען ער איז צוריקגעקומען מיט די עלטערן. דאַן האָט ער איר געוויזן אַ ווינטער־לאַנדשאַפט: אַ פאַרטאָג איידער די זון גייט אויף, ווי ער האָט עס אַמאָל איבערגעלעבט. דערנאָך האָט ער איר געוויזן עטלעכע צייכענונגען פונעם פאָטער אין פאַרשידענע פּאָזעס. דער אויסדרוק אין בנימינס פּנים און דער בליק אין זיינע

אויגן האָט זיך פּלוצלינג געענדערט. פייגעלעס שטימונג האָט זיך מיט איין מאָל פאַרענדערט: זי איז געוואָרן פול מיט יראַת הכבוד פאַר דעם בלאַסן און איידעלן פּנים מיט דער שוואַרצער באָרד. איר נאָך קינדעריש, אָבער שטאַרק לעבהאַפטיק און ראָזע פּנימל איז געוואָרן בלאַס און די שוואַרצע אויגן פול מיט פרייד און גליק, האָבן זיך אָנגעפילט מיט טרויער. נאָך איידער דער געליבטער האָט איר געזאָגט אַז דאָס איז זיין פאָטער, האָט זי שוין געוווּסט. מיט ביידע הענט האָט זי אָנגענומען בנימינס אַ האַנט, געפילט ווי זי ציטערט, און זי געדריקט. אַ לאַנגע ווײַלע האָבן ביידע געשוויגן. דאַן האָט ער איר געוויזן נאָך עטלעכע צייכענונגען, טיפּן פון זיין געבורטסשטאָט, צווישן זיי מאַטעוס. דער קליינער קינסטלער האָט דערציילט זיין געליבטער וועגן דער דאָזיקער האָרבאַטער מענטש איז. ער האָט וועגן דעם סטאָליער גערעדט מיט גרויס ליבשאַפט און דרך־ארץ. צום סוף האָט ער איר געוויזן נאָך אַ לאַנדשאַפט און אַ צייכענונג פון אַ סאָציאַליסטישער דעמאָנסט־ראַציע אין וואַרשע. דאָס לעצטע בילד האָט ביי פייגעלען אַרויסגערופן אַזאַ התפעלות, אַז זי האָט דעם געליבטן אַרומגעכאַפּט און אַ קוש געטאָן. דער ערשטער קוש, און טאַקע גלייך אויף די ליפּן. זי האָט אים דערביי געגעבן איר גרויסע אָנערקענונג: „דו ביסט אַ קינסטלער, אַ גרויסער קינסטלער!“ ביידע — פייער־רויט — האָבן זיך גיך אָפּגעטראָגן פונעם גאָרטן, פאַרשעמטע, ווי אדם און חוה, וואָס זענען פאַרטריבן געוואָרן פאַר זייער עסן פונעם „עץ־הדעת“...

3

אויף בנימינען האָבן אין לייענצימער פון דער ביבליאָטעק שוין לאַנג געוואַרט אַ סך חברים און פריינד: ער איז פאַר זיי געווען די גרויסע אויטאָריטעט אין די פראַגן וואָס האָט זיך ביי יעדן פון זיי אָנגעזאַמלט פון נאָכן לעצטן מאָל אים זען און מיט אים רעדן. דער לייענזאַל, נישט קיין קליינער, איז איצט געווען פול מיט לעזער, די מייסטע פון זיי יוגנטלעכע. אויף די ווענט האָבן געהאָנגען פאַרשידענע באַקאַנטמאַכונגען און פאַראָרדענונגען, צווישן זיי אויך אַזעלכע: „חברים! מ׳בעט נישט צו רעדן אין לייענצימער! ס׳מוז זיין אַבסאָלוט שטיל, כדי נישט צו שטערן ביים לייענען!“ אָבער דאָס האָט גאָרנישט געהאָלפן: די יונגע לעזער, אָנהייבנדיק מיט צוועלף־דרייצן־יאָריקע, האָבן היציק דיסקוטירט וועגן דעם וואָס זיי האָבן געלייענט. זייער ברענענדיקן דורשט נאָך וויסן האָבן זיי נישט געקענט שטילן בלויז מיטן גע־דרוקטן וואָרט: זיי האָבן געמוזט רעדן איינער מיטן אַנדערן איבער דעם וואָס זיי האָבן געלייענט, שטעלן פראַגעס און פראַגעס אויף די ענטפערס.

די לאַנגע בענק אַרום די לאַנגע טישן זענען אַלע געווען באַזעצט. מער אָבער זענען געשטאַנען. ייִנגלעך און מיידלעך זענען געזעסן איינגעבויגן איבער ביכלעך, בראָשורן, זשורנאַלן און צייטונגען און געקנעלט, ווי זיי וואָלטן געזעסן אין שולן און געלערנט. גיריק האָבן זייערע אויגן געשלונגען די שוואַרצע צייכנס פון געדאַנקען אויף ווייס פּאַפּיר. קינדערישע שטערנס, אָבער אין ערנסטער גייסטיקער פאַרטיפונג, האָבן זיך געקנייטשט. אין יעדן וואָרט האָבן זיי געזוכט מער ווי אין דעם וואָרט איז געווען און האָט געקענט זיין. דעריבער האָבן זיי כמעט יעדן געדאַנק, כמעט

יעדן זאַץ און שיער יעדעס וואָרט געטייטשט אַהין און אַהער, אַריינגעטייטשט און אַרויסגעטייטשט. די דאָזיקע יוגנטלעכע האָבן דאָס געדרוקטע וואָרט גענומען אַ סך ערנסטער ווי די מייסטע סטודענטן אין אוניווערסיטעטן. די דאָזיקע אָרעמע אַרבעטער־קינדער — און אַליין שוין שווער אַרבעטנדיקע אין פאַבריקן און ווערקשטאַטן, הונגערנדיקע און נויטליידנדיקע — האָבן נישט געלייענט ווי מ׳לייענט געוויינלעך אַ ביכל; זיי האָבן געלערנט, שטודירט. פאַר זיי איז דאָס געדרוקטע וואָרט געווען הייליק.

פייגעלע און בנימין זענען אָנגעקומען זיך האַלטנדיק ביי די הענט אין האַר־ציקסטער גליקזעליקייט. זיי האָבן אַפּנים פאַרגעסן, וואָס יעדער פון זיי האָט זיך פאַרגענומען: זיך צו היטן מיט זייער ליבע. די מייסטע אין לייענצימער, וואָס האָבן געזען די צוויי זיך האַלטן ביי די הענט ווען זיי זענען אַריינגעקומען, איז דערביי גאָרנישט אויפגעפאַלן; נאָר עטלעכע האָבן גענומען כיכיקען, פינטלען מיט די אויגן און קנאַהדיק זיך שושקען. אָבער די צוויי פאַרליבטע (פייגעלע האָט מער נישט אָפּגעטרעטן פון איר בנימינען) זענען גלייך אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַלע וואָס האָבן געוואָרט אויף בנימינען, אויף זייער חבר, זייער פריינד. צווישן די וואַרטנדיקע זענען געווען דער שוואַרצער גאָדל, אַבישל און דער צוואָקסענער באַריס וואַרשאַווסקי (איצט שוין אַן אמתער ריז ביי זיינע זיבעצן יאָר). איטשע שוסטערס און בערל פאַרבערס יינגלעך זענען שוין לאַנג מער נישט געווען קיין פּראָווינצער היימלאָזע. לויטן אויסדרוק אין זייערע פּנימער, זייער האַלטן זיך און דאָס וואַרשעווער אַרט זינגען אינעם רעדן און טייל ווערטער אויסציִען מיט אַ פּתח, ווי אַ שטייגער: „יאַך״ שטאָט „איך״ אָדער „יעך״, „מאַמאָ״ שטאָט „מאַמע״, „צו־קאַר״ שטאָט „צוקער״; אויך לויט דער גרויסשטאָטישער פּיפּיקייט — לויט די אַלע סימנים זענען זיי שוין געווען וואַרשעווער.

אויף בנימינען האָט גענומען פליִיצן אַ האָגל מיט פראַגעס. „איינציקווייז, איינ־ציקווייז״, האָט ער זיך געבעטן. „איך קען דאָך נישט הערן אַלע מיט אַ מאָל״. ער איז געווען גוט אויפגעלייגט און זייער צופרידן פון דעם וואָס ער איז ביים אַריינ־קומען אַריינגעפאַלן אין דעם מבול פון פראַגעס. ער האָט געפּרוווט ענטפערן דאָ דעם אויף איינער, דאָ דעם אַנדערן אויף אַ צווייטער פראַגע; אָבער איידער ער האָט נאָך געהאַט געענדיקט איין ענטפער און דעם ענטפער געגנוג קלאָר געמאַכט, האָבן זיך אויפן דאָזיקן ענטפער שוין געשיט נייע פראַגעס, וואָס האָבן זיך אויס־געמישט מיט די פריִער געשטעלטע, אַזוי, אַז ס׳איז געוואָרן אַ תהו ובהו פון פראַגעס און ענטפערס, וואָס די פרעגערס האָבן נישט געבעטענערהייט גענומען געבן. אַ מיש־מאַש פון קולות און אַ גערופעריי פון אַלע זייטן: „שאַ־אַ־אַ! שטילער!״

דעם גרעסטן אינטערעס פון די יונגע לייענער האָבן דעמאָלט פון די ייִדישע שרייבערס פאַרנומען בערגעלסאָן מיט זיינע נייע דערציילונגען אויף אַקטועלע טעמעס, עוזר וואַרשאַווסקי מיט זיין ראָמאַן „שמוגלערס״, אין וועלכן ס׳איז געווען געשילדערט די דעגענעראַציע פונעם קליינבירגערטום אין דער מלחמה, י. י. זינגער מיט זיינע אייגנאַרטיקע דערציילונגען וואָס האָבן גערייצט די פאַנטאַזיע און דעם געדאַנק און נאָך אַנדערע: מייסטנס אָקערשט באַקאַנט און גלייך באַרימט־געוואָרענע שריפטשטעלערס און דיכטערס, וואָס האָבן אויף אַ מאָדערנעם אופן באַהאַנדלט די פּראָבלעמען פון דער צייט. אָבער מיט נאָך מער ברען האָבן די יונגע לייענערס

דעמאָלט פאַרשלונגען (ווי מע זאָגט) די ראָמאַנען פון ראָמען ראָלאַן און אַנרי באַרביס, גאָרקיס נאָר וואָס איבערגעזעצטע ראָמאַנען, די ראָמאַנען און דערציי־לונגען פון אַנדערע רוסישע שריפטשטעלערס, וועלכע האָבן געשילדערט דאָס לעבן און די פּראָבלעמען פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער יוגנט בעת דער רעוואָ־לוציע און בירגערקריג. אויך די פּוילישע שרייבערס און דיכטערס, צווישן זיי זשעראָמסקי, האָבן ביי די יוגנטלעכע יידישע לייענערס פאַרנומען אַ גרויס אָרט.

אָבער דעם גרעסטן פּלאַץ האָט ביי די לעזער דאָך פאַרנומען די אידייע פון סאָציאַליזם. די מייסטע זענען דעריבער ביי די טישן געזעסן איבער שווערע ביכער פון סאָציאַליסטישע טעאָרעטיקער, קאָמענטאַטאָרס און קאָמענטאַטאָרס פון קאָמענטאַטאָרס. דעריבער האָבן זיי אויך דאָ, ווי אין זייערע פאַראיינען און אומעטום ווו זיי זענען זיך נאָר צוזאַמענגעקומען, געפירט די היציקסטע דיסקוסיעס וועגן סאָציאַליסטישע פּראָבלעמען, אַרגומענטן און קעגן־אַרגומענטן, וואָס האָבן זיך גע־דרייט אַרום רעוואָלוציע און עוואָלוציע.

און געווען זענען נאָך צוויי זאַכן, וואָס האָבן איצט שוין באַשעפטיקט די חברים און די חברטעס: דער קאָנצערט וואָס די יידישע שולן האָבן געגרייט אויף חול־המועד פּסח און די פייערונג פונעם ערשטן מאַי, וואָס די פּאַרטיי האָט באַקאַנט געמאַכט.

אין שייכות מיט דער דעמאָנסטראַציע אינעם יום־טוב פון ערשטן מאַי האָבן אויף בנימינען פון אַ ווינקל אַרויסגעקוקט צוויי אויגן. ס׳פּנים פון דעם מענטש, וועלכער האָט אין דעם לעזצימער שוין אַ היפּשע צייט געוואַרט אויף דעם קליינעם חבר ליכטענבערג, איז געווען פאַרשטעלט פון דער צייטונג, וואָס דער וואַרטנדיקער האָט כלומרשט געלייענט. „איך וואַרט דאָ אויף אייך שוין לאַנג!" מיט די דאָזיקע ווערטער איז דוד סאָראָקע, נאָך דעם ווי ער האָט שוין גענוג געהאַט אָבסער־ווירט זיין בן־עיר, צוגעקומען צו בנימינען. „כ׳האָב מיט אייך וועגן עפּעס צו רעדן, חבר ליכטענבערג". בנימין האָט געוווּסט אַז וועגן דעם חבר סאָראָקע גייען אַרום קלאַנגען אַז ער איז אַ שפּיאָן; אָבער ער האָט דאָס נישט געגלייבט. דער בעסטער באַווייז, אַז די קלאַנגען זענען פאַלש איז פאַר אים געווען דאָס, וואָס דוד איז געווען אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי. מיט יעקבן האָט ער וועגן דעם דודן קיין מאָל נישט גערעדט, אויך יעקב מיט אים נישט. סימפּאַטיש איז אים אָבער דער חבר סאָראָקע קיין מאָל נישט געווען, גיכער אומסימפּאַטיש, אַפילו אָפּשטויסנדיק. אָבער אַ חבר און ווי מ׳האָט געשמועסט — אַ וויכטיקער מיטגליד פון דער פּאַרטיי.

בנימין האָט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט אויסגעהערט אַלץ וואָס דער חבר סאָראָקע האָט אים איצט געזאָגט. ער האָט אים פאַרשפּראָכן צו האַלטן שטרענג אין געהיים וואָס ער פאַרטרויט אים אַצינד און אַפילו פאַר יעקבן זיך נישט אַרויס־צוכאַפּן מיט קיין איין וואָרט. דוד האָט ביים אַוועקגיין געגעבן בנימינען די האַנט. זי חבריש געדריקט און מיט שטאַרקער באַטאָנונג מוסיף געווען: „דאָס מאָל וועלן מיר ביי דער מאַי־דעמאָנסטראַציע די כוליגאַנעס וואָס די רעאַקציע רייצט אויף אונדז אָן — און זיי באַפאַלן אונדז מיט שטעקנס, מיט שטיינער און שטיקער אייזן — ענטפערן אַזוי, אַז זיי וועלן זיך מער נישט וואַגן מיט אונדז אָנצוהייבן. אמת, זיי מיינען די קאָמוניסטן און קודם־כל די יידישע קאָמוניסטן; אָבער זיי טשעפּען

זיך אויך צו אונדז, וואָס באַדייט, אַז זיי גייט פֿאַר אַלעם אין שלאָגן ייִדן. ווען מיר זיי דאָס מאָל... דאָס איז באַשלאָסן געוואָרן אויף אַ געהיימער זיצונג פֿון דער פּאַרטיי. דעריבער ווערט עס איבערגעגעבן אין געהיים בלויז נאָר די חברים, אויף וועלכע מ׳קען זיך פֿאַרלאָזן און מ׳ווייסט אַז זיי קענען האַלטן אַ סוד. געוועזער וועט מען צעטיילן אין לעצטן מאָמענט אויפֿן דאָזיקן אופֿן: איך וועל צו אייך צוקומען. מיר וועלן זיך בײדע אַרומנעמען. דערביי וועל איך אַריינלייגן אין אייער קעשענע אַ רעוואָלווער. איך וועל אייך פֿריִער ווייזן ווי אַזוי צו שיסן. ס׳איז נישט קיין גרויסע תורה און צום ערשטן מאָל האָבן מיר נאָך צייט״. ווידער האָט ער בנימינס האַנט אַ חברישן דריק געטאָן און איז אַוועקגעגאַנגען.

בנימין איז צוריק צוגעגאַנגען צו פֿייגעלען. אָבער ער איז אַצינד געווען זייער פֿאַרענדערט: נאָך ערנסטער, שווייגנדיק און פֿאַרטראַכט. ס׳איז שוין געווען צייט אַהיימצוגיין עסן. אַפֿילו די פּרומסטע זענען שוין אַהיימגעגאַנגען פֿון דאַוונען. נאָר פֿייגעלע האָט בנימינען דערמאָנט, אַז ער האָט געוואָלט נעמען בילעטן פֿאַרן קאָנ-צערט צו פֿאַרקויפֿן. ער איז ווידער געוואָרן פֿריילעך: „כ׳וועל פֿאַרקויפֿן אַ סך בילעטן; שוין צוליב דעם וואָס דו טרעטסט אויך אויף“... זי האָט זיך געחנדלט: „גייך, נישט צוליב מיר; צוליב דער פּאַרטיי“. זי האָט אים אָנגענומען ביי אַ האַנט און אים געצויגן אין דער קאַנצעלאַריע אַריין, וווּ מען האָט אַרויסגעגעבן די בי-לעטן צו פֿאַרקויפֿן.

## קאַפּיטל צוויי און דרייסיק

# די יונגע ביימעלעך

1

נאָך יענעם פּרייטיק-צונאַכטס, ווען פּערעלע האָט איר מאַן געזאָגט, אַז ער דערציט די קינדער אין דער שול ווי אַ גוטער און געטרייער טאַטע, האָט לערמאַן באמת זיך גענומען פֿילן מער אַלס טאַטע צו זיינע שילער ווי אַ לערער.

ס׳איז געווען נאָענט צו פּסח. פֿאַר די קינדער די לעצטע וואָך שוין צו גיין אין דער שול. דאַן — צוויי וואָכן פֿריי. נאָר אַ סך שילער האָבן גאָרנישט אַרויסגעוויזן אַזאַ גרויסע פֿרייד וועגן דעם. טייל זענען אפֿשר אַפֿילו געווען טרויעריק דערפֿון, גאָר אַנדערש ווי די תּלמידים אין די חדרים, וואָס האָבן תּמיד געוואַרט אויף יעדן מאָמענט צו זיין פֿריי. פֿאַר די חדר-ייִנגלעך זענען די ימים-טובים, באַזונדערס פּסח און סוכּות, געווען די גליקלעכסטע טעג. גיין אין חדר איז כּמעט פֿאַר יעדן ייִנגל געווען שיער דאָס זעלבע, ווי פֿאַר אַ פֿאַרמישפּטן גיין אין קרימינאַל. פֿאַר די שילער פֿון די ייִדיש-וועלטלעכע שולן אָבער איז דאָס זיצן אין קלאַסצימער און לערנען נישט געווען קיין אָפּקומעניש. פֿאַרקערט, דאָ האָבן זיי געהאַט אַ סך מער ווי אין זייערע אָרעמע היימען. די מייסטע עלטערן פֿון די דאָזיקע קינדער זענען געווען אָרעמע באַלמעלאָכעס, אַרבעטער, באַלעגאָלעס און טרעגערס. זיי אַלע האָבן געווינט

— אויב נישט אין די פינצטערע קעלערס — אין דירות, וואָס זענען נישט געווען אַ סך בעסער. שפּיל, פרייד — וואָס איז פאַר אַ קינד פּונקט אַזוי נייטיק ווי נאַרונג — האָט עס אין דער היים נישט געקענט קריגן. די ענגשאַפט, די שטיקנדיקע לופט, די טונקלקייט — דאָס אַלץ האָט דאָס קינד נישט בלויז פיזיש דערדריקט, נאָר די שווערע טרויעריקייט צוליבן דלות און די שטענדיקע זאָרגן, האָבן ווי בערג בליי זיך געלייגט אויף דער קינדערישער צאַרטער נשמה און זי געשטיקט און געוואָרגן.

גאָר אַנדערש איז עס פאַר די דאָזיקע קינדער געווען אין די יידיש-וועלטלעכע שולן. געוויס, מיט לוקסוס זענען זיי אויך דאָ נישט געווען אַרומגערינגלט. די יידישע שולן, אין קעגנזאַץ צו די שטאַטישע — סובסידירטע פון דער מלוכה — זענען אויסגעהאַלטן געוואָרן פון די אָרעמע גראָשנס וואָס די יידישע אַרבעטער האָבן געגעבן. די קלאַסנצימערן זענען דעריבער געווען גאַנץ באַשיידענע. דאָך, ווי ווייט מעגלעך גרוים און ליכטיק, די דילן זויבער, די ווענט העל-געפאַרבט, באַהאָנגען מיט בילדער, די שויבן פון די פענצטער לויטער. נאָר דער עיקר זענען געווען די לערערס; די שילער האָבן באמת אין זיי געפילט זייערע בעסטע, געטרייסטע פריינד און חברים. יתומים — און טייל אויך נישט יתומים — האָבן אין די לערערס געהאַט טאַטעס און אין די לערערינס מאַמעס. נישט בלויז זענען די לערערס געווען איבערגעגעבן זייערע שילער מיט לייב און לעבן, נאָר די שילער זענען פאַר די מייסטע לערערס געווען דער גייסטיקער און זעלישער אינהאַלט אינעם לעבן. פריי-לעכקייט, זוניקייט, פרייד און נאָך מער פרייד, ליבע און ווידער ליבע — דאָס האָט כמעט יעדער לערער און יעדע לערערן אין דער יידיש-וועלטלעכער שול זיך באַמיט צו געבן דעם קינד. דערפון האָבן זיי מיטגעבראַכט פולע הערצער, ווי בינען ברענגען האָניק אין זייערע בינשטאָקן. געוויס; די בינען קריגן דעם זיסן זאַפט פאַר האָניק אין די אומצייליקע בלימלעך, וואָס די נאַטור הערט נישט אויף צו פּראָדוצירן פאַר זיי. די לערערס אָבער: אַלע אָרעמע, כמעט שטענדיק אין זאָרג וועגן דאָס נויטבאַדערפטיקסטע — ווו האָבן זיי גענומען פריילעכקייט און פרייד פאַר זייערע שילער? — די ליבע און די איבערגעגעבנקייט צו די דאָזיקע אָרעמע קינדער האָט דאָס פּראָדוצירט אין זייערע הערצער.

2

לערמאַן האָט ביי טייל לעקציעס אָפּט זיך אָוועקגעשטעלט, אָדער אַנידערגע-זעצט לעבן די שילער, ווי ער וואָלט געווען איינער פון זיי און מיט זיי צוזאַמען געלערנט. מייסטנס איז דאָס געשען ביי דער לעקציע פון נאַטורוויסנשאַפט און פריי דערציילן פון די שילער. היינט האָט ער ביי די דאָזיקע צוויי לעקציעס געהאַט אַ גאַסט: יעקבן. לערמאַן האָט אים פאַר די שילער פאָרגעשטעלט מיט די דאָזיקע ווערטער: „דאָס איז יעקב ליכטענבערג. מיר זענען ביידע פון איין שטאָט. מיין בעסטער פריינד. ער איז אויך אייער פריינד. ער וויל, אַז ס'זאָל אַלע מענטשן זיין גוט. ווילט איר ווערן זיינס אַ פריינד?"

אַלע האָבן געשריגן: „יאָ! יאָ!" אַ סך האָבן גענומען טרעפן: „ער איז אַ סאָ-ציאַליסט!... ער וויל אַז אַלע מענטשן זאָל זיין גוט... אַ סאָציאַליסט!"... „ווי מיין

טאַטעשי!״ האָט צביה, דער „שוואַרצער שעפּס מיטן פּעפּערל״ זיך באַרימט. (זי האָט דעם צונאָמען באַקומען, ווייל זי האָט געהאַט שוואַרצע, געקרייזלטע האָר, אַ לאַנג און שמאָל פּנימל, גרויסע, שוואַרצע אויגן און אַ קליינעם, ברוין־שוואַרצן פלעק אויף דער לינקער זייט פון דאַרן אויסגעצויגענעם האַלדז). יונה „פלי״ (ווייל ער איז אין אַלעם געווען זייער שנעל) האָט זיך אויך באַרימט: „מיינס אַ ברודער און אַ שוועסטער זענען אויך סאָציאַליסטן! דעריבער שלאָגן זיי זיך אַלע מאָל ווען זיי רעדן וועגן זייער סאָציאַליזם״... ס׳האָבן זיך באַרימט נאָך עטלעכע, אַז עמעץ פון זייערע אייגענע אָדער באַעקנטע איז אַ סאָציאַליסט. די מייסטע אָבער זענען פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער נייגעריקייט צום גאַסט. טייל האָבן שווייגנדיק אים ערנסט באַטראַכט מיט זייערע טרויעריקע און זוכנדיקע בליקן. אַנדערע האָבן זיך באַהערשט נישט צו לאַכן, אָבער זיי האָבן נישט געקענט און אַריינגעלאַכט אין די לאַצן פון זייערע מאַנאַרקעלעך, זיך פאַרשטעלט מיט די הענטלעך די פּנימ־לעך. דער גאַסט האָט אויסגעזען אַזוי קאָמיש אין זייערע אויגן! — זיין פּנים, די נאָז, די לאַנגע ליפּן — שיער ווי אַן אַף!...

דער לערער האָט די דאָזיקע שילער געהייסן לאַכן: „לאַכט, שעמט אייך נישט! דער גאַסט זעט אויס אין אייערע אויגן קאָמיש? כמעט יעדער מענטש, ווען מ׳זעט אים צום ערשטן מאָל, זעט ער אין ערשטן מאָמענט אויס אַ ביסל קאָמיש און ס׳גלוסט זיך צו לאַכן. לאַכט־זשע״.

אַצינד האָט קיינער מער נישט געלאַכט.

דער גאַסט האָט זיך געזעצט אויף דער לעצטער באַנק און דער לערער האָט אָנגעהויבן די לעקציע.

לערמאַן האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביי אַ טיש, אויף וועלכן ס׳זענען געשטאַנען אַ גלאָז וואַסער מיט עטלעכע ווערבע־צווייגלעך, אַ וואַזאָן, אַ גלעזערן קעסטל מיט עטלעכע פישלעך (זיי זענען אַרומגעשווומען איבער דער לענג און דער ברייט) און אונטערן גלאָז זענען אויף אַ ווייסן קאַרטאָן געווען צוגעפּעסטיקט טויטע שמע־טערלינגען מיט אויסגעשפּרייטע פאַרשידנפאַרביקע פליגלען. אין נאַסער וואַטע אויף טעלערלעך זענען געלעגן אַרבעס.

די שילער האָבן אַרומגערינגלט דעם טיש פון אַלע זייטן. צביה און נאָך אַ מיידל האָבן זיך געשטעלט לעבן דעם לערער און אים אַרומגענומען פון ביידע זייטן. ער האָט אַלע געהייסן זיך גוט איינקוקן אין די אַרבעס און אויסגעפינען, אויב ס׳איז פאָרגעקומען עפּעס אַן ענדערונג זינט דער לעצטער לעקציע. אַלע האָבן גענומען קוקן, קריכן מיט די אויגן און נעזלעך אין די טעלערלעך. דער געלער שמואליק האָט דער ערשטער זיך געמעלדעט: „איך זע״, האָט ער געזאָגט, „גרינע קנאָספּעלעך, וואָס האָבן אַרויסגעשפּראָצט פון טייל אַרבעס און ביי טייל האַלטן זיי ערשט אין אַרויסקומען״. נישט אַלע אָבער האָבן גלייך געזען דאָס זעלבע וואָס דער געלער שמואליק האָט אַזוי שנעל באַמערקט און טייל האָבן גענומען שרייען: „דער געלער פוקס טראַכט זיך דאָס אַלץ אויס!״ ביסלעכוויין אָבער האָבן די מייסטע דערזען דאָס זעלבע און שמואליקן געגעבן רעכט.

„און וואָס פאַלט דיר אויף, צביה?״ האָט דער לערער געפרעגט.

דער „שוואַרצער שעפּס מיטן פּעפּערל״ האָט אָנגעוויזן אויף עפּעס וואָס איר איז אויפגעפאַלן. ווי פריער שמואליקס חברים מיט פּנחסן בראש, אַזוי האָבן אַצינד

אירע חברטעס באַשטעטיקט אַלץ וואָס זי האָט געזאָגט, הגם זיי האָבן דערוויל גאָרנישט געזען. נאָר די יִנגלעך, ווי זיי וואָלטן זיך אַלע אָפּגערעדט, האָבן גע־שריגן: „סאַ ליגן! סאַ ליגן!" די קליינע חברה האָט בכלל געשטריטן איבער יעדער קלייניקייט וואָס יעדער פון זיי האָט צוערשט אַנטדעקט. ביי די פישלעך האָבן אַלע, צוזאַמען מיטן לערער, פעסטגעשטעלט בלויז איין זאַך: אַז זיי האָבן אויפגעפרעסן אַלץ וואָס מ'האָט זיי ערשט פאַר צוויי טעג אַריינגעשיט אינעם וואַסער.

מיט פאַרדרוס און צער אינעם קול האָט צביה געזאָגט: „איך וואָלט די פישלעך ליב געהאַט, ווייל זיי זענען שיין און שווימען אַזוי לוסטיק אַרום אינעם וואַסער; אָבער זיי פרעסן לעבעדיקע ברואימלעך, ווערעמלעך! און ווען זיי זענען גרויס כאַפּן זיי קליינע פישעלעך און שלינגען זיי איין לעבעדיקערהייט!"

„און פייגל", האָט איר חברטע צינעלע זיך שיער צעוויינט, „כאַפּן שמעטער־לינגען אין דער לופט, צעפּליקן זיי אויף שטיקלעך און פרעסן זיי אויף! כ'האָב אַליין געזען! כ'שווער ביי מיין לעבן, ביי מיין טאַטעשיס און מאַמעשיס לעבן, אַז כ'האָב עס געזען! אָט אַזעלכע שמעטערלינגען ווי די־אָ!"

פנחס האָט געפרעגט: „איז וואָס? מיר עסן די פיש, קליינע, גרויסע. מיר עסן פלייש: פון די קי און אָקסן, פון שעפּסן, פון קעלבער, פון הינער, קאַטשקעס און גענדז".

„אַז מ'האָט נאָר"... האָט דער געלער שמואליק זיך געגומען באַלעקן די ליפּן. יונה „פּלי" און אַ סך אַנדערע זענען געוועזן אין דער זעלבער מיינונג און איינער נאָכן אַנדערן האָט שמאַטשקענדיק די שמאַכטנדיקע ליפּן געגרופן: „אײַ, אַ הינער פולקעלע!... אַ פּופּיקל!... אַ געבראָטן קאַטשקעלע!... אַ שטיקל געגדזנס!... גוט אויס־געברוינט, אַז ס'שמאַלץ זאָל זיך גיסן!... זאָל זיין כאָטש גריוון!"...

דער לערער האָט געטרייסט זיינע שילער: „באַלד איז פסח"... לגמרי נישט איינגייענדיק אויף צביהס און צינעלעס וויטיק וועגן דער גרויזאַמקייט אין דער נאַטור, האָט ער איצט געוועקט אין די קינדער צו דערציילן וועגן דאָס שיינע, פּאָעטישע און פריידיקע וואָס זיי זעען אין דער נאַטור. שילער און שילערנס האָבן דאַן גענומען נאָכמאַכן דאָס זינגען פון פייגל, האָבן געשילדערט ווי פייגל בויען זייערע נעסטן און ווי ס'זעען אויס די פייגעלעך וואָס זענען ערשט נישט לאַנג גע־בוירן געוואָרן. (טייל האָבן על פּי צופאַל געזען אָקערשט אויסגעבריטע שוואַלבן). אַנדערע האָבן געמאָלט פאַרשידענע נאַטור־דערלעבענישן אין דאָרף זומער־צייט, אַ זון־אונטערגאַנג, דעם וואַלד, אַ טייך, אַ גרין פעלד. אַלץ גרעסערע התפעלות האָט באַהערשט די קינדערישע נשמה.

3

ביי דער צווייטער לעקציע האָט דער לערער אויפגעפאָדערט די שילער צו דערציילן וועגן אַ געשעעניש אינעם לעבן: „פון אייגענעם, אָדער פון וועמען אין דער היים", האָט ער זיי געזאָגט. „צי ביי אַ שכן. ס'מעג אויך זיין פון אַן איבער־לעבעניש אין גאַס, ביי דער באַן, צי פאָרנדיק אין צוג, אָדער זייענדיק צו גאַסט ביי משפחה אויף דער פּראָווינץ, צי מיטגעוועזן מיט וועמען ביי אַ פאַרזאַמלונג,

אָדער געמאַכט אַן אויספלוג, צי געהאַט אַ חלום. ס'איז אַלצײנס צי מ'האָט געזען װירקלעך אָדער איבערגעלעבט אין שלאָף".

געמאָלדן האָבן זיך אַ סך, די מײסטע מײדלעך. די ערשטע איז געװען לאהטשע. די לעצטע צײט איז זי געװען די טרױעריקסטע און שטילסטע פון אַלע אין קלאַס. שױן עטלעכע װאָכן אַז זי איז בײ די לעקציעס געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזט קעפּל און זיך קײן אײן מאָל נישט געמאָלדן צו ענטפערן אױף פראַגן, װעלכע דער לערער האָט געשטעלט, סײדן ער האָט זי ספּעציעל אױפגעפאָדערט. זי האָט געמאַכט אַן אײנדרוק אַז זי איז אַצינד שטענדיק מיד און נישט אױסגעשלאָפן. פון װאָך צו װאָך איז זי געװאָרן בלאַסער. לערמאַן האָט זי שױן עטלעכע מאָל געפרעגט, אױב ס'איז איר עפּעס און זי געהײסן גײן צו אַ דאָקטאָר אָדער אין אַ קליניק. נאָר לאהטשע האָט כסדר געענטפערט אַז זי איז געזונט. אײן מאָל האָט אָבער דער לערער זי נישט אָפּגעלאָזט: „דיר איז עפּעס, לאהטשע!" האָט זי אים דאַן דערצײלט, אַז איר פאָטער האָט פאַרלױרן די אַרבעט און קײן אַנדערע קריגט ער נישט; אין דער פאַבריק, װוּ די שװעסטער אַרבעט, שטרײקט מען, אײן ברודער אַרבעט בלױז צװײ טעג אַ װאָך, אַ צװײטער ברודער און אַ צװײטע שװעסטער זענען ערשט אױף דער לער און פאַרדינען דערװײל גאָרנישט; די מאַמע האָט גענומען האַנדלען מיט בײגל אין גאַס — פאַרדינט זי אַ מאָל אַ זלאָטע אַ טאָג און אַ מאָל גאָרנישט.

לערמאַן איז געװויר געװאָרן, אַז אַלץ װאָס לאהטשע האָט אָנגעגעבן װי אַ סיבה פון איר פאַרענדערונג איז געװען אמת. אָבער דאָס װאָס זי האָט אים דער־צײלט װאָלטן אַ סך אין זײן קלאַס, אַזױ אָדער ענלעך, געקענט דערצײלן. אין אַלע יידישע שולן, מער װי אין די מלוכהשע פון די אָרעמע געגנטן, איז געװען נאַטירלעך, אַז אַ גרױסע צאָל שילער זאָלן קומען אָן פרישטיק און נישט אױסגע־שלאָפן. די לערער האָבן געװוּסט אַז זײער אַ סך קינדער אין זײערע שולן זענען אָנעמיש, ראַכיטיש, האָבן שװאַכע לונגען און ס'פעלט זײ צום געװיכט און װוּקס. נאָר מער װי דאָס אַלץ איבערגעבן צו די געהעריקע אָרגאַניזאַציעס האָבן זײ נישט געקענט. אַלץ, װאָס איז דאַן דערגרײכט געװאָרן, איז געװען אַן אַפּעלאַציע בײם בילדונגס־ אָדער געזונטהײטסמיניסטער, רעדעס פון סאָציאַליסטישע דעפּוטאַטן אין סײם (מיט, אָדער אָן קאָנקרעטיק־רעװאָלוציאָנערע פראַזן), רעזאָלוציעס, װאָס זענען אַ מאָל יאָ און אַ מאָל נישט געשטעלט געװאָרן צום אָפּשטימונג. אַ מאָל האָט אַ קאָמיסיע גענומען אױספאָרשן דעם מצב. זענען אין דער קאָמיסיע געװען מער רעכטע — האָט דאָס פאָרשן געדױערט זײער לאַנג און דער רעזולטאַט איז געװען אַן אומגינסטיקער. אין דער לינקער פּרעסע האָבן זיך דאַן גענומען דרוקן שאַרפע אַרטיקלען, האַרצרײסנדיקע שילדערונגען און לידער פון נױט; דאָקטױרים האָבן פאַרעפנטלעכט סטאַטיסטיקעס װעגן דער פאַרשפּרײטונג פון טובערקולאָז צװישן קינדער און שול־יוגנט, אַרבעטער־רעדנערס האָבן געהאַלטן פײערדיקע רעדעס אױף אַזעלכע שטײגער טעמעס: „דער אַלאַרמירנדיקער מצב פון די אַרבעטער־קינדער!", „דאָס שװידערלעכע בילד אין הײם און שול פון 80 פּראָצענט קינדער און שול־יוגנט!", „אונדזער צוקונפט אין געפאַר!", „פױלנס נאַכװוּקס ערב קאַטאַסט־ראָפע!", „דאָס טײערסטע און ליבסטע אין די אָרעמס פון הונגער־טױט!"

דאָס האָט די עפנטלעכע מײנונג אַ ביסל אױפגערודערט. נײע אַפּעלאַציעס אין סײם, נײע אױספאָרשונגען, פאַרהאַנדלונגען, אַז אין די שולן זאָל מען געבן אומזיס־

טע מאַלצייטן, דינגעניש וועגן די סומעס וואָס די רעגירונג זאָל געבן, אויף ווי לאַנג, וועלכע שולן זענען באַרעכטיקט דערצו, ווי אַרעם מוזן זיין די עלטערן אַז זייערע קינדער זאָלן מעגן קריגן אומזיסטע מאַלצייטן אין די שולן אאַ״וו אַ״וו. רעכטע און לינקע דעפּוטאַטן, רעכטע און לינקע מיניסטאָרן און אַנדערע הויכע רעגירונגס־באַאַמטע האָבן גענומען ווייזן זייערע פּאַרלאַמענטאַרישע חריפות, די שפּיצלעך, דריידלעך, המצאות און שמדשטיק איבערצוקליגלען און איבערצוכיטרעווען איינער דעם אַנדערן. געענדיקט האָט עס זיך מיט קאַרגע ביסנס אויף אַ קורצער צייט פאַר גאָר ווייניק פון די הונגערנדיקע שילער. די יידישע שולן, ווו ס׳האָבן געלערנט די אָרעמסטע פון די אָרעמע, האָבן מייסטנס גאָרנישט באַקומען, אָדער אַזעלכע סומעס, וואָס האָבן מער באַליידיקט ווי געהאָלפן. די אומזיסטע מאַלצייטן, וואָס מ׳האָט געגעבן אין יידישע שולן, זענען מייסטנס געקויפט געוואָרן פאַרן געלט פון די אונטערשטיצונגען, וואָס געוויסע יידישע הילפס־אינסטיטוציעס האָבן געגעבן און פון פאַרשידענע זאַמלונגען צווישן די אָרעמע מאַסן זעלבסט. אויך די לערער און די לערערנס האָבן זיך באַשטייערט פאַרן דאָזיקן צוועק פון זייערע קליינע שכירות, וואָס זיי האָבן נישט שטענדיק באַקומען אויסגעצאָלט און אָפט בלויז טיילווייז; זיי האָבן אַראָפּגעגעבן מער וויפל זיי האָבן געקענט.

אָבער לערמאַנען האָט גענומען אויפפאַלן, אַז לאַהטשען פייניקט נישט בלויז דער הונגער, נאָר עפּעס דריקט איר נשמה. האָט ער דעריבער זיך אַצינד געפּרייט, וואָס לאַהטשע האָט זיך געמאָלדן צו דערציילן עפּעס: אפשר וועט ער דערביי געוווּיר ווערן וואָס מיט איר איז. נאָר לאַהטשען איז אָנגעקומען זייער שווער דער אָנהייב. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, זיך געביסן די נעגל פון די פינגער, גע־גראַבלט אינעם נעזל און זיך געהאַלטן אין איין באַנעצן די בלאַסע ליפּן. ס׳איז איר געווען טרוקן אין האַלדז און דער שלונג האָט כסדר געקעמפּט, ווי ער וואָלט געוואָלט עפּעס אַראָפּשלינגען און נישט געקענט. דאָס האָבן כמעט אַלע געזען. און ווייל אַלע האָבן געוואַרט אַז זי זאָל שוין אָנהייבן צו דערציילן, איז איר דאָס אָנהייבן געוואָרן נאָך שווערער און זי האָט זיך שיער צעוויינט. אָבער זי האָט זיך באַהערשט און גאָר גענומען שמייכלען. נאָר דאָס איז געווען אַ וויטיקלעך שמייכלען.

דער לערער האָט צו איר געזאָגט: „דו ביסט דורשטיק, לאַהטשע. דאָ האָסטו וואַסער, טרינק!״

זי האָט אויסגעטרונקען ס׳גאַנצע גלאָז וואַסער. ערשט דאַן האָט זי גענומען דערציילן; נאָך אַלץ זייער שווערלעך, רויט־ווערנדיק, זיך צופּנדיק ס׳קליידל, קנייטשנ־דיק די העפטן וואָס זענען געלעגן פאַר איר, ביז ס׳האָט גענומען גיין פליסיקער. זי האָט געשילדערט גאַסן און הייף, נאָר אַזעלכע וואָס זענען אין יידישן אָרעמען פּערטל גאָרנישט געווען, זי האָט דערציילט וועגן רייכע מענטשן, און אַז צווישן זיי זענען דאָ אויך גוטע. גאָר צעקאָכט האָט זי זיך ווען זי האָט גענומען מאָלן דאָס גרויסע פּוילישע טעאַטער: „ווי פּרעכטיק ס׳זעט אויס פון דרויסן!... ווי ליכטיק ס׳איז דאָרט!... ווען ס׳טעאַטער עפנט זיך נעמען אָנקומען דראָשקעס, קאַרעטעס און אויטאָמאָבילן און פון זיי שטייגן אַרויס מיליאָנערן מיט זייערע פרויען, יונגע פּאַנעס מיט פּאַניענקעס, און זיי גייען אַזוי רייך אָנגעטאָן!... הערלעכע קליידער: סאַמעטענע... זיידענע... באַהאָנגען מיט טייער צירונג: גאָלד, בריליאַנטן און דיי־מאַנטן און... און״... געענדיקט האָט זי אַזוי: „ס׳איז גוט צו זיין רייך... ווען איך

וועל גרויסן ווערן, וועל איך נאָר וועלן זיין רייך... איך"... זי האָט געוואָלט זאָגן אַז זי וועט חתונה האָבן מיט אַ רייכן מאַן, אָבער זי האָט זיך צוריקגעכאַפּט און קאָקעטיש דרייענדיק מיט די אויגן, אַ זאָג געטאָן: „איך וועל ווערן אַ באַרימטע אַקטריסע!... כ'וועל פאַרדינען אַ סך געלט!"...

די מייסטע שילער און שילערנס האָבן אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער: „כי־כי־כי!... רייך וועט זי זיין!... אַן אַקטיאָרקע!"... חברה האָט גענומען חוזק פון איר, זי רופן מיט פאַרשידענע צונעמען. דער געלער שמואליק און יונה פלי מיט זייער קאָמפּאַניע האָבן איר געמאַכט אַ קאַצנמוזיק. זי האָט זיך צעוויינט. דער לערער האָט זיך פאַר איר אָנגענומען. ס'איז צוריק שטיל געוואָרן.

לויט דער ריי האָבן דאַן אַלע, וועלכע האָבן זיך געמאָלדן, דערציילט וועגן זייערע איבערלעבענישן אָדער וואָס זיי האָבן געזען. די מייסטע האָבן געשילדערט פּריילעכע זאַכן. שמערל האָט דערציילט וועגן אַ חתונה ביי זיינס אַ מומע, ביי וועלכער ער איז געווען. דאָס איז כמעט אַלע געפעלן. דאַן האָט שמואליק געשילדערט ווי ס'איז אין דער היים צוגעגאַנגען דעם היינטיקן פּורים: ס'אַרא שלח־מנותן מ'האָט געברענגט, ווי דער טאַטע זיינער האָט זיך אָנגעשיכורט, וואָס ער האָט גערעדט און ווי ער האָט געטאַנצט מיט דער מאַמען. אַלע האָבן דערביי געלאַכט. באַזונדערס אָבער האָבן זיי זיך געקאַליערט פון געלעכטער, אויך דער לערער און אַפילו יעקב, ווען דער געלער קונדס האָט גענומען נאָכמאַכן די פּורים־שפּילער: מרדכין, דעם מלך אַחשורוש, דער מלכה ושתי, אסתר המלכהן און המנען מיט זיין זון ויזתא. יונה פלי, זעענדיק ווי זיין חבר האָט אויסגענומען, האָט אויך אַ קאָמישן אופן גענומען שילדערן אַ פאַרזאַמלונג אין אַ פאַראיין, וווהין זיין טאַטע האָט אים מיטגענומען. ער האָט נאָכגעמאַכט דעם רעדנער, געוויזן ווי דער עולם האָט געפּאַטשט בראַוואָ, נאָכגעקרומט צעטומלטע אָפּאָנענטן אין דער דיסקוסיע וואָס האָבן נישט געוווסט וואָס צו זאָגן און איבערגעגעבן דאָס געשלעג וואָס האָט אויסגעבראָכן. נאָר געלאַכט האָבן איצט בלויז עטלעכע. די מייסטע איז די גאַנצע זאַך נישט אָנגעגאַנגען און האָבן זיך דעריבער נישט צוגעהערט. טייל אָבער האָבן פּראָטעסטירט פאַר חוזק מאַכן פון אַן אַרבעטער־פאַרזאַמלונג. צווישן זיי איז געווען צינעלע. זי האָט געשילדערט אַ גאַסן־דעמאָנסטראַציע פון אַרבעטסלאָזע, האָט דערציילט וועלכע לידער מ'האָט געזונגען, אַז די דעמאָנסטראַנטן האָבן געפאָדערט אַרבעט, אָדער אונטערשטיצונג און אַז די דעמאָנסטראַציע האָט זיך געענדיקט זייער טרויעריק: די פּאָליציי האָט געשלאָגן מיט די גומענע שטעקנס און אַלע צעטריבן. אַן אויפגערעגטע האָט זי געענדיקט: „בלויז ווייל די אָרעמע אַרבעטער ווילן אַרבעט צו קענען פאַרדינען אויף ברויט!" און זי האָט זיך צעוויינט: „די רעגירונג האָלט נאָר מיט די רייכע: וויפל צעבלוטיקטע ס'זענען געווען! דערצו האָט מען זיי נאָך אַרעסטירט!"

עטלעכע האָבן זיך אָנגערופן: „מיר האָבן דאָס אויך געזען!"

אַ סך האָבן טרויעריקע זיך פאַרטראַכט.

די לעצטע איז געווען צביה. „איך וויל דערציילן אַ חלום וואָס כ'האָב געהאַט", האָט זי אָנגעהויבן און געוואָרנט: „אַ מאָדנער חלום; זייער אַ טרויעריקער, אַ שרעקלעכער און עפּעס אַ קאָמישער: כ'בין געפאָרן אויף אַ פּלאַטפאָרמע. ס'האָט מיך אַזוי געשאָקלט, אַז כ'האָב געמיינט ס'פאַלן מיר אַרויס די געדערעם און ס'האַרץ.

ס׳איז געווען גרויסער טאָג, אין מיט זומער, די זון האָט געברענט. גרינע פעלדער. בלומען פון פאַרשידענע קאָלירן. נאָר איך האָב געפּליקט בלויז די געלע, די רויטע און די ווייסע. קופּעס בלומען. זיי האָבן מיך אַרומגענומען, געהאַלדזט און געקושט. דערביי האָט מיר אָנגעהויבן ווײ־טאָן דער בויך, אַזוי ווײ, אַז איך האָב אַזש געוואָלט שרייען. כ׳האָב געמיינט אַז כ׳האַלט עס מער נישט אויס. דאָן האָבן זיך גענומען שיטן קינדער פון מיר. אָבער פּלוצלינג האָט זיך אַ מאַך־געטאָן אַ שרעקלעכער שטורעם. מיט איין מאָל איז דער הימל געוואָרן אין גאַנצן פינצטער. דער שטורעם האָט מיך אַ כאַפּ־געטאָן און גענומען טראָגן. די קינדער האָט ער צעשמיצט אין אַלע זייטן אַריין. זיי האָבן זיך געריסן צו מיר און איך צו זיי. איך האָב געוויינט און זיי האָבן געוויינט. פון אונדזערע טרערן איז געוואָרן אַ ים, אַ רויטער ים, אַ ים פון בלוט. די קינדער זענען אַלע דערטרונקען געוואָרן אין דעם ים. איך האָב זיי געוואָלט ראַטעווען, אָבער איך האָב מיך אויך גענומען טרינקען. האָב איך אַזוי געשריגן... האָט די מאַמע מיך אויפגעוועקט. ס׳איז שוין געווען גרויסער טאָג״.

עטלעכע האָבן גיך אָפּגעפּסקנט: „אַ נאַרישער חלום״. דער לערער האָט געטראַכט אַ מאָמענט און דאַן געזאָגט די שילער, אַז פון די אַנדערע לעקציעס זענען זיי פריי. ער האָט זיי אָבער נאָך נישט אַהיימגעשיקט, נאָר געגעבן אַ האַלבע שעה פּויזע. „ווער ס׳וויל בלייבן אין קלאַס״, האָט ער מוסיף געווען, „כדי נאָך אַ ביסל צו פאַרברענגען מיטן גאַסט, אים צו שטעלן פראַגעס אָדער אַזוי אַ ביסל צו שמועסן מיט אים — קען בלייבן. און אפשר וויל דער גאַסט גאָר אייך שטעלן פראַגעס? — יעדנפאַלס, איר קענט טאָן וואָס איר ווילט. שפּעטער וועלן די, וועלכע נעמען אָנטייל אינעם קאָנצערט, היינט ווידער איבערחזרן זייערע ראָלן. די רעשט וועלן זיצן אויף זייערע ערטער און זיך פאַרשטעלן אַז זיי זענען אין טעאַטער״.

נאָר געבליבן זענען בלויז עטלעכע. צווישן זיי צביה. די אַנדערע זענען אַלע, דערפרייטע און מיט אַ געפּילדער, אַראָפּ אין הויף זיך שפּילן. אָבער די עטלעכע זענען אויך נישט געבליבן לאַנג. יעקב האָט דאַן נאָך אַ ביסל געשמועסט מיט לערמאַנען, צומייסט וועגן לאַהטשען און געזאָגט: „שפּעטער, ווען זי וועט זיין אַ דערוואַקסן מיידל, קען זי זיך לאָזן אויף אַ געפערלעכן וועג״. דער לערער האָט מסכים געווען און אַרויסגעזאָגט זיין השערה: „זי גייט אַוודאי אַרום בעטלען, נישט אין יידישן פערטל, נאָר אין דער רייכער געגנט. מעגלעך אַז די עלטערן ווייסן דאָס; זי ברענגט אַוודאי אַהיים דאָס געלט. די דאָזיקע לאַהטשע האָט אַ גוט האַרץ, זי קען נישט צוזען די נויט אינדערהיים. אָבער זי איז נישט איינע, וואָס העלפט אויף אַזאַ אופן די עלטערן״.

יעקב האָט געמאַכט אַ טרויעריקן אויספיר: „די קרבנות פון קאַפּיטאַליזם. און מיין פריינד, דער לערער, הייסט זיך פאַרלאָזן אויפן גייסט״... ער האָט זיך געזעגנט: „אַצינד גיי איך צו דיין פרוי אין דער קליניק אַריין״.

4

ס׳איז געווען מיטאָגצייט. אָבער אין דער קליניק, אין וועלכער פערעלע האָט געאַרבעט, האָט חוץ עטלעכע פון די העכערע דאָקטוירים קיינער זיך נישט פאַר־

גינען צו נעמען אַ שעה, אָדער וויניקסטנס אַ האַלבע שעה צייט אויף מיטאָג. ווער ס'האָט מער נישט געקענט אויסהאַלטן דעם הונגער און איז געווען שוין זייער מיד, האָט אין דער קליניק עפּעס געגעסן און דערביי אַ פערטל שעה אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם. פערעלע האָט זיך אָפּט אויך דאָס נישט פאַרגינען. יעקב האָט זי געטראָפן אַרומגערינגלט פון יונגע מאַמעס מיט זייערע עופעלעך און מאַמעס מיט גרעסערע קינדער. דאָס צימער — אַ גאַנץ גרויס — איז געווען פול מיט מאַמעס און קראַנקע אָדער בלויז שוואַכע קינדער. די לופט איז געווען אַ שווערע. חוץ די מיטגע־ברענגטע אָרעמאַנסקע טוכלע לופט פון קעלערשטוב, פון ווילגאַטש און זויערן שווייסיקן אַוויר, איז אין דער קליניק צוגעקומען די געסראַכע פון דער אומריינקייט אין די ווינדעלעך, וואָס די קראַנקע עופעלעך האָבן, וואַרטנדיק דאָ, אָפּגעטאָן און דער ספּעציפישער ריח פון חולאים. קיין פענצטער האָט נישט געטאָרט געעפנט ווערן. דאָס איינציקע דערפרישנדיקע איז געווען די שטאַרקע דיזענפעקציע פון קאַרבאָל.

אינעם ערשטן אויגנבליק האָט יעקב נישט געוווסט: האָט פערעלע אים געזען אַריינקומען, אָדער נישט? זי איז געשטאַנען הינטער אַ לאַנגן און ברייטן טיש אין האָט פון דער פּערספּעקטיוו געקענט אַרומנעמען מיטן בליק דאָס גאַנצע צימער. ער זי — האָט גלייך דערבליקט און דעריבער אַנגענומען אַז זי האָט אים אַוודאי אויך באַמערקט. אָבער ער האָט געזען ווי שטאַרק באַשעפטיקט זי איז. ער האָט זי אָבסערווירט. אַ גאַנץ אַנדערע פערעלע ווי אין דער היים, האָט ער פעסטגעשטעלט. דער ווייסער כאַלאַט פּאַסט איר זייער גוט. איר לאַנג, שמאָל פּנים — גאַנץ וויניק ראָזע תמיד — האָט איצט געפלאַמט. ס'איז נישט געווען די רויִקייט דערין, וואָס ס'האָט אַ דאָקטאָר אין יעדער סיטואַציע; אָבער אויך נישט די צעפלאַמטקייט, וואָס ס'איז דאָ אין די פּנימער פון די מייסטע מענטשן בעת אַ שריפה ווען זיי ווילן ראַ־טעווען זייער פאַרמעגן. אין פערעלעס פּנים איז אַצינד געווען ביידעס: אַ טייל פון דאָקטאָרס רויִקייט און אַ טייל פון צעפלאַמטקייט ביים ראַטעווען בשעת אַ שריפה. נאָר יעקבן האָט זיך געדאַכט, אַז ער זעט אין פערעלעס פּנים די פאַרצווייפלונג פון אַ מאַמע ווען איר קינד איז אין געפאַר.

אין דער קליניק זענען יעדן טאָג געקומען הונדערטער מאַמעס מיט זייערע קראַנקע אָדער שוואַכע קינדער. זיי האָבן געוואַרט שעהן־לאַנג, אַ גאַנצן טאָג און אַפילו צוויי טעג, אויפגענומען צו ווערן. אָבער ס'האָבן אָנגעהויבן קומען אַלץ מער און מער און אַ סך, אָדער די מייסטע, האָבן זיך נישט געקענט דערוואַרטן און געמוזט אַוועקגיין מיט גאָרנישט. די פרויען זענען געקומען אַהער, ווייל זיי האָבן געזען, אַז סיי די אָנגעשטעלטע דאָ און סיי די דאָקטוירים, זענען איבערגעגעבן בלב ונפש, אַז זיי טוען באמת אַלץ וואָס זיי קענען צו ראַטעווען זייערע קראַנקע און שוואַכע קינדער. ס'זענען געווען נאָך קליניקעס, אָבער די אומגליקלעכע אָרעמע מאַמעס האָבן געוווסט, אַז אין די מייסטע איז די באַציִונג פון די אָנגעשטעלטע צו זיי אַ באַליידיקנדיקע און די דאָקטוירים העלפן גאָר וויניק זייערע קראַנקע קינדער. דערביי קאָסט יעדער וויזיט געלט; נישט קיין סך, אָבער פאַר אַן אָרעמאַן באַדייט עס געצוג.

האָט פערעלע געוואָלט, אַז מ'זאָל אין דער קליניק, ווו זי אַרבעט, העלפן וואָס מער און אַרויסגעיאָגט פון זיך פּשוט די נשמה. זי האָט געוויגן די קינדער און

אויסגעפרעגט די מאַמעס. ווען יעקב איז צו איר צוגעקומען האָט אַ יונגע מאַמע געהאַלטן אין אויספּאַקן פון די ווינדעלעך איר עופעלע. פערעלע האָט זיך דער־פרייט מיטן גאַסט. נאָר די האַנט האָט זי אים נישט געגעבן. זי האָט אים בלויז איינגעלאַדן צו זיך אויף דער אַנדערער זייט טיש. נישט פאַרלירנדיק קיין צייט, האָט זי דער יונגער פרוי געהייסן אַרויפלייגן ס׳קינד אויף דער וואָג און געפרעגט: „וויפל האָט עס געוויגן ווען ס׳איז געבוירן געוואָרן?"

„פיר פונט", האָט די מוטער געענטפערט.

„דאָס וויפלטע קינד?"

„ס׳דריטע".

„געמפּלט?"

„צוויי מאָל".

„ווי אַלט זענט איר?"

„פיר און צוואַנציק יאָר".

„וויפל האָט געוויגן ס׳ערשטע קינד ווען ס׳איז געבוירן געוואָרן?"

„זיבן פונט".

„ס׳צווייטע?"

„פינף און אַ האַלב. ס׳איז געשטאָרבן. נאָך קיין יאָר נישט אַלט געווען. זיך פאַרקילט. מיין מאַן האָט נישט געאַרבעט. ס׳איז נישט געווען קיין געלט אויף קוילן".

„ס׳ערשטע קינד איז געזונט?"

„יאָ. אָבער זייער בלאַס און שוואַכלעך".

„האָט איר געגעבן מילך אין דער ברוסט צו זייגן דאָס קינד?"

„כ׳וואָלט געהאַט, ווען"...

„ביי וואָס אַרבעט אייער מאַן?"

„ער איז אַ פּאַפּיראָסניק. אָבער די פאַבריק אין וועלכער ער אַרבעט שוין ס׳דריטע יאָר האָט די רעגירונג איבערגענומען. זי האָט געהערט צו אַ ייד און די מייסטע אַרבעטער זענען געווען יידן. אַצינד אָבער אַרבעטן דאָרט מער נישט קיין יידן און מיין מאַן איז ווידער אַרבעטסלאָז".

פערעלע האָט דאָס אַלץ פאַרשריבן. דאַן האָט זי דער יונגער מאַמען געהייסן אַריינגיין מיטן קינד אין אַן אַנדער צימער און גענומען אויספרעגן אַ צווייטע פרוי, וואָס האָט געהאַלטן איין קינד אויפן אָרעם און אַ צווייטס, אַ מיידעלע פון אַ יאָר פיר־פינף, געפירט ביים הענטל. נישט איבעררייסנדיק די אַרבעט האָט פערעלע געפרעגט יעקבן: „איר קומט איצט פון לערמאַנען?"

ער האָט זיך אַנטשולדיקט: „כ׳האָב פאַרגעסן איבערצוגעבן אייך אַ גרוס".

איר פּנים האָט אויפגעלויכטן: „איר האָט אין דער שול אַוודאי געזען שמואליקן, אַ געלער, אַ פייערדיק יינגל. די דאָזיקע פרוי איז זיין מאַמע. דאָס קליינע מיידעלע איז זיין שוועסטערל. ווי הייסטו? זאָג ווי דו הייסט, שעם דיך נישט!"

דאָס קינד האָט מיט צוויי פינגערלעך אויפגעהויבן ס׳קליידעלע און מיט זייטיק־אַראָפּגעלאָזט רויט קעפּל געענטפערט: „גאָלדעלע".

„לאָז אַראָפּ ס׳קליידל!" האָט די מוטער געשריגן אויפן קינד.

האָט גאָלדעלע זיך נאָך מער פאַרשעמט און פערעלען שוין גאַרנישט געוואָלט

ענטפערן. זי האָט אויך נישט געוואָלט אַראָפּלאָזן ס׳קליידל. נאָר פּערעלע האָט זי נישט אָפּגעלאָזט: „און ווי הייסטו נאָך, גאָלדעלע?"

גאָלדעלע האָט ס׳קליידל קאַפּויערגעהויבן נאָך העכער און געענטפערט שוין אין גאַנצן אומגערן: „דאָלדטייך".

„און וואָס מאַכסטו אין קינדערגאָרטן?"

אָבער די מוטער פונעם קינד האָט זיך ווידער אַריינגעמישט, וויל גאָלדעלע האָט געהאַלטן אין איין קאַפּויערציִען ס׳קליידל. „חושך!"... האָט די ייִדענע געשריגן. „דו ווייזט דאָך אַלץ וואָס אַ מאַן טאָר נישט זען, גאָלדעלע!... ווען דו וואָלסט גע־גאַנגען אָנגעטאָן אין מייטקעלעך וואָלט נישט געשאַדט; אָבער דו האָסט דאָך נישט קיין מייטקעלעך".

פּערעלע האָט יעקבן דערציילט, אַז גאָלדעלע מאַכט אינעם קינדערגאָרטן גאָר שיינע זאַכן: „זי האָט אָפּגעמאָלט אַ קליין פערדל וואָס שלעפּט אַ גרויסן וואָגן. ס׳פערדל האָט אָבער נישט קיין כוח — העלפט דער באַלעגאָלע דעם פערדל: ער שטופּט דעם וואָגן. און טאַנצן קען גאָלדעלע! — מיר וועלן זי זען טאַנצן אויף דער בינע דעם חול־המועד פּסח!"

אָפּגעפּאַרטיקט די פּרוי — האָט פּערעלע צוגערופן אַ דריטע, אַ פּערטע. די מייסטע פרויען האָבן מיט פאַרשידענע ענדערונגען, קלענערע אָדער גרעסערע, דערציילט כמעט דאָס זעלבע וואָס די ערשטע אָדער די צווייטע פרוי האָט ביים אויס־געפרעגט ווערן דערציילט. אַ סך האָבן איבערגעגעבן — זיך שעמענדיק דערביי — אַז זיי האָבן געמפּלט. אויף דער פראַגע וועגן געוויכט פונעם עופּעלע ביי דער געבורט האָט איין מאַמע אָנגעגעבן דריי און אַ האַלבן פונט און אַ צווייטע בלויז דריי. די האַלבדערוואַקסענע און גאַנצדערוואַקסענע האָבן זיך יעקבן געוואָרפן אין די אויגן מיט זייער בלאַסקייט, מיט זייערע אָפּגעצערטע פּנימלעך, גרויסע טרויע־ריקע און דערשראָקענע אויגן, קליינגעוויקסיקייט און שמאַלברוסטיקייט. ביי אַ סך האָבן די אַקסלען אַראָפּגעהאָנגען. דאָס קורץ הוסטעלע כסדר, די ווייסע ליפּן, ווייסע אויערן, אויסגעצערטע בלייכע בעקלעך מיט „רויזן" אין סאַמע מיט — דאָס האָט די מאַמעס באַזונדערס געשראָקן. אָבער זיי אַליין (די מאַמעס) האָבן אויך אויס־געזען ווי חולאים, הגם זיי זענען נישט געווען קראַנק. אַ סך פרויען אין די מיטעלע יאָרן, אויך נאָך גאַנץ יונגע, האָבן אויסגעזען ווי זקינות: שוין אויסגעלאָשן, פאַר־וועלקט, איינגעדאַרט.

קוקנדיק אויף די קינדער איז יעקב אַריינגעפאַלן אין יאוש. „דאָס באַדייט דעגענעראַציע פון אונדזער פאָלק", האָט ער געזאָגט צו פּערעלען.

זי האָט אַ שווערן זיפץ געטאָן: „אַזוי מיינען אויך אַ טייל פון אונדזערע דאָק־טוירים. אָבער... מ׳דאַרף נישט פאַרלירן דעם בטחון און די האָפענונג אַז ס׳וועט ווערן בעסער".

ער האָט זיך געזעגנט: „מיר זעען זיך ביים קינדער־קאָנצערט".

„געוויס"! אירע אויגן האָבן זיך צעשטראַלט.

## קאַפּיטל דריי און דרייסיק

# און די יונגע ביימעלעך בליען

1

ווי יעדעס יאָר האָבן די ייִדן אויך דאָס יאָר געפּראַוועט פּסח. נישט די צייט, נישט דער ביטערער עקאָנאָמישער מצב, נישט די פּאָליטישע ענדערונג און נישט די געענדערטע באַגריפן און די אויפפאַסונגען וועגן גלויבן — קיין שום כוח איז נישט אומשטאַנד געווען ביי די ייִדן אַוועקצונעמען זייער יום־טוב פּסח. אַפילו די, וואָס האָבן געקעמפט קעגן רעליגיע און טראַדיציע האָבן זיך פון דעם דערהויבענעם און פייערלעכן סימבאָל אינעם פּסח נישט געקענט אָפּזאָגן. פאַר די אָרעמע איז פּסח דאָס אויפגעשיינטע ליכט אין דער פינצטערניש פון זייער לעבן אַ גאַנץ יאָר. וואָס אָרעמער און דערשלאָגענער, וואָס פינצטערער דאָס יאָר איז פאַר די דערשלאָגענע מענטשן געווען אַלץ העלער האָט דאָס ליכט „פּסח" געלויכטן פאַר זיי.

יוכבד האָט אַפילו אָנגעהויבן געזונט ווערן ווען פּסח האָט זיך גענומען דערנענטערן. וואָס נעענטער דער דאָזיקער יום־טוב איז געקומען, אַלץ בעסער האָט זי זיך געפילט. און דער היינטיקער פּסח איז פאַר איר געווען דער גליקלעכסטער פון אַלע, צייט איר מאַן איז געשטאָרבן. אירע קינדער, דער שנור און דער מחותנתטע און די שכנים — יעדן ווער ס'האָט זי געפרעגט ווי ס'גייט איר — האָט זי געענטפערט: „כ'בין איצט שוין אין גאַנצן געזונט קיין שום עין־הרע. דער אין הימל איז אַ רופא־חולים, ער האָט מיר צוגעשיקט אַ רפואה־שלימה אינעם זכות פון מיין מאַן ז"ל אין ליכטיקן גן־עדן". אַלץ צוליב דעם נחת וואָס זי האָט דערלעבט אין מאירלען — דעם ייִנגסטן זון. ער איז אויף פּסח געקומען פון דער ישיבה ווו ער האָט געלערנט. ווען זי האָט גערעדט וועגן אים, באַזונדערס ווען זי האָט אַצינד אויף אים געקוקט, האָט איר געל אָפּגעצערט פּנים זיך צעבליט און אירע אויסגעלאָשענע אויגן האָבן גענומען לויכטן.

לכבוד פּסח און לכבוד דעם גאַסט האָט יוכבד באַנייט דריי זאַכן: אַ קופּקע, אַ פאַרטעך און אַ פּאָר וואַרעמע מייטקעס (זינט זי איז קראַנק געוואָרן האָט זי אַפילו זומער געפרוירן). איר חלק שטוב אינעם קעלער איז אַצינד געווען כמעט אַ העלפט, מיט אַ טייל פונעם פענצטער, ווייל דער „זיידע", דער אייגנטלעכער באַלעבאָס פון דער דירה איז געשטאָרבן: ער איז אַוועק אין הימל אַריין צו זיין פייגען, מיט וועלכער ער איז געבליבן פאַראייניקט אַפילו נאָך איר טויט און נישט געקענט לעבן אָן איר גאַנץ אַליין אין אַזאַ גרויסער נויט. די גרעסערע און בעסערע העלפט פון דער שטוב האָט, פאַרשטייט זיך, פאַרכאַפּט שחור. אָבער די אָרעמע קראַנקע אַלמנה איז געווען צופרידן מיט דער קליינער העלפט. נאָך די שווערע און פינצטערע יאָרן אין וואַרשע האָט יוכבד געפילט אַז זי איז אויפגעריכט געוואָרן. זי האָט געלאָזט אויסקאַלכן איר האַלבע דירה, געקויפט אַן אייזערן בעטל פאַר בנימינען און נאָך אַ סך אַנדערע זאַכן: געפעס, גלאַזוואַרג, סיץ מיט געלע, ליליע און ראָזע קווייטן אויף העלגרינעם גרונט. (אָפּגעשפּאָרט פון בנימינס פאַרדינסטן).

פונעם סיך האָט זי געמאַכט אַ נייעם פאַרהאַנג אויף אָפּצוטיילן איר העלפּט ווױנונג פון שחורס און צוויי דעקעס פאַר די צוויי אײַזערנע בעטלעך: אירס און בנימינס. פסח האָט די דאָזיקע האַלבע קעלערשטוב פשוט „פאַרנומען די אויגן"... די בלומען פון די נייע דעקעס האָבן אַראָפּגעלויכטן פון די אײַזערנע בעטלעך. פונעם טיש האָט אַראָפּגעפּעכלט דאָס יום־טובדיקע ווייסע טישטעך מיט די בלויע און ווייסע דעסנס און פראַנדזן. פון דער פּאָדלאָגע האָט ווי גאָלד געשימערט דאָס געלע זאַמד.

מאירל האָט געפּראַוועט די סדרים אַזוי, אַז די מוטער זאָל האָבן גענוג נחת־רוח פון אים. ביידע טעג פסח זענען פאַר יוכבדן געווען בלויז פרייד. אַצינד איז דער ערשטער טאָג חול־המועד. די זון וועט אַוודאי שוין באַלד אונטערגיין, ווייל אירע שטראַלן קומען קאָסע פון דער מערב־זייט און בליאַסקען אַריין אין דער קעלערשטוב דורך די שטאַכעטן איבערן פענצטער אויבן. יעקב איז אַראָפּגעקומען מיט דודלען. ראַבע איז געבליבן אינדערהיים, ווייל זי איז שוין אויף דער צייט און ס'איז איר שווער צו קלעטערן פינף שטאָק שטיגן. יוכבד פּאָרעט זיך ביים קיכל; זי מאַכט כרעמזלעך. דער ריח פונעם געגנדזנשמאַלץ אין דער פּאַטעלניע שמעקט מיט פסחדיקן עולם־הזה־תענוג. יוכבד האָט די פּאַרטיקע כרעמזלעך אַרויפגעלייגט אויף אַ ווייסן טעלער מיט אַ גאָלדענעם ראַנד, באַשיט מיט מאַנטשקע און אַוועקגע־שטעלט אויפן טיש. חוץ וואָס זיי זענען גוט — זענען זיי אויך אַ גלוסטונג פאַרן אויג; זיי זעען אויס ווי באַזילבערטער בורשטין. בנימין האָט צוגעבערנגט אַ באָרדאָ־רויטע קאַרפינקע מיט ראָזשינקע־ווײַן און קליינע כוסהלעך. די דריי ברידער זענען גוט אויפגעלייגט. זיי פרייען זיך מיט דער מאַמען און זי מיט זיי. נאָר איר גרעסטע פרייד איז דאָך מאירל. ער איז פאַר איר דער גרעאָטנסטער, כאָטש — ווי דער סופר פלעגט אָפט זאָגן — האָט דער מוזיניק אַן ערגערן קאָפּ ווי זיינע צוויי ברידער. דער ווילן אָבער, ווי ס'איז שטענדיק געווען יוכבדס מיינונג, און איז איצט נאָך שטאַרקער, איז מער ווי אַ גוטער קאָפּ. ווי קוועלט אַצינד איר האַרץ! זי זעט ממש ווי די שכינה רוט אויף מאירלען... זיינע לאַנגע געקרייזלטע פּיאות... נאָך מער קוויקן דער מאַמען די געטלעכע רייד פון מאירלס פרומען מויל... ווי ער וואָלט שוין געווען אַ רב, אָדער אַ רבי — אַזוי זעט ער אויס אין דעם לאַנגן געהאַקטן קאַפּאָטקעלע, צעקנעפּלט, אַז יעדער זאָל זען ווי דער טלית־קטן גרייכט אים שיער ביז צו די קני;ען און די ציצית ביז די קנעכלעך... אין אַ סאַמעטן היטל, אין ווייסע זאָקן און האַלבע לאַטשן... איבער דער אייבערשטער ליפּ שוואַרצט זיך שוין דער פּוך פון בחורישקייט... די אויסגעפּאַשעטע ראָזע בעקלעך זאָגן עדות, אַז אין דער ישיבה גייט אים גוט: ער האָט באַקומען „טעג" צו עסן ביי נגידים... זיי האָבן אים טאַקע אַזוי פיין אויסגעקליידט...

מאירל רעדט אַצינד נאָר תורה־זאַכן. נישט כדי צו ווייזן פאַר די ברידער זיין גרויס לומדות און חריפות, נאָר כדי דער מוטער צו פאַרשאַפן וואָס מער נחת־רוח. יעקב האָט צוערשט געפּרוּווט זיין פרום־געוואָרענעם ברודער צו שטויסן אויף דעם שרייענדיקן ווידערשפּרוך פון אָרעם און רייך אין דער פרומער וועלט און אויף דער רשעות וואָס סע הערשט אין איר; אָבער ער האָט באַלד אויפגעהערט, איינזעענדיק די צוועקלאָזיקייט פון אַזאַ געשפּרעך. ער האָט געוווּסט, אַז מאירל איז פרום געוואָרן נישט פון איבערצייגונג, אָדער ווייל ער האָט פּלוצלינג באַקומען רעליגיעזע געפילן, נאָר ווייל ער האָט דערשנאַפּט, אַז תורה איז אַ בעסערע סחורה

ווי אַרבעטן שווער און קעמפן פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט. אַ כיטראַק — איז ער אַצינד אַ צבועק. נאָר בנימין, אַ גליקלעכער אַצינד אין זיין ליבע און נאָך ענטוזיאַסטישער אין זיין יוגנטלעכקייט פאַרן סאָציאַליסטישן אידעאַל — קורץ פאַרן ערשטן מאַי — האָט זיך צעהיצט קעגן דעם יונגן ברודער דעם ישיבה־בחור. ער האָט גערעדט וועגן יושר און אמת און זיך באַמיט — ווי יעקב אַמאָל דעם פאָטער — דעם פרישגעבאַקענעם פרומאַק צו באַווייזן, אַז יידישקייט מיינט גע־רעכטיקייט. ווי זיין עלטערער ברודער (מיט עטלעכע יאָר צוריק), האָט ער אַצינד אויך געברענגט די תורה און די נביאים פאַר עדות. דער פסח איז אים אַצינד גאָר באַזונדערס צונוצגעקומען און ער האָט אויסגערופן: „דער דאָזיקער יום-טוב באַדייט די באַפרייונג פון די יידישע שקלאַפן אין מצרים!" אין גרויס התלהבות האָט ער געשילדערט ס'אַרא שיינע וועלט ס'וועט זיין ווען ס'וועט הערשן סאָציאַ־ליזם: „אַלע מענטשן וועלן זיין גלייך. ס'וועלן נישט זיין מער קיין מלחמות. די פעל־קער וועלן לעבן בשלום צווישן זיך, וועלן זיך ליב האָבן שטאָט זיך האַסן. ס'וועט מער נישט זיין קיין אונטערדריקונג. מ'וועט מער נישט וויסן פון נויט און זאָרג. מ'וועט וווינען אין שיינע דירות און נישט אין אַזעלכע קעלערשטיבער. אָרעמקייט וועט זיין אָפּגעשאַפט. קיין גניבה, קיין גזילה, קיין עקספּלואַטאַציע. ס'וועט הערשן פרייהייט, אמת און גערעכטיקייט. די וועלט וועט זיין דערלייזט. דו, מאַמע... פאַר אַלע דיינעליידן"... מיט טרערן אין די אויגן האָט ער אַרומגעכאַפּט די מוטער און זי געקושט.

דעם קליינעם דודלען איז ביים טיש אַלץ מער און מער לאַנגווייליק געוואָרן. עטלעכע מאָל האָט ער געפּרוווט צו לענקען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די גרויסע; ער האָט געטאָן אַלץ וואָס איז געווען אין זיין מאַכט: געשטעלט דעם פאָטער פאַרשידענע פראַגעס וועגן אַלץ וואָס ער האָט געזען, אים געצופּט ביי די אויערן, געצויגן די ליפּן, געפּרוווט אים אַרויסגראַבלען די אויגן, אָדער ער האָט גאָר פּלוצלינג אים אַרומגעכאַפּט און שטאַרק געקושט. אָבער מער ווי אויף איין פראַגע, צוויי, דריי — האָט יעקב נישט געענטפערט דעם צו־בייגעריקן און צו־וויסנסבאַגיריקן זון. דודל איז אָבער דערמיט נישט צופרידן געווען. ער האָט זיך גענומען צום אויסטרינקען יעדנס וויין. האָט מען אים נישט געלאָזט — האָט ער אַלע מאָל איבערגעקערט אַן אַנדער כוסהלע אויפן שיינעם טישטעך אַרויף, אַרויס־געלייגט די כרעמזלעך פונעם טעלער אויפן טיש און זיי גענומען צעדריבלען. נאָר סוף־כל־סוף האָט ער איינגעזען, אַז ער וועט אַצינד גאָרנישט אויספירן און אויפ־געגעבן די מלחמה. ער האָט זיך אַראָפּגעליטשט פונעם פאָטערס קניען און איז אַוועק צו דער באָבען: אפשר וועט זי מיט אים שפּילן. יוכבד האָט אָבער איר אייניקל נישט באַזונדערס ליב געהאַט. דודל איז פאַר איר געווען אַ ממזר בן הנידה. זי האָט אים דעריבער קיין מאָל נישט גערופן ביים צווייטן נאָמען שאול, כדי נישט צו פאַרשוועכן דעם הייליקן אָנדענק פון איר מאַן. (זי איז געווען קעגן געבן דעם קינד דעם נאָמען פונעם זיידן דעם סופר, נאָר יעקב האָט זי נישט געפאָלגט).

דודל האָט איינגעזען אַז ער איז דאָ היינט פאַרלאָזט פון אַלע: פונעם טאַטן, פון דער באָבען און אַפילו פונעם פעטער בנימין, וועלכער האָט אים שטענדיק זייער ליב. ער האָט זיך איבערגעצייגט, אַז ער איז אַצינד אָנגעוויזן נאָר אויף זיך

אַליין. אַ שווערן זיפץ טוענדיק, האָט ער געגומען זוכן עפּעס אַ באַשעפטיקונג פאַר זיך, אַ שפּיל. ער האָט דערזען די שטראַלן אַרומטאַנצן איבערן גאָלדענעם זאַמד אויף דער פאַדלאָגע און זיך גענומען צו זיי. ס'איז געווען נישט דאָס ערשטע מאָל אַז ער האָט זיך מיט זיי באַשעפטיקט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד אין דעם נייעם גראַנעטענעם טריקאָ־אַנצוגל, וואָס דער פעטער בנימין האָט אים געבראַכט אַ מתנה פון ר' אפרים גאָטליבס פאַבריק און גענומען כאַפּן די גאָלדענע שטראַלן. דאָס איז אים פריִער קיין מאָל נישט געלונגען; איצט אָבער האָט ער זיי געפּאַקט... אויפגערעגט פון גרויס פרייד איז ער צוגעלאָפן צום פאָטער מיט צווי פעסט־צוגעמאַכטע פויסטלעך געל זאַמד און געשריגן: „האָבּ!... די טראַלען!... די טראַלען!"...

2

די זון איז פאַרגאַנגען. ס'איז געוואָרן נאַכט. די עלטערן פון די קינדער, וואָס האָבן געלערנט אין די יידישע שולן, האָבן זיך גענומען גרייטן צו גיין צום קאָנצערט פון די שילער. כמעט אַלע פּראָסטע פאָלקסמענטשן — איז דער קאָנצערט געווען פאַר זיי אַ גרויסער יום־טוב. אַ שעה שפּעטער האָבן זיי אויסגעפּוצטע אין זייערע פסחדיקע מלבושים (הגם ס'איז שוין געווען חול־המועד) זיך געצויגן איבער די שלעכט באַלויכטענע ענגע גאַסן און געסלעך פון זייערע נאָך ענגערע און נאָך חושכדיקערע וווינונגען; אַלע האָבן געצויגן אין איין ריכטונג: צו דער ביעלאַנסקי, ווו ס'הייבט זיך שוין אָן די רייכערע געגנט מיט די שיינע און ליכטיקע גאַסן, בול־וואַרן און פּאַרקן. די יוגנט איז צום גרעסטן טייל געגאַנגען אַליין, אָן די עלטערן, אָבער אין גרופּעס. אויך די פאַרליבטע פּאָרלעך אַזוי. נאָר בנימין איז מיט זיין פייגעלען געגאַנגען אַליין, אַ ביסל פריִער ווי געוויינלעך, נישט מיטן גרויסן שליאַך, נאָר דורך שטילע הינטערגעסלעך. ווי איינע פון די אויפטרעטנדיקע אינעם קאָנ־צערט, האָט זי אין טעאַטער געמוזט קומען אַ ביסל פריִער; האָט בנימין נאָטירלעך זי אַהינגעבראַכט. יעקבן האָט ער געזאָגט נאָך ביים טיש (מיט די כרעמזלעך און וויין), אַז ער וועט זיך מיט אים טרעפן אין טעאַטער אויף זייערע פּלעצער.

דער זאַל איז געווען איבערגעפּאַקט. נישט בלויז די זיץ־ערטער זענען אַלע גע־ווען פאַרנומען און אויף דער גאַלעריע זענען די מענטשן געווען צוזאַמענגעקוועטשט, נאָר ביי די ווענט זענען געשטאַנען הונדערטער באַזוכער. די קאַסע איז שוין לאַנג געווען געשלאָסן: זי איז געווען אָפן בלויז אַ קורצע צייט, ווייל די נאָך איבערגע־בליבענע בילעטן זענען שנעל פאַרקויפט געוואָרן. די, וואָס האָבן קיין בילעטן מער נישט באַקומען (אַ גרויסער עולם) זענען נישט אַוועקגעגאַנגען פונעם טעאַטער. און ס'האָבן געהאַלטן אין איין אָנקומען נאָך. די אָרדענונגס־האַלטער, די וואָס האָבן ביי די טירן אָפּגענומען די בילעטן און מער נאָך די וואָס האָבן אָנגעוויזן די פּלע־צער, זענען געווען שטאַרק פאַרהאַוועט. די מייסטע פון זיי יוגנטלעכע, אָבער קרעפּ־טיקע יאַטן, ווי אַ באַריס וואַרשאַווסקי (קאָפּל בעקערס און דער חברטע בראָנטשעס „זונעלע"), ספּריטנע חברהלייט ווי אַ גאָדל (בערל פאַרבערס בן, דער שוואַרצער ציגיינער). אַלע מיט רויטע אָרעמבענדער און רויטע שלייפלעך אין די לאַצן, אַן אָנדייטונג, אַז די הויפּט־מחותנתטע פונעם קאָנצערט איז די יידישע סאָציאַליסטי־

שע אַרבעטער־פּאַרטיי; איר געהערט בכלל דעם גרעסטן קרעדיט אין דער איני־ציאַטיוו פונעם אויפבויען די ייִדיש־וועלטלעכע שולן.

די יום־טובדיקייט איז גרויס. זי קומט נישט בלויז פון דער שטאַרקער ליכ־טיקייט אינעם זאַל, אויך נישט אַזוי פיל פון דעם וואָס דער עולם איז יום־טובדיק אויסגעפּוצט, נאָר דער עיקר פון דער פייערלעכער געהויבנקייט אין כמעט יעדנס האַרץ. דאָס איינשטילן דעם עולם ווען דער פּאַרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן איז אָנגעקומען נישט לייכט. דער, וועמען ס'איז צוגעטיילט געוואָרן דער כבוד צו האַלטן די דערעפענונגס־רעדע (געוויס צוליב זיינע גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער פּאַרטיי, אָבער אויך פאַר די שולן), האָט אויף דער בינע לאַנג געמוזט וואַרטן ביז ס'איז שטיל געוואָרן און ער האָט געקענט אָנהייבן רעדן. ער האָט זיך באַמיט צו זיין איינפאַך, כדי ביי דער מאַסע צו מאַכן דעם איינדרוק אַז ער איז איינער פון איר, אַ פּשוטער מענטש. טאַקע אין אַ פיינעם און גאַר טייערן אָנצוג; אָבער צוליב דער פּראָסטקייט פון זיין אויסגעפּאַשעט קיילעכדיק פּנים און רונדן פּלאַכן קאָפּ מיט דער פליישיקער נאָז, ווי אַ קליינע קאַרטאָפליע און די דיקע ליפּן, האָט דער עולם אים געהאַלטן פאַר אַן אייגענעם מענטש און אים געשעצט. ביי דער מאַסע איז אים תמיד געלונגען צו דערוועקן די מיינונג, אַז ער איז אַן עניו. דעריבער האָבן די פּראָסטע מענטשן זיך צוגעהערט צו יעדן וואָרט פון זיין פייערלעכער רעדע אַצינד. זיי האָבן זיך דערביי געפילט אַלץ געהויבענער, אַלץ פעסטער און שטאָלצער ביי זיך, ווייל דער רעדנער האָט זיי פאַרזיכערט, אַז דער איצטיקער גרויסער יום־טוב איז זייערער, דען זיי זענען די בויערס און די טרעגערס פון די שולן, און זיי זענען די קעמפערס און באַשאַפערס פון אַ נייער, גערעכטער און ליכטיקער וועלט.

דער אַפּלאָז איז געווען גאַר אַ שטורמישער, אַפילו ווען דער חבר ליכטענבערג און נאָך אַזעלכע האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פונעם אַפּלאָדירן.

ס'איז אויפגעטרעטן דער כאָר. די בינע איז געווען באַלויכטן און דעקאָרירט יום־טובדיק. אַ גרויסע צאָל שילער, די מיידלעך אין ווייס און די ייִנגלעך אין שוואַרץ, האָבן זיך צעשטעלט אין רייען לויט די שטימען. אַלע הייטערע און פייער־לעך־ערנסטע. איצט איז דער עולם אַליין שטיל געוואָרן, זייער שטיל. דער דירי־גענט, ווי אַ כהן־גדול אין זיין שוואַרצער הלבשה, האָט צעשפּרייט די אָרעמס און דורך אַ באַוועגונג פון אַ דינינק קליין שטעקעלע האָט פון די יוגנטלעכע העלדזער גענומען שטראָמען געזאַנג, וואָס האָט אָנגעפילט די הערצער פון די מענטשן אינעם זאַל מיט ציטער פון דערהויבענער פרייד, מיט טיפער פייערלעכקייט, מיט גליק־זעלישקייט, אויך מיט שטורמישער בענקשאַפט, דאַן מיט זעלישער רו פון צאַרטער מעלאָדישקייט, מיט געבעט, שיער ביז געוויין פון צער און אוממעכטיקייט, מיט הייליקער ליבע צו וועלט און מענטש און מיט געלייטערטער דערלייזונג אין דער נשמה.

אין אַלץ גרעסערער דערהויבונג, אין אַלץ שטאַרקערער און טיפערער פייער־לעכקייט האָט דער כאָר אַריינגעבענגט די טויזנטער מענטשן. שוין לאַנג אַז די פּראָסטע און אָרעמע, פון שווערער האָרעוואַניע און גרויסער נויט דערשלאָגענע, האָבן נישט געפילט אַזאַ הייליקע פּאָרכטיקייט, וואָס דערשיטערט אין די טיפסטע טיפקייטן פון דער נשמה און פילט אָן דאָס האַרץ מיט געלייטערטער פרייד און

דערהויבן גליק. זיי האָבן אַצינד נישט געפילט, נישט די ענגשאַפט און נישט די שטיקנדיקייט. ס'איז זיי אויסגעקומען ווי זיי וואָלטן געווען אין אַ היכל, הגם דאָס דאָזיקע טעאַטער איז געווען אַ גאַר, גאַר באַשיידנס. אַלע זענען פון דער איבער־ערדישער מעכטיקייט פונעם געזאַנג געטראָגן געוואָרן פאַרכישופטע אין מלכות פון באַגייסטערונג, פון פייערלעכער גליקזעליקייט.

ווען דער כאָר האָט געענדיקט האָבן אַלע אויסגעבראָכן אין אַ שטורמישן אַפּלאָז.

3

ביים צווייטן טייל פונעם קאָנצערט, וואָס איז באַשטאַנען אין רעציטאַציעס, האָט דער עולם דערפילט די ענגשאַפט אינעם זאַל, אַז ס'איז נישטאָ קיין לופט צו אָטעמען. די צוזאַמענגעקוועטשטע האָבן גוט געשוויצט; זיי האָבן זיך אַצינד געריקט הין און צוריק און די בענקלעך האָבן געסקריפּעט. זיי האָבן געהוסט, זיך געשנייצט, איינער דעם אַנדערן האָט שטיל עפּעס געפרעגט אָדער עפּעס געזאָגט. פון אַלע זייטן האָט מען געררופן: „שאַ! שטילן!"

אַ דאַר בחורל, אין אַן ענג און קורץ מאַנאַרקעלע האָט אויף דער בינע, מיט געמאַכטער דרייסטקייט און מיט אַ דין קולעכל דעקלאַמירט:

„עס ווערן די וואָלקנס צעשוווממען,
עס ווייזן זיך שטערן נאָך שטערן".

אָבער בלויז וויניק פונעם פּובליקום האָבן געהערט ווי דאָס בלאַסע בחורל קלאָגט:

„איך שפּאַן זיך אַליין אײַן צום פערד צו
און העלף אים צו שלעפּן דעם שליטן.
אַ שלעפּ און אַ פאַל צו דער ערד צו,
די פינגער — צעבלוטיקט, צעשניטן".

צווישן די הערער האָבן טייל געזיפצט: „נעבעך". די דאָזיקע מיטפילנדיקע מענטשן איז גרינגער געוואָרן אויפן האַרץ ערשט ווען דאָס בחורל האָט רעציטירט אַ צווייט ליד פונעם זעלבן דיכטער און פאַרזיכערט, אַז:

„קומען וועלן מיר צופאָרן
ערגעץ אין אַ זומערדיקן לאַנד;"

און:

„ווייטער גיין געאָרעמט האַנט ביי האַנט" —

און אַז זיי וועלן נייע קליידער זיך קויפן:

„פאָרן געלט אין זומערדיקן לאַנד;
איך — אַ ברייטן הוט, אַ העלן מאַנטל,
דו — אַ ווייס קלייד מיט זיידנבאַנד".

מיידלעך און יונגע פרויען, אויך פאַרליבטע יונגעלייט, האָבן דעם רעציטאַטאָר אַפּלאָדירט.

אויף דער בינע איז דאַן אויפגעטרעטן צביה. אָנגעטאָן אין אַ מושלין העל־ראָזע קליידל ביז די קניען, די שוואַרצע געקרויזלטע האָר אַרומגענומען מיט אַ באַנד פון זעלבן קאָליר און פאַרשלייפט אין אַ גרויסן שלייף אין מיטן קאָפּ, די גרויסע שוואַרצע אויגן אין דעם שמאָלן און לאַנגן פּנים (אַצינד עטוואָס דערשראָקן) קינדעריש פאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט — האָט זי מיט אַ חנעוודיק און ליבלעך שמייכעלע זיך פאַרנייגט פאַרן פּובליקום. ס'איז שטיל געוואָרן, און זי האָט מיט ווייכקייט אין קינדערישן קול, גראַציעז באַוועגנדיק מיט די דאַרע הענטלעך, געשילדערט:

„מיט די זילבערנע פּיסלעך,
לייכט, לייכט און לינד,
האָט געטאַנצט דער רעגן
מיטן גאָלדענעם ווינט".

אַ סך האָבן זיך אומגעקוקט צו זען דעם גאָלדענעם ווינט. טייל האָבן, נישט וויסנדיק, נאָכגעמאַכט אַלע באַוועגונגען וואָס דאָס קינד האָט אויף דער בינע געמאַכט. די יוגנט איז אַריין אין גרויס באַגייסטערונג, ווען צביה האָט אינעם צווייטן ליד פונעם זעלבן דיכטער דערציילט:

„איך בייס מיינע ציין אין אַן עפּל,
אַ וויניקן און אַ געשמאַקן;"

דערביי האָט זי געוויזן אירע קליינע שאַרפע ציינדלעך. אַ סך האָבן זיך באַלעקט די ליפּן. כמעט אַלע האָבן פאַרהאַלטן דעם אָטעם ווען די קליינע צביה האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מאַמע און שטיל, שטיל איבערגעגעבן:

„ווען די קינדער ליגן
אין די ווייסע וויגן,
און דער מאַמעס מעשיות
זינגען און פאַרוויגן, —

שאָרכן ווייסע פליגל
ביי דער טיר, ביים ריגל,
ביי דעם הויכן באַלקן
און אין בלויען שפּיגל".

ווען צביה האָט געענדיקט האָט דער עולם ווי אויפגעוואַכט נאָך אַ חלום און הייס אַפּלאָדירט דער קליינער קינסטלערן. דאַן איז אויף דער בינע דערשינען דער געלער שמואליק. ער האָט גענומען מאַכן מיט די הענט, ווי ער וואָלט איינגעפּעדעמט אַ נאָדל און צוויסן געטאָן:

„ס'האָט זיך פּעטער איציע
אויסגעלערנט שניידעריי,
מאַכט ער אַלטע סערמיגעס
פונקט ווי שפּאָגל־ניי".

דער עולם האָט אונטערגעכאַפּט:

„מאַכט ער אַלטע סערמיגעס
פּונקט ווי שפּאָגל־ניי".

און זיך געקאָליערט פון געלעכטער, ווי דער גלעזער מאַכט אַזוי ממזריש נאָך אַ שניידער. יעדע רעציטאַציע האָט אַצינד שוין אויסגענומען ביים פּובליקום. אין גרויס התפעלות אָבער איז דער עולם אַריינגעפאַלן, ווען אויף דער בינע האָט אַ גרויסע גרופּע שילער און שילערנס זיך אַוועקגעשטעלט אַזוי, ווי זיי וואָלטן געשטאַנען פאַר אַ שרעקלעכער וואַנט און מיט צאָרנדיקע אויגן און געביילטע פויסטן דעקלאַמירט:

„די אויגן — פול צאָרן, פאַרגאָסן מיט בלוט,
די הערצער — זיי שלאָגן מיט קראַפט און מיט מוט".

פאַרצווייפלט האָבן זיי געשריגן און שיער געוויינט:

„די וואַנט איז געמויערט גאָר פעסט און גאָר דיק,
פאַרצוימט איז דער וועג צום לעבן, צום גליק,
פאַרשטעלט אונדז די ליכטיקע זון און מאַכט
פון פריילעכן טאָג אונדז אַ פינצטערע נאַכט" —

אָבער זיי האָבן פאַרזיכערט, אַז זיי ברעכן די וואַנט כאָטש זיי ווייסן אַז:

„די אַרבעט דאַרף דויערן, די אַרבעט איז שווער".

זיי האָבן דעריבער גערופן:

„זאָל יעדער צולייגן פעסט זיין האַנט!
מיר וועלן די הויכע, די פינצטערע וואַנט —
צעברעכן, צעברעכן!"

4

נאָך אַ פּויזע האָט זיך אָנגעהויבן דער לעצטער טייל מיטן קינדער־שפּיל „ליאַלקעס". דערין האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט לאהטשע, לערמאַנס שילערן, וועלכע איז אין דער שול, דערציילנדיק אירס אַן איבערלעבעניש, אַריינגעפאַלן אין גרויס התפעלות וועגן דעם וואָס זי האָט אַלץ געזען פאַרן פּוילישן „גרויסן טעאַטער" און אַז זי וועט ווערן אַ באַרימטע אַקטריסע. דאַן איז געקומען דער אַפּאָטעאָז פונעם קאָנצערט: ריטמישע טענץ, אויף וועלכע בנימין האָט די גאַנצע צייט געוואַרט מיט דער גרעסטער אומגעדולדיקייט. יעקב איז געזעסן לעבן אים און עטלעכע מאָל איז אים אויפגעפאַלן, אַז זיין ברודער איז עפּעס זייער אומרויק. ער האָט אים נישט געפרעגט וועגן דעם, ווייל ער האָט אָנגענומען, אַז אַזעלכע נאַטורן ווי בנימין לעבן שטאַרקער איבער קונסט, באַזונדערס מוזיק און טאַנץ און פאַלן דעריבער

אַריין אין עקזאַלטאַציע. אָבער ווען אויף דער בינע האָבן זיך באַוויזן די טעג־צערקעס: אַלע אין קורצינקע, שוואַרצע הייזלעך און אין רויטע לייבעלעך, די שלאַנקע אָרעמס און די שלאַנקע פיס נאַקעט, אין רויטע לעטשעלעך און די האָר מיט רויטע סטענגעס אַרומגענומען, האָט בנימין לגמרי זיך מער נישט געקענט באַהערשן. ער איז אויפגעשפּרונגען, האָט גענומען פּאַטשן בראַוואָ אויף אַ ווילדן אופן און זיך פאַרשעמט, זיך צוריק אַנידערגעזעצט, אָנגעכאַפּט יעקבס אַ האַנט און זי שטאַרק געדריקט. ער האָט אין גאַנצן געציטערט. פונעם עולם זענען אַ סך אַריין אין גרויס באַגייסטערונג ווען פון דער בינע האָט אַ בלענד־געטאַן די צאַרט־קייט און שיינקייט פון די כמעט נאָך קינדערישע קערפּערלעך, דאָס אָנהייבן קנאָספּן פון דער שוין אויפוואַכנדיקער מיידלערישקייט, פונעם אָנהייבן שוין בליִען אין נאָך פולשטענדיקער אומשולד, און דער אָנהייב פון רייפן און זיך שעמען ביי די פערצן־פופצן יעריקע.

ס׳איז געווען צו פּלוצלינג, צו איבעררעאַשנדיק פאַר בנימינען דאָס דערזען פייגעלען מיט נאַקעטע אָרעמס אויף דער בינע אין בלענדנדיקן ליכט. ווי לאַנג איז עס דען געווען, אַז אים האָט זיך אַנטפּלעקט די געטין פון ליבע, אַז ס׳איז אים קלאָר געוואָרן ער ליבט פייגעלען און זי אים? — אין גאַנצן ערשט עטלעכע וואָכן. אַלע זענען זיי שיין, אַלע; אָנהייבנדיק פון די נאָך גאָר יונגינקע ביז די עלטערע. פייגעלע אָבער איז די שענסטע פון אַלע, די גראַציעזסטע. איידער ער האָט זיך פאַרליבט אין איר איז אים קיין מאָל נישט איינגעפאַלן צו ווערן צייכענען אָדער מאָלן אַן אַקט פון אַ מיידל; דאָ אָבער האָט עס אים געצויגן צו מאָלן פייגעלען אַ נאַקעטע. אָבער ער האָט דערווייל פאַנטאַזירט פון דער הערלעכקייט פון איר קערפּער, זיך פאַרגעשטעלט דעם כישוף פון אירע שלאַנקע גלידער, פון אירע מיידלערישע פאָרמען, פון איר דינער פיגור. אַך, ווי וואָלט ער זי אַצינד געוואָלט מאָלן!... דאָס וואָלט געווען דאָס שענסטע בילד זיינס!... ווידער האָט ער אָנגעכאַפּט יעקבן: „זע!... זע!... ווי שלאַנק די אָרעמס!... ווי פון העלפאַנט־ביין געטאָקט!... די אַקסלען... די צאַרטע רונדיקייט... ווי אידל!... די הענט, די פינגער — אַזוי גראַציעז!... און די פיגור? — אַזוי פיין געשווונגען!... די טאַליע קען מען אַרומנעמען מיט פיר פינגער, אָט אַזוי אָ”... ער האָט צוזאַמענגעשטעלט די וויזפינגער פון ביידע הענט אין אַ קרייז. „בייגעוודיק ווי אַ ווערבע־צווייגל... ווי אַ ליליע... און דאָס קעפּל... די האָר... די אויגן... בלויז נשמה... ווי ליבלעך דאָס פּנים איז!... מ׳קען זי פאַרגלייכן צו אַ גאַזעלע... אָבער... מיט ווערטער קען מען גאָרנישט זאָגן... מאָלן”...

יעקב האָט זיך משער געווען, אַז זיין ברודער איז באַגייסטערט באַזונדערס פון איינער; אָבער ס׳איז אים נישט איינגעפאַלן, אַז אין דער איינער איז ער פאַרליבט. ער אַליין, דער חבר ליכטענבערג, איז ווי דער גרעסטער טייל פונעם עולם געווען אַנטציקט פון די ריכטיקע טענץ וואָס די שילערנס האָבן אויסגעפירט און אַלע מאָל אויסגערופן: „הערלעך!... גאַנץ הערלעך!... אין טאַנץ איז באמת דאָ עפּעס גאַנץ װוּנדערלעכס... מ׳ווערט ווי פאַרכישופט... אָבער עפּעס דריקט דאָך אויס אַ טאַנץ, יעדער טאַנץ עפּעס אַנדערש; נאָר איך פאַרשטיי עס נישט”.

„אָך!” בנימין איז נישט געווען צופרידן פון זיין ברודערס ווערלן פאַרשטיין טאַנץ. ער איז געווען געשפּאַנט און האָט נאָכגעפאָלגט יעדע באַוועגונג, יעדן בייג, די מימיק, נישט פאַרלירנדיק פונעם אויג פייגעלען, כאָטש זי אַליין האָט אינעם

טאַנץ באַדייט אַזוי פיל ווי אין אַ סימפאָנישן אָרקעסטער אין פידל פון צוואַנציק אָדער מער. די ריטמישע טענער פון דער פיאַנאָ האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן אין אַ האַרמאָניע מיט די ריטמישע באַוועגונגען פון די נאַקעטע שלאַנקע פיס און אָרעמס, פון די צאַרטע און גראַציעזע, נאָך כמעט קינדערישע און מיידלעריש האַלב שוין דערוואַקסענע קערפּערס. אינעם זאַל און אויף דער גאַלעריע האָבן אַלע, ווי אינעם אָנהייב ווען דער כאָר האָט געזונגען, איינגעהאַלטן דעם אָטעם. „טאַנץ איז מוזיק פונעם מענטשלעכן קערפּער", איז בנימינען איינגעפאַלן און דאָס גלייך געזאָגט יעקבן. „ס'איז שיינקייט, בלויז שיינקייט, געלייטערטע שיינקייט, וואָס מ'קען נישט איבערגעבן מיט קיין ווערטער. וואָס דער גייסט קען נישט אויסדריקן אין געדאַנקען, ווייל געדאַנק איז אָרעם. שיינקייט איז אַנטפּלעקונג פון בענקשאַפט און דערליייזונג. מוזיק איז די שפּראַך פון דער נשמה; טאַנץ — די באַוועגונג פון דער נשמה. אָבער... דאָס אַלץ זענען ווערטער, בלויז ווערטער. זע!... זע!"...

ווי די מעכטיקייט פונעם כאָר האָט אַלע געטראָגן אין מלכות פון באַגייסטערונג און פייערלעכער גליקזעלישקייט, אַזוי האָט דער כישוף פון טאַנץ אַריינגעכאַפּט זייערע נשמות אינעם געווירבל פון ריטעם, פון שוועבנדיקער באַוועגונג, אינעם צויבער פון חן און ליבלעכקייט פון מימיק, אין דער איידעלער פאַרשיכורונג פון שיינקייט און גראַציעזקייט פון קערפּער.

## קאַפּיטל פיר און דרייסיק

# דער ערשטער מאַי

1

נאָך פאַרן יידישן סאָציאַליסטישן פּראָלעטאַריאַט האָט די פייערונג פונעם ערשטן מאַי דעמאָלט באַדייט מער, ווי דער יום־טוב פּסח און די גייסטיקע איבער־לעבעניש ביים קינדער־קאָנצערט. אויף קיאָסקן און ווענט פון הייזער האָבן גרויסע פּלאַקאַטן אָנגעזאָגט דעם אָנקומענדיקן אַרבעטער־יום־טוב און איןביידע שפּראַכן, אין יידיש און אין פּויליש, גערופן דעם פּראָלעטאַריאַט צו פייערן דעם ערשטן מאַי; נישט צו אַרבעטן אין דעם טאָג, נאָר צו קומען אין מאַסן צו די דעמאָנסטראַ־ציעס, וואָס וועלן זיך אָנהייבן אין דער פרי פּונקט אין דער און דער צייט און פון די און די ערטער. (יעדע פּאַרטיי האָט אָנגעגעבן די גענויע שעה, די גאַס און נומער פונעם הויז ווו זיך צוזאַמענצוקומען, אויך די נעמען פון די פּראָמינענטע רעדנערס). אין דער אַרבעטער־פּרעסע האָבן זיך געדרוקט אַרטיקלען, וואָס האָבן מיט באַזונדערס שטאַרק רעוואָלוציאָנערע פראַזן אויפגעקלערט די אַרבעטער וועגן זייער טרויעריקער לאַגע, וועגן זייער פינצטערער מערכה אונטער דער קאַפּיטאַ־ליסטישער הערשאַפט. אַפילו די פּ.פּ.ס. די רעכטסטע און אָפּאָרטוניסטישסטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער־פּאַרטיי, וואָס האָט אין דער רעגירונג — אויך נאָך דעמאָלט — געהאַט פּונקט אַזאַ חלק (אויב נישט אַ גרעסערן) ווי די בורזשו־

אַזיע, האָט אַצינד אין אירע צייטונגען, זשורנאַלן און בראָשורן באַנוצט די באַמ־באַסטישסטע פראַזן קעגן דער רעאַקציע. די יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי האָט געשאָסן מיט די שטאַרקסטע ווערטער־קאַנאָנען. זי האָט דער רעגירונג געוואָרפן אין פּנים אַריין איר טיראַניע, אַז זי דערפילט נישט קיין איין צוזאָג וואָס זי האָט בעת דער מלחמה געגעבן דעם פאָלק; אַז זי האַלט נישט די פאַרשפּרעכונג וואָס זי האָט געמאַכט די פּויערן: צו צעטיילן צווישן זיי די גרויסע גיטער פון די פּריצים; אַז זי טוט גאָרנישט אָפּצושטעלן די אַרבעטסלאָזיקייט וואָס האַלט אין איין וואַקסן; אַז זי אונטערדריקט אויפן ברוטאַלסטן אופן די נאַציאָנאַלע מינ־דערהייטן, זיך ציניש אויסלאַכנדיק דערביי פון די געגעבענע גאַראַנטיעס ביים שלום-טיש; אַז זי טרעט מיט די פיס די הייליקייט פון דער קאָנסטיטוציע, אאַז״וו א״וו. די דאָזיקע פּאַרטיי האָט אין איר געדרוקטן וואָרט אַפילו געוואָרנט, אַז די אַרבעטער־מאַסן וועלן נישט אויפהערן צו פאָדערן גערעכטיקייט, אַז זיי וועלן זייער קאַמף פירן אַזוי לאַנג ביז זיי וועלן דערגרייכן זייער ציל, ביז די וועלט וועט זיין באַפרייט און סאָציאַליזם וועט טריומפירן. ווי אַ באַוויז וועלן די אַרבעטער דעם ערשטן מאַי מאַרשירן געאייניקט איבער די גאַסן; דאָס וועט דעמאָנסטרירן זייער סאָלידאַרישקייט, זייער אַנטשלאָסנקייט, זייער כוח.

אין די פּראָפעסיאָנעלע פּאַראיינען האָט עס געקאָכט: יעדע נאַכט פאַרזאַמ־לונגען, פייערדיקע רעדעס. חברים און חברטעס האָבן געניייט רויטע שלייפלעך, מ׳האָט צוגעגרייט רויטע פענער, טראַנספּאַרענטן מיט גרויסע אויפשריפטן: לאָזונ־גען און פאָדערונגען. ס׳זענען געגעבן געוואָרן פאַרשידענע דירעקטיוון ווי זיך צו האַלטן ביי די דעמאָנסטראַציעס, ווי צו רעאַגירן אין די פאַרשידענע פאַלן וואָס קענען פאָרקומען. יוגנטלעכע, צווישן זיי בנימין און פייגעלע — זיי באַזונדערס האָפּערדיק — האָבן באַקומען אויפרופן און פּראָקלאַמאַציעס צו צעטיילן אין גאַסן, אין פאַבריקן און ווערקשטאַטן. די פּראָקלאַמאַציעס זענען געווען גאָר פלאַמיקע; אין זיי איז מיט גרויסע אותיות געווען געדרוקט: „נידער מיטן קאַפּיטאַליזם! אַ טויט דער בורזשואַזיע!״ נאָך שטאַרקער אָבער איז געפאָדערט געוואָרן דער קאַמף קעגן די „רויטע״, קעגן די „באָלשעוויסטישע אַגענטן״, די „פאַררעטער פון סאָ־ציאַליזם״.

די קאָמוניסטישע פּאַרטיי האָט קיין גרויסע און רייכע פּרעסע נישט געהאַט. דאָך, אין קלאָרע פּשוטע, אָבער שאַרפע ווערטער האָט זי ווי יעדעס יאָר גערופן די אַרבעטער צו פייערן דעם ערשטן מאַי, צו פאַראייניקן זיך אונטער דער רויטער פאָן מיט סערפּ און האַמער און מיט געמיינזאַמע כוחות צו קעמפן קעגן דער רעגי־רונג פון פּריצים, באַנקירן און שפּעקולאַנטן, צו שטירצן די רעאַקציע און זיך אָנצושליסן אין דער משפחה פון די סאָציאַליסטישע רעפּובליקן. נאָר די צענזור פון דער פרייער פּוילישער דעמאָקראַטיע האָט דאָס אַלץ פון דער קאָמוניסטישער צייטונג אויסגעשטראָכן. די ליידיקע, ווייסע ערטער האָבן אָבער געזאָגט מער און געווירקט שטאַרקער ווי שוואַרצע, געדרוקטע ווערטער. און סיי ווי האָט דאָס אויסגעשטראָכענע דערגרייכט די רעוואָלוציאָנערע מאַסן: אין די אויפרופן און פּראָקלאַמאַציעס וואָס זענען אין געהיים פאַרטיילט געוואָרן.

דער פרימאָרגן אין ערשטן מאַי האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ פליוך רעגן. דער זאַמלפונקט פאַר דער יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי איז געווען נאַלעווקעס 34. צען אַזייגער האָט דער צוג באַדאַרפט רירן פונעם אָרט און מאַרשירן דורך אַ ריי גאַסן ביזן טעאַטער־פּלאַץ, וווּ ס׳זאָלן זיך גרופּירן אַלע אַרבעטער. דאָרט זענען אויפגעשטעלט געוואָרן טריבונעס, פון וועלכע די פּראָמינענטע פון די פּאַרטייען זאָלן האַלטן זייערע רעדעס צו די מאַסן.

דער הימל איז געווען באַדעקט מיט שווערע, שוואַרצלעך־גרויע, אָנגעיוירענע וואָלקנס, פון וועלכע ס׳האָט אָן אויפהער געגאָסן אַ רעגן. פון דעסטוועגן האָבן אַרום אַכט (צוויי שעה פריער) די יידישע אַרבעטער שוין אָנגעהויבן שטראָמען פון אַלע זייטן: מענער, פרויען און יוגנט, געאָרעמטע פּאָרלעך, אויך גרופּעס צו פיר און אַפילו זעקס געאָרעמט. אַלע יום־טובדיק אויסגעפּוצט, ווי ס׳וואָלט נאָך אַלץ געווען פּסח, מיט רויטע שלייפלעך אויף דער לינקער זייט ברוסט, פריילעכע, גליקלעכע, לגמרי זיך נישט קימערנדיק וועגן רעגן, הגם זיי זענען געוואָרן אַזוי אויסגעווייקט, אַז ס׳וואַסער האָט גערונען פון זיי. די תמיד מידע פּנימער פון שווערער אַרבעט און פאַרצוקט פון דאַגות און פּיין זענען אַצינד געווען צעשטראַלט. די אויגן האָבן געלויכטן מיט דער אָנגעצונדענער באַגייסטערונג אין זייערע הערצער, מיטן ענטוזיאַזם אין זייערע נשמות. זיי האָבן (אין זיך) פאַרטריבן די בלייענע טונקלקייט אינעם היינטיקן פרילינגס־טאָג. די וואָלקנס האָבן פאַרשטעלט די זון? — בליאַסקעט זי אין זיי, שטראַלט זי אין זייערע הערצער.

טויזנטער האָבן זיך שוין פאַרזאַמלט. אָבער ס׳קומען אַלץ נאָך מער, ציִען זיך פון אַלע זייטן. די אָרדענונגס־האַלטער טראָגן רויטע אָרעמבענדער. די געקומענע האָבן זיך צעשטעלט לויט די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען צו וועלכע זיי געהערן: דרוקערס, לערערס, שפּיטאָל־פּערסאָנאַל, האַנדלס־אָנגעשטעלטע, באַקליידונגס־בראַנזשע, לעדער־בראַנזשע, טראַנספּאָרט, צייטונגס־פאַרשפּרייטערס, מעטאַל־אַרבעטער, טעקסטיל־אַרבעטער, האָלץ־אַרבעטער, פליישערס און בעקערס. (צווישן די לעצטע האָט קאַפּל וואַרשאַווסקי באַזונדערס זיך אָנגעזען, ווייל זיין „לעבנסבאַגלייטערן״, די חברטע בראָנטשע אין איר רויטפלאַמיקער בלוזע, האָט זיך געשטעלט מיט אים אין דער ערשטער ריי). פון די יוגנטלעכע האָט בנימין געוואָלט זיין דער ערשטער אויפן זאַמלפונקט. ער האָט זיך אָפּגערעדט מיט פייגעלען זי אָפּצוואַרטן פאַר איר טויער. נאָר ווען ער איז געקומען האָט זי שוין געוואַרט אויף אים. גליקלעכע האָבן זיי זיך אַ כאַפּ־געטאָן ביי די הענט און גענומען שטעלן טריט. דאָך זענען זיי געקומען נישט די ערשטע, ווייל צוזאַמען מיט זיי זענען געקומען נאָך אַנדערע אַזעלכע פאַרליבטע פּאָרלעך.

די פאַרזאַמלטע האָבן גענומען זינגען רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־לידער. זייערע שטימען זענען געוואָרן אַלץ שטאַרקער, קרעפּטיקער, קלינגענדיקער. דאָס גיסן פונעם רעגן האָט אַ ביסל אויפגעהערט; אָבער קיין אויסלייטערן זיך האָט זיך דערווייל נאָך נישט געזען. אַ שטאַרקער קאַלטער ווינט האָט גענומען רייסן מיט ספּאַזמאַטישע שטויסן. ביי יעדן שטויס האָט אַ שמיץ־געטאָן אַ בוך וואַסער. דערביי האָבן די שטימען ביי יעדן שטויס פונעם ווינט זיך אַ ריס־געטאָן פון די טויזנטער

ברוסטן מיט פריילעכער, שטיפערישער און פריידיקער טראַציקייט. נאָר ביסלעכ־ווייז האָבן די שטויסן פונעם ווינט אָנגעהויבן ווערן לייכטער, מיט אַלץ גרעסערע פויזעס, מיט אַלץ ווייניקער רעגן, ביז ער האָט זיך גענומען צי׳ען אין בלויז דינע שנירלעך. באַלד האָבן די וואָלקנס, ווי איבערגעשראָקענע, גענומען מאַכן אַ ויברח, לויפנדיק איינער איבערן אַנדערן, איינער אונטערן אַנדערן, איינער אין צווייטן זיך באַהאַלטנדיק. דער הימל האָט זיך גענומען פּאַמעלעך אויסלייטערן, די לופט איז געוואָרן אַלץ מילדער, פרילינגדיקער. דאָס זינגען איז דאַן געוואָרן מתיקותדיקער. די פייגל האָט מען פריִער נישט געזען; איצט האָבן זיי אָנגעהויבן אָנקומען, אַרומ־קרייזן און צווּיטשערן. ס׳האָבן זיך געעפנט פענצטער פון ערשטע און צווייטע שטאָקן. אין זיי האָבן זיך באַוויזן בייזע פּנימער פון נאָך פאַרשלאָפענע מאַדאַמען אין זייערע אַטלעסענע מאָרגנראָקן מיט בונטע שרייענדיקע פאַרבן, פּנימער מיט בערד פון סוחרים און באַלעבאַטים, גדלותדיקע און אויפגעצאָרנטע וואָס דער המון־עם, די שלעפּערס אונטן דערוועגן זיך זיי אויפצוּוועקן אַזוי פרי, אָדער זיי צו שטערן ביים פרישטיק: ביים עסן די פרישע בייגל און זעמל מיט פּוטער, די ווייכגעקאָכטע אייער אָדער געפּרעגלעכצן, די סמעטענע מיט קעז און קאַווע מיט שמאַנט. „זינגען! מע וועט זיי געבן אַ זינגען!״... און די פענצטער האָבן זיך צוריק צוגעמאַכט.

נאָר די פּאַרזאַמלטע האָבן אַפילו נישט באַמערקט, אַז ס׳האָבן זיך געעפנט פענצטער און צאָרנדיקע אויגן פון קלאַסן־שונא האָבן מיט פּאַראַכטונג אויף זיי אַראָפּגעקוקט און זיי צוגעוואָרפן דראָונגען. אָבער די דראָונגען זענען געווען נישט קיין פּוסטע: נאָך נעכטן האָבן זיך פאַרשפּרייט ידיעות, אַז מחנות כוליגאַנעס, אָנגע־רייצטע פון דער רעאַקציע, וועלן איבערפאַלן די אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס. נאָר דאָס איז פאַר די סאָציאַליסטישע מאַסן נישט געווען קיין נייעס און זיי האָבן זיך נישט מער געשראָקן דערפאַר.

די חברים: סמוטנער, מאַט, הערש קרומהאָלץ און פּיניע יאַקובאָוויטש מיט דער חברטע סאַלטשע שייגבלום זענען אָנגעקומען אַ ביסל פאַרשפּעטיקט. דער חבר וואַקס — אַזוי איז געווען באַשטימט — וועט דעם צוג אָפּוואַרטן אויפן טעאַטער־פּלאַץ. ער וועט דאָרט רעדן צו די קריסטלעכע אַרבעטער און אַ קריסטלעכער חבר פון פּ.פּ.ס. וועט רעדן צו די ייִדישע. די אָרדענונג־האַלטערס מיט די רויטע אָרעמבענדער זענען געוואָרן שטאַרק טעטיק: זיי האָבן געזען, אַז די רייען זאָלן זיין ריכטיק צעשטעלט, אַלע מיט זייערע טראַנספּאַרענטן, כאָרן און אָרקעסטערס. די רויטע פענער מיט די גאָלדענע אותיות האָבן געפלאַטערט אין דער לופט. בראש פונעם צוג האָבן זיך געשטעלט די אָנגעקומענע און נאָך אַנדערע, וואָס האָבן גע־הערט צו די חשובע פון דער פּאַרטיי. פאַר זיי האָט איינער, אַ גאָר הויכער און גאָר שטאַרקער — אַן אמתער גיבור — געטראָגן אַ פאָן פון רויטן סאַמעט, וואָס איז געווען אפשר צוויי מאָל אַזוי גרויס ווי די אַנדערע פענער און באַפּוצט מיט צוויי ברייטע רויטע בענדער, וועלכע צוויי חברטעס אין רויטע בליוזקעס, איינע רעכטס און די צווייטע לינקס, האָבן געהאַלטן.

מיט די ווערטער „ברידער און שוועסטער״ פון דער „שבועה״, האָט דער צוג גערירט פון אָרט. די מעלאָדיע איז אָבער געווען אַ טרויעריקע, דער ריטעם אַ פּאַמעלעכער, צעצויגענער, נישט קרעפטיקער, וואָס פּאַסט זיך גיכער צו אַ לוויה און נישט צום פעסטן טראָט פון מאַרשירנדיקע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער. די

וואָס האָבן געזונגען האָבן זיך באַמיט אַריינצוגעבן פּראָטעסט, אויפברויז אין די ווערטער „פון אַרבעט און נויט“; נאָר אַ סך האָט דאָס נישט געהאָלפן. די צווייטע העלפט פון דער סטראָפע, וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער: „צוזאַמען, צוזאַמען“, האָט די מאַרשירנדיקע אַ ביסל מער געשטאַרקט, זייערע טריט זענען געוואָרן פעסטער.

אויף דער גאַס סענאַטאָרסקי האָט דער צוג זיך באַגעגנט מיט אַ מאַרשירנדיקן צוג פון פּ.פּ.ס. אונטער די קלאַנגען פון אַן אָרקעסטער וואָס האָט געשפּילט „טשער־וואָני שטאַנדאַרד“. ביידע צוגן האָבן זיך קעגנזייטיק באַגריסט מיט אויסרופן: „זאָל לעבן די אַרבעטער־סאָלידאַריטעט! זאָל לעבן דער ערשטער מאַי!“

3

די קאָמוניסטן האָבן מאַרשירט אונטער די אויפפאָדערנדיקע, דראָענדיקע ווערטער און ברויזנדיקע טענער פון „אינטערנאַציאָנאַל“. שוין ביי די ערשטע אויפשטורעמדיקע טענער און באַפעלנדיקע ווערטער: „שטייט אויף איר אַלע“, זענען די טריט געוואָרן פעסטע און אַנטשלאָסענע. דער „טעאַטער־פּלאַץ“ איז אָבער געווען צו־קליין פאַר די צענער טויזנטער אַרבעטער פון די רעכטע און לינקע פּאַרטייען. די קאָמוניסטישע צוגן, אָנקומענדיק פון פאַרשידענע ריכטונגען און זיך אַלץ מער און מער צוזאַמענגיסנדיק אין איינעם זענען אויפן טעאַטער־פּלאַץ נישט אַרויפגעלאָזט געוואָרן. די צוגאַנגען זענען געווען פאַרשפּאַרט פון די קעגנע־רישע רעכטע פּאַרטייען. אָבער אויך די יידישע רעכטע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען זענען צום גרעסטן טייל געבליבן שטעקן אין די גאַסן, דורך וועלכע זיי זענען אָנגעקומען.

לויטן פּראָגראַם האָבן פון די אויפגעשטעלטע טריבונעס אויפן טעאַטער־פּלאַץ די פּאַרטיי־פּראָמינענטע גענומען האַלטן זייערע רעדעס. פון איינער האָט דער חבר וואַקס, ווי ס'איז געווען באַשטימט, גערעדט צו קריסטלעכע חברים און פון אַ צווייטער טריבונע האָט אַ קריסטלעכער חבר גערעדט צו יידישע. דער חבר וואַקס האָט גערעדט אין גאַנצן אָן פּאַטאָס, אויך אָן באַזונדערס שטאַרקע פראַזן; ער האָט גערעדט רויק, אַקאַדעמיש. זיין קול, כמעט שטיל און צאַרט, האָט מען אָבער געקענט הערן אַפילו פון אַ ווייטער דיסטאַנץ. ער האָט גערעדט מיט אַ גרויסער קלאָרקייט און איינפאַכקייט. און דער עיקר: ער האָט באַהערשט די מאַסע מיט זיין מאַיעס־טעטישער דערשיינונג, מיט דער ווירדיקער האַלטונג פון זיין שלאַנקער הויכער פיגור, מיט דער איידלקייט פון זיין אָוואַל פּנים, שיין צוגעשוירן שוואַרץ בערדל, גרויסע טרוימערישע אויגן און הערלעך־געפאָרעמטן קאָפּ. אַפילו זיינע הענט, די ווייסע, לאַנגע הענט, האָבן געווירקט. די געשטאַלט פון אַ קריסטוס, דאָס פאַר־קערטע פון אַן אַרבעטער־פירער. אַזאַ גרויסער חילוק צווישן אים און אַלע זיינע חברים!

אין יידיש האָבן געהאַלטן זייערע רעדעס די חברים סמוטנער, מאַט, הערש און פיניע. נאָר דער אינהאַלט פון די רעדעס איז געווען כמעט דער זעלבער ביי אַלע: זיי האָבן געשילדערט די טרויעריקע לאַגע פון די אַרבעטער און פונעם לאַנד.

אויך וועגן דער רעאַקציע האָבן זיי גערעדט. די ייִדישע רעדנער האָבן באַרירט אויך דעם אַנטיסעמיטיזם און דעם קאַמף וואָס ווערט קעגן אים געפירט געמיינזאַם מיטן אָרגאַניזירטן קריסטלעכן פּראָלעטאַריאַט פון דער „פּ.פּ.ס.". ביי יעדער באַזונדערס שטאַרקער פראַזע האָט געהילכט דער אַפּלויז.

איבער די רייען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, קאָנצענטרירט צומייסט אין דער וויעזשבאָווע גאַס, האָבן געפלאַטערט די רויטע פענער מיטן סערפּ און האַמער. זייערע רייען וואָלטן פאַרנומען גאַסן, ווען זיי וואָלטן זיך נישט צוזאַמענגעשטופּט און צוזאַמענגעקוועטשט. זייערע קעגנער אויפן טעאַטער־פּלאַץ האָבן געוווּסט און זיך געקענט איבערצייגן, ווי גרויס ס'זענען די קאָמוניסטישע רייען און וויפל טויזנטער און טויזנטער ס'געפינען זיך אין זיי אַריבערגעגאַנגענע פון זייערע רייען. צענדליקער רעדנערס האָבן גערעדט. צווישן די ייִדישע זענען געווען די חברים באַריס, וואַצלאַוו, לעוו, יעקב און נאָך אַנדערע. די חברטע אַדאַ און די חברטע כעליאַ האָבן גערעדט אין פּויליש. איינער פון די קריסטלעכע רעדנערס איז געווען דער חבר יוזשעק; ער האָט זיך אויסגעצייכנט באַזונדערס מיט זיין הומאָר און סאַרקאַזם ווען ער האָט מיט פאַקטן באַוויזן דעם דויערנדיקן פאַרראַט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אומעטום, אין יעדן לאַנד ווי זי האָט באַקומען די מאַכט, ווי די דאָזיקע פּאַרטיי האָט צוערשט דעם אַרבעטער צוגעזאָגט אַלערליי עקאָנאָ־מישע און פּאָליטישע רעפאָרמען און פון די פאַרשפּרעכונגען און פאַרזיכערונגען זיך ציניש אויסגעלאַכט, ווען זי האָט זיך דערפּילט פעסט אינעם זאָטל אויפן רוקן פונעם פּראָלעטאַריאַט. עטלעכע פון די רעדנערס, וועלכע האָבן געפירט אַ קאָמו־ניסטישע פּראָפּאַגאַנדע אין די דערפער האָבן זיך צומייסט אָפּגעשטעלט אויף דער אַגראַר־פראַגע, די אַנגעווייטיקטסטע פון אַלע פּראַגעס, וואָס די רעגירונג האָט פאַרשפּראָכן צו לייזן גלייך ווי די מלחמה מיט רוסלאַנד וועט זיך ענדיקן, אָבער זי האָט גאָרנישט געטאָן: די פּריצים זענען געבליבן ביי זייערע גרויסע גיטער און דער אָרעמער פּויער — אָן ערד, זיך צו קענען דערנערן מיט זיין פאַמיליע. מיט ציפערן פון סטאַטיסטיק האָבן די דאָזיקע רעדנערס באַוויזן, אַז עטלעכע טויזנט גוט־באַזיצערס פאַרמאָגן צוויי דריטל פון דער פּוילישער ערד, און איין דריטל — צומייסט זאַמדיקער און זומפּיקער באָדן — האָבן די פּויערים, וואָס מאַכן אויס זיבעציק פּראָצענט פון דער פּוילישער באַפעלקערונג. די רעדנער האָבן געשילדערט די נויט אינעם דאָרף: „די פּויערים און זייערע פאַמיליעס, די פרויען און די קינ־דער גייען כמעט פולשטענדיק נאַקעט און באָרוועס, האָבן נישט קיין העמד אויפן לייב, ווינטער קיין וואַרעם בגד נישט; זייערע כאַטעס זענען צומייסט האַלב־פאַר־פוילטע און פאַלן איין. קיין טיש, קיין בענקל, קיין בעט. מ'לעבט ווי אין די פּרימי־טיווע צייטן, דעם סאַניטאַרן צושטאַנד קען יעדער זיך פאָרשטעלן. זייער וויניק פּויערים האָבן פערד; זיי שפּאַנען זיך אַליין איין אינעם אַקעראייזן. מ'פאַרדינגט זיך פאַר קנעכט צום פּריץ פאַר הונגער־לוין, שווער האָרעווענדיק פון ערב זון־אויפגאַנג ביז ס'איז שוין גוט פינצטער. פון איבעראַרבעטונג און הונגער, ווייל אַפילו בלויז שוואַרץ ברויט און קאַרטאָפליעס איז נישטאָ צו דער זעט, בושעוועט דער טובערקולאָז און אַנדערע קראַנקייטן. די דערפער זענען כמעט אָן יעדער מעדי־צינישער הילף. די קראַנקע באַנוצן זיך מיט באַבסקע רפואות, זנאַכערס און מיט תפילות. דער איבערגלויבן איז גרויס. די קירכע איז די איינציקע טרייסט און

דער איינציקער ליכטפונקט אינעם פינצטערן לעבן. די האָפענונג איז: נאָכן טויט וועלן זיי אַלע זיין אין הימל, דאָרט ווו ס'הייבט זיך אָן דאָס אייביקע גליקלעכע לעבן אין דער גלאָריע פון יעזוס קריסטוס. דאָס פאַרשפּרעכט זיי דער גלח און דערפאַר גיבן זיי אים דעם לעצטן גראָשן".

די רעדנערס האָבן איבערגעגעבן, ווי זעלטן די פּויערים פאַרגינען זיך צו ברענען אַ לאָמפּ, אַפילו בלויז אַ „פינפער". נישטאָ קיין געלט אויף נאַפט. אַ שווע־בעלע ווערט צעשפּאָלטן אין פיר טיילן. די קאַרטאָפליעס ווערן געקאָכט אין זעלבן וואַסער אַ גאַנצע וואָך, כדי צו שפּאָרן דאָס ביסל זאַלץ. פאַרשטייט זיך, אַז מ'עסט די קאַרטאָפליעס מיט די שאָלן, אַפילו די פאַרפוילטע. געבן די שאָלן די חזירים אָדער די בהמות? — גאַנץ ווייניק פּויערים פאַרמאָגן אַפילו בלויז איין חזיר אָדער בלויז איין קו. די רעגירונג נעמט אַוועק דאָס לעצטע שטיקל רינד, דעם לעצטן חזיר, אַפילו אַן עוף, אויך די עטלעכע מאָרג ערד אויב דער פּויער האָט נישט צו באַצאָלן די שטייערן, וואָס מ'הערט נישט אויף צו רייסן פון אים אַזוי לאַנג ער קען נאָך אָטעמען.

אַנדערע רעדנערס האָבן געשילדערט די טרויעריקע לאַגע פונעם פּראָלע־טאַריער, וואָס איז געווען נישט קיין סך בעסער ווי דעם פּויערס. דערפאַר אָבער איז די מערכה פונעם אַרבעטסלאָזן אין דער שטאָט, וואָס האָט שוין באַטראָפן באַלד אַ דריטל פון די באַשעפטיקטע, אין געוויסע פּרטים געווען נאָך ערגער אַפילו ווי די לאַגע פון דעם אָרעמסטן פּויער. די קאָרופּציע — פונעם מיליציאַנט ביזן מיניסטער — איז געווען אַ פּעסט, וואָס האָט דעם אַזוי אויך קראַנקן גוף פון דער רעגירונג פּשוט אין גאַנצן צעפרעסן. די איינציקע און גרעסטע אויפגאַבע האָט די רעגירונג געזען אינעם טעראָר קעגן יעדן און אַלע וואָס האָבן געקעמפט פאַר מענטשלעכע באַדינגונגען; איר גאַנצע ענערגיע, ליידנשאַפט און דערפינדערישן גייסט האָט זי געווידמעט נאָר דער איינער אויפגאַבע. די רעדנערס האָבן דאָס באַוויזן אויף פאַרשידענע אופנים: לויט די ציפערן פון די פּאָליטיש־אַרעסטירטע אין די איבערגעפּאַקטע טורמעס, לויט די אומגלייבלעך־הויכע צאָל שטאַרבנדיקע אין די תפיסות, לויט אויספאַרשונגען פון קאָמיסיעס, וועלכע די רעגירונג לאָזט זעלטן צו (ערשט ווען זי האָט שוין מער קיין ברירה נישט) און לויט בריוו, וואָס מ'שמוגלט אַרויס פון די געפּענקעניש און וואָס סע דערציילן די, וועלכע ווערן באַפרייט פון די טורמעס. „די געהיים־פּאָליציי, די זשאַנדאַרן, די טורמע־וועכטערס און די אויספאָרשערס, שטייגן איבער אין אַכזריות און גרויל די צאַרישע מעטאָדן. די פּאָליציי ווייזט איר גרויסע העלדישקייט ביים איבערפאַלן די לינקע אַרבעטער־אינסטיטוציעס, אַפילו די ביבליאָטעקן: זי זוכט, נישטערט, רייסט, ברעכט, שלאָגט, ממיתט און אַרעסטירט יעדן איינעם אויף ווען ס'פאַלט בלויז דער מינדסטער חשד, אַז ער (אָדער זי) איז נישט אין גאַנצן מסכים מיט דער הייליקייט פון דער רעגירונג. נאָר די אַרבעט פון דער פּאָליציי הייבט זיך אָן ערשט ביי נאַכט, ווי ביי רויב־חיות; דאַן נעמט זי שלעפּן פון בעטן אַרויס און ס'צעפלאַקערט זיך איר סאַדיסטישע בלוט־אָרגיע. די ריכטער שוויצן: זיי מישפּטן נישט מער קיין יחידים, נאָר גרופּעס. פאַרשטייט זיך, אַז דער גרויסאַרטיקער קאַמף קעגן דעם פאָלק — וואָס הונגערט, לעבט אין דער שרעקלעכסטער נויט און פאַרצווייפלונג — קאָסט דער רעגירונג אַ סך געלט. און דאָס מיליטער? פּראָפּאָרציאָנעל איז די פּוילישע

אַרמיי די גרעסטע פון אַלע שכנישע אַרמייען. דעריבער שלעפּט מען פונעם בירגער דאָס לעצטע העמד, מ׳נעמט אים אַוועק דאָס קישן פון אונטערן קאָפּ, אַפילו דאָס צעבראָכענע מעבל. ביי אַ באַלמעלאָכע (אַ כאַלופּניק) נעמט מען אַוועק אַפילו דאָס אַרבעטס־געצייג. אָבער וויפל מ׳זאָל נישט שינדן די פעל פונעם אָרעמען, אויס־צאַפּן זיין לעצטן טראָפּן בלוט — איז עס אַלץ נישט גענוג. די אַרמיי פאַרשלינגט מער ווי די העלפט פונעם בודזשעט. טויזנטער און טויזנטער באַאַמטע, וואָס טוען לגמרי גאָרנישט, זיצן אין די הונדערטער אומנייטיקע מלוכה־ביוראָס, פאַרטרייבן די לאַנגווייליקייט מיט שמועסן און רעדן צווישן זיך; קאָקעטירן, פודערן זיך, פוצן די נעגל און פאַרבן די ליפּן פון די ווייבלעכע אָנגעשטעלטע, פראַנטעווען און דרייען זיך די וואָנצעס פון די מענלעכע, ראָמאַנסירן, גענעצן און אויסשטעלן פון מאָל צו מאָל עפּעס אַ נאַרישן, אומנייטיקן דאָקומענט פאַר אַ בירגער. דער בירגער מוז דאָס שטיקל פּאַפּיר האָבן וועגן אַלערליי שיקאַנעס פון דער רעגירונג. אָבער צו וואָס די גרויסע אַרמיי און די הונדערטער מיליאָנען אויף באַוואָפענונג? — צום טייל קעגן דעם קעמפנדיקן פּראָלעטאַריאַט און פאַר דער מלחמה, צו וועלכער די רעגירונג האַלט זיך אין איין גרייטן! די וווּנדן פון איין מלחמה בלוטיקן נאָך און שוין גרייט מען זיך צו אַ צווייטער מלחמה! קעגן וועמען? — קיין צווייפל, אַז קעגן רוסלאַנד, קעגן דער אַרבעטער־ און פּויערים־רעגירונג, קעגן דער רעגירונג וואָס האָט אָפּגעשאַפט דעם קאַפּיטאַליזם און בויט דעם סאָציאַליזם, פאַר וואָס די קאַפּיטאַליסטן"...

דאָס ווייטערע האָט דער רעדנער נישט פאַרענדיקט, אויך די אַנדערע רעדנערס זענען איבערגעריסן געוואָרן. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דאָס, אויף וואָס די פאַרזאַמלטע אַרבעטער־מאַסן האָבן זיך געריכט, באַזונדערס די קאָמוניסטישע און ספּעציעל די יידישע אַרבעטער. פון באַהעלטענישן זענען אָנגעקומען הונדערטער סטודענטן־קאָליגאַנעס אין זייערע קליינע אוניווערסיטעטס־היטעלעך אויפן שפּיץ קאָפּ און אויך גרויסע היטלען, וואָס האָבן אויסגעזען ווי איבערגעקערטע פּאַטעלניעס מיט לאַקירטע דאַשקעס. דער דאָזיקער טייל פון דער שטודירנדיקער יוגנט, די דאָזיקע „פּאַקלטרעגערס פון וויסן און חכמה, פון ליכט און פּראָגרעס", דער שטאָלץ פון דער פּוילישער פאָלקס־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, אין וועלכן ס׳האָבן זיך קאָנצענט־רירט די פינצטערסטע רעאַקציאָנערן, די פאַרביסנסטע און בלוטיקסטע אַנטיסע־מיטן; זיי, „די טרעגערס פונעם גייסט" — באַוואָפנטע מיט שווערע דעמבענע שטעקנס, מיט שטיקער אייזן, מעסערס און ענלעך געצייג, בראש פון אַ מחנה פּעבל — זענען פון צוויי זייטן אָנגעלאָפן אויף די רייען יידישע אַרבעטער, וואָס זענען שטיינגעבליבן אין דער „ביעלאַנסקי", ווייל זיי האָבן נישט געקענט מער אַרויף אויפן „טעאַטער־פּלאַץ", און אויך אויף די קאָמוניסטן.

ס׳האָט זיך צעפלאַקערט אַ פאַרמעלע שלאַכט. אויך צווישן די קאָמוניסטן האָבן די אָנפאַלער צומייסט געזוכט די יידן. נאָר דאָ האָבן די קריסטלעכע חברים זיך איינגעשטעלט און ווי ווייט מעגלעך געשיצט זייערע יידישע קאַמעראַדן. אַ געקנויל פון גופים, אַ האַלטן זיך ביי די גאָרגלען און ווערגן, אַ זעצן מיט פויסטן אין פּנים, אין קאָפּ, אַ הייבן און אַראָפּלאָזן זיך פון שטעקנס, פון שטיקער אייזן און פון אַנדערע כלי־זין. בלוט האָט זיך געגאָסן פון נעז, מיילער, קעפּ. געשרייען, געוואַלדן. אַ סך פון די קאָמוניסטן, באַזונדערס פון די געוועזענע רעכטע פּאַרטייען,

האָבן געגומען אַריבערלויפן צו די רייען פון זייערע אַמאָליקע פּאַרטיי־חברים. זיי האָבן דאָס געטאָן צוליב צוויי טעמים: זיך צו שיצן און אַריינצובריינגען צעמי־שונג. דאַן וועלן די איבערפּאַלער אויפהערן, אָדער די געשווינטע — ווען זיי וועלן אויך נעמען כאַפּן קלעפּ פון די כוליגאַנעס — וועלן אויך נעמען קעמפן. די מאַסן אָבער פון דער פּריווילעגירטער פּ.פּ.ס. האָבן די אַריבערלויפנדיקע נישט בלויז פאַרשטעלט דעם וועג צו זייערע רייען, נאָר זיך פאַראייניקט מיט די איבער־פּאַלער און געגומען שלאָגן די קאָמוניסטן. האָבן זיי דאָך די „רויטע" געהאַלטן פאַר אַ סך אַ גרעסערן שונא ווי דעם קלאַסנפיינט — די בורזשואַזיע. אַ סך פון די פאַראייניקטע מיט די איבערפּאַלער האָבן פאַר איין וועגס אויך געשלאָגן זייערע יידישע געזינונגס־גענאָסן, וועלכע זיי האָבן פונקט אַזוי ליב געהאַט, אָדער נאָך ווייניקער, ווי זיי האָבן ליב געהאַט די קאָמוניסטן. די אַנדערע ווידער, די צענער־טויזנטער אין די פּ.פּ.סישע רייען, וועלכע וואָלטן יאָ געוואָלט געקענט באַשיצן זייערע יידישע געזינונגס־חברים, האָבן דאָס נישט געטאָן; בלויז אַ קליינער טייל האָט אויף אַ נישט גענוג ענערגישן אופן זיך געפּרוווט אַנצונעמען פאַר די יידישע אַרבעטער.

נאָר די יידישע האַרעפּאַשניקעס, צווישן זיי אַ סך פאַרוווּנדעטע, האָבן אַליין זיך פאַרטיידיקט, העלדיש זיך געשלאָגן, געגעבן די איבערפּאַלערס אויף צוריק. חברה בעקערס (צווישן זיי קאַפּל וואַרשאַווסקי) און חברה קצבים, טראַנספּאָרט־אַרבעטער און טרעגערס, שלאָסערס און האָלץ־אַרבעטער האָבן געוויזן אַז זיי זענען נישט קיין מפּיל־קינדער. אַפילו חברטעס, צווישן זיי טאַקע בראַנטשע מיט אירע דיקע אָרעמס, וואָס האָבן געהאַט געוויכט האָבן געפּליאַסקעט אין די צעיאָכמערטע פּרצופים פון די כוליגאַנעס. אויך די יוגנט האָט זיך פאַרטיידיקט; קיינער פון זיי, ווי יונג ער (אָדער זי) איז געווען איז נישט אַנטלאָפן פונעם שלאַכטפעלד. „באָריסל" האָט געוויזן, אַז ער איז טאַקע אַן „עוג מלך הבשן", אַז ער איז שטאַרקער אַפילו ווי צען שגצים.

אויפן ברוק, אַ נאַסער פון שטאַרקן רעגן אין דער פרי און פון די קלענערע רעגנס פון צייט צו צייט און מיט בלוט־פלעקן, האָבן זיך געוואַלגערט צעריסענע און צעטרעטענע טראַנספּאַרענטן, צעבראָכענע שטעקנס און שטאַנגען. צווישן די כוליגאַנעס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געוואָלט פאַרכאַפּן רויטע פענער, ווי טראָפייען אין אַ מלחמה. דערמיט וואָלט אַזאַ איינער באַווויזן באַזונדערס זיין העל־דישקייט. נאָר דאָס האָט זיך קיין איינעם פון זיי נישט איינגעגעבן. אָט האָט איינער שוין שיער געהאַט פאַרכאַפּט אַ פאָן, אָבער פון הינטן איז אויף אים אַרויפ־געשפּרונגען דער קליינער דאַרער בנימין און האָט געראַטעוועט די פאָן.

די פּאָליציי איז אין די אַרבעטער־געגנטן און אין די גאַסן ווו ס'האָבן געזאָלט זיין די דעמאָנסטראַציעס געווען פון דערפרי אָן פאַרטאָפּלט און פאַרדרייפאַכט. אַפילו אויף מאָטאָרציקלען זענען זיי אַרומגעפאָרן. אָבער ווען די כוליגאַנישע סטודענטן מיט אַ מחנה פעבל זענען באַפאַלן די יידישע אַרבעטער און די קאָמוניסטן איז נישט געווען קיין איין מיליציאַנט. די היטערס פון געזעץ און אָרדענונג זענען אַלע פאַרשווונדן; אָבער נישט ווייט אַוועק, פון זייערע באַהעלטענישן האָבן זיי זיך צוגעקוקט צום געשלעג, געהאַלטן אַ שאַרף אויג.

אין אַ געוויסן מאָמענט איז דוד אויסגעוואָקסן לעבן בנימינען און אָפּגעשטעקט

אין זיין קעשענע אַ רעוואָלווער, ווי ס'איז געווען אָפּגערעדט. אין דאָזיקן מאָמענט האָבן זיך אָפּגעשפּילט עטלעכע זאַכן מיט אַ מאָל. ערשטנס: יעקב האָט פון דער ווייטנס דערזען ווי דוד נעמט אַרום בנימינען און גענומען לויפן צו אים, ווייל ער האָט אינסטינקטיוו דערפילט עפּעס אַ געפאַר פאַר זיין ברודער; צווייטנס: מיט יעקבן זענען מיטגעלאָפן עטלעכע חברים און די קעגנער — צעטומלטע — האָבן אָנגענומען, אַז די קאָמוניסטן לויפן זיי שלאָגן און זיך געוואָרפן אויף זיי; בנימין האָט געכאַפּט אַ צעבראָכענעם שטאַנג פון דער ערד און געהאָלפן זיינע חברים. מיטן דאָזיקן שטיק האָלץ האָט ער דערלאַנגט אויך יעקבן איבערן קאָפּ; דריטנס: אין זעלבן אויגנבליק האָט זיך דערהערט אַ שאָס. ווי רוחות, וואָס מען ווייסט נישט פון וואַנען זיי קומען, האָבן הונדערטער מיליציאַנטן, אָפּפייערנדיק אַ זאַלפּ, זיך אַריינגעריסן צווישן די קאָמוניסטן און צווישן די יידישע אַרבעטער פון די רעכטע פּאַרטייען און גענומען אַרבעטן מיט די קאָלבעס פון די ביקסן, מיט די גומענע שטעקנס, מיט די הענטלעך פון די רעוואָלווערס און מיט די זעבלען פון די שווערדן. אַ פּאַניק. טויזנטער פיס טרעטן אויף הונדערטער גופים פון פאַרווונדעטע, אַנידער־געוואָרפענע און אויך געפאַלענע, צווישן וועלכע ס'ליגט אויך דער מיאוסער פאַררעטער און שפּיאָן דוד סאָראָקע. שוין איז דאָ רייטער־פּאָליציי, „שוואַרצע קעטשלעך", אין וועלכע מ'וואַרפט אַריין, ווי געשאָכטענע קעלבער אָדער זעק שמאַטעס הונדערטער אַרעסטירטע, „פּאָגאָטאָוויע", וועלכע נעמען אַוועק די פאַרווונדעטע און געהרגעטע.

ווידער אַ טריומף פון דער רעאַקציע.

סוף

# אינהאַלט:

## ערשטער טייל



## צווייטער טייל



## דריטער טייל

קאַפּיטל | זייט
---|---

## אויסגאַבן פון דער בוכגעמיינשאַפט ביי דער
## יידישער ראַציאָנאַליסטישער געזעלשאַפט

הומאַהואַקאַ 4318 בוענאָס איירעס

---

**כאָסע אַנטיטש** — פראַנסיסקאָ פערערס פעדאַגאָגיע, 30 זייטן

**ושאַן גראַוו** — בורזשואַזע און פרייהייטלעכע דערציאונג, 28 זייטן

**פ. אוראַלעס** — די פרייע שול, 30 זייטן

**י. פ. עלסלאַנדער** — אַ באַזוך אין אַ מאָדערנער שול, 43 זייטן

***¿Qué es el antisemitismo?*** **(Encuesta mundial) 80 págs.**

**סעבאַסטיאַן פאָר** — ווערטער פון אַ דערציער, 96 זייטן

**פראַנסיסקאָ פעררער** — די מאָדערנע שול, 200 זייטן

**רודאָלף ראָקער** — די ראַציאָנאַליזאַציע פון דערווירטשאַפט און דער אַרבעטער־קלאַס, 168 זייטן

**לואידזשי פאַברי** — עררייקאָ מאַלאַטעסטאַ — זיין לעבן און זיינע סאָציאַלע אידעען, 48 זייטן

**א. מילער־לענינג** — שטאַט און מאַרקסיזם, 32 זייטן

**ע. מאַלאַטעסטאַ** — אין קאַפע־הויז, 120 זייטן

**א. י. זאַקוסקי** — י. ל. פרץ, 64 זייטן

**רודאָלף ראָקער** — נאַציאָנאַליזם און קולטור, 744 זייטן.

**רודאָלף ראָקער** — „אין שטורעם", 840 זייטן.

**יונה גאָראָדיסקי** — דוד עדעלשטאַט, 32 זייטן.

**אבא גאָרדין** — זכרונות און חשבונות 1טער באַנד, 460 זייטן.

**אבא גאָרדין** — זכרונות און חשבונות, 2טער באַנד, 464 זייטן

**א. אַלמי** — אין געראַנגל פון אידייען, 226 זייטן

**אבא גאָרדין** — אין געראַנגל פאַר פרייהייט, 476 זייטן.

**אַבאַ גאָרדין** — דרייסיק יאָר אין ליטע און פוילן, 496 זייטן

**מאַרטין בובער** — שטעגן אין אוטאָפּיע, 208 זייטן

**שמואל לעווין** — צווישן צוויי תהומען, 440 זייטן

**רודאָלף ראָקער** — עסייען, 224 זייטן

**שמואל לעווין** — שוואַרצע בערג און בלויע טאָלן, 368 זייטן.